# געווערקשאַפטן

## זאַמעל־בוך צו פופציג יאָר לעבען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען

רעדאַקציע:

ה. לאַנג • מאָרים פיינסטאָן



אַרויסגעגעבען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, ניו יאָרק
דעצעמבער, 1938

# *Gewerkschaften*

## JUBILEE BOOK

DEDICATED TO 50 YEARS OF LIFE AND LABOR OF THE UNITED HEBREW TRADES

1888 — 1938

•

*Editors:*

HARRY LANG
MORRIS FEINSTONE

•

*Published by*

THE UNITED HEBREW TRADES
DECEMBER, 1938

---


Type set and printed by TRIO PRESS, INC., 37 E. 18th St., N.Y.C.

# אינהאַלט:

# פון די טיפענישען פון האַרצען

צו איר פופציג־יאָריגען יובילייַ טרעט־אויף די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען ווי די אָרגאַניזאַציע פון יעדען אידישען אַרבייטער און פון יעדען אידישען פאָלקסמענש אין אַמעריקע. אַזאַ פריווילעגיע האָט פאַר איר באַשטימט געשיכטע. די הונדערטע טויזענטער אַרבייטער, מיטגלידער פון יוניאָנס, אויסגעהאָדעוועט פון דער אידישער אימיגראַציע, טראָגען אַריבער די געווערקשאַפטען־אידייע צו מעהר פון איין קלאַס אין אַמעריקאַניש־אידישען לעבען. און די געווערקשאַפטען־אידייע — דאָס איז דאָס שטרעבען צו אַ ווירדיגען אַ מאָראַלען לעבען, וואָס איז אויפ'ן האַרצען פון די אידישע פאָלקסמאַסען.

וויסענדיג וואָס עס טוט זיך אין די טיפסטע טיפענישען פון דער אידישער פאָלקס־האַרץ, שליסט די געווערקשאַפטען איר האַלבען יאָרהונדערט עקזיסטענץ מיט אַ סך־הכל, וואָס רופט אַרויס שטראָמען פון גאַנץ באַזונדערע געפילען. ס'איז אַן אומרו אין האַרצען פון אידישען אַרבייטער. דער טראַגיזם פון דער היינטיגער צייט, וואָס באַצייכענט זיך מיט'ן אויסדרוק „דייטש" אָדער „דייטשלאַנד" — היטלער'ס דייטש־לאַנד — רעדט צו אים מיט אונפאַרגלייכליכע יסורים.

זיינען דאָך די ערשטע טעג פון אידישען אַרבייטער־לעבען אין דער פרייהייט פון אַמעריקע געווען אינמיט אויסגעבונדען, צונויפגעוועבט און צונויפגעשפונען, מיט אַלץ, וואָס דער באַגריף „דייטש" אָדער „דייטשלאַנד" האָט דעמאָלט אַנטהאַלטען. גוטע ליבע שכנים זיינען מיר געווען מיט די דייטשע אימיגראַנטען, וואָס זיינען געקומען דאָרשטיגע צו דער אַמעריקאַנער פרייהייט אַזוי ווי מיר. און זיי זיינען אונז געווען אַ מוס־טער. מיר האָבען צום גרויסען טייל געבויט אונזערע אָרגאַניזאַציעס לויט זייערע ברידערליכע אָנווייזונגען. און מיר זיינען זיי ניט געבליבען שולדיג. מיר האָבען געצאָלט סאַר דעם מיט אונזער ענטוזיאַזם, מיט יענער קדושה, וואָס איז דאָ אין אונזער נשמה אַלס קינדער פון אַ היסטאָריש־פאַדליטענעם פאָלק. און גראָד אין די מינוטען, ווען מיר שליסען־אָפ אַ האַלבען יאָרהונדערט זינט יענער צייט, אַ האַלבען יאָרהונדערט פון ערליך דינען מענשליכקייט, האָט דער אשמדאי אונז פאַרוואָרפען אין אַ קריג מיט „דייטש און דייטשלאַנד".

טראַגיש פאַר זיי ווי פאַר אונז. דער באַגריף פון „דייטש" און פון „דייטשלאַנד" אין איצטיגען מאָמענט מיינט אומווירדיגער טויט פאַר אונזער פאָלק, מיינט מאַטערשאַפט פון אונזער גוף און שענדונג פון אונזער נשמה. און פאַרשטייט זיך, אַז מיר נעמען עס ניט צו ווי געבונדענע לעמער. מיר רופען זיך אָפ מיט אַ גרייטקייט פאַר קידוש השם. זאָל דאָס זיי באַשטיין, אונזערע היסטאָרישע פריינט, די דייטשע אַרבייטער, צי זיי זיינען איצט קנעכט אין דייטשלאַנד'ס גרענעצען, צי זיי זיינען איצט וועלט־וואַנדערער אַזוי ווי מיר, קיינמאָל ניט אָוועקצוטרעטען פון אונז.

ווי די פאָרשטייערשאַפט פון יעדען אידישען אַרבייטער, קוקט די געווערקשאַפטען מיט אַן אָפען פנים צו דער וועלט. מיר האָבען אין די פופציג יאָר זיך פאַר'חבר'ט מיט די אַרבייטער פון די פאַרשיידענסטע פעלקער. און אַלעמאָל זיינען מיר זיי געווען געטריי. מיט צענדליגע טויזענטער איטאַליענישע אַרבייטער זיינען מיר געזעסען טאָג־איין, טאָג־אויס, אין דיזעלבע שעפער. מיר האָבען געגעסען דעמזעלבען ברויט און געטרונקען דעמזעלבען וואַסער. מיר זיינען צוזאַמען זאַט געווען און צוזאַמען הונגעריג. דיזעלבע משא פון סטרייקס און פון פיקעטס און פון שטראָפען און פון אַרעסטען איז געווען גלייך אויף זייערע און אונזערע פלייצעס. גלייכע שמחות האָבען מיר געהאַט, און צו די דיזעלבע לויה'ס זיינען מיר געגאַנגען. מיר האָבען פאַר־ענדיגט דעם קריג צווישען רוים און ירושלים. און דאָס האָט אַ טיפע, אַ היסטאָרישע באַדייטונג. און וואָס ס'איז געווען, און איז איצט, מיט אונז און מיט איטאַליענער, איז געווען, און איז איצט, מיט אונז און מיט שפאַ־ניער, און מיט אונז און מיט סלאַווען, און מיט אירלענדער, און מיט נעגערס, און מיט כינעזער. און עס איז אונזער שטאָלץ, וואָס קיין איינער פון קיין איין פאָלק קען ניט זאָגען, אַז מיר האָבען וואָס פאַרלעצט אין אונזער ברודערשאַפט, אַז מיר האָבען ווען וויי־געטאָן, צי עקאָנאָמיש, אינ'ם שאַפ־און פאַבריק־לעבען, צי מאָראַ־ליש, וואָס איז שייך זייער כבוד אַלס קינדער פון אַ באַשטימטען פאָלק. א ו נ ז ע ר געוויסען איז פריי.

און מיט'ן זעלבען אָפען פּנים קוקען מיר צו אונזער „מכניס אורח", צום אַמעריקאַנישען אַרבייטער, וואָס האָט אונז געדולדעט, ווען מיר זיינען געווען ערשט־אָנגעקומענע אימיגראַנטען, און מיט וועמען מיר זיינען וואָס ווייטער אַ טאָג געוואָרען אַלץ מעהר איינס, אַזוי, אַז מיר האָבען אויפגעהערט זיין „אורחים", און זיינען געוואָרען אַזוי ווי זיי, די אַמעריקאַנער אַרבייטער, אַ טייל פון דער אַמעריקאַנער ערד און פון אַמעריקאַנער הימעל, אַמעריקאַנער ווירקליכקייט און אַמעריקאַנער אידעאַלען. גלייך אויפ'ן ערשטען טאָג אויף דער אַמעריקאַנער ערד זיינען מיר געוואָרען אויס פרעמד. מיר האָבען באַלד דערכאַפּט, אַז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע און די אַמעריקאַנער טאָלעראַנץ, און דערביי די מאָראַלע פאַראַנטוואָרטליכקייט אין אַ לעבען פון פרייהייט — אַז דאָס איז אונזערס, אַז דערפון האָבען מיר גע'חלומ'ט, אַז צו דעם האָבען מיר געשטרעבט, אַז דאָס אין אין אונזער בלוט. און דערשפירענדיג דאָס, זיינען מיר געוואָרען פון די געטרייעסטע צום לאַנד; און אין יעדען קאַמף אונזערען געגען נויט און עקספּלואַטאַציע איז געווען ניט בלויז אַ זוכעניש דאָס אייגען לעבען צו פאַרבעסערען, נאָר אויך דער וואונש פון אונזער האַרצען, אַז אַמעריקע בכלל, אונזער אַלעמענס אַמעריקע, זאָל זיין וואָס הערליכער, וואָס גליקליכער, אין לעבענס־שטייגער און אין גייסט העכער פון יעדען אַנדערען לאַנד. אַ נייעם פּאַטריאָטיזם האָבען מיר אויסגעשפּונען פאַר'ן לאַנד.

און ווי גליהענדיג עס זיינען געווען, און זיינען איצט, אונזערע געפילען צו דער אַרבייטער־באַוועגונג פון לאַנד! אירע פירער זיינען אונזערע העלדען, און מיר נעמען זיי אויף ווי נביאים — צי דער פירער איז אַ יודזשין דעבס, צי אַ סעמועל גאָמפּערס.

און קומט ווען און וואו אַ שטורעם אין אָדער אַרום דער אַרבייטער־באַוועגונג, זיינען מיר באַלד אויף די ערשטע ווינטען, ניט געקוקט צי דאָס ברענגט אונז גוטס אָדער שלעכטס. און באַפאַלט איר אַ טראַגעדיע, דער אַרבייטער־באַוועגונג, זיינען מיר גרייט צו זיין די ערשטע קרבנות.

אַנדערש קענען מיר ניט זיין. דאָס איז אונזער גורל, וואָס איז געוואָרען פאָלקס־אייגענשאַפט, און מיט אונזערע פאָלקס־אייגענשאַפטען זיינען מיר געווען אַ ביישטראָג, אַ צוגאָב פון בלוט פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג, קיינמאָל ניט קיין לאַסט, קיינמאָל ניט קיין אָפּצערונג.

און זעט ווי מיר האָבען געטיילט אונזער „זיך". מיר זיינען קינדער פון אַ פאָלק, וועמען עס באַפאַלט שטענדיג יסורים, און זיי זיינען א ו נ ז ע ר ע יסורים; האָבען מיר געהאַט אַנטקעגען־צוקומען פּאָגראָמען און גירושים, אָבער אין דערזעלבער צייט איז געווען אַ טייל פון אונזער נשמה יעדער קאַמף פון די אַמעריקאַנער מאַינערס, און יעדער סטרייק פון אייזענבאַן־אַרבייטער, און יעדער הונגעריגער טאָג פון יעדען סטרייקענדען אַרבייטער.

אין די טעג פון איר יובילייַ רעדט די געווערקשאַפטען ערשט צו דער אידישער וועלט. אַלע ליידען פון אונזער פאָלק אין דעם אָפּגעלאָפּענעם האַלבען יאָרהונדערט, זיינען געווען אונזערע ליידען. מיר האָבען מיט־געליטען אין יעדען פּאָגראָם; מיר האָבען מיטגעשטריטען אין יעדען זעבלסטשוק. מיר זיינען אַנטקעגען־געגאַנגען אַלע רציחות; און מיר האָבען שטענדיג געהויבען די פאָן פון האָפנונג. מיר זיינען געוואָרען אַ כח פאַר דער זעלבסטדערהאַלטונג פון אונזער פאָלק אַזוי ווי דער בית־המדרש איז געווען מיט דורות צוריק. און גיך האָבען מיר דערזען דעם גאָר נייעסטען כח פון אונזער פאָלק, די האָפנונג אויף ארץ־ישראל, און מיר זיינען געוואָרען פון אירע באַשיצער און פון אירע אַנטוויקלער. דער אַרבייטער אין ארץ־ישראל איז אונזער ברודער, דער סאָציאַליסטישער הסתדרות־מענש פון ירושלים און פון תל־אָביב, אַזוי ווי דער באַלמעלאָכע פון וואַרשע און פון קאָוונע און פון לעמבערג, איז אונזער בלוט־חבר.

שטייען מיר איצט אין אונזער יובילייַ מיט אַן אָפּגעדעקט האַרץ פאַר אונזער גאַנצען פאָלק און פונקט אַזוי פאַר אונזערע שכנים, די אַרבייטער פון אַנדערע פעלקער, און פונקט אַזוי פאַר אַמעריקע, אונזער היים, און עס איז ניטאָ אין אונז קיין שום ציטער, אַז ווער־עס־איז זאָל אונז זאָגען, אַז מיר האָבען מיט וואָס זיך צו שעמען. מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס צו אונזער גאַנצער אומגעבונג זאָגען מיר „גוט יום־טוב", זיך צוגרייטענדיג צו אַ נייעם האַלבען יאָרהונדערט פון טרוימען און שטרעבען און שטרייטען און קעמפען פאַר אַ מער מאָראַלער וועלט.

פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען

# באַגריסונג פון אב. קאהאן

מיט'ן גאַנצען האַרצען באַגריס איך די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו איר פופציג־יאָריגען יוביליי. איך געדענק ווי זי האָט זיך אָנגעהויבען; איך געדענק איר אַנטוויקלונג; איך ווייס פון אַלע אירע קאַמפען; כ'האָב אין זיי זיך באַטייליגט. זי איז אַלעמאָל געווען פון אונזערע געטרייעסטע אָרגאַניזאַציעס — געטריי צום „פאָרווערטס" און צו די פרינציפען, וועלכע דער „פאָרווערטס" רעפרעזענטירט.

די געווערקשאַפטען איז פאַר אונז „פאָרווערטיסטען" אַלעמאָל געווען אַ באַווייז ווי אַזוי די אידישע אַרבייטער־מאַסען פילען און וואָס זיי דענקען, וואָס עס זיינען זייערע שטרעבונגען און האָפענונגען. אַז זי רעפרעזענטירט די גרויסע אידישע אַרבייטער־מאַסע, דאָס איז ביי אונז קיינמאָל קיין צווייפעל ניט געווען. זי איז געווען נאָענט צו דער אידישער אַרבייטער־מאַסע. אירע מענשען זיינען געקומען פון די שעפער.

ערינערונגען פון טייערע צייטען און פון שווערע צייטען שווימען אַרויף אין זכרון אין איצטיגען מאָמענט. איך זע פאַר זיך די שטראָמען אידישע אימיגראַנטען. זיי זיינען הילפלאָז אין דער נייער וועלט, אינ'ם נייעם לאַנד, וואָס איז זיי געווען פרעמד, אָבער אידעאַליסטיש זיינען זיי אויך געווען. זיי האָבען געזוכט באַשיצונג און אַ מעגליכקייט צו מאַכען אַ לעבען, און אַ געלעגענהייט צו בילדען זייערע קינדער, און אין דערזעלבער צייט זיינען זיי געווען גרייט נאָכצופאָלגען אונזער פראָפּאַגאַנדע און צו דינען אונזער באַוועגונג פאַר פאָרשריט, פאַר סאָציאַליזם.

אונזער באַוועגונג איז פאַר זיי געווען ווי אַ נייע אמונה, אַ מוסטער פון אַ נייער מאָראַל. זיי האָבען זיך געקלאַמערט אָן איר ווי מען ווערט צוגעבונדען צו אַ רעליגיע — צו דער רעליגיע פון פרייהייט און פון אַ ווירדיגען מענשליכען צוזאַמענלעבען.

דאָס וואָס מיר האָבען געטאָן דורך שריפט, דורכ'ן „פאָרווערטס", האָט די געווערקשאַפטען געטאָן דורך מיטינגען, פון פּלאַטפאָרמעס, דורך קליינע מיטינגען פון שעפער, און דורך גרויסע מאַסענפאַרזאַמלונגען פון גאַנצע טריידס.

עס זיינען געווען צייטען, מאָמענטען, ווען מיר האָבען זיך „אַרומגעקריגט." אין וואָס איז דאָס באַשטאַנען? אַלעמאָל איז דאָס געווען אַ פראַגע פון פרינציפען און פון טאַקט. ביטער איז דער „קריג" קיינמאָל ניט געוואָרען. מיר האָבען אַלע מאָל געפאָדערט, אַז אידעאַלען זאָלען פירען די אַרבייטער באַוועגונג, און אַז עס זאָל זיין אַ רעאַליסטישער צוגאַנג צו די אידעאַלען; און די געווערקשאַפטען האָט אימער איינגעזען, אַז מיר זיינען גערעכט, אַז מיר זוכען ניט קיין פערזענליכען נוצען, און אַז מיר פאַרלאַנגען ניט אַרויפצוצווינגען הערשאַפט פון אונזער פאַרטיי.

עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין פראַגע פון „מיר" און „זיי". מיר זיינען אימער געווען איינס.

איין באַוועגונג, וואָס דינט איין־און־דעמזעלבען אידעאַל.

דורך די געווערקשאַפטען מיט די יוניאָנס, וואָס די געווערקשאַפטען האָט אויסגעהאָדעוועט, האָבען מיר געראַטעוועט הונדערטע טויזענטער מענשען, קינדער פון אידישען פאָלק, וועמענס לעבען האָט געהאַלטען ביים ווערען פינסטער און ביטער דורך עקספּלואַטאַציע.

אַ פופציג־יאָריגער יוביליי פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז דער יום־טוב פון הונדערטע טויזענטער מענשען, וואָס זיינען איצט אין אַלע קלאַסען פון אַמעריקאַנער לעבען. אַ סך זיינען עקאָנאָמיש געשטיגען צו הויכע פּאָזיציעס. די לוסט צו שטייגען איז ביי זיי געוואָרען אַנטוויקעלט דורך די בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען, וואָס די יוניאָנס האָבען פאַר זיי איינגעפירט, אויסגעקעמפט דורך ביטערע סטרייקס. די געווערקשאַפטען איז די מוטער פון די יוניאָנס, דער קוואַל פון דעם אויסגעבעסערטען לעבען.

עס איז איצט אַ צייט פון גרויסע קאַטאַסטראָפעס פאַר דעם אידישען פאָלק. אונזער באַוועגונג האָט ערשט איצט גרויסע און הייליגע אויפגאַבען. מיט אונז אין קאַמף געגען אַלע חיות, וואָס באַפאַלען אונז, שטייט מיט איר גאַנצער נשמה די אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג. אויף דער ערשטער ליניע — די אַמעריקאַן פעדערייש‍אָן אָוו לייבאָר, און מיט איר אַלע ערליכע ליבעראַלען, די וואָס זיינען דער געוויסען פון אַמעריקע. לאָמיר דאָס שעצען, אַכטען, ליבען!

זייט געגריסט, איר אַלע גענאָסען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען!

# ליבע ווערטער פון אַ ליבען פריינט

**פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער
באַוועגונג צו דער אידישער**

פון וויליאַם גרין
(פּרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערייִשאָן אָוו לייבאָר)

**דער חוב פון אַמעריקע צו די אידען**

אין די היינטיגע אומרואיגע טעג, ווען די פלאַג פון ראַסען־פאַראורטיילען צושטויבט אייראָפּע, און די קרעפטען פון האַס און אונטערדריקונג פאַר׳סמ׳ען די ציוויליזאַציע אין פיל טיילען פון דער וועלט. באַנייט דער שטאָלצער רעקאָרד פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען, וועלכע שליסט איצט אָפּ פופציג יאָר פון דינסט אין דער אַרבייטער באַוועגונג, אונזער גלויבען אין די אידעאַלען, וואָס האָבען אָנגערעגט די אַמעריקאַנער פּיאָנערען צו פאַרפעסטיגען אַ פריי לאַנד אויף אונזערע ברעגען.

אין משך פון די לעצטע פופציג יאָר האָבען די אידישע טרייד־יוניאָניסטען פון ניו יאָרק, אָט אַזוי ווי זיי זיינען צוזאַמענגעבונדען אין אַן איינהייטליכער אָרגאַניזאַציע, דייטליך באַוויזען דורך זייער גוטער אַרבייט די אומזיניגקייט פון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע.

עס וואָלט געווען ווייט פון אמת, בלויז צו זאָגען, אַז די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט געהאָלפען די אידישע אַרבייטער. זי האָט געטאָן פיל־פיל מער. זי האָט בייגעטראָגען אין אַ גרויסער מאָס צום וואוילזיין פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אַרבייטער־באַוועגונג אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

איך וויל דאָ באַטראַכטען אין אַ ברייטערען זין דעם חוב, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־שאַפט פון אונזער לאַנד איז שולדיג די אידען. גראָד איצט דאַרף מען אונטערשטרייכען און אַרויסברענגען קלאָר, ווי ווייט פאַרפליכטעט מיר זיינען צו די אידען.

אַלע אַמעריקאַנער זיינען אימיגראַנטען, אָדער זיי שטאַמען אָפּ פון אימיגראַנטען. די ערשטע קאָלאָניסטען זיינען אַהער געקומען פון פיל אייראָפּייאישע לענדער כדי צו באַפרייען זיך פון רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ, כדי זיך צוצושלאָגען צו אַ צופלוכטס־אָרט פון פרייהייט, און כדי צו געפינען ברייטערע עקאָנאָמישע מעגליכקייטען. מיר טאָרען קיינמאָל ניט פאַרגעסען אָט־די גרונד פאַקטען.

צווישען די ערשטע קאָלאָניסטען זיינען געווען אידען. זיי זיינען געקומען פון דער אַלטער וועלט אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד אין אַלץ גרעסערע צאָלען. זיי האָבען געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע, פיל באַדייטענדער, לויט זייער צאָל, אין דעם אויפבוי פון לאַנד.

די אידען וואָס זיינען אַהער געקומען ביים סוף פונם פאָריגען יאָרהונדערט, זיינען געווען ערשטוינט צו טרעפען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד עקאָנאָמישע אונטערדריקונג. דאָרט, וואו זיי האָבען געהאָפט צו טרעפען גאַסען געפלאַסטערט מיט גאָלד און מיט זילבער (אַזוי האָט מען זיי און אַנדערע אימיגראַנטען איינגערעדט) האָבען זיי גאָר דערזען שמוץ, הונגער און סוועט־שאָפּס. ווי קרבנות פון אונטערדריקונג אין אַנדערע לענדער, זיינען זיי, נאַטירליך, אויפגעבראַכט געוואָרען געגען דער עקאָנאָמישער אומגערעכטיגקייט. און זיי האָבען אָנגעהויבען צו זוכען אַ לייזונג. זיי זיינען געגאַנגען צו אַרבייטער־מיטינגען. זיי האָבען זיך גענומען באַקענען מיט יוניאָנס. זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אָרגאַניזירטער אָרמיי פון דער אַרבייטערשאַפט, כדי צו קעמפען און פאַרבעסערען די לאַגע פון אַלע אַמעריקאַנער אַרבייטער.

**אַלע אַמעריקאַנער זיינען אימיגראַנטען**

צווישען אָט־די אידישע אימיגראַנטען איז געווען אַ יונגער ציגאַרען־מאַכער, וועלכער איז געקומען פון לאָנדאָן קיין ניו יאָרק אין יאָר 1863, ווען ער איז אַלט געווען בלויז דרייצען יאָר. אַזוי יונג ווי ער איז דעמאָלט נאָך געווען, האָט ער שוין געהאַט געאַרבייט, פריער אין לאָנדאָן און נאָכדעם אין ניו יאָרק. ער האָט געאַרבייט אין דער היים צוזאַמען מיט זיין פאָטער.

הינטער זיין היים, אויף דער ניו יאָרקער איסט סייד, איז געווען אַ ברויערי. אין דער ברויערי, כאָטש מען האָט דאָרטען געאַרבייט, זייגען די אַרבייטער געווען געצוואונגען צו וואוי־נען. די אַרבייטס־באַדינגונגען זיינען אין יענער צייט געווען שוידערליכע, און דער יונגער אימי־גראַנט האָט זיך מיט אָט־דער לאַגע באַקענט, אַרויסקוקענדיג פון קיך־פענסטער.

'ענער יונגער אימיגראַנט — דאָס איז געווען אונזער סעם גאָמפּערס.

וואַקסענדיג, האָט גאָמפּערס דורכגעלעבט די זעלביגע שוועריגקייטען און נויט, ווי עס האָבען דורכגעלעבט די אַנדערע אַרבייטער פון יענע צייט, שטרעבענדיג צו פאַרדינען אויף אַ לעבען און אויפהאַלטען אַ פאַמיליע. דער באַשלוס זיינער צו פאַרלייכטערען די משא פון די רוקענס פון די אַרבייטער און געבען זיי אַ געלעגענהייט זיך אַליין צו העלפען, איז אין אים געוואָרען וואָס אַ טאָג אַלץ שטאַרקער. ער האָט זיך באַטייליגט אין סטרייקס. ער איז געווען אין געזעלשאַפט מיט ראַדיקאַלען. נאָך ביטערע קאַמפען, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז די ערלייזונג פון די אַרבייטער ליגט אין אָרגאַניזירען זיך אין שטאַרקע טרייד־יוניאָנס.

## וואָס גאָמפּערס האָט געגעבן אַמעריקע

ער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגען דעם גורל פון די אידישע אַרבייטער, פרעמדע אין אַ נייַ לאַנד, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען אָנצונעמען אַרבייט פאַר אַ הונגער־לוין. ער איז צוגעשטאַנען צו אַ גרופּע, צו וועלכער עס האָבען אויך געהערט אַבראַהאַם קאַהאַן, יאָזעף באַראָנדעס, בערנאַרד וויינשטיין און אַנדערע, כדי צו העלפען אָרגאַניזירען די אידישע טרייד־יוניאָנס. ניט געקוקט אויף די פילע שוועריגקייטען, האָבען זיי איינגעשטעלט יוניאָנס פון די קעפּמאַכער, קאָטערס, שניידער, טעאַטער־כאָריסטען און נאָך. אַ סך יאָרען שפּעטער האָט גאָמפּערס געשריבען:

„איך האָב אָפּגעגעבען אַ סך צייט אויף אָט־דער אַרבייט, און ענדליך האָב איך געהאָלפען באַפעסטיגען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען — אַ פּאָליסי, וואָס טעאָרעטיש איז זי געווען שלעכט, אָבער פּראַקטיש נויטיג, און וואָס האָט זיך אַליין באַרעכטיגט"

ווי שטאַרק גאָמפּערס איז געווען גערירט פון דער לאַגע פון זיינע ברידער, האָט ער דאָך ניט געקענט באַגרעניצען זיין טעטיגקייט צו זייער הילף אַליין. אין אים האָט געברענט אַ פאַרלאַנג צו העלפען אַלע אַרבייטער, ניט געקוקט אויף ראַסע, קאָליר, אָדער גלויבען. פון סאַמע אָנפאַנג אָן האָט ער פעסטגעשטעלט זיין קראַפט און זיין שטאַרקע פערזענליכקייט, וועלכע האָבען שפּעטער פאַר אים געוואונען די פירערשאַפט פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג — די פירערשאַפט, וואָס קיינער האָט קיינמאָל ניט אָפּגעפרעגט

פאַר אים איז די יוניאָן געווען דער הערשענדער פאַקט אין לעבען — זיין אויסגע׳חלומ׳ט קינד, צו וועלכען יעדע אַנדער זאַך אין דער וועלט האָט געמוזט זיך אונטערוואַרפען.

ווער עס איז נאָר אַ ביסעל באַקאַנט מיטן גאַנג און מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט ביי אונז אין לאַנד, פאַרשטייט דעם חוב, וואָס די אַרבייטערשאַפט איז שולדיג צו דער פירערשאַפט פון סעמועל גאָמפּערס,

ערשטענס איז ער געווען איינער פון די פּיאָנערען צו גרינדען און פאָרמירען די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. ער האָט באַגריפען, אפשר קלאָרער פון יעדען אַנדער טוער, די נויטיג־קייט פון איין גרויסער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון אַלע יוניאָנס, וועלכע זאָל קענען ריידען און האַנדלען מיט דער פאַראייניגטער קראַפט פון דער גאַנצער אַרבייטערשאַפט.

דער פּרינציפּ איז געווען זעהר אַ פשוט׳ער. פונקט ווי אַן איינציגע יוניאָן איז פיל ווירק־זאַמער ווי דער איינציגער אַרבייטער ביי דעם קאָלעקטיווען דינגען זיך מיט אַרבייטס־געבער, אַזוי קאָן אַ פעדעראַציע פון יוניאָנס זיין פיל ווירקזאַמער אויף אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, ווי עס קען זיין אַן איינציגע יוניאָן.

## פּאָזיציע אין נאַציאָנאַלען לעבען

און ווען די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז געגרינדעט געוואָרען, איז דער פּאַסיג־סטער ערשטער פּרעזידענט געווען גאָמפּערס. ער האָט אָנגעהויבען דעם בנין פון דעם ערשטען ציגעל.

ער האָט אויף זיין וועג באַגעגענט שטרויכלונגען, וואָס קיינער האָט ניט גע׳חלומ׳ט בייצו־קומען; ער האָט אָבער יאָ גע׳חלומ׳ט און געפּלאַנט, און געבויט און אויפגעבויט די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, און זי פאַרוואַנדעלט אין דער גרעסטער אָרגאַניזאַציע פון דעם מין איבער גאָר דער וועלט.

פון סאַמע אָנפאַנג אָן האָט גאָמפּערס צוטרויליך באַגריפען, אַז די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר וועט אַמאָל פאַרנעמען אַ וויכטיגע און פאַראַנטוואָרטליכע פּאָזיציע אין דעם נאַציאָ־נאַלען לעבען פון לאַנד. ער האָט דערפאַר געשטרעבט אויפצובויען די פעדעריישאָן אויף דעמאָ־קראַטישע ליניעס, און אַלס אַ פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אויפהויבען דעם אַמעריקאַנער לעבענס־סטאַנדאַרד דורך אויסבעסערען די באַדינגונגען פון אַר־בייט אין לאַנד.

זיין טרוים איז געווען אַ פעדעראַציע, וואָס איז ווייט און ברייט באַוואוסט אַלס אַ פאַראַנט־וואָרטליכע אינסטיטוציע, רעספּעקטירט פון רייכע און אָרימע צוגלייך, און מעכטיג גענוג צו קענען דינען דער גאַנצער געזעלשאַפט.

כדי צו קענען דערגרייכען אַזעלכע צילען, איז נויטיג געווען געוויסע פּרינציפּען, אַלס פעסטען פונדאַמענט. דאָס איז דערגרייכט געוואָרען. און אויך היינט־צו־טאָג זיינען אָט־די זעלביגע פּרינציפּען דער פעסטער שטיין־פונדאַמענט, אויף וועלכען עס האַלט זיך די אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. זיי זיינען איר הויפּט כח. זיי האָבען איר געדינט אין דער פאַרגאַנגענהייט, און זיי וועלען איר אויך דינען אין דער צוקונפט, אַלס אַ לייכט־טורם צו באַלייכטען דעם וועג צו פּראָגרעס, און אָנצואווייזען די געפאַרען פון פאַלשע פילאָזאָפיעס.

## פיר פּרינציפּען פון דער א. פ. אָוו ל.

לאָמיר דאָ סומירען די גרונד־פּרינציפּען, וואָס פורעמען אויס יעדע פּאָליסי פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. זיי זיינען:

1. — טרייהייט צו דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען און צו דער פרייער דעמאָקראַטיע, וואָס זי גאַראַנטירט.

2. — טרייהייט צו דעם וואַלונטאַריזם (פרייוויליגקייט) און דעמאָקראַטיע אין דער אַרבייטער באַוועגונג, און ווידערשטאַנד צו יעדער פאָרם פון צוואַנג אָדער דיקטאַטור.

3. — איבערגעבענהייט צו דעם אידעאַל פון אַרבייטער, מאַן און פרוי, און דער אַנטשלאָסענהייט אונערמידליך צו אַרבייטען פאַר זייערע רעכט.

4. — טאָלעראַנץ צו יעדער שאַטירונג פון מיינונג און רעספּעקט פאַר די רעכט פון מינדערהייטען, אונטער אַ סיסטעם פון זעלבסט־רעגירונג לויט אַ מאַיאָריטעט שטימען.

און דורך אָט־די פּרינציפּען, מיט גאָמפּערס אַלס פירער, האָט זיך די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר ביי אירע יעדליכע קאָנווענשאָנס דערהויבען צו אירע גרויסע געלעגענהייטען אויף אַ שטאַטמענערישען אופן. די פעדעריישאָן האָט זיך פאַרפליכטעט צו גיין אויף אַ קאָנסטרוקטיווען וועג אין אַלע אירע האַנדלונגען. די דעלעגאַטען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, ווי זיי פלעגען זיך אַליין אויסדריקען, „אין געשלאָסענע רייען אָהן אונטערשייד פון אמונה, אָהן אונטערשייד פון דאָגמע.” זיי האָבען דערקלערט: „די וועלט איז אונזער טעטיגקייט־פעלד און מענש איז אונזער ברודער”.

צו יעדען אַרבייטער, ווי ער זאָל ניט געווען זיין אונטערדריקט, האָט די פעדעריישאָן אויסגעשטרעקט אַ האַנט מיט הילף. זי האָט ניט אויפגעשטעלט קיין גרעניצען צו אירע צילען, גלויבענדיג, אַז אירע באַמיאונגען פאַר די אַרבייטער וועלען שוין אין דער זעלבער צייט העלפען אַלע מענשען פון אונזער לאַנד.

די פּרינציפּען, וועלכע האָבען געריכטעט גאָמפּערס׳ען, די פּאָליסיס, וואָס ער האָט עטאַבלירט, זיינען פונקט אַזוי אָנוועגדבאַר און נויטיג היינט־צו־טאָג, ווי זיי זיינען געווען ביי זייער ערשטען אויפקום. סעמועל גאָמפּערס האָט געלערענט פון ביטערער ערפאַרונג אין ניו יאָרק, אַז די גרעסטע שוועריגקייט, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבייטער דאַרפען בייקומען, איז די אַלגעמיין־אָנגענומענע מיינונג, אַז די באַוועגונג איז צו ראַדיקאַל, רעוואָלוציאָנער, דעסטרוקטיוו. עלעמענטען, ווי עס זיינען די היינטיגע קאָמוניסטען, האָבען זיך ווי ניט איז אַריינגעכאַפּט אין דער אַרבייטער באַוועגונג, ווי נאָר זי האָט זיך גענומען אָרגאַניזירען, און גאָמפּערס האָט זיך שנעל דערוואוסט דורך זיין קאָנטאַקט מיט זיי, אַז זיי שעדיגען די טרייד־יוניאָנס, ניט זיי העלפען זיי. עס האָט אים ניט גענומען לאַנג צו באַגרייפען, אַז אַזעלכע זיינען פאַראינטערעסירט אויסצונוצען די אַרבייטער־באַוועגונג פאַר אייגענע פּאָליטישע צוועקען. ער האָט גוט געוואוסט, אַז זיי זיינען אונטאָלעראַנט און דעספּאָטיש אין זייערע הערצער, און אַז זיי וועלען צוטראַמפּלען די גרונד־פּרינציפּען פון פרייהייט און פרייוויליגער דינסט אין דער אָרגאַניזירטער אַרבייטער באַוועגונג, אויב נאָר זיי וועלען געווינען דעם קאָנטראָל. ער האָט פון זיי גאָרניט געהאַלטען. די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט פון זיי ניט געהאַלטען. בלויז אַז זיי זיינען צושטערער, האָט מען גוזען אין זיי.

## אַרבייטער און פּאָליטיק

פּאָליטישע פראַגען זיינען שטענדיג געווען אַ גרויסע פּראָבלעם פאַר דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט. מען האָט גיך אָנערקענט, אַז בעת אַרבייטער קענען פאַרבעסערען זייערע באַדינגונגען דורך אָרגאַניזאַציע און דורך אויסאיבען זייער עקאָנאָמישע מאַכט, קענען זיי אויך מאַכען ריזיגען פּראָגרעס דורך גינסטיגער געזעצגעבונג, ווען זיי וועלען אויסאיבען זייער פּאָליטישע מאַכט. די פּראָבלעם, איז שטענדיג געווען, ווי אַזוי אויסצונוצען פּאָליטישע מאַכט פאַר די אַרבייטער. איינציגע פירער זיינען באַשטאַנען דאַרויף, אַז די איינציגע לייזונג איז צו פאָרמירען אַ זעלבסטשטענדיגע לייבאָר פּאַרטיי. דאָס וואָלט געקענט זיין די אידעאַלסטע לייזונג, אי פאַר די אַרבייטער, אי פאַר די פאַרמערס, ווען מען זאָל דאָס נאָר קענען אויסאַרבייטען. די צרה אָבער איז, וואָס די צייט איז נאָך ניט געקומען, און מען זעט נאָך אפילו ניט דאָס אָנקומען אַזאַ צייט, ווען דאָס זאָל מעגליך זיין אין אונזער לאַנד.

די פירער פון דער פעדעריישאָן, האָבענדיג אין זינען די פליכט צו די אַרבייטער, וואָס זיי האָבען רעפּרעזענטירט, האָבען באַשלאָסען, אַז דער פּראַקטישער און קלוגער וועג אונטער די אומשטענדען איז צו עטאַבלירען אַן אומפּאַרטייאישע פּאָליסי. אויף אַזאַ אופן, האָבען זיי

געפילט, וועלן זיי קענען געווינען דעם רעספעקט פון די גרויסע פּאַרטייען. זיי וועלן קענען קאָנצענטרירן זייערע באַמיאונגען אויף דורכצואוואַרפן די שונאים פון אַרבייטער אין געזעלשאַפטליכן לעבן, און העלפן ערווילן פריינט פון אַרבייטער. אַט־די אומפּאַרטייאישע פּאָליטישע פּאָליסי האָט זיך אַרויסגעוויזן זעהר ערפאָלגרייך. דורך דעם האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן אַ גאַנצע קייט פון אַרבייטער־ און סאָציאַל־פאַרזיכערונגס־געזעצן, וואָס געפינען זיך איצט אין די פעדעראַלע און שטאַטס געזעץ־ביכער. די פּאָליסי האָט פאַרוואַנדעלט די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר אין אַ געוואַלטיגען כח אין קאָנגרעס, אין סטייט־לעדזשיס־לייטשורס, אין די סיטי־קאָונסילס, און אין דעם פּאָליטישען לעבן פון גאַנצען פּאָלק. אין דער זעלביגער צייט האָט זיך ניט איינגעגעבן קיין איין אָרגאַניזאַציע אַריבערצוגעווינען דעם וואָוט פון די אַרבייטער בלויז אין איין ריכטונג.

## ערפאַרונג, זעלבסט־דיסציפּלין

די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט געוואונען דעם רעספּעקט און דעם צוטרוי פון אַמעריקאַנער פּאָלק אין נאָך אַ ריכטונג, דורך דער עטאַבלירונג פון אַ פּאָליסי פון זעלבסט־דיסציפּלין. מיר האָבען קיינמאָל ניט געגלויבט, און מיר גלויבען אויך איצטער ניט, אַז די אַרבייטער דאַרפען שטענדיג זיך אַרומשלאָגען מיט זייערע באַלעבאַטים, כדי צו געווינען בעסערע באַדינגונגען. מיר גלויבען, אַז אַרבייט און אינדוסטריע קענען אַרבייטען צוזאַמען ווי שותפים. מיר גלויבען, אַז די מערסטע היינטיגע אַרבייטס־געבער האָבען באַגריפען דעם ווערט פון אַזאַ קאָאָפּעראַציע. מיר ווילען, אַז אַרבייטס־געבער זאָלען קאָלעקטיוו פאַרהאַנדלען מיט אונזערע יוניאָנס. מיר ווילען, אַז זיי זאָלען אונטערשרייבען קאָנטראַקטען מיט אונזערע יוניאָנס. מיר פאַרפליכטען זיך צו רעספּעקטירען אַזעלכע קאָנטראַקטען, ווי הייליגע פליכטען. מיר האָבען געלערענט דורך ערפאַרונג, אַז אַזאַ קלאָרע פּאָליסי ברייגגט צו די אַרבייטער דיווידענדען אין דער פאָרם פון קירצערע שטונדען, העכערע שכירות, נאָכאַנאַנדיגער אַרבייט און געזעלשאַפטליכען רעספּעקט. די אַרבייטס־געבער לערנען אויך, אַז קאָאָפּעראַציע ברייגגט צו זיי דיווידענדען אין דער פאָרם פון גרעסערער אינטענסיוויקייט פון אַרבייט, פון סטאַביליזאַציע אין דער פּראָדוקציע, גוטע באַציהונגען און געהעכערטע פּראָפּיטען.

## אַ וואָרט צו די אידישע אַרבייטער

איך וויל שליסען אַט־די אַלגעמיינע אָפּהאַנדלונג וועגען די פּאָליסיס און צוועקען פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר מיט אַ ספּעציעל וואָרט צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען און צו די אידישע אַרבייטער פון לאַנד. די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז טיף פאַראינטערעסירט אין אייער פּראָגרעס און איז גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס זי קאָן, כדי אייך צו שטיצען. דאָס איז ניט קיין פוסטער צוזאָג. די פעדעריישאָן האָט שוין געמאַכט קאָנקרעטע שריט אין פאַרשיידענע ריכטונגען צו העלפען די אידען דאָ אין לאַנד און איבער דער גאַנצער וועלט. מיר זיינען דירעקט און ערנסט באַאונרוהיגט איבער דער פאַרשפּרייטונג פון ראַסען־פאַראורטיילען אין דער גאַנצער וועלט. מיר זיינען אויפגעטרייסעלט פון זייערע פּאָלגען, ווילדע מעשים. מיר ווילען טאָן אַלץ, וואָס מיר קענען, כדי איינצוהאַמערן די כחות פון האַס און אונטערדריקונג, וואו זיי זאָלען זיך ניט באַווייזען.

ווי איך האָב פריער געזאָגט, זיינען אַלע אַמעריקאַנער אימיגראַנטען, אָדער זיי שטאַמען אָפּ פון אימיגראַנטען. מיר, אָדער אונזערע עלטערען, זיינען אַהער געקומען צו זוכען פרייהייט, גערעכטיגקייט און טאָלעראַנץ. אויב מיר זאָלען ווען עס איז דערלאָזען פאַראורטיילען, האַס, אָדער אַ דיקטאַטור, פון וואָס פאַר אַ קאָליר זי זאָל ניט זיין, זיך איינצואוואָרצלען און געווינען קאָנטראָל דאָ, דעמאָלט פאַרלירען מיר יעדען אידעאַל, וואָס מיר האָבען געליבט, טייער געהאַלטען און פאַר אים געקעמפט אין משך פון אונזער גאַנצער געשיכטע.

אַמעריקע, מיט דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט, וואָס מאַרשירט אין די ערשטע רייען, מוז ווייזען דער וועלט מיט איר אייגענעם מוטיגען מוסטער דעם וועג צו פאַרנונפט און צו ציוויליזאַציע.

# סעקרעטאַרען פון די
# פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען
## 1888 — 1938

מאָרים הילקוויט, קאָרעספּאָנדענץ סעקרעטאַר .. 1888—1889

בערנאַרד וויינשטיין ............ 1888—18889; 1900—1901; 1909—1915

מ. ג. וואָלפּערט, געהילפּס־סעקרעטאַר ............ 1914—1911

יעקב מילך ............ 1893—1894

אברהם שאַפּירא ............ 1894—1897

מאַקס פרידלענדער ............ 1897—1900

אייב ליפּמאַן ............ 1901—1906

מאַקס פּיין ............ 1906—1909; 1916—1925

א. י. שיפּלאַקאָף ............ 1915—1916

מאָרים ס. פיינסטאָן, געהילפּס־סעקרעטאַר ............ 1915—1925

מאָרים ס. פיינסטאָן, סעקרעטאַר ............ 1925—1938

# I

# פאַרטאָג



דער אַרטיקעל פון דעם היסטאָריקער א. טשעריקאָווער איז אַ טייל פון אַ גרעסערער אַרבייט, וואָס ער האָט אַריינגעגעבן אין די „היסטאָרישע שריפטען" פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט אונטער זיין רעדאַקציע. — דער שריפטשטעלער י. מאַגידאָוו, וועלכער דערציילט ווי אַזוי ער איז געקומען צו דער אידייע, אַז מ'זאָל גרינדען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, איז שוין אַ סך יאָרען אַ פּראָמינענטער מיטאַרבייטער אין „מאָרגען זשורנאַל". — דער שרייבער ב. וויינשטיין איז פון אונזערע געציילטע טייערע מענשען, וואָס זיינען איינגעלעבט מיט די אידישע יוניאָנס זינט זיי עקזיסטירען. — דער אַרטיקעל פון מאַקס פיין איז אַ טייל פון זיינע געבליבענע שריפטען, וואָס האָבען דעם כאַראַקטער פון אַ טאָג־בוך.

# אָנהויב פון אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין דער וועלט

**פון ווילנע קיין לאָנדאָן צו ניו־יאָרק**

פון א. טשעריקאָווער

ווילנע; די ערשטע אידישע רעוואָלוציאָנערן

אידען־סאָציאַליסטען, יחידים, האָבן אין רוסלאַנד אָנטייל גענומען אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג נאָך פאַר די 70־גער יאָרען, אָבער ביז דער גרינדונג פון דעם לאָנדאָנער „אגדת הסציאליסטים העברים" (מאַי 1876) האָט וועגען אַ אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ניט געקענט זיין קיין רייד. גראָד האָט איינער פון די ערשטע רוסיש־אידישע סאָציאַליסטען — אויב ניט דער ערשטער — גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל אין גרינדען דעם לאָנדאָנער פאַראיין (לאַזאַר גאָלדענבערג). צווישען די גרינדער פונ׳ם פאַראיין זיינען אויך געווען צוויי מיטגלידער (אהרן ליבערמאַן און ל. וויינער), וואָס האָבן פריער אַקטיוו זיך באַטייליגט אין די ערשטע פּרואוון, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין ווילנע צו שאַפען אַ סאָציאַליסטישע גרופּע צווישען אידען.

די וויגעלע פון די דאָזיגע ערשטע פּרואוון אין ווילנע איז געווען די ראַבינער־שול און נאָך איר רעפאָרמירונג אין יאָר 1873 — דער אידישער לערער אינסטיטוט. פון דער ראַבינער־שול און פונ׳ם אינסטיטוט זיינען אַרויס אַ רייע אידען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער אַלגעמיינער רוסישער און אין דער אידישער באַוועגונג (פינקעלשטיין, יאָכעלסאָן, ליבערמאַן, דאַווידאָוויטש *), דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן אינ׳ם ראַבינער־שול אַן אומלעגאַלע אַרבייט איז געווען אַרקאַדי (יעקב־אבא) פינקעלשטיין. אין יאָר 1872 האָט ער געגרינדעט אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק און פאַרשפּרייט צווישען די תלמידים רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. דאָס איז אַנטדעקט געוואָרען. פינקעלשטיין איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון ראַבינער־שול און אַרויסגעשיקט געוואָרען פון ווילנע. גלייך נאָכדעם אין (1872) איז ער אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד, קיין קעניגסבערג, וואו ער איז אַריין אין אוניווערזיטעט. דאָ האָט ער פאָרטגעזעצט זיין רעוואָלוציאָנערע אַרבייט און אין משך פון די יאָרען 1873־1876 איז ער געווען דער אַגענט פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערען פאַרלאַגען אין לאָנדאָן און זשענעווע, וועמעס ליטעראַטור ער פלעגט אומלעגאַל טראַנספּאָרטירען קיין רוסלאַנד (שפּעטער האָט זיין אָרט פאַרנומען אהרן זונדעלעוויטש).

לאָנדאָן; די ערשטע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע

נאָך פינקעלשטיינ׳ס דורכפאַל אין ווילנע האָט אהרן זונדערעוויטש, פריער אויך אַ תלמיד פון ראַבינער־שול, געגרינדעט די ערשטע רעוואָלוציאָנערע גרופּע, אין וועלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען אַ מענשען 15, אויסשליסליך אידען, דער עיקר געוועזענע תלמידים פון ראַבינער־שול, אַ פאָר תלמידים פון דעם לערער־סעמינאַר און יוגענט פון די מיטל־שול. זונדעלעוויטש האָט אַריינגעפירט אין דער גרופּע אהרן ליבערמאַנ׳ען (אויך אַ געוועזענער תלמיד פון ראַבינער־שול); אין אַקטיווען אָנטייל האָבן אויך גענומען וו. יאָכעלסאָן, ל. ווינער, ל. דאַווידאָוויטש און אַנדערע. זונדעלעוויטש האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרבינדונגען מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנער קרייזען, און האָט געהאָלפען טראַנספּאָרטירען אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד; איז עטליכע מאָל געווען צוליב דעם ביי פינקעלשטיינ׳ען אין קעניגסבערג. די הויפּט־אַרבייט פון דער גרופּע איז באַשטאַנען אין לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור, באַהאַנדלען סאָציאַליסטישע פראַגען, און אין אינדיווידועלער פּראָפּאַגאַנדע. אין יולי 1875, אין פאַרבינדונג מיט אַלעקסאַנדער דעם 2־טענס באַזוך אין ווילנע, און דורך אַ מסירה, איז דער ווילנער קרייזל אַנדעקט געוואָרען; מ׳האָט אַרעסטירט אַ רייע פּערזאָנען, אָבער די הויפּט־טוער — זונדעלעוויטש, ליבערמאַן, יאָכעלסאָן און וויינער — זיינען אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד.

די „אגדת הסציאליסטים העברים", דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין אין לאָנדאָן, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין מאַי 1876 — איז די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין גאָר דער וועלט, און דער „פנקס" — דאָס פּראָטאָקאָל־בוך פונ׳ם פאַראיין — איז דער ערשטער אידישער דאָקומענט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור.

---

* אין דעמזעלבען אינסטיטוט איז אויך אב. קאַהאַן געוואָרען אַ סאָציאַליסט.

די אויסערלעכע געשיכטע פון׳ם לאָנדאָנער פאַראיין איז אין אַלגעמיין באַקאַנט. אין מאַי 1876 האָבן זיך צונויפגענומען אין לאָנדאָן 10 אימיגראַנטן, אַרבייטער, און האָבן געגרינדעט אַ פאַראיין פאַר סאָציאַליסטישער פראָפּאַגאַנדע מיט׳ן צוועק „צו פאַרברייטערן די סאָציאַליסטישע אידייען אומעטום אונטער אידען, ווי אויך אונטער אַנדערע פעלקער, און צו פאַראייניגען די אַרבייטער צום קאַמף געגען זייערע אונטערדריקער". די צען גרינדער זיינען געווען: א. ש. ליבערמאַן, ליב ווײַנער, א. גאָלדשטיין, י. ראָזענטאַל, הירש סאַפער, אייזיק סטאָון, אליעזר גאָלדענבערג, זלמן יעקב, נ. יעקב, נ. לעווענקינד, יעקב נ. לעווענקינד און יעקב אַלעקסאַנדער. שפּעטער זיינען צום פאַראיין אין פאַרשיידענע צייטן צוגעקומען נאָך 20 מיטגלידער. פון די 30 מיטגלידער זיינען 2 אַרויסגעטראָטן; 7 האָט מען אויסגעשלאָסן; צוויי זיינען אַוועקגעפאָרען. אינאײנעם מיט די געסט זיינען דורכ׳ן פאַראיין דורכגעגאַנגען 38 פערזאָן. אויף די זיצונגען האָט מען געלייענט פאָרטראַגען און באַהנדעלט פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, אָבער אויסער דעם האָט מען זיך אויך פאַרנומען מיט פּראַקטישער אַרבייט.

## קאַמף פון דער קהלה

דער פאַראיין האָט אויך צונויפגערופען אַרבייטער־מיטינג (אין אויגוסט 1876), האָט אָפּגעדרוקט טויזענט עקזעמפּלאַרען אַן אויפרוף אין אידיש צו די אַרבייטער, אַן איינלאַדונג צום מיטינג. אויפ׳ן מיטינג איז געגרינדעט געוואָרען אַן „אַרבייטער געזעלשאַפט" פאַקטיש אַ אידישע שנייער־יוניאָן, פאַר וועלכער דער פאַראיין (דורך ליבערמאַנ׳ען) האָט צונויפגעשטעלט די סטאַטוטען. דער פאַראיין האָט אויך צונויפגערופען (אין סעפּטעמבער) צוויי געשלאָסענע פאַרזאַמלונגען פון די אַרבייטער, וואָס האָבן זיך פאַרשריבען אין דער יוניאָן. אָבער די באַלעבאַטים פון די אַרבייטער און די אָפיציעלע קרייזען פון די ענגלישע אידען, בראש מיט׳ן רב־הכולל, דר. אַדלער, האָבן אויפגעהויבען אַ שטאַרקען קאַמף געגען די אידישע סאָציאַליסטען, די אימיגראַנטען. די לעצטע האָבן אויפגענומען דעם קאַמף, אָבער די אַרבייטער־מאַסע האָט ניט געשטיצט די סאָציאַליסטען און איז זיך אַוועק איר וועג. די געגרינדעטע שניידער־יוניאָן האָט צוגעצויגען ביז 300 מיטגלידער, אָבער דערביי אינגאַנצען זיך אָפּגעטיילט פון די סאָציאַליסטישע פירער. דער פאַראיין האָט געמאַכט אַ פּרואוו אויך צו גרינדען אַ יוניאָן פון פאַנטאָפעל־מאַכער, אָבער פון דעם איז גאָרניט אַרויסגעקומען. די געפאַלענע שטימונג אין פאַראיין נאָך די ניט־געלונגענע שריט פון שאַפען סאָציאַליסטיש־געשטימטע אַרבייטער־יוניאָנס האָט געפירט צו אינעווייניגסטע סכסוכים, און סוף דעצעמבער 1876 איז זיך דער פאַראיין צעפאַלען — נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעאַרבייט זיבען און אַ האַלב חדשים, און האָט אָפּגעהאַלטען 28 זיצונגען. כמעט אין דערזעלביגער צייט איז זיך אויך צעפאַלען די שניידער־יוניאָן.

דאָס איז די קורצע געשיכטע פון אַ ניט־געלונגענעם פאַרזוך פון אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע צווישען די ערשטע אידישע אימיגראַנטען און פון אַ אידישען אַרבייטער־פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין אין לאָנדאָן. דער דאָזיגער פאַרזוך איז געקומען צו־פרי און האָט נאָך אונטער זיך ניט געהאַט קיין פעסטען באָדען. בעת מאָריס ווינטשעווסקי האָט מיט אַכט יאָר שפּעטער נאָך די „אגדת־הסציאַליסטים" אָנגעהויבען אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צווישען די אידישע אַרבייטער אין לאָנדאָן, האָט ער אויך דעמאָלט נאָך ניט געפינען דעם באָדען אינגאַנצען פאַרטיג.

## עמיגראַציע פון רוסלאַנד

די געשיכטע פון פאַראיין ווייזט אונז דעם אויפקום פון אַ נייעם שיכט ביי אידען, ריכטיגער — די אומשיכטונג פון דער אידישער אימיגראַנטען־מאַסע, וואָס האָט זיך באַוויזען אין לאָנדאָן מיט אַ גאַנץ אַנדערער סאָציאַלער סטרוקטור ווי פריער. די פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז די אידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד הויבט זיך אָן נאָר מיט די פּאָגראָמען און רדיפות פון די 80־ער יאָרען, איז אין תוך ניט קיין ריכטיגע. די אידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד און אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך אָנגעהויבען נאָך אין די זיבעציגער יאָרען, און אפילו פריער. די נויט און דחקות אין רוסלאַנד, פּוילען, גאַליציע, רומעניע, די מלחמות צווישען דייטשלאַנד און פראַנקרייך, די מלחמות אויפ׳ן באַלקאַן וכדומה, האָבן שוין דעמאָלט געטריבען טויזענטער אידישע יונגעלייט קיין ענגלאַנד, וואָס האָט גע׳שמ׳ט פאַר אַ פרייער און רייכער מדינה. נאָך דער פאַרשטאַרקונג פון׳ם אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּע און די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין די אַכציגער יאָרען, האָט די אידישע עמיגראַציע נאָר אָנגענומען אַ מאַסען־כאַראַקטער. ע סאיז לײַדער אוממעגליך פעסטצושטעלען די צאָל אידישע אימיגראַנטען, וואָס האָבן זיך שוין אין די זיבעציגער יאָרען געפונען אין לאָנדאָן, אָבער עס איז קלאָר, אַז עס האָט זיך שוין צו יענער צייט אויסגעבילדעט אַ גאַנץ באַדייטענדיגע אימיגראַנטישע קאָלאָניע.

צווישען די אימיגראַנטען אין לאָנדאָן איז געווען פאַרשפּרייט שניידעריי. נאָך אין יאָר 1861 איז יעדער פערצענטער צווישען די אויסלענדער אין לאָנדאָן געווען אַ שניידער; לערך אַ העלפט פון דער צאָל שניידער זיינען געווען דייטשען, אָבער ביסלעכווייז האָבן אידען זיי אַרויסגעשטופּט.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די סאָציאַל פּאָליטישע סביבה, אין וועלכער דעם אידישען סאָציאַליסטישען פאַראיין איז אויסגעקומען צו אַרבייטען, דאַרף מען געדענקען, אַז אין ענגלאַנד איז נאָך צו יענער צייט ניט געווען קיין שום אָרטיגע ענגלישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אַ

גרויסע ראָלע האָט געשפּילט דער אַלטער דייטשישער „אַרבייטער בילדונגס פאַראיין" (גערופען „קאָמוניסטישער אַרבייטס־בילדונגס פאַראיין"), וועלכען די דייטשישע אימיגראַנטען האָבען געגרינדעט נאָך אין יאָר 1840, און וועלכער איז לויט, דער מיינונג פון פרידריך ענגעלס, דער עלטסטער אַרבייטער־פאַראיין אין דער וועלט. אין יאָר 1847 זיינען אין דעם פאַראיין אַריינגעטראָטען מאַרקס און ענגעלס, אַביסעל שפּעטער אויך ליבקנעכט (געווען סעקרעטער פון פאַראיין); פון דאַנעט איז אַרויס דער באַרימטער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", וואָס האָט געשפּילט אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון׳ם סאָציאַליסטישען געדאַנק. דער פאַראיין איז מיט דער צייט געוואָרען דער צענטער פון די דייטשישע פּאָליטישע אימיגראַנטען; צו אים האָבען געהאַט אַ געוויסע שייכות רעוואָלוציאָנערען אויך פון אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, וואָס האָבען געזוכט שוץ אין ענגלאַנד, ווי צ. ב. מאַדזיני, לואי בלאַן, לעדריו ראָלען, קאַשוט, די פּוילישע רעוואָלוציאָנערען, די קאָמונאַרען. שפּעטער, ווען אין דייטשלאַנד איז איינגעפירט געוואָרען דער געזעץ געגען סאָציאַליסטען, איז דער פאַראיין נאָך מער געוואָרען די פעסטונג פון דער דייטשישער פּאָליטישער אימיגראַציע (קאַרל קאַאוטסקי, עדואַרד בערנשטיין, יאָהאַן מאָסט א. אַ.) ווינטשעווסקי דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז קומענדיג קיין לאָנדאָן איז ער מיט לייב און לעבען צוגעשטאַנען צו דער אָרטיגער (דייטשישער סאָציאַליסטישער) באַוועגונג, „מחמת אין דעם יאָר 1879 איז נאָך קיין ענגלישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אפילו אין געדאַנק ניט געווען". אין יענע יאָרען האָבען נאָך אין ווייטשעפּל געלעבט זעהר פיל דייטשישע אימיגראַנטען, און די אָנגעקומענע אידען פלעגען זיך באַזעצען אין שכנות מיט די דייטשען — מסתמא דערפאַר, ווייל זיי האָבען מיט זיי געקענט גיכער זיך צונויפריידען.

דייטש און רוסיש: דייטש האָט איינפלוס

אין דער צייט, ווען דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין האָט זיך געגרינדעט, איז די אויטאָריטעט פון דעם דייטשישען פאַראיין געשטאַנען זעהר הויך אין די אויגען פון די איינגעוואַנדערטע אידישע סאָציאַליסטען. דייטשישע סאָציאַליסטען פלעגען אָפט פאַרבעטען ווערען אַלס לעקטאָרס. איינער פון די איניציאַטאָרען פון׳ם פאַראיין — הירש סאַפּער, וועלכער האָט באַזונדערס געשטרעבט אַריינצוציען די דייטשען — האָט אויף אַ זיצונג אויסגעדריקט זיין צופרידענקייט, וואָס „נייע דייטשע עלעמענטען טרעטען צו אונז אַריין". די השפּעה פון די דייטשען האָט זיך אויך געפילט בנוגע דער שפּראַך.

אַ סך ווינציגער פון דער דייטשישער השפּעה האָט זיך געפילט די אָריענטאַציע אויף דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער דאָזיגער פאַקט איז זעהר כאַראַקטעריסטיש און רופט אַרויס אין פלוג אַ גרויסען חידוש. די מיטגלידער זיינען דאָס רוב געווען געקומענע פון רוסלאַנד, די פיר רוסישע פּאָליטישע עמיגראַנטען, וואָס זיינען געווען פון די גרינדער פון פאַראיין זיינען אידייאיש געווען ענג פאַרבונדען מיט דער רוסישער באַוועגונג; די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט געשפּילט די דאָמענירענדיגע ראָלע אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע טוער אין ווילנע. עמיגרירענדיג אין אויסלאַנד האָבען אַלע אידען־סאָציאַליסטען זיך אָריענטירט אויסשליסליך אויף רוסלאַנד, און אַלע זייערע אָרגאַניזאַציעס פלעגען פאַקטיש זיין נאָר אויסהילף־גרופּעס פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס איז דאָרט אָנגעגאַנגען. דאָ, אָבער, אין׳ם לאָנדאָנער פאַראיין פילט זיך אַ פולקאָמע זעלבסטשטענדיגקייט. דער פאַראיין האָט געהאַט אַן אויג נאָר דעם אידישען אַרבייטער אין לאָנדאָן און זיך צוגעפּאַסט צו אים. אין יענע יאָרען איז אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אָנגעגאַנגען אַ העפטיגער קאַמף צווישען צוויי שטרעמונגען — די „לאַווריסטען" און „באַקוניסטען", — צווישען די אָנהענגער פון לאַווראָוו׳ס טעאָריע פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג און די אָנהענגער פון באַקונינ׳ס אַנאַרכיסטישע אידייען וועגען באַלדיגע רעוואָלוציאָנערע מעשים. די פירער פון דעם פאַראיין זיינען געווען ענג פאַרבונדען מיט לאַווראָוו׳ן און מיט זיין לאָנדאָנער אָרגאַן; ליבערמאַן איז געווען אַ מיטאַרבייטער פון לאַווראָוו׳ס זשורנאַל „ווּפּעריאָד", גאָלדענבערג — זיין זעצער, און סאַפּער זיין הייסער אָנהענגער; לאַווראָוו האָט אין זיין אָרגאַן געשטיצט דעם פאַראיין. און דאָך האָט עס ניט געפירט דערצו, אַז דער פאַראיין זאָל ווערען אַ רוסישער, אָדער אין וועלכען ס׳איז פאָרם טראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון דער רוסישער באַוועגונג. אויף איינער אַ זיצונג האָט ליבערמאַן דערקלערט: „ביישפּילען פון רוסלאַנד טויגען דאָ ניט; אין לאָנדאָן זיינען די פאַרהעלטענישען אַנדערש".

היסטאָרישע נעמען: הערש סאַפּער, לאַזאַר גאָלדענבערג

אַלע וואָס האָבען ביז איצט געשריבען וועגען דעם אידישען סאָציאַליסטישען פאַראיין, מאַכען דעם טעות, וואָס זיי פאַרבינדען אים אויסשליסליך מיט איין פּערזאָן — אהרן ליבערמאַן. דער פאַראיין און ליבערמאַן דעקען זיך ביי זיי פולקאָם; די איבעריגע מיטגלידער זיינען נאָר שאָטענס פון ליבערמאַנ׳ס שפּיל. אמת, ליבערמאַנ׳ס השפּעה איז געווען זעהר אַ גרויסע, אָבער ער איז ניט געווען דער איינציגער. אויסער אים האָבען געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אַ ריי אַנדערע סאָציאַליסטישע טוער, האָבען זיך ניט שטענדיג געלאָזט פירען פון ליבערמאַנ׳ס שטאַרקער האַנט און האָבען אים אפילו גובר געווען.

איינער פון זיי איז געווען הירש סאַפּער, אַ קעסטעלמאַכער. סאַפּער האָט געשטאַמט פון פּעטערבורג פון זעהר אַן אָרימע פאַמיליע (זיין פאָטער, אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, האָט געמאַכט און פאַרקויפט טינט). ער האָט געלערנט אין חדר, שפּעטער אין בערמאַנ׳ס רוסיש־אידישער שול (ביי דער פּעטערבורגער געמיינדע), און נאָכדעם געוואָרען אַ בעל־מלאכה, אַ שיידלמאַכער. סאַפּער האָט זיך קינדווייז אָנגעזען גענוג אידישע צרות אין פּעטערבורג, פּאָליצייאישע "אַבלאַוועס" אויף אידען, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין וואוינרעכט. ער איז געווען אַן עקספּאנסיווע נאַטור נאָך יונגערהייט: מ׳דערציילט, אַז איינמאָל האָט ער זיך אַריינגעריסען אין קלויסטער, וואו מ׳האָט געוואָלט שמד׳ן אַ יונג אידיש מיידעל, און האָט זי באַפרייט; ער איז דערפאַר אַרעסטירט געוואָרען, אָבער משמעות ניט ערנסט. אין 1872 האָט ער פרייוויליג פאַרלאָזט רוסלאַנד, איז אַריבערגעפאָרען קיין בערלין, שפּעטער קיין פּאַריז; פון דאָרטען איז ער געקומען קיין לאָנדאָן. אין רוסלאַנד איז ער צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

פראַנצויזישע קאָמונאַרען; פוילען

אין נאָוועמבער 1875 איז אין לאָנדאָן איינגעאָרדענט געוואָרען אַן אָנדענק־אָוונט פאַר׳ן באַקאַנטען דייטשישען פּאָליטישען טוער ראָבערט בלום און אַנדערע אומגעקומענע אין דער רעוואָלוציע פון 1848; אין אָרגאַניזירען דעם דאָזיגען אָוונט האָט סאַפּער גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל. ער האָט זיך אויך באַטייליגט אינ׳ם פּראָטעסט־מיטינג געגען דער באַהאַנדלונג פון די פאַרשיקטע פראַנצויזישע קאָמונאַרען (אויך אין נאָוועמבער 1875). אין יאַנואַר 1876 האָבען די רעוואָלוציאָנערען אימיגראַנטען אין לאָנדאָן געפייערט דעם יאָר־טאָג פונ׳ם פּוילישען אויפשטאַנד פון 1863; צווישען די רעדנער, אָנגעזעענע רעוואָלוציאָנערען פון פאַרשיידענע נאַציעס, איז אַרויסגעטראָטען אויך סאַפּער: „מיר זיינען זיך צונויפגעקומען, — האָט ער אין זיין רעדע געזאָגט — בכדי צו זאָגען אַ גוט וואָרט פאַר יענע אומגליקליכע העלדען, וואָס האָבען מיט מוט געקעמפט און זיינען אומגעקומען פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פוילען. זאָל די רוסישע רעגירונג ניט מיינען, אַז רואינירענדיג פוילען האָט זי אָפּגעשטעלט די פּוילישע באַוועגונג. פאַרקערט, די רעוואָלוציע פון 1863 ווייזט אָן דעם פּוילישען פאָלק, ווי מען דאַרף זיך פירען אין דעם קומענדיגען קאַמף". פאַרענדיגט האָט ער די ווערטער: „זאָל לעבען די פרייהייט פון דעם אַלסלאַווישען פאָלק".

סאַפּער איז געווען דער טיפּ פון דעם אינטעליגענטען אידייאישען אַרבייטער — אפשר דער ערשטער צווישען אידען. אַ רוסישער סאָציאַליסט מיט סימפּאַטיעס פאַר׳ן „אַלסלאַווישען פאָלק", און אין תוך אַ קאָסמאָפּאָליט, און גראָד אים איז באַשערט געווען צו ווערען איינער פון די גרינדער פונ׳ם אידישען פאַראיין.

זון פון פרומער פאַמיליע

אויסער סאַפּיר׳ן האָט ליבערמאַן זיך געטראָפען אין לאָנדאָן, טאַקע אין דער רעדאַקציע פון „וופּעריאָד", מיט דעם פּאָליטישען עמיגראַנט פון רוסלאַנד לאַזאַר גאָלדענבערג. ער, גאָלדענבערג וועלכער איז צו יענער צייט געווען אַלט 30 יאָר, האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ גאַנץ רייכע רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געשטאַמט פון אַ פרומער אידישער פאַמיליע אין כערסאָנער גובערניע (פונ׳ם שטעטעל פּאָפּלאַווסק), האָט געלערנט אין חדר, שפּעטער אין אַ אידישער קרוין־שול, נאָכדעם אין אָדעסער גימנאַזיע, און שפּעטער אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט. אין יאָר 1869 איז ער פאַר אָנטיילנעמען אין דער ערשטער גרויסער סטודענטען־דעמאָנסטראַציע אין פּעטערסבורג פאַרשיקט געוואָרען אַלס פּאָליטישער פאַרברעכער. ער איז אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד און האָט זיך באַזעצט אין ציריך; פּאָליציי האָט אים אַרויסגעשיקט, און ער האָט עטליכע יאָר געלעבט אין זשענעווע, וואו ער האָט געאַרבייט אין דער אומלעגאַלער רוסישער דרוקעריי אַלס אַ זעצער. אין יאָר 1876 איז ער אַריבערגעפאָרען קיין לאָנדאָן כדי צו אַרבייטען אין דער דרוקעריי פון „וופּעריאָד". ל. גאָלדענבערג איז געווען איינער פון די ערשטע אידען־רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד און אפשר דער ערשטער אידישער פּאָליטישער עמיגראַנט. קומענדיג קיין לאָנדאָן האָט ער שוין געהאַט אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטען רעוואָלוציאָנער. אויסער די דריי דערמאָנטע טוער ווערט צווישען די גרינדער דערמאָנט לואי וויינער — אַ טישלער. דאָס איז דערזעלביגער וויינער פונ׳ם אומלעגאַלען ווילנער קרייזל, וועלכער איז אינאיינעם מיט ליבערמאַנ׳ען און זונדעלעוויטש׳ן אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד. וויינער און ליבערמאַן זיינען דערמאָלט אַוועקגעפאָרען אין לאָנדאָן, וואו וויינער איז געוואָרען אַן אַרבייטער. שפּעטער האָט ער זיך נאַטוראַליזירט אין ענגלאַנד, און, ווי יאָכעלסאָן דערציילט אין זיינע זכרונות, איז ער מיט דער צייט געוואָרען אַן אייגענטימער פון אַ גרויסען מעבעל־וואַרשטאַט. אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דעם פאַראיין האָט אויך געשפּילט דער שניידער אייזיק סטאָון. שפּעטער איז סטאָון געוואָרען אַן אַקטיווער מיטאַרבייטער פון ווינטשעווסקי׳ס „פּוילישער אידל", און אין 1885 — איינער פון די גרינדער פונ׳ם „אַרבייטער פריינד" אין לאָנדאָן.

ווי מיר זעען, איז ליבערמאַן ניט געווען אַליין. אָבער ער איז געוויס געווען די אינטערעסאַנטסטע פּערזענליכקייט אינ׳ם פאַראיין, און דער עיקר — ער איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט אַ פעסטע מיינונג וועגען די זעלבסשטענדיגע פאָרמען פון דער אידישער

סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און האָט געשטרעבט אויסצוקנעטען פונ׳ם פאַראיין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האָבן איר אייגענעם אידישען פרצוף. דאָס, וואָס עס האָט זיך ניט געלאָזען קנעטען אַזוי ווי ער האָט עס געוואָלט, האָט ביי אים ניט אָפּגעשלאָגען דעם מוט.

די השפעה פון ליבערמאַנ׳ס אידעאָלאָגיע פילט זיך שטאַרק אינ׳ם גרונד־כאַראַקטער פונ׳ם פאַראיין און אין אַ סך אויסערליכע פרטים. ליבערמאַן איז געווען אַ סאָציאַליסט־העברעאיסט, און אַ דאַנק אים, האָט דער פאַראיין באַקומען דעם נאָמען „אגדת הסצאַליסתים העברים"; דאָס פּראָטאָקאָל־בוך האָט ער אַ נאָמען געגעבען „פנקס אגדת הסציאַליסתים"; דער געגרינדעטער אַרבייטער יוניאָן האָט ער צוגעטראַכט דעם נאָמען „חברים כל בעלי־מלאכה". די סטאַטוטען פון פאַראיין האָט ער אָנגעשריבען אין העברעאיש (דערנאָך איבערגעזעצט אין אידיש — דאָס זעט מען, ווען מען פאַרגלייכט די טעקסטען); אין די סטאַטוטען האָט ער ספּעציעל אויסגעטיילט: „אנחנו ילידי בני־ישראל" („מיר אידישע קינדער" — אינ׳ם אידישען טעקסט). כאַראַקטעריסטיש איז אויך, אַז אין די פּראָטאָקאָלען, סטאַטוטען און אויפרופען, האָט ער קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען די דאַטע לויט׳ן אידישען לוח (למשל, ליום ז׳ ה"תרל׳ו, שבת צו נאַכט" — אינ׳ם אויפרוף צום אַרבייטער מיטינג).

ער איז אָבער געגאַנגען ווייטער פון די פרטים. ער האָט דער ערשטער געשטעלט פאַר׳ן פאַראיין די פראַגע, וואָס פאַרא פּראָגראַם דאַרפען די אידען (אידישע סאָציאַליסטען) האָבען אין פאַרשיידענע לענדער בכדי זיי זאָלען פון איין זייט קענען איינשטימיג האַנדלען, און דאָך זאָלען זיי, פון דער אַנדער זייט, האַרמאָנירען מיט דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין דעם לאַנד, וואו זיי וואוינען. די תשובה אויף דעם האָט ער אויף דער זעלביגער זיצונג געגעבען אומדירעקט, בעת ס׳איז אַריינגעטראָגען געוואָרען דער פאָרשלאַג וועגען אויסנוצען פאַר׳ן פאַראיין דעם לאָנדאָנער רוסישען סאָציאַליסטישען אָרגאַן „וופּעריאָד": „מיר מוזען דער עיקר זוכען די קראַפט צום קאַמף אין אונז זעלבסט, אין אונזער פאַראייניקונג. געגען אונזערע פיינד מוזען מיר זעלבסט קעמפען". ליבערמאַנ׳ען איז געלונגען צו ווירקען אין זיין גייסט אויף אַ טייל פון די מיטגלידער. אויף דער לעצטער זיצונג בעת דער פאַראיין האָט שוין געהאַלטען ביי גסיסה און געזוכט מיטלען צו ראַטעווען זיך, האָט איינער פון די אַריינגעטראָטענע דייטשען געזאָגט, אַז דער פאַראיין וועט ניט באַקומען קיין מיטגלידער, כל זמן ער טראָגט אַ אידישען נאָמען: מ׳דאַרף אים אָנרופען, „אַלגעמיינער אַרבייטער פאַראיין", און דעמאָלט וועט מען אַריינבאַקומען פיל ענגלענדער. אויף דעם האָט גאָלדענבערג, וואָס איז געווען דער פאָרזיצער, געענטפערט: „מיר זיינען גוטע סאָציאַליסטען, אָבער די אידען אין לאָנדאָן שטייען אַזוי אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע געזעלשאַפטען... און מיר האָבען באַשלאָסען פאָרלויפיג צו אַרבייטען נאָר צווישען אידען". פיל ווייטער פון אים איז אָבער געגאַנגען ווינער, איינער פון ליבערמאַנ׳ס חסידים (ליבערמאַן אַליין איז אויף דער זיצונג ניט געווען) „פאַרוואָס, — האָט ער געזאָגט, — האָט יעדע נאַציע אַ באַזונדערען פאַראיין און זיין אייגענעם נאָמען? אַזוי ווי מיר זיינען אויך אַ נאַציע, ווילען מיר אונזער נאָמען, ווי אַנדערע טוען דאָס".

אָבער ניט אַלע אין פאַראיין זיינען געווען מסכים מיט׳ן נאַציאָנאַליסטישען גייסט, וואָס ליבערמאַן האָט אַריינגעטראָגען. ווי מ׳קען פאַרשטיין פון די פּראָטאָקאָלען, איז הירש סאַפּער געווען דער פאָרשטייער פון דער געגען־ריכטונג. עס איז באַקאַנט פאָלגענדיגער באַזונדערס כאַראַקטעריסטישער פאַקט: בעת דער פאַראיין האָט תחילת באַשטימט צונויפרופען דעם ערשטען עפענטליכען אַרבייטער־מיטינג אויף דעם 19־טען אויגוסט, האָט ליבערמאַן פאָרגעלייגט, אַז אַזוי ווי דער טאָג פאַלט אויס אויף תשעה־באב, זאָל מען דעם מיטינג אויף עטליכע טעג אָפּלייגען. געגען דעם פאָרשלאַג איז אַרויסגעטראָטען סאַפּער און האָט געזאָגט: „אונז, סאָציאַליסטען גייט ניט אָן דער טאָג... מיר ווייסען נאָר פון אונזער זאַך, וועלכע איז צוגלייך די זאַך פון דער גאַנצער מענטשהייט, און ניט מער". אויף דעם האָט ליבערמאַן געענטפערט: "פאָרלויפיג האָט תשעה־באָב פאַר אונז, אידישע סאָציאַליסטען, דיזעלביגע באַדייטונג, ווי פאַר אַלע אונזערע שטאַם־גענאָסען. אַזוי לאַנג ווי עס וועט ניט ווערען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָט די פּאָליטישע פרייהייט אַ גרויסע וויכטיגקייט פאַר׳ן אידישען פאָלק. דער טאָג פון תשעה־באב איז אַ טאָג, ווען מיר האָבען פאַרלוירען אונזער אומאָפּהענגיגקייט, און אונזער פאָלק טרויערט דעריבער ביז איצט, שוין איבער 18 יאָרהונדערטער. עס דאַרף אַלזאָ האָבען פאַר אונז אַזוי פיל ווערט, אַז מיר זאָלען די פאַרזאַמלונג אָפּלייגען אויף אַן אַנדער טאָג". און די מערהייט האָט מסכים געווען מיט ליבערמאַנ׳ען און האָט באַשלאָסען די פאַרזאַמלונג אָפּצולייגען. דער דאָזיגער שטריך כאַראַקטעריזירט — מער פון ווערטער און פּראָגראַמען — די נאַציאָנאַלע שטימונגען, וואָס האָבען, אפשר אומבאַוואוסטזיניג, באַהערשט דעם פאַראיין, ריכטיגער — זיין מערהייט. ניט סאַפּער אַליין האָט אָבער געהאַט ספקות אין ליבערמאַנ׳ס אידעאָלאָגיע. אויף איינער פון די זיצונגען האָט אַ ניי־אַריינגעטראָטענער מיטגליד, דער היטעלמאַכער מאַרקוס ראַבינאָוויטש, זיך געווענדעט צו די פירער: „איר אונטערנעמט אַ גרויסע, שווערע, אַרבייט. צי זייט איר אָבער זיכער אין דער סימפּאַטיע פון אַלע סאָציאַליסטען אין פאַרשיידענע לענדער?" דאָס האָט געמיינט צי

אַנדערע פעלקער יאָ? אידען — ניט?

פאַרהיילינונג פון „תשעה באָב" ביי סאָציאַליסטישער פאַרזאַמלונג

זייט איר ניט צו נאַציאָנאַליסטיש ? אויף דעם האָט ליבערמאַן געענטפערט אין דעם גייסט, אַז מען קען זיין אַ גוטער אַלגעמיינער סאָציאַליסט און אַרבייטען פאַר אידען, און דאָס הייסט גאָרניט זיין אַ נאַציאָנאַליסט.

**סאָציאַליזם אויף העברעאיש**

אין יולי 1876 לאָזט ליבערמאַן אַרויס אין לאָנדאָן זיין מאַניפעסט צו דער אידישער־יוגענט גע׳חתמ׳עט : „מהמתנדבים בעם לבית ישראל״. אין דעם אויפרוף, וואָס איז געשריבען אין אַ פלאַם פייערדיגען רעוואָלוציאָנערען טאָן, טרעט ער שאַרף אַרויס געגען דער אידישער אינטע־ליגענץ, געגען די „אויפגעקלערטע״, די „דינער פון קאַפיטאַל און רעגירונג״, וואָס נוצען אויס בילדונג צוליב קאַריערע און גייען געגען דעם פאָלק. „פון רדיפות אויפ׳ן פאָלק״ — ווענדעט ער זיך צו דער אינטעליגענץ — „האָט איר זיך געשאַפען וואוילטאָג, און פונ׳ם קלאָיק פון זייערע ביינער — לעבענסלוסט. אונז האָט איר איבערגעלאָזט נאָר הונגער, נויט און אומדערטרעגליכע עבודת־פרך. דאָס האָט איר געבראַכט אויף אונזער קאָפּ איין בראָך נאָכ׳ן צווייטען. צוליב אייער שולד האָט זיך צופלאַקערט אַרום אונז דער נאַציאָנאַלער האַס און צוליב אייך איז געקומען אויף אונז די ברענענדיגע רעליגיעזע שנאה ! צוליב אייך האָט מען אַכזריות׳דיג אומגעבראַכט טוי־זענטער אונזערע ברידער, קינדער פון פאָלק״. ער ווענדעט זיך צו דער פאָלקס־יוגענט, צו די בחורים משכילים. וואָס האָבען זיך נאָר ניט „איינגעריכט אין דער טומאה פון דער עקזיסטירענ־דיגער אָרדענונג און ניט חוטא געווען מיט פאַלשער השכלה״, און רופט זיי אין די רייען פון קעמ־פער פאַר׳ן גליק פונ׳ם המון־העם און פון דער גאַנצער מענשהייט.

ליבערמאַן איז געווען דער טיפּישער פאָרשטייער פון דער גרופּע ראַדיקאַל־געשטימטע אינטעליגענטען, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין די זיבעציגער יאָרען אין רוסלאַנד אַלס אָפּ־צווייג פון די משכילים.

**צענטער אין אַמעריקע**

אויף אַ געוויסער צייט ווערט לאָנדאָן דער צענטער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער און אַרבייטער־באַוועגונג ביז׳ן סוף פון די 80־גער יאָרען, ווען דער צענטער גייט אַריבער צו ניו יאָרק. די באַוועגונג אַנטוויקעלט זיך אין ענגלאַנד אויסשליסליך אין אידיש. אַנדערש איז, אָבער, געווען אין אַמעריקע, וואו כמעט אין דערזעלביגער צייט, מיט׳ן אָנהויב פון דער אידישער מאַסען־אימיגראַציע, הויבט זיך אָן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז די ערשטע יאָרען, אַ דאַנק דער השפעה פון די איינגעוואַנדערטע רוסיש־אידישע אינטעליגענטען, אָנגעגאַנ־גען אין דער רוסישער שפּראַך. אין 1882 האָט אַ גרופּע אידישע אינטעליגענטען־סאָציאַליסטען פון רוסלאַנד געגרינדעט אין ניו־יאָרק דעם אַזוי־גערופענעם „פּראָפּאַגאַנדע פאַראיין״, וואו מ׳האָט גערעדט נאָר רוסיש. דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבען פירען די פּראָפּאַגאַנדע אין אידיש איז געווען אַב. קאַהאַן.

---

די פּרינציפּען־ערקלעהרונג פון דעם ערשטען אידישען סאָציאַליסטישען פאַראיין, ווערט דאָ געדרוקט אינ׳ם אָרי־גינעלען סטיל, אויך מיט דער אויסלעגאַכץ ווי זי איז געשריבען געוואָרען. זי איז צום ערשטען מאָל ערשינען אין דרוק ווי אַ טייל פון דער גרויסער אויספאָרשונג־אַרבייט פון דעם היסטאָריקער א. טשעריקאָווער — אין די היסטאָרישע שריפטען פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט אין ווילנע.

---

## סטאַטוטען פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען פאַראיין אין לאָנדאָן

**ווייל מיר זיינען איבערציוגט :**

אַז די אָרדנונג וואָס הערשט איצט אין אַללע לענדער איז מעהר ניט וויא גזלה און אונרעכט ; דיא קאַפּיטאַליסטען, די הערשער און די גייסטליכע (דוכאָווניע) האָבען צוזאַמען אַללע מענשענרעכטע און אַללעם גוטס פאַר זיך אַלליין און דורך די העררי־שאַפט פון די געלט האָבען זיי גימאַכט דיא אַרבייטער צו זייערע שקלאַפען (קנעכט), אַז זאָלאַנג עס וועט זיין פּריוואַט אייגענטהום, וועט ניט אויפהערען דאָס עקאָנאָמישע עלענד ; זאָלאַנג די מענשען וועלען זיין געטהיילט אין פעלקער און געשלעכטער, וועט אַלץ זיין צווישן זיי שנאת חנם, און זאָלאַנג עס וועלן הערשען די גייסטליכע איבער דיא געמיטהער פון דאָס פאָלק, וועט זיין רעליגיאָנסהאַסס ;

אַז די ווירקליכע רעטטונג פון אַללע מענשען קען עררייכט ווערן נור דורך אַ גרינדליכע אומוועלצונג אין דיא פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסע צו אויסוואורצלען אַללעס בעשטעהענדע און אויפבויען אנשטאט דעם אַ נייען בנין אויף דיא סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, כדי עס זאָלל אונטערגיין אַללעס אונרעכט און די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, עס זאָלל ניט זיין קיין לייודיגגייער און קיין „מיין און דיין", אַז אַללע מענשען זאָללען האָבען גלייכע רעכטע און איטלאַכער זאָלל קענגען און גייסטיג משלים זיין און נאָך זיין פרייען וויללען זאָלל ער קעננען אָנווענדען זיינע פעהיגקייטען צום נוטצען און צוא דער השלמה פון אַללע מענשען;

ווייל מיר זיינען אַ טהייל פון דער מענשהייט, דעריבער קען אונז ניט קומען קיין ישועה מעהר ניט ווי דורך דער ערלעזונג פון דער גאַנצער מענשהייט.

אַז די ערלעזונג דער גאַנצער מענשהייט פון עלענד און שקלאַפעריי קען בעווירקט ווערן נור דורך דיא אַרבייטער אַלליין, אַז זיי וועלן זיך פעראייניגען צו שטורמקאַמפף געגען זייערע רויבער, צו צערשטערן די בעשטעהענדע אָרדנונג און אָנשטאָט דעם פעסטצוזעטצען דיא הערשאַפט פון אַרבייט, גערעכטיגקייט, פרייהייט און ברידערליכקייט פון אַללע מענשען;

און אַז די אַרבייטער פון אייראָפּע און אַמעריקע האָבען זיך פעראייניגט און פערשיעדענע געזעללשאַפטען צו עררייכען דעם ערהאבענע ציעל און זיי בערייטען זיך צור רעוואָלוציאָן אום צוא גרינדען די הערשאַפט פון אַרבייטער־סאָציאַליזמוס —

האָבען מיר אידישע קינדער דעריבער בעשלאָססען:

זיך אָנצושליעסען ברידערליך אָן דעם הייליגען אַרבייטער־בונד און צו דעם צוועק האָבען מיר געגרינדעט איין

„אידישען סאָציאַליסטישען פעראיין",

וואָס זיינע מיטגלידער ערקעננען אָן וואַהרהייט גערעכטיגקייט און זיטטליכקייט אַלס גרונד־נור פון זייער פערהאַלטען געגען איינאַנדער און געגען אַללע מענשען אָהנע אונטערשיידע פון פאַרבע, נאַציאָן אָדער רעליגיאָן, און האָבען אָנגענומען פאָלגענדע פּונקטען:

1) דער פעראיין בעשטרעפּט זיך צו פערברייטען די סאָציאַליסטישע אידעען אויסעטום אונטער אידען, וויא אויך אונטער אַנדערע פעלקער, צו גרינדען עהנליכע געזעלשאַפטען וואָ דער פעראיין וועט קענען און צו פעראייניגען די אַרבייטער צום קאַמפף געגען זייערע אונטערדריקער.

2) דער פעראיין בעשטרעבט זיך ברידערליך צו פערבינדען מיט אַרבייטער געזעללשאַפטען פון אַנדערע נאַציאָנען.

2) יעדער אַרבייטער קען אין פעראיין אויפגענומען ווערען אויף פאָרשטעללונג פון 2 מיטגלידער.

4) אַללע מיטגלידער זיינען גלייך בּאַרעכטיגט. יעדער פון זיי צאָהלט אין די פעראיינסקאססע 2 פענס אַ וואָך אָדער 8 פענס אַ חדש.

5) יעדען שבת צו נאַכט איז אַ פערזאַמלונג. יעדע פערזאַמלונג קלייבט אויס איר פרעזידענט און אַללע בעשליססע ווערען אָנגענומען דורך שטיממענסערהייט פון די פערזאַמעלטע.

6) סעקרעטער און קאַססירער ווערען אויף 6 חדשים אויסגעקליבען אָבער דיא געזעלשאַפט קען זיי ענזעצערן צו יעדער צייט.

7) דער, וואָס זיינע האַנדלונגען שטיממען ניט מיט דיעזע סטאַטוטען, ווערט אויסגעשלאָססען.

# און אַזוי איז די געווערקשאַפטען געבוירען געוואָרען

**דער גאָלדענער יובל פון אַ גאָלדענער עפּאָכע**

פון י. מאַנידאָוו

אַלס איינער וואָס איז דערביי געווען, ווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז געגרינדעט געוואָרען מיט פופציג יאָר צוריק, אַלס איינער וואָס האָט גענומען אַ האַנט אין דעם, און איבערהויפּט דורכגעלעבט יענע וויכטיגע און אינטערעסאַנטע פעריאָדע אין אידישען לעבען אין אַמעריקע, האָב איך נאַטירלאַך וואָס צו דערציילען, ווי מען זאָגט, פון דער ערשטער האַנט, פון מיינע אייגענע איבערלעבונגען און ערפאַרונגען, און פון מיינע פערזענלאַכע זכרונות און איינדרוקען. איבערלעבונגען זיינען נאָך אַזוי פריש אין מיין זכרון, אַז מיר דאַכט זיך, אַז די געזיכטער פון מיינע דאַמאָלטיגע חברים שטיין נאָך אַלץ פאַר מיינע אויגען און אַז זייערע שטימען קלינגען נאָך אַלץ אין מיינע אויערען. דאָס איז גאָר ניט קיין וואונדער. עס ערקלערט זיך פשוט דערמיט וואָס אין די יונגע יאָרען זיינען מיר מער עמפינדלאַך צו אַלערליי איינדרוקען, ווי אין די שפּעטערע יאָרען. מען זאָגט אַז פרייד און לייד, ליבע און האַס, האָפנונג און פאַרצווייפלונג פיהלען זיך אַ סך שטאַרקער אין דער יוגענט ווי שפּעטער. אין אונזער פאַל האָבען מיר געהאַט נאָך אַ ספּעציעלע אורזאַך צו זיין מער עמפינדלאַך; מיר זיינען דעמאָלט ערשט אָנגעקומען פון אַן אַלטער וועלט צו אַ נייער. דעריבער, ווען איך קלייב זיך צו רעדען וועגען יענע צייטען דאַרף איך זיך גאָרניט גראָבען אין די אַרכיווען צו זוכען פאַקטען אָדער דאַטען; איך האָב זיי אַלע אויף מיינע פינגער; פאַר מיר איז דאָס אַלץ אַן אָפען בוך.

דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט וועגען דער גרינדונגס־פעריאָדע. מיט דער ווייטערער ענטוויקלונג פון די געווערקשאַפטען האָב איך שוין ווייניג וואָס געהאַט צו טאָן.

### די געווערק־שאַפטען אידייע

מען זאָגט אויף מיר, אַז איך בין געווען דער איניציאַטאָר פון דעם פּלאַן צו גרינדען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, אָבער דאָס איז ניט אין גאַנצען ריכטיג. די אידעע איז טאַקע געקומען פון מיר, אָבער עס איז ניט געווען מיין אייגענע. עס איז ניט דורכאויס געווען מיין ערפינדונג אָדער אַנטדעקונג. איך האָב די אידעע גענומען ביי די דייטשען. עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין ניו יאָרק אַ פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען, וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע; איז מיר איינגעפאַלען צו פאָלגען דעם ביישפּיל פון די דייטשען און אַראָפּנעמען אַ מוסטער פון זיי פאַר דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. און דער מוסטער איז ווירקלאַך געווען אַן אויסגעצייכענטער. די אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ קאָמפּעטענטע און דיסציפּלינירטע; די מענשען, די דעמאָלטיגע דייטשען, זיינען געווען פּראָגרעסיוו און סימפּאַטיש, גאָרניט ווי די היינטיגע איינוואוינער פון יאָרקוויל.

מיין פּלאַן איז אַלזאָ געווען צו שאַפען אַ אידישע קאָפּיע נאָך דעם דייטשען מוסטער, אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז די קאָפּיע איז גאָר געווען מער אָריגינעל ווי דער אָריגינאַל. מיר זיינען אַוועק אויף אַ גאַנץ אַנדער וועג, ווייל די צושטאַנדען, אונטער וועלכע מיר אידען האָבען געלעבט, זיינען געווען גאַנץ אַנדערש ווי ביי די דייטשען, און עס האָבען זיך געפאָדערט אַנדערע מיטלען און אַנדערע מעטאָדען.

### אַ מוסטער פון דייטשע אימיגראַנטען

לאָמיר דאָס אַ ביסעל גענויער ערקלערען.

די דייטשען זיינען געגאַנגען צו זייער ציל, צו דער יוניאָניזירונג פון די דייטשע אַרבייטער, אויף דעם מעטאָדישען דייטשען וועג. זיי האָבען פריער געשאַפען זייערע באַזונדערע געווערקשאַפטען, אָדער יוניאָנס, און נאָך דעם ווי עס האָבען שוין עקזיסטירט אַ היבשע צאָל גוט־אָרגאַניזירטע דייטשע יוניאָנס, האָבען זיי די יוניאָנס פאַרבונדען אין אַ פאַראייניגטער דייטשער געווערקשאַפטען.

כדי צו אילוסטרירען ווי גוט די דייטשע אַרבייטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אונטער דער פאַראייניגטער דייטשער געווערקשאַפטען, וועל איך צוגעבען איין אילוסטראַציע.

איינע פון די וויכטיגסטע אינדוסטריען אין ניו יאָרק וואָס איז געלעגען אין דייטשע הענט איז געווען די ביר־אינדוסטריע. די ביר־ברויערייען אין ניו יאָרק זיינען געווען די גרעסטע אין

דער וועלט. איז די ביר־באַראָנען איינגעפאַלען צו פירען אַן „אָפען שאַפ" אין זייערע ברויערייען. די אַרבייטער האָבען אָבער געהאַט אַ גוטע אָרגאַניזאַציע, די ביר־ברויער־יוניאָן נומער 1, און הינטער זיי איז געשטאַנען די פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען מיט צענדליגע טויזענדע מעמעברס. די יוניאָן האָט ערקלערט אַ סטרייק, און די דייטשע געווערקשאַפטען האָט ערקלערט אַ באָיקאָט אויף דעם „פול"־ביר. און עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז די רייכע און מעכטיגע ביר־ברויער האָבען זיך שטאַרק פאַררעכענט. זיי האָבען געמאַכט דעם חשבון אָהן דעם באַלעבאָס. און דער באַלעבאָס איז געווען דער דייטשער ביר־טרינקער, און ספּעציעל טאַקי דער דייטשער אַרבייטער. אַלס רעזולטאַט פון דעם באָיקאָט האָט דער „פול" פאַרלאָרען זיינע בעסטע קאָסטאָמערס און ער האָט געמוזט זוכען אַ סעטלמענט.

## אידעאַליסטן; די ערשטע באַראַטונג

ווען מיר אידען האָבען גענומען קלערען וועגען אַ פאַראייניגטער אידישע געווערקשאַפטען האָבען מיר ניט געהאַט אַזעלכע שטאַרקע יוניאָנס ווי די דייטשען. מיר האָבען פּראַקטיש געהאַט בלויז צוויי קליינע אידישע יוניאָנס, די שריפטזעצער יוניאָן און די כאָריסטען יוניאָן ביי די אידישע טעאַטערס. אויב מיר וואָלטען געפאָלגט דעם דייטשען וועג, וואָלטען מיר באַדאַרפט וואַרטען ביז עס וועלען אויפוואַקסען אַ צאָל אידישע שטאַרקע יוניאָנס. האָבען מיר גאָר אָנגעשלאָגען אַנאַנדער וועג. מיר האָבען באַשלאָסען פריער צו שאַפען אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, באַשטייענד פון די צוויי קליינע יוניאָנס בלויז, און ערשט דאַן גענומען זיך שאַפען יוניאָנס, וואָס זאָלען קאָנסטיטואירען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

עס איז געווען אַ געוואַגטע, אַ פאַנטאַסטישע אונטערנעמונג. אָט דערפאַר זאָג איך, אַז אונזער קאָפּיע איז געווען מער אָריגינעל ווי דער אָריגינאַל. ס'האָט פּשוט געמיינט, אַז מיר האָבען זיך געקליבען צו בויען אַ הויז, אָנפאַנגענדיג ניט פון פונדאַמענט, נאָר פון דאַך, אָדער בעסער געזאָגט, פון בוידעם.

אָבער מיר זיינען גאָרניט געווען אַזוי משוגע. ווייניגסטענס איז געווען אַ געוויסע סיסטעם אין אונזער משוגעת. מיר האָבען געוואוסט, אַז אויף דעם דייטשען וועג וועלען מיר קיינמאָל ניט דערגרייכען אונזער ציל, צו שאַפען אַ טרייד יוניאָניסטישע באַוועגונג ביי אידען. מיר האָבען אַזוי געהאַנדעלט, ניט ווייל מיר זיינען געווען בלויז אונגעדולדיג און מיר האָבען ניט געוואָלט זיצען מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטען ביז די אידישע יוניאָנס וועלען אויפוואַקסען פון זיך זעלבסט. מיר האָבען פאַרשטאַנען, אַז דער דייטשער וועג איז ניט פאַר אידישע אַרבייטער. מיר האָבען זאָגאָר געהאַט ערפאַרונגען וואָס האָבען אונז געלערענט.

דער פאַקט איז, אַז אַ יוניאָן־באַוועגונג איז אָנגעגאַנגען צווישען אידישע אַרבייטער נאָך אין די ערשטע יאָרען פון דער גרויסער אימיגראַציע, און עס זיינען געווען דזשענעראַל סטרייקס ביי קלאָקמאַכער און שניידערס נאָך אין יאָר 1882. אָבער גלייך נאָך די סטרייקס, צי זיי זיינען געווען פאַרלאָרען, צי געוואונען, זיינען די יוניאָנס אויפגעלייזט געוואָרען. די צרה איז געווען וואָס די גרינע אידען זיינען געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז אַ יוניאָן מיינט אַ סטרייק, און דאַרום איז ביי זיי אויסגעקומען אַז סוף סטרייק מיינט סוף יוניאָן. און אַזאַ איינדרוק איז פאַרבליבען ביי די אידישע אַרבייטער אין ניו יאָרק ביז דער גרינדונג פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען.

אַ סך יוניאָנס זיינען פריער געגרינדעט געוואָרען, און זיי זיינען אַלע אונטערגעגאַנגען, און די ערפאַרונג מיט די צופאַלענע יוניאָנס האָט אונז געלערענט, אַז מיר האָבען די נויטיגע גוטע ציגעל פאַר דער געפּלאַנטער געביידע, אַ טרייד יוניאָניסטישער באַוועגונג ביי אידען, אָבער אונז האָט געפעלט דער צעמענט, וואָס זאָל האַלטען די ציגעל צוזאַמען אין אַ פעסטען מויער. די פראַגע איז דערום ענטשטאַנען: וואו נעמט מען דעם נויטיגען צעמענט? און אויף דעם איז אונזער ענטפער געווען: אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

די אידייע איז געווען, אַז אויב מעמבערס פון אידישע יוניאָנס וועלען וויסען, אַז עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע יוניאָנס, וואָס שטייען הינטער זיי, און אַז די אַלע איבריגע יוניאָנס זיינען פאַראייניגט אין איין אָרגאַניזאַציע צו העלפען איינער דעם אַנדערן, וועלען זיי קריגען מער אמונה אין זייערע איינצעלנע יוניאָנס, און זיי וועלען זיך צוגעוואוינען צו בלייבען אָרגאַניזירט אפילו נאָך אַ סטרייק.

## דער פאָרשלאַג

איך האָב די אידייע פון אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צוערשט פאָרגעשלאָגען ביי אַ מיטינג פון דעם אידישען ברענטש 8 פון דער דעמאָלסדיגער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי, צו וועלכער איך האָב דאַן געהערט. עס איז פּראַקטיש ניט געווען קיין אַנדער אידישע אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער איך האָב זיך געקענט ווענדען. און דער פאַקט אַז עס איז ניט געווען דעמאָלט קיין איינציגע פאַראַנטוואָרטלאַכע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קענען אויפטרעטען אין נאָמען פון די אידישע אַרבייטער און רעדען פאַר זיי, איז געווען נאָך אַן אורזאַך, פאַר מיין טרוים צו האָבען אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. עס האָט זיך פּשוט געוואָלט זעהען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האָבען די אויטאָריטעט אויפצוטרעטען אין נאָמען פון די גרינע אידישע אַרבייטער, רעדען פאַר זיי, האָבען אַ פּרעסטיזש, קאָמאַנדירען רעספּעקט.

און מיינע חברים פֿון ברענטש 8 סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי זיינען געווען פֿון דערזעלבער מיינונג, און זיי האָבען אויפֿגענומען מיין פֿאָרשלאַג מיט ענטוזיאַזם. אַ קאָמיטע איז גלייך באַשטימט געוואָרען אַנצוגיין מיטן פּלאַן, און די ערשטע זיצונג פֿון דער קאָמיטע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען ביי מיר אין הויז, אין מיין דעמאָלסדיגער וואוינונג אין 189 מעדיסאָן סטריט.

**די ערשטע ארויסטרע־טונג; הילקוויט**

מיין פּלאַן איז ניט צו שרייבען היסטאָריע, דאָס לאָז איך צו אַנדערע. איך שרייב בלויז ערינערונגען און איינדרוקען, און דאַרום וועל איך ניט איבערגעבען איינצעלהייטען. איך וועל בלויז דערמאָנען, אַז דער נעקסטער מיטינג איז שוין געווען אין לייבאָר לייסעאום, איסט 4־טע סטריט, די הויפּט קוואַרטיר פֿון דער דעמאָלסדיגער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי, און ביי דיזען מיטינג זיינען שוין געווען אַנוועזענד דעלעגאַטען פֿון די צוויי יוניאָנס, וועלכע האָבען געדינט אַלס דער ווינקעל־שטיין פֿון אַ פֿאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפֿטען, די שריפֿטזעצער און די כאָריסטען יוניאָנס. ביי דיזער זיצונג האָט זיך אויך געמעלדעט אַ פֿאַרטרעטער פֿון די אַקטיאָרען, וועלכע האָבען דעמאָלט געהאַלטען אין אָרגאַניזירען זיך, און נאַטירלאַך איז דאָרט געווען פֿאַרטראָטען דער ברענטש 8, ס. א. פּ., הגם דער ברענטש איז ניט געווען קיין יוניאָן. מען קען זאָגען, אַז איר פּאָזיציע איז געווען ווי פֿון אַ „פּראָמאָטער פֿון אַ קאָרפּאָריישאָן", וועלכער קריגט סטאַק און דאַרף פֿאַר דעם ניט באַצאָלען. פֿאַרשטייט זיך, אַז די דעלעגאַטען פֿון ברענטש 8 זיינען געווען די טעטיגסטע מעמבערס.

און אַבוואָהל די נייע אָרגאַניזאַציע איז געווען גאַנץ קליין און האָט אויסגעזען שוואַך, האָט זי זיך אונטערגענומען, און אויך דורכגעפֿירט, אַ ריזיגע שטיק אַרבייט. די אַרבייט איז באַשטאַנען אין אַ שטאַרקען דרייוו צו אָרגאַניזירען נייע אידישע יוניאָנס. דער מיטינג האָט זיך קאָנסטיטואירט אַלס אַ קאָמיטע פֿאַר אָרגאַניזאַציע, אומגעהער ווי די „סי־איי־אָ" היינט צו טאָג. דער אונטערשייד איז בלויז דער: די „סי־איי־אָ" האָט אָנגעפֿאַנגען איר דרייוו מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון אַ מיליאָן דאָלער, ווערענד מיר האָבען ניט געהאַט אַ סענט ביי דער נשמה. אונז האָט אָפּט געפֿעלט אַ ניקעל אויף קאַרפֿעיר, און מיר זיינען געגאַנגען צו פֿוס פֿון איין עק איסט סייד צו דער צווייטער. וואָס פֿאַר אויסגאַבען מיר האָבען געהאַט, זיינען זיי געדעקט געוואָרען פֿון אייגענע פּאַקעטס.

און עס איז געווען אַ פֿיבערהאַפֿטע טעטיקייט. עס איז ניט אַוועק אַ וואָך, אַז אַ נייע יוניאָן זאָל ניט געגרינדעט ווערען. צו רופֿען אַ מיטינג פֿון אַ געוויסען טרייד האָט זיך געפֿאָדערט צו דרוקען „הענדבילס" און זיי פֿאַרטיילען אין די שעפּער; עס האָט זיך געפֿאָדערט צו דינגען אַ האָל, איינלאַדען רעדנער, און דאַן נאָכן מיטינג „אַריינציען מעמבערס" און זיי אָרגאַניזירען.

איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסען דעם ערשטען מיטינג וואָס מיר האָבען גערופֿען צו אָרגאַניזירען די שניידער. עס איז געווען אַ שבת נאָכמיטאָג אין אַדד פֿעללאָוס האָל, 98 פֿאָרסייטה סטריט. דער מיטינג איז געווען פֿול געפּאַקט, אָבער די אַדווערטייזטע רעדנער זיינען ניט געקומען. עס האָט אויסגעזען ווי אַ פֿיאַסקאָ, און מיר זיינען אַלע געווען שטאַרק ענטוישט. האָט זיך אויפֿגעהויבען איינער פֿון אונזער קאָמיטע, און ער האָט וואָלאָנטירט צו האַלטען אַ רעדע צו די שניידער.

דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן פֿון אַרום 20 יאָר. אַבוואָהל ער האָט רעגעלמעסיג באַזוכט אַלע אונזערע פֿאַרזאַמלונגען און זיצונגען, האָט ער ביז דעם מאָמענט קיינמאָל דאָס מויל ניט געעפֿענט. ער איז געווען צו שעמעוודיג. און קוקענדיג אויף אים האָט מען געקענט מיינען, אַז ער קען צוויי ניט ציילען. אָבער ווי נאָר ער האָט געעפֿענט דאָס מויל, האָבען מיר געעפֿענט די אויגען און די אויערען. מיר האָבען פֿאַר זיך דערזען אַ מאַן מיט אַ זעלטענעם רעדנער טאַלאַנט, וואָס האָט באַצויבערט אַלע אַנוועזענע. דאָס איז געווען מאָריס הילקוויט.

**דערגרייכט צוויי צילען**

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז זייט דעמאָלט האָבען מיר מער קיין זאָרג ניט געהאַט וועגען רעדנערס. דער נעקסטער מיטינג איז געווען פֿאַר שוירטמייקערס, דאָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע אינדוסטריע אין ניו יאָרק, און ביי דיזען מיטינג איז שוין הילקוויט געווען אין „זיינע עלעמענטען". אין די גרינגע יאָרען איז ער, ווי אַ טייל אַנדערע סאָציאַליסטישע פֿירער, געווען אַ שוירטמייקער.

און אַזוי איז יעדע וואָך צוגעקומען אַ נייע דעלעגאַציע פֿון אַ נייער יוניאָן צו די געווערקשאַפֿטען. איין האַנט, קען מען זאָגען, האָט געוואַשען די אַנדערע. די אָרגאַניזאַציע, די פֿאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפֿטען האָט געשאַפֿען און געשטעלט אויף די פֿיס פֿאַרשיידענע יוניאָנס, און די יוניאָנס האָבען פֿאַרגרעסערט און פֿאַרשטאַרקט די אָרגאַניזאַציע, די פֿאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפֿטען. דער פּלאַן צו בויען די געביידע פֿון בוידעם איז געלונגען.

אין אויפֿבויען אַזוי די פֿאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפֿטען האָבען מיר דערגרייכט צוויי הויפּט צילען. איין ציל איז געווען צו שאַפֿען אַ שטאַרקע טרייד יוניאָניסטישע באַוועגונג ביי אידען, און עס איז געווען נויטיג אָנפֿאַנגען פֿון אויבען אַראָפּ; דער צווייטער ציל איז

געווען צו שאַפען אַ רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קענען אויפטרעטען און רעדען אוןווירקען אין נאָמען פון אידישע אַרבייטער, אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ פּרעסטיזש, וואָס זאָל האָבען אַן איינפלוס און אַרויסרופען רעספּעקט. און מיר האָבען טאַקע מיט אַמאָל דערגרייכט ביידע זאַכען.

**אַ לעבען אין נויט**

אַז די טרייד יוניאָניסטישע באַוועגונג, וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אויפגעטאָן פיל פאַר די אידישע אַרבייטער ווייס יעדער איינער. אָבער ניט יעדער ווייס וואָס פאַר צושטאַנדען עס האָבען געהערשט אין ניו יאָרק מיט פופציג יאָר צוריק אין צייט פון די סוועט שעפּער און דעם ציל אַרבייט־סיסטעם, ווען מען האָט געאַרבייט און געשלאָפען ביי די מאַשינען אין די פינסטערע טענעמענט הייזער, וואו טויזענדע אַרבייטער האָבען געליטען פון דער פראָלעטאַרישער קראַנקהייט לונגפעלער, שווינדזוכט. עס איז דעמאָלט געווען אַ ווערטעל אַז אַ שניידער אַרבעט 25 שעה אין מעת לעת; און אויף דער פראַגע, ווי אַזוי איז דאָס מעגלאַך, איז געווען דער ענטפער, אַז אַ שניידער שטייט אויף אַ שעה פאַרטאָג. דערצו האָבען די טרייד יוניאָנס געמאַכט אַ סוף.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אָבער אויסגעאיבט נאָך אַנדערע איינפלוסען, אויפהויבענדיג די סאָציאַלע לאַגע פון דעם אידישען אַרבייטער. דער פאַקט איז, אַז מיט פופציג יאָר צוריק איז דער אידישער אַרבייטער געווען אונטערדריקט ניט נאָר עקאָנאָמיש נאָר אויך סאָציאַל, און ספּעציעל דערפאַר וואָס ער איז געווען גרין. ער האָט געליטען ניט נאָר פון די באָסעס, נאָר אויך פון די פּאָליטישענס און פון דער פּאָליס און פון די גענגס און לויפערס אין גאַס. דיזע לאַגע איז געוויסערמאסען אויסגעבעסערט געוואָרען פון שטאַטישע רעפאָרמען, אָבער דער הויפּט קרעדיט פאַר דער בעסערונג געהערט צו די טרייד יוניאָנס און דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען.

**כבוד פאַר'ן אידישען פאָלק**

מען קען ווירקלאַך זאָגען, אַז די אידישע טרייד יוניאָן באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט פופציג יאָר צוריק מיט דער גרינדונג פון די געווערקשאַפטען, האָט געראַטעוועט די גאַנצע דעמאָלסדיגער אידישע אימיגראַציע. עס איז געשען אַזוי: מיט איבער פופציג יאָר צוריק האָט אין ניו יאָרק אויסגעבראָכען אַ סטרייק פון לאָנגשאָרמען ביי די ניו יאָרקער דאַקס. איז עטלאַכע פון די רייכע פאַרזאָרגער פון די אימיגראַנטען איינגעפאַלען צו שיקען די גרינע אידען סקעבען געגען די סטרייקערס, און די אונשולדיגע אימיגראַנטען האָבען געכאַפּט קלעפּ. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איבערן לאַנד איז פאַרשפּרייט געוואָרען דער איינדרוק, אַז די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג איז אין געפאַר צוליב דעם גרויסען מאַסען שטראָם פון אידישע אימיגראַציע. עס איז אפילו געווען אַ געפאַר, אַז דאָס וועט אויסגענוצט ווערען פון די נאַטיוויסטען צו פאַרשליסען אין גאַנצען אַמעריקעס טויערען פאַר אימיגראַנטען. און אויב דאָס וואָלט דורכגעפירט געוואָרען מיט פופציג יאָר צוריק, אַנשטאָט נאָך דעם קריג, וואָלט די געשיכטע פון אידען אין אַמעריקע אַנדערש געשריבען געוואָרען. די אידען אין אַמעריקע וואָלטען קיינמאָל ניט דערגרייכט דעם איינפלוס, וואָס זיי האָבען איצט.

און דאָס האָבען פאַרהיט די אידישע טרייד יוניאָנס אין ניו יאָרק. זיי האָבען שנעל געקראָגען די רעפּוטאַציע אַלס „טרייד יוניאָניסטען נומער 1", און דיזע רעפּוטאַציע האַלטען זיי נאָך אַלץ אָן. ערשט ניט לאַנג צוריק האָט פּרעזידענט רוזוועלט טאַקע געגעבען אַזאַ דיפּלאָם צו דער אינטערנעשאָנעל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן. די אידישע אַרבייטער באַוועגונג האָט מער אויפגעטאָן פאַר'ן אידישען כבוד ווי אַלע אידישע קאַפּיטאַליסטען צוזאַמען.



# די ערשטע עטליכע יאָר

..עראינערונגען פון איינעם
וועלכער האָט זיי דורכגעלעבט

פון ב. ווײנשטײן

דער ריכטיגער טאָג פון דער גרינדונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז 9טער אָקטאָבער, יאָר 1888.

מיר דאַרפען דערביי געדענקען די אימיגראַציע וואָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון די פאָגראָמען אויף אידען אין פילע שטעט פון זיד־רוסלאַנד.

די ערשטע 9 יאָר, פון 1881 ביז 1890, האָט יענע אידישע אימיגראַציע, לויט דעם אָפּי־ציעלען צענזוס פון די פאַראייניגטע שטאַטען, געבראַכט קיין ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט פון לאַנד די צאָל פון 193.021 רוסישע אידען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען די אָרימסטע פון אָרימע מענשען אין רוסלאַנד. די האָפנונג פון אַ טייל פון יענע אימיגראַנטען איז געווען צו גרינדען אין נייעם לאַנד קאָאָפעראַטיווע קאָלאָניעס און צו ווערען אין אַמעריקע פאַרמערס. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען פון די ערוואַרטונגען אַ בוידעם. און עס איז געבליבען פאַר יענע ערשטע „גרינע" אידען פון רוסלאַנד בלויז איין אויסוועג: גיין צו דער אַרבייט. דאָס איז געווען אַ שווערע זאַך פאַר דער גרעסטער צאָל פון יענע אידישע אימיגראַנטען; זיי האָבען ניט געקענט קיין מלאכה.

## רייכע פאַבריקאַנטען

צום גליק פון יענע אימיגראַנטען, האָבען אין יענער צייט אין ניו־יאָרק גענומען וואַקסען אַלע שניידערשע טריידס. עס האָט זיך אויך גענומען אומגעהויער שטאַרק פאַרשפּרייטען דער „סוועטינג־סיסטעם" מיט מאַסען קליינע שעפּער, וואו די „גרינע" אידען מיט זייערע פרויען און קינדער האָבען געהאַט אַ געלעגענהייט גרינג אויסצולערנען זיך ווי אַזוי אויסצואַרבייטען אַ קליינעם טייל פון אַ בגד.

די רייכע קליידער־פאַבריקאַנטען אין ניו־יאָרק, אין וועמעס פאַבריקען עס פלעגען אויסגעאַרבייט ווערען קליידער פאַר גאַנץ אַמעריקע, האָבען שטענדיג געזוכט ביליגע הענט, און דאָ האָבען זיי מיט אַמאָל אַריינגעקראָגען גרויסע מאַסען „גרינע" אימיגראַנטען, וואָס האָבען זיך אָנגעכאַפּט צו קריגען עפּעס אַרבייט, אַבי אַ לעבען צו מאַכען פאַר זייערע פאַמיליעס. „סוועט־שעפּער" האָבען אין ניו־יאָרק שוין עקזיסטירט פון יאָרען לאַנג. נאָך איידער די אידישע אי־מיגראַנטען זיינען אָהערגעקומען, פלעגען אין „סוועט־שעפּער" אַרבייטען איירישע און נאַכהער דייטשע אימיגראַנטען, וואוהין זיי פלעגען מיטנעמען צו דער אַרבייט זייער גאַנצע פאַמיליע, יונג און אַלט. און ווען עס האָבען גענומען קומען די גרויסע מאַסען אידישע אימיגראַנטען, האָבען זיי גענומען אָנפילען די גרויסע צאָל נייע „סוועט־שעפּער" אויף דער איסט סייד פון ניו־יאָרק, וואו די „גרינע" אידען האָבען דאַמאָלסט געוואוינט.

אַ „סוועט־שאָפּ" אין אַ טענעמענט־הויז איז געווען אי אַ פעקטאָרי, אי אַ וואוינונג פאַר דעם באַלעבאָס, וועלכען מען פלעגט רופען „קאָנטראַקטאָר". די קאָנטראַקטאָרס פלעגען אַרויס־נעמען געשניטענע באַנדלאַך קליידער ביי די רייכע פאַבריקאַנטען, און די בגדים פלעגען אויפ־געניי ווערען פון די אימיגראַנטען, וועלכע פלעגען אויך מיטנעמען צו דער אַרבייט זייערע פרויען און קינדער, מיט וועמען זיי פלעגען שקלאַפען פון 14 ביז 18 שעה אין מעת־לעת פאַר אַ הונגער־לוין. אַזוי פלעגען זיי אַלע צוזאַמען שקלאַפען גאַנצע טעג און האַלבע נעכט אין פינסטערע טענעמענט־לעכער און טוכלע קעלערס, אויף די טאָפּ־פלאָרס פון אַלטע פאַרפעסטעטע טענעמענט־הייזער. צו יענער צייט איז נאָך ניט געווען קיין געזעץ, אַז עס מוזען זיין „פייער־עס־קעיפּס", און די טענעמענט־הייזער זיינען געווען, חוץ אַלעמען, אויך אמת'ע פייער־פאַסטקעס.

## אַרבייט אין די ערשטע סוועט־שעפּער

די שכירות, וואָס יענע „קאָלומבוס'עס" בעל־מלאכות פלעגען קריגען פאַר זייער שווערער פראַצע, פלעגט זיין 1 דאָלער מיט 20 סענט אַ וואָך און פאַר קינדער און פאַר דערוואַקסענע אַר־בייטער פון 4 ביז 5 דאָלער אַ וואָך.

אַ געוויסע צאָל פון יענע ערשטע אידישע אימיגראַנטען פון די 80 יאָרען, וואָס זיינען געווען אַרבייטער פון דער היים, האָבען זיך געמיהט ווי עס איז צו מאַכען אַן אָרעמען לעבען אַלס בעקערס, ציגאַרען־מאַכערס, פּיינטערס און אַנדערע פאַבריק־אַרבייטער.

דאָס לעבען פון די דעמאָלטדיגע אידישע אימיגראַנטען אין דער גאָלדענער מדינה איז געווען זעהר שווער און טרויעריג.

אַ גאַנצען טאָג האָבען די „גרינע” געשקלאַפּט אין די „סוועט־שעפּער”. ביינאַכט האָבען זיי זיך געשטיקט אין די ענגע לעכער פון די פאַרפּעסטעטע און לעבענס־געפעהרליכע וואוינונגען אויף דער איסט סייד.

טענענעמענט הייזער קעלער־שעפּער

דאָס איז געווען מיט אַ 53 יאָר צוריק, איך בין נאָך זעהר יונג געווען, און בלויז 3 יאָר אין לאַנד. אַ שבת צו נאַכט בין איך געגאַנגען צו גאַסט צו מיינעם אַ קרוב, וועלכער איז אין אַדעס געווען אַ שילער אין דער רעאַל־גימנאַזיע, און דאַ איז ער געוואָרען אַ קלאָוקס־אפּרייטאָר. ער האָט שוין פאַרדינט גרויסע „ווייזשעס”, הויפּטזעכליך אין „ביזי סיזאָן”. אין יענע יאָרען זיינען קלאָוקס אפּרייטאָרס געווען צווישען די בעסטע פאַרדינערס.

אַ קאָמפּאַניע לאַנדסלייט זיינען מיר געקומען יענעם אָווענט צום געבורטסטאָג פון דעם אפּרייטאָר׳ס דריי־יאָריגער טעכטערל, אָבער איר פאָטער האָט מע פלוצלינג שבת ביינאַכט אָוועקגערופען אין שאָפּ, צוליב דער גרויסער ביזי, און ער איז אַוועק צו דער אַרבייט.

דער עולם וואַרט. עס איז שוין צוועלף, און דער הויפּט בעל־שמחה איז ניטאָ. זיין יונגע פרוי, אַ גימנאַזיסטקע פון אַדעס, דערציילט אונז: עס איז שטאַרק ביזי ביי קלאָוקס (אין יענע צייטען פלעגט מען ביי די „סוועט־שעפּער” שבת באַטאָג ניט אַרבייטען), איז דער יונגער קלאָוקס אפּרייטאָר שבת ביינאַכט אַוועקגעלאָפען אין שאָפּ, אַ פּאָר בלאָק פון זיין וואוינונג, צו מאַכען אַביסעל דזשעקעטס.

די געסט האָבען דערווייל גוט פאַרבראַכט. מען האָט אַריינגעטראָגען פון ביר־סאַלון אַ פּאָר קענדלאַך מיט ביר און צוגעביסען מיט היימישע קיכלאַך.

מאַכט אימיצער אַ פאָרשלאָג, מען זאָל אַוועקשפּאַצירען צום שאָפּ, וואו דער בעל־שמחה אַרבייט. געזאָגט און געטאָן. אַ טוץ יונגע מענשען, מענער, פרויען און קליינע קינדער, זיינען מיר אַרונטער פון טאָפּ־פלאָר און האָבען אַוועקגעשפּאַצירט צו אָרטשאַרד סטריט לעבען העסטער. עס האָט אונז גענומען בלויז עטליכע מינוט צוצוגיין, און אָט זיינען מיר שוין ביים בייסמענט פון קלאָוק־שאָפּ, מיט די פענסטער, וואָס האָבען אַרויסגעקוקט פון דער ערד.

דער קעלער־שאָפּ איז געווען באַלויכטען מיט געז־ליכט. דער קאָנטראַקטאָר פון סוועט־שאָפּ איז אויך געווען אַן אַדעסער לאַנדסמאַן, מיר האָבען אים אַלע גוט געקענט. דער „אימי־גיניצעס” מאַמע האָט מיך מיטגערופען און מיר האָבען ביידע דורך אַ האַל אַרויפגעקלעטערט שמאָלע פינסטערע טרעפּלאַך, און אַריינגעפאַלען אין אַ באַלויכטענעם קעלער־שאָפּ.

דאָס קלאַפּען פון די ניי־מאַשינען האָט אונז דאָרט ביידען ווי פאַרשמעלעט. מיר האָבען זיך גענומען אַרומקוקען: די ניי־מאַשינען זיינען געשטאַנען ביי די פענסטער האַרט צוגערוקט איינע צו דער צווייטער. די אפּרייטאָרס האָבען מיט זייערע אייגענע פיס שנעל געדרייט די מאַשינען, און די קערפּערס פון די אפּרייטאָרס האָבען געצאַפּעלט. זיי האָבען שטאַרק געטאַפּ־טשעט מיט זייערע פיס דעם פּעטענט־טרעטער*) פון דער ניי מאַשין. עס זיינען דאָרטען גע־זעסען אַ צענדליג יונגע אפּרייטאָרס, און זיי האָבען גענייט אויף די מאַשינען די דזשעקעטס. וואָס הייסט גענייט, זיי האָבען פּשוט פון זיך אַרויסגעיאָגט די קישקעס. די בלאַסע יונגע קלאָוקס אפּרייטאָרס האָבען געשוויצט.

ביי דער וואַנט איז געווען אַן אויסגעמויערטער „פייער־פּלעיס”, וואו עס האָבען געפלאַ־קערט ברענענדיגע קוילען, און אַרום זיי זיינען געשטאַנען גרויסע, שווערע ביגעל־אייזענס. ניט ווייט פון „פייער־פּלעיס” זיינען געשטאַנען עלטערע אידען מיט בערד און האָבען אויף „ביגעל־באָרדס” געפּרעסט די דזשעקעטס. אין מיטען שטוב זיינען געלעגען אין שמוץ די באַנדלאַך, געשני־טענע וואָרע, און אויף זיי זיינען געזעסען דריי־פיר יונגע אידישע מיידלאַך, וועלכע האָבען געפינישט און אָנגענייט קנעפּלאַך צו די דזשעקעטס. און אין אַ ווינקעל פון שאָפּ זיינען געזעסען עטליכע אינגעלאַך און האָבען געשלעפּט די פּאַסטריגעס (בייסטינגס) פון די קלאָוקס. דער באַלעבאָס אַליין איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביים וואַנט, און זיין יונגע טאָכטער, די בוכקיפּערין האָט גערעכענט פון ביכער די צאָל דזשעקעטס, וואָס יעדער אפּרייטאָר און יעדער ביגלער האָט אויסגעאַרבייט.

אַ קעראָסין־לאָמפּ און אַ שׂרפֿה

דער שוויץ־שאָפּ אין קעלער אויף אָרטשאַרד סטריט איז געווען אין יענער צייט אַ מוסטער פון סוועט־שעפּער.

אויפ׳ן וועג צוריק, גייענדיג דורך ברום סטריט, האָבען מיר דערזען אַ גרויסען עולם, אַרומ־געשטעלט מיט פּאָליס, פאַרצויגען מיט שטריק. „פייער־אינדזשינס” האָבען געהוזשעט און גע־קלונגען, און מען לאָזט ניט גיין ווייטער. מיר האָבען געזען, אַז דער פייער איז לעבען דעם הויז פון אונזער בעל־שמחה.

אַמבולאַנסען זיינען אַלץ געלאָפען און שטאַרק געקלונגען מיט גלעקער. דער עולם אַרום איז געווען ריזיג גרויס, אַ סך האַלב נאַקעט. שרעקליכע קולות האָט מען געהערט פון דאָרטען,

*) אַזאַ מאַכעריזקע וואָס מען האָט גערעכענט אַז מיט איר הילף וועט פאַר׳ן אפּרייטאָר שנעלער און גרינגער זיין צו טרייען די מאַשינקע.

וואו דער פייער איז געווען. מען האָט געזאָגט, אַז זעקס מענשען צוברענטע האָט מען מיט אַמבולאַנסען אַוועקגעפירט אין האָספּיטאַל. אויך האָט מען געזאָגט, אַז אַ מאַן פון טאַפּ־פלאָר איז פאַרברענט געוואָרען אויף טויט. מען האָט דערציילט, אַז דער פייער האָט אויסגעבראָכען, ווען מען האָט איבערגעקערט פון טיש אויף דער פּאָדלאָגע אַ ברענענדיגען קעראָסין־לאָמפּ, און עס האָט גענומען גלייך ברענען. עס איז געוואָרען אַ גרויסער געשריי. די וואָס האָבען גע־וואוינט אויף די העכערע עטאַזשען האָבען גענומען לויפען, אַ סך זיינען נאָך געשלאָפען. קיין „פייער־עסקייפּס" זיינען ניט געווען. די פייערלייט האָבען גענומען לעשען און ראַטעווען מענשען. אָבער דער פייער האָט זיך אַלץ שטאַרקער פאַרשפּרייט איבער דערבייאיגע הייזער.

וועגען יענעם פייער וואָס האָט געטראָפען מיט 53 יאָר צוריק, האָט מען אַ לאַנגע צייט גערעדט. די ענגלישע און דייטשע צייטונגען אין ניו־יאָרק האָבען דעמאָלט בכלל פיל געשריבען וועגען די שרעקליכע פייערען, וואָס פלעגען אויסברעכען אין די איסט־סייד טענעמענטס.

אַ סך יאָרען האָט גענומען ביז מען האָט אין ניו־יאָרק סטייט געמאַכט אַ געזעץ צו בויען „פייער־עסקייפּס" און אַנדערע מיטלען זיך צו ראַטעווען פון אַ פייער.

**אַב. קאַהאַן דער ערשטער רעדנער אויף אידיש**

צווישען די דאַמאָלסטדיגע נייע אידישע אימיגראַנטען זיינען געווען אַ צאָל אידישע סאָ־ציאַליסטען. קומענדיג אַהער פון רוסלאַנד אין די 80־ער יאָרען, האָבען זיי גלייך גענומען אַגיטירען צווישען די גרויסע מאַסען אידישע אימיגראַנטען פאַר זייער אידעאַל, דעם סאָציאַליזם. יענע יונגע סאָציאַליסטען זיינען געווען די ערשטע גרינדער פון יוניאָנס פון אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע.

די ערשטע צייט אין אַמעריקע פלעגען יענע סאָציאַליסטען ריידען ביי די מיטינגען רוסיש. זיי האָבען געגרינדעט אַ רוסישען אַרבייטער־פאַראיין מיט'ן צוועק צו שאַפען קאָאָפּעראַטיווע שעפּער. דאָס איז געווען נאָך אין יאָר 1883.

אין פעברואַר, 1884, האָט אַ גרופּע אינטעליגענטע אידישע אימיגראַנטען געגרינדעט אַ רוסיש־אידישען אַרבייטען פאַראיין, וואו מען האָט גערעדט בלויז אידיש. דער צוועק פון פאַראיין איז געווען צו אַגיטירען סאָציאַליזם און העלפען גרינדען יוניאָנס פון די אָנגעקומענע מאַסען אידישע אימיגראַנטען, וועלכע זיינען אין אַמעריקע געוואָרען פאַבריק־אַרבייטער.

דער „רוסיש־אידישער אַרבייטער־פאַראיין" פלעגט זיך פאַרזאַמלען יעדען שבת אָוענט אין 86½ אָרטשאַרד סטריט. גענאָסע אַב. קאַהאַן פלעגט דאָרטען האַלטען לעקציעס איבער סאָציאַליזם אין אידיש. ער איז געווען דער ערשטער אידישער רעדנער ביי אידישע יוניאָנס אין ניו־יאָרק. אין יענעם פאַראיין זיינען געווען טעטיג אַ ריי אידישע סאָציאַלסטען פון רוס־לאַנד, ווי די גענאָסען מ. און ב. גרעטש, סטודענטען פון אָדעסער אוניווערסיטעט. בענדזשאַמין גרעטש איז נאָכער אַ לאַנגע צייט געווען דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי. עס זיינען געווען אין פאַראיין דר. ראַיעווסקי, א. מאָרען, דער שרייבער פון דיזע ציילען, און פילע אַנדערע יונגע אידישע אינטעליגענטע אַרבייטער פון רוסלאַנד.

אין יענער צייט איז אין ניו־יאָרק געווען בלויז איין אידישע צייטונג „די אידשע גאַ־זעטען", וועלכע פלעגט אַרויסקומען איינמאָל אַ וואָך. דער אַרויסגעבער פון דער אָרטאָדאָקסישער צייטונג, הרב שרהזאָן, האָט ניט געוואָלט דרוקען קיין נייעס פון אַרבייטער יוניאָנס און פון אַרבייטער קאַמף. די צייטונג פלעגט אָפט פאַרדאַמען די אידישע יונגעלייט, וואָס האָבען געגרינ־דעט אַרבייטער יוניאָנס און אַגיטירט פאַר'ן סאָציאַליסטישען אידעאַל. פלעגען דערפאַר די באַריכטען פון אידישע יוניאָנס ערשיינען אין דער דייטשער סאָציאַליסטישער „פאָלקסצייטונג", וועלכע פלעגט טעגליך געדרוקט ווערען אין ניו־יאָרק.

**מען פלאַנט אַ צייטונג; די ערשטע יוניאָנס**

ביי אַ פאַרזאַמלונג פון „אידישען אַרבייטער פאַראיין" האָט איינמאָל דער סעקרעטאַר פאָרגעלעזען אַ נאָטיץ, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער „פאָלקסצייטונג", אַז אַלע אידישע סאָציאַליסטען אין ניו־יאָרק זאָלען קומען צו אַ פאַרזאַמלונג אין אַ האָל אויף ריווינגטאָן קאָרנער קענאָן סטריט (דאָס איז דאַמאָלסט געווען דער אונגאַריש־אידישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק) וואו מען וועט זיך דורכריידען וועגען אַרויסגעבען אַ אידישע אַרבייטער צייטונג. מיר פון „רוסיש־אידישען אַרבייטער פאַראיין" האָבען ניט געוואוסט גענוי, ווער עס רופט די דאָזיגע פאַרזאַמ־לונג. פון דעם אָבער, וואָס די פאַרזאַמלונג ווערט גערופען אין דער אונגאַרישער געגענט, האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען, אַז דאָס מוזען זיין די פירער פון דער אידישער שניידער יוניאָן, און מיר האָבען באַשלאָסען, אַז אַלע אונזערע מיטגלידער, אַ צוואַנציג אין צאָל, זאָלען גיין צו דעם מיטינג.

קומענדיג צו דער פאַרזאַמלונג, האָבען מיר דאָרטען געטראָפען אַ פאַראיין פון אונגאַרישע אידישע סאָציאַליסטען. נאָך אַ קורצען שמועס צווישען די מיטגלידער פוןביידע פאַראיינען, איז מען געקומען צו אַ פאַרשטענדיגונג צוזאַמענצושמעלצען ביידע אָרגאַניזאַציעס אין איינע. עס איז דעמאָלט געבאָרען געוואָרען דער „אידישער אַרבייטער פאַראיין", וועלכער האָט פון דעם יאָר 1884 ביז 1887 געשפּילט אַ גוואַלדיג־וויכטיגע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין ניו־יאָרק.

צווישען די פירער פון דעם אונגאַריש־גאַליציאַנער אידישען אַרבייטער פאַראיין זיינען געווען יעקב שיין, אַ. קאַנער, נ. הוירש, לואיס סמיט, ס. גלאָס און מ. מאַיאָווער. אַלע אויסגע־צייכענטע רעדנער אין אידיש, אַביסעל געמישט מיט דייטש. אַלע זיינען געווען סאָציאַליסטען.

דער „פאַראייניגטער אידישער אַרבייטער פאַראיין" האָט אין צייט פון זיין עקזיסטענץ געגרינדעט אַ אידישע שריפטזעצער יוניאָן, אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן, וועלכע האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט, אַ אידישע בעקער יוניאָן, אַ יוניאָן פון אידישע טעאַטער־כאָריסטען, און נאָך אַ פּאָר אדישע יוניאָנס. דער „פאַראייניגטער אידישער אַרבייטער פאַראיין" האָט אויך געאַרבייט צו שאַפען פאָנדס אַרויסצוגעבען אַ אידישע אַרבייטער צייטונג, אויך האָט ער אנטייל גע־נומען אין דער „העגרי דזשאָרדזש" באַוועגונג פון יאָר 1886.

## דר. זאָלאָטאַראָוו און ש. יאַנאָווסקי

צוליב דער שיקאַגאָר אַנאַרכיסטען פּראָצעס פון יאָר 1886, וואו 5 אַרבייטער־פירער זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרען, זיינען צווישען די מיטגלידער פון דעם „אידישען אַרבייטער פאַראיין" אַ סך באַקערט געוואָרען צום אַנאַרכיזם. עס האָבען זיך צווישען די מיטגלידער פון „אידישען אַרבייטער פאַראיין" אָנגעפאַנגען גרויסע מיינונגס־פאַרשידענהייטען און רייסערייען, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין יולי, 1887, האָט זיך דער „אידישער אַרבייטער פאַראיין" אויפ־געלייזט.

מיט אַ פּאָר מאָנאַט שפּעטער האָבען די סאָציאַליסטישע מיטגלידער פון פאַראיין זיך אָנ־געשלאָסען אין דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) און האָבען געגרינדעט אויף דער איסט סייד פון ניו־יאָרק דעם בראַנטש 8, ס.ל.פּ. די אַנאַרכיסטען פון דעם אויפגעלייזטען פאַראיין האָבען געגרינדעט אַן אַנאַרכיסטישע גרופּע, די „פּיאָנערען דער פרייהייט".

דער בראַנטש 8 פון ס.ל.פּ. האָט געהאַט גוטע אידישע רעדנער, ווי: אב. קאַהאַן, מיכאַיל זאַמעטקין, ל. מילער, ב. פייגענבוים און אין יאָר 1888 איז צוגעקומען אַ נייע קראַפט, מ. הילקאָוויטש (מאָריס הילקוויט), אַ 19־יאָריגער סטודענט פון ריגע, אַ גוטער רעדנער אויף עטליכע שפּראַכען.

די אידישע אַנאַרכיסטישע גרופּע „פּיאָנירע דער פרייהייט" האָט געהאַט אַ גרעסערע צאָל רעדנער. זיי זיינען געווען: ר. לואיס, דר. ה. זאָלאָטאַראָף, דר. מאַקס גירזשדאַנסקי, ש. יאַנאָווסקי, מ. קאַטץ, איזידאָר פּרענער, ה. וויינבערג, דר. מייקעל קאָהן, דר. מאַקס שטאָלער. גלייך נאָך די צוטיילונג פוןביידע אידישע פראַקציעס פון סאָציאַל־דעמאָקראַטען און אַנאַרכיס־טען, האָבען זיך אָנגעפאַנגען גרויסע דעבאַטען ביי זייערע מיטינגען. די אידישע אַנאַרכיסטישע פראַקציע איז אָנפאַנגס געווען שטאַרקער, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע.

דער אידישער בראַנטש ס.ל.פּ. האָט געהאַלטען וועכענטליכע לעקטשורס אין 101 העסטער סטריט, און די גרופּע „פּיאָנירע דער פרייהייט" אין 56 אָרטשאַרד סטריט, ניו י. דער אַכטער בראַנטש ס.ל.פּ. האָט זיך דאַמאָלט אויך אָפּגעגעבען מיט גרינדען אידישע יוניאָנס. און נאָך אַ יאָר טעטיגקייט האָט דער אידישער בראַנטש איינגעלאַדען דעם רוסישען בראַנטש 17 ס.ל.פּ., צוזאַמען צו גרינדען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון אידישע יוניאָנס אין ניו־יאָרק.

אין מאָנאַט סעפּטעמבער, 1888, זיינען דער 8־טער און דער 17־טער רוסיש־אידישע בראַנטשעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ס.ל.פּ.) צוגעטראָטען צו גרינדען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון אַלע אידישע יוניאָנס אין ניו־יאָרק.

## די ערשטע יוניאָנס גייען־אויס ווי ליכט

כמעט אַלע אידישע יוניאָנס, וועלכע די אידישע אימיגראַנטען פון יאָר 1881 האָבען געפונען אין ניו־יאָרק, שוין אַריינגערעכענט די אידישע יוניאָנס, וואָס דער „אידישער אַרבייטער פאַר־איין" פון ניו־יאָרק האָט דאָ געגרינדעט, אַרום צען אָרגאַניזאַציעס, זיינען, מיט דער אויסנאַמע פון צוויי יוניאָנס, יענעם זומער אונטערגעגאַנגען. די אורזאַך פון זייער אונטערגאַנג איז געווען, ווייל אין ביזי סיזאָן האָבען יענע יוניאָנס געהאַט „דזשענעראַל סטרייקס", גראַד איז יענער סיזאָן געווען אַ שלעכטער. די צייט איז געווען זעהר אומגינסטיג. אויך זיינען יענע יוניאָנס ניט געווען פאַרבונדען איינע מיט די אַנדערע, קיין סטרייק־פאָנדס האָבען זיי ניט אָנגעגרייט, און ניט קריגענדיג פון קיינעם קיין שטיצע, זיינען די יוניאָנס אַלע אויסגעגאַנגען ווי ליכט, און אַ האָן האָט אפילו קיין קריי ניט געטאָן.

צוויי יוניאָנס זיינען געבליבען: די אידישע שריפטזעצער יוניאָן, וואָס האָט זיך מיט אַ צוויי מאָנאַטען פריהער רעאָרגאַניזירט, און די טעאַטער־כאָריסטען יוניאָן.

איידער בראַנטשעס 8 און 17 ס.ל.פּ. האָבען גערופען די קאָנפערענץ צו גרינדען אַ צענט־ראַלע קערפּערשאַפט, איז ערוויילט געוואָרען אַ קאָמיטע, וועלכע איז באַשטאַנען פון מאָריס הילקאָוויטש (מאָריס הילקוויט) און דעם שרייבער פון דיזע צייליען. די קאָמיטע איז אַרומגע־גאַנגען פון מיטינג־האָל צו מיטינג־האָל אויף דער איסט־סייד פון ניו־יאָרק, געזוכט אידישע יוניאָנס און געפונען בלויז די צוויי דערמאָנטע יוניאָנס. אַ דריטען יוניאָן פון קאַפּען־מאַכער האָט דאַמאָלט אַביסעל נאָך געזשיפּעט. די פּאָר מיטגלידער וואָס די קאָמיטע האָט דאַן גע־טראָפען ביי זייער פאַרזאַמלונג אין 193 בויערי, און זיי האָבען זיך ענטזאגט צו האָבען צו

טאָן מיט אונז, ווייל מיר זיינען סאָציאַליסטען. אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך געפונען די אידישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין אָקטאָבער, 1888, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין ניו־יאָרק.

דעם 9טען אָקטאָבער, 1888, אַ מאָנטאָג אָוונט, איז פאָרגעקומען אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין סאָציאַליסטישען לייבאָר לייסעאום (25 איסט 4טע סטריט, ניו יאָרק). דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין אַ קליינער רומקע אויפ׳ן בוידעם. די דריי יוניאָנס און צוויי ברענטשעס פון דער ס.ל.פּ. האָבען געשיקט זייערע טעטיגסטע מיטגלידער אַלס דעלעגאַטען.

## די ערשטע מענשען ביים געבורט פון די געווערק־שאַפטען

די אידישע שריפטזעצער יוניאָן, וועלכע איז דעמאָלסט אַלט געווען בלויז אַ פּאָר מאָנאַט, האָט געשיקט אַלס איר פאַרטרעטער אַ זעצער, וואָס איז געקומען פון לאָנדאָן. זיין נאָמען איז געווען י. ווערבער. ער האָט געאַרבייט אין דער ניו־יאָרקער „אידישער פאָלקסצייטונג“, אַ פּריוואַטע אידישע אַרבייטער צייטונג. ברודער י. ווערבער איז געווען א טעטיגער סאָציאַליסט אין לאָנדאָן, און קומענדיג קיין ניו יאָרק, האָט ער געהאָלפען צוריק אויפבויען די אידישע שריפטזעצער יוניאָן. ווערבער איז געווען אַ מיטעליאָריגער סימפּאַטישער מענש מיט אַ שיינעם אויסזען און אַ הויכען גרויסען שטערען. זיינע בלויע אויגען זיינען געווען באַדעקט מיט ליכטיגע ווייסע ברילען. גערעדט האָט ער אַ שיינעם ליטווישען אידיש, ער איז געווען אַ גוטער רעדנער, נאָר ער האָט גערעדט זעהר שטיל, אָבער איינדרוקספול.

די מיטגלידער פון דער כאָריסטען יוניאָן, וועמעס מיטגלידער האָבען געזונגען אין אידישען טעאַטער, האָבען באַקומען זעהר אַ קליינעם געהאַלט, פלעגען זיי אויך זינגען יום־טובים אין די שוהלען, דערפון אָבער האָבען זיי נאָך אַלץ קיין לעבען ניט געמאַכט. פלעגען זיי בייטאָג אַרבייטען אין אַ שאַפּ, מערסטענס ביי סיגאַרען, און די פרויען זינגערס האָבען געאַרבייט אַלס פינישערס ביי קליידער.

דיזע יוניאָן האָט געשיקט צוויי דעלעגאַטען. איינער איז געווען פריינד ל. לענצער, אַ מיטעליאָריגער סימפּאַטישער מענש, וועלכער האָט דאַמאָלט דאָ געזונגען אין „אָריענטאַל טעאַטער“. ל. לענצער איז אויך געווען דער הויפּט משורר אין דער גרעסטער אידישער שוהל אין ניו־יאָרק, וואו ער האָט געזונגען אַלע שבתים פון יאָר. און ער פלעגט נאָך אַלץ קיין לעבען ניט קענען מאַכען פאַר זיין גרויסער פאַמיליע, פלעגט ער אין מיטען וואָך אַביסעל אונטערפּעדלען מיט שיפסקאַרטען און אַנדערע זאַכען. ל. לענצער איז געווען איינער פון די טעטיגסטע מיטגלידער פון דער כאָריסטען־יוניאָן. אויף דער עלטער איז ל. לענצער אַליין געוואָרען אַ חזן אין ניו־יאָרק.

דער צווייטער דעלעגאַט פון דער כאָריסטען יוניאָן איז געווען י. קרינסקי, אַ מעמבער פון דער ס.ל.פּ. ער איז געווען אַ ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַן, זעהר אינטעליגענט. ביים פאַך איז ער געווען אַ סיגאַרעט־מאַכער, ביינאַכט האָט ער געזונגען אין טעאַטער, און מיט יאָרען שפּעטער איז ער געוואָרען אַ פאַבריקאַנט פון סיגאַרעטען. ביי אים אין שאַפּ פלעגט מען פאַבריצירען דעם אַמאָליגען פּאָפּולערען ברענד „די 5־טע עוועניו סיגאַרעטס“.

דיזע צוויי יוניאָנס האָבען דאַמאָלט פאַרמאָגט אַ 40 מיטגלידער. די דריטע אידישע יוניאָן וועלכע האָט געשיקט אַ דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ, איז געווען די אידישע אַקטיאָרען יוניאָן, וועלכע האָט זיך אָקאָרשט געהאַט געגרינדעט. זייער דעלעגאַט איז געווען דער פאַרשטאָרבענער שוישפּילער משה סימאָנאָוו.

מ. סימאָנאָוו איז געווען אַ גוטער זינגער און האָט באַלאַנגט פריער צו דער כאָריסטען יוניאָן, נאָר מיט דער צייט איז ער געוואָרען אַ שוישפּילער. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענש און אַן ענטוזיאַסטישער טרייד־יוניאָן מאַן, פאַר וואָס ער איז פאַרפאָלגט געוואָרען פון די אַלטע טעאַטער מענעדזשערס.

## מאַגידאָוו און באַנדעם

דער אַקטער אידישער ברענטש ס.ל.פּ. האָט געשיקט צוויי דעלעגאַטען: דזשייקאָב מאַגידאָוו* און דעם שרייבער פון די שורות.

מאַגידאָוו איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטליכע־און־צוואַנציג, ביים פאַך אַ שווירט־מאַכער, אַן אָדעסער גימנאַזיסט. זיין טאַטע איז געווען אין אָדעס איינער פון די וויכטיגסטע משכילים פון יענע יאָרען. דער זון, דזשייקאָב מאַגידאָוו, וועלכער האָט פאָרגעשלאָגען דעם פּלאַן צו גרינדען אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין ניו־יאָרק, איז געוואָרען נאָכדעם אַ אידישער שרייבער אין „אָוונד בלאַט“. ער האָט גראַדואירט אַלס לאָיער. איצט איז ער צווישען די פּראָמינענטע מיטאַרבייטער אין „מאָרגען זשורנאַל“.

דער רוסישער ברענטש 17, ס.ל.פּ., איז געווען פאַרטראָטען דורך 2 דעלעגאַטען: איינער איז געווען לעאָן באַנדעס, אַן עלטערער ברודער פון לואי מילער, ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער באַרימטער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. ער איז געזעסען אין רוסישע טורמעס פאַר זיין סאָציאַליסטישער טעטיגקייט. ער איז געווען אַ דימענטענער מענטש און אַ זעלטענער אידעאַליסט. אין דער רוסישער טורמע האָט ער געקראָגען די

---

* שריפטשטעלער, וועמעס אַרטיקעל איז געדרוקט פריער.

שווינדזוכט. און די לופט פון די ניו־יאָרקער טענעמענט־הייזער האָט זיין געזונט נאָך פאַרערגערט. ער האָט געצאַנקט פאַר אונזערע אויגען און איז געשטאָרבען ווייניגער ווי צוויי יאָר נאָכדעם ווי די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען זיינען געגרינדעט געוואָרען.

דער צווייטער דעלעגאַט פון ברענטש 17 ס.ל.פּ., איז געווען מאָריס הילקאָוויטש, וועלכער האָט שפּעטער געענדערט זיין נאָמען אויף הילקוויט.

ווען הילקוויט איז געווען אַ „גרינער“

ווען די געווערקשאַפטען איז געגרינדעט געוואָרען, איז הילקוויט געווען בלויז 7 מאָנאַט דאָ אין לאַנד. ער איז דאַן אַלט געווען 19 יאָר. ער האָט אין ריגע געענדיגט די 8־קלאַסיגע גימנאַזיע, און דאָ איז ער אָנגעקומען אין סוועט־שאַפּ פון העמדער אַלס אַ סליוו־וואָירקער. עס האָט אים ניט לאַנג גענומען און ער האָט זיך די מלאכה גוט אויסגעלערענט, און האָט שוין פאַרדינט 3 דאָלער אַ וואָך. ער האָט זיך דאַן געקלאָגט, אַז די אַרבייטס־שטונדען זיינען אַביסעל צו לאַנג. געאַרבייט האָט ער אין ספּעקטאָר׳ס סוועט־שאַפּ אויף טשערי סטריט, וואו עס האָבען געאַרבייט מיט אים צוזאַמען פּראָמינענטע סאָציאַליסטען, ווי: לואי מילער, מיכאַיל זאַמעטקין, ה. לוביטש, דזשייקאָב מאַגידאָוו. דער לעצטער פון די פיר איז געווען דעם באָס ספּעקטאָר׳ס אַ שוואָגער. מר. ספּעקטאָר אַליין איז אין אָדעס געגאַנגען אין דער רעאַל־גימנאַזיע.

מאָריס הילקאָוויטש האָט אויסגעזען זעהר יונג און איז געווען אַן איידעלער יונגערמאַנטשיק. גערעדט האָט ער הויפּטזעכליך דייטש. זיינע מיטאַרבייטער אין שאַפּ האָבען גלייך דערקענט, אַז ער איז זעהר פעהיג, געבילדעט און אידעאַליסטיש; האָט אים לואי מילער געבראַכט אין 17טען ברענטש ס.ל.פּ., וועלכע האָט אָפט געמיטעט צוזאַמען מיטן אַכטען ברענטש. אַזוי ווי דער שרייבער פון די צייל'ען האָט געהאַט אַ טבע אָנצונעמען אין אַלע קאָמיטעס, און הילקאָוויטש איז מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען, האָב איך אַלץ פאָרגעשלאָגען דעם יונגען הילקאָוויטש'ען אין די קאָמיטעס, און מיר פלעגען גיין איבעראַל צוזאַמען.

מיט געגאָסע הילקוויט'ן האָב איך אַלץ גערעדט רוסיש. איבערהויפּט איז געגאָסע הילקוויט געווען זעהר טעטיג ביים גרינדען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

צו דער קאָנפערענץ צו גרינדען די געווערקשאַפטען איז אויך געקומען אַ קאָמיטע פון די פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען. די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דייטשע פּראָגרעסיווע יוניאָנס אין ניו־יאָרק, וועלכע האָט דאַן שוין עקזיסטירט פילע יאָרען. די קאָמיטע איז געקומען בעטען, מען זאָל שטיצען די אַרבייטער פּרעסע, די דייטשע סאָציאַליסטשע „פאָלקסצייטונג“. ד דייטשע יוניאָנס זיינען דאַמאָלט אין ניו־יאָרק געווען שטאַרק און גרויס אין די צאָלען מיטגלידער, אַלע אָהן אויסנאַם זיינען זיי געווען סאָציאַליסטישע.

די צוויי פאַרטרעטער פון די דייטשע געווערקשאַפטען זיינען געווען א. הובער, אַ בריקלייער, אַ פייערדיגער סאָציאַליסט, אַ מוטיגער מענש און זעהר ליבענסווערט. דער צווייטער דעלעגאַט איז געווען מ. געריקע, אַ קעבינעטמייקער, אַ פילאָזאָפישער סאָציאַליסט פון דייטשלאַנד. ער האָט געהאַט אַ רונדע לאַנגע בלאָנדע באָרד. ער איז געווען אַ יונגער מענש. זיין באָרד האָט אים געמאַכט אויסקוקען ווי אַ איד, פון זיין געזיכט האָט מען געקענט זען, אַז ער איז אַ מענש מיט אַ סך אידעאַליזם.

ברידער מיט דייטשע אימיגראַנטען

רעדעס זיינען אויף יענער קאָנפערענץ געהאַלטען געוואָרען ווייניג. אַלע זיינען געווען איינשטימיג, אַז דער פּלאַן צו גרינדען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון אידישע יוניאָנס איז אַן אויסגעצייכענטער.

מען האָט פאָרגעלייגט אַ פּלאַטפאָרמע פאַר דער אָרגאַניזאַציע, מיט אַ סאָציאַליסטישער פּרינציפּען־ערקלערונג*). אַ פּראָגראַם פון טעטיגקייט איז באַשטאַנען פון געגענזייטיגע הילף און קאָאָפּעראַציע צווישען די אידישע יוניאָנס אין ניו־יאָרק, אָרגאַניזירען נייע יוניאָנס אין די פאַכען, וועלכע זיינען נאָך ניט אָרגאַנזירט און אָנפירען צווישען די אידישע אַרבייטער פּראָפּאַגאַנדע פאַר'ן סאָציאַליזם.

מען האָט ערוויילט באַאמטע: דער שרייבער פון די שורות, פּראָטאָקאָל און פינאַנץ־סעקרעטער; קאָרעספּאָנדירענדער סעקרעטער, מאָריס הילקאָוויטש, וועלכער האָט געקענט שרייבען אויף עטליכע שפּראַכען.

מען האָט דאַן באַשלאָסען צו האַלטען וועכענטליכע פאַרזאַמלונגען יעדען מאָנטאָג אָווענט. און זינט דאַמאָלט זיינען אין די לעצטע 50 יאָר די רעגולערע מיטינגען פאָרגעקומען יעדען מאָנטאָג אָווענט. מען קען זאָגען אַז יענעם אָווענט, דעם 9טען אָקטאָבער, 1888, האָבען די אידישע אימיגראַנטען געגרינדעט די ערשטע וויכטיגע אידישע אַרבייטער קערפּערשאַפט, וועלכע איז די איינציגע, וואָס עקזיסטירט שוין אָהן אָפּשטעל 50 יאָר.

---

*) די פּרינציפּען־ערקלערונג איז געדרוקט ביים סוף פון'ם אַרטיקעל.

אויפ׳ן צווייטען מיטינג נאָך דער גרינדונג פון די „פּ.א.ג.״ האָט מען שוין באַריכטעט, אַז אַ שוירט־מאַכער יוניאָן מיט 75 מיטגלידער איז אינמיטען וואָך אָרגאַניזירט געוואָרען פון די באַאמטע פון די געווערקשאַפטען. אַלע דעלעגאַטען זיינען אָנוועזענד געווען ביים צווייטען מיטינג און האָבען זיך איינגעטיילט אין קאָמיטעס און האָבען גענומען אַרבייטען אין די יוניאָנס.

**מ׳לערענט אַרבייטער ווי אַזוי צו פירען מיטינגען**

די פּ.א.ג. האָט אָרגאַניזירט די יוניאָן, געלערענט די אַרבייטער ווי אַזוי צו פירען אַ מיטינג, געפירט זייערע סטרייקס, געמאַכט סעטעלמענטס מט בעלי־בתים, געלערענט די באַאמ־טע פון די יוניאָנס צו פירען די ביכער, געטאָן יעדע קליינינקייט פאַר יעדער יוניאָן. קיין באַצאָלטע באַאַמטע האָט די געווערקשאַפטען ניט געהאַט. יעדע יוניאָן האָט בלויז געצאָלט 50 סענט אַ מאָנאַט דיוס.

ווען די פּ. א. ג. האָט אָרגאַניזירט אַ נייע יוניאָן, האָט זי צוגעקראָגען נאָך דריי דע־לעגאַטען. די באַאַמטע פלעגען שוין אויפפּאַסען, מען זאָל אין דער יוניאָן אויסקלייבען דריי אינטעליגענטע אַרבייטער, אידעאַליסטען, וואָס האָבען געדאַנקט וואָס מען לאָזט זיי זיין טעטיג, אָרגאַניזירען נייע יוניאָנס, העלפען אין סטרייקס, טאָן אַלץ וואָס איז נויטיג. זייער איינציגע באַלוינונג פון דער געווערקשאַפטען איז דאַמאָלסט געווען, אַז אין אונזער 1טען מאַי און אַנדערע דעמאָנסטראַציעס האָט דער געווערקשאַפטען־סעקרעטאַר אויפגעפּאַסט, אַז זיי, די טעטיגסטע דעלעגאַטען, זאָלען זיין די „מאַרשאַלס„ און רייטען אויף „ווייסע פערד״.

די אינטעליגענטערע אַרבייטער פון די נאָדעל־טריידס זיינען אימער געווען צווישען די אפּרייטאָרס. די ערשטע ניו יאָרקער אידישע דאָקטוירים, לאָיערס און אַפּטייקערס זיינען געווען געוועזענע פּענטס, ניפּענטס און שוירט אפּרייטאָרס.

ווענען די פּרעסערס ביי קלאָוקס און ביי אַלע אַנדערע קליידער פאַכען איז פיל צו דערציילען.

די לאַגע פון די פּרעסערס איז, אין די ערשטע יאָרען, מיט 40־50 יאָר צוריק, געווען זייער אַ שווערע. ווייל דער פּרעסער טרייד איז געווען פיזיש זייער אַ שווערער, און מען האָט צו דעם געמוזט האָבען מענשען געזונטע, מיט אַ סך כח, האָבען זיך אין די ערשטע יאָרען פון דער אידישער אימיגראַציע גענומען צום טרייד פּראָסטע, אָבער געזונטע מענשען, ווי היימישע באַלעגאָלעס, פורמאַנעס, לאַסט־טרעגער און עהנליכע. האָבען די באָסעס געקוקט אויף די פּרעסערס פון אויבען אַראָפּ, ווי עס קוקען אין היימישע שטעטלאַך שיינע, חשוב׳ע בעלי־בתים אויף פּראָסטע יונגען, און זיי האָבען זיך מיט די פּרעסער געשאַפט ווי מיט שקלאַפען.

„דער פּרעסער,״ שרייבט דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, א. ראָזענבערג, אין זיינע ערינערונגען, „איז געווען אַן אמת׳ער שקלאַף אין שאַפּ. יעדער איינ־ציגער פּרעסער האָט געמוזט אַריינקומען אַ פּאָר שטונדען פריער ווי די איבריגע אַרבייטער אין שאַפּ צו מאַכען פייער אין די סטאָווס, אַרונטערטראָגען די אַש, אויסקערען דעם שאַפּ און צוזאַמענקלייבען די סטרייפּס סים באַינדינג, וואָס די אפּרייטאָרס האָבען דעם פאָריגען טאָג פאַנאַנדערגעוואָרפען איבער׳ן שאַפּ. דערצו נאָך ווען דער באָס האָט געדאַרפט אַוועקטראָגען אַ באָנדעל אַרבייט אין ווערהויז, אָדער עס האָט אויסגעפעלט טרימינג, האָט דער פּרעסער עס באַדאַרפט טאָן.״

צווישען קלאָוקס, מענער קאָוטס, דזשעקעטס און הויזקעס, און הויזען פּרעסער האָבען געאַרבייט אַ סך אידען שוין אָפּגעלעבטע, אָבער אין געזונט האָבען זיי געמוזט זיין אַלע קרעפטיג. פרום זיינען זיי אַלע געווען. און יוניאָן־לייט זיינען זיי געווען אַלע געטרייע און איבערגעבענע.

**די פּרעסערס זיינען געווען די באַליידיגטע**

איך געדענק ווי מיר האָבען געשיקט פון די געווערקשאַפטען אַ קאָמיטע פון געטרייע יוניאָן־פּרעסערס אין אַ ניפּענטס שאַפּ, וואו עס זיינען פאַרבליבען אַ פּאָר פּרעסערס סקעבס.

די קאָמיטע־לייט פּרעסערס זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן מיט היימישע קאַפּאָטעס. אַזוי זיינען זיי אַרויף אין סטרייק־שאַפּ און האָבען גערעדט מיט די סקעבס אין נאָמען פון „משה־רבנו״, ווערכער, ווי זיי האָבען געזאָגט, איז געווען דער ערשטער „וואָקינג דעלעגאַט״ אַרויס־צונעמען די אידען פון מצרים. יענע קאָמיטע פון די פּרעסערס, ווי איך געדענק, האָט געמאַכט אַן ערפאָלג. און דער שאַפּ־סטרייק איז געוואונען געוואָרען פאַר דער יוניאָן. די געווערקשאַפטען האָט דער פּרעסערס קאָמיטע עפענטליך באַדאַנקט.

איינמאָל האָט מען באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַ יוניאָן פון אַרבייטער ביי מענער קליידער, און דאָ האָבען מיר אויסגעפונען, אַז עס איז שוין דאָ אַ יוניאָן פון אפּרייטאָרס פון מענער רעק.

האָט די עקזעקוטיווע פון די געווערקשאַפטען מיט אַ קאָמיטע פון דער אפּרייטאָרס יוניאָן זיך גענומען צו דער אַרבייט. מיר האָבען צוזאַמענגערופען אַ מאַס־מיטינג פון בייסטערס, פינישערס, בושלערס און פּרעסערס פון זעלבען פאַך, און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ יוניאָן פון גאַנצען ראָק־טרייד.

דעם 19טען פעברואַר, 1889, האָט די געווערקשאַפטען אָרגאַניזירט אַ יוניאָן פון זייד־וועבער. אין אויגוסט פון זעלבען יאָר איז פון אונז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ טעקסטיל אַרבייטער יוניאָן. אין זעלבען יאָר זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען די פּענטסמאַכער אין ניו־יאָרק. אויך די

אידישע בעקער יוניאָן לאָקאַל 31, אידישע בוכבינדער יוניאָן, וועלכע האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסען אָן דעם דאַמאָלסטדיגען אַרבייטער פאַרבאַנד, „נייטס אָוו לייבאָר“, און אַ יוניאָן פון סטאָליאַרעס (קאַרפּענטער) אויף דער איסט־סייד.

אין זעלבען יאָר אין מאָנאַט מערץ, האָט די געווערקשאַפטען אַריינגענומען צו זיך די קאַפּען־מאַכער יוניאָן, וועלכע האָט זיך צו יענער צייט געהאַלטען אין אויפלייזען, און די געווערקשאַפטען האָט די יוניאָן אויפגעלעבט. מיט צוויי מאָנאַט שפּעטער איז אויפגעבויט געוואָרען אַ יוניאָן פון פוירס (בייטעלעך) אַרבייטער.

עס איז דאַן געקומען צו אַ סטרייק פון כאָריסטען אין „אָריענטאַל טעאַטער“, און די געווערקשאַפטען האָט דעם סטרייק אָנגעפירט און אים געוואונען. מיר האָבען דורכגעפירט אַ סטרייק פון די קלאָוקמאַכער פונ׳ם שאַפּ פון פרידלענדער בראָדערס, אַ סטרייק פון שריפט־זעצער אין „טאַגעבלאַט“, און אַ סטרייק פון ני־פּענטס אַרבייטער.

## קלאָוקמאַכער אויף העסטער סטריט

דער יאָר 1890 איז פאַר די פ.א.ג. געווען דער פרוכטבאַרסטער פון יענער פעריאָדע. אין מאָנאַט מערץ, 1890, האָט די פ.א.ג. שוין געציילט 32 יוניאָנס. יענעם יאָר האָבען שוין אין ניו־יאָרק עקזיסטערט אייניגע שטאַרקע אידישע יוניאָנס; ווי די שוירט מאַכערס, ניפּענטס, פּענטס מייקערס און אַנדערע. די אַלע יוניאָנס האָבען אין מאָנאַט פעברואַר, 1890, אַרויסגערופען דזשענעראַל סטרייקס.

דער קלאָוקס־טרייד, וועמעס איינציגער צענטער איז געווען אין ניו־יאָרק, איז געווען דער גרעסטער. מען האָט מיט 50 יאָר צוריק געשאַצט, אַז ביי קלאָוקס זיינען אין ניו־יאָרק באַשעפטיגט אַ צען טויזענט אַרבייטער. די גרעסטע צאָל זיינען געווען דאַמאָלטדיגע אידישע אימיגראַנטען.

די געווערקשאַפטען האָט דריי מאָנאַט נאָך איר גרינדונג, נעמליך, דעם 1טען יאַנואַר, 1889, אָרגאַניזירט אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן, וועלכע האָט עקזיסטירט בלויז אייניגע מאָנאַטען. פון איר איז פאַרבליבען בלויז איין אָרגאַניזירטער גרויסער שאַפּ מיט אַ סך קאָנטראַקטינג „סוועט־שעפּער“, פון דער פירמע „פרידלענדער בראָדערס“.

אין מאָנאַט פעברואַר, 1890, איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסען אַ שטאַרקע באַוועגונג פון קלאָוקמאַכער, ווי אין פריערדיגע יאָרען, האָט מען גערופען שאַפּ־סטרייקס פאַר בעסערע אַרבייטס־פּרייזען. די מערסטע אַרבייטער פון קלאָוקס פלעגען זיך דאַן פאַרזאַמלען אין 92 העסטער סטריט, ווי כמעט אַלע אידישע יוניאָנס.

מיט יענער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז געווען פאַרבונדען די קאַריערע פון יאָזעף באַראָנדעס, וועלכער האָט אין יענער צייט גענומען שפּילען אַ גרויסע ראָלע אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. ביז דאַמאָלט האָט באַראָנדעס׳ן קיינער ניט געקענט, אויסער די ניפּענטס מאַכער אין וועמעס יוניאָן ער איז געווען אַ מיטגליד, און אויך אין 8טען בראַנטש, ס.ל.פּ., וואו ער איז אויך געווען אָנגעשלאָסען.

עס איז געווען אַ מאָנטאָג אָוועגט. צו די געווערקשאַפטען איז געקומען אַ קאָמיטע פון דעם אָרגאַניזירטען קלאָוק שאַפּ פון „פרידלענדער בראָדערס“ און האָט געבעטען, מען זאָל זיי העלפען גרינדען אַ יוניאָן און אויך העלפען זיי פירען אַ גרויסע צאָל שאַפּ סטרייקס.

די געווערקשאַפטען האָט געוויילט אַ קאָמיטע באַשטייענד פון יאָזעף באַראָנדעס, א. שאַך, און דעם שרייבער פון דיזע ציילען. אונזער קאָמיטע איז דעמזעלבען אָוועגט אַוועק צו די קלאָוקמאַכער, וואו מיר האָבען געפונען אַלע פינף פלאָרס געפּאַקט מיט קלאָוק אַרבייטער. עס האָט דאָרט געקאָכט ווי אין אַ קעסעל. די קאָמיטע לייט פון די געווערקשאַפטען האָבען גערעדט אין אַלע צען האַלס, ערקלערענדיג, אַז די געווערקשאַפטען וועט זיי העלפען גרינדען אַ יוניאָן און אויך אָנפירען זייערע סטרייקס.

די געווערקשאַפטען, ווי שוין פריער געזאָגט, האָט געהאַט אויף אירע הענט אַ טוץ גענעראַל סטרייקס, און אַלע דעלעגאַטען, ניט קיין באַצאָלטע, זיינען געווען ביזי. איך געדענק, ווי איך, אַלס סעקרעטאַר, האָב ערקלערט דער קאָמיטע פון די קלאָוקמאַכער, אַז מיר וועלען ביי זיי לאָזען דעם יונגענמאַן, דעם 21־יאָריגען יאָזעף באַראָנדעס, און ער וועט זיין מיט זיי שטענדיג, ביז די סטרייקס וועלען געוואונען ווערען, און אַ גרויסע יוניאָן וועט געגרינדעט ווערען.

## ווי באַראָנדעס איז געוואָרען באַרימט

דער קאָמיטע פון די קלאָוקמאַכער איז ער באַזונדערס געפעלען געוואָרען: אַ שיינער, הויכער יונגערמאַנטשיק מיט געקרויזטע האָר, וועלכע האָבען באַדעקט זיין גרויסען שטערען. ער רעדט מיט אַ באַסאָווע שטים, איז אַ מוטיגער חברה־מאַן, קען אַ סך תורה, — דאָס איז דאַן געווען באַראָנדעס.

— גיט אונז נאָך אַ האַלב טוצען אָרגאַנייזערס, — האָט מיר די קלאָוקמאַכער קאָמיטע געזאָגט.

מיין ענטפער איז געווען: — זיי וועלען שוין צוקומען.

עס איז שוין געווען נאָך צוויי אַזייגער ביינאַכט. באַראָנדעס האָט אויסגעטאָן זיין פרינץ־אַלבערט קאוט, וועלכען ער פלעגט טראָגען, און ער איז געגאַנגען האַלטען אַ רעדע.

מיר, די דריי־קאָמיטע לייט פון די געווערקשאַפטען, האָבען זיך אַוועקגעזעצט אין אַ צימער ביי אַ טיש און אויסגעאַרבייט פּלענער.

דערביי זיינען געזעסען די קאָמיטע לייט פון די קלאָוקמאַכער.

באַראָנדעס בעט די קאָמיטע פון די קלאָוקמאַכער, אַז זיי זאָלען בעטען ביים האָל־קיפּער אַן אויפשטעל־בעטעל, דאָ עס אַוועקצושטעלען פאַר אים צו שלאָפען. „איך וועל דאָ בלייבען אין האָל ביז אַלץ וועט דורכגעפירט ווערען”, האָט ער געזאָגט. „אויסער דעם בעטעל, זאָל מען ברענגען אַ „קעראָסינקע”, און אַ „טשאַיניק” טיי און צוקער, און עס וועט אַלץ זיין אָלראַיט”.

### אַ בעטעל און אַ „טשייניק” טיי

עס האָט שוין גענומען טאָגען. איז אונזער קאָמיטע אַוועק אין אַ קאַפע־סאַלון אויף דער באַוערי, זיך אַביסעל אָפּגעפרישט, און באַראָנדעס איז אַוועק פון דאָרטען אין זיין נייער היים, אין האָל אין 92 העסטער סטריט, ניו־יאָרק.

יענעם סיזאָן איז געווען אַ „שטאַרקע ביזי ביי קלאָוקס”, די דאַמאָלסטדיגע רייכע קלאָוקס פאַבריקאַנטען האָבען געהאַט גרויסע אָרדערס צוצושטעלען, און דאָ פּלוצלונג האָבען אַלע אַרבייטער פון טרייד פון די אינסייד שעפער, און ביי די קאָנטראַקטאָרס, זיך אויף אַמאָל, ווי איין מאַן, אויפגעהויבען און גענומען סטרייקען אויף אַן אמת. זיי האָבען געשריען, אַז זיי ווילען אַ שטאַרקע יוניאָן, גוטע פּרייזען און גוטע באַהאַנדלונג.

אַ מאַסע פון זיבען טויזענט זיינען אַרויס אין אַ גענעראַל סטרייק. גאַנץ דאַונטאַון האָט געקאָכט, גערוישט מיט יענעם סטרייק. דערצו האָבען נאָך געסטרייקט כמעט אַלע איבריגע אידישע טריידס. גראַד איז צו יענער צייט ערשינען די „אַרבייטער צייטונג”, די ערשטע וועכענטליכע סאָציאַליסטישע אידישע צייטונג, וועלכע האָט ענערגיש אַגיטירט פאַר יוניאָנס און פאַר סאָציאַליזם.

אַלע ענגלישע צייטונגען אין ניו יאָרק האָבען גענומען פיל שרייבען וועגען קלאָוקמאַכער סטרייק.

די שטאַרקע סטרייק באַוועגונג פון די קלאָוקמאַכער האָט געדויערט זעקס־זיבען וואָכען. אַלע קלאָוק־מאַנופעקטשורערס, ווי אויך די קאָנטראַקטאָרס, האָבען געסעטעלט מיט דער יוניאָן, נאָכגעבענדיג די פאָדערונגען פון די אַרבייטער, — בעסערע פּרייזען פאַר אַרבייט, אַנערקענונג פון דער יוניאָן.

ווי איך האָב שוין פריהער באַמערקט, האָט די קאָמיטע פון די געווערקשאַפטען איבערגעלאָזט ביי די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער באַראָנדעס'ן, וועלכער האָט גערעדט צו די סטרייקערס בייטאָג און ביינאַכט. ער איז דאָרטען געשלאָפען אין האָל, געטרונקען טיי, און מען פלעגט אים אין האָל אַריינברענגען עפּעס צוצובייסען. זעקס וואָכען צייט האָבען די קלאָוקמאַכער געהאַלטען באַראָנדעס'ן פאַר „גרענד מענעדזשער” פון דער אפּרייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן, נומער 1, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין צייט פון סטרייק. אַ מאָדנער טיטעל: „גרענד מענעדזשער„, אָבער אַזוי איז דאָס געווען. און דאָ האָט פּאַסירט מיט באַראָנדעס'ן פאָלגענדע געשיכטע:

ווי איך האָב שוין אנגעדייטעט, איז באַראָנדעס, אָנקומענדיג צו די קלאָוקמאַכער, געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַ מעמבער פון 8־טען ברענטש ס.ל.פּ.

גראָדע זיינען אַ היבשע צאָל פון די פירער פון יענעם קלאָוקמאַכער סטרייק, וועלכע האָבען צוזאַמען מיט באַראָנדעס'ן געפירט דעם סטרייק, געווען אַנאַרכיסטען, און זיי האָבען „איבערצייגט” באַראָנדעס'ן, אַז דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל איז „ריכטיגער ווי דער סאָציאַליסטישער”.

### וועלכער אידעאַל איז „ריכטיגער”?

די וויכטיגסטע צוויי פון באַראָנדעס'עס אַנאַרכיסטישע ראַטגעבער זיינען געווען: מאָריס לידער, וועלכער איז מיט יאָרען שפּעטער געוואָרען דער מענעדזשער פון דער ריפער מאַכער יוניאָן, און אברהם ראָזענבערג, דער שפּעטערדיגער פּרעזידענט פון דער אינטערניישאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן. מיט יאָרען שפּעטער זיינען לידער און ראָזענבערג געוואָרען אַליין סאָציאַל־דעמאָקראַטען און זיינען אַריינגעטראָטען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און געבליבען דאָרטען ביז זייער טויט.

די פראַקציאָנעלע שטרייטען אין דער עקזעקוטיוו פון יענער קלאָוקמאַכער יוניאָן צווישען סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען זיינען געווען אַ צרה. אָבער די יוניאָן, וועלכע האָט געציילט 7.000 מיטגלידער און איז געווען פאַרבונדען מיט דער סענטראַל לייבאָר פעדעריישאָן פון ניו־יאָרק און מיט דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען, האָט אויסגעאַרבייט נייע פאָדערונגען צום פאָל סיזאָן און האָט זיי אין דזשולייי, 1890, צוגעשטעלט צו די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס.

אין די פאָדערונגען פון די יוניאָנס איז געווען אַ פּונקט: אַז יעדער קלאָוק־מאַנופעקטשורער מוז אונטערשרייבען, אַז ער גאַראַנטירט פאַר זיינע קאָנטראַקטאָרס פון די סוועט־שעפער, אַז זיי וועלען אָנהאַלטען זייער אַגרימענט, וואָס זיי וועלען אונטערשרייבען מיט דער יוניאָן.

יענע רייכע אינסייד פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען געהאַט קאָנטראַקטאָרס פון סוועט שעפער פון קלאָוקס, זיינען ניט געווען געוואוינט, אַז אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן זאָל עקזיסטירען מער

ווי איין סיזאָן, דערפאַר האָט זייער באָסעס אַסאָסיאיישאָן זיך צוגעגרייט צו אַ גרויסען קאַמף מיט דער קלֿאוקמאַכער יוניאָן.

אַזוי שנעלֿ ווי די קלֿאָוקמאַכער יוניאָן האָט גערופען סטרייקס אין די שעפּער, וואו די קלֿאָוק מאַנופעקטשורערס האָבען זיך אַנטזאגט צו אונטערשרייבען די יוניאָן אַגרימענטס, האָט די קלֿאָוק מאַנופעקטשודערס אַסאָסיאיישאָן געמאַכט אַ לֿאָקאַוט און אויסגעשלֿאָסען פון זייערע שעפּער אַלֿע קלֿאָוק אַרבייטער.

יענער קאַמף איז געווען זעהר אַ שווערער און ביטערער און האָט געדויערט 2 מאָנאַט צייט.

**פּראָפעסאָר גאַרסאַיד**

די אידישע מאַסען האָבען געשטיצט דאַן די קעמפענדע קלֿאוקמאַכער. יאָזעף באַראָנדעס האָט געפירט יענעם סטרייק־לֿאָקאַוט, און זיין מיטהעלֿפער איז געווען אַ געוויסער פּראָפעסאָר גארסייד, אַן אַנאַרכיסט, און אַ געוועזענער מעמבער פון דער ס.לֿ.פּ., אויף ווענען די סאָציאַלֿיס־טישע גענאָסען האָבען אויסגעפונען, אַז ער איז ניט עהרלֿיך גענוג צו זיין אַ סאָציאַלֿיסטישער אַגיטאַטאָר. דער גארסייד איז געווען אַ „פּובלֿיסיטי־מען" אין יענעם קלֿאָוקמאַכער סטרייק פון 1890.

אין דעם צווייטען סטרייק־לֿאָקאַוט פון אַלֿע קלֿאָוק און דרעס אַרבייטער אין מאָנאַט מאַי, 1890, האָבען די קלֿאָוקמאַכער וואונדערבאַר בראַוו געסטרייקט.

פּראָפעסאָר גאַרסייד איז מיט יעדען טאָג אַלֿץ געוואָרען מעכטיגער אין דער קלֿאָוקמאַכער יוניאָן. ריכטיגער געזאָגט, ביים דזשאָינט באָארד פון אַלֿע קלֿאָוק יוניאָנס, ווייל אין יענעם קאַמף האָבען זיך אויך באַטייליגט די קלֿאָוק קאַטערס, ווענען די באָסעס אַסאָסיאיישאָן האָט אַרויסגעוואָרפען פון זייערע שעפּער צוזאַמען מיט די אפּערייטאָרס און די איבריגע קלֿאוק אַר־בייטער.

דעם 12טען יולֿי, 1890, איז פאָרגעקומען די ערשטע פרידענס־קאָנפערענץ מיט דער קלֿאָוקס פאַבריקאַנטען אַסאָסיאיישאָן וועגען אַ סעטעלֿמענט פון סטרייק־לֿאָקאַוט. דער פאָר־שטייער און „סעטלֿער" פאַר דער קלֿאָוקמאַכער יוניאָן איז געווען דאָס מאָלֿ פּראָפעסאָר ט. גאַרסייד. ער האָט זיך פאַראייניגט מיט די פאַרטרעטער פון די קלֿאָוק קאַטערס יוניאָן, און זיי האָבען עס געשלֿאָסען אַ פרידענס־אָפּמאַך מיט די קלֿאָוקס באַלֿעבאַטים, וועלֿכע האָבען אַנערקענט די יוניאָן. די באַלֿעבאַטים האָבען זיך פאַרפלֿיכטעט אַלֿע איבריגע שטרייט־פּונקטען צו אַר־ביטרירען. אָבער וועגען העכערען די פּרייזען פאַר דער אַרבייט און וועגען דעם, אַז די באַלֿע־באַטים זאָלֿען אַוועקשיקען די סטרייק־ברעכערס, איז קיין וואָרט ניט געווען אין קאָנטראַקט.

דעם 16־טען יולֿי, 1890, האָבען אַלֿע ענגלֿישע צייטונגען פון ניו יאָרק געשריבען, אַז דער קלֿאָוקמאַכער סטרייק האָט זיך געענדיגט.

ווען מען האָט געדאַרפט פאַרלֿעזען דעם אַגרימענט ביי דער סטרייק קאָמיטע פון דער יוניאָן, האָט מען געבעטען גענאָסע אב. קאַהאַנ׳ען, וועלֿכער איז דאָרטען אָנוועזענד געווען, אַז אַזוי ווי דער קאָנטראַקט איז אין ענגלֿיש, זאָלֿ ער אים איבערזעצען אין אידיש. ערשט דאַן האָט מען אויסגעפונען, אַז די פאָדערונגען, פאַר וועלֿכע די קלֿאָוק אַרבייטער האָבען אַזוי ביטער געקעמפט, זיינען ניטאָ אין קאָנטראַקט.

**אב. קאַהאַן פאַרטייטשט אַגרימענט**

אַ טאָג שפּעטער האָט מען גערופען אַ מאַסען־פאַרזאַמלֿונג אין ניו עוורעט האָלֿ, 31 איסט 4־טע סטריט, צו יענער צייט דער גרעסטער האָלֿ אויף דער איסט־סייד. נאָכדעם ווי יאָזעף באַראָנדעס און אב. קאַהאַן האָבען ערקלֿערט דער מאַסע פון איבער 3 טויזענט סטרייקענדע קלֿאוק־מאַכערס, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם סעטעלֿמענט, וועלֿכען פּראָפעסאָר גאַרסייד צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון די קלֿאָוק קאַטערס האָבען געשלֿאָסען מיט די קלֿאָוק פאַבריקאַנטען, האָבען אַלֿע קלֿאָוקמאַכער פאַרשטאַנען, אַז דער פּראָפעסאָר גאַרסייד האָט זיי פאַרראַטען. כמעט איינשטימיג האָבען די סטרייקערס באַשלֿאָסען פאָרטצוזעצען דעם סטרייק אַזוי לֿאַנג, ביז די באַלֿעבאַטים וועלֿען ניט נאָכגעבען אַלֿע גערעכטע פאָדערונגען פון די קלֿאָוקמאַכער.

די דראַמאַטישע סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילֿט ביי יענער ריזיגער פאַרזאַמלֿונג, מיט 48 יאָר צוריק, וועלֿ איך, דאַכט זיך, קיינמאָלֿ ניט פאַרגעסען.

די גרויסע מאַסען קלֿאָוקמאַכער האָבען געברענט מיט צאָרען געגען די, וואָס האָבען זיי געוואָלֿט פאַרראַטען.

ווען מען האָט שוין אָפּגעשטימט אַז מען זאָלֿ ווייטער סטרייקען, האָט דער טשערמאַן פון יענער פאַרזאַמלֿונג געפרעגט: „נו, שוועסטער און ברידער, מיר האָבען דאָך קיין געלֿט ניט מיט וואָס ווייטער צו פירען דעם סטרייק". עס איז ווידער געוואָרען אַ גרויסער קאָך, און פילֿע סטריי־קערס האָבען גענומען טראָגען צו דער פּלֿאַטפאָרמע זייערע צירונג — רינגען, בראַסלֿעטען, און אוירינגלֿאַך. „פאַרקויפט עס און פירט ווייטער דעם סטרייק", האָט די מאַסע געשריען.

עס איז געווען אַ וואונדערבאַרע סצענע, אַן אומפאַרגעסלֿיכע. ביי יענער פאַרזאַמלֿונג איז אויך אָנוועזענד געווען דער פאַרשטאָרבענער סעמועלֿ גאָמפּערס, גרינדער פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לֿייבאָר. ער האָט דאָרטען געהאַלֿטען אַ רעדע, וואָס האָט געמאַכט אויף אַלֿעמען אַ וואונדערבאַרען איינדרוק.

## גאַרסאַיד פאַרשווינדט

דער באַנייטער סטרייק פון די קלאָוקמאַכער יוניאָן, אין ברען פון סיזאָן, האָט אָנגעהאַלטען בלויז נאָך אַ וואָך צייט, און עס איז געמאַכט געוואָרען אַ באַזונדערער סעטעלמענט פון דער יוניאָן מיט יעדען קלאָוקס פאַבריקאַנט.

די אַרבייטער האָבען געוואונען די פרייזען אויף אַרבייט (עס איז געווען שטיק אַרבייט), די אַנערקענונג פון דער יוניאָן, די אָפּשאַפונג פון אינסייד קאָנטראַקטאָרס, (די אינסייד קאָנטראַקטאָרס זיינען געווען גאָר אַ גרויסע צרה אין אַלע שניידער טריידס. אין יעדען גרויסען אינסייד שאַפּ פלעגען זיך געפינען אַזעלכע "אַרבייטער", וואָס האָבען געהאַלטען פון זייער האַנט אַרויסהעלפּער, און זיי פלעגען זיי עקספּלואַטירען אויפ'ן שענדליכסטען אופן). ווייטער האָט יענער סעטעלמענט געלויטעט, אַז די וועכענטליכע שכירות פון אַ שניידער אין די „אינסייד"־שעפּער זאָלען זיין 15 דאָלער אַ וואָך, און פון אַ פּרעסער 14 דאָלער אַ וואָך.

די שטונדען ביי וואָך־אַרבייט זיינען געבליבען דיזעלבע, פון 8 אין דער פרי ביז זעקס פאַרנאַכט.

יענער סעטעלמענט איז געמאַכט געוואָרען פון אַ קאָמיטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן מיט יאָזעף באַראָנדעס אַלס פירער.

דיזען סעטעלמענט האָבען די קלאָוקמאַכער אָנגענומען.

פּראָפעסאָר גאַרסייד איז גלייך נאָכ'ן ערשטען סעטעלמענט פאַרשוואונדען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, און מער האָט מען אים ניט געזען.

## דער גאַסט גאָמפּערס

מיט סעמועל גאָמפּערס'ן האָט דער שרייבער פון דיזע שורות געאַרבייט אין איין שאַפּ, אין שטאַכעלבערג'ס סיגאַר פאַבריק אויף וועסט־בראָדוויי, קאָרנער ברום סטריט, ניו־יאָרק. דאָס איז געווען אין יאָר 1882. אַב. קאַהאַן האָט אויך געאַרבייט אין זעלבען שאַפּ אַ שטיקעל צייט. גאָמפּערס האָט דאַן געאַרבייט ביי שפּאַנישע הענט סיגאַרען, און איך בין אין דעם זעלבען שאַפּ געווען אַ „סטריפּער באָי" ביי טאַבאַק בלעטער. איך האָב זיך דעמאָלט אין שאַפּ באַקענט מיט „בראָדער סעם", דעם גרויסען יוניאָן פירער, וועמען איך האָב דערציילט, אַז די „גרינע" אידישע אימיגראַנטען ווילען אָרגאַניזירען יוניאָנס אין שניידער טריידס. גאָמפּערס האָט מיר פאַרשפּראָכען צו קומען ריידען צו אונז אַמאָל. און ער איז אַ פּאָר מאָל געקומען צו אונזערע מאַס־מיטינגען.

טרעפענדיג זיך מיט גאָמפּערס'ן מיט 9 יאָר שפּעטער ביי יענעם וואונדערבאַרען קלאָוקמיטינג, האָב איך גאָמפּערס'ן דערציילט, וואָס מיר טוען אויף אויף דער איסד־סייד, און אַז מיר גרינדען יוניאָנס פאַר די אימיגראַנטען פון די שניידער טריידס.

גאָמפּערס איז שוין דאַמאָלט געווען פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

— אָ, — זאָגט צו מיר גאָמפּערס, — מיר ווילען ניט האָבען קיין אידישע, קיין דייטשע און קיין טערקישע יוניאָנס, דאָ ווילען מיר האָבען אַלגעמיינע אַמעריקאַנער יוניאָנס. נאָר אַלס צוגרייטער פאַר אַזעלכע יוניאָנס זייט איר, מיינע אידישע גלויבענס־גענאָסען, אָל־ראַיט.

די קלאָוקמאַכער יוניאָן, צוזאַמען מיט אַלע יוניאָנס פון פרויען־קליידער, האָט ערשט אין יאָר 1900 געגרינדעט אַן „אינטערנעשאָנאַל" אונטער דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

## די מעשה דזשאַמעיקאַ

אין יאָר 1891 האָט די אפּרייטאָר קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער 1, אונטער באַראָנדעס'עס פירערשאַפט געהאַט אַ ריי שאַפּ סטרייקס, צווישען זיי סטרייקס געגען די גרויסע קלאָוק פאַבריקאַנטען „בענדזשאַמין און קאַספּאַרי", בלומענטאַל בראָדערס, פאַפקין און מאַרקס, און פילע אַנדערע.

אייניגע סטרייקס זיינען געווען פאַר בעסערע אַרבייטס־פרייזען, אַנדערע — צוליב אָוועקשיקען טעטיגע יוניאָן־מיטגלידער פון דער אַרבייט. די קלאָוקס באָסעס זיינען פשוט ניט געווען צוגעוואוינט צו דער יוניאָן, און צוליב דעם האָבען אויסגעבראָכען סטרייקס אין אַלע גרויסע ווער־הייזער פון קלאָוקס, וועלכע פלעגען דעמאָלט געבען צו מאַכען זייער אַרבייט צו קלאָוקקאָנטראַקטאָרס און סוועט־שעפּער.

ווען די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט געשיקט פּיקעטס צו די שעפּער, וואו מען האָט געסטרייקט, האָבען די קאָנטראַקטאָרס פון סוועט־שעפּער געטאָן וואָס די איצטיגע באָסעס טוען, — זיי פלעגען אַנטלויפען אין די קלענערע שטעטלאַך, ניט ווייט פון ניו־יאָרק.

אין יענעם סטרייק פון 1891 האָט די פּיקעט־קאָמיטע געשיקט פון ניו־יאָרק אַ סאַב־קאָמיטע נאָך דזשאַמעיקאַ, לאָנג אייזלאַנד, וואו מען האָט געעפענט אַ סקעב־שאַפּ.

קומענדיג אין דזשאַמעיקאַ, האָט די קאָמיטע פון דער יוניאָן אויפגעפאָדערט דעם קאָנטראַקטאָר, ער זאָל ניט מאַכען קיין סקעב־אַרבייט. עס איז געקומען צו אַ געשלעג. אַקוראַט וואָס דאָרטען האָט פּאַסירט, ווייסט מען עד היום ניט, אָבער די באַשולדיגונגען זיינען געווען, אַז די פּיקעטס האָבען געשלאָגען דעם קאָנטראַקטאָר און האָבען אומגעוואָרפען אַ ברענענדיגען אויוועןמיט'ן פייער, און דעם קאָנטראַקטאָר'ס קינד איז צוברענט געוואָרען.

פון דער גאַנצער קאָמיטע האָט די פּאָליציי אין דזשאַמעיקא געכאַפּט איין פּיקעט, ווען ער האָט געוואָלט אַרויף אויף אַ סטריט קאַר.

אַלע ענגלישע קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, וועלכע האָבען ביי דער גרינדונג פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן געשריבען וועגען איר סימפּאַטישע אַרטיקלען, זיינען גלייך נאָך דעם פאַל אַרויס מיט שאַרפע אַרטיקלען געגען די פרעמדע אימיגראַנטען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און פון אַלע אידישע טרייד יוניאָנס, וואָס ווילען זיך באַנוצען מיט גוואַלד־מיטלען.

## די ערשטע אַרעסטירטע יוניאָן־לייט

אויפ׳ן צווייטען טאָג אין יענעם אָוועגט איז ביי אַ מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, געקומען אַ גרויסע קאָמאַנדע פון דעטעקטיווס צוזאַמען מיט יענעם דזשעמעיקער קאָנטראַקטאָר, און אויף וועמען דער קאָנטראַקטאָר האָט אָנגעוויזען, יענעם האָבען די דעטעקטיווס אַרעסטירט. דעם לעצטען האָבען זיי גענומען באַראָנדעס׳ן, וועמען זיי האָבען געטראָפען אין זיין היים. צוזאַמען האָט מען פאַרנומען 12 אָדער 15 קלאָוקמאַכער, באַאַמטע פון דער יוניאָן, און מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין דזשאַמעיקער געפענגעניס. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ גוואַלדיגען רושם ניט נאָר אין אידישען קוואַרטאל אַליין, אַלע ענגלישע קאַ־פּיטאַליסטישע צייטונגען זיינען באַלד אַרויס מיט גרויסע קעפּ: „באַראָנדעס אַרעסטירט“. דריי טעג זיינען די מענשען געזעסען אין תפיסה. מיר האָבען געהאַט בלויז די וועכענטליכע „אַר־בייטער צייטונג“, האָט מען די דריי טעג געדרוקט יעדען טאָג אַ בלעטעל און דערציילט אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט. דער שרייבער איז געווען יאָזעף באַראָנדעס, וועלכער איז געזעסען אין פּריזאָן מיט אַלע איבעריגע מיט־באַאַמטע.

אויפ׳ן פערטען טאָג איז פאָרגעקומען דער פאַרהער אין דזשאַמעיקער פּאָליציי־געריכט און דער ריכטער האָט די אַרעסטירטע קלאוקמאַכער מיט באַראַנדעס׳ן צוזאַמען באַפרייט, ווייל עס זיינען געגען די אָנגעקלאָגטע ניט געווען קיין באַווייזען. דער איינציגער, וואָס איז פאַרהאַלטען געוואָרען, איז געווען פרענק ריינגאָלד, וועמען מען האָט אַרעסטירט אין דזשאַמעיקאַ אויף אַ סטריט־קאַר, געפירט פון פערד.

און דאָ האָט פּאַסירט אַ נייע סענסאַציע. ווי נאָר דער פּאָליס־ריכטער פון דזשאַמעיקאַ האָט באַפרייט די אַרעסטירטע קלאוקמאַכער, און זיי האָבען גענומען אַרויסגיין מיט טריאומף פון הינטער די גראַטעס, זיינען צוגעקומען 2 דעטעקטיווס פון ניו יאָרק און ווייזענדיג באַראָנדעס׳ן אַ פּאַפּיר, האָבען זיי אים ערקלערט, אַז ער איז זייער אַרעסטאַנט. זיי האָבען באַראָנדעס׳ן אַוועקגעפירט אין די „טומבס“ אין ניו יאָרק. די געשיכטע איז געווען אַזאַ: באַראָנדעס האָט געסעטעלט אַ סטרייק ביי דער פירמע „פּאַפּקין און מאַרקס“, פון קאַנאַל סטריט, ניו־יאָרק, און ער האָט ביי די באָסעס גענומען אויף זיין נאָמען אַ טשעק פאַר 100 דאָלאַר „בעק פּעי“, אָדער פאַר דער צייט, וואָס די קלאוקמאַכער האָבען געסטרייקט. איז געקומען די קלאָוק־באָסעס אַסאָסיעי־שאָן און האָט פאַרפירט ביים דיסטריקט אַטוירני אַ קרימינעלען פּראָצעס געגען באַראַנדעס׳ן פאַר אַ פאַרשווערונג אויסצופּרעסען געלט ביי די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס.

פון דעם טעות מיט׳ן נאָמען אויפ׳ן טשעק איז געוואָרען אַ „קעיס“ געגען באַראָנדעס׳ן.

באַראָנדעס איז געשטעלט געוואָרען אונטער צוואַנציג טויזענט דאָלאַר בעיל, אָבער די קלאוקמאַכער יוניאָן האָט געקראָגען אַ בעילער.

די דזשורי האָט באַראָנדעס׳ן געפונען שולדיג, און ער איז פאַראורטיילט געוואָרען אויף אַ יאָר מיט 9 מאָנאַטען סינג־סינג.

די קלאָוקמאַכער יוניאָן און די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָבען מיט דער הילף פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג, מיט דער באַוויליגונג פון דער דאַמאָלסדיגער „סענטראַל לייבאָר יוניאָן“, אָנגעפירט אַ שטאַרקע באַוועגונג אויסצואווירקען די באַפרייאונג פון באַראָנדעס׳ן, און ענדליך איז עס אויך געלונגען. גאָווערנאָר פלאָוער האָט באַראָנדעס׳ן באַגנאַדיגט. דאָס איז געווען סוף יאָר 1892.

## באַראָנדעס און ריינגאָלד

דער אַרעסטירטער קלואוקמאַכער פרענק ריינגאָלד איז פון אַ דזשורי געפונען געוואָרען שולדיג און איז פאַראורטיילט געוואָרען אויף פינף יאָר און 9 מאָנאַטען אין סינג־סינג.

די קלאוקמאַכער יוניאָן האָט מיט דער הילף פון דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג אין ניו יאָרק געאַרבייט, אַז דער גאָווערנאָר זאָל באַגנאַדיגען דעם יונגען קלאוקמאַכער פרענק ריינגאָלד פון סינג־סינג. עס האָט געדויערט 7 מאָנאַטען, ביז גאָווערנאָר דעיווויד ב. היל האָט ריינגאָלד׳ן באַפרייט.

נאָך אין יאָר 1890 האָט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אָנגעפירט אַ באַוועגונג, אַז די לעדזשיסלעיטשור פון סטייט ניו יאָרק זאָל שאַפען אַ געזעץ, וואָס זאָל פאַרבאָטען סוועט־שאַפּס אין ניו יאָרק.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט געגרינדעט דאַן אַן „אַנטי סוועטינג ליג“, צו וועלכער מען האָט צוגעצויגען פּראָמינענטע פּערזאָנען פון ניו יאָרק, ווי אויך איינ־פלוסרייכע אָרגאַניזאַציעס.

איך געדענק, ווי איך, אַלס פאַרטרעטער פון די געווערקשאַפטען, בין געגאַנגען איינלאַדען דעם באַרימטען גלח טשאַרלעז פּאַרקהורסט, ער זאָל אונז העלפען, ווייל ער איז דאַמאָלט גע־ווען ערפאָלגרייך אין אַ קאַמף צו צוברעכען טעמעני האָל מיט איר קאָרופּציע, אפשר וועט אים אויך געלונגען צו העלפען אָפּשאַפען סוועט־שעפּער.

איך האָב מיט דר. פּאַרקהורסט באַזוכט אַ ריי סוועט־שעפּער. דר. פּאַרקהורסט האָט געזען די פינסטערע, שמוציגע לעכער, וואו די אידישע אַרבייטער האָבען שווער געהאָרעוועט טעג און אָוועגטען. ער האָט אַזש פאַרשטעלט די נאָז, ניט קענענדיג פאַרליידען די שרעקליכע לופט אין די סוועט־שעפּער.

**קאַמף מיט די סוועט־שעפּער**

דר. פּאַרקהורסט האָט מיר געזאָגט: „וועהאַט אַר דעי, קעטעל אָר יומען ביאינגס״ (זיינען זיי בהמות אָדער מענשען?). איך האָב געענטפערט: „זיי זיינען מענשען גראדע ווי מיר, אָבער זיי קענען זיך אַליין ניט העלפען, מען דאַרף זיי העלפען״. און אָט האָבען די אַמעריקאַנער צייטונגען געשריבען, אַז די אידישע נאָדעל־אַרבייטער אין אַמעריקע האָבען געמאַכט אירע איינוואוינער פאַר די בעסטע געקליידטע מענשען אויף דער וועלט.

איך ווייס ניט, אויף וויפיל דער איינפלוס פון דעם גלח פּאַרקהורסט האָט געווירקט, נאָר אין יאָר 1892 האָט די לעדזשיסלייטשור פון ניו־יאָרק סטייט אָנגענומען דעם ערשטען געזעץ געגען סוועט־שאַפּס. יענער געזעץ האָט געלויטעט, אַז אין אַ טענעמענט שאַפּ (אַזוי האָט מען דאַן גערופען אָפיציעל אַ סוועט־שאַפּ) זאָלען קענען אַרבייטען בלויז די מענשען, וואָס האָבען געוואוינט אין יענעם פלעט, און ניט קיין אַנדערע.

אַביסעל אַ שטאַרקערען געזעץ האָט די לעדזשיסלייטשור פון ניו־יאָרק סטייט אָנגענומען אין יאָר 1899. דער נייער געזעץ האָט געלויטעט, אַז ווען אַ באַלעבאָס וויל האַלטען זיין שאַפּ אין אַ טענעמענט־הויז, וואו עס וואוינען פאַמיליעס, דאַרף ער אַרויסנעמען לייסענס פון „באָאַרד אָוו העלטה״.

פאַר אַ קאָנטראַקטאָר צו קריגען אַזאַ מין לייסענס איז געווען צו שווער. האָבען די קאָנ־טראַקטאָרס זיך אַריבערגעצויגען מיט זייערע שעפּער אין פעקטאָרי דיסטריקטס, וואו קיין פאַ־מיליעס האָבען ניט געוואוינט.

דאָס איז געווען אין 1900. פון דאַמאָלסט אָן זיינען אַלע סוועט־שעפּער פון דער איסט־סייד צוזאַמען מיט די וואוינונגען פון די קאָנטראַקטאָרס פאַרשוואונדען פון ניו יאָרק.

די רייכע גרויסע פאַבריקאַנטען פון קליידער האָבען אין יענער צייט אויפגעמאַכט גרויסע מאָדערנע שעפּער אויף בראָדוועי און 5טער עוועניו פון ניו יאָרק.

דאַמאָלס האָבען שוין די יוניאָנס געהאַט אויסגעקעמפט, אַז די אַרבייטער זאָלען ניט זיין געצוואונגען צו ברענגען אייגענע ניי־מאַשינען. די זינגער מאַשין קאָמפּאַני האָט דאַן ער־פונדען בעסערע און שנעלערע ניי־מאַשינען. קיין „מאַשין טרעטערס״ האָט מען שוין ניט געדאַרפט, ווייל מען האָט איינגעפירט סטים אָדער עלעקטריק.

דער „באָאַרד אָוו העלטה״ פון ניו יאָרק האָט געאָרדערט, אַז אין יעדען בילדינג מיט שעפּער זאָל מען בויען סאַניטאַרע טאָילעטס און וואַש־רומס. עס קען זיין, אַז דר. פּאַרקהורסט האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם.

די אידישע יוניאָנס האָבען אויסגעקעמפט, אַז דער באָס דאַרף לאָזען צורעכטמאַכען די ניי־מאַשינען אויף זיין רעכנונג, און מען זאָל געבען די אַרבייטער בעסערע „טולס״ צו דער אַרבייט.

**רעכט צו מאַכן אַ לעבן**

וועגען דער פראַגע: „סעקיוריטי אָוו דהי דזשאָב״ און גלייכער פאַרטיילונג פון אַרבייט אין שאַפּ ווערט לעצטענס פיל גערעדט און געשריבען.

פאַר דאָס רעכט צו ערווערבען זיך אַ דזשאָב און פאַר אַ גלייכער פאַרטיילונג פון אַרבייט אין די שעפּער, האָט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען די ערשטע 6־7 יאָר פון איר עקזיסטענץ געהאַט צו פירען גרויסע קאַמפען, ווייל אַזוי שנעל ווי די געווערקשאַפטען האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירען אַ יוניאָן און רופען אַ פאַרזאַמלונג, פלעגט שוין אימיצער דער־ציילען די באַלעבאַטים פון די שעפּער פון יענע טרעידס, און מען פלעגט נעמען אַרויסוואַרפען פון דעם שאַפּ יענע אַרבייטער, וועלכע האָבען געהאָלפען גרינדען אַ יוניאָן. אויך אַזעלכע אַר־בייטער, וואָס זיינען אָנוועזענד געווען ביי אַ פאַרזאַמלונג צו גרינדען די יוניאָן, האָט דער באָס גלייך „געסעקט״.

עס איז געווען גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט אויף די טוערס פון די געווערקשאַפטען, ווען זיי זיינען געגאַנגען אָרגאַניזירען יוניאָנס, צוליב קרבנות, אָרימע אַרבייטער, וואָס האָבען פאַר־לוירען זייערע דזשאָבס, און אין אַנדערע שעפּער פון טרייד, האָט מען זיי ניט געוואָלט נעמען צו דער אַרבייט. ס׳האָט געמיינט אַ „בלעק־ליסט סיסטעם״.

די טעטיגע דעלעגאַטען און באַאַמטע פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פלעגען דערפון האָבען גרויסע קאָפּ־ווערהטאָגען. סטייטש, צו האָבען אויף זייער געוויסען, אַז צוליב דעם, וואָס מיר אָרגאַניזירען יוניאָנס, ווערען אַרבייטער פאַרפאָלגט, גאַנצע פאַמיליעס דאַרפען הונגערען, און מען מוז אַנטלויפען אין אַן אַנדער שטאָט צו קריגען אַרבייט!

### די ערשטע פאָדערונגען פון אידישע אַרבייטער

מיר האָבען גענומען קלערען וואָס מען טוט.

דאָס ערשטע האָבען מיר גענומען אַרבייטען „קאָנספּיראַטיוו". מיר האָבען זיך שטאַרק געהיט, מיט ווער פון די אַרבייטער מיר קענען ריידען, אַז דער באָס זאָל ניט געוואָהר ווערען.

מיר האָבען אויך איינגעפירט, אַז אין „סלעק טיים" זאָלען מיר קיינמאָל ניט אָרגאַניזירען קיין יוניאָנס. אַ יוניאָן פלעגט אָרגאַניזירט ווערען אין „ביזי" צייט איבער נאַכט, און מיר פלעגען אויפ'ן צווייטען טאָג אַוועקגיין מיט פאָדערונגען צו די באָסעס.

אין די יוניאָן קאָנטראַקטען פלעגט דער ערשטער פּונקט זיין אָנערקענונג פון דער יוניאָן; דער צווייטער פּונקט פלעגט זיין, אַז אַ באַלעבאָס זאָל נישט טאָרען „סעקען" אַן אַרבייטער, וואָס אַרבייט ביי אים מער ווי צוויי וואָכען, סיידען דער אַרבייטער איז באַגאַנגען אַזאַ זאַך געגען באָס, פאַרוואָס מען קען יאָ דעם יוניאָן־מאַן אַוועקשיקען פון שאַפּ. אָבער אַזאַ פראַגע מוז דער באָס אַפריער פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן.

אַ דריטער וויכטיגער פּונקט איז געווען, אַז אין „סלעק־טיים" טאָר דער באָס קיין אַרבייטער ניט „סעקען", נאָר מען דאַרף טיילען די אַרבייט גלייך צווישען די אַרבייטער פון יעדען שאַפּ.

און דאַן זיינען אין אַגרימענט ערשט געקומען די פּרייזען, די אַרבייטס־שטונדען און אַלע אַנדערע יוניאָן־באַדינגונגען.

פאַר די ערשטע דריי פּונקטען האָבען די אידישע אַרבייטער די ערשטע יאָרען פון די אידישע יוניאָנס געסטרייקט מאָנאַטען־לאַנג, געליטען הונגער. די באָסעס האָבען די פּונקטען ניט געוואָלט נאָכגעבען. זיינען פאָרגעקומען צוליב דעם אַ סך סטרייקס, און אַ גרויסע צאָל פון זיי האָבען די אַרבייטער פאַרלוירען.

די געווערקשאַפטען האָט געשיקט אַ קאָמיטע צו גאָמפּערס'ן אין אָפיס פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, וועלכער איז דאַמאָלסט געווען אין ניו־יאָרק אויף גריניטש עוועניו (גריניטש ווילעדזש).

### אַן אַנדער בליק ביי אַמעריקאַנער

כאָטש זייער אַ קליינע צאָל פון אונזערע אידישע יוניאָנס האָבען דאַן באַלאַנגט צו דער „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר", דאָך האָבען מיר מיט גרויס דרך־ארץ זיך באַצויגען צו גאָמפּערס'ן. אין זיין באַציאונג צו אונז איז געווען טיפע פריינטשאַפט, אַ ספּעציעלע ברידערליכקייט. מיר האָבען אים ערקלערט, אַז די געווערקשאַפטען האָט באַשלאָסען, אַז אַ באָס קען בלויז מיט דער צושטימונג פון דער יוניאָן אַוועקשיקען אַן אַרבייטער, ווען עס איז דאָ אַ גענוגענדער גרונד דערפאַר. גאָמפּערס האָט מיט אונז דיסקוטירט, אַז אַזאַ באַשלוס איז צו עקסטרעם, און אַז מיר שטעלען אין געפאַר אונזערע יוניאָנס. מיר האָבען זיך געזעגענט מיט אים פריינדליך.

די אידישע יוניאָנס האָבען ווייטער געקעמפט, און מיט דער צייט האָבען מיר יענעם גרויסען קאַמף געוואונען.

מיר זיינען ניט געווען קיין פאַרשלאָפענע אין דעם באַגינען פון אונזער באַוועגונג. גאָמפּערס איז געווען גערעכט, אַז מיר האָבען זיך פאַרמאָסטען מיט געפאַר, אָבער מיר האָבען זיך פאַרמאָסטען.

מיר דרוקען דאָ די פּרינציפּען ערקלערונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין דעם סטיל און מיט דער אויסלייגאַכץ ווי זי איז געשריבען געוואָרען מיט פופציג יאָר צוריק. די געווערקשאַפטען האָט זי אָנגענומען ביי איר גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. געשריבען האָבען זי מאָרים הילקוויט און ב. ווייַנשטיין. זיי האָבען קאָפּירט די „פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען פון ניו יאָרק".

# די פּלאַטפאָרמע פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו יאָרק און אומגעגענד

די ערפאַהרונג לערענט אונז, אַז די אָרגאַניזאַציאָן און די פּעראייניגטע טעטיגקייט פון די אַרבייטענדע קלאַססען זיינען די נויטיגסטע זאַכען אין קאַמף געגען דאָס פעראייניגטע און אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַל; און אַזוי ווי עס זיינען דאָ פיעלע פראַגען און קעמפּפע פאַר דאָס וואָהל פון די אַרבייטער וועלכע זיינען אונמעגליך פאַר אַן איינצעלנע אָרגאַניזאַציאָן, אָדער געווערקשאַפט, זיעגרייך דורכצופיהרען און וואָס מען קאָן נאָר אויספיהרען דורך אַ צענטראַל־אָרגאַניזאַציאָן, וואו אַלע עקזיסטירענדע געווערקשאַפטען זאָלען זיך פּערבינדען, אום זיך פעסט צו האַלטען געגען די אונטערדריקונג און זיך געגענזייטיג צו אונטערשטיצען אין קאַמפף געגען די קאַפּיטאַליסטישע אויסבייטונג.

דאַרום באַשליסען מיר:

דאָס אַלע דעלעגאַטען פון טרייד־יוניאָנס און פון פּאָרגעשריטענע אַרבייטער־פעראיינען און אָרגאַניזאַציאָנען זאָלען בילדען די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו יאָרק און אומגעגענד מיט דעם צוועק זיך געגענזייטיג צו שיצען געגען די אונטערדריקונג פון קאַפּיטאַל און אויפצוקלעהרען די אַרבייטער, אַז זיי קענען נאָך בעפרייט ווערען פון קאַפּיטאַליסטישען יאָך דורך אָרגאַניזאַציאָן און טרייד יוניאָנס פון איין זייט, און דורך פּאָליטישען קאַמפף פון דער אַנדערע זייט. און דאַרום מאַכען מיר די פאָלגענדע פּרינציפּען ערקלעהרונג:

מיר בעהויפּטען, אַז דער גרונד און באָדען פון יעדען לאַנד איז דאָס סאָציאַלע און געמיינשאַפטליכע גוטס פון גאַנצען פאָלק. און דאַרום האָט יעדער מענש דאָס רעכט צו בענוצען דעם גרונד און באָדען אָהנע צו צאָהלען וועלכע פּראָצענטען און רענטען צו גרונדבעזיצער און מאָנאָפּאָליסטען;

מיר בעהויפּטען ווייטער, אַז אַלע רייכטהימער און מיטלען פון פּראָדוקציאָן ווערען בעשאַפען דורך אַרבייט און דערפאַר האָט דער אַרבייטער דאָס פולע רעכט צו געניסען די פריכטע פון זיין אַרבייט, וועלכע ער בעשאַפט. ווען אָבער די אַרבייטער ליידען און שטאַרבען פון הונגער און די ניכטס־טהוער נעהמען אַלעס אַוועק פון אַרבייטער און לעבען אין וואוילטאָג און לוקסוס, פערשטעהט זיך פון זיך זעלבסט, אַז אַזאַ מין סיסטעם איז אַן אונגערעכטע און מוז אומגעענדערט ווערען, און אַז אויף איהר פּלאַץ מוז אויפגעבויט ווערען אַן אמת־מענשליכע געזעלשאַפט, וואו יעדער זאָל בעקומען דעם ריכטיגען ווערטה פון זיין אַרבייט.

עס איז קלאָהר און דייטליך, אַז מיט דעם אָנזאַמלען אָדער קאָנצענטראַציאָן פון קאַפּיטאַל אין איינצעלנע הענדט בלייבט די בעדייטונג פון זאָגענאַנטע פּאָליטישע פרייהייט ניט מעהר ווי אַ פּוסטער וואָרט. עס קען קיין פריעדען ניט זיין צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט אין די היינטיגע געזעלשאַפטליכע סיסטעמע אויפ דעם איינפאַכען גרונד, ווייל דאָס קאַפּיטאַל בעשטעהט יעצט אויס פּראָצענטען רענט און פּראָפיטען, וועלכע ווערען אויף דעם אונגערעכטען וועג אַרויסגעריסען פון דעם אַרבייטער, וואָס בעזיצט קיין לאַנד, אייגענטהום און ווערקצייג, און איז דאַרום געצוואונגען צו פער־

קויפען זיינע הענד און מוח צו דעם בעזיצער פון לאַנד און פּראָדוקציאָנס־מיטלען פאַר אַלץ קלענערע און קלענערע פּרייזען צוליב די שרעקליכע קאָנקורענץ, וואָס די הונגע־ריגע אַרבייטער פיהרען אונטער זיך.

דאַרום איז די אָרגאַניזאַציאָן פון די אַרבייטער־יוניאָנס דער בעסטער מיטעל איינצוהאַלטען די שלעכטע און אונגערעכטע רעזולטאַטען פון דער היינטיגער קאַפּיטאַ־ליסטישער סיסטעמע. די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען טראָגען אין זיך די זריעה פון אַ נייע און בעסערע געזעלשאַפטליכע פיהרונג; אָבער אום די זריעה זאָל שפּראָצען און וואַקסען, מוזען די אַרבייטער נאָכפאָלגען דעם גאַנג פון דער נייער צייט און אויפ־נעהמען די נייע אידעען. ווען די אַרבייטער יוניאָנס האָבען ביז יעצט געקעמפפט פיר בעסערע לויהן און פיר קירצערע אַרבייט־צייט, האָבען זיי זיך דערמיט געשיצט אַלץ פּראָדוצירער, אָבער ניט אַלץ קאָנסומירער (קויפער) און בירגער, דען די הערשענדע רייכע קלאַסע נעהמט שטענדיג אָפּ צוריק די גרעסערע פערדינסטען, וואָס די אַרבייטער געווינען דורך סטרייקס מיט דעם וואָס זי פערהעכערט די דירה־געלד און די פּרייזען פון לעבענסמיטעל. דיזעלבע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסע בענוצט זיך אויך מיט די פּאָ־ליציי און סאָלדאַטען געגען די אַרבייטער, ווען זייערע פאָדערונגען שעדיגען די קאַ־פּיטאַליסטישע אינטערעסען.

די בעפרייאונג פון די אַרבייטער־קלאַס קען נור געשעהן דורך די אַרבייטער אַליין, דען קיין אַנדער קלאַסע האָט קיין שום אינטערעס ניט אין די פערבעסערונג פון זייער לאַגע. די קלאַסע, וועלכע אַרבייט פאַר לויהן, איז די גרעסטע טהייל פון פאָלק. אין איהרע הענט ליגט די צוקונפט פון אונזערע פרייע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, און זי איז בעשטימט די היינטיגע אונגערעכטע סיסטעמע אומצוענדערען אויף נייע סיסטעמע, וועלכע וועט זיין בעגרינדעט אויף גערעכטיגקייט, פרייהייט און אחדות פון אַלע אַרבייטער פון דער וועלט.

מיר האַלטען פאַר אונזערע הייליגע פפליכט יעדען אַרבייטער צו ערקלעהרען, דאָס ער מוז זיך אָבזאָגען פון וואָסערע עס איז פערבינדונג מיט די פּאָליטישע קאַפּי־טאַליסטישע פּאַרטייען, דאָס ער מוז זיין גאַנצע ענערגיע אָבגעבען פאַר זיין אַרבייטער יוניאָן און זעהן, אַז אַלע יוניאָנס זאָלען זיין צוזאַמענגעשמאָלצען אין איין אַלגעמיינעם פערבאַנד און זיך געגענזייטיג אונטערשטיצען אין פּאָליטישען און עקאָנאָמישען קאַמפּף געגען דער אַרבייטער־קלאַס.

און אויס דיעזע גרינדע שטעלען מיר פאָרלויפיג פאָלגענדע פאָדערונגען:

1) דאָס אַלע בעשטעהענדע אַרבייטער־געזעצע זאָלען שטרענג און פּינקטליך דורכגעפיהרט ווערען אין פּראַקטיק.

2) אַן 8 שטונדיגע אַרבייטס־טאָג.

3) צו פערוועהרען צו לאָזען קינדער אַרבייטען אונטער 14 יאָהר.

4) די אָפּשאַפונג פון קאָנטראַקט און סוועטינג־סיסטעם.

5) די אָפּשאַפונג פון קאָנטראַקט־אַרבייט אין די געפענגניסע.

6) וועכענטליכע לויהן־צאָהלונגען אין געלד און ניט מיט סחורות און לעבענס־מיטעל (טראַק־סיסטעם).

7) דאָס די ערשטע אויסצאָהלונגען אין פאַל פון באַנקראָט מוז זיין פיר אַר־בייטס־לויהן.

8) גלייכע לויהן פיר גלייכע אַרבייטער. — פיר פרויען און מענער.

9) נאָכזוכונג פון געזונדהייט־אינספעקטאָרען אין מינען, פאַבריקען, שאָפּס און אלערהאַנד אַרבייטער־ווערקשטאַטען.

10) אָפּשאַפונג פון פערשווערונגס־געזעצע (בעשטראפונג פון באָיקאָטירען אַ פירמע) און אָפּשאַפונג פון אַלע פּריווילעגיען.

# טעג וואָס זיינען שוין לאַנג אוועק

**אונזער אידעאַליסטישע באַוועגונג**
**אַרום אַ רויהער אַרבייטער־מאַסע**

פון מאַקס פיין

## I

די „אַרבייטער צייטונג״; בענקשאַפט נאָך אינטעליגענץ

אָפּגעוואַשען דעם קוילען שטויב, (אין מיינע ערשטע חדשים אין אַמעריקע, האָב איך געאַרבייט אין אַ קוילען־יאַרד), אויסגעפּוצט אין אַ ברוינעם קאָסטיום און אין אַ ברוינע העמ וואָס איז דאַן געווען שטאַרק אין דער מאָדע (דאָס אַלץ האָב איך איינגעהאַנדעלט אין באַיארד און העסטער סטריט), אין אַ שניי־ווייסער אויבער העמד מיט שפּאָגעל נייע שיך, וואָס האָבען געקאָסט אַ גאַנצען דאָלער מיט אַ קוואָדער, האָב איך שוין מער גאָר ניט אויסגעזען ווי דער נעבעכדיגער, דערשלאָגענער אימיגראַנט, ווי מיט דריי פערטעל יאָר צוריק.

די עטלאַכע דאָלער, וואָס איך האָב געשפּאַרט בשעת איך האָב געאַרבייט אין דעם קוילען יאַרד, האָבען אָנגעהויבען צו גיין אַזוי ווי פּוטער אונטער דער זון און איך האָב זיך געמוזט צוויילען צו געפינען עפּעס צו טאָן.

די בעסטע זאַך איז נאַטירלאַך געווען אָנצוקומען אין שאַפּ און ווערען אַן אָפּערייטאָר ביי קלאָוקס אָדער ביי מענער שניידעריי, אָבער אויף דעם האָט מען געדאַרפט האָבען באַקאַנטשאַפט.

בין איך אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג און געזוכט אַרבייט און ביי נאַכט האָב איך געלעזען זעהר פיל. אינטערעסירט האָב איך זיך הויפּטזאַכלאַך מיט אַלעס דעם, וואָס האָט פּאַסירט אין דער אַרבייטער וועלט.

„די אַרבייטער צייטונג״, וואָס איז דאַן אין יאָר 1890, נאָר וואָס ערשינען איז געווען מיין בעסטער פירער סיי פאַר אינפאָרמאַציע, סיי פאַר טעאָרעטישע אַרטיקלען וועגען דער אַמערי־קאַנער און אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער באַוועגונג.

איך האָב דאַן אַזוי שטאַרק באַוואונדערט די אינטעליגענטען, וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט׳ן בויען די אַרבייטער־באַוועגונג; הויפּטזעכלאַך מ. זאַמעטקין, אב. קאַהאַן, לואי מילער און שפּעטער ב. פייגענבוים. איך פלעג ווערען איבעראַשט, זעהענדיג כסדר זייערע נעמען אין דער „אַרבייטער צייטונג״ און אויף צירקולאַרען ווי אַזוי זיי ריידען ביי עטלאַכע פאַרזאַמלונגען אין איין אָוועט און מיין העכסטער באַגער איז געווען אָנצוקוקען דיזע וואונדערבאַרע מענשען.

איצט, ווען איך בין באַפרייט געוואָרען פון דעם קוילען יאַרד און בין געווען אָנגעטאָן ווי אַ „מענש״, האָב איך טאַקע אָנגעהויבען צו באַזוכען די פאַרזאַמלונגען פון אַרבייטער. מיין ערשטע פאַרזאַמלונג איז געווען פון אַרכיטעקטשוראַל אייזען אַרבייטער. דאָס איז געווען אין ניט גאָר קיין גרויסען האָל אויף דעלענסי סטריט ניט ווייט פון די בויערי. אַ געמישטע מאַסען פאַרזאַמלונג פון דייטשען און אידען איז דאָס געווען.

וואָס עס איז געוואָרען פון ליבערמאַנ׳ס זון

די אידישע רעדנער זיינען געווען ב. ווייבשטיין און ליבערמאַן, אַ שריפטזעצער — אַ זון פון דעם באַרימטען אהרן ליבערמאַן, איינער פון די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פון סאָציאַ־ליזם אין העברייאיש נאָך אין די זיבעציגער יאָרען.

איך האָב מיט מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געשטודירט די פאַרזאַמלונג. די דייטשע אַרבייטער זיינען מערסטענס געווען פלייציגע, געזעצטע מענער; די אידען וועלכע זיינען געווען אין דער מערהייט, זיינען געווען איבערגעהאָרעוועטע, פאַר׳חושכ׳טע, מוטלאָזע.

דער ערשטער רעדנער איז געווען ב. ווייגשטיין. ער האָט גערעדט וואַרעם, מיט האַרץ, סטאַרענדיג זיך צו פאַרכאַפּען דעם עולם, און ער האָט געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק. דאַן האָט גערעדט אַ נידעריגער דייטש מיט מורא׳דיגע וואָנצעס, דער ביזנעס אַגענט פון דער אייזען אַרבייטער יוניאָן. אַזוי ווי דיזער רעדנער האָט שטאַרק געשטאַמעלט און גערעדט דייטש, האָב איך אים ניט פיל פאַרשטאַנען און האָב לייכט אָפּגעאַטעמט, ווען ער האָט געענדיגט.

דער דריטער רעדנער איז געווען ליבערמאַן. ער האָט גערעדט זעהר שווער. מיט זיין שווערען גוף און גלידער האָט ער זיך געוואָרפען זוכענדיג ווערטער, ניט געפינענדיג זיי אַזוי

שנעל. דיזער ליבערמאַן האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן ערלאַכן מענשען, אָבער ניט קיין איבעריג סימפּאַטישער. מיט אַ קורצע צייט שפּעטער האָב איך מיט אמת׳ן ווייטאָג געהערט, אַז דיזער סאָציאַליסטישער און יוניאָן־טוער איז אַרויס אַגיטירען פאַר טעמעני האָל. דעמאָלס איז דאָס געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר דער באַוועגונג.

אין אַלגעמיין האָט אויף מיר די ערשטע אַרבייטער פאַרזאַמלונג געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק און איך האָב דאַן געקלערט ווי גליקלאַך איך וואָלט געווען, ווען איך וואָלט געקענט צושטיין צו אַזאַ גרויסער און הייליגער באַוועגונג.

### וואָס אַן אַרבייטער האָט געמוזט דורכמאַכן

אויסער דער צופרידענהייט פון דער פאַרזאַמלונג האָט מיר דאָרטען נאָך עפּעס דערפרייט. איך האָב דאָרטען דערזען לאַנדסלייט, אייניגע יונגע לייט, און ווען מיר האָבען זיך צורעדט און איך האָב ביי זיי געפרעגט אַן עצה וואָס איך זאָל אָנהויבען צו טאָן אום צו מאַכען אַ לעבען, האָט איינער פון די לאַנדסלייט אויסגעשריען מיט באַגייסטערונג: „קומט צו אונז אין שאָפּ. מיר וועלען אייך מאַכען פאַר אַן אָפּערייטאָר פון ני־פּענטס. אין דריי וואָכען צייט וועט איר שוין אָנהויבען צו פאַרדינען.״

אויף מאָרגען בין איך אַריין אין סוועט שאָפּ. איך האָב באַטראַכט די אומגעבונג. די דריי צימערלאַך פון וועלכע „די פאַבריקע״ איז באַשטאַנען, האָבען געדינט אי פאַר אַ שאָפּ, אי פאַר אַ וואוינונג. ביים אַריינגאַנג איז געווען אַ מין קיך, אויף אַ טשעגון־איויוען זיינען געווען אויס־געשטעלט און האָבען געגליט אַ דוצען שווערע פרעס אייזענס. אַ הויכער, דאַרער איד מיט אַ שוואַרצען בערדעל האָט געפּרעסט הייזקעס, צאַפּלענדיג זיך און אונטערשפּרינגענדיג.

אין דעם צווייטען צימער, דעם גרעסטען, זיינען געשטאַנען אַרום נייך־צען מאַשינען. זיי זיינען געווען אַזוי צוגערוקט איינער צו דער אַנדערער, אַז עס האָט אויסגעזען ווי די אָפּערייטאָרס וואָלטען געווען אַריינגעקוועטשט אין זייערע ערטער.

דער קאָנטראַקטאָר איז צוגעקומען צו מיר, האָט מיך שטייענדיג באַטראַכט. אַ צופרידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיינע גראָבע ליפּען פון אונטער די געדיכטע, געלע דראַטענע וואָנצעס.

— אַ געזונטער חברה־מאַן — האָט ער געזאָגט — רויטע בעקלאַך, אַ גוטער קייער. וועסט זיין אַלרייט אין אַמעריקע!

שטייענדיג האָבען מיר אָפּגעמאַכט דעם „באַרגיין״. איך דאַרף אים געבען פינף און צוואַנציג דאָלאַר, און דריי וואָכען דאַרף איך אַרבייטען אומזיסט. ווען איך וועל אַרויס פון דער לערע, גיי איך אַריין אין מיין אייגענעם רשות.

ווען איך האָב געדאַרפט אַרויסנעמען די געלט צו געבען דעם סוועטער, איז מיין האַנט אין קעשענע ווי פאַראַליזירט געוואָרען. מיין בליק איז פונקט געפאַלען אויף אַ קליינינקען, דאַרינקען אָפּערייטאָר, וועלכער האָט זיך געצאַפּעלט איבער זיין מאַשין, עפּעס ווי אַ לעבעדיגע באַשעפע־ניש אין טויטלאַכע יסורים. איין מינוט, און איך האָב שיר ניט חרטה געהאָט אויפן גאַנצען עסק, און געוואָלט אַנטלויפען פון דעם גהינום...

אָבער איך האָב ניט לאַנג געטראַכט. אין איין סעקונדע האָב איך זעהר אַ סך איבערגע־קלערט: וואָס קען איך טאָן? איך בין עלענד, פרעמד, האָב קיינעם ניט; אין אַ קורצע צייט אַרום וועל איך אויפעסען מיינע פאַר דאָלאַר, די שיך און קליידער וועלען צוריסען ווערען — וואָס וועט דאַן זיין? האָב איך איינגעשטימט און געבליבען אַרבייטען אין שאָפּ.

יעדען פרימאָרגען, ווען עס איז נאָך געווען פינסטער, פלעג איך קומען אין שאָפּ, און פלעג זיך צוריקקערען פון דאָרט אַהיים שפּעט אין אָוונט, אַ צובראָכענער, מיט אַ שווער האַרץ און אָנגע־ווייטאָגטע גלידער. מיינע דריי לאַנגע וואָכען וואָס איך האָב געדאַרפט דינען דעם באָס אומזיסט זיינען אַריבער.

זעכציג הייזקעס אַ טאָג פאַר איין דאָלאַר — דאָס איז געווען דער פּרייז. דער טאָג איז אָבער געווען אַ לאַנגער, מאַנכעס מאָל האָט ער געדויערט צוויי טעג.

### יונגע געזונטע אימיגראַנטען ווערן קראַנק

איך בין אָבער דערפון ניט געווען אונרואיג. איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל זיך „איינ־טריינען״. איך האָב גערעכענט, אַז איך בין ניט אַזוי רירעווודיג דערפאַר וואָס מיינע גלידער זיינען נאָך צו שטאַרק. שפּעטער וועט אַנדערש ווערען.

איין טאָג האָב איך באַשלאָסען, אַז איך מוז מאַכען אַקוראַט אַזוי פיל אַרבייט, וויפיל אַלע. איך האָב זיך יענעם טאָג אַזוי פיל געצאַפּעלט און געוואָרפען, אַז איך האָב ניט געפילט דעם ווייטאָג פון מיינע גלידער. איך האָב ווירקלאַך געמאַכט מער אַרבייט ווי געוויינלאַך. דעם קומענדיגען טאָג בין איך דערפאַר שטאַרק אָפּגעשטאַנען. אונטערן האַרצען האָב איך געפילט אַ שניידענדען ווייטאָג. איך האָב שטאַרק געהוסט און מיין שכן, דער אָפּערייטאָר, וואָס איז געזע־סען צו מיין רעכטער האַנט, האָט באַמערקט בלוט אויף מיינע ליפּען.

ער האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט און איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקען.

ער האָט מיך געטרייסט, אַז איך בין ניט דער איינציגער וואָס ליידעט, אַז דאָס וואָס איך האָב אַ הוסט געטאָן מיט בלוט איז וואַרשיינלאַך ניט געפערלאַך. דער שטויב פון פאַראַסטען

מאַטעריאַל, דאָס ווייניג עסען און די לאַנגע שטונדען האָבען דאָס אויף מיר געווירקט, ווייל איך בין ניט געוואוינט צו אַזאַ אַרבייט. „אָבער אין אַמעריקע טרייט מען זיך איין", האָט ער צוגעלייגט פילאָזאָפיש.

## באַלעבאָס שפּיאָנירט די אַרבייטער ביי דער טיר פון דער יוניאָן

דעם אָוונט זיינען מיר אַוועק אַהיים פריער ווי אַלע מאָל. אויפן וועג האָט ער מיט מיר גענומען רעדען וועגען דער יוניאָן, דאָס הייסט, אַז ביי אַ פּאַסענדער געלעגענהייט זאָלען מיר ווערען מיטגלידער. איך האָב אים גענומען פאַרנאַנדערפרעגען און ער האָט מיר דערציילט די קורצע געשיכטע פון דער ניי־פּענטס־מאַכערס יוניאָן.

איך האָב אים גוזאָגט, אַז אַזאַ וויכטיגע זאַך טאָר מען ניט אָפּלייגען. איך האָב אים צוגערעדט, אַז מיר זאָלען נאָך יענעם אָוונט אַריין אין דער יוניאָן.

מיר זיינען אַריין אין אַ יאַרד, דורך אַ שמאָלען דורכגאַנג אין ברום סטריט, דאָרטען, אין אַן איינגעהויקערטער הילצערנער הייזעל איז געווען דער „אָפיס" פון דער יוניאָן. יענעם אָוונט האָט געמיטעט די עקזעקוטיוו באָאַרד. מען האָט אונז אויפגענומען מיט אַ באַמערקבאַרער צופרידענהייט און מען האָט אונז געבעטען זיצען.

ווען מיר זיינען אַרויס פון אָפיס, האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אָן דעם באָס אונזערען. ער האָט דאָס אונז נאָכגעשפּיאָנירט און האָט וואַרשיינלאַך דורכן פענסטער געזען, ווי מיר האָבען אַרויסגעקראָגען אונזערע יוניאָן ביכלאַך. מיר האָבען מיט אים ניט גערעדט און צווישען זיך האָבען מיר אויך ניט גערעדט.ביידע זיינען מיר געווען שטאַרק צוטראָגען. מיר האָבען זיך שווייגענדיג געדריקט די הענט און פאַנאַנדער געגאַנגען.

איך האָב פאַרבראַכט זעהר אַן אונרואיגער נאַכט. אַצינד קען דאָס זיין אַ שפּאָס, אָבער דאַן איז דאָס געווען אַ גרויסע ריזיקע צו ווערען אַ יוניאָן מאַן. איך בין נאָך קיין פאָלשטענדיגער בעל־מלאכה ניט געווען. ווער וועט דאָס מיך וועלען אַריינלאָזען אין אַ שאַפּ? דאַן בין איך דאָך ניט געווען אַליין; איך האָב דאָך נאָך געהאַט די „שפּיל קעסטעל" אויף מיינע פּלייצעס, דאָס הייסט די ניי מאַשין, ווייל דאַן האָט מען געמוזט אַרבייטען מיט אייגענע מאַשינען. באַשלאָסען האָב איך אָבער צו האַנדלען בראַוו, וואָס עס זאָל ניט געשען.

אויף מאַרגען בין איך געקומען אין שאַפּ אַ ביסעל שפּעטער ווי געוויינלאַך. איך האָב מורא געהאַט צו קומען פרי כדי איך זאָל ניט באַגעגענען דעם באָס אַליין. די „פּעקטאָרי" איז שוין געווען אין פולען גאַנג.

ביי מיין מאַשין זיינען קיין באָנדלאַך ניט געלעגען. אַ שלעכטער סימן. איך בין געבליבען וואַרטען אַ נידערשלאָגענער. באַלד איז צו מיר דער באָס צוגעגאַנגען. ער האָט מיך באַטראַכט מיט זיין פינסטערען בליק, און מיט רציחה האָט ער גענומען אָפּרייסען מיין סטענד פון פלאָר. אין שאַפּ איז דאַן מיט אַמאָל געוואָרען טויט שטיל.

דער באָס האָט פון מיר געוואָלט מאַכען אַ ביישפּיל, כדי איבערצושרעקען די אַנדערע. ער האָט זאָגאַר אויפגעהויבען די האַנט מיך צו שלאָגען.

אייניגע אַרבייטער האָבען אים צוגעהאַלטען און ער האָט געשריען מיט ווילדען צאָרען:

— לאָזט מיך, איך וועל אים דער׳הרג׳ענען דעם גרינעם אַרבוז! בונטען וועט ער מיר דאָ מאַכען? איך וועל אים ווייזען וואָס אַמעריקע איז!

פּלוצלונג האָט זיך פון דעם ווינקעל, וואו דער קליינינקער אָפּערייטאָר איז געזעסען, דערהערט אַ טומעל. אַלע האָבען זיך אומגעקוקט אַהין. דער קליינינקער אָפּערייטאָר איז געווען בלייכער ווי געוויינלאַך. מיט אַ מוט וואָס איז געווען שווער צו ערוואַרטען פון אים, האָט ער גענומען פאַרנאַנדער שליידערען זיין אַרבייט אין אַלע זייטען און דערביי האָט ער ווילד געשריען:

— וואָס, מען טרייבט אונז גאָר? מען וואָרפט זיך מיט אונז? מען דאַרף אונז גאָרניט? אויב אַזוי לאָמיר אַלע גיין! ער האָט גענומען אָפּרייסען זיין סטענד מיט אַלע כוחות.

אַלע איבריגע אָפּערייטאָרס זיינען ווי אָנגעצונדען געוואָרען און האָבען אויך גענומען טאָן דאָס זעלבע. די גאַנצע קליינע שאַפּקע האָט אויסגעזען ווי אַ שיף, פון וועלכע די פּאַסאַזשירען ווילען זיך רעטען. מיט אַזאַ איילעניש און צאַפּלעניש האָבען די אַרבייטער גענומען זיך פּאַקען.

עס האָט ניט געדויערט זייער לאַנג און אַלע אונזערע מאַשינען זיינען שוין געשטאַנען אויפן טראָטואַר.

ווי מיר זיינען אַזוי געשטאַנען, האָט זיך באַוויזען די הויכע דאַרע פיגור פון דעם פּרעסער. ער איז געשיקט געוואָרען צו אונז אַלס „אַמבאַסאַדאָר" פון באָס.

## פאַרשיידענע טיפּן אַרבייטער

— דער באָס — האָט ער ערקלערט — האָט שוין חרטה. ער וויל דעם גרינעם אָפּערייטאָר (דאָס הייסט מיך) נעמען צוריק און כדי צו מאַכען שלום וועט ער שטעלען אַ באַרעל ביר.

— זאָג דעם באָס — האָט זיך דער קליינער אָפּערייטאָר אָפּגערופען — אַז מיר דאַרפען ניט קיין ביר. מיר ווילען מער ווי ביר, און אויב ער וויל מיט אונז ריידען, זאָל ער אַרונטערקומען צו אונז!

דער קליינער אָפּערייטאָר האָט אַרויסגענומען אַ שטיקעל פּאַפּיר און אַ בלייפעדער און האָט גענומען שרייבען. אַ טישעל פון אַ ניי־מאַשין האָט אים געדינט פאַר אַ דעסק. ער איז שנעל פאַרטיג געוואָרען און האָט הויך אויסגערופען:

— מיינע ברידער: מיר זיינען אין סטרייק און איך וועל אייך פֿאַרלעזען אונזערע פאָדערונגען. ערשטענס ווילען מיר האָבען אַ ניקעל מער אויפֿן דאָזען הייזקעס; דאַן ווילען מיר, אַז דער באָס זאָל אַנערקענען די יוניאָן; קיין באַנדלאַך פון די עקספרעסען אויפ׳ן פערטען פלאָר זאָלען מיר מער ניט טראָגען; „פיידע״ זאָלען מיר קריגען אַלע צוויי וואָכען, אַנשטאָט דעם וואָס מיר קריגען עס איצט ווען דער באָס וויל.

געוואונען אַ סטרייק; דערהויבען געוואָרען

צווישען די לעצטע פאָדערונגען איז געווען, אַז דער באָס מוז אַליין צוריק אַרויפטראָגען די מאַשינען אויפ׳ן פערטען פלאָר און צושלאָגען די סטענדס, און די מיסעס זיינע זאָל זיך מער ניט שילטען.

מיר האָבען געוואונען דעם סטרייק און אַלע אונזערע פאָדערונגען זיינען נאָכגעגעבען געוואָרען. דעם קומענדיגען פרייטאָג זיינען אַלע אַוועק צום מיטינג פון דער יוניאָן און זיינען געוואָרען מיטגלידער פון דער יוניאָן. דער וואָקינג דעלעגאַט, אַ קורצער געלער אידעל מיט לאַנגע וואָנצעס, בייניגסאָן האָט ער געהייסען — האָט געלויבט אונזער בראַווקייט. מיך, אַלס דעם פאַראורזאַכער פון דער גרויסער געשעעניש אין טרייד, האָט מען מכבד געווען מיט אַ וואָרט. דאָס איז געווען מיין ערשטע רעדע אין אַמעריקע. מיין האַרץ, געדיינק איך, האָט שטאַרק געקלאַפט. וואָס איך האָב גערעדט געדיינק איך ניט, ווייל איך בין געווען אַזוי דערשראָקען אַז מיין צונג האָט מיר ניט געדינט.

די אַרבייטער פון שאַפּ האָבען מיט מיר שטאַרק שטאָלצירט און מען האָט מיך געמאַכט פאַרן שאַפּ־דעלעגאַט.

II

ווען איך בין געוואָרען אַן אַרבייטער און אַ טעטיגער מיטגליד אין דער ני־פּענטס־מאַכער יוניאָן האָב איך באַזוכט אַ סך מיטינגען, זיך צוגעהערט צו די רעדנער און געסטאַרעט זיך מיט אַלע כוחות איינצולעבען זיך מיט דער באַוועגונג.

ביי איינעם פון די מיטינגען האָב איך דערזען אב. קאהאנ׳ען. אים האָב איך נאָך געקענט פון רוסלאַנד. ער איז געווען אַ לערער אין אַ רעגירונגס שולע פאַר אידישע קינדער אין וועליזש, וויטעבסקער גובערניע, אין דער שטאָט, וואו מיין טאַנטע האָט געוואוינט, און וואו איך האָב זיך געלערענט זיין אַ טיפּאָגראַפטשיק.

דערזעענדיג אים האָב איך אַ ציטער געטאָן. מיר איז זייער געפעלען געוואָרען זיין חבר׳ן זיך מיט די פּראָסטע אַרבייטער און פון זיין וואַרעמער רעדע בין איך באמת באַגייסטערט געוואָרען. איך בין געוואָרען זיינער אַן איבערגעגעבענער אָנהענגער און אין האַרצען האָב איך געשוואָרען צו ווידמען מיין לעבען פאַר די וואָס אַרבייטען אַזוי שווער און בלייבען זיי געטריי ביז צו מיין לעצטען אָטעם־צוג.

מיין יוניאָן, די ני־פּענטס מאַכער, איז געווען איינע פון די אָנגעזעענסטע. זי האָט אַרויס־געגעבען אַ צאָל פייאיגע מענשען פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג. זי איז אויך געווען שטאַרק פּאָפּולער דערפאַר, וואָס י. באַראַנדעס האָט צו איר אַ קורצע צייט באַלאַנגט.

אַ פּראָגרעסיווע יוניאָן האָט דאַן געהייסען אַזאַ, וואָס קעמפט פאַר די אינטערעסען פון אירע מיטגלידער, און אין דיזער הינזיכט איז מיין יוניאָן געווען שטאַרק פּאָרטגעשריטען, ווייל אין אָנפאַנג פון די ניינציגער יאָרען, פלעגט זי יעדען זומער און יעדען ווינטער האָבען אַ דזשענעראַל סטרייק, אַ חוץ די ספּאָנטאַנע סטרייקס וואָס פלעגען אָפּט אויסברעכען אין מיטען סיזאָן.

אַב. קאַהאַנ׳ס אַ תּלמיד; אַ שטילע שבועה

אין דעם סטרייק פון 1891 בין איך געוואָרען זעהר טעטיג. צו יענער צייט האָט מען מיר ערווילט פאַר פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר. איך בין געווען אין זיבעטען הימעל פאַר פרייד. איך בין אַלעמאָל געזעסען אויבען אָן, און האָב געזען מיינע באַריכטען גערדרוקט אין דער „אַרבייטער צייטונג״. אמת מיין נאָמען האָט מען אימער פון אונטער די באַריכטען אויסגעשטראָכען, אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע דאָרט יע מיין נאָמען.

דער אַמט פון סעקרעטאַר איז מיר גאָר לייכט ניט אָנגעקומען. ביי מיין ערוויילונג האָט אויסגעבראָכען אַ געוואַלדיגער שטרייט צווישען די „בעסערע״ אָפּערייטאָרס און די „לאָפּטשעס״; מיט דיזען נאָמען האָט מען גערופען אונז, די וואָס האָבען געאַרבייט די גראָבע וואַרע, ביי די בילליגע הייזקעס.

אַ יונגער מאַן מיט׳ן נאָמען שאַפּיראָ האָט גע׳טענה׳ט, אַז מען טאָר מיך ניט מאַכען פאַר סעקרעטאַר.

ווי קען מען מאַכען פאַר אַ וויכטיגען באַאַמטע אַזאַ, וועלכער איז אַ „באַטשער״ און קען אפילו קיין „פּיסטאָל־פּאַקעט״ ניט מאַכען.

אַזוי האָט גע׳טענה׳ט שאַפּיראָ, אַ דאַרער אָפּערייטאָר, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען אַ מאַנופעקטשורער פון קליינע הייזקעס אין סיראַקיוז, און געשפּילט אַ ראָלע פון אַ דייטשען יהודי.

די „קאָמענע״ אָפּערייטאָרס האָבען אָבער פאַר מיר געהאַלטען שטאָל און אייזען. עס איז טאַקע אמת געווען, אַז קיין גאָר גרויסער בעל־מלאכה בין איך ניט געווען, וואַרום פון די „בלינ־דע״ הייזקעס אָהן קעשענעס וואָס מיר פלעגען נייען ביי אונזער סוועטער, פאַר צוויי און צוואַנציג

סענט אַ דוצען, האָט מען קיין גרויסע קינסטלער ניט געקענט ווערען, דערפאַר בין איך אָבער געווען אַ גוטער יוניאָן מאַן און האָב געקענט שרייבען ניט ערגער פון אַ „געגאָסע”. מיט דעם וואָרט „געגאָסע” האָט מען באַצייכענט אַ אינטעליגענט, ווייל קיינער האָט ניט געוואָגט צו באַטיטלען אַ געוויינלאַכען אַרבייטער מיט דעם וואָרט „געגאָסע”.

די פאָדערונגען אין דעם סטרייק פון 1891 זיינען געווען כמעט די זעלבע ווי אין די פריערדיגע. דער באָס זאָל געבען מאַשינען, נאָדלען און אַ העכערונג אויף די פּרייזען.

מיט די מאַשינען איז געווען אַ געוואַלדיגער שווערע פּראָבלעם. אַ סך אָפּערייטאָרס האָבען פאַרמאָגט אייגענע מאַשינען. די זיינען געווען געגען דעם, אַז די באָסעס זאָלען געבען ניי־מאַשינען. זייער טענה איז געווען:

— וואָרום סטרייקען מיר אַז מיר געווינען דאָך דערביי גאָרניט? זאָלען סטרייקען די וואָס האָבען ניט קיין אייגענע מאַשינען!

**אַרבייטער ווילען זיין קנעכט**

איך געדיינק ווי ביי דער סטרייק־קאָמיטע האָט מען פאַרהאַנדעלט וועגען אַזאַ פראַגע: דער באָס איז געווען צופרידען, אַז די אָפּערייטאָרס וואָס האָבען אייגענע מאַשינען זאָלען בלייבען אויף זיי אַרבייטען, און ער וועט יעדען אָפּערייטאָר צאָלען צו פופציג סענט אַ וואָך רענט פאַר יעדער מאַשין. די אַרבייטער זיינען געווען ניט צופרידען, זיי האָבען אָלץ גע׳טענה׳ט אַז מען דאַרף ניט אָבשאַפען די סיסטעמע פון אַרבייטען אויף אייגענע מאַשינען.

איך האָב ביי יענער געלעגענהייט געמאַכט אַ געוואַלדיגען פוראָר מיט אַ וויץ: איך האָב ביי דער סטרייק קאָמיטע דערציילט פאָלגענדעס:

אין אַ געוויסער שטאָט האָט די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונג באַשלאָסען אַז אַנשטאָט וואָס פאָרען אויף אַ קאַר האָט געקאָסט צען סענט, זאָל בלויז קאָסטען פינף סענט. געגען דעם האָבען די אַרבייטער פייערדיג פּראָטעסטירט; זיי זיינען געווען אונצופרידען ווייל זיי האָבען געזאָגט; ווען עס האָט געקאָסט צען סענט פאָרען און מיר גייען צופוס, האָבען מיר דאַן איינגעשפּאָרט גאַנצע צען סענט, אָבער יעצט אַז מיר ווילען גיין צופוס ווילען מיר דאָך איינשפּאָרען בלויז אַ ניקעל, פאַרלירען מיר דאָך דורך דעם נייעם באַשלוס...

דאָס איז דאַן אויפגעכאַפּט געוואָרען אַלס אַ שטאַרקער אַרגומענט געגען די וואָס האָבען געהאַט אייגענע מאַשינען.

אין דעם זומער פון 1892 איז ווידער געווען אַ דזשענעראַל סטרייק און דאָ בין איך שוין געווען איינער פון די הויפּט פירער. איך האָב געאַרבייט מיט אַלע כוחות און אום צו געבען אַ ביישפּיל פאַר דער מאַסע, פלעג איך אַליין גיין אויף דער פּיקעט ליין און פאַרברענגען טאָג און נאַכט מיט די פּיקעטס.

עס איז דאָ כדי אָפּצושטעלען זיך אַ ווייַלע און געבען כאָטש עטוואָס אַ באַגריף פון יענע סטרייקס און פּיקעטס.

אין יענע יאָרען זיינען נאָך קיין אידישע „געגנגסטערס” ניט געווען. די קאָנטראַקטאָרס צוזאַמען מיט זייערע פרויען און זייער גאַנצע משפחה פלעגען זיך אָפּט שטעלען געגען די פּיקעטס.

קיין גרויסע קליידער פאַבריקען זיינען דאַן נאָך ניט געווען. אַ סך פון די באָסעס זיינען אַליין געווען גרינע, האָבען קיין ענגליש ניט געקענט ריידען. די פּיקעטס פלעגען זיך ווייניג צערעמאָניען, זיי פלעגען אַרויף אין שאַפּ, אַרונטערנעמען די וואָס האָבען געאַרבייט און אַז אַ קאָנטראַקטאָר האָט זיך געשטעלט דאַגעגען פלעגט מען אים אויספּאַטשען.

**די ערשטע מלחמות אויף פּיקעט־לאַינס**

דער סטרייק וועלכען איך דערצייל, איז געווען זעהר אַ שווערער, ניט דערפאַר וואָס די יוניאָן האָט געוואָלט, אַז די מאַנופעקטשורערס זאָלען גאַראַנטירען אַז זיי ווילען זיין פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר די ווייידזשעס און קאָנדיציאָנען וואָס די קאָנטראַקטאָרס ווילען נאָכגעבען.

צו יענער צייט האָט יעדע איינציגע אָבטיילונג פון טרייד געסטרייקט פאַר זיך, דאַרום קען מען זיך פאָרשטעלען ווי שווער עס איז געווען פאַר די קליינע ני־פּענטס מאַכער יוניאָן צו קעמפען פאַר אַזעלכע שווערע פאָדערונגען צו בויגען די מאַנופעקטשורערס, אַז זיי זאָלען אונטערשרייבען אַגרימענטס.

עס זיינען פאָרגעקומען אַ סך געשלעגען אין יענעם סטרייק. אויף די גאַסען זיינען אַרומגעגאַנגען סטרייקערס מיט פאַרבונדענע קעפּ און צושלאָגענע נעזער. וואַרשיינלאַך האָט דער צווייטער צד זיך אויך ניט געגנאַרט...

איינער פון די שעפּער וואו עס זיינען פאָרגעקומען די מערסטע שלעגערייען איז געווען ביי מאַקס מילמאַן אויף דער בויערי און באַיאַרד סטריט. מאַקס מילמאַן, וועלכער איז געווען דער קאָנטראַקטאָר, ביי וועלכען יאָזעף באַראַנדעס האָט פריער געאַרבייט און וועלכער איז געוואָרען אַזוי פּאָפּולער צוליב דעם וואָס באַראַנדעס פלעגט אין זיינע רעדעס אים מזכיר נשמות זיין און האָט אים שטענדיג אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „מאַקס פערד”. זיין פרוי פלעגט צוגרייטען די דעפענסיווע אין איר מאַנס שאַפּ. זי פלעגט אָנגרייטען שטיינער, אָנקאָכען טעפּ מיט זודיגע וואַסער און צוזאַמען מיט אירע סקעבס פלעגט זי באַגעגענען סטרייקערס מיט פייער און וואַסער. פון דאָרטען האָט מען ניט איין סטרייקער אָפּגעפירט אין

האָספּיטאַל. געשלעגען און בלוט פאַרגיסונגען זיינען פאָרגעקומען אויף לעבען אַ סך אַנדערע שעפּער. גיין פּיקעטען האָט געמיינט איינשטעלען דעם לעבען אין קאָן. פונדעסטוועגען האָבען קיינמאָל ניט אויסגעפּעלט קיין מענשען צו שיקען צו די שעפּער.

כדי ניט פאַרלאָזען זיך, אַז די פּיקעטס זאָלען ניט פאַרשלאָפען און כדי אָפּצוהיטען, אַז מען זאָל ניט מאַכען ביינאַכט קיין אַרבייט, פלעגען מיר זיך פאַרזאַמלען אין אַ האָל, וואו מיר פלעגען פאַרברייגען דעב גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט. פון דאָרטען פלעגען מיר אַרויסשיקען מענשען צו היטען די שעפּער.

די ווירקונג פון סאָציאַ־ליסטישער פּראָפּאַגאַנדע

די סטרייק קאָמיטע האָט געשיקט די פּיקעטס נאָך דער רייע גאָך; טיילען פון זיי האָבען געשלאָפען און טיילען האָבען געאַרבייט. ביי נאַכט פאַר דעם טונקעלען ליכט פון די צוויי געז רערען, האָט די פּיקעט קוואַרטיר אויסגעזען ווי אַ מיליטערישע לאַגער. אַ פּאָר הונדערט מענשען זיינען געשלאָפען אויף דעם נאַקעטען פלאָר. אַ סך פון זיי מיט פאַרבאַנדזשירטע קעפּ און מיט וואונדען אויף די פּנים׳ער.

דאָס איז ניט געווען די האָפנונג צו באַקומען עטלאַכע פּעניס מער פאַר דער אַרבייט, וואָס האָט די מענשען געמאַכט צו זיין אַזוי איבערגעגעבען. ניין, דאָס איז געווען דער אידעאַל, וועלכען די ערשטע סאָציאַליסטען אין אַמעריקע האָבען פאַרזעצט צווישען די מאַסען, וואָס האָט אין זיי איינגעפלאַנצט אַזאַ גלויבען. אָט דער גלויבען האָט די הונגעריגע, אויסגעהאָדעוועטע בלוטיגע אַרימע לייט געגעבען אַזאַ כח צו הונגערען און צו קעמפען.

די סאָציאַליסטישע רעדנער פלעגען פאַר די אַרבייטער בויען נייע כשוף־וועלטען. זיי האָבען זיי דערציילט ווי די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט הויבען זיך שוין אויף צום קאַמף געגען זייערע שונאים און אַז יעדער סטרייק, יעדער צוזאַמענשטויס מיט קאַפּיטאַל, איז פון דער גרעסטער באַדייטונג פאַר דער קומענדער רעוואָלוציע, וועלכע וועט אויסלייזען די מענשהייט פון עקאָנאָמישער שקלאַפעריי.

עס האָט געהייסען אַז ניט נאָר קעמפט מען פאַר אַ גרעסערען שטיקעל ברויט נאָר מען גרייט צו אַן אַרמיי פון קלאַסענבאַוואוסטע קעמפער פאַר דער לעצטער שלאַכט, וואָס וועט ברייג־גען ליכט, פרידען און פרייהייט אויף דער וועלט.

דעם סטרייק האָבען מיר דאַן געוואונען. אַ היבשע צאָל מאַנופעקטשורערס האָבען אונז געגעבען געשריבענע גאַראַנטיעס, אַז זיי וועלען זיין פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר די פאָדערונגען, אָבער קומענדען יאָר האָט מען ווידער געהאַט אַ דזשענעראַל סטרייק, ווייל די גאַראַנטיע פון דעם מאַנופעקטשורער איז דאַן ווערט געווען ניט מער ווי אַ שמעק טאַבאַק.

נאָך דעם סטרייק פון 1892 בין איך שוין אַ ביסעל באַקאַנט געוואָרען צווישען די אַרבייטער און מען האָט מיר שוין איינגעלאַדען ריידען צו אייניגע יוניאָנס. איך בין שוין דאַן געווען טעטיג אין דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען און מען פלעגט מיך אָפּט שיקען אַלס קאָמיטע מאַן צו יוניאָן מיטינגען.

איינמאָל האָב איך גערעדט ביי אַ מיטינג פון די הויזען מאַכער, אין גרויסען ניו־אוירווינג האָל אויף ברום סטריט. איך בין נאַטירלאַך ניט געווען פון די הויפּט רעדנער. פאַר מיך האָבען גערעדט עלטערע.

האַלטענדיג זיך שוין פאַר אַ פּראַקטישען יוניאָן טוער, האָב איך געוואָלט ריידען וועגען עפּעס ממשות׳דיגעס. איך האָב דאַרום גענומען פאַר מיין טעמע דעם אַכט שטונדיגען אַרבייטס טאָג. זייענדיג אַליין אַ שאַפּ אַרבייטער, האָב איך גערעכענט צו האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג. איך האָב געוואוסט די באַדייטונג און דעם ווערט פאַר די אַרבייטער, ווען ער וועט אָוועקלייגען די מלאכה מיט אַ פּאָר שטונדען פריער.

אַ רויהע מאַסע; נאַאיוו

דאַרום האָב איך גענומען שילדערען וואָס די אַרבייטער וועלען געווינען, ווען די צייט אין שאַפּ וועט פאַרקירצט ווערען פון די שטונדען אָהן אַ רעכנונג ביז אַכט שטונדען אַ טאָג.

קיין געפיל און קיין פייער האָט מיר דאַן ניט געפעלט און איך האָב ערוואַרטעט אַז יעדע פראַזע מיינע וועט באַגעגענט ווערען מיט די שטאַרקסטע אַפּלאָדיסמענטען.

איב בין אָבער געווען איבעראַשט און דערשראָקען; וואָס ווייטער איך האָב גערעדט, איז דער עולם אַלץ גלייכגילטיגער געוואָרען — זיי האָבען צו מיר ניט קיין צוטרויען — האָב איך פאַרצווייפעלט געטראַכט — די שקלאַפען מיינען, אַז איך בין אַ גוואַלדיגער פאַנטאַזיאָר.

מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ, אַ פאַרשעמטער, בין איך אַרונטער פון דער הויכער פּלאַט־פאָרמע.

ווען איך בין אַזוי געגאַנגען, איז צו מיר צוגעלאָפען אַ יונגער מאַן, אַ פאַרהאָרוועטער, אַ היילענדיגער, און האָט מיר שטאַרק געדריקט די הענט.

— אוי האָט איר געהאַלטען אַ רעדע, אוי האָט איר גערעדט. מען דאַרף דאָך יעדען וואָרט אייערען דרוקען.

איך האָב זיך אַביסעל דערפרייט; כאָטש איין מענש האָט פאַרשטאַנען..
דער יונגער מאַן האָט ווייטער גערעדט:

— זיי האָבען אייך ניט פאַרשטאַנען, די בהמות. אָבער איך האָב גוט פאַרשטאַנען — זיי קענען זיך ניט פאָרשטעלען, די פּראָים, אַז עס קען מעגלאַך זיין אַזאַ זאַך ווי אַכט שטונדען, זיי פרעגען דאָך די קשיה, אַז אַצינד ווען זיי אַרבייטען זעכצען שטונדען, קענען זיי קיין לעבען ניט מאַכען, היינט ווי וועלען זיי מאַכען אַ לעבען פון אַכט שטונדען?

איך האָב אים געוואָלט מיט שמחה ערקלערען וואָס עס מיינט אַרבייטען אַזעלכע קורצע שטונדען, אָבער ער האָט מיך ניט געלאָזען און איילענדיג האָט ער פאָרטגעזעצט:

— זיי פאַרשטייען ניט אַז ווען מען וועט אַרבייטען קורצע שטונדען, וועט מען קענען אַר־בייטען פאַר צוויי באָסעס; פאַר איינעם אַכט שטונדען און פאַר דעם צווייטען ווידער אַכט שטונדען ,וועט מען דאָך דאַן קריגען צוויי מאָל „פיידע״...

## III

ווען אַ „ברודער״ ווערט אַ באַלעבאָס

איך בין אָנגעקומען אַרבייטען אין ניו יאָרק אין דעם זעלבען שאַפּ, וואו איך האָב געאַרבייט פאַר דעם קריזיס. דאָרטען האָב איך געטראָפען מיינע אַלטע באַקאַנטע, דעם פרעסער גדליה און דעם אָפּערייטאָר סיימאָן. גדליה האָט שוין אָבער פאַרלאָרען דעם אַנאַרכיסטישען ברען און איז געוואָרען אַ גרויסער אָנהייגער פון דעם אידישען „טאַגעבלאַט״.

— סטייטש ר׳ גדליה, ווי קומט עס איר זאָלט אַזוי באַגייסטערט זיין פון אַ קאַפּיטאַליס־טישער צייטונג? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט אויפגעהויבען דעם „טאַגעבלאַט״ פון פרעס־טיש און געענטפערט מיט היץ:

— איך וועל אייך ווייזען אַז דער „טאַגעבלאַט״ האָט די בעסטע אַרטיקלען. אָט לעזט, וועט איר זען! — און ער האָט געצייכענט אויף די ריזיגע קעפּלאַך פון די אַדווערטייזמענטס. — אין אייערע צייטונגען דאַרף מען אַרויסנעמען די אויגען, ווען מען לייענט זיי, און דאָ ברודער, כאָטש נעם מיט אַ קאָכלעפעל און זופּ! ...

אַז גדליה איז ניט געווען קיין גרויסער מבין אויף זשורנאַליסטיק, דאָס האָב איך געוואוסט, אָבער ער זאָל אַזוי שנעל ווערען אַ באַגייסטערטער אָנהייגער פון דער צייטונג, וואָס האָט אַטאַקירט די אַרבייטער, דאָס האָב איך ניט פאַרשטאַנען און איך בין געווען שטאַרק ענטוישט.

ווען איך האָב אָבער אָנגעהויבען צו שמעקען די לופט פון שאַפּ, האָב איך שוין אַ ביסעל מער פאַרשטאַנען; גדליה האָט געזאָלט ווערען אַ שותף מיט דעם אַלטען בעל־הבית און ער האָט זיך שוין דערפאַר אָנגעהויבען פילען קאַפּיטאַליסטיש...

אַ פאָר טעג שפּעטער איז צו מיר טאַקע צוגעקומען דער אַלטער באָס, קאַץ דער רומענישער, און האָט מיר ערקלערט אַז אַזוי ווי גדליה ווערט אַ פאַרטנער צום שאַפּ, האָבען זיי אויסגעקליבען צוויי חשוב׳ע בעלי־מלכות, וועלכע זאָלען אַלץ אָפּשאַצען און אַרויסגעבען זייער ענטשיידונג, וויפיל דער נייער שותף זאָל אַריינלייגען געלט פון זיין זייט פאַר די מאַשינען און אַנדערע זאַכען. די צוויי אויף וועלכע ביידע פאַרטנערס האָבען זיך געאייניגט, זיינען איך און „פּנחס די וויסקע״, אַן אָפּערייטאָר מיט אַ באָרד, וואָס האָט געהאַט עטלאַכע קאָלירען.

הכלל, מיר האָבען זיך אַוועקגעזעצט און אַלץ אויסגע׳חשבונ׳ט, געזען אַז קיינער זאָל חלילה גאָר ניט געקריוודעט ווערען. אין שאַפּ האָט מען זיך שטאַרק משמח געווען. די בעלי־בתּים האָבען געהייסען אַריינברייגען צוויי פעסלאַך ביר, הערינג איז געווען לרוב, און עס איז געווען פריילאַך.

גלייך נאָך יענעם טאָג האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ חושך איבערן גאַנצען שאַפּ. פריער פלעגט זיך אַן אַרבייטער אונטערזינגען ביי דער מאַשין. יעצט אָבער האָט גדליה דערפאַר אויסגערעדט, און כאָטש מען האָט פאַר אים קיין מורא ניט געהאַט, האָט מען אָבער אים פיינט געהאַט און ניט געוואָלט אַריינפאַלען אין זיין גרויסע מויל.

פריער האָט אַ פעדלער געמעגט אַרומפליען איבערן גאַנצען שאַפּ, פריי ווי אַ פויגעל אין דער לופט. יעצט האָט דער נייער בעל־הבית אַן ערוואַקסענעם פעדלער אָנגעצייכענט מיט זיין גרויסער האַנט אויפן טיר און אָנגעזאָגט מיטן הארבען וואָרט, אַז ער טאָר מער ניט קומען, און די אינגלאַך וואָס האָבען אַריינגעבראַכט צייטונגען, האָט ער פשוט אויפגעהויבען פאַר די קאָלנערס און אַרויסגעוואָרפען.

פינף קורצ־געוויקסיגע פּרעסערס

ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דעם פרעס־טיש און געביגעלט הייזקעס. אָבער פלעגט אָפט אַוועקשטעלען דעם פרעס־אייזען און אַרומלויפען איבערן שאַפּ ווי אַ גזלן, און ער האָט געגעבען צו פילען אַז ער איז דער בעל־הבית.

אויסער גדליה׳ן האָבען ביי אונז אין שאַפּ געאַרבייט פינף קליינע פּרעסערס, וועמען איך פלעג רופען די „קעלבלאַך״. זיי זיינען געווען אַזוי שרעקענדיג, אַז ווען דער ביגלער־באָס פלעגט אַ וואָרף־טאָן מיט אַן אויג, פלעגען זיי פאַרציטערט ווערען.

אַזוי ווי די פינף פּרעסערלאַך זיינען געווען זעהר נאָענט צו גדליה׳ן, האָט ער ניט פאַרגעסען אויסטיילען זיי צרות אויפן פוד. דעם זעלבען „יושר״ וואָס ער האָט געהאַט זייענדיג אַן אַרבייטער

האָט ער ניט פאַרלאָרען, ווען ער איז געוואָרען אַ באָס. מיט די ביגלערס האָט ער זיך געטיילט „גלייך”; ער פלעגט זיך נעמען די קליינע סייזעס און זיי פלעגט ער געבען די גרויסע. אַזוי ווי מען האָט געאַרבייט פון שטיק, האָבען זיי קוים פאַרדינט אויף ברויט.

אַרום נאָך שבועות פון יענעם יאָר האָט זיך אָנגעהויבען צייגען אַ היבשע ביסעל אַרבייט אין די שעפער און עס האָט אויסגעבראָכען אַן עפּעדעמיע פון שאַפּ סטרייקס. זיי האָבען זיך אָבער אַלע געענדיגט מיט קליינע געווינסען פאַר די אַרבייטער. אָבער אי די אַרבייטער אי די באָסעס האָבען געפילט אַז עטוואָס גרויסעס האַלט ביים אָנקומען אין דער שניידער אינדוסטריע; אַז עס קלייבט זיך אַ מורא׳דיגער שטורם, וואָס דאַרף אויסרייניגען דאָס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין דער צייט פון קריזיס. דערפאַר טאַקע זיינען די שאַפּ סטרייקס ניט שטאַרק פאַרצויגען געוואָרען.

ביי אונז אין שאַפּ האָט מען אויך געסטרייקט, אָבער פון די אַלע פאָדערונגען, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרען, האָט מען זיך באַנוגענט דערמיט, אַז מען זאָל די אָפּערייטאָרס געבען נאָדלען און די פּרעסערס לאַפּענס.

**דער שניידער־סטרייק פון 1894; מוסר פון „טאַגעבלאַט”**

אַ וואונדערבאַרער סטרייק אין דעם זומער פון 1894. אָהן אירגענד וועלכע פאָרברייטונגען, כמעט אָהן אַגיטאַציע, האָבען אַרבייטער כמעט פון אַלע פאַכען פון שניידעריי אַוועקגעוואָרפען די אַרבייט און אַוועקגעלאָזען זיך איבער שעפּער און פאַבריקען אויפצוהויבען זייערע ברידער אין סטרייק. דאָס האָט אויסגעזען ניט ווי אַ סטרייק, נאָר ווי אַן אויפשטאַנד. די גאַסען פון די אידישע קוואַרטאַלען זיינען שוואַרץ געוואָרען פון מענשען, וועלכע האָבען געשטראָמט ווי קאָכעדיגע און ברויזענדע טייכען.

די מיטינג לאָקאַלען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט אַרבייטער. עס האָבען דאָרט אויסגעמישט מענער־שניידער מיט סיילאָר סוטס מאַכער, וועסטען מאַכער מיט הייזקע־נייערס. רעדנער רוקען זיך אַרויס פון די מאַסען. אין איינפאַכע אָבער גליענדע ווערטער באַגייסטערען זיי די אנוועזענדע. מיט בונטע פאַרבען מאָלען זיי בילדער פון צרה׳דיגען אַרבייטער לעבען. עס איז צו באַוואונדערען פון וואַנעט עס האָט זיך גענומען דיזער באַהאַלטענער כח. ווי פון די ביינער און קנאָכען אין טאָל זיינען אויפגעשטאַנען העלדען...

דאָס אידישע „טאַגעבלאַט” האָט צוגעגאָסען אויל אויף דעם פייער. אין אַ רייע אַרטיקלען האָט זי אויסגעגאָסען די תוכחה אויף די אַרבייטער, געוויינט אויף די ליידען פון די אַרבייטס־געבער און געסטראַשעט, אַז מען וועט נאָך די אידען אַרויסטרייבען פון אַמעריקע פאַר דער חוצפּה פון די בעלי־מלאכות.

אום נאָך אַרויסצורופען דעם צאָרען פון די פאַרביטערטע און צו דער זעלבער צייט באַגייסטערטע מאַסען, איז פאַרשפּרייט געוואָרען אַ צירקולאַר, איבעראַל וואו אַרבייטער האָבען זיך פאַרזאַמעלט, מיט ביטערע אַטאַקעס אויף זיי. דער צירקולאַר האָט זיך אָנגעהויבען מיט פאָלגענדע ווערטער:

„גיט נאָר אַ קוק ווי די אַרבייטער האָבען זיך צוויושעט. עס איז נאָך ווייניג וואָס זיי האָבען גענוג ברויט מיט פּוטער צו עסען, פאַרלאַנגען זיי, אַז מען זאָל נאָך פון אויבען אַרויפלייגען אַ שטיקעל חזיר, כדי זיי זאָלען קענען פרעסען טריפה סענדוויטשעס...”

ווען מען האָט דאָס אינהאַלט פון דעם צירקולאַר פאָרגעלעזען פאַר די סטרייקערס, האָט אויסגעבראָכען אַ שטורעם פון אַנטריסטונג. די מענשען זיינען אַזוי אויפגערעגט געוואָרען, אַז זיי וואָלטען אין פייער געפלויגען.

**געוואונען דורך הונגער, בלוט און טויט**

די פאָדערונגען זיינען ווי אימער געווען — העכערע פרייזען, אַ צען שטונדיגען אַרבייטס טאָג, און די באָסעס זאָלען געבען די אַרבייטער פרייע מאַשינען און נאָך קלענערע קאָנדיציאָנען.

צו די פאַרדינסטען פון יענעם סטרייק דאַרף מען צושרייבען דאָס, וואָס זייט דאַן איז דער צען שטונדיגער אַרבייטס טאָג און די מאַשינען פאַרבליבען, ביז דער אַכט שטונדיגער אַרבייטס טאָג איז עטאַבלירט געוואָרען.

די שפּעטערדיגע אימיגראַנטען שרייבען, נאַטירלאַך, זיך צו דעם קרעדיט פון דער פאַרקירצונג פון אַרבייטס טאָג און פאַר אַנדערע אויסבעסערונגען אין די אַרבייטס באַדינגונגען, אָבער זיי האָבען אַ טעות. אָהן אַ צען שטונדיגען אַרבייטס טאָג וואָלט ניט מעגליך געווען צו האָבען שפּעטער אַן אַכט שטונדיגען אַרבייטס טאָג. דאָס, וואָס איז דערגרייכט געוואָרען שפּעטער, איז אויפגעבויט געוואָרען אויף דעם פונדאַמענט פון צוויי דורות פון פריערדיגע קעמפער, וואו די פריער און די מאַסען האָבען פאַר דעם באַצאָלט מיט הונגער, בלוט און טויט.

יענעם סטרייק האָבען די אַרבייטער געוואונען. זיין איינפלוס האָט געדויערט אַ היבשע צייט. נאַטירלאַך, האָבען די באָסעס די קאָנטראַקטען ניט געהאַלטען און האָבען געריסען פון די פרייזען. און דעם קומענדיגען יאָר האָט מען ווידער געסטרייקט. די צען שטונדען אַ טאָג און די מאַשינען זיינען אָבער פאַרבליבען.

## IV

דעניעל דעליאָן איז געווען אַ מענש מיט אַן אייזערנעם כאַראַקטער. האָט ער איינמאָל באַשלאָסען אַ זאַך האָט ער דאָס געמוזט דערגרייכען, אום יעדען פּרייז. לויט זיין באַגריף, איז די מענטשהייט געווען איינגעטיילט אין צוויי קלאַסען: אין סאָציאַליסטען און פייקערס. קיין צווישען עלעמענט איז ניט געווען.

**ווענען מענשען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג**

איך געדענק ווי איינמאָל האָט אים דער אַלטער אַלעקסאַנדער יאָנאַס אַ פרעג געטאָן: — ווען ביי אייך זיינען אַלע אויסער סאָציאַליסטען „פייקערס״, טאָ פון וואַנעט וועט איר נעמען מענשען צו מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציע?

דארויף האָט אים דעליאָן געענטפערט, אַז ער, יאָנאַס, פאַרשטייט ניט דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, ער איז אַן איגנאָראַמוס.

— אָבער, — האָט יאָנאַס ווידער געפרעגט, — מיר האָפען דאָך אַז מיר וועלען רעקרוטירען נייע אָנהענגער פאַר אונזערע אידעען ניט נאָר פון די אַרבייטער רייען, נאָר אפילו פון די אַנדערע פאַרטייען און דערפאַר פירען מיר דאָך אַן אַזאַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע, היינט צו וואָס דאַרפען מיר געברויכען די טאַקטיק פון פאַרדאַמען די גאַנצע וועלט?

דעליאָן האָט געמאַכט זיין כאַראַקטעריסטישע גרימאַסע, האָט צוזאַמען געדרייט זיינע ליפּען און אַ בליק געטאָן מיט זיינע שאַרפע נאָך יוגענדליכע אויגען און האָט גאָרניט געענטפערט.

איבערהויפּט איז דעליאָן ניט גאָר געוויסענהאַפט געווען מיט זיינע דעבאַטאַנטען. אַנשטאָט אַן ענטפער פלעגט ער דעם געגנער פשוט אויסזידלען. איך געדענק ווי ער האָט אַמאָל אין אַ דעבאַטע געזאָגט צו זיין אָפּאָנענט:

— די צרה מיט אייך, ווארום איר פאַרשטייט מיך ניט, איז וואָס איר האָט קאקערוטשעס אין קאָפּ.

אין זיין „פּיפּל״, אין דער טעגליכער צייטונג, וואָס ער האָט רעדאַקטירט, און וועלכער איז געווען דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי (ס.ל.פּ.) האָט ער די פראַגען שטעלער געגעבען אַזעלכע ענטפערס אַז זיי פלעגען שוין פאַרזאָגען אַ צענטען צו פרעגען שאלות. ניט זעלטען פלעגט ער דערביי צושטעלען אַזעלכע ליגענס, וועלכע מען האָט געקענט אפילו אָנטאַפּען אין דער פינסטער.

איינמאָל ווען דאָקטאָר דזשוליוס האַלפערן איז געלאָפען אַלס קאַנדידאַט פאַר אַסעמבלימען אָדער אָלדערמען אין אַ דאַונטאַונער דיסטריקט, אויף דעם טיקעט פון די אַזוי גערופענע „קאָנגרוס״, די צווייטע אָפּאָזיציע געגען די ס. ל. פּ. האָט דעליאָן געשריבען אין זיין „פּיפּל״, אַז דר. האַלפערין איז גאָר קיין סיטיזען ניט.

אין זיינע רעדעס און אָפט אין זיין שרייבען האָבען זיך אויך אַמאָל געפיהלט אַנטיסעמיטישע אָנצוהערענישען. מאָריס ווינטשעווסקי׳ן, וועלכען ער האָט געהאַסט ווי דעם טויט, פלעגט ער רופען „וועטשעסטער״, העברי סלאָבאָדין פלעגט ער רופען „סלאָבאָדינאָפסקי״.

טראָץ זיין פאַנאַטיזם און דעספּאָטיזם, איז ער אָבער דאָך געוועזען אַ וואונדערבאַרע פּערזענליכקייט. אַ זעלטענער רעדנער און אַ שרייבער מיט אַ שאַרפער פעדער און מיט זעלטענעם זכרון. עס איז דאַרום קיין וואונדער ניט, וואָס ער איז געווען דער מיטעל פונקט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

די אידישע גענאָסען פון דער „אַרבייטער צייטונג״ פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן האָבען צו אים געקלעפּט, ווי פליגען אַרום האָניג. אין זייער פאַרגעטערונג פון דעליאָנ׳ען זיינען זיי געגאַנגען ביז דעם העכסטען עקסטרעם; זיי האָבען נאָך אים נאָכגעטאַנצט וואו נאָר ער איז געלאָפען.

**ערקלערט פאַרוואָס „אָפּאָזיציע״.**

עס איז דאַרום קיין וואונדער ניט וואָס אין 1895, ווען דעליאָן האָט גענומען באַקעמפען די פיהרער פון די „נייטס אָוו לייבאָר״, האָבען אים די אידישע גענאָסען גלייך אונטערגעהאַלטען די הענט, און האָבענדיג די פּרעסע אין זייערע הענט, האָבען זיי אויסגעאיבט זייער איינפלוס אַז די אידישע יוניאָנס זאָלען אַרויס פון דעם אַרבייטער אָרדען. און ווען דעליאָן האָט גענומען אָרגאַניזירען „די סאָשעליסט טרייד און לייבאָר אַלייענס״, האָט מען גלייך גענומען טרייבען די אידישע אָרגאַניזאַציעס אין דעליאָנ׳ס פאַרבאַנד מיט גוטען און מיט בייזען.

ביסלאַכווייז איז אויסגעוואָקסען אַ מורא׳דיג גרויסע אָפּאָזיציע.

אייגענטליך האָט זיך די אָפּאָזיציע ניט אָנגעפאַנגען מיט דער גרינדונג פון דעליאָנ׳ס „אלאיאַנס״. נאָך אַ סך פריהער זיינען אַ גרויסע צאָל פאַרטיי מיטגלידער געווען ניט צופרידען מיט דעניעל דעליאָנ׳ס דיקטאַטור.

דעליאָן האָט געאַרבייט געגען דער אָפּאָזיציע מיט אַלע כחות. אויסער דעם וואָס ער האָט אין זיין צייטונג חוזק געמאַכט פון איר פירער און האָט דיזעלבע פירער געזידעלט און באַליידיגט אויף מיטינגען, האָט ער פּרובירט פאַרקלאָגען ניין פון די טעטיגסטע אָפּאָזיציאָניסטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען: אַב. קאַהאַן, לואיס מילער, נייטהען זווירין, איך, און אַנדערע.

דער פאַרהער וועגען דער קלאַגע געגען אונז איז פאָרגעקומען אין דעם דייטשען לייבאָר לייסעאום. וואַלדינגער, אַן אַלטער דייטש, דעליאַנ׳ס אַ „פאַטריאָט”, איז געווען דער פאָרזיצענדער. ער האָט זיך אויפגעפירט געגען אונז, וועלכע זיינען געווען אָנגעקלאָגט אין „פאַראַט”, אַזוי ווי אַ רוסישער פאָליצייסקער. דאָס האָט ביי אונז אַרויסגערופען אי פאַרדרוס, אי שפאָס.

דאָרטען האָבען מיר זיך באַגעגענט מיט אונזערע געוועזענע חברים פון דער „אַרבייטער צייטונג” פאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן. ווען מיר האָבען זיי אַריינגעקוקט אין די אויגען, האָבען זיי אַרונטערגעלאָזט די קעפ, אויסגעזעהן האָט דאָס, אַז ניט מיר זיינען די פאַרקלאָגטע, נאָר זיי.

איינער פון די קלעגער, אָדער עדות געגען אונז, איז געווען אב. שאַפּיראָ, דער דעמאָלטדיגער סעקרעטאַר פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

## פּאַרטיי־קלאַגעם; אַב. קאַהאַנ׳ס ענטפערם

אין צייט פון קריזיס האָט די פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן און די אידישע סעקציע פון דער פאַרטיי, וועלכע זיינען געווען די פאַקטישע באַלעבאַטים פון די געווערקשאַפטען, אומגעביטען ב. וויינשטיינ׳ען, איינעם פון די גרינדער פון דיזער קערפערשאַפט, ווייל ער האָט אויסגעוויזען אַביסעל אומאָפּהענגיקייט, און אויף זיין פלאַץ האָט מען ערוויילט יעקב מילכ׳ן. מילך איז דאַמאָלסט געווען אַ זעהר אינטעליגענטער יונגער אַרבייטער, וועלכער האָט געהאַט אַ שיינע פעדער. אָבער צו די אומשטענדען האָט ער זיך ניט צוגעפּאַסט. ער איז ניט לאַנג געווען אין דעם אַמט, און אויף זיין אָרט האָט מען ערוויילט אב. שאַפּיראָ׳ן. דיזער איז געווען איינער פון יענע איבערגעבענע אונטערטאַנען צו דער „נאַטשאַלסטוואָ” וואָס איז געווען זעלטען צו געפינען. עהרליך ביז׳ן סאַמע גרונט און פינקטליך ווי אַן אויטאָמאַט, האָט ער אָפּגעהיט די פרומקייט פון דעם אַלטען רעזשים, אַזוי ווי אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס אויף דער וואַך.

אָט דיזער אב. שאַפּיראָ, איז דאָס געווען איינער פון די, וואָס האָבען אונז פאַרקלאָגט אין פאַרראַט צו די אַרבייטער אינטערעסען און צו דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי. . . .

וואַלדינגער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען אַ דם־שונא דעליאַנ׳ען און וועלכען איך האָב מיט עטליכע יאָר שפּעטער געהערט דערציילען, אַז דעליאַן אַליין, וועלכער האָט ניט פאַרגעסען אַ סך מאָל צו דערמאָנען, אַז ער איז ניט קיין איד — איז אויך אַ איד, און זיין נאָמען איז דניאל לייב; אָט דיזער וואַלדינגער איז געזעסען צושפּרייט אין אַ גרויסער שטול, מעשה ריכטער.

— ווי רופט מען אייך? — האָט ער אַ פרעג געטאָן אב. קאַהאַנ׳ען מיט חוצפּה.

מיר זיינען אַלע געוואָרען אנגעצונדען פון דיזער עזות. קאַהאַנ׳ען, וועלכען אַלע האָבען געקענט און וועלכער איז געווען אַזוי שטאַרק פּאָפּולער צווישען די ניט־אידישע סאָציאַליסטען, ווייל ער איז געווען איינער פון די בעסטע צווישען די ווייניג ענגליש־שפּרעכענדע רעדנער אין דער פאַרטיי, — אים פרעגט מען גאָר, ווי ער הייסט.

דאַרויף האָט אים קאַהאַן געענטפערט אין רוסיש:

— פּאַספּאָרטאָ ניע אימעיו! (קיין פּאַספּאָרט האָב איך ניט).

וואַלדינגער האָט זיך אָנגעצונדען: — דאָ רעדט מען די שפּראַך פון די פאַראייניגטע שטאַטען — האָט ער זיך געבייזערט.

דאָס דאַרפט איר זיך לערנען ביי מיר, ווייל איך בין אַ לערער — האָט אים קאַהאַן געענטפערט. — דאָס איז אונז אַלעמען שטאַרק געפעלען געוואָרען.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אַלע אָנגעקלאָגטע אויסגעשלאָסען פון דער פאַרטיי. פאַר אונז איז דאָס געווען אַ געפערליכער קלאַפּ. יעדער איינער פון אונז האָט געפיהלט ווי מען וואָלט אונז פאַראורטיילט צו מאָראַלישער תליה.

מיר האָבען ניט לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט אָהן אַ פאַרטיי, באַלד האָט זיך געפונען אי אַ פאַרטיי, אי פיהרער, אי האָפנונג. און אויף אונזער גאַס איז ווידער ליכטיג געוואָרען.

## אַ נייע באַוועגונג — לואי מילער׳ם דעקלאַראַציע

דרויסען איז געווען אַ ביטערע קעלט און דאָס האָט אונזער ענטוזיאַזם אַביסעל אָפּגעקילט; מיר זיינען אָבער באַלד פריילאַך געוואָרען, ווען מיר האָבען אויפן גאַס דערזען אַ גרויסע מאַסע מענשען, וועלכע האָבען אונז האַרציג באַגריסט. דאָס זיינען געווען פריינט און סימפּאַטייזער, וועלכע זיינען דעם גאַנצען אָווענט געשטאַנען אין קעלט און געוואַרט אויף דעם אויסגאַנג פון דעם מיטינג.

אויפן גאַס האָבען מיר אויך ניט לאַנג געדאַרפט וואַרטען. מען האָט פאַר אונז באַזאָרגט אַ מיטינג לאָקאַל, און ווען מיר, די מיטגלידער פון דער אַסאָסיאיישאָן, די וואָס זיינען געווען קאַנדידאַטען פאַר מיטגלידער, און אַזוי גענאָסען פון דער פאַרטיי, זיינען אַריין אין דעם נייעם לאָקאַל, האָט דאָס אויסגעזען ווי אַ גרויסע פאַרזאַמלונג.

אונזער ענטוזיאַזם איז געשטיגען פון מינוט צו מינוט. עס איז ערוויילט געוואָרען אַ פאָרזיצענדער, און איין רעדנער נאָך דעם אַנדערען האָבען ווידער איבערדערציילט די עולות, וואָס די מאַכטהאָבער פון דער פאַרטיי און פון דער פרעסע זיינען באַגאַנגען געגען אונז און געגען די אַרבייטער אין אַלגעמיין.

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבע נאַכט, ווען מען האָט זיך גענומען צו פאַרהאַנדלען ערנסטע זאַכען. די אַנוועזענדע האָבען זיך גלייך אָרגאַניזירט אין אַ פּרעס־פאַראיין. אַלע אַנוועזענדע זיינען געוואָרען מיטגלידער. דער צוועק פון דעם פאַראיין איז געווען אַרויסצוגעבען אַ טעגלאַכע צייטונג.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצוגעבען אַן ערקלערונג, וואָרום מיר האָבען פאַרלאָזען די „אַרבייטער צייטונג" פּאָבלישינג אַסאָסיאַיישאָן. די ערקלערונג האָט זיך אונטערגענומען צו שרייבען לואיס מילער. אַ קאָמיטע איז אַרומגעגאַנגען און האָט גענומען די אונטערשריפטען פון די צוויי און פופציג מיטגלידער, וואָס האָבען פאַרלאָזען די אַסאָסיאַיישאָן.

די אונטערשריפטען זיינען געגעבען געוואָרען איידער די ערקלערונג איז אָנגעשריבען געוואָרען. מילער האָט זיך באַנוצט מיט דעם און האָט פאַרעפענטליכט די ערקלערונג אין אַ צירקלאַר, וואָס איז ווייט און ברייט פאַרשפּרייט געוואָרען.

אין דער ערקלערונג האָט ער איבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַזאַ שפּראַך, מיט אַזעלכע אויסדרוקען און באַשולדיגונגען, צו וועלכע ניינציג פּראָצענט פון די, וואָס האָבען פאַרלאָזען די אַסאָסיאַיישאָן, וואָלטען ניט צוגעשטימט.

ווען מען פאַרלירט טאַקט

צווישען אַנדערעס איז געשטאַנען אין דער ערקלערונג, אַז פאַרשידינע טונקעלע פּערזאָנען האָבען זיך אַריינגעגנב'עט אין דער באַוועגונג, אַז די „לאָיאַלע" מעמבערס פון דער אַסאָסיאַיישאָן האָבען אַרויסגעשטופּט מיט טריקס די וויכטיגסטע טוער פון דער באַוועגונג, כדי מען זאָל קענען אויף די אַרבייטער פאָרען רייטענדיג; אַז די לאָיאַלע האָבען אויפגעבויט אַ אידישע טעמעני־מאַשין און האָבען זיך באַוואָפּענט מיט די שמוציגסטע געווער, כדי איינצוהאַלטען זייערע דזשאַבס.

דיזע און נאָך אַנדערע אויסדרוקען האָבען פילע פון אונז געמאַכט פילען זעהר שלעכט. דער ענערגישער מילער האָט, וואַרשיינלאַך, אומישנע באַנוצט אַזאַ שפּראַך, כדי צו פאַרברענען אַלע בריקען הינטער אונז, אַז קיינער פון אונז זאָל זיך קענען אומקערען צוריק אין דער אַסאָסיאַיישאָן.

מיר האָבען זיך אַלע געוואָרגען מיט דיזע ערקלערונג, אָבער מיר האָבען געשוויגען. בלויז ה. קינג האָט ניט אויסגעהאַלטען און האָט עפענטלאַך פּראָטעסטירט אין דעם „אָווענד בלאַט". קינג איז אָבער אויך צוריק ניט געגאַנגען, און ער איז פאַרבליבען מיט אונז.

די „לאָיאַלע" האָבען אויך ניט געשוויגען. אין דעם „אָבענד בלאַט" האָבען זיי געהאַגעלט מיט זידלערייען אויף אונז. אויסער דעם, האָבען זיי דעם 15־טען יאַנואַר אויסגעאַרבייט אַ מאַניפעסט צו די אַרבייטער. די אַסאָסיאַיישאָן האָט ערקלערט איר שטאַנדפּונקט און די אורזאַכען וואָרום די אָפּאָזיציע איז אַרויסגעטראָטען געגען איר.

ביי יענעם מיטינג, דעם 7־טען יאַנואַר, 1897, איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען אַ קאָנווענשאָן פון סאָציאַליסטישע סעקציעס, פּאַרטיי דיסטריקטען, יוניאָנס און אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויף'ן באָדען פון קלאַסען קאַמף און וואָס ריידען אידיש.

די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק, שבת און זונטאָג, דעם 30־טען און 31־טען יאַנואַר, 1897, אין וואַלהאַלאַ האָל, אַ ריזיגע געביידע פאַר פאַרזאַמלונגען, וואָס האָט זיך דאַן געפונען צווישען העסטער און גרענד סטריטס.

א קאָנווענשאָן: פּאַרטיי־טריישאַפט

ביי דיזער קאָנווענשאָן, וועלכע איז געווען אַ ריזיגער ערפאָלג, און ביי וועלכע עס זיינען געווען פאַרטראָטען דעלעגאַטען אויסער פון ניו יאָרק און אומגעגענט, אויך פון פילאַדעלפיא, באָסטאָן, ניו הייווען און האַרטפאָרד, און כמעט פון אַלע אידישע יוניאָנס, — די, וואָס האָבען באַלאַנגט צו די יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס, אַריינגערעכענט — האָט מען אָנגענומען וויכטיגע רעזאָלוציעס. כדי צו ווייזען דער וועלט, אַז מיר האָבען בלויז געהאַט אַ קאַמף מיט די אידישע גענאָסען פון דער אַסאָסיאַיישאָן און ניט מיט דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי, און אויך כדי צו ווייזען, אַז מיר ווילען בלויז אויסבעסערונגען אין דער פּאַרטיי און מיר באַקעמפען זי ניט, איז קודם כל אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

„מיר ערקלערען, אַז אין אַלע פאַרהאַנדלונגען וואָס וועלען פאָרקומען ביי דיזער קאָנווענשאָן, זאָלען זיך נאָר באַטייליגען בלויז אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען אַקטיוו און טריי דער פּלאַטפאָרם פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי."

די קאָנקרעטע פאָדערונגען פון דער אָפּאָזיציע זיינען געווען פאָלגענדע:

פרייע פּרעסע; דאָס הייסט, אַז אַלע וויכטיגע פּאַרטיי־פראַגען און טרייד יוניאָן פראַגען זאָלען דיסקוטירט ווערען אין דער טעגלאַכער סאָציאַליסטישער צייטונג. אַזוי האָבען דאָס אַ סך פאַרשטאַנען.

פאָלקס פאַרוואַלטונג; דאָס הייסט, אַז די סאָציאַליסטישע פּרעסע זאָל ניט פאַרוואַלטעט ווערען פון אַ פּריוויליגער אַסאָסיאַיישאָן, נאָר פון פאַרטרעטער פון פאָלק, דורך דעליגירטע.

דאָס זיינען געווען די הויפּט פּונקטען, אויף וועלכע די אָפּאָזיציע איז באַשטאַנען, און וועלכע האָבען, אַזוי ווי מיט ריזיגע האַרמאַטען, געלעכערט די ווענט פון דער „לאָיאַלער" פעסטונג.

די אַנדערע געווער, מיט וועלכע מען האָט געשטורעמט די פעסטונג פון דע־ליאָנס אידישע תלמידים איז געווען די פראַגע וועגען גרינדען אָפּאָזיציאָן־יוניאָנס. מיט אייזערנע אַרגומענטען האָבען אונזערע פריינט כסדר באַוויזען, ווי דע־ליאָן, וועלענדיג בויען סאָציאַליסטישע יוניאָנס,

האָט געשאַפֿן איבעראַל ברודער־קריג, האָט רואינירט די אַרבייטער עקאָנאָמיע, געמאַכט זיי נאָך אָרימער ווי זיי זיינען געווען, און געגאַנגען ברעכן איז ער ניט לאָנגשאָרמענס אָדער אייזנבאַן יוניאָנס, נאָר גראַדע געגען די קעפּמייקערס און קלאָוקמאַכערס האָט ער אָרגאַניזירט זיינע אָפּאָזיציעס, געגען די יוניאָנס, וועלכע זיינען ווירקלאַך געווען סאָציאַליסטישע.

נאָך דער קאָנווענשאָן האָט מען זיך איבעראַל גענומען צו דער אַרבייט מיט חשק. די קאָנווענשאָן איז געשלאָסן געוואָרן אין אַ זעלטענער גוטער און געהויבענער שטימונג.

## אַ באַנקעט מיט הערינג און ברויט מיט קאַשע

עס איז ווירקלאַך צו באַוואונדערן, וואָס ענטוזיאַזם און ענערגיע קענען אויפטאָן. מיר זיינען דאַן געווען אַזוי אָרים, אַז מיר האָבן זיך אפילו ניט געקענט פאַרגינען צו מאַכן פאַר די דעלעגאַטן אַ באַנקעט, ווי געהעריג איז, כאָטש דאַן איז געוועזן דאָס עסן אַזוי ביליג. מיר האָבן דאַרום געמאַכט אַ מילכיגען באַנקעט, וואָס האָט געקאָסט צו פופציג סענט אַ פערזאָן, אין דעם זעלבען וואַלהאַלאַ האָל, וואו די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן, אין אַ טיפען סאָב־קעלער, וואו די דילען זיינען ניט געווען געוואַשען, און די ווענט זיינען געווען פול מיט שפין־געוועב. אויף הוילע ברעטער, וועלכע זיינען געווען אַוועקגעלייגט אויף קאָזלעס, האָט מען פאַר אונז סערווירט הערינג, ברויט און מילכיגע קאַשע. אַ סך פון אונז וועלכע האָבן זעהר שטאַרק געוואָלט זיין ביי דיזען „באַנקעט", האָבן דאָס ניט געקענט באַווייזען, ווייל אַ סומע פון פופציג סענט איז פאַר זיי אין יענער צייט שווער געווען אויסצוגעבען.

ניט אַכטענדיג אויף אונזער גרויסע אָרימקייט, האָבן מיר זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבען אַ טעגלאַכע צייטונג.

די דעלעגאַטען זיינען זיך צופאָרען, יעדער אין זיין ספערע, און איבעראַל איז אָנגעצונדען געוואָרען אַ פייערל. מיר, אין ניו יאָרק, אין דעם מיטל־פונקט פון אָרגאַניזאַציעס און קאַמף, האָבן געפילט ווי אַרום אונז ווערט ליכטיג.

די ביטערע קעלטען זיינען פאַריבער. עס האָט אָנגעהויבען צו אָטעמען מיטן זיסען פרילינג. אונזער „הויפּט קוואַרטיר", האָבן מיר געמאַכט אין דזשעקסאָן סטריט פאַרק. דאָרטען פלעגען מיר זיך יעדען פאַרנאַכט אויפקלייבען, דיסקוטירען פראַגען און מאַכן עטלאַכע סענט. צוויי יונגע לייט פלעגען מאַכן אַ וועט, ווער עס וועט שנעלער איבערלויפען דעם פאַרק. עס פלעגען זיך פאָרמירען צדדים, וועטערס, מען פלעגט אַריינלייגען צו פינף סענטיגע, דיימס און קוואָדערס, אָבער נאָך דעם „רייס" איז דאָס געלט אָפּגעגעבען געוואָרען פאַרן „פאָרווערטס". אָפט, ווען מען האָט אין יוניאָנס שטראָפירט אַ מיטגליד, האָט מען די שטראָף־געלט געבראַכט צום „פאָרווערטס". די גרויסע מערהייט פון די געשוואַכטע יוניאָנס זיינען געווען מיט אונז.

מיר האָבן געאַרבייט מיט איבערנאַטירלאַכע קרעפטען. מיר האָבן שוין געהאַט אַ פאָנד פון איבער טויזענט דאָלאַר. דאָס איז געווען אין דער דעמאָלסדיגער צייט אַ סך געלט; אָבער מיט דעם אַרויסגעבען אַ טעגלאַכע צייטונג האָבן מיר מורא געהאַט.

מיר האָבן באַשלאָסען צו מאַכן דריי גרויסע אונטערנעמונגען אויסער ניו יאָרק. איינער אין פילאַדעלפיא, אין דער אַקאַדעמיע אָוו מיוזיק, אַ צווייטער אין באָסטאָן און אַ דריטע אין האַרטפאָרד.

לואי מילער איז געווען זעהר ענטוזיאַסטיש וועגען דעם רעזולטאַט פון די אונטערנעמונגען. ער האָט באַוויזען מיט ציפערען, מיט זיין געוויינלאַכען אָפּטימיזם, אַז אין פילאַדעלפיא וועט מען מאַכן, „קאָנסערוואַטיוו גערעכענט", דריי טויזענט דאָלאַר — אין באָסטאָן צוויי טויזענט און אין האַרטפאָרד — „שפּילענדיג", טויזענט דאָלאַר.

די דריי אונטערנעמונגען זיינען אַראַנזשירט געוואָרען. די בעסטע רעדנער אונזערע זיינען אַהין אַוועקגעפאָרען און מיר האָבן געוואַרט אויף דאָס געלט...

## צוקלאַפּטע האָפנונגען

פלוצלונג, מען קלאַפּט אַ טרעוואָגע. אַ מיטינג, דאָס האַרץ קלאַפּט. וואָס פאַר אַ גוטע אָדער שלעכטע נייעס וועט מען אונז דאַרטען דערציילען?

אונזערע מיטינגען פלעגען צונויפגערופען ווערען אויף אַ וואונדערבאַרען אָרט. קיין צייטונג, וואו באַקאַנט צו מאַכן אונזערע פאַרזאַמלונגען האָבן מיר ניט געהאַט. ניט אָפט איז געווען צייט גענוג צו שרייבען בריוו. דאָך זיינען די מיטינגען אימער געווען גוט באַזוכט. עפּעס אַזוי ווי שטימען אין ווינט פלעגען באַקאַנט מאַכן די פאַרזאַמלונגען.

מיר זיינען געקומען צום מיטינג. עס איז שוין געווען אַרום צען אור ביי נאַכט ווען ער האָט זיך אָנגעהויבען.

די רעדנער אונזערע, וואָס זיינען געפאָרען אַדרעסירען די קאָנצערטען, האָבן אונז דערציילט די טרויעריגע בשורה, אַז ניט נאָר האָט מען צוגעלייגט דאָס גאַנצע געלט וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, נאָר מען האָט נאָך געמוזט לייען געלט פאַר די רעדנער אַהיים צו פאָרען.

אַ טיפער אומעט האָט אַלעמען באַהערשט.

לואי מילער נעמט דאָס וואָרט. מיט זיין געוויינלאַכען עזות, נעמט ער זידלען די אַנוועזענדע; עפּעס אזוי ווי זיי וואָלטען געווען שולדיג אין אומגליק.

דער עולם האָט זיך געפילט געקריינקט און אונבאַקוועם, אָבער אַלע האָבן געשוויגען. יעדער האָט רעספּעקטירט זיין טיפען פאַרדרוס און ווייטאָג.

אַן אַרבייטער, אַ קעפּ־מייקער, אַ קליין־געוויקסיגער, מיט אַ פּנים פון אַן אַש־קאַליר, גייט צו לאַנגזאַם צום טשערמאַן. ער לעגט עטוואָס אַוועק לעבען אים.

דעם פאָרזיצענדענס געזיכט ווערט באַלויכטן.

— פינף און צוואַנציג דאָלאַר — שרייט דער טשערמאַן.

ער ווערט באַלד אַרומגערינגעלט מיט מענער און פרויען, וועלכע טראָגען געלט. ווער אַ דאָלאַר, ווער פופציג סענט. עס האָבען זיך אויך געפונען אַזעלכע וועלכע האָבען געגעבען פינף־דאָלערדיגע. אייניגע האָבען ערקלערט אַז זיי האָבען ביי זיך קיין געלט ניט, אָבער מען זאָל זיי פאַרשרייבען, זיי וועלען צוברייננגען.

געלט אַרויסצוגעבען דעם „פאָרווערטס"

איינער האָט אויף דעם געענטפערט:

— אויב איר קענט קריגען געלט אין דער היים, טאָ גייט אַהיים און ברענגט. מיר וועלען פון דאַנען ניט אַוועקגיין, ביז מיר וועלען האָבען אַ סומע מיט וועלכע מיר זאָלען קענען אַרויס־געבען דעם „פאָרווערטס".

אַ צווייטער האָט צוגעגעבען:

— אויב איר האָט ביי זיך אין דער היים קיין געלט ניט, וועקט אויף אייערע שכנים און לייט ביי זיי געלט.

דיזע עצות זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס באַגייסטערונג.

אייניגע האָבען צוגעבראַכט זייערע זייגערלאַך, רינגלאַך און בראַסלעטען.

עס איז שוין ליכטיג געוואָרען ווען מען האָט ווידער דעם מיטינג געעפענט. די וואָס האָבען זיך אַרויסגעלאָזען קריגען געלט זיינען שוין אַלע געווען צוריק. דיזע נאַכט האָט מען געזאַמעלט אַרום זעקס הונדערט דאָלאַר. מען האָט געקראָגען נאָך צוויי דריי הונדערט דאָלאַר, און דערמיט האָט מען זיך גענומען אַרויסגעבען דעם „פאָרווערטס".

## V

די צייט איז געווען זעהר אַ שטורעמדיגע און די „אבענדבלאַט" האָט ווי אַ גלאָק נאָכאַנאַנדער אונז אַטאַקירט. זי האָט אויך אָנגעהויבען אַרויסצוגיין מיט גרויסאַרטיגע אַרטיקלען. די „לאָיאַלע" האָבען געציטערט פאַר אונזער קאָנקורענץ, און זיי האָבען גוט אַכטונג געגעבען ווי דער עולם רוקט זיך אַלץ נענטער צו אונז.

און אום צו נייטראַליזירען זייערע שווערע אַטאַקעס, האָבען מיר דערוויילע ביז דער „פאָרווערטס" וועט ערשיינען, באַשלאָסען ניט צו בלייבען זיצען מיט פאַרלייגטע הענט.

דע־ליאָן וועלכער איז געווען בטבע נוקם ונוטר, האָבען מיר געוואוסט, וועט ניט שווייגען און די אידישע חברים פון „אבענדבלאַט" וועלען זיך ניט באַרואיגען, וואו זיי וועלען אונז ניט אויסשליסען פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי, און וועלען אונז ניט אַרויס־טרייבען מחוץ למחנה.

אַ סך פון אונז האָבען געלייגט גרויס האָפנונג אויף דעם אַלטען אַלעקסאַנדער יאָנאַס, אַז ער וועט ניט לאָזען אַז מען זאָל באַגיין אַזאַ געוואַלדיגע עולה געגען אונז, ווי אויסשליסען אונז פון דער פאַרטיי, ווייל דאָס וואָלט פאַר אונז געהייסען אַ מאָראַלישער טויט, אַזוי האָבען מיר דאַן געפילט.

עס ווילט זיך דאָ געבען אַ גאַנץ קליינע כאַראַקטעריסטיק פון אַלעקסאַנדער יאָנאַס:

אַלעקסאַנדער יאָנאַס

ווען איך האָב אים צום ערשטען מאָל דערזען בין איך צו אים צוגעקלעפּט געוואָרען מיט'ן גאַנצען האַרצען. ער האָט געהאַט אַ ריינעם ווייסען גלאַט ראַזירטען געזיכט מיט אַ פּאָר גוטע אויגען אונטער די ווייסע שפּאַקולען וואָס ער האָט געטראָגען.

אימער ריין און זאָרגפעליג, אָנגעטאָן אין קליידער געמאַכט נאָך דער לעצטע מאָדע, האָט ער אויסגעזען מעשה אַריסטאָקראַט. וועהרענד די וואָס האָבען אים געקענט, האָבען געוואוסט אַז אין זיין כאַראַקטער איז ניט געלעגען קיין ברעקעל גאוה און ער איז מיט יעדען געווען אַ גוטער ברודער. זיין שמייכעל האָט יעדען צו זיך גערופען.

שטאַמענדיג אַליין פון אַ געהויבענע פאַמיליע אין בערלין, האָט ער באַקומען אַ פיינע ער־ציאונג פון עטלאַכע פּריוואַטע לערער, איינער פון וועלכע איז געווען אַ איד.

צווישען יאָנאַסען און די אידען פון דער איסט סייד איז געווען אַ געוואַלדיגע געגענזייטיגע סימפּאַטיע. צי דאָס האָט געשטאַמט פון דעם וואָס ער אַליין איז געווען אַ פאַרוואָגעלטער דורך די סאָציאַליסטען־פאַרפאָלגונגען אין דייטשלאַנד, אָדער צוליב דעם, וואָס זיין ווייכע איידעלע נאַטור האָט געהאַט גרויס מיטלייד מיט די אידישע אימיגראַנטען, וועלכע זיינען דאַן געווען די גרויסע מאַיאָריטעט אַרבייטער. ער איז שטענדיג געווען מיט זיי אין אַלע זייערע גרויסע און קליינע סטרייקס. ביי יעדער מאַסען פאַרזאַמלונג האָט מען געהערט זיין קלאָרע האַרציגע שטימע, וועלכע האָט זיך געגאָסען גלייך און אַנגענעם.

ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען די קריגערייען צווישען די אידישע גענאָסען, איז דאָס פאַר אים געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. ער איז שטענדיג געווען אָדער דער רעדאַקטאָר, אָדער אַ שטענ־

דיגער מיטאַרבייטער פון דער דייטשער „פאָלקס־צייטונג“, און האָט געהאַט אַ היבשען איינפלוס צווישען די דייטשען גענאָסען, וועלכע זיינען דאַן געווען דער פונדאַמענט פון דער פאַרטיי.

מיר האָבען געלייגט גרויסע האָפנונג אויך אויף אים, צוליב פאַרשידענע אורזאַכען:

ערשטענס, האָט דע־ליאָנען אים ניט ליב געהאַט; צווייטענס, איז ער מיט אונז געווען איינ־פאַרשטאַנען, אַז מען מוז באַקעמפען די טאַקטיק פון ברעכען יוניאָנס מיט אַלע כחות. און דאַן האָבען מיר געוואוסט, אַז זיין גרויסע סימפּאַטיע פאַר די אידישע אַרבייטער וועט אונז ביישטיין אין אונזער קריטישען מאָמענט.

**ווילען שלום; צדדים אין שעפער**

כאָטש יאָנאַס איז מיט אונז ניט געווען איינפאַרשטאַנען אין דעם פונקט פון פרייע פרעסע, וועלכער איז געווען איינער פון אונזערע מלחמה געשרייען, ווייל ער האָט ערקלערט אַז די „פרייע פרעסע“ וואָס מיר האָבען געפאָדערט וועט אונטערגראָבען די פאַרטיי דיסציפּלין, פון וואָס ער האָט פיל געהאַלטען, פון דעסטוועגען האָט ער זיך יאָ פאַר אונז איינגעשטעלט און שפּעטער האָט ער געשריבען אַן אַרטיקעל אין „פאָרווערטס“ וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסער ריסק און האָט זיך גערעכענט פאַר אַ מאַיאיסטעט באַליידיגונג געגען דעם צאַר פון דער פאַרטיי, דעניעל דע־ליאָן.

דערווייל האָבען מיר זיך ענערגיש געגרייט אַרויסצוגעבען דעם „פאָרווערטס“. אין די שעפּער און ביי די מיטינגען האָט מען זיך נאָכאַנאַנד געקאָכט; איין צד האָט געשריען אַז וועלען אַרויסגעבען אַ „פאָרווערטס“ איז אַן אוטאָפּיע, אַנדערע האָבען באַוויזען אַז דער געבורט פון „פאָרווערטס“ איז אַ פראַגע פון טעג.

עס זיינען אפילו געוואָרען איינגע פאַרזוכען שלום צו מאַכען. איבערהויפּט די מיטגלידער פון דעם רוסישען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פאַריין האָבען זיך געסטאַרעט דאָס צו טאָן, אָבער אונזערע וועגען זיינען געווען ווייט אַוועק איינער פון די אַנדערע, אַז מיר זאָלען זיך קענען באַגעגענען.

דערווייל האָט די „אבענדבלאַט“ ניט אויפגעהערט צו שיטען אויף אונז בלבולים און קללות. מיר האָבען זיך געפילט פאַרצווייפעלט; ניטאָ וואו צו ענטפערען. מיר האָבען זיך אָבער גע־טרייסט, אַז אָט באַלד, באַלד ערשיינט אונזער „פאָרווערטס“, אונזער האָפנונג און שוץ...

איך געדענק דעם מאָמענט ווען איך האָב צום ערשטען מאָל דערזען דעם „פאָרווערטס“. איך האָב דאַן געאַרבייט אין ני־פּענטס שאָפּ, ערגעץ אויף דער בויערי. עס איז געווען אַזאַ ליכ־טיגער פרילינגס טאָג, דער 22־טער אַפּריל, 1897. ער האָט זיך אָבער געצויגען אַזוי לאַנג, אַז איך האָב אין אים איבערגעלעבט שרעקלאַכע יסורים פון וואַרטען.

וואָס איז געשען? איז דער „פאָרווערטס“ ווידער ניט אַרויס? האָט מען דאָס ווידער אָבגעלייגט זיין אַרויסגאַבע? האָט אַן אונגליק געטראָפען?...

ערשט — שפּעט נאָכמיטאָג, לויפט אין שאָפּ אַריין אַ קליין אינגעל, פאַרפלאַמט און פאַר־שוויצט, מיט אַ פּעקעל „פאָרווערטס׳עס“.

איך האָב דאָס ניי־געבאָרענע קינד געקושט, געדריקט צום האַרצען, אַריינגעקוקט אין די קליינע אותיות, אָבער איך האָב ניט געזען, ווייל מיינע אויגען זיינען געווען פאַרלאָפען מיט טרערען...

— אַהאַ, אָט דאָס איז דאָס גייסטיגע קינד אונזערס, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין ליידען.

ווי דאַר, ווי בלוט אָרים דאָס איז; וואָס פאַר אַ שוואַך „נפש׳ל“ דער ערשטער נומער איז געווען. וועט דאָס קענען לאַנג לעבען?

אַ שטראָם פרייד האָט שנעל אָפּגעווישט די טרויעריגע פראַגען און האָט אַלע צווייפעל אָפּגעשוויינקט. מער האָב איך ביים מאַשין ניט געקענט איינזיצען... אָנגעטאָן מיין רעקעל, מיין היטעל, און פאַשאָל אויפן גאַס.

**דער „פאָרווערטס“ ערשיינט**

דרויסען זיינען אינגלאַך געלאָפען און האָבען געשריען: "פאָרווערטס"! עקסטראַ „פאָר־ווערטס“! זייערע שטימלאַך האָבען מיר געקלונגען אַזוי ווי זיסע מוזיק.

אין מיטען פון אונזער גרויסער שמחה, מיט דער ערשיינונג פון „פאָרווערטס“, האָבען מיר ניט אויפגעהערט צו זאָרגען וואָס מיר וועלען באַלד בלייבען אין דרויסען אָהן אַ פאַרטיי.

מיר האָבען זיך געריכט אַז אָט, אָט וועט דער שרעקלאַכער קלאַפּ קומען און אין אונזערע הערצער האָבען מיר געפילט אַ טיפען ווייטאָג. עס האָט טאַקע ניט לאַנג גענומען, טאַקע דעם זעלבען זומער איז דאָס געשען.

דע־ליאָן איז ניט געווען אַ מענש וואָס פאַרלירט זיך. ער האָט געאָרדערט אַ ספּעשעל מיטינג פון אַלע פאַרטיי מעמבערס. דאָס איז געווען שבת, דעם 26־טען דזשולייי, ווען אַלע „פאָרווערטסיסטען“, מיטגלידער פון דער פאַרטיי, זיינען געווען אויפן ערשטען עקסקוירשאָן פון „פאָרווערטס“ און קיינער האָט ניט געקענט קומען צום מיטינג. דאָרטען האָט ער געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל אויסשליסען אַלע דיסטריקטען פון דאַון־טאַון און אַנדערע, וואו די אָפּאָ־זיציע האָט געהאַט אַ מאַיאָריטעט.

# VI

נאָך די אַלע פאַרבעסערונגען, וואָס די אַרבייטער האָבען זיך דערשלאָגען דורך די סטרייקס נאָך דעם קריזיס פון 1894, איז די לאַגע פון דער אַרבייטער נאָך אַלץ געווען זעהר אַ טרויעריגע. מען האָט זיך גאָרניט געדאַרפט גריבלען צו טיף צו פאַרשטיין ווי ביטער דעם אַרבייטערס לעבען איז געווען.

ביטערע אָרימקייט אין אַרבייטער־היימען

אַלע האָבען געמוזט אַרבייטען אין דער פאַמיליע, אפילו מינדעריעריגע קינדער. די עלטערען פלעגען אָפט שווערען פאַלש אַז דאָס קינד איז עלטער, כדי אַרויסצוקריגען פאַר אים די געזעצלאַכע פאַפּירען ער זאָל מעגען אַרבייטען אין שאַפּ.

אין די געשטיקטע שלעכטע וואוינונגען האָט די מוטער פון דער פאַמיליע געמוזט האַלטען באָרדערס, כדי צו קענען ווי עס איז צונויפקלייבען ביז דעם ערשטען די דירה געלט. ווי שווער עס איז געווען פאַר אַן אַרבייטער צו שאַפען די אָרימע רענט, האָט מען געקענט זען דערפון, וואָס אויף יעדער גאַס, אין די אַרבייטער קוואַרטאַלען, האָט מען זעהר אָפט געזען אַרויסגעוואָרפענע טענענטס מיט זייערע בעביכעס.

וואָס אַ יאָר האָט זיך די פּראָסטיטוציע אַלץ מער ענטוויקעלט אין די אַרבייטער געגענטען און ספּעציעל אין דער נידעריגער איסט סייד פון ניו יאָרק. פריער איז דער ווייסער שקלאַפען האַנדעל באַטריבען געוואָרען אין דער שטיל, שפּעטער געשטיצט, ערמוטיגט און פאַרטיידיגט פון נידעריגע פּאָליטישענס. האָט די פּראָסטיטוציע גענומען פּאַראַדירען מיט דער גרעסטער פרעכהייט אין די גאַסען. פרויען, אייגענטימערינס פון אונאַנשטענדיגע הייזער פלעגען צורופען די קונדען, קלינגענדיג מיט אַ בינטעל שליסלאַך, און נאָך שפּעטער האָט מען שוין דעם מיטעל אויך ניט געברויכט. אַן אונאַנשטענדיגע הויז האָט מען באַצייכענט מיט דעם, וואָס מען האָט אויף דער טיר אויפגעהאַנגען אַ רויטען לעמפּעל. שפּעטער האָט מען געזען אַזוי פיל לעמפּלאַך, אַז מען האָט דעם געגענט, וואו אונזערע אימיגראַנטען האָבען געוואוינט, באַצייכענט מיט דעם נאָמען: „דער רעד לייט דיסטריקט", דער דיסטריקט פון די רויטע לעמפּלאַך...

אָט אין יענער צייט האָבען מענשען פאַרגעסען אָפט זייערע אייגענע ליידען און זיינען אַוועק אין די פאָדערשטע רייען פון די אַרבייטער, כדי לייכטער צו מאַכען די ליידען פון אַנדערע.

אָט האָט מען ווי עס איז צונויפגעשטעלט עטלאַכע יוניאָנס און אָט זיינען זיי ווידער צופאַלען אַזוי ווי קאַרטען שטיבלאַך. די פּיאָנערען פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג זיינען אָבער ניט מיד געוואָרען. נאָכדעם ווי זיי האָבען אַוועקגעגעבען זייערע כחות אום צו מאַכען פאַר זיך דעם אָרעמען שטיקעל לעבען, האָבען זיי אויך געפונען גענוג צייט צו העלפען אַנדערע. ווען ניט, וואָלט דער לעבען דעמאָלט קיין זין ניט געהאַט.

דער אָרימער איבערגעאַרבייטער בעקער פון יענער צייט האָט אין זעלטענע פאַלען געהאַט אַנדערע קליידער, אויסער די שמאַטעס, וועלכע ער האָט געטראָגען ביי דער אַרבייט. פון די לאַנגע שטונדען און דער אונמענשלאַכער אַרבייט אין די קעלערס זיינען די בעקער געווען קראַנק, מענשען מיט צוטרייסעלטע נערוועז.

זייערע סטרייקס זיינען געווען שטענדיג ספּאָנטאַנע, פלוצליכע, אָהן פאָרברייטונגען. פסח ווען עס איז קיין אַרבייט ניט געווען, האָט מען זיך צונויפגערעדט. אין אַ קורצע צייט אַרום איז מען אַרויס סטרייקען. דער בעל־הבית האָט עטוואָס צוגעוואָרפען, אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט און מען איז געגאַנגען צוריק אַרבייטען.

אונ־ערליכקייט; קאָנטראָל פון געווערקשאַפ־טען קאָמיטעם

אין יענער צייט האָט די בעקער יוניאָן געליטען פון אַ צרה, וואָס גלייך ווי עס פלעגט זיך אָנזאַמלען עטלאַכע דאָלאַר אין דער קאַסע, האָט דאָס דער סעקרעטאַר צוגענומען, און באַלד איז געוואָרען אויס יוניאָן. אין די לעצטע יאָרען זיינען די בעקער אַרבייטער פון אַנאַנדער מיך.

אָט דאָ וויל איך דערציילען אַן עפּיזאָד פון אַ בעקער יוניאָן, צו וועלכען מען האָט מיר מיט נאָך צוויי דעלעגאַטען פון די געווערקשאַפטען געשיקט.

געהאַנדעלט האָט זיך דאַן וועגען דעם וואָס דער פינאַנץ סעקרעטאַר האָט געדאַרפט אָפּגעבען אַ באַריכט וועגען די געלט ענינים, און ער האָט ניט געהאַט קיין געלט און ניט קיין רעסיטס. די געלט האָט ער צוגענומען און די רעסיטס האָט ער פאַרברענט.

זיצען מיר, פון די געווערקשאַפטען, אויף אַ הויכער פּלאַטפאָרמע פון ברעטער אָהן פאַרענ־צעס, און מיר זען אויס ווי נשרפים לעבען אַן אָפּגעברענטער הויז.

וואָס מיט די געלט האָט פּאַסירט איז גאַנץ איינפאַך: עס איז געווען נאָך אַ סטרייק, אין דער טרעזשורי איז געווען עטלאַכע הונדערט דאָלאַר, האָט דעם גרעסטען חלק צוגענומען דער פינאַנץ סעקרעטאַר און אויף די איבריגע האָט ער געלעבט אַ גוטען טאָג מיט עטלאַכע יוניאָן ברידער.

איינער פון אונז האָט געשטעלט דעם פינאַנץ־סעקרעטאַר אַ פראַגע אויב ער האָט רעסיטס אויף די אויסגעגעבענע געלט.

— איך האָב ניט — איז געווען דער ענטפער.

— וואָס האָט איר געטאָן מיט די רעסיטס?

— איך האָב זיי פאַרברענט — האָט גזאָגט דער סעקרעטאַר.

— צו וואָס האָט איר זיי פאַרברענט?

— איך האָב זיי שוין מער ניט געדאַרפט, נאָכדעם ווי איך האָב דאָס געלט אויסגעצאָלט. ווער האָט דאָס געדאַרפט האַלטען די פּאַפּירלאַך.

דער ענטפער פון דער סעקרעטאַר, האָט ניט נאָר צופרידענגעשטעלט, נאָר האָט נאָך אויפגע־בראַכט אַלעמען.

נעלעכטערם און געשלעגען

עס האָבען זיך געהערט פאַרשטיקטע פּראָטעסטען פון די מיטגלידער, און אויך סטראַשונקעס הינטער אונז אויף דער פּלאַטפאָרמע. די לעצטע זיינען געקומען פון דעם סעקרעטאַרס פריינט, און די וואָס האָבען געגאַסען פון דער גנבה.

אַ צווייטער דעלעגאַט פון די געווערקשאַפטען האָט גענומען ריידען, ערקלערענדיג אַז דאָ איז באַגאַנגען געוואָרען אַ גרויסער פאַרברעכען, און מען מוז די שולדיגע שטריינג באַשטראָפען, איבערגעבען זיי אין געריכט.

לעבען אים איז באַלד אויסגעוואַקסען אַ הויכער, געזונטער מאַן, דער „בולי" פון דער יוניאָן, און מיט אַ פאַרקרימטען פּנים פון כעס האָט ער אים מיט חוצפּה אַ פרעג געטאָן:

— ווער זייט איר, מיסטער

— איך בין געשיקט געוואָרען פון די געווערקשאַפטען.

דער מאַן איז נאָך ווילדער געוואָרען, און צורוקענדיג זיך גאָר נאָענט צו דעם דעלעגאַט, האָט ער אים ווידער געפרעגט:

— וואָרום איז דער „געווערקשאַפטען" אַליין ניט געקומען? וואָלט איך אים דאָך אַן אויג אויסגעהאַקט!

עס האָט אויסגעבראָכען אַ געלעכטער אין האָל. די שטימונג איז אָבער געוואָרען אַ שרעק־לאַך אויפרעגענדע.

ביים אַריינגאַנג אין האָל איז געווען אַ טומעל. אַן עלטערער אַרבייטער, וועלכער האָט צוליב דער „שמחה" געכאַפּט אַן איבעריגען שנאַפּסעל, איז געווען זעהר אויפגעלייגט און פריילאַך. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסען סיגאַר און זיך געוואָרפען צו יעדען קושען. אָבער פון גרויס באַגייסטערונג האָט ער פאַרגעסען אַרויסצונעמען די ברענענדיגע סיגאַר פון מויל און דאָס פייער האָט געטראָפען יענעם פונקט אין אויג.

פון דיזער פריינדלאָכקייט איז אַרויסגעקומען אַ געשלעג, וועלכער האָט ניט לאַנג געדויערט, אָבער דעם פאָרזיצענדען האָט עס געקאָסט אַ סך מיה דאָס איינשטילען. ווען עס איז רואיג געוואָרען האָט דער דעלעגאַט פון די געווערקשאַפטען ווידער אָנגעהויבען ריידען. ער האָט דאָס אָבער לאַנג ניט געקענט טאָן.

לעבען מיר ביים סאַמע ברעג פון פּלאַטפאָרמע, איז געזעסען אַ קורצער אידעל. אַן אויפ־געדעגטער האָט ער זיך ביי יעדען וואָרט וואָס דער דעלעגאַט האָט אַרויסגעזאָגט, געצאַפּעלט ווי אַ פיש אין וואַסער. ער איז וואָרשיינלאַך אויך געווען איינער פון די פריינט פון דעם סעקרעטאַר. אין אויפרעגונג, האָט ער מיך אַ ציה געטאָן פאַר דעם אַרבעל, און מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע האָט ער געזאָגט:

— איר הערט? איר הערט?

ווי מיטינגען האָבען זיך געפירט

—איך הער, געוויס הער איך — האָב איך אונגעדולדיג געענטפערט — ער רעדט ווי אַ מאַן!

יענער איז פון דעם ענטפער אַזוי צוקאָכט געוואָרען, אַז ער האָט ניט געקאָנט אַ וואָרט אויס־ריידען. ספּאַזמען האָבען אים פאַרשטיקט דעם האַלז. וועלענדיג מיר ווייזען אַז ער האָט מער שכל אין פיאַטע ווי איך אין קאָפּ, האָט ער מיטביידע הענט אויפגעהויבען זיין לינקע פוס, אום צו ציי־גען מיר דעם זייל פון זיין שוך. דער שטול, אויף וועלכער ער איז געזעסען, האָט זיך דערוויילע געבויגען אַ הינטער, און אַזוי ווי די פּלאַטפאָרמע האָט ניט געהאַט קיין פאַרענצע, האָט ער זיך איבערגעקוליעט מיט דעם קאָפּ אַרונטער און איז געבליבען אין חלשות.

ווידער אַ טומעל. מען האָט דעם אידעל אָפּגעמינטערט, באַגאָסען זיין געזיכט מיט וואַסער, מיט אַ נאַסען טוך האָט מען אים אַרומגעבונדען דעם קאָפּ און צוריק אָוועקגעזעצט אויף דער פּלאַטפאָרמע.

מיט גרויסע צרות און אַנגסטען איז דעם פאָרזיצענדען געלונגען ווידער צו מאַכען אָרדנונג. דער מאַן פון די געווערקשאַפטען האָט זיין רעדע ניט געענדיגט, אַנשטאָט אים האָט באַקומען דאָס וואָרט אַ יונגער אַרבייטער, אַ פייערדיגער, אַ היציגער.

ער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף דעם סעקרעטאַר און די איבריגע שולדיגע איבערגעבען צו גערעכטיקייט. כדי דאָס דורכצופירען, זאָל מען דאָס איבערגעבען צו די געווערקשאַפטען; די ביכער און אַלץ זאָל מען איבערגעבען.

דער טומעל איז געוואָרען גרויס.

איינער האָט אין שפּאַס אַ געשריי געטאָן:

— געווערקשאַפט גייט!

דער „בולי״ האָט זיך גענומען דרייען און זוכען דעם אויגענשיינלאַכען „געווערקשאַפט״, און זיינע פינגער האָבען זיך צונויפגעדרייט אין פויסטען.

— איך וועל אים מאַכען פאַר אַ קאַליקע, דעם „געווערקשאַפט״ — האָט ער געשריען.

— וואַרפט אים אַרונטער! — האָבען געדונערט שטימען — דער קאַטשקע פּרעסער מאַכט אַזאַ טומעל דערפאַר, ווייל דער ווירדיגער סעקרעטאַר האָט זיך מיט אים געטיילט אין דער גנבה.

— ווער זאָגט אַז איך בין אַ גנב? — האָט דער „בולי״ געשריען.

— איר זייט אַלע גנבים! — האָט אַ שטימע פון עולם געדונערט.

## דער פאַרטאָג פון אונזער באַוועגונג

אין האַל איז געוואָרען אַ געדרענג. מען האָט זיך גענומען רוקען צו דער פּלאַטפאָרמע. הענט האָבען זיך געהויבען. די גאַנצע פּלאַטפאָרמע איז געווען אין באַוועגונג. דער „בולי״ האָט אויסגעלאָזען זיין כעס צום טשערמאַן. זיינע צוויי הענט, אַזוי ווי צוויי האַמערס, האָבען גענומען האָגלען מיט קלעפּ.

ווען איך האָב גענומען זוכען דעם טשערמאַן, איז ער שוין אויף דער פּלאַטפאָרמע ניט געווען. די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ פרייען געשלעג פאַר אַלעמען. מענשען האָבען זיך געריסען דורך די טירען, דורך די פייער עסקייפּס.

מיר איז געלונגען אַרויסצורייסען זיך אויפן גאַס. דאָרטען האָט מען זיך אויך געשלאָגען, און מענשען זיינען געלאָפען אין פאַרשידענע ריכטונגען. אויפן גאַס האָט איך געטראָפען דעם טשערמאַן, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר די זייטען און אויך איינעם פון מיינע חברים דעלעגאַטען פון די געווערקשאַפטען, מיט אַ פּאָר פיינע בלויע „פּאַנארען״ אונטער די אויגען.

ווען דער דעלעגאַט מיט די אונטערגעהאַקטע אויגען האָט מיט אַ פּאַטעטישען טאָן באַריכטעט, ביים נעקסטען מיטינג פון די געווערקשאַפטען, וועגען דער גאַנצער פּאַסירונג און האָט זיך גאַנץ לאַנג אָפּגעשטעלט אויף דעם פאַקט, ווי מען האָט אים אונטערגעשלאָגען די אויגען, האָט אים איינער אַ פרעג געטאָן:

— נו, און איר האָט גאָרניט געטאָן, איר האָט געשוויגען?

— ניין — האָט אַ צווייטער געענטפערט — ער האָט שוין גאָרניט געשוויגען. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסען צו די אויגען...

אַ רויהע מאַסע מיט אידעאַליסטען אַרום איר — אַזוי האָט אויסגעזען אונזער פאַרטאָג, דער פאַרטאָג פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

# II

### אויף די

# שלאַכטפעלדער

די אַרטיקלען אין דער אָפּטיילונג דאָ זיינען ניט געשטעלט אין אַ דורכאויס פּינקטליכען סדר, לויט דעם גאַנג פון די יאָרען. די רעדאַקציע האָט גענומען אין אַכט, אַז די פּאַסירונגען און פראַגען, וואָס ווערען אין זיי באַהאַנדעלט, זיינען אויך ניט אויפגעקומען אין אַ דורכאויס פּינקטליכען סדר. — דער אַרטיקעל פונ׳ם שריפטשטעלער און עקאָנאָמיסט יעקב לעשצינסקי איז זיין ערשטע אַרבייט אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדען. — דער אַרטיקעל פון דעם שריפטשטעלער און היסטאָריקער פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, הלל ראָגאָף, איז אַ קאַפּיטעל פון זיין ווערק „מאיר לאָנדאָן“. — אין די עראינערונגען פון דזשאָן דייטש, וואָס נעמען אַרום די היסטאָרישע „הורוויטש־אָפּערע“, וואָס האָט געהאַלטען צורודערט די גאַנצע אידישע אַרבייטער־וועלט, און דורך וועלכער די אידייע פון קאָלעקטיווע אַגרימענטס האָט געקראָגען גרויס באַדייטונג אין אַמעריקע, האָט די רעדאַקציע איבערגעלאָזען דעם אייגענאַרטיגען טרייד־יוניאָן־לשון, וואָס גיט דער אָפּהאַנדלונג אַ באַזונדערען ווערט. — דער אַרטיקעל פונ׳ם פאַרשטאָרבענעם סאָציאַליסטישען פּובליציסט א. ליטוואַק איז פון עטליכע בלעטער פון זיינע געבליבענע שריפטען „וואָס געווען“; די רעדאַקציע דרוקט עס איבער כדי גאַנצער צו מאַכען די אָפּהאַנדלונג פון ברוך צוקערמאַן וועגען „פּועלי־ציוניזם“ און אַנדערע נאַציאָנאַליסטיש־סאָציאַליסטישע שטרעמונגען אין דער אידישער אַרבייטער־וועלט.

# די געווערקשאַפטען און אב. קאַהאַן

**די געמיינדע און איר גייסטיגער פירער**

פון ה. לאַנג

### א

איין נאָמען איז דאָ אויף אַלע בלעטער געשיכטע פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען — איין־און־איינציגער נאָמען. פון „בראשית״ ביז „זאת הברכה״, פון דעם אָנהויב, דעם ערשטען אָטעם, ביז דעם אָפּשלוס פון האַלבען יאָרהונדערט, גייט דער נאָמען אב. קאַהאַן.

נעמען אָהן באַדייטונג

אַנדערע נעמען זיינען געקומען און אַוועק, ערשינען און פאַרשוואונדען; און פאַרשוואונדען זיינען זיי נאָך ביי זייער לעבען. זיי האָבען גאָרנישט אַריינגעגעבען אינ׳ם לעבענס־אינהאַלט פון די געווערקשאַפטען, מיט גאָרנישט זי באַרייכערט. זיינען זייערע נעמען געהאַנגען אַ געוויסע צייט אין דער לופטען, און אינ׳ם גאַנג פון דער צייט זיינען זיי אַלץ בלאַסער געוואָרען, ביז זיי זיינען אויסגעגאַנגען.

דאָ רעדט זיך פון ניט־באַאַמטע, פון ניט ערוויילטע, פון אַזעלכע, וואָס האָבען צייטענווייז אַ שטראַל־געטאָן ווי פירער און וואָרט־פירער אין דעם און יענעם טייל פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, און אפילו אין אַלע אירע טיילען, און ממילא האָבען זיי אויך געגאָלטען ווי מענשען, וואָס באַאיינפלוסען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. אין דעם אמת׳ען האָבען זיי איר ניט באַאיינפלוסט. ניט ז י י ע ר ווירקונג האָט געפירט די געווערקשאַפטען צו ווענדונגען און האַנדלונגען פון אַ היסטאָרישער באַדייטונג. זיינען זיי געקומען, האָט מען זיי באַגעגענט; זיינען זיי ניט געקומען, איז אויך געווען רעכט.

אַנדערש איז מיט׳ן נאָמען אַב קאַהאַן. אפילו ווען דער נאָמען באַווייזט זיך ניט, שפּירט מען, אַז ערגעץ איז ער דאָ. ער פירט די געווערקשאַפטען אפילו ווען ער רעדט ניט צו איר דירעקט.

און די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, דאָס איז די אידישע און סאָציאַליסטישע אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָר צווייגען, גלידער. גרויס און אויסגעשפּרייט ווי זיי זיינען, און זעלבסטשטענדיג ווי זיי זיינען, און מיט׳ן אימפּעט, וואָס זיי פאַרמאָגען, צו דערגרייכען די פאַרשיידענסטע געזעלשאַפטליכע פעלדער, איז די געווערקשאַפטען דער קוואַל, וואו זיי האָבען געשעפּט די ערשטע לעבענס־זאַפט. און דעם לעבענס־זאַפט אין דעם קוואַל האָט אַריינגעטאָן אַב. קאַהאַן. און עס איז געוואָרען אַ בונד צווישען זיי, אַ לעבענס־בונד אויף אַלע דורות.

ווי באַצייכענט מען אַזאַ געשלאָסענקייט, אַב. קאַהאַנ׳ס צובונד צו די געווערקשאַפטען און דעם צובונד פון די געווערקשאַפטען צו אים? ס׳איז ענגער ווי אַ צובונד. ס׳איז באַהעפטונג. און באַהעפט זיינען זיי דורך דינגע, די עדעלסטע פעדים; גייסט־פעדים, וואָס מ׳קען עס ניט זען און וואָס מ׳קען עס ניט איבעררייסען.

אַזאַ איינס־ווערען פון אַ גייסטיגען פירער מיט די מענשען אַרום אים איז אַ זעלטענהייט. בלויז געציילטע פאַרגלייכען זיינען דאָ אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, און מען געפינט זיי בלויז אין דער געשיכטע פון דער אַלטער רעליגיעזער וועלט.

פאַרגלייך פון געשיכטע

איינער איז ניט קיין אָפיציעלער רב, און ניט קיין רעקלאַמירטער צדיק, און ניט קיין געקרוינטער גבאי, און אַ רבי, וואָס פירט אַ טיש מיט תלמידים, איז ער אויך ניט, און דאָך גייט צו אים אַלעמענס פאַרערונג, און זיין וואָרט איז דאָס לעצטע וואָרט, און עס ווערט דאָס וואָרט פון דער גאַנצער געמיינדע. אַ גוטער פאַרגלייך קען דאָ זיין די היסטאָרישע געשטאַלט פון דון יצחק אַבאַרבאַנעל. די געלערזאַמקייט פון אַבאַרבאַנעל מיט זיינע פירושים אויפ׳ן תנ״ך און זיין פאַרטיפען־זיך אין קבלה אין די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען איז אַן ענין פאַר זיך. דער פאַרגלייך איז די באַציהונג זיינע צו די אידען פון קאַסטיליע, שפּאַניע, און די באַציהונג פון זיי צו אים. ער איז געווען זייער גייסטיגער פירער און זייער גרויסער אַדוואָקאַט, זייער פאָרקעמפער, און ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין רב, און דאָס פאָלק האָט אים קיינמאָל ניט אויסגעקליבען צו טראָגען די קרוין פון אַ פירער, אפילו ניט געבעטען ביי אים ער זאָל זיך איינשטעלען, ער זאָל

מאָנען רעכט און בעטען חסד. אַלע אין קאַסטיליע האָבען געוואוסט, אַז ער וועט עס אַליין טאָן; און די גאַנצע קאַסטיליאַנער אידישע געמיינדע האָט געוואוסט, אַז עס פּאַסט גאָרניט אים אָנצו־באָטען אַ טיטעל, אָדער צו ערווײלען אים פאַר אַן אמט. טיפער רעספּעקט דאַרף זיין צו אים, און אַן אָפיציעלער אַמט קען עס גאָר פאַרשוועכען. האָט מען אים אָנגערופען ווי מ׳האָט דעמאָלט אָנגערופען אַלע געהויבענע מענשען, צו וועמען מ׳האָט זיך באַצויגען מיט גרויס ווירדע, און דאָס גאָר. און האָט ער דען געדאַרפט אַן אַמט, צו קענען ריידען פאַר זיין פאָלק? ער האָט עס ניט געדאַרפט. זיין געטריישאַפט צו זיין פאָלק האָט אים דערצו באַאויפטראַגט און פאַרפליכטעט.

**איינס מיט׳ן פאָלק**

און נאָר דאָס איז געווען זיין פירער־צייכען. און בלויז מיט אַזאַ פירער־צייכען, פון קיינעם ניט אונטערגעשריבען, איז ער אויפגעטראָטען ווי דער קרעפטיגסטער באַשיצער, וואָס די שפּאַ־נישע אידען האָבען ווען געהאַט. פאַרטאָן טאַקע אין ספרים, האָט אָבער דער פאַרליטענער קול פון זיינע פאָלקס־ברידער כסדר אים אַ הויב־געטאָן. מער ווי איין מאָל האָט ער אויף לאַנגע פעריאָדעס איבערגעריסען זיין לערנען און פאָרשען און שרייבען, כדי אַרומצוקוקען זיך און זען אויף וויפיל ער קען וואו און וואָס פאַרלייכטערען. דער נאָמען אַבאַרבאַנעל איז אויף אייביג געוואָרען איינס מיט דער שפּאַניש־אידישער געשיכטע פאַר דער אידישער געשיכטע אין אַלגע־מיין. און וואָס אַבאַרבאַנעל איז געווען פאַר די געמיינדעס שפּאַנישע אידען, איז אַב. קאַהאַן פאַר דער גרויסער געמיינדע פון אַמעריקאַנער אַרבייטער־אידען — פאַר דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען.

העכער אַ מיליאָן אידען זיינען אין פאַרשיידענע צייטען געווען מיטגלידער אין די אידישע יוניאָנס, איז דאָס די צאָל פון אַב. קאַהאַן׳ס געמיינדע.

דער אַבאַרבאַנעל־פאַרגלייך קען גענומען ווערען צו ווייטערע איינצעלהייטען. אודאי איז אַבאַרבאַנעל געווען אומצופרידען מיט די מעשים פון גאָר אַ סך שפּאַנישע אידען, פאַר וועמען ער האָט זיך איינגעשטעלט, הויפּטזעכליך אין דער פעריאָדע גלייך נאָכ׳ן גירוש. מיר האָבען אַ באַגריף דערפון פון די בייסעדיגע מוסר־דרשות פונ׳ם היסטאָרישען יוסף בן־חיים יעבץ, פון אַבאַרבאַנעל׳ס דור. נאָכ׳ן גירוש האָט דער יוסף בן־חיים אַוועקגעוואַנדערט קיין איטאַליע אינאיינעם מיט אַנדערע אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניע; און אין איטאַליע איז ער געלאָפען פון איין אידישער קהלה צו דער צווייטער צו דערציילען אי וועגען די העלדען און מאַרטירער פון ערב דעם גירוש און פון די טעג פון גירוש גופא, אי וועגען די פחדנים, וואָס האָבען אויס שרעק פאַר ליידען, פאַרראַטען דאָס פאָלק און די אמונה. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ וואָרנונג צו די פאַרוואָגעלטע שפּאַנישע אידען, אַז זיי זאָלען זיך האַלטען פעסט אין נייעם לאַנד, ניט בויגען זיך פאַר קיין שום אומגליק. און אַזאַ וואָרנונג איז, אַפּנים, נויטיג געווען. גראָד פּשוט׳ע וויבער און אומוויסענדע מענער, עמי־הארצים, האָבען זיך איבערגעגעבען צו קידוש השם, אָבער געביל־

**געבילדעטע און אומוויסענדע**

דעטע לייט, וואָס האָבען שטאָלצירט מיט זייער גרויס וויסען, זיינען געוואָרען קנעכט ביי די באַצווינגער, האָבען אַוועקגעגעבען די אייגענע עהרע צו די שונאים, האָבען היינט געשפּייט אויף דער אייגענער אמונה פון נעכטען. אַבאַרבאַנעל האָט עס איינגעזען פּונקט אַזוי ווי יוסף בן־חיים יעבץ, נאָר אַנשטאָט צו זאָגען וועמען מוסר, האָט ער פון די געבילדעטע לייט כמעט אינגאַנצען זיך אָפּגעקערט; און פאַרהערליכט האָט ער בלויז ערליכע פּשוט׳ע וויבער און די ערליכע אומוויסענדע מענער, די וואָס האָבען צונויפגעשטעלט די גרויסע פאַרליטענע פאָלקס־מאַסע; און פאַר זיי האָט ער אי געשטריטען, געמאָנט ביי אַלעמען חסד פאַר זיי, אי ער האָט געזוכט זיי צו אַנטוויקלען.

און דאָס איז געווען די פּאָזיציע פון אַב. קאַהאַן אין דער אידישער אימיגראַציע אין אַמע־ריקע מיט איר פאָרמירונג פון אַן אַרבייטער־באַוועגונג.

די רוסיש־אידישע און פּויליש־אידישע אימיגראַציע האָט ניט געהאַט די יסורים פון דער וואַנדערונג פון די שפּאַנישע אידען; ניט געווען יענער דראַמאַטישער דורכרייסען־זיך אַ גאַנצען מבול פון אומגליקען; אָבער אַנטלאָפענע פון פייניגונג און פון דלות האָט אונזער אימיגראַציע דאָך געהאַט, און די פרעמדקייט פון אַ נייער וועלט האָט אַלעמען געגעסען, איז עס נויטיג געוואָרען ערשט פאַר די פּשוט׳ע ווייבער און פאַר די אומוויסענדע מענער צו זאָרגען.

פאַרטראָגען אין זיין אינטערעס צו ליטעראַטור, איז אַב. קאַהאַן געווען אויף צען בערג הויך איבער דער פאָלקסמאַסע אַרום אים, פּונקט אַזוי ווי אַבאַרבאַנעל איז געווען מיט ז י י נ ע ספרים אויף צען בערג הויך איבער דער פאָלקסמאַסע פון זיין דור; דאָך, האָט קאַהאַן, אַזוי ווי אַבאַרבאַנעל, צייטענווייז געוואָרפען די ליטעראַטור כדי זיך אָפּצוגעבען דוקא צו די אומווי־סענסטע פון די אומוויסענדע.

**די זעלטענסטע געטריישאַפט**

דאָס איז פון די זעלטענסטע געטריישאַפטען צו אַ געמיינדע, צו אַ פאָלק. נאָר דעם, וואָס טוט עס, קען מען אָנרופען גייסטיגער פירער. ס׳איז פירערשאַפט, באַרופען דורך אַ פאָלקס־ליבע אָהן טעאָריעס און אָהן פּראָגראַמען — און אָהן פּאָליטישעווען, אָהן ספּעקטאַקלען פון טאָן טובות, טיילען נדבות. ערשט דאָס איז עכטע איבערגעגעבענהייט, עכטער אידעאַליזם.

און ס׳איז מערקווירדיג — דוקא פאַר דעם איז אַב. קאַהאַן מערערע מאָל אַטאַקירט געוואָרען פון דעם און יענעם פון דער אידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָבען אויך געוואָלט שמ׳ען פאַר

אידעאַליסטישע פאָלקס־ערציהער, אָבער אין דער אמת'ן האָבען זיי מיט גאוה בלויז געצערטעלט זייער אינטעליגענץ. זיי זיינען געווען ווי יענע געבילדעטע לייט צווישען די שפּאַנישע אידען, וועלכע האָבען זיך אויסגעפּיינט „מיט זייער גרויס וויסען" און דערמיט זיינען זיי געבליבען.

ערליך דענקען, ערליך פילען

די באַהעפטונג קאַהאַך־געווערקשאַפטען איז געווען אַ נאַטירליכע, ניט קיין מעכאַנישע. די אַרבייטער־געמיינדע האָט זיך געגרינטעט אין אַ מח, וואָס דענקט ערליך, און אין אַ האַרץ, וואָס פילט ערליך, און האָט עס געפונען אין קאַהאַנ'ען. איז דאָס ניט מעהר ווי לאָגישער גאַנג פון געשיכטע וואָס דער נאָמען קאַהאַן איז אין אַלע געווערקשאַפטען־קאַפּיטלאַך — פון „בראשית", פון דעם אָנהויב, ביז „זאת הברכה", דעם איצטיגען יובילײ, וואָס איז ווי דער „זאת הברכה" פון חומש אַ פייערליכער געזאַנג ביים דערקלעטערען צום באַרג־אַרויף צו דער־גרייכען אַ ווירדיגען לעבען.

ב

ביים ערשטען שריט צו דערגרייכען אַ ווירדיגען לעבען איז געווען אַ פאַרטראַכטונג איבער זיך אַליין: ווער זיינען מיר? און וואָס זיינען די ערשטע נויטען, וועלכע מיר מוזען אַנטקעגען־גיין און בייקומען? מיר זיינען קינדער פון אידישען פאָלק, און מיר זיינען פאַרהאַרעוועטע אַר־בייטער, דאַרפען מיר, אַזוי ווי די אַרבייטער פון אַלע פעלקער, זיין אַנגעשלאָסען אָן דער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס זוכט צו פירען דעם אַרבייטער־קלאַס מיט'ן פייער זאַיל פון סאָציאַליזם. זיינען מיר, אָבער, אַזוי ווי אַלע פעלקער? און וועט מען דען אונז אויפנעמען ווי אָן אַרבייטער־קלאַס פון אונזער פאָלק?...

גלייך דריי יאָר נאָך איר גרינדונג, האָט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען דעלי־גירט אַב. קאַהאַנ'ען צום אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין בריסעל, בעלגיע, וואו ער זאָל זיין דער ערשטער פאָרשטייער פון דער ערשט־אויפגעקומענער אַרבייטער־באַוועגונג ביי אידען; די אויבענדערמאָנטע פראַגען האָבען געמוזט אַרויסשווימען.

היסטאָרישער קאַמף אין סאָציאַ־ליסטישען אינטערנאַצ־יאָנאַל

יענער שריט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, איר ערשטער וויכטיגער שריט, איז אַ גרויס קאַפּיטעל אידישע פאָלקס־געשיכטע זייט־ביי־זייט מיט אַ בלאַט וועלט־געשיכטע. די אויפגעקומענע אידישע אַרבייטער־געמיינדע אין אַמעריקע און איר גייסטיגער פירער זיינען אַריין אין אַ היסטאָרישער ראָלע, וואָס ווערט וואָס ווייטער אַלץ באַדייטונגספולער. און פון גאָר אָן אונגעהויערער וויכטיגקייט איז דאָס היינט־צו־טאָג.

איצט זאָגט מען דאָס אָפּ לייכט. אַ פאָרשטייער פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל קוקט אויס נאַטירליך. דעמאָלט, אָבער, האָט עס אין אַ סך אויגען אויסגעזען ווילד. די בעסטע קעפּ פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל האָבען עס ניט געקענט באַנעמען. ווי איז דאָס מעגליך? ווי קען גאָר געמאָלט זיין אָן אַרבייטער־באַוועגונג ביי אידען? דער הערשענדער געדאַנק אין דער וועלט פון פרייהייטס־מענשען איז דעמאָלט געווען אַ גאַנץ אַנדערער — אַז אידען זיינען ענטוועדער גרויס־קאַפּיטאַליסטען, באַנקירען, אָדער סוחרים פון אַביסעל אַ קלענערען שניט. אפשר האָט ווער וואו דעמאָלט יאָ געזען אידישע אָרעמעלייט אין די פאַרבליבענע געטאָס פון די אייראָפּעאישע שטעט, אידישע בעטלער געזען; אָבער אידישע אַרבייטער — וואו זיינען זיי?... אַ לעגענדע!

און דערצו איז נאָך דעמאָלט געווען פריש פאַר די סאָציאַליסטישע פירער פון אומעטום יענער אַרויסטריט פון קאַרל־מאַרקס, וואָס האָט איבערגעלאָזען אויף זיין נאָמען אַ שאָטען פון אַנטיסעמיטיזם.

אַלץ, וואָס מאַרקס האָט ווען געשריבען, האָט מען דעמאָלט איינגעזאַמעלט פעסטצושטעלען מאַרקס'עס לערע, און דערין איז אויך געווען זיין אָפּהאַנדלונג „צור יודענפראַגע", אין וועלכער ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז „דער וועלטליכער פונדאַמענט פונ'ם אידענטום איז עגאָאיזם, אייגענניץ, פּראַקטישע באַדערפעניש'ען", און אַז „דער וועלטליכער קולט פון די אידען איז דער שאַכער", און אַז „דער וועלטליכער גאָט פון די אידען איז דאָס געלט".

אַ שרעקליכער געדאַנק בנוגע אידען, הגם אין תוך האָט מאַרקס דערמיט טיילוויז גאָר אָפּגעפרעגט און אָפּגעענטפערט אָן אַנטיסעמיטישע פילאָזאָפיע. ער איז דערמיט אַרויסגעטרא־טען געגען דעם אַנטיסעמיטיזם פון דעם ראַדיקאַלען דענקער ברונאָ בויער, מיט וועמען ער איז אַ צייט־לאַנג געווען נאָענט באַפריינדעט. איך נעם דאָ די הויפּטזעכליך די אויספאָרשונג פון דר. י. צינבערג.

אידען־פראַגע

ס'איז געווען די צייט פון די באַפרייאונגס־שטרעמונגען אין דייטשלאַנד. זיי האָבען, פאַרשטייט זיך, אַריינגעשלאָגען זיך אויך אין דער דייטש־אידישער וועלט. די צייט פון „יונג־דייטשלאַנד". עס האָט זיך באַוויזען גבריאל ריסער, אָן אייניקעל פון דעם היסטאָרישען האַמ־בורגער רב, רפאל כהן. הויך געבילדעט, און אַ פאַרליבטער אין גריכישע און רוימישע דיכטונג, און זיך האַלטענדיג פאַר אָן „עכטען דייטש", האָט גבריאל ריסער געפּרעדיגט דעם געדאַנק, אַז אידען, ווי אַ פאָלק, האָבען אויפגעהערט עקזיסטירען זינט חורבן ירושלים, אַז זיי זיינען זינט דעמאָלט בלויז אַ רעליגיעזע געמיינדע. האָט ווער דערמאָנט „אידישען פאָלקסשטאַם", איז ער אויפגעשפּרונגען, אַז דאָס איז „טרוימגעבילדע", לויטער פאַנטאַסטיק. אידען אין דייטשלאַנד

זיינען אַ טייל פון דייטשען פאָלק, איז געווען זיין געדאַנק. עס זיינען דאָ דייטשען־קאַטאָליקען און דייטשען־פּראָטעסטאַנטען און דייטשען־אידען, פלעגט ער זיין געדאַנק פאַרטייטשען. ער האָט דערפון זיך אויפגעכאַפּט, ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז דייטשע אוניווערזיטעטען שטעלען אַ באַדינג אידישע געלערטע צו שמד׳ען זיך, אויב זיי ווילען קריגען באַדייטענדע אוניווערזיטעט־שטעלעס.

ער ווערט אַ הייסער קעמפער פאַר רעכט און פרייהייט פאַר זיינע „גלויבענס־גענאָסען". ער פאָדערט, קודם כל, פון די אידען: זיי זאָלען אַריינגעמען אין זיך זעלבסטאַכטונג, עהרענגעפיל, און ניט קוקען אויף דער קריסטליכער וועלט ווי אויף אַ העכערער וועלט, צו וועלכער מען דאַרף זיך דערהויבען.

## גבריאל ריסער און ברונאָ בויער

דער ראַדיקאַלער דענקער און קעמפער געגען רעליגיע בכלל, ברונאָ בויער, פונ׳ם זעלבען דור, האָט פאַרעפענטליכט אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס איז אינדירעקט געווען אַן ענטפער צו גבריאל ריסער. ער אַנטוויקעלט דעם געדאַנק, אַז מ׳קען ניט באַפרייען די אידען אַלס אידען „פונקט ווי מ׳קען ניט ווייס־מאַכען אַ שוואַרצען נעגער". קריסטען, אָבער, קען מען יאָ באַפרייען אַלס קריסטען, ווייל זיי זיינען ספּעציעל פעהיג אויף פרייהייט, דורך דעם, וואָס די קריסטליכע אמונה שטייט העכער פון דער אידישער...

געגען אַזאַ פּלפּול׳דיגער אַנטיסעמיטישער פילאָזאָפיע איז דאָס אַרויסגעטראָטען קאַרל מאַרקס, באַווייזענדיג, אַז ברונאָ בויער׳ס חקירות האָבען ניט קיין האַפּט. האָט ער, אָבער, דעמיט זיך ניט באַנוגענט, מאַרקס. ער האָט גלייכגעשטעלט אמונות — אַז קיין אמונה זאָל ניט זיין אַ רעגירונגס־רעליגיע — און ער האָט גלייכגעשטעלט די בירגער־פראַגע, אָבער דערביי האָט ער אויפגענומען די אידען־פראַגע ווי אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעם און ער האָט אַטאַקירט אידענטום אַלס אַן עקאָנאָמישע גרופּע.

דאָס היסטאָרישע אידענטום מיט זיין מאָראַל און פאַרטיפונג פון סאָציאַלען יושר איז אים געווען פרעמד. דאָס דייטשע אידענטום גופא איז אים געווען ווייניג באַקאַנט. ער האָט געאורטיילט אידענטום דורך די געציילטע אידען אויף די פינאַנץ־בערזעס, וואָס האָבען זיך געוואָרפען אַלעמען אין די אויגען.

## „צור יודענ־פראַגע" פון קאַרל מאַרקס

מיט די שפּעטערדיגע אַנטוויקלונגען פון זיין לערע האָט מען לייכט אומגעוואָרפען דעם אייגענעם מאַרקס׳עס צוגאַנג „צור יודענפראַגע". עס זיינען, אָבער, געבליבען ניט־געווינשטע אָפּקלאַנגען, הגם דער סאָציאַליזם האָט שוין געהאַט אַ באַדייטענדע צאָל אידען צווישען זיינע וויכטיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען און פאַרטיי־פירער, און ס׳איז דאָך בכלל געווען באַוואוסט, אַז סאָציאַליסטען פאַרדאַמען העצעס אויף פעלקער. די אָפּקלאַנגען האָבען, יעדענפאַלס, אַריינגעקלונגען אין די מחות פון גאָר אַ סך סאָציאַליסטען, אַז אַנטיסעמיטיזם איז טאַקע אַ שאַנד, אָבער מ׳דאַרף קוקען „דעם אמת אין די אויגען" — אידישע אַרבייטער זיינען אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ...

## אַב. קאַהאַנ׳ס היסטאָרישער שריט

אַב. קאַהאַן האָט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין דעם אייראָפּעאישען סאָציאַליזם, און ער האָט זיך אַנטזאַגט צו גלויבען, אַז עס קענען וואו זיין אפילו געציילטע סאָציאַליסטען, וואָס זאָלען זען אין אידען „אַן אַנטי־סאָציאַלען עלעמענט", שאַכערס, קאַפּיטאַליסטישע פאַרדאָרבענקייט. דערצו האָט ער פאַראויסגעזען, קאַהאַן, אַ ברייטע אידישע אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע; זי וועט זיך אַרויסוויקלען פון דער אימיגראַציע. האָט ער פאַר זיין אָפּפאָרען פון אַמעריקע, אַלס אַ פאָרשטייער פון די געווערקשאַפטען צום קאָנגרעס אין בריסעל, אַוועקגעשיקט אַ פאָדערונג צו דער ביוראָ, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם קאָנגרעס, אַז אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג זאָל געשטעלט ווערען אַ פונקט:

„ווי זאָלען די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון אַלע לענדער זיך פאַרהאַלטען צו דער אידען־פראַגע ?"

אַ געוואַגטער שריט.

ברענגען די אידען־פראַגע צו אַן אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס, ווי בכלל ריידען פון אַ אידען־פראַגע, האָט ווייט ניט געשטימט מיט די אידייען פון דער גרעסטער צאָל ראַדיקאַלע אידישע אינטעליגענטען, וואָס זיינען שוין דעמאָלט געווען אין אַמעריקע. זייער אידעאַל איז געווען קאָסמאָפּאָליטיזם, אַ צוזאַמענגוס פון אַלע פעלקער אין „איין מענשהייט"; און זיי האָבען געגלויבט: זייער אידעאַל ווערט היינט־מאָרגען פאַרווירקליכט, וואָרים היינט־מאָרגען קומט־אָן „די סאָציאַלע רעוואָלוציע". צי איז דאָס ניט אַ „שאָוועניזם" וואָס אַב. קאַהאַן גייט טאָן ?... „שאָוועניזם" און „פאַרראַט" צו סאָציאַליסטישע פּרינציפּען ?...

איצט קלינגט עס קינדיש; דעמאָלט איז דאָס געווען טויט־ערענסט.

אַב. קאַהאַנ׳ען איז אַזאַ בליק אַלעמאָל פרעמד געווען. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַרשנורעוועטער „פּראָגראַם־ראַדיקאַל", אויך ניט קיין „פּראָגראַם־איד". ער איז אימער געווען הויך אַריבער דעם . עכטער געפיל און חוש פאַר רעאַליזם, פּראַקטישער פאַרשטאַנד, זיינען תמיד געווען זיינע וועגווייזער, האָט ער קיינמאָל ניט פאַרבלאָנדזשעט אין אַזאַ פּלפּול. ער האָט דעם פּלפּול וועגען „שאָוועניזם" טאַקע איגנאָרירט און בעסער זיך צוגעהערט צו די געווערק־

שאַפּטען, צו די שניידערס, צו די בעקערס, צו די באַלמעלאָכעס, וועמעס האַרץ איז וואַרעם צו פאָלקס־זאַכען.

זיין אויספירען, אַז הויפּטזעכליך דערמיט פאַרט ער צום סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, און זיין נצחון, וואָס דאָס איז טאַקע אַרויפגעשטעלט געוואָרען אַלס אַ פּונקט אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג פונ׳ם קאָנגרעס, האָבען קאַהאַנ׳ען קיין נחת ניט פאַרשאַפט. דער פּונקט אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג האָט געקראָגען די באַצייכענונג: „פּונקט נומער פיר״, און אַרום דעם „פּונקט נומער פיר״ האָט זיך צופלאַמט ביים קאָנגרעס אַ שטיק פייער, אַ דעלעגאַטען־קאַמף.

## „פּונקט נומער פיר״

אין זיינע אייגענע עראינערונגען פון יענעם קאָנגרעס, אין זיין ווערק „בלעטער פון מיין לעבען״ (דריטער באַנד) דערציילט אַב. קאַהאַן אַזוי:

„גלייך ווי איך בין אָנגעקומען אין בריסעל, האָב איך געלאָזט דרוקען אַ קליינעם פלוג־שריפט, וועלכער האָט אַנטהאַלטען אַלע וויכטיגע פאַקטען און די ציפער וועגען דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, אירע יוניאָנס, סטרייקס, זיגען; וועגען דעם באַגייסטערטען אַנטייל פון די אידישע אַרבייטער אין דער פייערונג פון דעם ערשטען מאַי; און וועגען זייערע פאַרבינדונגען מיט דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי. איך האָב דעם פלוג־שריט פאַר־טיילט צווישען די דעלעגאַטען, און ער האָט ביי זיי אַרויסגערופען אינטערעס. אייניגע פון זיי האָבען קיין באַגריף ניט געהאַט, אַז אַזאַ ערשיינונג ווי אידישע יוניאָנס איז גאָר מעגליך. זיי זיינען געוועזען אונטער דעם איינדרוק, אַז אַ אידישער אַרבייטער איז איבערהויפּט אַ זעלטענהייט. עס האָבען זיך זאָגאַר געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען געמיינט, אַז אַלע אידען זיינען באַנקירען, פאַבריקאַנטען, סוחרים״...

דאָס איז געוועזען אַב. קאַהאַנ׳ס ערשטע דירעקטע באַגעגעניש מיט די אָפּקלאַנגען פון קאַרל מאַרקס׳עס אָפּהאַנדלונג „צור יודענפראַגע״. און דער קאַמף אַרום דעם „פּונקט נומער פיר״, האָט זיך נאָך מעהר פאַנאַנדערגעפלאַקערט — אַ דראַמאַטישער קאָנפליקט פון עטליכע זייטען.

צוערשט פון אַ אידישער זייט: דער הויפּט־ראַבינער פון בריסעל האָט אים געלאַדען צו זיך אין דערהיים, און „פריער מיט האַלבע ווערטער און דערנאָך אָפען״ האָט ער אים געזאָגט, אַז די רעזאָלוציע וועגען אידען, וואָס ער, קאַהאַן, קלייבט זיך פאָרשלאָגען ביים סאָציאַליסטישען קאָנגרעס, באַאומרוהיגט אים. די אידען האָבען אַזוי פיל שונאים! און איצט, אַז מען וועט דערהערען פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי אידען, וועט עס נאָך מעהר אויפרייצען די אַנטיסעמיטען...

## ביים קאָנגרעס אין בריסעל

דער אייביגער ווידערשפּרוך אַרום אידען. ביי די זיינען זיי באַנקירען און ביי די — רעוואָ־לוציאָנערען. זיי טאָרען קיינמאָל ניט זיין דאָס וואָס זיי זיינען. זיי טאָרען זיך ניט געפינען וואו דאָס לעבען פירט זיי אַריין. אָט האָט ער געשפּירט ביטערקייט, אַב. קאַהאַן, פון דעם, וואָס מ׳זאָגט אים, אַז אידען זיינען „לויטער פאַבריקאַנטען, סוחרים״, און אָט שפּירט ער אַ נייע ביטערקייט: צוליב אַנטיסעמיטען טאָרען אידישע אַרבייטער ניט זאָגען, אַז זיי זיינען סאָציאַ־ליסטען! עס גילט דער שפּרוך וועגען קרוג און שטיין: פאַלט די קרוג אויפ׳ן שטיין, איז אָך־און־וויי צו דער קרוג; פאַלט דער שטיין אויף דער קרוג, איז ווידער אָך־און־וויי צו דער קרוג...

ס׳איז געקומען אַ קאָנפליקט פון אַ צווייטער זייט: אַ דייטליכע אומצופרידענהייט פון דעלעגאַטען פון פאַרשיידענע לענדער פאַרוואָס דער קאָנגרעס פאַרנעמט זיך גאָר מיט אַזאַ פראַגע. צוואָוואָס האָט ער, קאַהאַן, אויפגעהויבען די אידען־פראַגע? פאַראַן אַנטיסעמיטיזם? אָבער פאַר סאָציאַליסטען עקזיסטירט עס ניט! זיי זיינען פריי דערפון! און ס׳האָבען געהאַט טענות צו אים ניט אַבי־ווער, נאָר אַזעלכע דעלעגאַטען ווי פּאָול זינגער פון דייטשלאַנד און וויקטאָר אַדלער פון עסטרייך,ביידע פון די פראָמינענטסטע אויפ׳ן קאָנגרעס, און ביידע זיינען זיי געוועזען אָנערקענטע פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען אין זייערע לענדער, הגם זיי זיינען געוועזען אידען.

זיי האָבען פאַרלאַנגט פון קאַהאַנ׳ען, אַז ער זאָל דעם „פּונקט נומער פיר״ אַראָפּנעמען פון טאָג־אָרדנונג פון קאָנגרעס. וואָס, גענוי וויל ער דען פאָרשלאָגען?

ער האָט פאַר זיי געלייענט זיין רעזאָלוציע: „דער קאָנגרעס באַגריסט וואַרעם די אָרגאַ־ניזירטע אידישע אַרבייטער־באַוועגונג פון אַמעריקע, און פאַרדאַמט דעם אַנטיסעמיטיזם״.

## פּאָול זינגער, וויקטאָר אַדלער

קורץ, געציילטע ווערטער, אָבער פּאָול זינגער און וויקטאָר אַדלער זיינען געבליבען ביי דאָס זייעריגע, אַז די גאַנצע געשיכטע וועט טאָן מעהר שאָדען ווי גוטס. אָט איז דאָך עס אויף די הענט: די שונאים פון סאָציאַליזם באַהויפּטען, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ אידישער פּראָדוקט; זיי ווייזען אָן, אַז קאַרל מאַרקס איז געוועזען אַ איד, לאַסאַל איז געוועזען אַ איד, און זיי אַליין, פּאָול זינגער און וויקטאָר אַדלער, זיינען אויך אידען. זאָל מען אָננעמען זיין, קאַהאַנ׳ס, רעזאָלוציע וועלען די געגנער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען טייטלען דערויף מיט די פינגער: אָט זעהט איר דאָך! דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס נעמט די אידען אונטער זיין שוץ!

אַזוי גיט איבער אַב. קאַהאַן פּאָול זינגער׳ס און וויקטאָר אַדלער׳ס טענות צו אים. די טענות האָבען אים געשניטען. ער איז, אָבער, געבליבען פאַר׳עקשנ׳ט: עס איז שלעכטע אַרגו־מענטאַציע; עס איז אַ פאַלשער בליק אויף דער גאַנצער זאַך; פּאָול זינגער און וויקטאָר אַדלער

זיינען אין דער אמת'ען אונטער דעמזעלבען שרעק ווי עס איז דער ראַבינער פון בריסעל; און ער, קאַהאַן, גלויבט ניט אין באַהאַלטען זיך.

### אַנטי־סעמיטיזם און פילאָ־סעמיטיזם

ס'איז פאַר אים קלאָר: דער אַנטיסעמיטיזם פייניגט די אידען אין אַ סך לענדער, און סאָציאַליסטען אַליין זיינען ניט געהעריג אויפגעקלערט וועגען אידען און וועגען זייערע שונאים, דאַרף דער קאָנגרעס, אין פאַרטיידיגונג פון די אידען און אין די אינטערעסען פון סאָציאַליזם, אַרויסקומען מיט אַ קלאָרער שטעלונג.

דער „פונקט נומער פיר" איז ניט אַראָפּ פון טאָג־אָרדנונג. אַב. קאַהאַן האָט פאַר אים געשטריטען אויפ'ן קאָנגרעס גופא. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען אַז די פראַגע אַנטהאַלט טאָקע פולווער.

אַ צאָל דעלעגאַטען זיינען אַרויסגעטראָטען געגען פאַרהאַנדלען די פראַגע; און איינער, אַ גריך, מיט'ן נאָמען אַזשיראַדעס, וועלכער האָט געהערט צו דער פראַנצויזישער דעלעגאַציע, איז גאָר באַפאַלען אידען. ער האָט גערעדט וועגען „אידישע באַנקירען און אידישע עקספּלואַטאָרס", און אויסגעבראַכט האָט ער: „אויב עס זיינען פאַראַן אַנטיסעמיטישע העצרייען, זיינען, אָבער אויך דאָ פ י ל אָ ס ע מ י ט י ש ע העצרייען".

### דעבאַטע־שלאַכט ביים קאָנגרעס

ספּעציעלע אידען פריינט, הייסט עס, וואָס העצען געגען אַנדערע פעלקער צו גונסטען די אידען...

אַ צווייטער דעלעגאַט, דר. ר אַ נ י אָ ר, אויך פון דער פראַנצויזישער דעלעגאַציע, האָט גערעדט אין זעלבען גייסט, נאָר דייטליכער. ער האָט געזאָגט: „פאַרדאַמענדיג די פאַרפאָלגונגען, וועלכע זיינען געצילט געגען אידען, דאַרף מען אַנערקענען, אַז עס איז פאַראַן אַ ס ע מ י ט י ש ע פ ר אַ ג ע, וועלכע איז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פראַגע". און ער האָט באַלד ערקלערט צו וואָס ער צילט. ער מיינט, האָט ער געזאָגט, „די פראַגע וועגען א י ד י ש ע באַנקען, וואָס איז אַ שאַרפע פראַגע, וועלכע וועט סוף כל סוף אונז אַלעמען אומברענגען"...

די אַטמאָספערע איז געוואָרען הייס. אַב. קאַהאַן האָט גענומען דאָס וואָרט אַ צווייטען מאָל. דאָס ערשטע מאָל האָט ער גערעדט ביים פאָרלעגען זיין רעזאָלוציע; איצט האָט ער פּרובירט ענטפערען דעם דעלעגאַט אַ ז ש י ר י אַ ד ע ס, וועלכער האָט גערעדט וועגען „פילאָ־סעמיטיזם". קאַהאַן האָט עס אָפּגעפרעגט, געמאָנט מיט טעמפעראַמענט: „וואו האָט דער דעלעגאַט אויסגעגראָבען דאָס וואָרט „פילאָסעמיטיזם"?... וואו האָט ער דאָס געזען, אַז מען זאָל אונטערדריקען קריסטען אין די אינטערעסען פון אידען?... וועט ער אפשר אונז דערציילען וועגען פּאָגראָמען וואָס אידען מאַכען אויף ניט־אידען?... אָדער וועגען ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וועלכע מען גיט, אידען, און וועלכע אַנדערע איינוואוינער האָבען ניט?... און וואָס האָט דאָס פאַר אַ שייכות צו דער פראַגע וועגען באַנקירען?... אַ באַנקיר איז אַ באַנקיר, צי ער איז אַ איד, צי אַ קריסט; וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דער אידען־פראַגע?"...

אַ ז ש י ר י אַ ד ע ס האָט אונטערבראָכען קאַהאַנ'ען; איז אויפגעשפּרונגען: „עס האָט שוין צו שוין אַ סך צו טאָן!"...

עס איז געוואָרען אַ מהומה. דער סאָציאַליסטישער פירער פון דייטשלאַנד, ווילהעלם ליבקנעכט, איז צוגעלאָפען צו קאַהאַנ'ען מיט אויפרעגונג: „איר טוט שאָדען אייער אייגענעם פאַרשלאָג מיט אייער קאָכען־זיך". קאַהאַן האָט אים אָפּגעענטפערט: „און אַזעלכע מענשען ווי אַ ז ש י ר י אַ ד ע ס מעגען זיך יאָ קאָכען?" אויף וואָס ליבקנעכט האָט אַ זאָג געטאָן: „קיינער נעמט ניט ערענסט אַזעלכע רעדעס ווי זיינע"... די אַטמאָספערע איז געוואָרען נאָך הייסער.

מ'איז געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס.

## אַב. קאַהאַנ'ס רעדע און רעזאָלוציע ביים קאָנגרעס

איך קום אַהער נאָר אַלס אַרבייטער, אַלס פאָרשטייער פון אידישרעדענדע אַרבייטער. איך האָב די עהרע צו זיין אַ דעלעגאַט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו יאָרק. מען פרעגט ביי מיר צו וואָס האָב איך אויף דער טאָגעס־אָרדנונג אַרויפגעשטעלט די אידען־פראַגע? איך ווייס דאָך אַז ביי סאָציאַליסטען איז קיין אידען־פראַגע ניטאָ. ביי זיי זיינען דאָך אַלע פעלקער גלייך. ביי זיי איז נאָר פאַראַן אַן אונטערשייד פון קלאַסען, פון אַרבייטער און קאַפּיטאַליסטען, פון באַרויבטע און זייערע רויבער. אויף דעם איז מיין ענטפער: איך ווייס דאָס גאַנץ גוט. אויב ניט, וואָלט איך אַהער ניט געקומען. אָבער ביי סאָציאַליסטען איז אויך ניטאָ קיין פראַגע וועגען מיליטאַריזם; מיר זיינען אַלע געגען דעם. און אַלע ווייסען דאָס אַזוי גוט ווי מען ווייס, אַז איר זייט געגען אַנטיסעמיטיזם. דאָך האָבען אומשטענדען אייך געצוואונגען צו דיסקוטירען די מיליטאַריסטישע פראַגע. דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען דער אידען־פראַגע.

איך פאָדער גלייכהייט פאַר אַלע וויכטיגע פראַגען.

די אידען ווערען פאַרפאָלגט. מען מאַכט אויף זיי פּאָגראָמען. מען באַליידיגט זיי, מען אונטערדריקט זיי. מען מאַכט פאַר זיי אויסנאַם־געזעצען. מען האָט זיי געמאַכט פאַר

מ׳האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס דער בעלגישער דעלעגאַט זשאַן וואלדערס האָט פאָרגעשלאָגען צו פאַרדאַמען אי דעם אַנטיסעמיטיזם, אי דעם פילאָסעמיטיזם...

ס׳הייסט, אויסגעטראַכט אַ ספּעציעלע אידען־פריינדשאַפט, און באַלד דאָס דערהרג׳עט...

באַמערקט אויף דעם אַב. קאַהאַן אין זיינע עראינערונגען: „איך בין אָפּהענטיג געוואָרען. עס האָט זיך מיר פשוט ניט געגלויבט. איך בין געקומען מיט אַ האַרץ פול מיט אינטערנאַציאָנאַלער ליבע״...

אַן אומעטיגער פינאַל. אַ געפיל פון פאַרבלייבען עלענד.

אינטערנאַציאָנאַליזם ביי אונז, אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, איז אין דער אמת׳ן אונזער נאַציאָנאַליזם. אַ זאָנדערבאַרער צושטאַנד, אָבער אַזוי איז דאָס, און דאָס איז ביי די אידישע פאָלקסמאַסען בכלל. ביי די אויפגעקלערטע אַרבייטער פון אַנדערע פעלקער איז אינטערנאַציאָנאַליזם אַ שבת׳דיגע אידייע; און דערוויל, צרמייסטענס אַ צדקה־ענין. דעם גיט מען עס יאָ, און דעם — ניט. ביי אונז איז דאָס אַלץ. עס איז אונזער וואָכעדיגער אָנשפּאַר ווי אונזער יום־טוב׳דיגע האָפנונג. מיר זיינען אַ צושפּרייט פאָלק, און אומעטום אַ מינאָריטעט; ווייסען מיר דעם טעם פון פרעמדקייט און שנאה, און עס איז אונזער אינטערעס ווי אונזער נשמה־באַגער, אַז אַלע פעלקער זאָלען זיין „גוט־פריינט״. אינטערנאַציאָנאַליזם איז פון אונזערע נאַטירליכע און גליענדיגסטע בענקשאַפטען, און דערמיט טרעטען מיר ניט אַוועק פון אייגענעם פאָלק. איז געווען באַזונדערס פיינליך דער מאָדנער באַשלוס פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס, אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער האָט די צייט באַשטעטיגט, אַז דער קאַמף צו ברענגען אַהין די אידען־פראַגע אין געווען אַ נויטיגער.

## קאַמף נויטיג געווען

נויטיג פאַר אידען און נויטיג פאַר׳ן סאָציאַליזם. ס׳האָט אויפגעבראָכען די טיר און אויפגעריסען פענסטער. ס׳איז געווען דער ערשטער שטאָלצער געשריי פון אידען צו אַנדערע פעלקער: הערט־אויף רעדען פון אונז ווי וועגען „לויטער באַנקירען און סוחרים און עקספּלואַטאַטאָרס״; מיר האָבען אין אונזער פאָלקס־לעבען פאַרשיידענע קלאַסען פונקט אַזוי ווי איר!

דאָס איז דעמאָלט געווען די אָפּשאַצונג פון סאָציאַליסטישע זשורנאַלען אויף פאַרשיידענע שפּראַכען.

אַ היסטאָרישער וועלט־אויפטו פון דעם גייסטיגען פירער און פון זיין יונגער אידישער אַרבייטער־געמיינדע אין אַמעריקע.

ג.

**אַן אָפּגעזונדערטען קלאַס פון רעכטלאָזע מענשען. אָט דיזע רעכטלאָזע מענשען קעמפען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּראָלעטאַריער און זיי בעטען אַ פּלאַץ אין די רייהע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די אַנטיסעמיטישע רוסישע פּרעסע אַטאַקירט די אידען און סטאַרעט זיך צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז אַלע האָבען אונז פיינט, אפילו אַרבייטער. דעריבער פאָדער איך, אַז איר זאָלט פאַר דער וועלט ערקלערען אַז דאָס איז אַ ליגען, — אַז איהר זייט שונאים פון אַלע עקספּלואַטאַטאָרס, קריסטליכע אַזוי גוט ווי אידישע; אַז אידישע אַרבייטער זיינען אייך אַזוי ליב ווי קריסטליכע.**

**איך פאַרלאַנג פון אייך ווערטער פון חבר׳שער באַגריסונג צו די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער פון אַמעריקע, פון ענגלאַנד און פון דער גאַנצער וועלט. שטויסט צוריק דעם אַנטיסעמיטיזם! ערקלערט פאַר דער וועלט אַז איר פאַרדאַמט יעדע פאָרמע פון אידען־פאַרפאָלגונג!**

**גיט דעם געהעריגען ענטפער אויף די בלבולים וואָס אַנטיסעמיטישע צייטונגען פאַרשפּרייטען וועגען אונז. מיט דעם וועט איר אידען צוגעבען מוט אַנטייל צו נעמען אין דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט.**

**מיין רעזאָלוציע איז —**

**דער קאָנגרעס באַגריסט וואַרעם די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער־באַוועגונג פון אַמעריקע, און פאַרדאַמט דעם אַנטיסעמיטיזם אויף דער גאַנצער וועלט.**

## אַב. קאַהאַן ווייזט דעם וועג

גייסטיגער פירער פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען איז אַב. קאַהאַן ניט דוקא דערמיט וואָס ער רעדט אין איר נאָמען, נאָר ערשט דערמיט וואָס ער רעדט צו איר אַליין, מיט זיין ווירקען אויף איר, מיט זיין געבען אַ ריכטונג דער גאַנצער אידישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

## אייגענשאַפטען פון אַ „רבי״ן״

ס׳פעלען אים אַלע אייגענשאַפטען צו קענען זיך אויפשפּילען אַלס אַ רבי מיט תלמידים, אַזוי, אַז מ׳זאָל וויסען ״בכל תפוצות ישראל״, אַז ער איז דער רבי. צו דעם איז נויטיג אַקטיאָרישעס, אָנשטעל; אַביסעלע אויגען־גלאָצעניש, אַ טראָפּעלע שמד־שטיק, און אַ היבשע מאָס צבוע׳צטווע. קאַהאַן פאַרמאָגט עס ניט. מ׳דאַרף קענען מאַכען האַוואַיעס, און קאָהאַן קען עס ניט. עס דאַרף הייסען, אַז ער, דער רבי, האָט זיך „זיינע שטונדען״ מיט׳ן רבונו של עולם, און אַז אָט־באַלד קומט ער אַראָפּ פון באַרג סינאַי מיט נייע לוחות און ער וועט אויפדעקען גרויסע סודות; און קאַהאַן האָט פיינט דעם בלאָף. ער האַסט בלאָף אין דער ליטעראַטור. ער קען ניט פאַרטראָגען געקינסטעלטקייט אין שרייבען בכלל. און געפינט

**דער אמת'ער רבי; תלמידים**

ער בלאָף אין טעאַטער, קומט ער אַרויס מיט אַ שניידענדיגער קריטיק. און פאַלשע טענער אין סאָציאַליזם און אין דער אַרבייטער באַוועגונג זיינען אים פונקט אַזוי דערווידער. ער פאַראַכטעט פאַלשען אָנשטעל און זאָגט אַרויס עפענטליך זיין פאַראַכטונג, ווייל ער אַליין באַזיצט ניט קיין שום פאַלשען אָנשטעל. און ווייל ער האָט זיי ניט, די קאָמעדיאַנסקע אייגענשאַפטען, וואָס אַ געקרוינטער רבי מוז האָבען, זעט מען ניט די תלמידים אַרום אים.

אין דער אמת'ן אָבער, האָט ער ערשט תלמידים, וואָרים אין דער אמת'ן איז ער שוין גאָר אַ רבי — דער מדריך פון דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע. און פונ'ם יוניאָן־טייל — דער איין־און־איינציגער מדריך.

**אַמעריקע און אייראָפּע**

אַב. קאַהאַן פירט כסדר אָן גרויסע פּרינציפּיעלע מלחמות אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; ער פאַרענדיגט קוים איין מלחמה, און הויבט באַלד אָן אַ צווייטע. אַ סך יאָרען האָט ער אָנגעפירט אַ טעאָרעטישען שטרייט איבער'ן ענין „קלאַסען־קאַמף אין אַמעריקע". ער פלעגט תמיד אונטערשטרייכען דעם אונטערשייד צווישען דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער און דעם אייראָפּייאישען. פאַרוואָס איז דער אייראָפּייאישער אַרבייטער יאָ פּייאיג זיך אָפּצורופען אויף סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און פאַרוואָס איז מיט'ן אַמעריקאַנער אַרבייטער גאַנץ אַנדערש? אַ טייל אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען פלעגען אין די אַמאָליגע יאָרען לייקענען, אַז מיט'ן אַמעריקאַנער אַרבייטער איז דאָס "גאַנץ אַנדערש". זיי פלעגען דעם ענין אָפּ'פּטר'ן לייכט. ס'האָט ביי זיי געהייסען, אַז דער

**אויף אַמעריקאַנער וועגן**

אַמעריקאַנער אַרבייטער דערנענטערט זיך ניט צו די סאָציאַליסטישע לאַגערען בלויז דערפאַר, ווייל געוויסע „רעאַקציאָנערע פירער זיינען אין וועג". אַ צייט־לאַנג האָט געגאָלטען דער נאָמען גאָמפּערס. סעמועל גאָמפּערס, גרינדער, און אַ גאַנץ לעבען דער פירער פון דער אַמעריקען פעדערייש־אָן אָוו לייבאָר, איז אַ רעאַקציאָנער און ער דערלאָזט עס ניט סאָציאַליסטישע איינפלוסען אויף די אַמעריקאַנער אַרבייטער; אַזוי איז געגאַנגען דער קורס. אַפילו מאָריס הילקוויט, קלאָרער דענקער ווי ער איז געווען, איז אויך צייטענווייז געווען אינ'ם זעלבען קורס. אַב. קאַהאַן האָט דעם ענין גענומען ברייטער און טיפער. ער איז געווען פון די ערשטע ראַדיקאַלע פּובליציסטען אין אַמעריקע בכלל, ניט דוקא אין דער אידישער וועלט, אָנצואווייזען אויף די גרונד־אונטערשיידען צווישען דעם אַמעריקאַנער און דעם אייראָפּייאישען אַרבייטער. זיין געדאַנקען־גאַנג איז אומגעפער געווען אַזאַ: דער אייראָפּייאישער אַרבייטער איז קלאַסען־באַוואוסט, הגם אויך מיט אַ שטאַרק־אַנטוויקעלטען נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין. אין דעם אייראָפּייאישען אַרבייטער איז אינ'ם לויף פון יאָרהונדערטער איינגעוואָרצעלט געוואָרען דער באַגריף, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי באַשטימטע, אָפּגעגרענעצטע וועלטען. פריער זיינען געווען פריצים און אונטערטאַנען. דעם פּלאַץ פון פריץ האָט שפּעטער פאַרנומען דער קאַפּיטאַליסט און דעם פּלאַץ פון פויערשען קנעכט האָט פאַרנומען דער אַרבייטער. איז דערביי ווידער געווען אַ שאַרפער גרענעץ צווישען צוויי קלאַסען, אויבערשטע און אונטערשטע. ער, דער אַרבייטער, געהערט צו די אונטערשטע, און אַ וועלכע דערוואַרטונג אַרויסצוקריכען פון זיין קלאַס קען ער ניט האָבען. איין מאָל אַ דאָרפס־פויער — אַלעמאָל אַ דאָרפס־פויער; איינמאָל אַן אַרבייטער — אַלעמאָל אַן אַרבייטער. אַז דאָס איז אַ כלל, האָט זיך איינגעגעסען אין דעם בלוט פון אייראָפּייאישען אַרבייטער־קלאַס, און דערויף האָט זיך געבויט די אייראָפּייאישע אַרבייטער באַוועגונג מיט איר סאָציאַליסטישען כאַראַק־

## די רעזאָלוציע וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען

סימפּאַטיע מיט אונטערדריקטע אידען איז זעלבסטפאַרשטענדליך. סאָציאַליסטען שטעלען זיך אימער איין פאַר אונטערדריקטע געגען אונטערדריקער, פאַר עקספּלואַטירטע געגען עקספּלואַטירער. די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע פון אַלע לענדער זיינען צווישען זיך פאַרבונדען מיט דעם בונד פון ברידערליכקייט. דער צעטעל פון סאָציאַליסטישע מאַרטירער, וועלכע זיינען געפאַלען אין דעם פריייהייטס־קאַמף פון רוסלאַנד, ענטהאַלט צו פיל אידישע נעמען, אַז מען זאָל אונז קענען חושד זיין אין אומפריינדליכע באַציהונגען צו אידען.

די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג ווערט אויפגעהאַלטען בלויז פון בורזשואַזע פּאַרטייען, און זי שטאַמט, צווישען אַנדערע זאַכען, פון דער קנאה, וועלכע קריסטליכע עקספּלואַטאַטאָרס פילען צו אידישע עקספּלואַטאַטאָרס. פאַר אונטערדריקטע אידען איז פאַראַן נאָר איין וועג: אַריינצוטרעטען אין די סאָציאַליסטישע מחנות.

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז

טער. אָבער אין אַמעריקע — דאָ איז דאָס גאַנץ אַנדערש. פּאָליטישע דעמאָקראַטיע פאַר יעטוועדען בירגער, צי אַן אויבערשטער, צי אַן אונטערשטער, איז די סיסטעם פון לאַנד, דער פונדאַמענט און דער גאַנצער אויסבוי. ניטאָ קיין געבוירענע פּריצים. דער אַמעריקאַנער ארבייטער זעט תמיד ווי איינער, וואָס איז נעכטען געווען אַ דערשלאָגענער אָרימאַן, איז היינט אַ גביר, אַפילו אַ מיליאָנער. אַ פאַרקערטען פּראָצעס—פון רייכטום צו אָרעמקייט—זעט ער אויך, דער אַמעריקאַנער אַרבייטער, אָבער דאָס לאַנד ערשיינט פאַר אים תמיד מיט אונבאַשרענקטע מעגליכקייטען, און ער איז פון זיי כסדר אָנגעגליט צו שטרעבען און צו שטרייטען צו דערגרייכען רייכטום ווי זיין שכן האָט דערגרייכט. קען שוין ביי אים ניט זיין אַזאַ קלאַסען־געפיל ווי ביי דעם אייראָפּייאישען אַרבייטער; און אָן אַזאַ געפיל, איז ער ניט פייאיג אויפצונעמען סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע ווי דער אייראָפּייאישער אַרבייטער. אב. קאַהאַנ׳ס געדאַנקען זיינען געווען אָנגעצונדענע לאָמפּען צו באַלייכטען דעם וועג פון דעם אידישען אַרבייטער־פירער.

ער האָט זיך געראַנגעלט מיט דיזעלבע אידייען, דער אידישער אַרבייטער פירער; ספקות האָבען געריסען זיין מח און האַרץ; נאָענט צו דעם מאַסען־מענש טאָג־איין, טאָג־אויס, האָט ער איינגעזען, אַז דער אידישער אַרבייטער אין אַמעריקע ערוואַרט ניט צו פאַרבלייבען אַ פּראָלעטאַריער, און דאָס שטערט אים, דעם אידישען אַרבייטער פירער, צו דערגרייכען זיינע אידעאַליסטישע שטרעבונגען אויפצובויען פעסטע יוניאָנס, וואָס זאָלען דינען דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. אַב. קאַהאַנ׳ס געדאַנקען האָבען אים אויפגעקלערט. ער האָט באַלד איינגעזען, אַז זיי שטימען מיט דער ווירקליכקייט; האָט ער זיי געמאַכט פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען, און מיט זיי געבויט די יוניאָנס און געפירט די סטרייקס.

אַרבייטער און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַלע לענדער האָבען אימער ערקלערט, אַז פאַר זיי עקזיסטירט ניט קיין פּאָלקס־פיינדשאַפט און קיין נאַציאָנאַלע פיינדשאַפט און עס קען ניט זיין קיין אַנדער קאַמף ווי דער קלאַסען־קאַמף פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער געגען די קאַפּיטאַליסטען פון אַלע פעלקער;

און נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז דער איינציגער וועג צו דער באַפרייאונג פון די אידישע אַרבייטער איז זייער פאַראייניגונג מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די אַרבייטער פון די לענדער, אין וועלכע זיי וואוינען, —

פאַרדאַמט דער קאָנגרעס העצערייען געגען אידען אַלס אַ כיטרען מיטעל, וועלכען קאַפּיטאַליסטישע און רעאַקציאָנערע רעגירונגען געברויכען מיט דעם צוועק אַריינצוברענגען אַ שפּאַלטונג צווישען די אַרבייטער, און אַראָפּצושלעפּען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון איר ריכטיגען ציל, —

און פאַרדאַמט פּונקט אַזוי דעם פילאָסעמיטיזם.

(אַב. קאַהאַן האָט היפּזעכליך געשטריטען געגען לעצטען אויסדרוק).

אידישע אַרבייטער פירער

יעדער אידישער אַרבייטער פירער איז דערמיט געווען אַב. קאַהאַנ׳ס אַ תלמיד.

דער אידישער אַרבייטער פירער אין אַמעריקע, הגם אַ סאָציאַליסט, האָט שוין דורך דעם ניט באַקעמפט דעם ״גאָמפּערסיזם״ ווי אַנדערע סאָציאַליסטען. דאָס האָט געבראַכט דעם גרויסען רעזולטאַט: די אידישע יוניאָנס, ניט געקוקט אויף זייערע באַזונדערע אייגענשאַפטען מיט מער אויפגאַבען ווי ס׳האָבען זיך געשטעלט אַמעריקאַנער יוניאָנס, זיינען געוואָרען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג, וואָס איז אין דעם גאַנג פון דער צייט געוואָרען אַלץ מער ברכה פאַר די אידישע פאָלקס־מאַסען.

רעזולטאַטען

נאָך אַ פונדאַמענטאַלען ענין האָט יעדער אַקטיווער מענש אין דער אידישער טרייד יוניאָן באַוועגונג פון אַמעריקע געלערענט ביי אַב. קאַהאַנ׳ען, וואָס אין דעם גאַנג פון דער צייט האָט עס געבראַכט אונגעהויערע רעזולטאַטען. פונקט ווי קאַהאַן האָט פאַרפירט שטרייטען אַרום דעם ענין „קלאַסען־קאַמף״, אַזוי האָט ער אויך געפירט שטרייטען אַרום דעם ענין „טאָלעראַנץ״. ער האָט ניט געהאַלטען פון דעם, אַז ווי באַלד איינער געהערט צום קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, מוז מען קוקען אויף אים מיט פאַראַכטונג, שטיין פונדערווייטענס פון אים ווי פון אַ „מצורע״ און זידלען אים.

„קלאַסען־קאַמף״ און „טאָלעראַנץ״

קאַהאַן פלעגט עס אויסדריקען אין רעדעס און אין אַרטיקלען אין „פאָרווערטס״ אומגעפער אַזוי: „גענאָסען, איינער איז ניט קיין גנב און גזלן נאָר דערפאַר, ווייל ער געהערט ניט צו אונזער פאַרטיי, און קיינער ווערט ניט אויס גנב און גזלן נאָר דערפאַר, ווייל ער טראָגט זיך אַרום מיט אונזערע אַ פאַרטיי־קאַרטע״. די וויכטיגקייט פון דעם ענין „טאָלעראַנץ״ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דערמיט האָט

זיך פאַרבונדען אויך דער באַגריף פון „קלאַסען־קאַמף“ און אויף וויפיל יוניאָנס קענען אַריינטרעטען אין אָפּמאַכען מיט אַרבייטס־געבער. אויב יעדער באַלעבאָס איז „גנב און גזלן“, וואָס קען גילטען אַן אָפּמאַך מיט אים ? און ווי קען מען גאָר מאָראַליש צוטרעטען צו אים ? דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט ניט אין אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען אַן אַבסאָלוט באַשטימטען געמיינשאַפטליכען אינטערעס, האָבען די אידישע אַרבייטער פירער אַרויסגעלערענט פון אַב. קאַהאַנ׳ס אויסגעדריקטע מיינונגען איבער „טאָלעראַנץ“; און פאַראַן דאָך טאַקע אינטעליגענטע און פאָרטגעשריטענע אַרבייטס־געבער מיט אַ ברייטען און אַ ווייטען בליק וועגען אַרבייטער־רעכט און וועגען דער ראָלע פון יוניאָנס אין אינדוסטריעלען לעבען. די אידישע אַרבייטער פירער האָבען זיך איבערצייגט דערין דורך זייער אַריינדרינגען טיף אין די אינדוסטריען, דורך זייערע פערזענליכע באַגעגענישען מיט מענשען פון אַלע קלאַסען; און ווידער איז זיי קאַהאַן געווען אַ לערער, אַ ריכטיגער וועג־ווייזער, וואָרים אָט האָבען זיי דאָך געזען אין לעבען דאָס, וואָס זיי האָבען געהערט פון אים אין רעדעס און אין דעבאַטעס, און געלייענט פון אים אין „פאָרווערטס“.

**אידייע פון קאָלעקטיווע אַגרימענטס**

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען דער אומגעהויערער אויפשטייג פון דער „קאָלעקטיוו באַרגעינינג“־אידייע אין אידישען טרייד־יוניאָן־לעבען: פאַרהאַנדלונגען מיט די רייכסטע פאַבריקאַנטען־אַסאָסיאיישאָנס, אַ סיסטעם פון פּראָטאָקאָלען און קאָלעקטיווע אַגרימענטס, פאַרמיטלונגס־באָאַרס און אַרביטריישאָנס, אַרבייטער־און באַלעבאַטים־משפטים ביי ספּעציעל־איינגעשטעלטע סאָציאַלע אינסטיטוציעס, וואָס אַרום דעם אַלעמען האָט זיך געשאַפען אַ גאַנצע טרייד־יוניאָן־תורה.

איצט, דורך פּרעזידענט רוזוועלט׳ן, איז דערפון פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבען פון לאַנד, און דערויף האָט זיך אויסגעבויט דער „ניו דיל“. מיט אַ פערטעל יאָרהונדערט צוריק איז דאָס געווען נייעס, אַ בלאַט פילאָזאָפיע פון לואיס ד. בראַנדעיס און טיילווייזע טרוימעריי פון אידעאַליסטישע „סאָשעל־וואָירקערס“. אַב. קאַהאַן האָט פאַר דעם געעפענט דעם מח פון אידישען אַרבייטער פירער מיט׳ן רופען אים צו „טאָלעראַנץ“.

אגב, דאַרף פאַרריכט ווערען אַ טעות. די ביאָגראַפען פון ריכטער בראַנדעיס גיבען־אָן אין זייערע ווערק, אַז אַב. קאַהאַן האָט זיך געשטעלט געגען דעם „פּראָטאָקאָל“ אין קלאָוק־טרייד, וואָס ער, ריכטער בראַנדעיס, האָט איינגעפירט, נאָר דערפאַר, ווייל ער, קאַהאַן, האָט איינגעזען אינ׳ם פּראָטאָקאָל אַ „צו־גרויסען קאָמפּראָמיס מיט דער בורזשואַזיע“. דאָס איז דורכאויס פאַלש. היסטאָריקער פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג וועלען אַרויסגעבען אַן אַנדער אורטייל. אויף וויפיל עס איז געווען געגנערשאַפט פון אַב. קאַהאַן צום „פּראָטאָקאָל“, האָט עס הויפּטזעכליך געהאַט צו טאָן מיט דעם, וואָס די מאַשינערי פון „פּראָטאָקאָל“ האָט אין דער ערשטער צייט ניט געאַרבייט טיכטיג גענוג, און די אַרבייטער האָבען דערפון געהאַט בערג מיט שאַף־צרות, און קאַהאַן איז ניט געווען קיין „טרוקענער רבי“ ניט צו פאַרנעמען דעם ווייטאָג און די פּראָטעסטען פון די אַרבייטער.

**ריכטער בראַנדעיס און „רוזוועלטיזם“**

דער „רוזוועלטיזם“, וואָס האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע אידישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג, אַ באַגייסטערונג פאַר פּרעזידענט רוזוועלט׳ן מיט זיינע גרויסע סאָציאַלע פּראָגראַמען, וואָס איז טיפער און גליענדער ווי ביי אַנדערע קלאַסען און גרופּעס אין לאַנד, אַרבייטער און ניט־אַרבייטער — דאָס איז אויך אַ קאַפּיטעל פון קאַהאַנ׳ס גייסטיגער פירערשאַפט. ס׳איז ניט געווען קיין צופאַל וואָס קאַהאַן איז אַרויסגעקומען פאַר׳ן „רוזוועלטיזם“ איבער די קעפּ פון אַ סך אַנדערע סאָציאַליסטען. ס׳איז געווען אַ רינג פון אַ גאַנצער קייט פון קאַהאַנ׳ס אידייען, און פעסטע איבערצייגונגען. און עס איז פונקט אַזוי ניט געווען קיין צופאַל וואָס די אידישע יוניאָנס זיינען אים אַנטקעגען־געקומען מיט דיזעלבע אידייען און איבערצייגונגען. אויך ביי זיי איז דאָס געווען פאָרטזעצונג, אַנטוויקלונג פון פריערדיגע שטרעבונגען. דער „רוזוועלטיזם“ איז זיי ערשינען ווי אַ שטראָם איבער׳ן גאַנצען לאַנד פון דאָס, וואָס איז זיי געווען אויפ׳ן האַרצען פריער — אויפ׳ן האַרצען און די מחות. ביי זיי איז דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען אַ קליינער קוואַל; פּרעזידענט רוזוועלט האָט עס צושטראָמט אין אַ גרויסען, ברייטען, מעכטיגען ים. אַב. קאַהאַן האָט זיי אָנגעוויזען דאַרויף. צוערשט האָט עס ביי זיי בלויז געהייסען, אַז יוניאָן־פּראַקטיק פאָדערט פון זיי צו באַנוצען זיך מיט די גרויסע רוזוועלט־געלעגענהייטען צו פאַרשטאַרקען זייערע אָרגאַניזאַציעס. פון אַב. קאַהאַנ׳ס אַרויסטרעטונג איז עס געוואָרען אַ טעאָריע, אַ ריכטונג, אַ זאַמלונג געדאַנקען, וואָס קומט זיך צונויף און האַרמאָנירט מיט זייערע סאָציאַליסטישע אידייען פון אַלע יאָרען.

ד

## אַ נייע יוניאָן־פירערשאַפט

אַלײן ניט אין דער פּראַקטיק פון יוניאָן־פירערשאַפט, באַרופן גאָר צו ליטעראַטור און צו זשורנאַליזם און פּובליציסטיק, אַנטוויקלענדיק סאָציאַליסטישע אידייען, איז קאַהאַן דער מדריך פון אידישע אַרבייטער פירער אפילו וועגן פּראַקטיק. אין די גאָר ערשטע יאָרן פון דער אידישער טרייד יוניאָן באַוועגונג, פלעגן יוניאָן־פירער קומען צו אים זיך באַראַטן וועגן די סטרייקס, וואָס זיי גייען אונטערנעמען, און שפּעטער וועגן די סעטלעמענטס פון די סטרייקס. מען פלעגט אים ברענגען צו סטרייקער־פאַרזאַמלונגען, ער זאָל פאַרלייענען און פאַרטייטשן יוניאָן־אַגרימענטס. דראַמאַטישע קאַפּיטלאַך אידישע אַרבייטער־געשיכטע זיינען דערמיט פאַרבונדען, אויך אינערליכע יוניאָן־מלחמות. ער האָט שוין דעמאָלט פיינט געהאַט דעם יוניאָן־פירער מיט איבערטריבענע פראַזען־רעדעס פונקט אַזוי ווי ער האָט פיינט דעם שונד־ליטעראַט, וואָס צאַצקעט זיך, אַז מ׳זאָל אים דוקא אַנערקענען פאַר דעם עכטען ליטעראַט, און ווי ער האָט פיינט דעם אַקטיאָר וואָס שפּילט „צו־אַקטיאָרסקע". דער קאַהאַן־באַראָנדעס־קאַמף — אַ היסטאָרישער קאַמף אין דער אידישער טרייד־יוניאָן־וועלט — איז אַרויסגעקומען נאָר דערפון. אַזוי אויך שטרייטיגקייטען מיט ווייניגער באַרימטע יוניאָן־פירער און יוניאָן־דעלעגאַטען צו די געווערקשאַפטען. וועגן אַזעלכע איז געבליבען אַ ווערטעל: „קאַהאַנ׳ס קרבנות". ס׳הייסט, זיי האָבען, נעבאַך, ניט געקענט גרויס ווערען נאָר דערפאַר, ווייל קאַהאַן האָט אויף זיי „צופיל געהאַלטען אַן אויג".

אַרבייטער־פירער זיינען אין אַלע צייטען געקומען צו אַב. קאַהאַנ׳ען זיך באַראַטען איבער זייערע אָרגאַניזאַציע־ענינים. די יאָרען פון 1909 מיט׳ן ווייסטמאַכער סטרייק ביז 1914 מיט דעם אָפּשלוס פון דעם „הורוויטש־קריג" אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און מיט דער גרינדונג פון דער אַמאַלגאַמעיטעד אין די מענער־קליידער־טריידס, זיינען געווען די גרויסע יאָרען פון יוניאָן־ענערגיע אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. יעדער פאַך האָט געהאַט אַ גרופּע אינטעליגענטע אידישע אַרבייטער. זיי זיינען ניט געקומען אין אַמעריקע ווי לעדיגע מענשען. דאָס איז געווען די אידישע יוגענט פון מזרח־אייראָפּע פון דער צייט ווען דער בונד און אַנדערע אידישע אַרבייטער־פּאַרטייען זיינען צושלאָגען געוואָרען פון דער צאַרישער רעאַקציע אין רוסלאַנד. אַ דור מיט סאָציאַליסטישע בענקשאַפטען און מיט ליבשאַפטען צו דער יונגער אידישער ליטעראַטור. גרופּעס פון יענער יוגענט פלעגן זיך קלאַמערען אַן דער פּאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען זי זאָל זיי העלפען אָרגאַניזירען די טריידס, אין וועלכע זיי זיינען אַריין. די געווערקשאַפטען איז זיי געווען אַ שולע אין אַ ברייטען זינען. מ׳איז דאָרטען געקומען צו באַגריפען וועגן אַן אַרבייטער־באַוועגונג אויף ברייטע ליניעס מיט אַ גייסט, וואָס זאָל זיין אין פולען איינקלאַנג מיט די אַמעריקאַנער אומשטענדען. דאָס האָט געמיינט „קאַהאַניזם". עס זיינען אויפגעקומען גרופּעס יונגע אידישע אַרבייטער־פירער מיט אַ אינטעליגענץ פון דער אַלטער היים באַנייט און באַרייכערט פון אַן ערוואָרבענער אינטעליגענץ אין דער נייער וועלט. זיי ערשט האָבען פאָרגעשטעלט גרופּעס קאַהאַן־תלמידים, און זיי פלעגען קומען צו אַב. קאַהאַנ׳ען זיך אויסרעדען די האַרץ וועגן כל׳ערליי אָרגאַניזאַציע־פּראַגען.

## „קאַהאַניזם"

דאָס איז אויך געווען דער קורס פון עלטערע אַרבייטער־פירער. בענדזשאַמין שלעזינגער, מיט זיין אימפּעט, מיט זיין נערוועזער ענערגיע, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם „שטורם פויגעל" פון די גאַרמענט־טריידס צו האַלטען די טריידס כסדר אויפגערודערט פון שאַפּ־פּראָבלעמען, האָט אויסגעוואָרעמט אַלע זיינע אידייען, פּלענער און איינפאַלען אין געשפּרעכען מיט אַב. קאַהאַן. דער לאַנגזאַמער מאָריס זיגמאַן מיט זיין אונגעבויגענעם, זיין שטאָלענעם כאַראַקטער, קיינמאָל ניט אָפּצוטרעטען פון אַן אַנגענומענער יוניאָן־מאָראַל, האָט יעדען וויכטיגען שריט זיינעם באַקלערט אינאיינעם מיט קאַהאַנ׳ען.

צוויי פּאַסירונגען דאַרפען דערמאָנט ווערען: שלעזינגער׳ס היסטאָרישען שריט „איבערצוקערען דעם טיש", ווי מ׳האָט עס דעמאָלט אָנגערופען, זיין פּאַרנעם צו פּראָבירען קריגען אַ קאָורט־אינדזשאַנקשאַן געגען באַלעבאַטים אויפ׳ן זעלבען שטייגער ווי זיי פלעגען עס קריגען אַנטקעגען דער יוניאָן; און זיגמאַנ׳ס ערשטע גרויסע קריגס־ערקלערונג אַנטקעגען די קאָמוניסטען.

## שלעזינגער און זינמאַן

מיט שלעזינגער׳ס אינדזשאָנקשאָן־פּראַגע איז געווען פּאַרוויקעלט אַ פּרינציפּ. דער קורס אין דער אַרבייטער־באַוועגונג איז דעמאָלט געווען צו פאַרדאַמען קאָורטס, וואָס לאָזען זיך אַריין אין יוניאָן־ענינים. מאָריס הילקוויט האָט גע׳פּסק׳ענט, אַז „מען מעג אַריבערגיין דעם פּרינציפּ". אַזוי גע׳פּסק׳ענט האָבען אויך צוויי אַנדערע וואָרט־פירער אין דער אַרבייטער־באַוועגונג, ב. פייגענבוים און ש. יאַנאָווסקי. שלעזינגער האָט, אָבער, אַלץ געציטערט טאָמער וועט עס פּאַרט אָפּרופען זיך שלעכט אויף דער פּאָזיציע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין דער אַרבייטער־באַוועגונג, האָט ער עס ניט אונטערנומען ביז ער האָט געהאַט אַ באַראַטונג מיט קאַהאַנ׳ען, וואָס האָט געדויערט אַ האַלבען טאָג צייט. די געזעצליכע זייט פון דער פּראַגע, הגם אויסגעאַרבייט פון הילקוויט׳ן, איז געווען אין די הענט פון דעם באַרימטען אַדוואָ־

קאָט סעמועל אונטערמאַיער. און אונטערמאַיער האָט שוין געהאַלטען ביים ווענדען־זיך צום סופרים־קאורט; האָט איהם שלעזינגער אָפּגעהאַלטען דערפון צוויי טעג צייט ביז ער האָט געהאַט זיין באַראַטונג מיט קאַהאַנ׳ען. און פון קאַהאַנ׳ס צימער אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" האָט ער געהאַלטען אין איין טעלעפאָנירען צו אונטערמאַיער׳ן: „אָט־באַלד ווערען מיר פאַרטיג, אָט באַלד דעררעדען מיר זיך צו אַ באַשטימטען פונקט".

**זיך „צושלאָגען" און „איבערגעבעטען"**

זיגמאַנ׳ס קאָמוניסטען־שטרייט האָט זיך אויך אָנגעהויבען אין דעמזעלבען קאַהאַן־צימער. קאַהאַן האָט אויפגעשריבען די היסטאָרישע קריגס־דעקלעראַציע אַנטקעגען זיי — געשריבען און דעבאַטירט מיט זיגמאַנ׳ען, געשריבען און אומגעביטען ווערטער, אויסדרוקען, שורות, כדי די פרינציפּיעלע זייט פון דעם קריג זאָל זיין וואָס קלאָרער אַרויסגעבראַכט.

מיט זיינע תלמידים אַרבייטער־פירער איז קאַהאַן קיינמאָל ניט אויף איין־און־דערזעלבער ליניע פון נאָנטקייט. ער האָט מיט יעדען הונדערט מאָל זיך „צושלאָגען" און הונדערט מאָל זיך „איבערגעבעטען". אויך איצט איז אַזוי זיין פערזענליכע באַציהונג צו אַרבייטער־פירער. פערזענליכע באַציהונג, אָבער ניט פערזענליכער אינטערעס. ער דערוואַרט ניט אַ וועלכען פערזענליכען נוצען פון פריינדשאַפט, האָט ער ניט קיין פערזענליכע פאַרלוסטען פון אַ קריג. ער איז ניט פון דעם „פּאָליטישען"־טיפּ צו „קלאַפּען אויף דער פּלייצע", אָדער „שעיקען הענדס", אָדער מאַכען דעם איינדרוק, אַז ער וויל „טובות", אָדער אַז ער „קען טאָן טובות". קריג, אָדער פרידען, איז ביי אים „לשם שמים". בלויז רעאַליסטישער צוגאַנג צו פרינציפּען, אָדער בטלנות, און טאַקט, אָדער ניט־טאַקט, זיינען די מאָטיווען פון זיינע פריינדשאַפטען און זיין אָפּפרעמדונג פון וועמען.

איז ער אַ פאַנאַטיקער, קאַהאַן? אַ פאַר׳עקשנ׳טער, אַ פאַרביסענער, דורכצוזעצען זיינע מיינונגען כדי צו זאַמלען דורך זיי מאַכט פאַר זיין פאַרטיי? ווייט דערפון. ער איז פון די הייסעסטע באַקעמפער פון אַרויפצווינגען פאַרטיי־מאַכט אויף יוניאָנס. און דאָס איז ער דאָך געווען דער באַפרייער פון יוניאָנס פון פאַרטיי־קנעכטשאַפט. עקשנות פאַרמאָגט ער יאָ, די עקשנות פון אַ רבי׳ן מיט פעסטע איבערצייגונגען, וועלכער וויל ניט זען זיינע תלמידים פאַרפירט.

**„חסידות"**

מאָנט ער חסידות? אַ קאַהאַן־תלמיד מוז ניט זיין קיין קאַהאַן־חסיד. קאַהאַן מאָנט דוקא זעלבשטענדיגקייט, כאַראַקטער־פעסטקייט, אייגענעם דענקען און אייגענע האַנדלונגען.

פאַר גאַס־מענשען איז אַ גרויסע שמחה, ווען אַ באַריכט צוטראָגט זיך, אַז אַב. קאַהאַן איז „אין אַ פאַיט" מיט דעם אָדער יענעם אַרבייטער־פירער. ס׳ווערט דערפון „ספּאָרט". און דערביי איז רכילות, וואָס איז אַלעמאָל „געשמאַק". דער פאַרקריגטער אַרבייטער־פירער ציהט ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. דאָס אונטערשטרייכט קאַהאַנ׳ס גייסטיגע פירערשאַפט.

אָבער קיין איין קריג צווישען קאַהאַנ׳ען מיט וועמען פון זיין געמיינדע קערט ניט אַוועק די געמיינדע פון איהם. דער צונויפשטעל פון דער טרייד יוניאָן באַוועגונג איז אַלעמאָל אויף זיין זייט. אַנדערש קען עס גאָרניט זיין. אין דעם פרט מוז מען הויפּטזעכליך אורטיילען האַנדלונגען פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען גופא — די געווערקשאַפטען ווי אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג. איר אינטערעס איז אַן אַלגעמיינער, דערפאַר ברייטער ווי דער אינטערעס פון אַן איינצעלנער יוניאָן, מעג די איינצעלנע יוניאָן זיין די גרעסטע, די אַנערקענטסטע. און די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, אַמאָל דורך באַשטימטע רעזאָלוציעס און אַמאָל בלויז דורך באַשאַפען אַטמאָספערע, איז אַרויסגעטראָטען פאַר „קאַהאַניזם", אָדער קאַהאַנ׳ס „פאָרווערטסיזם" אין אַלע צייטען און אין אַלע פראַגען, אפילו ווען „פאָרווערטסיסטען" האָבען זיך געשטעלט געגען קאַהאַנ׳ען.

**ווילדעסטע העצע; אַ מוטיג׳ וואָרט**

אַ ספּעציעל־שאַרפער עקזאַמען איז געווען דער קאַמף אַרום סאָוועט־רוסלאַנד מיט דער ספּעציעלער באַציהונג, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופען צו דער „הוירסט־פּרעסע". די קאַהאַן־ריכטונג האָט באַגעגענט די ווילדעסטע העצע אין דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, אַן אונפאַרגלייכליכען פּאָגראָם־שטורם, אָנגעטראָגען פון קאָמוניסטען, און פון כל־ערליי צייטונגס־סוחרימ׳לאַך, און אידייען־מעקלערלאַך, און קאַריעריסטלאַך, אַב. קאַהאַנ׳ס שונאים און שונאימ׳לאַך. ס׳האָבען געאַרבייט טריפה צינגער. הפקר־יונגען האָבען גערעדט אין נאָמען פון „קולטור" און פון „מאָראַל". ערליכע מענשען האָבען אויך געלאָזען אין גאַנג זייערע זייטיגע אינטערעסען, זיי איינוויקלענדיג אין פייגענבלעטער פון „פרינציפּ" און פון „פאַרטיי". וואוילע מענשען האָבען אויפגעריסען די אויגען, אָבער זיך פאַרלאָרען. ס׳האָט געווירקט אפילו אויף ניכטערע „פאָרווערטסיסטען". די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט איבערגעבראָכען דעם שטורם, האָט געזאָגט אַ מוטיגען וואָרט, און דערמיט אָפּגעשטעלט די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג פון אַריינפאַלען אין אַ המון צו קרייציגען איר גייסטיגען פירער.

ס׳האָט זיך געהאַנדעלט נאָר וועגען אים, וועגען איבערהאַקען זיין לעבענס־אַרבייט, ניט וועגען אימיצען אַן אַנדערען, אָדער וועגען עפּעס אַנדערש. די געווערקשאַפטען האָט עס גיך איינגעזען.

און אַן אַנדער פאַסירונג איז אויפגעקומען, און די אידישע געווערקשאַפטליכע באַוועגונג האָט ווידער זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די פרינציפּען, געפערדיגט פון אַב. קאַהאַן —

די סידני הילמאַן־פּאַסירונג פון עטליכע חדשים צוריק: אַ פאַרמעסטען־זיך פון אַ תּלמיד צו שלאָגן זיין רבי׳ן.

דאָס פאָדערט באַטראַכטונג. דאָס איז ניט געווען סתּם צופאַל, אָדער „מחלוקה״, נאָר אַן אויסדרוק פון פאַרשיידענע פאַרזוכען איבערצוברעכען אַלע פרינציפּען און אַלע טראַדיציעס פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג פון איין זייט, און אַן אויסדרוק פון פאַרמיידען דאָס פון דער צווייטער זייט.

**סידני הילמאַן קאַהאַנ׳ס אַ תּלמיד**

ס׳איז אַ פאַרשפּרייטער איינדרוק, אַז סידני הילמאַן איז דורכגעגאַנגען אַ „העכערע״ טרייד יוניאָן־שולע ווי די אַנדערע אידישע אַרבייטער־פירער, אַז ז י י ן ערציהונג איז ניט געווען אויף דער „איסט־סאַיד״, אַז אַב. קאַהאַנ׳ס אַ תּלמיד איז ער אודאי ניט. דאָס איז ניט ריכטיג. הילמאַן איז ניט געקומען קיין „פאַרטיגער״ פון ערגעץ אין דער פרעמד; זיין קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבען אין דיזעלבע גרענעצען וואו עס האָבען זיך אָנגעהויבען די קאַריערעס פון כמעט אַלע אידישע אַרבייטער־פירער. אַנשטאָט ניו יאָרק—שיקאַגאָ, אָבער אונטער דיזעלבע איינפלוסען: אימיגראַציע, שניידעריי, און קאַמף צווישען ראַדיקאַלע פאַנטאַסטען און ניכטערע סאָציאַליסטען. אַב. קאַהאַן, ווי דער לערער פון דער ניכטערער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, איז אויך געווען הילמאַנ׳ס לערער. הילמאַן איז אַ פּראָדוקט פון דיזעלבע קאַהאַן־שטימונגען, וואָס האָבען זיך געשפּרייט איבער די אידישע אַרבייטער־קוואַרטאַלען פון אַלע אַמעריקאַנער שטעט. ער איז נאָר געגאַנגען „אַביסעל ווייטער״. קוים מעג מען שטעלען דעם טראָפּ מעהר אויף „פּראַקטיק״ ווי אויף „הוילען פרינציפּ״, ווי עס איז געווען דער אויספיר, צו וועלכען אַ סך קאַהאַנ׳ס תּלמידים זיינען געקומען, האָט ער, הילמאַן, אינגאַנצען פאַרקוקט דעם „הוילען פרינציפּ״. שוין אויף זיינע ערשטע טריט האָט ער זיך גענויגט צו אַ פיל־קאָנסערוואַטיווערען טרייד־יוניאָניזם ווי ס׳האָט ווען געוואַגט צו טאָן ווער אַן אַנדערער פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. דערמיט האָט ער אַרויסגעוויזען גייסטיגען מוט, און עס איז אַרום אים געוואָרען אַן אייגענאַרטיגער אינטערעס.

קאַהאַן איז, אָבער, ניט בלויז געווען, אַזוי צו זאָגען, אַן אינדירעקטער לערער פון סידני הילמאַן; ער איז אויך געווען דער וועג־אויפברעכער פאַר איהם, אַ מין „טויף־פאָטער״, אַ „קוואַטער״. דאָס אגב, כאַראַקטעריזירט מעהר ווי עפּעס אַנדערש אַב. קאַהאַנ׳ס באַציהונג צו זיינע תּלמידים אַרבייטער־פירער. דערזעט ער אין דער אַרבייטער־באַוועגונג אַ נייעם מענשען, וואָס פאַרשפּרעכט ניכטערע פירערשאַפט, גייט ער אים אַנטקעגען מיט צועפענטע אָרעמס, און זוכט צו ווירקען, אַז אַלע זאָלען באַלד ווערען באַגייסטערט פאַר אים.

**אַ סצענע**

ביים פערטעל יאָרהונדערט יובילײ־באַנקעט פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ סצענע. ס׳איז דאָס יאָר 1913, אַ יאָר פון שטורמישע סטרייקס און פון אינערליכע שטורעמס אין דער היים, אין דער אַרבייטער־באַוועגונג גופא. מ׳האָט געהאָט ערשט איבערגעקומען די „הורוויטש־אַפּערע״ (דעם קאַפּיטעל יצחק אייזיק הורוויטש אין דער קלאוקמאַכער יוניאָן). דר. הורוויטש איז שוין געווען אַוועק, אָבער דער ענין איז נאָך ניט געווען ערלעדיגט. מ׳האָט געדאַרפט פאָרטזעצען דעם „פּראָטאָקאָל״, און די אינטערנעשאָנאַל איז געווען צוטרייסעלט. שיקאַגאָר ליבעראַלען האָבען פאָרגעשלאָגען דער ניו־יאָרקער קלאוקמאַכער־יוניאָן, זי זאָל איינלאַדען סידני הילמאַן, איבערצונעמען די פירערשאַפט פון איר „פּראָטאָקאָל״־אָפּטיילונג. עס איז דערצו געקומען. הילמאַן איז נאָך געווען ווייניג באַקאַנט; מ׳האָט פון אים געהערט בלויז דורך זעלטענע אָפּקלאַנגען פון שיקאַגאָ. זיינע ערשטע טעג ביי די ניו־יאָרקער קלאוקמאַכער זיינען זיך צונויפגעפאַלען מיט׳ן דעמאָלטיגען געווערקשאַפטען־יובילײ. אַ גאַסט ביים יובילײ־באַנקעט (אין קלינטאָן האָל) איז געווען דער באַרימטער שיקאַגאָר אַדוואָקאַט קלאַרענס דאַראָו. הילמאַן איז געקומען צום באַנקעט מיט אים. קאַהאַן האָט דאָרטען געהערט, אַז הילמאַן רופט ניט אַרויס קיין צופיל באַגייסטערונג פון קלאוקמאַכער, און אַז די מייסטע פון די אַנדערע באַאַמטע פון דער קלאוקמאַכער־יוניאָן קוקען אויף אים ווי אויף אַ ניט־געווינשטען פרעמדען. דאָס האָט קאַהאַנ׳ען פאַרדראָסען: אַ יונגערמאַן, פון וועמען מ׳הערט גוטס, ווערט געשטערט. האָט קאַהאַן געווידמעט אַ גרויסען טייל פון זיין באַנקעט־רעדע צו הילמאַנ׳ען. ער האָט דערביי אים אויפגערופען, פאַרלאַנגט פון אים זיך אויפצושטעלען, און ממש געפאָדערט פון עולם באַגייסטערונג פאַר אים. מ׳זאָל הילמאַנ׳ען אַפּלאָדירען, האָט קאַהאַן פאַרלאַנגט; זאָל ער, הילמאַן, ווערען אַ פירער אין דער אידישער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג דורך אַ דעמאָנסטראַציע. קאַהאַן האָט אים אַ ר י י נ ג ע ט ר אָ ג ע ן אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.

**אַמאַלגאַמעיר־טער קאַמף און ערפאָלג**

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבען דער אַמאַלגאַמעיטעד־קאַפּיטעל. דער וואונדערליכער וואוקס פון דער אַמאַלגאַמעיטעד, הגם אַן אָפּאָזיציע און אין דרויסען פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג, קען ניט פאַרשריבען ווערען בלויז אונטער׳ן נאָמען הילמאַן. אויב שטעלען נעמען פון איינצעלנע מענשען, דאַרף זיין אויבען־אָן דער נאָמען יוסף שלאָסבערג, אַלס פירער פון אַ סאָציאַליסטישער גרופּע מיט גרויס ווירקונג אין די שוין פון פריער גרויס־געוואָרענע שניידער־יוניאָנס. און דער נאָמען אַלעקס קאָהען, אַ יונגער אינטעליגענטער אַנאַרכיסט, האָט דעמאָלט אַ סך געגאָלטען ביי מאַסען יונגע שניידער. דער נאָמען דזשייקאָב פּענקין (דער

באַקאַנטער סאָציאַליסט און ריכטער) טאָר אודאי ניט פאַרשטעלט ווערן. פון דער הילף פון „פאָרווערטס״ מיט זיין גאַנצער ריכטונג און אַלע זיינע מיטאַרבייטער (הויפּטזעכליך הלל ראָגאָף), איז אָפּגערעדט. אַ דאַנק דער שטעלונג פון „פאָרווערטס״, איז קיין איין אָפּאָזיציע צו דער אַמאַלגאַמעיטעד ניט אויפגעטראָטען מיט אַ געהעריגער קראַפט. און די אַמאַלגאַמעי־טעד האָט געקענט האָבען גאָר שטאַרקע אָפּאָזיציעס אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

## אויפטו פון סאָציאַ־ליסטען

מאַקס פיין איז געווען איר׳ס אַ געגנער, און ער האָט געהאַט אַ ווירקונגס־קרייז. בענדזשאַמין שלעזינגער און די גאַנצע אינטערנעשאַנאַל־פירערשאַפט זיינען געווען צו איר קאַלט. אָהן באַגייסטערונג האָבען זיך באַציגען צו איר אויך מאָריס הילקוויט און מאיר לאָנדאָן, צו וועמען די גאַנצע אידישע טריידיוניאָן־באַוועגונג האָט אַרויפגעקוקט מיט דער העכסטער אַכטונג. זיי אַלע האָבען, אָבער, זיך געניגט צו דער ריכטונג פון „פאָרווערטס״, אונטער אַב. קאַהאַנ׳ס פירערשאַפט, וואָס האָט זיך איבערגעגעבען אינגאַנצען צו דער אַמאַלגאַ־מעיטעד. דורך דעם איז א. י. שיפּלאַקאָוו געוואָרען דער סעקרעטאַר פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען. ער איז געווען פון די הייסעסטע קעמפער פאַר דער אַמאַלגאַמעי־טעד, און מיט אים האָט מיטגעשטריטען די גאַנצע דעמאָלטדיגע אידישע סאָציאַליסטישע פעדע־ראַציע. דאָס האָט געהעריג אָפּגעשלאָגען אין דער גרויסער שניידער־מאַסע. די אַמאַלגאַמעיטעד איז געווען אַן אויפטו פון סאָציאַליסטען. סידני הילמאַנ׳ס ביטראָג איז געווען אַ צווייפאַכער: צענטראַליזירען די אָרגאַניזאַציע, יעדער טייל זאָל זיין אינגאַנצען אָפּהענגיג אַן דער הויפּט־פירערשאַפט, און פירען זי קאָנסערוואַטיוו.

איינס גייט מיט דאָס צווייטע. צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע מיינט ווייניג דעמאָקראַטיע, אָפט גאָרנישט, און זיכער איז דאָס ניט העכערער ליבעראַליזם, און ווער רעדט שוין פון ראַדיקאַליזם. הילמאַנ׳ס קאָנסערוואַטיזם האָט דערצו זיך אויסגעדריקט אינ׳ם גאַנצען סדר פון זיין אומגאַנג מיט די אַרבייטס־געבער און אַנדערע פאַקטאָרען אין דער אינדוסטריע. ס׳האָט אַלעמאָל געגאָלטען אויסקנעטונג, אויסגלעטונג און אויסגלייכונג, כמעט אַ פאַרלייקענונג פון סטרייקס, ווי אַ „פּרינציפּ״. מ׳האָט אין דעם געזען שטאַטסמאַנשאַפט, אָבער נאָר „יחידי סגולה״ האָבען אַזוי געקוקט דערויף. ביי די מיטגלידער פון דער יוניאָן, הויפּטזעכליך ביי די וואַכזאַמע מיטגלידער, ביי די אידישע, ביי די אימיגראַנטען, ערצויגען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָט עס ניט געקענט זיין פּאָפּולער. האָט זיך אין דער אַמאַלגאַמעיטעד איינגעשטעלט אַ צוויי־פאַכער פּראָגראַם: זיין ראַדיקאַל, און וואָס מעהר ראַדיקאַל, אין דער היים (ביי אַלגעמיינע פּראָ־גען), און זיין קאָנסערוואַטיוו, און וואָס מעהר קאָנסערוואַטיוו, אין דער גרויסער וועלט.

## ראַדיקאַל און קאָנסער־וואַטיוו

איז אַזוי לאַנג ווי הילמאַן האָט עס פּראַקטיצירט בלויז אין דער אַמאַלגאַמעיטעד, און די אָרגאַניזאַציע האָט געגעבען איר צושטימונג דערצו, האָט קיין אַנדער טייל פון דער אַרביי־טער־באַוועגונג ניט געקענט אויסזעצען אַנטקעגען דעם, האָט פשוט קיין רעכט ניט געהאַט. און פאָרוואָס גאָר אַננעמען, אַז אַזאַ יוניאָן־פירונג איז טריף? ווער קען דאָס פּסק׳ענען? האָט, אָבער, הילמאַן גענומען גלויבען, אַז מ׳קען דאָס פּראַקטיצירען אויף אַ ברייטערען פעלד, און ער האָט פּרובירט ווירקען פאַר אַזאַ פּראָגראַם אויף אַ ברייטערען פעלד. לויט די איצטיגע אומשטענדען אין דער אַרבייטער־באַוועגונג, האָט עס נאָר געקענט מיינען מיטצושפּילען אויף איין זייט מיט קאָמוניסטישע אַוואַנטורעס און דערמיט געבען אַ פעלד די קאָמוניסטען, הגם זיי ניט צולאָזענדיג צו זיך, און אויף דער צווייטער זייט שפּילען פּאָליטיק, אפילו אין נאָמען פון סאָציאַליסטען, מיט דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. סאָציאַליסטען מוזען זיין געגען דעם? געגען דעם שפּיל, סיי אויף לינקס, סיי אויף רעכטס? מוזען זיין געגען, ווייל דאָס ברעכט איבער אַלע פּרינציפּען און טראַדיציעס פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־באַוועגונג, איר גאַנצען נשמה־אייגענס? נו, קען מען זיי „שוואַרץ־מאַכען״, די סאָציאַליסטען! קען מען ערקלערען, אַז זיי האָבען ניט קיין שייכות צו דער אַרבייטער־באַוועגונג! מ׳קען אפילו אָפּפרעגען זייערע ה י ס ־ ט אָ ר י ש ע אויפטואונגען, פאַרלייקענען געשיכטע, און זאָגען, אַז די, וואָס רעדען וועגען סאָציאַליסטישע איינפלוסען אויף די שניידער־יוניאָנס, דערציילען בלויז לעגענדעס! הילמאַן האָט עס טאַקע אַרויסגעזאָגט אין אַן אינטערוויו פאַר דער פּרעסע.

## אונזער נשמה־אייגענס

ווי דער עלטסער, דער שאַפער פון דעם נשמה־אייגענס פון דער אידישער און סאָציאַליס־טישער אַרבייטער־באַוועגונג, האָט אַב. קאַהאַן געמוזט אַרויסטרעטען געגען דעם. זיין אַרויס־טרעטונג האָט זיך באַרופען נאָר אויף אַזעלכע געדאַנקען, ווי די, וואָס טראָגען זיך אַרום אין דער אַרבייטער־באַוועגונג אַלס הילמאַנ׳ס אַ פילאָזאָפיע און אַ פּראָגראַם. דאָס איז אַ פילאָזאָפיע און אַ פּראָגראַם, וואָס האָבען מיט די העכערע צילען פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַרבייטער־באַוועגונג ווייניג שייכות, טאַקע גאָרנישט. עס איז שפּיל אין פּאָליטיק, אינטערע־סאַנטער שפּיל, אָבער ניט פּאָליטישע פאַרטראַכטונג און ניט פּאָליטישער קאַמף. וואָס האָט הילמאַן דערויף געענטפערט? ער האָט אָנגערופען קאַהאַנ׳ען — „פאַשיסט״...

דאָס גאָר. זעהר גייסטרייך. ווי מיינט איר?

דער תלמיד הילמאַן רופט „פאַשיסט״ זיין רבי׳ן אב. קאַהאַן!

אָבער שלאָגט אַ תלמיד זיין רבי׳ן, איז דער געשלאָגענער דער תלמיד. זיין שטראָף איז איינזאַמקייט. די גאַנצע אידישע אַרבייטער־באַוועגונג האָט די הילמאַן־האַנדלונג אויפגענומען שטום. קיינער האָט ניט געקענט וואָס זאָגן. אַלע האָבן זיך געשעמט. ס׳איז געווען ווי אַן אַלגעמיינער באַשלוס: שווייגן, וואָרים ניט פאַר יעדן אום׳כבוד זיינען דאָ ווערטער אָפּצוענטפערן. שווייגן, און ווייטער זיין געשלאָסען ווי איינס — די אַרבייטער־געמיינדע און איר גייסטיגער פירער אינאיינעם.

## פאַלעסטינע־קאַמף

ה

תלמידים און לערער פאַרשטייען זיך, אָבער, און דער הערשענדער געפיהל איז פאַרגעבונג. פאַר אַלעמענס אויגען איז שטענדיג דאָס גרויסע פאַנאַנדערגעוויקעלטע בילד: אונזער פאַרליטען פאָלק איז דאָ, אין דער נייער וועלט, אויפגעגאַנגען פון דאָס־ניי, באַלעבט געוואָרען דורך אַרבייט אונטער די באַפרייענדע אידעאַלען, וואָס אַרבייט רופט אַרויס צו באַלויכטען די וועלט. און דאָס צויבערט אַלעמען; אונזער אויסנאַמס־לאַגע שטימט־אָן צו גאַנצקייט און ווייטערען אויסבוי פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

די אויסנאַמס־לאַגע — אַז מיר זיינען אַמעריקאַנער, אָבער קינדער פון אידישען פאָלק, אַז מיר גייען אויף אַמעריקאַנער וועגען, אָבער מיר האָבן וואָס אייגענס אָפּצוהיטען, מיר זיינען אימיגראַנטען — שפּירט זיך אויף יעדען טראָט פון אַב. קאַהאַנ׳סווירקונג. ער פּרעדיגט קיינמאָל ניט אידישען נאַציאָנאַליזם, אָבער ער רופט אַלעמאָל די גאַנצע אידישע אַרבייטער־אומגעבונג צו האַלטען זיך אין עכטען אידישען פאָלקס־גייסט. סתם נאַציאָנאַליזם איז אַן אַבסטראַקטער און אָפּט אַ פאַרפירערישער ענין, דער עיקר איז מעשים. נאַציאָנאַליזם קען זיין אַ פונקט פאַר טעאָרעטישען פּלפּול; וויכטיגער איז צו זיין אַ ווירדיגער איד אין לעבן. דאָס האָט קאַהאַנ׳ען צונויפגעבראַכט מיט דער באַוועגונג, אַז די אידישע אַרבייטער פון אַמעריקע, ניט געקוקט אויף זייער אַמעריקאַניזם, זאָלען זיין ווי ברידער צונויפגעשלאָסען מיט די אידישע אַרבייטער אין ארץ־ישראל, ניט געקוקט אויף זייער ציוניזם, וואָרים ביידע העכערען די ווירדע פון אידישען פאָלק. און דער ציוניזם גופא איז אַ גרויסער ענין. די אידישע באַפרייאונגס־אידייע. און די אידייע האָט גענומען קריגען פלייש און בלוט דורך די חלוצים, וואָס זיינען אויפבויער פון היסטאָרישען לאַנד, און זיינען חלוצים פון אַ סאָציאַליסטישען לעבן. איז געווען נאַטירליך וואָס ער, אב. קאַהאַן, האָט זיך געשטעלט בראש צו ווירקען, די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג זאָל אַראָפּנעמען „דעם חרם פון פאַלעסטינע״.

דאָס האַרמאָנירט מיט אַב. קאַהאַנ׳ס אידייען וועגען קלאַסען־קאַמף און וועגען טאָלעראַנץ. דער „חרם אויף פאַלעסטינע״ האָט זיך גענומען פון דעם פאַרטיי־קאַמף צווישען גרופּעס אידישע רעוואָלוציאָנערען אין אייראָפּע, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט באַזונדערע געדאַנקען־וועלטען וועגען דער אידישער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג. פון די וויכטיגסטע פונקטען אין דעם פאַרטיי־קאַמף איז אויך געווען: די פאַלעסטינע־ריכטונג שטיצט זיך אויף דער „אידישער בורזשואַזיע״, פון וועלכער מען מוז, אָדער מען מוז ניט, אַוועקשטיין. אַב. קאַהאַנ׳ס ענטפער דאַרויף איז — ערשטענס, איז די „אידישע בורזשואַזיע״, וואָס פאַרבינדט זיך מיט׳ן „פאַלעסטיניזם״, פּראָגרעסיוו אין גייסט, און מען מוז ניט אונטער אַלע אומשטענדען אַוועקשטיין פון איר; צווייטענס, איז פאַלעסטינע אַ פאָלקס־האָפנונג. און די אַרבייטער גיבען אין איר אַריין זייער אינהאַלט. און אַ דריטענס איז דאָ — היינט־צו־טאָג איז פאַלעסטינע שוין ניט בלויז אַ האָפנונג, נאָר אויך קאָנקרעטעס: זי איז שוין טיילוויז אויפגעבויט און דוקא פון סאָציאַליסטישע אַרבייטער־כחות. גוטע באַציהונג צו זיי איז שוין אפילו ניט קיין ענין פון טאָלעראַנץ, נאָר פון ברודערשאַפט.

דאָס איז נאָך, אַזוי צו זאָגען, אין פּראָצעס; ניט אַלע קאַהאַנ׳ס תלמידים האָבען עס שוין אויפגענומען; אָבער אַב. קאַהאַן אַליין איז נאָך אין פּראָצעס פון גרויסע דורכלעבונגען צו ווירקען ווייטער אויף זיין געמיינדע.

## פולער גלענצענדער לעבן

און איז דאָס ניט מערקווירדיג? יאָ, ווי מערקווירדיג דאָס איז! דער האַלבער יאָרהונדערט פון געווערקשאַפטען־קאַהאַן, פון געמיינדע און גייסטיגער פירער אין אַ געשלאָסענער איינהייט, ענדיגט זיך מיט וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען — מיט שטרעבען צו אידישער אָנערקענונג, און מיט אַ פעסטער איבערצייגונג, אַז דאָס וועט דערגרייכט ווערען. דאָס איז לעבען, פולער גלענצענדער לעבען.

# דער אידישער אַרבייטער

**פון משרתים ביז מאָדערנע פאַבריק־אַרבייטער**

פון יעקב לעשצינסקי

**אין אַכצענטען יאָרהונדערט**

דער אידישער אַרבייטער איז אַ פּראָדוקט פון די לעצטע 50־60 יאָר. דאָס הייסט ניט, אַז פריער זיינען ניט געווען ביי אידען קיין עלעמענטען, וועלכע האָבען געלעבט אויסשליסליך פון זייער פראַצע, אויסשליסליך פון לוין פאַר אַרבייט. זיינען דאָך שוין אָנהויב 19־טען און אפילו סוף 18־טען יאָרהונדערט געווען ביי אידען אידישע דינסטמיידלאַך, משרתים אין קראָמען און ביי סוחרים, פועלים ביי בעלי־מלאכות און אפילו שוואַרץ־אַרבייטער. די דאָזיגע קלאַסען האָבען געלעבט נאָר פון זייער אַרבייט, אָבער די מערהייט פון זיי איז זעלטען, גאָר־גאָר זעלטען געבליבען אַ לוין־נעמער זיין גאַנץ לעבען. די דינסטמיידלאַך האָבען חתונה געהאַט און געוואָרען באַלעבאָסטעס; די משרתים פלעגען נאָך דער חתונה ווערען זעלבשטענדיגע קרעמער; און די פועלים האָבען נאָך דער חתונה באַקומען רעכט צו ווערען מיטגלידער פון די צעכען און דערמיט אויך דאָס רעכט און די מעגליכקייט צו ווערען באַלעבאַטים. לעבענסלענגליכע פּראָלעטאַריער זיינען געווען זייער אַ זעלטענע ערשיינונג אין אידישען לעבען.

ס'זיינען געווען ביי אידען שוין אָנהויב 19־טען יאָרהונדערט פאַבריק־אַרבייטער, אין פוילען און אין אוקראַינע, אין די צוויי דעמאָלט געדיכטעסטע אידישע קבוצים, כמעט נאָר וועבער, אָבער זייער צאָל איז געווען ביז גאָר קליין — אַ פּאָר הונדערט איןביידע לענדער. אינגאַנצען האָבען די לוין־נעמערישע עלעמענטען דעמאָלט אויסגעמאַכט ביז 20 פּראָצענט פון אַלע אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע, פון אַלע, אלזאָ, פּאַרדינערס. דאָס איז אַ גאַנץ באַדייטענדיגער פּראָצענט, אום צו שפּילען אַ געוויסע ראָלע אין געזעלשאַפטליכען לעבען, אָבער דער באַשטאַנד פון דאָזיגען קלאַס — אַ גרויסער טייל דינסטמיידלאַך; די באַגרעניצטקייט אין צייט פון בלייבען פּראָלעטאַריער, דער נידעריגער קולטור־מצב — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געווירקט, אַז דער דאָזיגער קלאַס האָט קיין שום אָרט ניט פאַרנומען אין אידישען קהל'שען לעבען. און אפילו אין די קאַמפען, וואָס דער בעל־מלאכה האָט געפירט געגען די תקיפים און קהל'שע הערשער, האָט מען ניט געהערט די שטים פון קלאַס, וואָס איז געשטאַנען אויף דער סאַמע נידעריגער סאָציאַלער טרעפּ, כאָטש ער האָט מער פון אַלע געליטען פון די, וואָס האַלטענדיג די קהל'שע בייטש אין דער האַנט זיינען זיי געווען נאָענט צו די אמת'ע מאַכט־האָבער.

צו דער מיט פון 19־טען יאָרהונדערט הויבט זיך אָן אויספיקען אין אידישען לעבען אַן אַרבייטער־קלאַס אין מאָדערנעם זין פון וואָרט, כאָטש ער טראָגט אויף זיך פון אָנהויב אָן און עד היום דעם בפירוש'ען שטעמפּעל פון אייגענאַרטיגען אידישען לעבען. דער אידישער פּראָלעטאַריער איז אַן אָרגאַנישער גליד פון דער אידישער אייגענאַרטיגער עקאָנאָמיק, א כשר קינד פון יענער עקאָנאָמיק, וואָס איז טאַקע געקניפּט און געבונדען מיטן אַרומיגען עקאָנאָמישען לעבען, וואָס איז אָבער אויף אַזוי פיל אָפּגעטיילט און אויסגעטיילט פון גאַנצען אַרום, אַז דאָס ערלויבט צו רעדען וועגען אַן איזאָלירטער אידישער ווירטשאַפט, ריכטיגער וועגען אידישע באַזונדערע אייגענאַרטיגע ווירטשאַפט־סעקטאָרען. רעדט מען וועגען **אידישען** פּראָלעטאַריאַט, אלזאָ וועגען אַ קאָמפּאַקטער אידישער פּראָלעטאַרישער מאַסע, וועגען אַ סאָציאַלען שיכט, וואָס איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אידישען לעבען און איז נאַציאָנאַל געבונדען מיטן גאַנצען אידישען לעבען, מיינט מען דאָך ניט יענע קליינע גרופּעס אידישע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבען זיך אַריינגעריסען אין דער גרויס־אינדוסטריע, וואו זיי ווערען בטל בששים, נאָר יענע געדיכטע פּראָלעטאַרישע מאַסען, וועלכע זיינען קאָנצענטרירט אין דער אידישער קליין־אינדוסטריע, און האַנטווערק און אין אידישען האַנדעל, וואו זיי באַטרעפען די גרויסע מערהייט פון די באַשעפטיגטע פּראָלעטאַריער און בילדען מיט זיך אין געוויסען זין אַ **נאַציאָנאַלען** פּראָלעטאַרישען אָרגאַניזם.

**50־60 יאָר וואַנדערונג**

די גרויסע וואַנדערונגען פון די אידישע מאַסען אין די לעצטע 50־60 יאָר האָבען אויך דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַרער וועלט — ער האָט אָבער אין אַלע לענדער באַהאַלטען זיין „נאַציאָנאַלען" פּנים, זיין אייגענאַרטיגע פּראָפעסיאָנאַלע און

סאָציאַלע סטרוקטור. דער אידישער פּראָלעטאַריער נעמט ווי מיט זיך יענע כאַראַקטעריס־טישע שטריכען, וואָס טיילען אים אויס פון דער אַרומיגער ניט־אידישער פּראָלעטאַרישער משפחה — און אויך אין די פאַראייניגטע שטאַטען, און אין לאָנדאָן, און אין פּאַריז, און אין אַרגענטינע, און אין צענדליגע לענדער, וואו ס׳זיינען אויסגעוואָקסען גרעסערע אָדער קלענערע אידישע פּראָלעטאַרישע קיבוצים, אומעטום טראָגט די קאָמפּאַקטע אידישע פּראָלעטאַרישע מאַסע אויף זיך דעם שטעמפּעל פון יענער סאָציאַלער סביבה, פון וועלכער זי איז געשיכטליך אויס־געוואַקסען. אין די פאַראייניגטע שטאַטען, וואו די אידישע מאַסען־איינוואַנדערונג ציילט שוין איר דריטען דור, איז שוין פאַראַן אַ צווייג פון אידישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך אַרויס־געריסען פון די טראַדיציאָנעלע אידישע פּראָפעסיאָנאַלע ראַמען און האָט זיך איינגעגלידערט אין דער אַרומיגער מערהייט־סביבה — אַלס אַ קליינע מינדערהייט אין דער אַרומיגער פּראָלע־טאַרישער משפחה מוז זי פאַרלירען איר נאַציאָנאַלען פּנים און מוז אויפהערען צו זיין אַ פּאָליטישער און געזעלשאַפטליכער פאַקטאָר אין אידישען נאַציאָנאַלען לעבען.

לאָמיר זען, ווי גרויס איז די אידישע פּראָלעטאַרישע מאַסע אין דער וועלט און וואָס פאַר אַ טייל פון אידישען פאָלק זי מאַכט אויס.

בערך זיינען פאַראַן אין דער וועלט העכער צוויי און אַ האַלב מיליאָן אידישע פּראָלעטאַ־ריער, וועלכע מאַכען אויס ביי 40 פּראָצענט פון אַלע אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע.

צוויי־און־אַ האַלב מיליאָן פּראָ־לעטאַריער

פון די דאָזיגע העכער צוויי און אַ האַלב מיליאָן אידישע פּראָלעטאַריער זיינען פאַראַן בערך אין:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) די פאַראייניגטע שטאַטען | — 800,000 | 6) רומעניע | — — — — — — 100,000 |
| 2) סאָוועט רוסלאַנד | — — — 750,000 | 7) טשעכאָסלאָוואַקיע | — — — — 55,000 |
| 3) פּוילען | — — — — — — 450,000 | 8) ענגלאַנד | — — — — — — 50,000 |
| 4) אונגאַרען | — — — — — — 120,000 | 9) פראַנקרייך | — — — — — — 50,000 |
| 5) ארץ ישראל | — — — — — — 100,000 | 10) אַרגענטינע | — — — — — — 50,000 |

די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון אידישען פּראָלעטאַריאַט זיינען פאָלגענדע: ערשטענס פעלען ביי אידען כמעט אינגאַנצען די לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער. צווייטענס, מאַכען ביי אידען אויס די אָנגעשטעלטע, אַלזאָ די קאָלנער־פּראָלעטאַריער, אַ סך אַ העכערען פּראָצענט, ווי ביי ניט־אידען. דריטענס, איז ביי אידען דער נידריגסטער שטאָק פון די שטאָטישע פּראָלע־טאַריער, די דינסטען, אַ סך שמאָלער, ווי ביי דער אַרומיגער ניט־אידישער באַפעלקערונג. פערטענס, זיינען די אידישע אינדוסטריע־פּראָלעטאַריער קאָנצענטרירט אין די פאַכען, וואָס טראָגען מער און האַלטען איין לענגער דעם האַנטווערק־כאַראַקטער, אַלזאָ אין קליינע אונטער־נעמונגען. ענדליך מאַכען אויס די פרויען אינם אידישען פּראָלעטאַריאַט אַ קלענערען פּראָצענט, ווי ביי ניט־אידען, ווייל ביי אידען בלייבט די פרוי נאָך דער חתונה פיל זעלטענער ביי דער אַרבייט, און, פאַרקערט, די יוגענט מאַכט אויס ביי אידען אַ העכערען פּראָצענט ווי ביי ניט־אידען, ווייל ביי אידען איז גרעסער דער אָפּשטראָם פון עלטערע אַרבייטער צו זעלבשטענדיגע אונטערנעמונגען.

ירושה און צוקונפט

די דאָזיגע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון אידישען פּראָלעטאַריאַט זיינען, פאַרשטייט זיך, אין זעהר אַ פאַרשיידענער פּראָפּאָרציע פאַרגעשטעלט ביי די אידען פון פאַרשיידענע לענדער, אָבער אין אַלגעמיינעם געפינען מיר זיי אומעטום, אפילו אין סאָוועט רוסלאַנד, וואו די לאַגע איז דאָך ראַדיקאַל אַן אַנדערע, ווי אין דער איבעריגער וועלט. ווייל ירושה איז ניט קיין זאַך, וואָס ווערט אַזוי גיך אָפּגעווישט, און ירושה איז ניט נאָר אַ רעזולטאַט פון פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך אַ פ אַ ק ט אָ ר פון צוקונפט. און אויב אידען זיינען געווען פאַר דער סאָוועט רעוואָ־לוציע ווייניג פאַרנומען אין לאַנדווירטשאַפט, גיבען זיי אויך איצט צען מאָל ווייניגער באַ־שעפטיגטע ביי דעם דאָזיגעןווירטשאַפט־צווייג, ווי ניט־אידען. און אויב אידען זיינען געווען פאַר דער רעוואָלוציע אַ סך מער פאַרנומען אין האַנדעל, ווי ניט־אידען, איז ווידער נאַטירליך, אַז צווישען די אידישע פּראָלעטאַריער זאָלען זיין מער אָנגעשטעלטע אין פאַרטייל־אַפּאַראַט, ווי אַרבייטער אין דער אינדוסטריע. און ווייל אידען האָבען געהאַט אַ גרעסערען פּראָצענט בעלי־מלאכות, ווי ניט־אידען, האָבען זיי איצטער אויך אַ העכערען פּראָצענט צווישען די מיטגלידער פון די אַרטעלען, אַלזאָ צווישען די קאָאָפּערירטע זעלבשטענדיגע האַנטווערקער. די אַזוי גערופענע אידישע פאַכען, ווי שניידערייַ, שוסטערייַ, סטאָלערייַ וכדומה זיינען טאַקע מעכאַניזירט און קאָנצענטרירט און די אידישע אַרבייטער פון די געוועזענע שוויך־וואַרשטאַטלעך און שוויך־פאַבריקלעך אַרבייטען אין גרויסע מאָדערנע פאַבריקען, אָבער די דאָזיגע פאַבריקען זיינען פאָרט קלענער פון די גיגאַנטישע מעטאַל־פאַבריקען. געוויס קאָן מען ניט פאַרגלייכען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט פון סאָוועט רוסלאַנד מיט דעם זעלבען פון פּוילען, וואו די אויבען אָנגעוויזענע „נאַציאָנאַלע״ שטריכען קומען אַם בולטסטען צום אויסדרוק; מען קאָן אויך ניט פאַרגלייכען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט פון די פאַראייניגטע שטאַטען ניט מיטן זעלבען פון סאָוועט רוסלאַנד און ניט מיט יענעם פון פּוילען — ער פאַרנעמט אַ מיטל־פּלאַץ: ער איז

געוויס מער מעכאַניזירט און קאָנצענטרירט פונם פוילישען, אָבער גאַנץ ווייט פונם סאָוועט רוסישען. און דאָך קאָן מען געפינען אַ סך „הצד השוה׳ס״ צווישען זיי אַלע. באַזונדערס בולט טרעטען אַרויס ביי אַלע נאָר וואָס באַטראַכטע אידישע פּראָלעטאַרישע גרופּעס די ערשטע דריי כאַראַקטעריסטישע סימנים: גאָר ווייניג לאַנדווירטשאַפטליכע עלעמענטען; אַ הויכער פּראָצענט אָנגעשטעלטע; גאָר ווייניג דינסטען.

## קליינע וואַרשטאַטען

מיר מוזען אונטערשטרייכען, אַז מיר ריידען דאָ אויסשליסליך וועגען פּראָפעסיאָנעלען און סאָציאַלען בוי פון פּראָלעטאַריאַט, אָבער ניט וועגען זיין מאַטעריעלער לאַגע, ניט וועגען זיין לעבענס־סטאַנדאַרד. די דאָזיגע טעמע גייט ניט אַריין אין כלל פון דער דאָזיגער אַרבייט.

איינע פון די אָנגעווייטיגסטע פּראַגען פון אידישען פּראָלעטאַרישען לעבען איז זיין האַנט־ווערקישער כאַראַקטער. אין פּוילען זיינען 83 פּראָצענט פון אַלע אידישע אַרבייטער באַשעפטיגט אין אונטערנעמונגען מיט ווייניגער פון 5 אַרבייטער. און אַזוי איז די לאַגע אין אַלע לענדער פון מזרח־אייראָפּע און אויך כמעט אין אַלע איינוואַנדערונג־לענדער, ווי ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַרגענטינע, א. א. וו. וואו נאָר ס׳בילדעט זיך אַ נייער אידישער פּראָלעטאַרישער צענטער, צי אין נאַנסי (פראַנקרייך), צי אין מאָנטעווידעאָ, צי אין מאַנטשעסטער צי אין בוענאָס־איירעס — אומעטום וואַרפט זיך אין די אויגען די קאָנצענטראַציע פון די דאָזיגע פּראָלעטאַריער אין באַ־שטימטע פאַכען, אין אויסגעשפּראָכען האַנטווערקישע פאַכען, אלזאָ אין אינדוסטריע־צווייגען, פאַר וועלכע די קליינע שוויך־אונטערנעמונג איז דער בולטסטער סימן. מען קאָן כמעט זאָגען, אַז דער אידישער אַרבייטער מיידט אויס די פאַבריק, גייט גערנער און חשק׳ער אין דעם קליינעם וואַרשטאַט. די ערקלערונגען, וואָס ווערען געגעבען דער דאָזיגער ערשיינונג, זיינען פאָלגענדע:

1) די טראַדיציאָנעלקייט פון האַנטווערק (און פון האַנדעל) אין אידישען לעבען האָט געמאַכט פאַרן ערשטען דור אידישע לוין־נעמערס גרינגער צו באַקומען אַן אַרבעט־פּלאַץ אין די צווייגען, וועלכע זיינען געווען קרוב׳יש צו מלאכה אָדער זיינען געווען נאָר אַ המשך אָדער אַ וואַריאַנט פון אַ האַנטווערק־פאַך. ס׳איז דעריבער נאַטירליך, וואָס די אידישע אַרבייטער האָבען זיך אומעטום די ערשטע געזאַמעלט אין דער קליין־אינדוסטריע, וואָס איז ניט מער, ווי אַ וואַריאַנט פון מלאכה. בפרט נאָך, אַז די קליין אינדוסטריע איז אין דער אמת׳ן אַ קאָמבינאַציע פון מלאכה מיט האַנדעל — און דאָס איז שוין גאָר געווען צוגעפּאַסט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון די אידישע אַרבייטער, וועלכע קומען דאָך פון די דאָזיגע צוויי סאָציאַלע גרופּעס.

2) דער אידישער קאַנדידאַט אויף אַ לוין־נעמער איז פיזיש געווען ווייניגער ווי דער דאָר־פישער פּויערים־זון צוגעפּאַסט צו דער פאַבריק־אַרבייט אין איר ערשטע סטאַדיע, ווען זי איז געווען אַ סך שווערער און שמוציגער ווי דער וואַרשטאַט. און ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך פּסיכיש איז דער אידישער קליינבירגערליכער, קליינשטעטעלדיגער בעל־הבית׳שער זון געווען ווייניגער פון דאָרפישען זון פון פאַנשציזנע פּויער צוגעפּאַסט צו דער שקלאַפען־אַרבייט, ווי די פאַבריק־אַרבייט איז געווען אין איר אויפקום־סטאַדיע איידער מען האָט נאָך גאָר געוואוסט פון אַ וועלכער ס׳ניט איז פאַבריק געזעצגעבונג.

## קאָנצענטראַ־ציע פון אידישע אַרבייטער

3) די קאָנצענטראַציע פון די אידישע אַרבייטער־מאַסען אין די מלאכה־צווייגען און פון די ניט־אידישע דאָרפישע מאַסען אין די פאַבריקען איז געוואָרען שפּעטער אַ פאַקטאָר פון צוציען פון יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע עלעמענטען אין די שייכות׳דיגע אינדוסטריע־סעקטאָרען. און שפּעטער ווען די אַרבייט־באַדינגונגען אין די פאַבריקען זיינען געוואָרען פיל בעסער, ווי אין די מלאכה־וואַרשטאַטען, און אידען האָבען זיך גענומען רייסען אין די גרויסע אונטערנעמונגען האָבען זיי שוין געטראָפען אַ געדיכטע ניט־אידישע מאַסע, דורך וועלכע ס׳איז שווער געווען דורכצודרינגען.

4) שבת. אין דער פאַבריק האָט דער אידישער אַרבייטער געמוזט זיך צופּאַסען צו דער מערהייט, און די מערהייט האָט געמוזט זיין אַ ניט־אידישע; ווייל די אידישע מאַסע האָט פּשוט ניט געקענט קוואַנטיטאַטיוו צושטעלען אַזעלכע געדיכטע קאַדרעס פאַבריק־אַרבייטער. חלול שבת איז געווען ניט נאָר אַן עבירה, פאַר וועלכער דער אידישער אַרבייטער פון צוריק מיט 50 אָדער 60 יאָר האָט טאַקע מורא געהאַט, נאָר ס׳האָט אויך באַטייט אַן איבעררייס מיט דער אייגענער סביבה, אַן איינרייס מיט דעם גאַנצען אייגענעם אַרום. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס דער שבת איז נאָך עד היום, כאָטש דער אַרבייטער איז געגוג פריי, אַ שטאַרק שטערענדיגער פאַקטאָר ביים אַריינטרעטען פון אידישע אַרבייטער אין פאַבריק אין פּוילען, אין ליטע, אין רומעניע, אין אונגאַרען און אין אייניגע אַנדערע לענדער. אויף וויפיל שבת איז נאָך אַ רו־טאָג פאַר דער מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, בכן פאַר דער מערהייט פון דעם אַרבייטערס סביבה, הייסט שבת אַרבייטען זיך אָפּזאָגען פון אַלע יענע הנאות און תענוגים, וואָס עס גיט אַ קאָלעקטיווער רו־טאָג.

5) ענדלעך, אידישע פאַבריקאַנטען האָבן באַוואוסטזיניג אויסגעמיטען אידישע אַרבייטער, ווייל דער אידישער אַרבייטער איז געווען מער קלאַסנבאַוואוסטזיניג און פיל אַקטיווער אין קאַמף פאַר בעסערע אַרבייט־באַדינגונגען. און וועגן באַקומען אַרבייט ביי ניט־אידישע פאַבריקאַנטען האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

די אַלע נאָר וואָס אויסגערעכנטע סיבות, ווי גרויס ס׳איז ניט געווען זייער ווירקונג, שעפּן זיי פונדעסטוועגן ניט אויס די פראַגע און קלערן ניט אויף ביזן גרונט. ווייל דאָס נעמען זיך פאַר אַרבייט דוקא אין די האַנטווערקער־וואַרשטאַטען און דאָס עקשנות׳דיגע האַלטען זיך פאַר די דאָזיגע אָפּגעשטאַנענסטע און שרעקליכסטע אַרבייט־פאָרמען איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די אידישע אַרבייטער־מאַסען ניט נאָר אין דער ערשטער סטאַדיע פון אויפקומען פון דער פאַבריק, נאָר אויך אין די לעצטע יאָרען, ווען די בעסערע אַרבייט־באַדינגונגען און העכערע אַרבייט־לוינען אין דער פאַבריק זיינען שוין געוואָרען אַן אַלגעמיינע ערשיינונג. חוץ דעם, האָלט דאָך די דאָזיגע טענדענץ צום קליינעם וואַרשטאַט אין איר קלעם אידישע אַרבייטער־מאַסען ניט נאָר אין די אַלטע געטאָ־ישובים, נאָר אויך אין די פרייע געטאָס פון די איינוואַנדערונג־לענדער. אַ שטיק צייט איז דאָס געווען די קללה פון דער קליידער־אינדוסטריע אין אַמעריקע און אין לאָנדאָן. אינגאַנצען איז מען נאָך פון דער דאָזיגער קללה ניט פּטור געוואָרען: איצט איז דאָס אַ ברענענדע און געפערליכע פראַגע אין פאַריז, וואו דאָס פירט צו אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען אפילו מצד אָרגאַניזירטע לינקע אַרבייטער־פאַראיינען. און מיר טרעפען זיך מיט דער דאָזיגער קללה איבעראַל — אין בוענאָס־איירעס און אין מאָנטרעאָל און אין אַלע איינוואַנדערונגס־שטעט. אין די אַלע איינוואַנדערונגס־לענדער פאַלען דאָך אָפּ אַלע העכער אויסגערעכנטע סיבות, וועלכע האָבן געשיכטליך געבראַכט צו דער קאָנצענטראַציע פון אידישען אַרבייטער־קלאַס אין דעם שוויץ־וואַרשטאַט. געוויס, איז דער איינוואַנדערער ניט קיין טאַבולאַ ראַזאַ, ניט קיין ליידיגער בויגען פּאַפּיר און ער טראָגט מיט מיט זיך אין אַ געוויסען זין זיין גורל, אָבער דאָך זעען מיר אין אַ סך ערטער, אַז דער אידישער אַרבייטער וואַרפט אַוועק די פאַבריק און איילט צוריק אין פינסטערען וואַרשטאַט. אַזוי איז געווען מיט די אידישע אַרבייטער כמעט אין אַלע שטעט פון פראַנקרייך, וואו באַלד נאָך דער מלחמה האָבן זיי געאַרבייט אין פאַבריקען און צוביסלאַך האָבן זיי דאָרטען פאַרלאָזט די פּלעצער און ווידער זיך צונויפגענומען אין די קליינע וואַרשטאַטען פון יענע „אידישע״ פאַכען, וואו זיי פילען זיך היימישער און מונטערער.



היימישער, ווייל מען איז ניט קיין מעכאַניש שרייפעלע, וואָס דרייט זיך אויטאָמאַטיש, וואָס טוט עפּעס אַ פרעמדען רצון; מונטערער, ווייל מען האָט מער האָפנונג זיך אַמאָל אויסדראפען פון דער אַרבייטער־לאַגע און ווערען זעלבשטענדיג. דאָ זייגען מיר אָנגעקומען צו אַ פאַקטאָר, וועלכען די אידישע מאַסען טראָגען מיט זיך פון לאַנד צו לאַנד, וועלכער שטעקט טיף איינגעוואָרצעלט אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די אידישע מאַסען און וואָס נאָר ביי גאָר צווינגענדיגע באַדינגונגען הויבט ער אָן זיך וואַקלען און זיך אונטערגעבען.

ביי דוד פינסקי איז פאַראַן אַ ערציילונג וועגן אַן אַרבייטער פון אַ קליינעם וואַרשטאַט, וועלכער ווערט אַ „גנב״ — ער גנב׳ט ניט קיין סחורה און ניט קיין אינסטרומענטען. ער גנב׳ט פּרייזקוראַנטען פון פירמעס, ביי וועלכע דער בעל־הבית קויפט האַלב־פאַבריקאַטען. ער גנב׳ט די אַדרעסען פון די קונים. אַ „גנב״ ווערט ער ערשט, ווען ער ווערט אַ חתן און פילט זיך שוין ממש ווי אַ גביר מיט די 300 רובל נדן, וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט. מיט 300 רובל קאָן מען דאָך „וועלטען איבערקערען״. דער שטילער און באַשיידענער אַרבייטער ווערט גאָר אַן אַנדער מענש און לעבט שוין גאָר אין אַן אַנדער וועלט — אין דער וועלט, וועלכע מען קאָן מיט 300 רובעל „איבערקערען״, אין דער וועלט פון קליינעם אונטערנעמערעל, וואָס פון עקספּלואַטאַציע פון 2 אָדער 3 אַרבייטער און פון דרייען און האַווען 18 שעה אַ מעת לעת מאַכט ער אַ לעבען און איינעם פון הונדערט און אין די לעצטע יאָרען איינעם פון טויזענט גיט זיך איין אַרויפשפּרונגען אויף אַ גאַנץ הויכער טרעפּ פון סאָציאַלען לייטער.



דער יצר פון שטייגען, צי אַ יצר הרע צי אַ יצר טוב, איז ווי ווער עס שאַצט — דער אינסטינקט פון רייסען זיך אויף אַ העכערער טרעפּ פון סאָציאַלען לייטער, העכער כאָטש אַ ביסעלע, אויב ניט מעגליך גאָר הויך, איז אין דער אידישער קליינבירגערליכער מאַסע, וואָס שטעלט צו די אידישע אַרבייטער, פיל, פיל שטאַרקער אַנטוויקעלט, ווי אין די דאָרפישע מאַסען פון וועלכען ס׳ניט איז פאָלק. זיך דראַפּען אָבער אויפן סאָציאַלען לייטער און שטייגען איז מעגליך נאָר ביי אַ לאַגע פון אַ זעלבשטענדיגען אונטערנעמער. דער קלענסטער און אָרעמסטער אונטערנעמער האָט מער שאַנסען צו שטייגען, ווי דער בעסט באַצאָלטער אַרבייטער. פאַרדינען קאָן מען אָפּט בעסער ווי אַן אַרבייטער פון אַ גרויסער מעטאַל־פאַבריק; האָפען אָבער אויף ווערען זעלבשטענדיג, אויף שטעלען די ערשטע טריט אויף אַזאַ טרעפּ, וואָס עפענט פּערספּעקטיווען אויסצורייסען זיך פון פּראָלעטאַרישען יאָך און אַ שפּרונג־טון צו יענער סאָציאַלער גרופּע, וואו מען קאָן באַקומען אויפטו־פליגלען — אַזאַ האָפנונג גיט גיכער דער קליינער וואַר־

שטאָט, די קליין אינדוסטריע, יענער אינדוסטריע־צווייג, וואו מען קאָן נאָך אפילו אין אונזערע שווערע צייטען „איבערקערען וועלטען״, באַזונדערס אין אַ ניי לאַנד. אַזוי האָבען טאַקע די אידישע קליינע שוויץ־אונטערנעמער אין פּאַריז און אין נאַנסי, אין בריסעל און אין אַנטווערפּען און אין צענדליכע שטעט פון דרום־אַמעריקע זיך נאָך דער מלחמה אַרויפגעאַרבייט און גאָר פיין זיך אויסגעאַרבייט. די מערהייט פון זיי זיינען פריער געווען שוויץ־אַרבייטער אין די שוויץ־וואַרשטאַטען. מיר רופען אָן אויך די וואַרשטאַטען שוויץ־וואַרשטאַטען, ווייל דאָרטען שוויצען און אַרבייטען 16 און 18 שעה אין מעת לעת ניט נאָר די געדונגענע אַרבייטער, נאָר אויך די אונטערנעמער אַליין. ביז, זעלבסטפאַרשטענדליך, מען דערגרייכט אַ געוויסע טרעפּ, ווען מען קאָן שוין לעבען נאָר פון עקספּלואַטאַציע פון פרעמדער־אַרבייט־קראַפט.

געוויס איז דער פּראָצענט פון די ארויפגעדראפּעטע אויף דער הויכער טרעפּ קליין, אָבער האָפען האָפען אַלע און מען גייט פיל גערנער אין קליינעם וואַרשטאַט, ווי אין דער פאַבריק.

אין סאָוועט רוסלאַנד, וואו דער זיסער זעלבשטענדיקייט־חלום און די לוסט צו שטייגען האָבען קיין שום באָדען ניט אונטער זיך, האָבען זיך די אידישע מאַסען ענדגילטיג אונטערגעגעבן און טאַקע אויף אַלע הונדערט פּראָצענט זיך געשטעלט אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט אין אַלע זיינע פאָרמאַציעס. אין פּוילען, וואו דער הונגער טרייבט געוואַלדיג גרויסע אידישע מאַסען צו אַלע פאָרמען פון אַרבייט און אין דעם כלל אויך צו די שווערסטע און שמוציגסטע אַרבייטען, איז אויך דער שטראָם צו דער פאַבריק שטאַרק אויסגעוואַקסען די לעצטע יאָרען. די צאָל אידישע פאַבריק אַרבייטער איז גאַנץ באַדייטענדיג אויסגעוואַקסען, אָבער אין פאַרגלייך מיטן וואוקס פון אידישען קליין־אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט און מיטן וואוקס פון שוואַרץ־אַרבייטער זיינען דאָס נאָך אַלץ קליינע צאָלען.

## געטאָ־עקאָנאָמיק

דער אידישער פּראָלעטאַריאַט פון די נאָר וואָס דערמאָנטע צוויי לענדער — פון פּוילען און סאָוועט רוסלאַנד — שטעלט פאָר מיט זיך די צוויי פּאָליוסען פון דאָזיגען קלאַס: אין פּוילען טראָגט אויף זיך דער אידישער אַרבייטער־קלאַס נאָך דעם שטעמפּעל פון דער אידישער געטאָ־עקאָנאָמיק; אין סאָוועט רוסלאַנד איז ער אין תוך מאָדערניזירט און אָרגאַניש איינגעגלידערט אין דער אַרומיגער פּראָלעטאַרישער משפּחה. אין פּוילען לעבט נאָך דער אידישער פּראָלעטאַריאַט אין אַן איזאָלירטער אידישער סביבה — ער האָט אַרום זיך כמעט נאָר אידען, מיטן ניט־אידישען אַרבייטער טרעפט ער זיך פיל מער ביי פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען, ווי ביי דער אַרבייט. אין סאָוועט רוסלאַנד איז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט, ערשטענס, מער דיפערענצירט און לכן מער פאַרשפּרייט איבער פאַרשיידענע אינדוסטריע־צווייגען און, שנית, אַרבייט ער אין גרויסע פאַבריקען, וואו ער מאַכט אָפּט, גאָר אָפּט אויס אַ מינדערהייט אָדער ער ווערט גאָר בטל בששים. אין די גאָר נייע אידישע פּראָלעטאַרישע צענטערען, ווי פּאַריז, בוענאָס־איירוס, בריסעל, איז די לאַגע זעהר ענליך צו דער פון פּוילען. אין די פאַראייניגטע שטאַטען איז די לאַגע פיל נאָענטער צו דער פון סאָוועט רוסלאַנד.

## נוטס אין דער שלעכטס

„אין רע בלא טוב״ — אין יעדער נעגאַטיווער ערשיינונג איז פאַראַן אויף עפּעס גוטס. וואָלטען די אידישע פּראָלעטאַריער אומעטום געווען צעוואָרפען און צעבראָקעלט איבער אַלע ווערטשאַפט־אָפּטיילען אוןווירטשאַפט־צווייגען און וואָלטען זיי געווען באַשעפטיגט אין די גרויסע פאַבריקען, וואו זיי וואָלטען געמוזט אויסמאַכען אַ נישטיגען פּראָצענט, וואָלטען זיי אויך אין נאַציאָנאַל־קולטורעלען זין געמוזט צעשטויבט און צעריסען ווערען. איצט, פאַרקערט, בילדען זיי אין דער אינדוסטריע, אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זיינען דער עיקר קאָנצענטרירט און צונויפגענומען אין באַשטימטע אָפּטיילען און צווייגען און אין אַ באַגרעניצטער צאָל פאַכען, אַ געדיכטען נאַציאָנאַלען מאַסיוו, וואָס שאַפט אַ גוטע באַזע פאַר אידישער קולטורעלער אַרבייט. און ביי די איצטיגע אויסנאַם־באַדינגונגען פון די אידישע מאַסען אין די פאַשיסטישע און האַלב־פאַשיסטישע לענדער איז די דאָזיגע אידישע איזאָלירטקייט און געטאָ־אַרטיגקייט אַ שטיקעל רפואה אויך אין זין פון עקאָנאָמישער זעלבסטשוץ. ס'איז פיל שווערער אַרויסשטויסען די הונדערטער טויזענדער אידען, וואָס זיינען פאַרנומען אין די צענדליגע טויזענטער וואַרשטאַטען און קליינע פאַבריקלאַך, ווי ליקווידירען די פאָר צענדליג טויזענט אידישע אַרבייטער פון דער גרויס־ און מיטל־אינדוסטריע. אונגאַרען איז געווען געצוואונגען אָפּשאַפען לגבי די וואַרשטאַטען מיט ווייניגער פון 5 אַרבייטער דעם געזעץ, וואָס באַגרעניצט די צאָל אידישע באַשעפטיגטע מיט 20 פּראָצענט. נאָך שווערער וועט זיין פאַר דער פּוילישער רעגירונג צו פירען אַ קאַמף מיט די העכער 400 טויזענט אידען, וואָס זיינען פאַרנומען אין די 200 טויזענט וואַרשטאַטען און פאַבריקלאַך, וואו ס'ווערען פּראָדוצירט אָדער עקספּאָרט־אַרטיקלען אָדער נויטיגסטע סחורות פאַרן אינוויינינגסטען מאַרק.

# אויף פונקטען פון געפאַר

**אינערליכע שטורעמס**
**אין די יוניאָנס**

## פון מאָרים פיינסטאָן

עס איז די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אויסגעקומען דורכצומאַכען זעהר שטורמישע טעג אין אַלע יאָרען פון איר לעבען. כסדר איז זי געווען אויף אַ וועג מיט פאַסטקעס און דערנער. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך פאַר אַן אָרגאַניזאַציע ווי די געווערקשאַפטען. יעדען טאָג איז איר אויסגעקומען צו רופען נידערגעשלאָגענע און איבערגעשראָקענע אַרבייטער צו אָרגאַניזירען זיך. דאָס האָט געמיינט ניט בלויז שלאָגען זיך מיט די בעלי־בתים פאַר בעסערע אַרבייטס באַדינגונגען, נאָר אויך שלאָגען זיך מיט פאָליטישענס און מיט פאָליציי. און פאַר דער געווערקשאַפטען איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ זאַך ווי פאַרענדיגט די אַרבייט — אויסגעקעמפט, און רוען. מיר האָבען, אָבער, געהאַט אינערליכע שטורעמס, רוישיגע שטרייטען פון פראַקציעס אין יוניאָנס, וואָס האָבען אונז געהאַלטען אין געפאַר. איך וועל דאָ מאַכען אַ פאַרזוך צו באַהאַנדלען זיי נאָר אויף וויפיל זיי האָבען געהאַט צו טאָן דירעקט מיט די געווערקשאַפטען.



די יאָרען פון 1894 ביז 1897 זיינען געווען קריטישע. אַ חוץ דעם קריזיס פון 1893, זיינען דאָס געווען יאָרען פון שפּאַלטונגען. עס האָבען זיך געגרינדעט אָפּאָזיציעס געגען דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, געגען דער שניידער יוניאָן און אַנדערע. די דעמאָלסדיגע יוניאָנס זיינען נאָך געווען שוואַכע און די געווערקשאַפטען האָט געהאַט אַ סך צו טאָן זיי צו שטיצען, אָבער ווען די אָפּאָזיציעס זיינען געקומען האָט די אַרבייט טיילמאָל אויסגעזען ווי אַ האָפּנונגסלאָזע.

אין יענער פעריאָדע איז דע־ליאָן אָנגעקומען אין דער אידישער אַרבייטער־וועלט. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט דעם אַרבייטער־אָרדען „די נייטס אָוו לייבאָר". אַלע אידישע אָפּאָזיציעס האָבען באַלד זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם „ניו יאָרק'ער דיסטריקט 49 פון דעם אָרדען", און אַ קאַמף צווישען איין יוניאָן און אַ צווייטער איז געוואָרען אונפאַרמיידליך. לאַנג איז דע־ליאָן ניט געווען אין דער „נייטס אָוו לייבאָר". ער האָט זיך צעקריגט מיט'ן אַרבייטער פירער, סאָווערן, וועלכער איז ערוויילט געוואָרען, אין יאָר 1895, אַלס פרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע. דע־ליאָן איז אַרויס פון איר, און מיט אים זיינען מיטגעגאַנגען די אידישע יוניאָנס. שפּעטער איז געקומען דער קאַמף צווישען דער „נייטס אָוו לייבאָר" און דער אַמעריקען פעדערייששאָן אָוו לייבאָר, און געקומען איז אויך דע־ליאָנ'ס קאַמף מיטביידען, דורך זיין אָרגאַניזאַציע „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַלאַיענס", און די גאַנצע אידישע יוניאָן־וועלטעלע האָט דעמאָלט געהאַלטען ביים אָפּגעווישט ווערען פון דער וועלט.

דע־ליאָנ'ס אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעשטעלט אָפּאָזיציעס געגען געווערקשאַפטען־יוניאָנס. זי איז געגאַנגען מיט אַזאַ טעטיגקייט אויף דער גאַנצער ליניע. ווען די סיגאַרמאַכער יוניאָן האָט גערופען אַ סטרייק, איז געקומען דע־ליאָנ'ס „אַלאַיענס" מיט אַן אייגענער סיגאַרמאַכער יוניאָן, וועלכע האָט געשיקט אירע מעמבערס פאַרנעמען די פלעצער פון די סטרייקערס; ווען ניו יאָרק'ער מאַשיניסטען פון דער אַמעריקען פעדערייששאָן אָוו לייבאָר האָבען געסטרייקט, האָט די „אַלאַיענס" באַזאָרגט די בעלי־בתים מיט מאַשיניסטען. אָט דער סאָרט ברעכערישע אַרבייט האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע אומצופרידענהייט ביי די אידישע אַרבייטער. זיי האָבען אָנגעהויבען פּראָטעסטירען געגען דער סקעבעריי. דער פּראָטעסט איז געקומען צו עפענטליכען אויסדרוק, ווען די „אַלאַיענס" האָט געגעבען אַ באַפעל צו אירען אַ פיינטערס לאָקאַל צו פאַרנעמען פלעצער פון סטרייקענדע פיינטערס פון דער געווערקשאַפטען און פון דער א. פ. אָוו ל. די פיינטערס האָבען זיך ענטזאַגט דאָס צו טאָן. דער לאָקאַל איז סוספּענדירט געוואָרען פון דער „אַלאַיענס", עס האָט זיך אָנגעהויבען די ירידה פון דער גאַנצער „אַלאַיענס"־באַוועגונג, אָבער די געווערקשאַפטען איז אויך געווען אַ צו'הרג'עטע.



אין יאָר 1896 איז פאָרגעקומען דער קאַמף פון די „פאָרווערטסיסטען" געגען דער ס. ל. פּ. — דע־ליאָנ'ס פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. די אידישע מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ. האָבען זיך צווטיילט אויף צוויי באַזונדערע לאַגערען. איין פראַקציע איז באַשטאַנען פון די אַזוי־גערופענע לאָיאַלע מיטגלידער, וועלכע האָבען געהאַלטען מיט דע־ליאָנ'ען, און וועלכע זיינען פאַרבליבען

מיט דער ס. ל. פּ. און די צווייטע פראַקציע איז באַשטאַנען פון די „פאָרווערטסיסטען", וועלכע האָבען אין אַפּריל 1897 געגרינדעט דעם „פאָרווערטס". דער קאַמף צווישען די צוויי פראַקציעס איז אָנגעפירט געוואָרען אין יעדער אידישער יוניאָן פון ניו יאָרק, און דורך דעם אין די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. דער רעזולטאַט פון יענעם קאַמף איז געווען, אַז אין די געווערקשאַפטען זיינען פון 25 יוניאָנס פאַרבליבען בלויז דריי. אַ גרופּע פון די יוניאָנס, וואָס האָבען דעמאָלט פאַרלאָזען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, האָט געגרינדעט אַ נייע צענטראַל־קערפּערשאַפט, אַן אָפּאָזיציע, די „היברו פעדערייטעד טריידס".

אין יאָר 1900 זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פאַרטרעטער פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען מיט פאַרטרעטער פון דער „היברו פעדערייטעד טריידס", און נאָך אַ ריי פאַרהאַנדלונגען האָבען ביידע קערפּערשאַפטען זיך פאַראייניגט אונטער דעם אַלטען נאָמען „פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען". די צאָל יוניאָנס אין דער ווידער־אַמאָל פאַראייניגטער קערפּערשאַפט איז גלייך צוריק אַרויף צו איין און צוואַנציג.

## „אינדאָסטריעל וואָרקערס" קומען

איידער ס'איז געווען אַ געלעגענהייט אָפּצואָטעמען פון אָט־די שטרייטען און אָפּאָזיציעס, איז ערשינען אַ נייע געפאַר פון שפּאַלטונגען. ס'האָט זיך באַוויזען די „אינדאָסטריעל וואָרקערס אָוו די וואָרלד". די נייע באַוועגונג האָט באַלד אַרומגעכאַפּט אַ סך געווערקשאַפטען יוניאָנס. די א. וו. וו. איז רעקלאַמירט געוואָרען אַלס אַ העכסט פּראָגרעסיווע באַוועגונג, אַלס אַן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַרבונדען מיט די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט. דאָס, האָבען אירע פאָרשטייער גע'טענה'ט, וועט שאַפען אַ מעכטיגען פּראָלעטאַרישען כח, וואָס וועט אין אַ קורצע צייט אָפּשאַפען אַלע עקאָנאָמישע צרות פון די אַרבייטער און וועט זיי באַפרייען אויך פּאָליטיש. דאָס האָט אָפּעלירט צו אידישע אַרבייטער. עס איז אָבער באַלד געוואָרען אַ פלאַקערדיגע ברודער־מלחמה, ווידער יוניאָן געגען יוניאָן. עס איז געקומען צו אַ קאָנווענשאָן פון דער נייער באַוועגונג. די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען. די געווערקשאַפטען האָט די איינלאַדונג גרינדליך דיסקוטירט, און באַשלאָסען ניט אנטייל צו נעמען, הגם דער אידעאַל פון אינדאָסטריעלע יוניאָנס האָט שטאַרק אַפּעלירט צו פירער פון אַלע ניו יאָרקער אידישע יוניאָנס. מען האָט זיך געשראָקען, אַז עס זאָל זיך נאָכאַמאָל ניט ווידערהאָלען די געשיכטע מיט די אָפּאָזיציאָנס־יוניאָנס, וועלכע די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַלאַיענס" האָט געהאַט געגרינדעט, און וואָס האָט געפירט צו שעדליכע רעזולטאַטען פאַר די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער, און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און די א. וו. וו. האָט זיך אַליין געשפּאָלטען אויף צוויי פראַקציעס. דאָס האָט פּאַסירט ביי איר דריטער קאָנווענשאָן אין יאָר 1907, אין שיקאַגאָ. די צוויי פראַקציעס זיינען באַשטאַנען פון די, וואָס האָבען געוואָלט, אַז אויך פּאָליטישע אַקציע זאָל אַריינגעשריבען ווערען אין דער פּרינציפּען ערקלערונג פון דער א. וו. וו., און פון די, וועלכע זיינען געווען געגען אַזאַ פּונקט. די געגנער זיינען געווען סינדיקאַליסטען, און האָבען געהאַט די מערהייט ביי דער קאָנווענשאָן. דער באַשלוס איז געווען אויף זייער זייט. צווישען זיי זיינען געווען די באַקאַנטע ראַדיקאַלע אַרבייטער פירער, וויליאַם הייוואוד, עליזאַבעט פלין, דזש. עטטאָר, א. דזשאוואַניטי, טרעסקאָ און אַנדערע. אויף דער זייט פאַר פּאָליטישע אַקציע זיינען געווען דע־ליאָן און אַנדערע סאָציאַליסטישע דעלעגאַטען.

באַלד נאָך דער קאָנווענשאָן האָבען ביידע פראַקציעס געשיקט אָרגאַנייזערס אין ניו יאָרק אָרגאַניזירען יוניאָנס. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אינדוסטריעלע יוניאָנס פון בעקער אַרבייטער, קלאָוקמאַכער, מוזיקער, אייזען־אַרבייטער, ווייט גודס־אַרבייטער, ליידיס ווייסט־מאַכער, ליידיס טיילאָרס, קעפּמאַכער און אַנדערע, וועלכע זיינען געווען דירעקטע אָפּאָזיציעס צו עקזיסטירענדע געווערקשאַפטען־יוניאָנס. די אָפּאָזיציעס האָבען געשטעלט אין געפאַר די עקזיסטענץ פון יעדער געווערקשאַפטען־יוניאָן.

## שלאָסבערג און זיגמאַן

די געווערקשאַפטען האָט צוערשט זיך געווענדעט צו דער פירערשאַפט פון דער א. וו. וו. אָפּצושטעלען די ברעכערישע אַרבייט. עס האָט ניט געהאָלפען. אַלע פרידליכע פאַרזוכען זיינען צוריקגעוויזען געוואָרען. די געווערקשאַפטען איז געצוואונגען געוואָרען צו ערקלערען אַן אָפענעם קריג כדי צו ראַטעווען אירע יוניאָנס. די באַקאַנטע אידישע אַרבייטער פירער יוסף שלאָסבערג און מאָריס זיגמאַן, ביידע מיט טייערע רעקאָרדס אין דער אַרבייטער באַוועגונג, ביידע פון דעם שענסטען טיפּ אידעאַליסטען, זיינען דעמאָלט געווען צווישען די אָפּאָזיציאָנערען.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז עס איז איינגעשטעלט געוואָרען אָרדנונג. די א. וו. וו. האָט אָנגעהויבען צופאַלען. די געווערקשאַפטען האָט ווידער אַמאָל זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט צו אָרגאַניזירען נייע און רעאָרגאַניזירען אַלטע יוניאָנס. די אַרבייט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע. יוניאָנס זיינען געוואַקסען, סטרייקס זיינען ערפאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרען. מען קען מיט זיכערקייט זאָגען, אַז די יאָרען פון 1907 ביז אַ צאָל יאָרען אַרויף זיינען געווען

די קאָנסטרוקטיוּוסטע. די בעקער יוניאָנס, קלאָוקמאַכער יוניאָנס, די לײדיס גאַרמענט וואָרקערס בכלל, די מענער־שנײדער יוניאָנס, און אַ צאָל אַנדערע זײנען גוט אײנגעפונדעוועט געוואָרען.

און עס איז געקומען צו דער שפּאַלטונג אין דער יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן. די שנײדער האָבען רעוואָלטירט געגען דער פירערשאַפט פון דער יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, און געגרינדעט די אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדינג וואָרקערס יוניאָן. דאָס האָט שוין פאַראורזאַכט גאָר אַ באַזונדערען שטורם אין די געווערקשאַפטען.

אגב, דאַרף פאַרצײכענט ווערען, אַז די געווערקשאַפטען האָט באַשאַפען די יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס. די געווערקשאַפטען האָט צונויפגענומען די שנײדער־יוניאָנס אין אָט־דעם פאַרבאַנד. ער איז, אָבער, באַלד אַרויס פון דער אומגעבונג פון דער געווערקשאַפטען.

### דער קאַמף מיט די „גאַרמענט וואָרקערס"

ווען די שפּאַלטונג איז געקומען, און די אַמאַלגאַמעיטעד איז געבאָרען געוואָרען, האָט די געווערקשאַפטען זיך געשטעלט אויף דער זײט פון דער אַמאַלגאַמעיטעד. דאָס האָט פאַראורזאַכט, אַז די ניו יאָרקער צענטראַלע קערפּערשאַפטען פון דער אַמעריקען פעדערײשאַן אָוו לײבאָר זאָלען אויפנעמען אַ קאַמף געגען דער געווערקשאַפטען און אַלץ איז פון זײ געטאָן געוואָרען די געווערקשאַפטען צו פאַרניכטען. די סענטראַל פעדערײטעד יוניאָן, אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, פון די יוניאָנס פון ניו יאָרק און אומגעגענד, האָט געלײגט די געווערקשאַפטען אין חרם דערפאַר וואָס די געווערקשאַפטען האָט אַנטזאַגט אויסצושליסען פון אירע רײען די אַמאַלגאַמעיטעד לאָקאַלס. אין מאָנאַט דזשון, 1915, האָט די סענטראַל פעדערײטעד יוניאָן אויפגעפאָדערט אַלע אירע יוניאָנס וואָס זײנען געווען אָנגעשלאָסען אָן די געווערקשאַפטען, אַז זײ זאָלען צוריקציען זײערע דעלעגאַטען, פאַרלאָזען די געווערקשאַפטען. דאָס האָבען געטאָן אַלע צענטראַלע קערפּערשאַפטען פון גרויס ניו יאָרק. (דעמאָלט איז געווען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט אין יעדער באָראָ פון שטאָט). זײ האָבען אָנגעפירט אַ פאַרביטערטען קאַמף צוזאַמען מיט דער יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס געגען דער אַמאַלגאַמעיטעד, און געגען די געווערקשאַפטען.

די געווערקשאַפטען, געשטיצט פון אַלע אירע יוניאָנס, האָט זיך ניט געבויגען. די סענטראַל פעדערײטעד יוניאָן און די יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס האָבען זיך געווענדעט צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר, אַז די געווערקשאַפטען זאָל אויסשליסען די אַמאַלגאַמעיטעד לאָקאַלס און אַנערקענען די יונײטעד גאַרמענט וואָורקערס לאָקאַלס. די געווערקשאַפטען האָט דעם פאַרלאַנג אַנטזאַגט.

אין מאָנאַט נאָוועמבער, 1915, איז א. י. שיפּלאַקאָף, דער דעמאָלסדיגער סעקרעטאַר פון די געווערקשאַפטען, דעלעגירט געוואָרען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין סאַן־פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניע. דאָרט האָט ער אין דעם נאָמען פון די געווערקשאַפטען אָנגעווענדעט אַלע זײנע כחות צו באַוועגען די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר, אַז אַ קאָמיטע פון דעם עקזעקוטיוו קאָונסיל, זאָל פון סעמועל גאָמפּערס באַשטימט ווערען, און אַז די קאָמיטע זאָל אויסהערען די אַמאַלגאַמעיטעד און אַזוי באַזײטיגען די אורזאַכען פון דער שפּאַלטונג, און אַ פאַראײניגטע שנײדער יוניאָן זאָל ווידער געשאַפען ווערען.

סעמועל גאָמפּערס האָט אַרויסגעוויזען פרײנדליכקײט און אַ ווילען אַזאַ קאָנפערענץ צו רופען. ער האָט וועגען דעם געמעלדעט טאָמאַס ריקערטען, דעם פּרעזידענט פון דער יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן. אויך ריקערט האָט אַרויסגעוויזען אַ ווילען צו באַגעגענען זיך מיט דער אַמאַלגאַמעיטעד, אָבער נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַראַטען מיט אײניגע פּרעזידענטען פון אַנדערע אינטערנײשאָנאַלס, צווישען זײ דזשאָן ל. לואיס, פון די מײנערס, האָט ער זיך אַנטזאַגט צו באַגעגענען מיט אַ קאָמיטע פון דער אַמאַלגאַמעיטעד. ער האָט געפאָדערט אַז פריער זאָלען אַלע שנײדער לאָקאַלס אָהן אירגענד וועלכע קאָנדיציעס צוריק אַרײן אין דער יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס, און ערשט דעמאָלט וועט די יונײטעד גאַרמענט וואָרקערס אויסוויילען אַ קאָמיטע אויסצוהערען די טענות פון די שנײדער.

### שיפּלאַקאָוו און דזשאַן לואיס

אַזוי ווי דזשאַן ל. לואיס איז געווען אַן אָנגעזעענער דעלעגאַט בײ דער א. פ. אָוו ל. און האָט געהאַט גרויס אײנפלוס, האָט שיפּלאַקאָף מיט אים קאָנפערירט און געבעטען בײ אים, אַז ער זאָל באַאײנפלוסען די גאַרמענט וואָרקערס, אַז זײ זאָלען צושטימען צו אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל האָבען די אויפגאַבע צו מאַכען שלום. לואיס'עס ענטפער איז געווען: „צו וואָס דאַרף מען אַ אידישע געווערקשאַפטען? פאַרוואָס ניט אַ קאַטוילישע, פּראָטעסטאַנטישע, אָדער אַנדערע געווערקשאַפטען? פאַרגעסט מר. שיפּלאַקאָף, אַז איר זײט דאָס אויסדערוויילטע פאָלק."

צוליב דעם האָט שיפּלאַקאָף באַלד אויפן אָרט אָנגעשריבען, און פאַרעפענטליכט אַ בראָשורע: „פאַרוואָס אַ פאַראײניגטע אידישע געווערקשאַפטען?" און ער האָט זי פאַרנאַנדער געטײלט צווישען די דעלעגאַטען בײ דעם א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן.

דער קריג איז אָנגעגאַנגען ווייטער. פאָרענדיג צוריק פון סאַן פראַנציסקאָ, האָט שיפלאַקאָף באַזוכט אַלע גרעסערע שניידער־צענטערס איבערן לאַנד און אומעטום אויפגעטראָטען אין די אינטערעסען פון דער אַמאַלגאַמעיטעד, אַדרעסירט גרויסע שניידער־פאַרזאַמלונגען. שיפלאַקאָף אַלס סעקרעטאַר פון די געווערקשאַפטען און סאָציאַליסטישער אַסעמבלימאַן, (ער איז יענעם יאָר ערוויילט געוואָרען צו דער ניו יאָרקער שטאַט לעדזשיסלייטשור), האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די שניידער אין שיקאַגאָ, וואו אַ גרויסער סטרייק איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען. שיפלאַקאָף האָט דאָרטען געוואונען אַ סך פריינט פאַר דער אַמאַלגאַמעיטעד.

באַלד נאָכדעם האָט די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר אַרויסגעשיקט אַ בריף צו אַלע יוניאָנס און אויפגעפאָדערט זיי, אַז זיי זאָלען פאַרלאָזען די געווערקשאַפטען. דאָס איז געווען מער ווי אַן אויפפאָדערונג. עס איז געווען אַ וואָרנונג, אַז ווען די יוניאָנס וועלען עס ניט אויס־פאָלגען, וועלען זיי אויסגעשלאָסען ווערען פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. דאָס האָט געשאַפען זעהר אַ שווערע לאַגע פאַר אַלע אונזערע יוניאָנס. די עקזיסטענץ פון א סך פון די יוניאָנס איז געווען אָנגעוויזען אויף דער הילף פון דער א. פ. אָוו ל. און אין אַ ספּעציעל שווערער לאַגע איז געשטעלט געוואָרען די אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען.

### קאָמפראָמיס מיט אַמאַלגאַ־מעיטעד

אַ ספּעציעלער מיטינג פון די געווערקשאַפטען איז גערופען געוואָרען. די געווערקשאַפטען האָט באַטראַכט דעם אַמאַלגאַמעיטעד־קאַמף פאַר איר אייגענעם קאַמף. דער רעזולטאַט פון דעם היסטאָרישען מיטינג איז געווען: „זאָל קומען וואָס איז, מיר בלייבען מיט דער אַמאַלגאַמעיטעד”. די יוניאָנס האָבען זיך אַנטזאַגט נאָכצוקומען די פאָדערונג פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

וויסענדיג אַז די געווערקשאַפטען און אירע יוניאָנס זיינען מיט איר, זיינען די אַמאַלגאַ־מעיטעד פאָרשטייער איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפראָמיס כדי די יוניאָנס, וועלכע האָבען איינ־געשטעלט אַלעס אין קאָן צו העלפען איר, זאָלען צוליב דעם ניט אונטערגראָבען זייער עקזיסטענץ. זיי האָבען פרייוויליג זיך צוריקגעצויגען פון די געווערקשאַפטען און דערמיט באַפרייט די יוניאָנס פון דער פאָדערונג פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. אין דערזעלבער צייט האָט די געווערקשאַפטען זיך אַנטזאַגט צו האַלטען ביי זיך לאָקאַלס פון די גאַרמענט וואָרקערס.

אין אַ געדריקטער שטימונג האָט די געווערקשאַפטען זיך פאַראָפשיידעט מיט די אַמאַלגאַ־מעיטעד־לאָקאַלס. ביי דעם זעלבען מיטינג פון אָפשייד האָט די געווערקשאַפטען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, ערקלערענדיג, אַז די געווערקשאַפטען בלייבט מיט דער אַמאַלגאַמעיטעד אין איר קאַמף, און וועט אַלעמאָל באַטראַכטען די אַמאַלגאַמעיטעד אַלס אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַרבונדען מיט איר. און די רעזאָלוציע איז דורכגעפירט געוואָרען געטריי. די גאַרמענט וואָרקערס האָבען נאָר געוואונען טעכניש, און אינגאַנצען פאַרלאָרען מאָראַליש. די אַמאַלגאַ־מעיטעד איז אויסגעוואָקסען אַ גרויסער עקאָנאָמישער כח, און די געווערקשאַפטען האָט דערצו אַ סך ביי געטראָגען.

נאָך דער וועלט מלחמה און דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע זיינען די קאָמוניסטען געוואָרען טעטיג אין אַמעריקע. באַלד פון אָנפאַנג אָן האָבען זיי זיך פאַרשוואָרען איבערצונעמען די יוניאָנס צו נוצען זיי אַלס וועקצייג פאַר קאָמוניסטישע צוועקען. זיי האָבען באַשלאָסען צו פאַרוואַנדלען די יוניאָנס אין קאָמוניסטישע ברענטשעס, וואָס זאָלען זיין אונטערוואָרפען דער דיסציפלין און קאָנטראָל פון זייער פאַרטיי.

### אָנהויב פון קאָמוניסטען־קאַמף

דאָס איז זיי ניט געווען לייכט דורכצופירען, און זיי האָבען טאַקע ניט דורכגעפירט. מען האָט ניט געקענט קומען צו אַלע איינגעפונדעוועטע יוניאָנס און זאָגען צו זיי: „שליסט זיך אָן אָן דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, און שטייט איר צו דינסט”. די יוניאָנס האָבען דאָך געהאַט אַנדערע פאַרבינדונגען, צו וועלכע זיי האָבען געהאַט צוטרויען און אָבליגאַציעס. דאָס זיינען געווען פאַרפליכטונגען צו דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און צו די געווערקשאַפטען, וואָס האָט זיי געבויט. די פירער פון די געווערקשאַפטען האָבען זיך ערוואָרבען רעספּעקט, צוטרויען. סתם מיר ניט, דיר ניט, האָט מען ניט געקענט זיי באַזייטיגען צו קענען פאַרכאַפען די יוניאָנס.

האָבען די קאָמוניסטען אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג פון אונטערגראָבען דעם צוטרויען פון די אַרבייטער צו זייערע באַאַמטע אין די יוניאָנס. זיי האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט דער לוסט פון רויב־פויגלען. גלייך זייער ערשטער אַרויסטריט איז געווען אַ פראָפּאַגאַנדע פון שקר, פאַרלוימדונגען און פאַרראַט. אויף אַ געוויסענלאָזען אופן האָבען זיי געשאָטען ליגענס און בלבולים אויף די פירער פון די אַרבייטער און האָבען ציניש פאַרלאַכט די הייליגסטע באַציאונגען פון די אַרבייטער צו זייערע יוניאָנס. די מוחות פון אַ סך אַרבייטער זיינען צוטומעלט געוואָרען און דאָס האָט אַריינגעבראַכט דעמאָראַליזאַציע אין דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט גלייך באַגריפען די צילען פון די קאָמוניסטען און האָט די אַרבייטער־באַוועגונג געוואָרענט.

דער פּראָטאָקאָל פון די געווערקשאַפטען פון אָקטאָבער דעם 31־טען 1921 לעזט זיך ווי פאָלגט:

## מאַקס פּיינ׳ס אַן ערקלערונג

„עס ווערט פאָרגעלעזען אַן איינלאַדונג פון די קאָמוניסטען, וואָס גיבען אַרויס אַ וואָכעד צייטונג מיטן נאָמען „עמעס". זיי רופען אַ קאָנפערענץ פאַר דעם צוועק אַרויסצוגעבען אַ טעגליכע צייטונג. עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ דעבאַטע, אין וועלכער עס איז באַוויזען געוואָרען, אַז די „עמעס"־לייט האָבען זיך געמאַכט פאַר זייער אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטען מיסטרויען אין די יוניאָנס. עס ווערט איינשטימיג באַשלאָסען קיין איינטייל אין דעם קאָנפערענץ ניט צו נעמען, און אויך צו געבען אַן עפענטליכע ערקלערונג פאַרוואָס די געווערקשאַפטען וויל מיט יענע לייט און מיט זייער באַוועגונג ניט האָבען וואָס צו טאָן."

די ערקלערונג, געשריבען פון מאַקס פּיין, דעם דעמאָלטדיגען סעקרעטאַר, האָט קלאָר געמאַכט די שטעלונג פון די געווערקשאַפטען. איך גיב דאָ בלויז איבער אייניגע אויסצוגען, וואָס כאַראַקטעריזירען יענע טעג:

„פאַר די לעצטע פאַר יאָר האָט די אַרבייטער באַוועגונג דורכגעלעבט אַ צייט, וואָס האָט געפאָדערט די גרעסטע אָנשטרענגונגען פון אַלע געווערקשאַפטען־יוניאָנס געגען קלענערע און גרעסערע בעלי־בתים, וועלכע האָבען זיך באַנוצט מיט דער שווערער כמאַרע פון דער רעאַקציע און האָבען זיך געוואָרפען אויף אונזערע אָרגאַניזאַציעס מיט אַן אומבאַשרייבליכער רציחה."

„אין דיזער צייט האָבען די אַזוי גערופענע „רעטער פון פּראָלעטאַריאַט", די, וואָס ווילען אונז אַראָפּברענגען משיח׳ן מיט געוואַלד, ניט אויפגעהערט צו גיסען גיפט אויף די וויכטיגסטע טוערס פון דער אַרבייטער באַוועגונג. אין זייער וועכענטליכער צייטונג, וואָס האָט פריער זיך גערופען „קאַמף" און איצט „עמעס" האָבען זיי קיין איין שלעכטען וואָרט ניט געהאַט אויסצוזעצען געגען די, וואָס עקספּלואַטירען די אַרבייטער."

„מיט חוצפּה, וואָס כאַראַקטעריזירט אַזוי בולט די חברה, האָבען זיי זיך פאַרמאָסטען צו פאַרניכטען דעם צוטרויען פון די אַרבייטער צו זייערע יוניאָנס."

די ערקלערונג גיט נאָכדעם איבער די אינטריגעס מיטן טעראָר, וואָס די קאָמוניסטען ווענדען־אָן, און ענדיגט זיך מיט אַ רוף צו די אַרבייטער ניט צו באַטייליגען זיך אין דער קאָנפערענץ.

## די יוניאָנס צערודערט

פאַר אַ צייט איז די קאָמוניסטען געלונגען איבערצונעמען אייניגע יוניאָנס, אָבער זעהר שנעל האָבען זיך די מיטגלידער איבערצייגט ווי ווייניג די קאָמוניסטען אינטערעסירט יוניאָן־טעטיגקייט. דאָס האָט זיך צום בעסטען אַרויסגעוויזען, ווען זיי זיינען געווען די פירער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אַ יאָר צייט האָבען די קאָמוניסטען געהאַט די יוניאָן אין זייערע הענט. זיי האָבען געהאַט די בעסטע געלעגענהייטען צו צייגען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז זיי מיינען צו זיין געטריי און איבערגעגעבען די אינטערעסען פון דעם טעגליכען קאַמף פון די אַרבייטער. אָבער וואָס האָבען זיי יאָ באַוויזען? זיי האָבען די יוניאָן כמעט אין גאַנצען רואינירט, די אַרבייטער אינטערעסען אין די שעפער פּשוט פאַרראַטען, אַריינגעבראַכט אין די אַרבייטער־רייען כוליגאַנסטווע.

זיי האָבען אַריינגעשלעפּט דעם קלאָוק־טרייד און דעם פאַר־טרייד און אַ סך אַנדערע טריידס אין אומנויטיגע סטרייקס. די אַרבייטער באַוועגונג איז דורך זיי צייטענווייז געווען צופּייניגט.

אין דעצעמבער, 1926, האָט די געווערקשאַפטען גערופען אַ קאָנפערענץ פון דער גאַנצער טרייד יוניאָן באַוועגונג אין ניו יאָרק. די קאָנפערענץ איז געוואָרען היסטאָריש, אַ ווידער־ערוואַכונג פון אונזער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג. עס זיינען געקומען איבער פינף הונדערט דעלעגאַטען, וועלכע האָבען פאַרטראַטען יוניאָנס, צענטראַלע אַרבייטער קערפּערשאַפטען, דזשאָינט באָרדס און אינטערנעשאָנאַלס. נאָך דער קאָנפערענץ, (דעם 20־טען יאַנואַר 1927), זיינען אין מיטען טאָג אָפּגעהאַלטען געוואָרען צוויי ריזיגע מאַסענמיטינגען אין די צוויי גרעסטע „אַרמאָריס" פון שטאָט. איבער צוואַנציג טויזענט אַרבייטער האָבען אַוועקגעוואָרפען די אַרבייט און זיינען געקומען צו די מיטינגען. זיי זיינען אויפגעקלערט געוואָרען וואָס עס קומט פאָר. אַ ניי לעבען האָט אַלעמען אַרומגענומען. מען האָט אָנגעהויבען צו באַפעסטיגען די יוניאָנס פון דאָס־ניי.

## אָפּאָזיציעס אינעווייניג און אין דרויסען

נאָך דער קאָנפערענץ האָבען די קאָמוניסטען געביטען זייער טאַקטיק פון „בויערען פון אינווייניג" אויף אָרגאַניזירען אָפענע אָפּאָזיציעס. זיי האָבען אין יעדען אָרגאַניזירטען טרייד פּרובירט אָפּרייסען מעמבערס, זיי אַריינצושטעלען אין „אינדאָסטריעל יוניאָנס". די אָפענע

אָפּאָזיציע איז אָבער ניט געווען אַזוי געפערליך. די אַרבייטער האָבן געקענט אָפּען אָנקוקן זייער שונא און אים אָפּשאַצן. נאָך אַ פּאָר יאָר פון ניט געלונגענער אָפּענער אָפּאָזיציע האָבן זיי ווידער געביטן זייער טאַקטיק. דאָס מאָל האָבן זיי אָנגעפאַנגען ברעכן יוניאָנס אונטער דעם לאָזונג: „יונייטעד פראָנט״.

## „פאַר־איינינטער פראָנט״

דער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען סוף 1929, און די פאָלגן פון פינ־סטערער רעאַקציע, און וואוקס פון פאַשיזם אין אייראָפּע, און דאָס קומען צו מאַכט פון היטלעריזם — דאָס האָט פאַר אַ ווײַלע אַרײַנגעשפּילט אין די הענט פון די קאָמוניסטן. ניטאָ ביי זיי קיין געוויסענהאַפטיגקייט. איצט זיינען זיי אויפ׳ן וואָגן פון דער סי אַי אָ.

די באַוועגונג פון דער סי אַי. אָ. האָט זיך צוואָקסן אין 1936 און באַלד האָט די געווערק־שאַפטן געהאַט פאַר זיך נייע פּראָבלעמען און שטרייטן. אין אַ צאָל געווערקשאַפטן־יוניאָנס האָבן אומצופרידענע מיטגלידער פאָרמירט גרופּעס, זיך אָפּגעשפּאָלטן פון זייערע יוניאָנס און זיינען געוואָרן אָפּאָזיציעס, אונטער טשאַרטערס פון דער סי. אַי. אָ.

## די „סי־אַי־אָ״ אַ „קאָמיטע״ און אַ „באַוועגונג״

די סי. אַי. אָ. איז אָריגינעל אָרגאַניזירט געוואָרן אַלס אַן ערציאונגס־קאָמיטע. די אויפ־גאַבע איז געווען צו אַרבייטן פאַר אַן אויסגעברייטערטער טרייד יוניאָן באַוועגונג, וועלכע זאָל מעגליך מאַכן צו אָרגאַניזירן די אַרבייטער פון גרונד־אינדוסטריען אויף אינדוסטריעלע ליניעס.

באַלד נאָך דער פאָרמירונג פון דער סי. אַי. אָ. האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז עס ווערט אַ צווייטע באַוועגונג, אַ געגנערישע צו דער א. פ. אָוו ל.

פאַר די געווערקשאַפטן איז דאָס אַ לאַגע, וואָס רופט אַרויס אומגעהויערע זאָרג. אין דער פאָרמירונג פון דער סי. אַי. אָ. האָבן זיך באַטייליגט די נאָדעל־טרייד אינטערנייישאָנאַלס.

אין איצטיגען מאָמענט זיינען בלויז די אַמאַלגאַמעיטעד און די פאָריער אינטערנייישאָנאַלס אָנגעשלאָסען אָן דער סי. אַי. אָ. עס גייט אָן אַ באַוועגונג פאַר פרידען. דאָס פאָלגענדע איז אַ טייל פון אָן אָפיציעלען באַריכט, וואָס איז אין אָקטאָבער, 1938, צוגעשטעלט געוואָרן צו דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן:

„די פאַרהאַנדלונגען פאַר שלום וואָלטען זיכער געקרוינט געוואָרן מיט ערפאָלג ווען ניט דאָס אַריינמישען זיך פון דזשאַן לואיס׳ען, וועלכער האָט צוריקגעוויזען אַן אָפּמאַך וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פוןביידע צדדים דעצעמבער, 1937. דער אָפּמאַך וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון ביידע קאָמיטעס איז ווי פאָלגט:

1) אַז די 12 אָריגינעלע אינטערנעשאָנאַל יוניאָנס, וועלכע זיינען אַרויס פון דער אָ. פ. אָוו ל., זאָלען זיך אומקערען צוריק מיט זייער פאַרגרעסערטער מיטגלידערשאַפט. אַלע זייערע רעכט ווערען פאַרזיכערט. זיי דאַרפען אָבער ניט צוריקקומען באַלד, זיי קענען צוריקקומען נאָר דאַן, ווען עס וועלען אויסגעגליכען ווערען די סכסוכים צווישען די צוואַנציג נייע סי. אַי. אָ. יוניאָנס מיט די עקזיסטירענדע א. פ. אָוו ל. יוניאָנס פון דעם זעלבען פאַך.

2) פאַר דעם צוועק זאָלען באַלד ערווײלט ווערען דזשאָינט קאָנפערענץ קאָמיטעס מיט אַ גלייכער פאַרטרעטערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. און סי. אַי. אָ. די קאָמיטעס זאָלען העלפען אויסאַרבייטען אַ פאַרשטענדיגונג, וועלכע זאָל צופרידענשטעלען ביידע צדדים

3) ווען אַלע סכסוכים וועלען אויסגעגליכען ווערען, דאַן זאָלען אַלע יוניאָנס אַריינגיין אין דער אָ. פ. אָוו ל. צוזאַמען — די צוועלף אָריגינעלע אינטערנעשאָנאַל יוניאָנס, אַזוי גוט ווי די אַנדערע צוואַנציג נייע סי. אַי. אָ. יוניאָנס.

4) די א. פ. אָוו ל. איז גרייט צו אַמענדירען די קאָנסטיטוציע אויף אַזאַ אופן, אַז די רעכטע פון דעם עקזעקוטיוו קאַונסיל זאָלען באַשרענקט ווערען, דער קאַונסיל זאָל ניט קענען סוספּענ־דירען אָנגעשלאָסענע אינטערנאַציאָנאַלע און נאַציאָנאַלע יוניאָנס, אָדער צוריקציען זייערע טשאַרטערס אָהן אַ באַשלוס פון אַ קאָנווענשאָן.

5) דאָס אַ ספּעשעל קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערייישאָן אָוו לייבאָר וועט גערופען ווערען אין משך פון צוויי אָדער דריי חדשים נאָכדעם ווען די סי. אַי. אָ. יוניאָנס וועלען זיך צוריק אָנשליסען אָן דער א. פ. אָוו ל. ביי דיזער קאָנווענשאָן וועלען אַלע אַריינגעקומענע סי. אַי. אָ. יוניאָנס האָבען דיזעלבע רעכטע, פאַרטרעטערשאַפט און פריווילעגיעס ווי אַלע אַנדערע א. פ. אָוו ל. יוניאָנס.

6) די קאָמיטע האָט צוגעשטימט אָנצודייטען אויף געוויסע אינדוסטריען וואו די אינדוס־טריעלע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע זאָל איינגעשטעלט ווערען, אויב עס וועט נאָר מעגליך זיין אין דער אָדער יענער אינדוסטריע אַזאַ פאָרמע אָנצונעמען״.

## פרידענס־באַריכט

אָט די אויבען אויסגערעכנטע פונקטען, האָט די קאָמיטע אין איר באַריכט אָנגעדייטעט, זיינען אָנגענומען געוואָרן פון ביידע צדדים. ביידע צדדים זיינען געווען גרייט דעם אָפּמאַך אונטערצושרייבען. דער פירער פון דער סי. אַי. אָ. שלום קאָמיטע אָבער האָט זיך געוואָלט

דורכריידען וועגען דעם מיט דזשאָן לֿואיס׳ען, און דער רעזולטאַט איז געווען — דער שלום אָפּמאַך איז צוריקגעוויזען געוואָרען.

פרידענס־פאַרזוכען און שטערונגען

דזשאָן לֿואיס האָט דאַן געמאַכט אַנאַנדער פאָרשלאַג, נעמליך: „אַז אַלֿע שטרייטענדע צדדים זאָלען צוערשט אַריינגענומען ווערען אין דער א. פ. אָוו לֿ. און אַז יעדע יוניאָן אָהן אונטערשייד זאָל קריגען אַ טשאַרטער פון דער א. פ. אָוו לֿ. נאָכהער ווען זיי וועלען שוין זיין אינווייניג, זאָל מען ערשט דאַן פרובירען אויסגלייכען אַלֿע סכסוכים. אויב אָבער די שטריי־טיגקייטען צווישען די אָפּאָזיציאָנס יוניאָנס וועלען ניט קענען אויסגעגליכען ווערען דורך געמיינ־זאַמע קאָמיטעס, זאָל די א. פ. אָוו לֿ. אויך דאַן ניט טאָרען צוליב דעם אַ יוניאָן סוספענדירען אָדער צונעמען אַ טשאַרטער.״

אויב מען וואָלט צוגעשטימט צו לֿואיס׳עס אָפּמאַך וואָלט עס געהייסען אַריינברייגען דעם איצטיגען ברודער־קריג אינווייניג אין די רייען פון דער א. פ. אָוו לֿ. אַנשטאָט דעם וואָס דער קאַמף און צאַנקערייען זיינען איצט אין דרויסען. אַזאַ אָפּמאַך וואָלט געוויס געבראַכט צו דער לֿאַגע אַז יוניאָנס, ווי אונגערעכט זיי וואָלטען ניט געווען, וואָלטען זיי ניט באַדאַרפט זיך אונטער־וואַרפען די באַשלוסען פון קאָנפערענץ קאָמיטעס, ווייל די א. פ. אָוו לֿ. וואָלט ניט געהאַט קיין רעכט אָדער אויטאָריטעט אַזעלכע אונגערעכטע יוניאָנס צו דיסציפּלינירען אָדער פון זיי צונעמען דעם א. פ. אָוו לֿ. טשאַרטער. אַזאַ לֿאַגע וואָלט געמיינט אַ שטענדיגער, האָפנונגסלאָזער קריג צווישען שטרייטענדע יוניאָנס אינווייניג אין דער א. פ. אָוו לֿ.

לֿעצטען חודש האָט די סי. אַי. אָ. גערופען אַ קאָנווענשאָן און באַשלאָסען צו בלייבען אַ פערמאַנענטע קאָנסטיטוציאָנעלֿע קערפערשאַפט אונטער דעם נאָמען „קאָנגרעס אָוו אינדאָס־טריעלֿ אָרגאַניזיישאָנס״. די אינטערנעשאָנאַלֿ לֿיידיס גאַרמענט וואָורקערס יוניאָן איז דערפאַר אָפּגעטראָטען פון איר. די קעפּמאַכער און מילֿינערי און העטערס אינטערנעשאָנאַלֿ איז ניט געגאַנגען צו ווייט מיט דער סי. אַי. אָ. פון אָנהויב־אָן. עס איז פאָרגעקומען אַ פאַראייניגונג פון די העטערס און די מילֿינערי אַרבייטער, און ביי ביידען איז געווען טייער די טראַדיציע פון אָנגעהעריגקייט צו דער א. פ. אָוו לֿ. און צו שטיצען אייניגקייט אַנשטאַט צושפּליטערונג אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

אין איצטיגען מאָמענט

דערווייל איז די סי. אַי. אָ. ווי אַן אָפּאָזיציאָנס־באַוועגונג, און די געווערקשאַפטען באַדויערט אַזאַ צוטיילונג. דורך פּרעזידענט רוזוועלט האָבען מיר אַן אַדמיניסטראַציע אין לֿאַנד, וואָס איז פריינדלֿיך צו דער אַרבייטער באַוועגונג. ווען עס וואָלט ניט אָנגעגאַנגען אַ ברודער־קריג וואָלט די אַרבייטער באַוועגונג זיכער עראָבערט אומפאַרגלייכבאַרע גוטע געזעצען, פון וועלֿכע די גרויסע ברייטע אַרבייטער־מאַסען וואָלטען פילֿ געוואונען.

מיר באַגעגענען דערפאַר אונזער פופציג יאָריגען געבורטסטאָג מיט אומרואיגקייט. נאָך פופציג יאָר געפינט זיך די געווערקשאַפטען ווידער אין דער פּאָזיציע צו האָבען צו טאָן מיט ענלֿיכע פּראָבלֿעמען, וועלֿכע זיינען געווען ביי איר געבורט, אין יאָר 1888. אָבער די געווערק־שאַפטען האָט דאַן זיך געגעבען אַ שבועה צו בויען יוניאָנס, פאַרטיידיגען זיי, און צו קעמפפען פאַר אַ גאַנצער, אַ געאייניגטער אַרבייטער באַוועגונג, און זי האָט איר שבועה געהאַלֿטען. די געווערקשאַפטען וועט ווייטער האַלֿטען די שבועה.

# ווירקונג פון ראַדיקאַלע פּאַרטייען אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג

פון דער „עס־על־פּי"
ביז דער „סי־אַי־אָ"

פון ל. הענדין

פאָרוואָרט

ווען גענאָסע ה. לאַנג, רעדאַקטאָר פון דעם 50־יאָריגען יובילײ־בוך פון די געווערקשאַפטען, האָט ביי מיר געבעטען אַן אַרטיקעל וועגען דער „ווירקונג פון די ראַדיקאַלע פּאַרטייען אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג" האָב איך צו אים אַפּעלירט: האָט רחמנות, גזלן, באַפרייט מיך פון שרייבען טעזיסען אָדער היסטאָרישע אָפּשאַצונגען.

איך האָב געפילט צו שרייבען בלויז אַ קורצע אָבער האַרציגע באַגריסונג, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען מיינע פּערזענלאַכע שטימונגען צו דער מוטער פון אונזער אידישער טרייד יוניאָן באַוועגונג — די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען — וואָס האָט געבראַכט צום לעבען, איז געשטאַנען ביי דער וויגעלע, און האָט אויפגעהאָדעוועט אַבסאָלוט אַלע אונזערע אידישע יוניאָנס, וואָס אַ צאָל פון זיי האָבען זיך אַנטוויקעלט צו ווערען מעכטיגע גיגאַנטען, אמת'ע טאָן־געבער אין דער אַלגעמיינער אַרבייטער באַוועגונג.

אַ העלפט פון די פופציג יאָר, אַ פערטל־יאָרהונדערט פון מיין לעבען, האָב איך אַליין געווידמעט דער אַרבייטער באַוועגונג. איך האָב דורכגעמאַכט די קינדער־קראַנקהייטען, און בין באַגאַנגען דיזעלבע שווערע פעלערן, וואָס אַ סך אַנדערע ראַדיקאַלען זיינען באַגאַנגען. כ'האָב געוואָלט אויסדריקען שטימונגען, אָבער ניט שרייבען אָפּשאַצונגען.

אָבער וואָס מער איך האָב געטראַכט וועגען דער אויפגאַבע, וואָס איז מיר פאָרגעלייגט געוואָרען, און וואָס מער איך האָב גענישטערט מאַטעריאַל פאַרן שרייבען, אַלץ מער בין איך פאַרכאַפּט געוואָרען, און בין אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער אָנגעצייכענטער טעמע. איך האָב דערפילט אַ באַגער אויסצודריקען ניט בלויז שטימונגען, נאָר מיינונגען, וועגען דעם שטעמפּעל, וואָס די ראַדיקאַלע פאַרטייען האָבען אַרויפגעלייגט אויף אונזערע אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

פאַרשטייט זיך, אַז מען קען ניט מאַכען קיין גרינדלאַכע אָפּשאַצונג פון פופציג יאָר ווירקונג פון ראַדיקאַלע פאַרטייען אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין די ראַמען פון אַ באַגרענעצטען אַרטיקעל. איך וועל דעריבער מוזען זיך באַנוגענען מיט אַלגעמיינע שטריכען, ספּעציעל זיך אָפּשטעלענדיג אויף די וויכטיגסטע פעריאָדען, אויף די קריטישסטע מאָמענטען אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, און דערביי פּרובירען געפינען אַ מוסר־השכל.

יחידים און גרופּעס

עס איז ניט לייכט צו געבען קיין באַשטימטען ענטפער אויף די פראַגע: וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָבען געהאַט די ראַדיקאַלע פאַרטייען אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. ערשטענס, האָט יעדע ראַדיקאַלע פאַרטיי, אין די פאַרשידענע פעריאָדען פון איר אנטוויקלונג, געהאַט אַ באַזונדערע און אַ ספּעציעלע ווירקונג. עס האָט זיך געווענדט אָן איר ספּעציעלער אָנשויאונג אין דעם באַטרעפענדען מאָמענט. צווייטענס, האָבען יחידים פון איין און דער זעלבער פאַרטיי אויסגעאיבט גאַנץ פאַרשיידענע איינפלוסען, ווייל ס'האָט זיך ווידער געווענדעט וואָס פאַר אַ ספּעציעלע אָנשויאונג און ספּעציעלע באַציאונג דער באַטרעפענדער יחיד האָט צו דער אַרבייטער באַוועגונג. דריטענס, קען מען אַלע ראַדיקאַלע פאַרטייען ניט אַריינפּאַסען אין איין פאָרעם. וועלען מיר דעריבער מוזען, מער אָדער ווייניגער, זיך אָפּשטעלען ביי יעדער פאַרטיי באַזונדער, און אויב נויטיג, אויך אָנווייזען אויף דעם אונטערשייד פון געוויסע יחידים אָדער פון געוויסע גרופּען פון איין און דערזעלבער פאַרטיי.

בראשית

יעדער איינער, וואָס איז נאָר עטוואָס באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, קען פאַר זיינע אייגענע אויגען אויסמאָלען דאָס בילד ווי אַזוי עס האָט אויסגעקוקט אונזער אידישע אַרבייטער־אימיגראַציע מיט אַ פופציג יאָר צוריק. ס'איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אפילו קיין אָנפאַנג פון אַ אידישער אַרבייטער באַוועגונג. פאַרזוכען זיינען בלויז געמאַכט געוואָרען צו לייגען דעם באָדען פאַר איר.

דער שטראָם פון אימיגראַציע איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אַזוי גרויס ווי אין די שפּעטערדיגע יאָרען. עס זיינען בלויז געווען קליינע און לאַנגזאַמע פלוסען פון אידישע אימיגראַנטען,

וואָס האָבן זיך געצויגען פון רוסלאַנד, ליטע, פוילען און טיילווייז פון גאַליציע. יעדער איינער האָט מיט זיך געבראַכט אַ באַזונדערע געדאַנקען־וועלט און אַן אייגענע געפיל־וועלט, לויט זיין באַשטימטער אומגעבונג.

אין איין און דעם זעלבן שאַפּ האָבן געאַרבייט אַ טאָכטער פון רייכע אידישע עלטערן, אַ זון אַ סטודענט, וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט דעם ערשטען אידעאַליסטישען שטורעם פון אַ סאָציאַלער באַוועגונג, און אַ פּשוט׳ער בעל־עגלה, וואָס האָט קיין מעגלאַכקייט ניט געהאַט צו קריגען אירגענד וועלכע ערציאונג, שוין אָפּגערעדט פון אַ רעוואָלוציאָנערער ערציאונג.

אָבער זיי אַלע זיינען געפאָרען קיין אַמעריקע, צו דער גאָלדענער מדינה, צו שאַפען פאַר זיך אַן אייגענעם פּלאַץ אונטער דער זון. יעדער איינער פון די דאָזיגע אימיגראַנטען האָט געדאַרפט דורכמאַכען אַן אייגענע אינערליכע רעוואָלוציע כדי זיך צוצופּאַסען צו דער נייער אומגעבונג און צו די נייע לעבענס־באַדינגונגען.

אַמעריקע איז נאָך דעמאָלט געווען אין פּראָצעס פון אימפּעטדיגען וואַקסען; עס זיינען נאָך געווען מעגלאַכקייטען אַריבערצושפּרינגען פון איין קלאַס צו אַ צווייטען; דאָך האָבן די אידישע אימיגראַנטען אין דער „גאָלדענער מדינה״ ניט געקענט שאַרען „גאָלד מיט־לאָפּעטעס״, ווי זייער טרוים איז געווען. פאַרקערט, די מערסטע פון זיי זיינען אַריינגעפאַלען אין די סוועט־שעפּער פון די נאָדעל־טריידס.

די שעפּער זיינען געווען שמוציג, אומסאַניטאַריש, פינסטערע לעכער אָהן זונשיין, וואָס האָבן געטריבען די אַרבייטער צו שווינדזיכט. דאָס זיינען געווען ניט שעפּער, נאָר פייער־פאַסטקעס. און אין די דאָזיגע שעפּער האָט מען דעמאָלט געאַרבייט פון זון־אויפגאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַן ערך אַכציג שטונדע אַ וואָך. צו די שניידער פאַבריקען האָבן די בעלי־מלאכות דערצו געדאַרפט שלעפּען אויף זייערע פּלייצעס אייגענע כלי־זין, אייגענע ניי־מאַשינען. פאַרדינט האָט מען פאַר דער שווערער פּראַצע געציילטע פּרוטות, קלעגליכע סענטען, אַ לוין פון קנעכט. אין זיין בוך „אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע״, געברויכט גענאָסע ב. ווייַנשטיין אַ כאַראַקטעריסטישען אויסדרוק: „מען האָט זיך געקוויקט מיט אַ פּאָר פּאַפּיראָסען אַנשטאָט אכילה...״

## טריט צו אָרגאַניזאַציעס

וואָס פאַר אַ שווערע אויפגאַבע ס׳איז געווען אָנצופירען פּראָפּאַגאַנדע צווישען אַזאַ געמישטען אידיש־אימיגראַנטישען עלעמענט! אַ טייל פון די רוסיש־אידישע אימיגראַנטען האָט אינגאַנצען קיין אידיש ניט געקענט. און די אימיגראַנטען פון פאַרשיידענע געגענטען האָבן גערעדט באַזונדערע דיאַלעקטען. דעם ליטווישען אידען איז געווען זעהר שווער צו פאַרשטיין דעם מאָדנעם, זינגענדיגען, און האַלב־דייטשמערישען אידיש פון דעם גאַליציאַנער.

דאָס איז געווען די אומגעבונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַוויזען סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען, וואָס האָבן גענומען וועקען די אידישע אַרבייטער צו אָרגאַניזאַציע, צו יוניאָנס, צו פּאָליטישע אַרבייטער פּאַרטייען, צו קאַמף, צו סטרייק, צו פאַרטראַכטען זיך מיט שטרעבונגען צו אַ שענערע און בעסערער וועלט. ס׳איז זיי ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע, די סאָציאַליסטען און די אַנאַרכיסטען. יעדע אַרבייט פון פּיאָנערען איז שווער. די פּיאָנערען־אַרבייט פאַר אָרגאַניזאַציע פון אידישע אימיגראַנטען, וואָס זיינען ערשט געוואָרען אַרבייטער, איז געווען זעהר אַ שווערע.

די מערסטע צווישען די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטען זיינען געווען רוסישע אינטעליגענטען, סטודענטען, וועלכע האָבן געמוזט אַנטלויפען פון רוסלאַנד צוליב זייער באַטייליגונג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג „נאַראָדנאיא וואָליא״. דער דאָזיגער עלעמענט איז אפשר ניט געווען רייף אין סטראַטעגיע פון אַרבייטער קאַמף אין אַמעריקע, אָבער דערפאַר איז ער געווען באַזעלט מיט אַן אומבאַשרייבלאַכען אידעאַליזם, מיט אַן אונפאַרגלייכלאַכער אָפּפערווילליקייט. דער אייגענער איך האָט אינגאַנצען ניט געשפּילט קיין ראָלע: אַלץ פאַרן כלל. פּונקט ווי די רעוואָלוציאָנערען פון דער „נאַראָדנאיא וואָליא״ האָבן זיך מיט מסירת־נפש אַ לאָז געטאָן צום פאָלק, אַזוי האָבן דאָ די אידישע אינטעליגענטען אַוועקגעלאָזען זיך צום אידישען פאָלק, און אין דעם פאַל האָט דאָס פאָלק געמיינט — די אידישע אַרבייטער.

אָט־דער אידעאַליסטישער עלעמענט האָט אויפגעבויט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען; אָט־דער עלעמענט האָט אויפגעבויט דעם אַרבעטער רינג; אָט־דער עלעמענט האָט געשאַפען דעם „פאָרווערטס״; אָט־דער עלעמענט, מער ווי אירגענד וועלכער אַנדערער, איז פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר דער שאַפונג פון אַבסאָלוט אַלע אונזערע יוניאָנס; אָט־דער עלעמענט איז אויך פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר דער שאַפונג פון דער אידישער קולטור אין אַמעריקע.

איז דען פאַראַן אַ מענש מיט אַ וועלכען־עס־איז באַגריף פון דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אָפּצולייקענען אָט־דעם גרויסען בייטראַג פון די סאָציאַליסטען און ראַדיקאַלען אין דעם בוי, אין דער שאַפונג און אַנטוויקלונג פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג?

### העלפֿען, ניט דירעקטירען

אָבער מען קען ניט מאַכען קיין אָביעקטיווע אָפּשאַצונג און דערביי ניט אַרויסברענגען דעם פֿאַקט, אַז ניט אַלעמאָל האָבען די ראַדיקאַלען און סאָציאַליסטען געהאַט אַ פּאָזיטיווען און קאָנסטרוקטיווען איינפֿלוס אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. אַמאָל איז דער איינפֿלוס אויך געווען נעגאַטיוו, אפילו צעשטערענד. בלויז איין גרופּע פֿון געציילטע סאָציאַליסטען איז פֿאַראַן, וועמעס קאָנסטרוקטיווע טעטיגקייט, אַלעמאָל בויאונג און קיינמאָל ניט צושטערונג, ציהט זיך ווי אַ גאָלדענער פֿאָדים. די גרעסטע שטורעמס אין דער אַרבייטער־באַוועגונג האָבען אָט־דער גרופּע ניט געקענט אַרונטערפֿירען פֿון דעם גלייכען וועג.

די דאָזיגע גרופּע איז אימער געשטאַנען אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז סאָציאַליסטען דאַרפֿען ניט שטרעבען צו דאָמינירען די יוניאָנס. די דאָזיגע גרופּע איז אויך געשטאַנען אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז וואָס פֿאַר אַ פֿעלערען אַ יוניאָן זאָל ניט באַזיצען, דאַרפֿען סאָציאַליסטען זיך פֿאַרנעמען בלויז מיט אינערליכער קאָנסטרוקטיווער קריטיק; שטענדיג באַהילפֿיג זיין, אַלעמאָל דינען, אין קיין פֿאַל ניט ברעכען אָדער שפּאַלטען.

די־דאָזיגע גרופּע האָט רעוואָלטירט ביים סוף פֿון לעצטען יאָרהונדערט געגען דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי און איר פֿירער, דעניעל דע־ליאָן, פֿאַר זייער ברעכען און שפּאַלטען די יוניאָנס און פֿאַר זייער בויען אייגענע קליינזלאַך, דועל־יוניאָנס. די זעלבע גרופּע האָט דערפֿאַר געגרינדעט דעם „פֿאָרווערטס" און שפּעטער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פֿון אַמעריקע. איצט דריקט זיך אויס די פּאָליטישע טעטיגקייטען פֿון דערזעלבער גרופּע דורך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿעדעראַציע.

עס זיינען אָבער געווען אַנדערע יחידים און גרופּעס, וואָס האָבען געהאַט אַ גאַנץ אַנדער באַגריף און אַ גאַנץ אַנדער באַציאונג צו דער אַרבייטער באַוועגונג. זיי האָבען פֿאַר זיך אויסגעמאָלען אַ „בליו־פּרינט" ווי אַזוי די אַרבייטער באַוועגונג דאַרף זיך פֿירען און אין וואָס פֿאַר אַ וועגען זי דאַרף גיין, און טאָמער, חס ושלום, האָט די אַרבייטער באַוועגונג געמאַכט אַן אָפּנייג פֿון דעם אָנגעצייכענטען „בליו־פּרינט", פֿלעגען זיי אָנפֿאַנגען אַ שטורעם: „פֿאַרראַט", „קלעס־קאָלעבאָריישאָן", „פֿייקערס", „פֿאַרפֿירער פֿון דעם אַרבייטער־קלאַס". דאָס פֿלעגען זיין די צו־נעמען מיט וועלכע געוויסע ראַדיקאַלען פֿלעגען באַצייכענען יוניאָן־טוער, וואָס האָבען ניט נאָכגעפֿאָלגט דעם „בליו־פּרינט".

מיר ווילען ניט אַריינגיין אין די כונות פֿון די יחידים און גרופּעס, וואָס האָבען אַזוי געהאַנדעלט. אַלע האָבען געהאַט די שענסטע און בעסטע כונות. קיין איין גרופּע, וועלכען שטאַנדפּונקט זי זאָל ניט אָננעמען קען זיך ניט פֿאַרזיכערען, אַז אין אירע רייען זאָלען זיך געפֿינען בלויז ערליכע מענשען, בלויז כשר'ע אידעאַליסטען; אין אַלע סאָציאַלע באַוועגונגען זיינען פֿאַראַן אי ערלאַכע מענשען, אי קאַריעריסטען אַזעלכע, וואָס אַרבייטען בלויז צוליב זעלבסטזיכטיגע מאָטיווען; אָבער אין דעם פֿאַל האָט זיך ניט אַזוי געהאַנדעלט וועגען פּערזענלאַכע שטרעבונגען, ווי וועגען פֿאַנאַטיזם. וואָס ערלאַכער און אידעאַליסטישער איינער איז געווען, אַלץ מער פֿאַנאַטיש איז ער געווען, און אַלץ אַ גרעסערען איינפֿלוס האָט ער געהאַט, און פֿאָלגלאַך, אַלץ מער צעשטערענדע, צעברעכענדע אַרבייט האָט ער געטאָן.

פֿון די שטרייטיגקייטען, פֿאַראורזאַכט פֿון אַזעלכע פֿאַנאַטיקער, האָט אי די אַרבייטער־באַוועגונג, אי דער איינצעלנער אַרבייטער, אַ סך געליטען. די ראַדיקאַלע גרופּירונגען פֿלעגען אָנפֿירען צווישען זיך ויכוחים וועגען „בליו־פּרינטס", און אין דעם ווירקלאַכען לעבען האָט עס געמיינט, אַז מען עקספּערימענטירט מיטן לעבען פֿון די אַרבייטער.

אינם נאָמען פֿון „בליו־פּרינטס", אָפּט אויסגעשטעלט פֿון שיינע פּרינציפּען, האָט מען געשפּאָלטען אַרבעטער־באַוועגונגען. מען האָט אָרגאַניזירט דועל־יוניאָנס. מען האָט געסקעבט איינער געגען דעם צווייטען. געליטען האָט דער שטילער, דער ליבער פֿאָלקס־מענש, דער דורכשניטלאַכער ברודער־אַרבייטער. און דער פּשוט'ער אַרבייטער האָט אפילו ניט געטאָרט זיך באַקלאָגען; האָט ער עס געטאָן, האָט מען אים באַצייכענט אַלס אַן אומוויסענדען, אַז ער קען ניט באַגרייפֿען, אַז צוליב זיין טובה, ווערען דאָס אָנגעפֿירט די אַלע גרויסע ויכוחים . . .

דער קאַמף צווישען די צוויי ריכטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג ציהט זיך פֿון דעם ערשטען טאָג, זינט די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג איז געקומען צום לעבען. צייטענווייז איז דער קאַמף אָנגעגאַנגען שטיל; אין אַנדערע צייטען האָבען אויסגעבראָכען גרויסע שטורעמס.

### מען פֿאַרהאַלט משיח'ן?

די מערקווירדיגסטע זאַך איז, אַז ווען מען גייט פֿון קאַפּיטעל צו קאַפּיטעל וואָס דערציילען פֿון דעם קאַמף פֿון די פֿאַרשיידענע גרופּירונגען אין דער ראַדיקאַלער באַוועגונג פֿאַר די לעצטע פֿופֿציג יאָר, מערקט מען, אַז דער קאַמף האָט אַלעמאָל געטראָגען כמעט דעם זעלבען כאַראַקטער.

איין גרופּע איז געווען אומגעדולדיג. זי האָט פֿאַרלאַנגט, אַז מען זאָל איר גלייך צוטראָגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע. און טאָמער האָט איינער גע'טענה'ט, אַז די באַדינגונגען זיינען ניט רייף פֿאַר דעם, איז ער פֿון זיי באַלד טיטולירט געוואָרען אַלס „פֿאַררעטער פֿון אַרבעטער־קלאַס".

אַזוי האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער קאַמף אין די לעצטע יאָרען פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט צווישען די אַנאַרכיסטען און סאָציאַל־דעמאָקראַטען. די אַנאַרכיסטען האָבען געהאַלטען, אַז מען

דאַרף ניט קעמפען פאַר באַלדיגע באַדינגונגען, פאַרבעסערונגען אין אַרבייטערס לעבען, וואָרום וואָס ערגער איז בעסער, מער מאַטערניש פאַר די אַרבייטער, אַלץ שנעלער וועלען זיי מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיינען באַשטאַנען, אַז די ראַדיקאַלען דאַרפען זיך אינטערעסירען מיט דעם טאָג־טעגלאַכען לעבען פון דעם אַרבייטער; ערשט דע־מאָלט וועט דער אַרבייטער אין זיי דערקענען זיין פריינד. די סאָציאַליסטען האָבען אויך אָנגעוויזען, אַז ווען מען וועט אויסקעמפען בעסערע באַדינגונגען פאַר דעם אַרבייטער, קירצערע שטונדען און אַ העכערען געהאַלט, וועט ער האָבען מער פרייע צייט און עס וועט זיין אַ בעסערע געלעגענהייט אים אויפצוקלערען. אין דעם פּראָצעס פון קאַמף וועט זיך דער אַרבייטער אַנטוויק־לען, און מיט יעדער נייער דערגרייכונג וועלען זיך ביי דעם אַרבייטער אַנטוויקלען אַלץ גרע־סערע פאַרלאַנגען פאַר אַ שענערען לעבען און פאַר אַ בעסערער וועלט — אַזוי איז די טענה פון סאָציאַליסטען געווען.

און צוליב דעם זיינען דאָס פאָרגעקומען די הייסעסטע און ביטערסטע שטרייטען צווישען די אַנאַרכיסטען און די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. די אַנאַרכיסטען האָבען מיט אויפריכטיגען צאָרען געשטורעמט, אַז די סאָציאַליסטען האַלטען־אָפּ די שעה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע; זיי פאַרצוימען דעם וועג פאַר משיח׳ן...

## אַנאַרכיסטען ווי קאָמוניסטען

ווען מען אַנאַליזירט פאָרזיכטיג דעם דעמאָלטדיגען קאַמף צווישען די אַנאַרכיסטען און די סאָציאַל דעמאָקראַטען, געפינט מען ענלאַכקייטען צום קאַמף צווישען די קאָמוניסטען און די דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטען. אַן אויסנאַם איז די פראַגע וועגען דער ראָלע פון דעם שטאַט, פון דער מלוכה. די אַנאַרכיסטען האָבען געצערטעלט די טעאָריע, אַז איבערנאַכט דאַרף מען פאַרניכטען דעם שטאַט; זיי האָבען ניט געהאַלטען פון אַ וועלכער־עס־איז פאָרמע פון צענטראַ־ליזירטער פאַרוואַלטונג נאָכדעם ווי די אַרבייטער וועלען איבערנעמען די מאַכט.

די טשיקאַווסטע זאַך דערביי איז, וואָס הגם די אַנאַרכיסטען האָבען געשימפּט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, זיי אויפוואַרפענדיג „פאַרראַט צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע", און הגם זיי, די אַנאַרכיסטען, זיינען ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין קיינע פון די גרונד פּרינציפּען, האָבען זיי, פונקט ווי היינט די קאָמוניסטען, געהאַלטען אין איין טענה׳ן, אַז זיי ווילען האָבען מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אַ פאַראייניגטען פראָנט. די אַנאַרכיסטען האָבען דעמאָלט געוואָלט, ניט מער און ניט ווייניגער, אַרויסגעבען אַ געמיינשאַפטליכע אומ־פאַרטייאישע אַרבייטער־צייטונג. און ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען אָנגעוויזען ווי נאַריש עס וואָלט געווען אַרויסצוגעבען אַ געמיינשאַפטליכע צייטונג בשעת עס הערשען אַזעלכע פונדאַמענטאַלע פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידענהייטען, האָט דאָס אויף די אַנאַרכיסטען — פונקט ווי אויף די קאָמוניסטען היינט — קיין איינדרוק ניט געמאַכט.

פון דעסטוועגען דאַרף מען ניט צוזאַמענמישען די אַנאַרכיסטען פון אַמאָל און די קאָמו־ניסטען פון היינט. ניט געקוקט אויף די פאַנטאַסטישע טעאָריעס, אין וועלכע די אַנאַרכיסטען האָבען געגלויבט, האָט די לעבענס־ווירקלאַכקייט געהאַט אַ ווירקונג אויף די מער פּראַקטישע פון זיי; און צי ס׳האָט געשטימט מיט זייערע טעאָריעס, אָדער ניט, האָבען פילע פון זיי, ספּעציעל אין די שפּעטערדיגע יאָרען, אַריינגעוואָרפען זיך אין דעם טאָג־טעגלאַכען קאַמף פון די אַרבייטער, און דער סך הכל פון דער געשיכטע שרייבט זיי צו אַ קאָנסטרוקטיווען איינפלוס אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

## הונדערט יאָר שפּעטער

אָביעקטיוו באַטראַכט, מוז מען פעסטשטעלען, אַז אויך אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייען האָבען זיך איינגעפונען אַ גאַנץ באַדייטענדע צאָל פאַנטאַזיאָרען, וואָס האָבען געהאַט אַ קנאַפּען חוש פאַר דער ווירקליכקייט. זייער קאַמף געגען גאָט און רעליגיע איז אַ ביישפּיל. עס מאַכט איצט אַ זעהר קאָמישען איינדרוק ווען מען געפינט אָנווייזען אין דער געשיכטע פון דער אַרביי־טער באַוועגונג אויף דעם פאַקט ווי אַזוי אַ סאָציאַליסטישער רעדנער פלעגט זיך אָוועקשטעלען אויף אַ פּלאַטפאָרמע דוקא יום־כיפור מיט אַ טשאַלענדזש צו גאָט, אַז „אויב ער איז דאָ", זאָל ער אים באַשטראָפען גלייך אין דער זעלבער מינוט פאַר זיין אפיקורסות. און גאָט, ווי אימער, פלעגט דעם טשאַלענדזש ניט אָננעמען, און דער רעדנער פלעגט אַרויס דער זיגער. מיר ברענגען מיט אַ כיון אַזאַ עקסטרעמען ביישפּיל, כדי אָנצוווייזען אויף דער קינדערשער נאַאיוויטעט פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג פון יענער צייט. דאָך, וועט אָבער קיינער ניט לייקענען, אַז די אַרבייטער באַוועגונג איז אין יענער צייט געווען הערלאַך שיין, אידעאַליסטיש, וואָס ווען מען דערמאָנט זיך אָן יענער פעריאָדע ווערט מען באַהערשט פון די וואַרימסטע געפיהלען. און אפשר, ווער ווייס, אפשר דוכטען זיך אויס ראָמאַנטיש אַלע פאַרגאַנגענע צייטען. אפשר וועט מען וועגען אונז אויך זאָגען אַ גוט וואָרט מיט אַ פופציג יאָר שפּעטער, ווען מען וועט פייערען דעם 100־יאָריגען יובילייִ פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען?

קריזיסן, אומרו, אינערליכער שטרייט

בלעטערט מען די געשיכטע, זעט מען, אַז עס זיינען ניט דורכגעגאַנגען קיין פּאָר רוהיגע יאָר אין דער ראַדיקאַלער באַוועגונג. דער קאַמף צווישען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען און די אַנאַרכיסטען, ביים סוף פון צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, איז נאָך אָנגעגאַנגען אין פולען ברען, און ס׳האָט זיך באַשאַפען אַ באַשטימטע מחיצה צווישען זיי. ביידע זיינען געגאַנגען אויף באַזונדערע וועגען, ביידע האָבען קריסטאַליזירט זייערע אייגענע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, און איידער דער קאַמף האָט זיך נאָך פאַרענדיגט, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ביטערער אינערליכער קאַמף אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייען גופא.

יענער קאַמף האָט שוין געשפּילט אַן אַנטשיידענע ראָלע פאַר דער אַלגעמיינער און ספּעציעל פאַר דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. ער איז שוין געווען אַ פּיעל ערנסטערער, ווי דער קאַמף צווישען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען און די אַנאַרכיסטען.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען אין יענער צייט געהערט צו דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.), און אין דער ס. ל. פּ. האָט זיך אָנגעפאַנגען גאָר אַ שטורעמדיגער קאַמף. קיין שטרייט איז ניט אַרויסגעוואַקסען פון דער העלער הויט. ס׳זיינען אַלעמאָל געווען עקאָנאָמישע סיבות און עקאָנאָמישער הינטערגרונד פאַר יעדען קאַמף. דער שרעקלאַכער קריזיס פון יאָר 1893, וועלכער האָט געטראָגען כמעט דעם זעלבען כאַראַקטער ווי דער קריזיס פון יאָר 1929, האָט גוואַלדיג אויפגעטרייסעלט די גאַנצע אַרבייטער־באַוועגונג, וואָס איז דעמאָלט געווען. עס האָט אָפּגעשוואַכט דאָס שטיקעל בנין וואָס די אידישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג האָט דעמאָלט פאָרגעשטעלט. די יוניאָנס זיינען געווען אויסגעמאַטערט, אָפּגעשוואַכט. די אַרבייטער קרייזען זיינען געווען פאַרכאַפּט פון אַן אַפּאַטיע, אַ הילפלאָזיגקייט. און אין אַזאַ מאָמענט איז געווען נאַטירלאַך פאַר די מער אימפּולסיווע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, אַז זיי זאָלען דענקען, אַז די שולד פאַר דעם דאָזיגען צושטאַנד ליגט גאָר אין די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס אַליין.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס אַלס מאַרקסיסטען האָבען זיי גאַנץ גוט באַגריפען, אַז קריזיסען זיינען אַ פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, אַז זיי זיינען אומפאַרמיידלאַך; נאָר אַנשטאָט צו מאַכען אַ שטאַרקען אָנגריף אויפן קאַפּיטאַליזם, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר די פּעריאָדישע קריזיסען, האָט מען גאָר אָנגעפאַנגען זיך זעלבסט צו פּייניגען, זיך זעלבסט צו פרעסען, קריגען־זיך צווישען זיך, און באַשולדיגען איינער דעם צווייטען פאַר אַ צושטאַנד, פאַר וועלכען קיין ריכטונג פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג האָט ניט געקענט זיין פאַראַנטוואָרטלאַך.

אין יענער צייט איז געווען אַ פאַנאַטישע גרופּע אין דער ס. ל. פּ., מיט דעניעל דע־ליאָן בראש, וואָס האָט אָנגעפאַנגען אַ שטאַרקע באַוועגונג, אַז סאָציאַל־דעמאָקראַטען דאַרפען גרינדען אייגענע סאָציאַליסטישע יוניאָנס. דערצו איז געקומען. ס׳איז געגרינדעט געוואָרען די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס״.

און ס׳האָט זיך צושטורעמט אַ ביטערער קאַמף אויף אַ צאָל אידען צווישען דער „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס״ און די דעמאָלט־עקזיסטירענדע יוניאָנס, פריער פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר״ און שפּעטער פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר״.

אב. קאַהאַן פירט אַ רעוואָלט

די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס״ איז געגרינדעט געוואָרען לויט אַ ספּעציעלען „בליו־פּרינט״, וואָס דעניעל דע־ליאָן האָט אויסגעאַרבייט, און אין צייט פון ביטערען קריזיס און שרעקליכער ענטוישונג, ווען יעדער איינער איז געווען נייגעריג צו ראַטעווען־זיך דורך אָנכאַפּען זיך אָן אַ שטרוי, האָבען פאַר אַ מאָמענט אַ געוויסע צאָל סאָציאַל־דעמאָקראַטען אָנגענומען דעניעל דע־ליאָן׳ס „בליו־פּרינט״.

ס׳איז פריער פון אַלץ באַשטאַנען אין דעם, וואָס די גאַנצע סאָציאַליסטישע אַרבייט פון די פאַרגאַנגענע צוואַנציג יאָר איז געווען אַרויסגעוואָרפען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען ביז דעמאָלט געגלויבט, אַז מען דאַרף זיך באַטייליגען און זיין אַקטיוו אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, און בויערען פון אינוועניג; מען דאַרף אויפקלערען די אַרבייטער ביז זיי וועלען באַוועגען זייערע יוניאָנס, אַז זיי זאָלען אויפהערען צו זיין בלויז „פּיור ענד סימפּל״ יוניאָנס, נאָר זיי זאָלען זיך אויך באַטייליגען אין זעלבסטשטענדיגער פּאָליטישער אַקציע פון דעם אַרבייטער־קלאַס. דע־ליאָן האָט גע׳טענה׳ט, אַז די־דאָזיגע אַרבייט איז געווען אינגאַנצען אַרויסגעוואָרפען, אַז מען דאַרף בויען אַן אייגענעם, אַ זעלבסטשטענדיגען טרייד־יוניאָן פאַרבאַנד, אַז די פּאָליטישע פּאַרטיי און דער טרייד־יוניאָן פאַרבאַנד זאָלען זיין ענג פאַרבונדען. נאָך מער — אַז דער טרייד־יוניאָן פאַרבאַנד זאָל אויספאָלגען די אינסטרוקציעס פון דער פּאָליטישער פּאַרטיי.

ס׳איז ניט נויטיג דאָ אַריינצוגיין צו טיף אין די איינצעלהייטען פון דער דאָזיגער דריי־גאָרנדיגער פּאָליסי. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכע זיינען געווען מיטגלידער פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און פון „די נייטס אָוו לייבאָר״, האָבען דאָרט געדאַרפט פאַרבלייבען צו בויערען פון אינוועניג און אויפרייסען די יוניאָנס, און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי אויך געדאַרפט זיך אָנשליסען אָן דער „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס״.

אָט אַזאַ מין יעזואיטסטוואָ און דאָפּלטע בוכהאַלטעריע האָט מען געהייסען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען פּראַקטיצירען. ווי מען זעט פון דעם, זיינען די איצטיגע קאָמוניסטען ווייט ניט געווען די ערשטע צו האָבען אַ פּאַטענט אויף יעזואיטישע באַציהונגען צו דער אַרבייטער באַוועגונג.

אין פּראַקטישען לעבען האָט דידאָזיגע פּאָליסי באַלד דערפירט צו אַן אָפענער מלחמה צווישען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען און דער אַרבייטער־באַוועגונג. און עס איז אַ היסטאָרישער קרעדיט: די ערשטע, וואָס האָבען רעוואָלטירט געגען דער דאָזיגער פּאָליסי, זיינען געווען די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, מיט גענאָסע אב. קאַהאַן בראש.

די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען אָנגעפאַנגען דעם רעוואָלט; שפּעטער האָט זיך דער רעוואָלט פאַרשפּרייט אין דער לענג און ברייט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי. אַ פּועל־יוצא פון דעם דאָזיגען רעוואָלט פאַר אַ קאָנסטרוקטיווער באַציהונג צו דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג איז געווען די גרינדונג פון „פאָרווערטס". דער ערשטער נומער „פאָרווערטס", וואָס איז אַרויס דעם 22טען אַפּריל, יאָר 1897, אונטער דער רעדאַקציע פון אב. קאַהאַן, איז געווען דער גרויסער אָנזאָג, אַז פון איצט אָן און ווייטער ווילען סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיך באַטייליגען אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג בלויז אויף אַ קאָנסטרוקטיווען שטייגער; זיי ווילען העלפען בויען און שטאַרקער־מאַכען די יוניאָנס, ניט ברעכען און שפּאַלטען זיי. פון דעמאָלט־אָן האָבען דער „פאָרווערטס" און די „פאָרווערטס׳יסטען" היילִיג אָפּגעהיט די דאָזיגע פּאָליסי.

גלייכצייטיג איז אויך פאָרגעקומען אַ קריסטאַליזירונג אין די ענגלישע ברענטשעס פון דער ס. ל. פּ.; און נאָך אַ פּעריאָדע פון רייסערייען און שפּאַלטונגען, איז ביים אָנפאַנג פון צוואַנציג־סטען יאָרהונדערט, ענדליך, אונטער דער פירערשאַפט פון יודזשין וו. דעבס, מאָריס הילקוויט און די „פאָרווערטסיסטען", מיט אב. קאַהאַן אַלס אָנפירער, געלונגען צו פאַראייניגען אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע כחות אין איין פאַראייניגטער פּאַרטיי — די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע.

די נייע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט אויף דעם זעלבען פּרינציפּיעלען שטאַנד־פּונקט, ווי עס האָבען זיך געשטעלט די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, די „פאָרווערטסיסטען".

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט פאַר אַ קורצער צייט דורכגעלעבט אַן אייגענע שפּאַלטונג, אַ רעזולטאַט פון דעם שטרייט אין דער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג, אָבער האָט גיך גענומען דעם שטאַנדפּונקט פון די „פאָרווערטסיסטען", און איז שוין ווייטער, די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ ביז היינט־צו־טאָג, פאַרבליבען לאָיאַל צו דער פּאָליסי פון קאָנסטרוקטיווער טעטיגקייט אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.

יודזשין דעבס, נייע שטורעמס

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע האָט גענומען וואַקסען. די ס. ל. פּ. און די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס" האָבען געהאַלטען ביים אָפּשטאַרבען.

ס׳איז, אָבער, אויך ניט באַשערט געווען דער נייער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו האָבען רוהיגע טעג.

אין יאָר 1904 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ כוואַליע פון סטרייקס אין דער מידל־וועסט. ספּע־ציעל האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אַ סטרייק פון די מיינערס. אונטער דעם איינפלוס פון די סטרייקס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַנטוויקלען אַ שטאַרקע ראַדיקאַלע באַוועגונג אין לאַנד, און ווי יעדע נייע באַוועגונג, האָט זי צוגעצויגען אַרום זיך אַ צאָל עקסטרעמע עלעמענטען. און יענע עקסטרעמע עלעמענטען האָבען, ביז אַ געוויסען גראַד, געהאַט גאָר אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פירערשאַפט פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג.

אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דער „וועסטערן פעדערײשאָן אָוו מיינערס" איז אין יאָר 1905 געגרינדעט געוואָרען אַ נייער אינדוסטריעלער פאַרבאַנד: „דהי אינדאָסטריעל וואָרקערס אָוו דהי וואָרלד" — אַי־דאַבליו־דאָבליו. צו דער דאָזיגער באַוועגונג איז אויך צוגעשטאַנען יודזשין דעבס. און דאָס, נאַטירליך, האָט געמוזט ווירקען, אַז עס זאָל פאָרקומען אַ צעטיילונג אין די סאָציאַליסטישע רייען איבער דעם ווי אַזוי מען זאָל זיך באַציהען צו דעם נייעם יוניאָן־פאַרבאַנד.

די פיהרער פון דער „אַי־דאַבליו־דאָבליו"־באַוועגונג האָבען גע׳טענה׳ט, אַז די קרעפּט־פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע האָט זיך אינגאַנצען אויסגעלעבט; זי איז אפשר געווען צוגעפּאַסט מיט 25 יאָר פריהער, אָבער די אַנטוויקלונגען פון דער אינדוסטריע פאָדערען, אַז די אַרבייטער זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אינדוסטריעלע יוניאָנס אַנשטאָט פאַך־יוניאָנס. כמעט אַלע סאָציאַליסטען און אַלע ראַדיקאַלען זיינען געשטאַנען אויף דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט, אָבער עס זיינען געווען אַ גרויסע צאָל סאָציאַליסטען, וואָס האָבען, צוליב זייערע ערפאַרונגען אין דער אַרבייטער באַוועגונג גע׳טענה׳ט, אַז ניט געקוקט אויף זייערע סימפּאַטיען מיט דעם אינדוסט־ריעלען יוניאָניזם טאָר מען די טרייד־יוניאָן־באַוועגונג ניט שפּאַלטען, און אַז דער איינציגער וועג ווי אַזוי דער אינדוסטריעלער יוניאָניזם קען קומען צום לעבען איז דורך אַרבייטען אינווייניג אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און דורך איבערצייגען די ברייטע אַרבייטער־מאַסען פאַר דער דאָזיגער פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע.

## „אַי־דאָבליו־דאָבליו" אַ פאַנטאַזיע

די „אַי־דאָבליו־דאָבליו" האָט אין דער ערשטער צייט נאָך איר גרינדונג אָנגעפירט אַ צאָל דראַמאַטישע קאַמפען. זי איז געווען אַ שטורעמדיגע און אינטערעסאַנטע באַוועגונג. פאַר דער קורצער פעריאָדע פון איר עקזיסטענץ איז דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" געלונגען צו באַשאַפען אפילו אַן אייגענעם קולט, אַ פאַרהייליגונג צו זיך; לידלאַך, וואָס זיינען באַשאַפען געוואָרען פון אָנפירער פון דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו", זיינען געזונגען געוואָרען איבער גאַנץ אַמעריקע, און אפילו אין יענע טיילען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג, וואו מען האָט ניט סימפּאַטיזירט מיט דער שפּאַלטונגס־טאַקטיק.

מאָמענטענווייז האָט זיך געדוכט, אַז די „אַי־דאָבליו־דאָבליו" גייט פאַרשלינגען גאַנץ אַמעריקע, אַז זי וועט אָפּווישען די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, איז דאָס געווען ניט מער ווי אַ מיראַזש. די „אַי־דאָבליו־דאָבליו" האָט ניט געהאַט קיין פּראַקטישע און רעאַליסטישע באַציהונג צום אַרבייטער קאַמף. זי פלעגט זיך אויסלאַכען פון דעם, וואָס די קאָנסערוואַטיווע טרייד־יוניאָנס פלעגען שליסען קאָנטראַקטען מיט די באַלעבאַטים. דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" איז געווען אינגאַנצען פאַרשפּאַרט צו שליסען קאָנטראַקטען, ווייל אַלע סטרייקס, וואָס זי האָט אָנגעפירט זיינען געווען אַ דורכפאַל, פאַרלאָרענע.

אין דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" האָט זיך אויך באַטייליגט די האַלב־אָפּגעשטאָרבענע „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס", און בלויז אַ צוויי יאָר שפּעטער האָט די „סאָשעליסט טרייד און לייבאָר עלייענס" מיט דע־ליאָנ׳ען בראש פאַראורזאַכט אַ שפּאַלטונג אין דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו". די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען צוליב דעם, וואָס דע־ליאָנ׳ס גרופּע איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די „אַי־דאָבליו־דאָבליו" דאַרף זיין צו גונסטען פון פּאָליטישער אַקציע. געגען דעם זיינען געשטאַנען אַזעלכע פירער פון דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" ווי וויליאַם העיוואוד, אַרטורא דזשיאָוואנעטי, קאַרלאָ טרעסקא און אַנדערע, וועלכע זיינען געווען אונטער׳ן איינפלוס פון די פראַנצויזישע סינדיקאַליסטען.

אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג האָט די „אַי־דאָבליו־דאָבליו" אַריינגעבראַכט אַן אייגענאַרטיגע צעטומלונג. די קאַפּענמאַכער יוניאָן האָט צום שטאַרקסטען געליטען פון איר. שפּאַלטונגען האָבען זיך באַוויזען אויך ביי די קלאָוקמאַכער. אַ געוויסע צייט האָט אויסגעקוקט, אַז אַ גאַנצע רייע טריידס, צו וועלכער די געווערקשאַפטען איז צוגעטראָטען מיט אָרגאַניזאַציע, וועלען ווערען צעבראָכען דורך דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו". אַ ביטערער קאַמף מיט דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" איז אָנגעגאַנגען אין דעם באַרבער־טרייד. די געווערקשאַפטען איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם, האָט אָבער ניט סימפּאַטיזירט מיט דער שפּאַלטונגס־טאַקטיק פון דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו"; זי האָט זיך אָנטזאָגט צו באַטייליגען אין איר גרינדונג, און איז פאַרבליבען לאָיאַל און געאַרבייט פאַר אַ פּראָגרעסיווען יוניאָניזם אינווייניג אין דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

אָבער קיינע פון די ראַדיקאַלע גרופּירונגען און פּאַרטייען האָט ניט געהאַט אַזאַ מין צעשטערנדע און דעמאָראַליזירענדע ווירקונג, ספּעציעל אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אַלע פריהערדיגע שטורעמס פלעגען אָנהאַלטען בלויז אַ קורצע צייט. דער צעשטערענדער קאָמוניסטישער כח האָלט שוין אַן מער ווי צוואַנציג יאָר צייט.

## דער קאָמוניזם איז געקומען

אין פאַרלויף פון די לעצטע צוואַנציג יאָר האָט דער קאָמוניסטיש־צושטערענדער עלעמענט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע פאָרמען. צוערשט האָבען די קאָמוניסטען געזוכט צו בויערען פון אינווייניג, און זיי האָבען אויפגעטרייסעלט די גאַנצע געדערים און אַלע בלוטען פון דעם אינערליכען לעבען פון דער אָרגאַניזאַציע. קיין אָרגאַניזאַציע האָט ניט געהאַט קיין טאָג רו. אַנשטאָט אָפּצוגעבען זיך מיט דעם קאַמף געגען דעם אויסערליכען שונא, האָט די אָרגאַניזאַציע געדאַרפט הויפּטזעכליך ווידמען איר טעטיגקייט דעם קאַמף מיט די קאָמוניסטען. שפּעטער האָבען די קאָמוניסטען באַשלאָסען, פּונקט ווי עס האָט אַמאָל באַשלאָסען די ס. ל. פּ., אַז די פּאָליסי פון בויערען פון אינווייניג איז אַ דורכפאַל. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון שפּאַלטען און ברעכען, ספּעציעל די אידישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

קיינמאָל אין דער געשיכטע פון ראַדיקאַלע באַוועגונגען איז ניט אָנגעצונדען געוואָרען אַזאַ מין פייער, אַזאַ מין האַס און ברודער־קריג, ווי עס האָבען אָנגעצונדען די קאָמוניסטען. צו יעדער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער זיי האָבען זיך צוגעריירט, האָבען זיי אַזוי ווי אַרויפגעלייגט אַ טויטע האַנט אויף דער קערפּערשאַפט. גליקליך איז געווען די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געקענט דורכמאַכען דעם שטורעם און מער אָדער ווייניגער אַרויסגיין אומבאַשעדיגט.

אַלעמען איז נאָך פריש אין זכרון די טרויעריג־באַרימטע פעריאָדע פון דער זאָגענאַנטער „עקשאָן־קאָמיטע" אין דער אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן. די אינטערנעשאַנאַל איז געלעגען אַ צובלוטיגטע; ממש בלוט האָט זיך געגאָסען אין די גאַסען. קיין שום כח איז ניט פאַרבליבען אין דער יוניאָן צו שטעלען זיך געגען די באַלעבאַטים. דורך דעם קאַמף איז אַוועק יעדער אָטעם פון דער יוניאָן. עס האָט שוין זיך אויסגעדוכט, אַז די אינטערנעשאָנאַל

וועט קיינמאָל ניט קענען קומען צו זיך. אין פאַרלויף פון דערדאָזיגער פעריאָדע, האָבן די קאָמוניסטן אָרגאַניזירט דועל־יוניאָנס; האָט די אינטערנעשאָנאַל אַרויסגערופן אַ סטרייק, איז געווען אַ מצוה ביי די קאָמוניסטן צו סקעבן.

דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט אין דער אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן. ספּעציעל די ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַשטייט אין אַ גרויסער מאָס פון אידישע אַרבייטער, האָט געליטן צוליב דער קאָמוניסטיש־ברעכערישער טעטיגקייט. די ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן הילפלאָז. די אַרבייטס־באַדינגונגען זיינען געפאַלן. ס׳האָט געהאַלטן דערביי, אַז די פירער־שאַפט פון דער אַמאַלגאַמייטעד, כדי צו ראַטעווען די ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציע פון אונטערגאַנג, זאָל זיין גרייט איבערצוגעבן די קאָמוניסטן דעם קאָנטראָל פון דער ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציע. די קאָמוניסטן האָבן מיט דעם זיך ניט באַנוגענט. זיי האָבן געפאָדערט אַ גאַנצן פונט פלייש; זיי האָבן געוואָלט פולן קאָנטראָל איבער דער אַמאַלגאַמייטעד. צוליב אָט־דעם גרויסן פרייז, וואָס די קאָמוניסטן האָבן פאַרלאַנגט פון דער אַמאַלגאַמייטעד, האָט דאָס טיילווייז געראַטעוועט די יוניאָן. די אַמאַלגאַמייטעד איז שוין געצוואונגען געוואָרן צו פירן אַן אַנטשלאָסענע מלחמה געגען די קאָמוניסטן, און אין דער מלחמה האָבן די קאָמוניסטן פאַרלאָרן.

אין דער מילינערי יוניאָן זיינען די קאָמוניסטן ניט געווען אַזוי ערפאָלגרייך. דאָרטן האָבן די קאָמוניסטן זיך אָנגעשטויסן אַזוי ווי אָן אַן אייזערנער וואַנט. און טראָץ זייערע אינטריגעס, איז די קאָמוניסטן קיינמאָל ניט געלונגען אַריינצודרינגען צו־טיף אין דער מילינערי יוניאָן. שאדן האָבן זיי דאָך דאָרטן אָנגעטאָן.

וואו אויף אַ גרעסערן און וואו אויף אַ קלענערן מאַסשטאַב, וואו־נאָר די קאָמוניסטן איז געלונגען אַריינצודרינגען, האָבן זיי אומעטום איבערגעלאָזן חורבן, פאַרזייט ברודער־האַס, באַשאַפן אַ בירגער־קריג.

## קאָמוניסטישער כח, קאָמוניסטישע קרבנות

פון וואַנען נעמט זיך די שטאַרקייט פון די קאָמוניסטן? עהנליכע באַוועגונגען האָבן ניט געקענט אָנהאַלטן זייער עקזיסטענץ מער ווי אַ פּאָר יאָר. איז טאַקע נויטיג אונטער־צושטרייכן, אַז מיט זייער אייגענעם כח וואָלטן אויך די קאָמוניסטן ניט געקענט אָנהאַלטן קיין עקזיסטענץ מער ווי אַ יאָר צייט. די קאָמוניסטן ציהען, אָבער, זייער יוניקה, זייער שטאַרקייט, פון אַ מלוכה — סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס האָט אַ באַפעלקערונג פון אַ הונדערט מיט פינף־און־זיבעציג מיליאָן מענשן, און פאַרנעמט אַ שטח פון אַ זעקסטעל פונ׳ם גאַנצן ערד־קוגעל. די קאָמוניסטן ווערן סובסידירט פון דער־דאָזיגער מלוכה. און די שטאַר־קייט פון די קאָמוניסטן באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זיינען אַ דיסציפּלינירטע אַרמיי, און זיי האָבן ניט קיין שום אַכטונג פאַר מאָראַלע באַגריפן. אַלע מיטלען זיינען כשר, אויב זיי דינען נאָר דעם ציל. אַלע מיטלען: כאַבאַר, גרעפט, גנבה, גזילה, שווינדעל, אָפּנאַרן, אונטער־קויפן מענשן, פּראַווען די ווילדסטע יעזואיטישע שטיק. אַלץ איז כשר, אויב עס דינט נאָר דעם קאָמוניסטישן צוועק.

די גאָר־לעצטע מעטאָדן פון די קאָמוניסטן זיינען פיל געפערליכער ווי די פריהערדיגע מעטאָדן, וואָס זיי האָבן פּראַקטיצירט. אין יאָר 1934 האָבן די קאָמוניסטן אויפגעגעבן זייער דועל־יוניאָן־טאַקטיק, זייערע סקעב־קרעמלאַך, און אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט אַ פּאָליסי פון פּאַראייניגטע פראָנטען. אַ סך טוער פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג זיינען געווען, און פיהלן זיך אויך איצט, אויסגעמאַטערט פון דעם ברודער־קאַמף; האָבן די קאָמוניסטן דאָס אויסגענוצט פאַר זייערע פּאַרטיי־צוועקן. געגען טוער און פיהרער פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג וואָס לאָזן זיך ניט אַרייננאַרן אין די פּאַראייניגטע פראָנטען מיט זיי, פאַרשפּרייטן די קאָמוניסטן די שענדליכסטע בלבולים. זיי דערגייען אַזעלכע יוניאָן־פירער די יאָרן אין דער אָרגאַניזאַציע; מען לאָזט דער אָרגאַניזאַציע ניט אָנגיין מיט איר טאָג־טעגליכער אַרבייט. פון דער אַנדער זייט, די פירער, וואָס גייען איין צו זיין מיט די קאָמוניסטן אין פּאַראייניגטע פראָנטען, לאָזט מען צורו. די קאָמוניסטן נאַרן אַריין ביסלאַכווייז אַזעלכע יוניאָן־טוער אין אַ פּאַסטקע. אין אָנפאַנג שטעלן ניט די קאָמוניסטן צו־גרויסע פאָדערונגען. זיי פאַר־לאַנגען בלויז, אַז מען זאָל אַרויסווייזן אַביסעל פריינדשאַפט צו די כלומרשט אומשולדיגע אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַשאַפן, ווי די „ליג פאָר פּיעס ענד דעמאָקראַסי" און ענליכע אָר־גאַניזאַציעס. שפּעטער נעמען שוין די קאָמוניסטן אַזעלכע טרייד־יוניאָן־פירער אין די הענט אַריין. אָט אַזוי ווי איינער, וואָס באַנוצט זיך מיט אָפּיום־דראָגס, ווערט אַריינגעצויגען אין דעם נעסט פון די אָפּיום־פעדלער ביז וואַנען דער קרבן קען זיך שוין ניט ראַטעווען, אַזוי ציהען אַריין די קאָמוניסטן יענע טרייד־יוניאָן פירער, וועלכע לאָזן זיך גיין מיט זיי אויף פאַר־אייניגטע פראָנטען. וואָס ווייטער אַלץ מער ווערן זיי געצייג אין די קאָמוניסטישע הענט. אַלע אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג טרייסלען זיך אָפּ מיט דער צייט פון אַזעלכע יוניאָן־באַאַמטע; זיי ווערן איזאָלירט; און ווילן זיי אָנהאַלטן זייערע פּאָזיציעס, מוזן זיי שוין טאָן אַלץ וואָס די קאָמוניסטן הייסן זיי. און וויל איינער רעוואָלטירן, איז אויב ער כאַפּט

זיך צו שפּעט, ווערט ער ערשט אַ קרבן פון די קאָמוניסטען. דער רעזולטאַט פון אַזעלכע מענשען איז זעהר אַ טרויעריגער. צענדליגע אַזעלכע, וואָס האָבען געמאַכט פּאַראייניגטע פראָנטען מיט די קאָמוניסטען, זיינען שפּעטער צעטראָמפּעלט געוואָרען דוקא פון די קאָמוניסטען.

אָבער בלויז דער שוואַכער עלעמענט פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, ניט קיין געבענשטער מיט פּרינציפּען און מיט כאַראַקטער צו שטרייטען פאַר זיי, לאָזט זיך פאַרנאַרען אין דער קאָמוניסטישער פּאַסטקע. דאָס איז אַן עלעמענט, וואָס וויל האָבען וואָס אַ „רוהיגערען", וואָס „באַקוועמערען" לעבען, אַ קאַריעריסטען־עלעמענט. פּרינציפּיעלע מענשען קענען די קאָמוניסטען ניט אָפּנאַרען. די פּרינציפּיעלע מענשען באַקעמפען די קאָמוניסטען איצט נאָך שטאַרקער ווי פריהער, ווייל זיי זעהען־איין, אַז וואָס ווייטער ווערען די קאָמוניסטען אַלץ געפערליכער.

## אויסניכטערונג

וואָס מען קען מערקען אין די לעצטע פּאָר יאָר איז, אַז די מער אויפריכטיגע פון דער אַרבייטער באַוועגונג און די מער ערליכע פון דער אינטעליגענץ פון אַמעריקאַנער און אידישען לעבען, וואָס זיינען ביים אָנפאַנג פון קאָמוניזם באַצויבערט געוואָרען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבען ביסלאַכווייז זיך אויסגעניכטערט, און איצט זיינען זיי צווישען די, וואָס באַקעמפען דעם קאָמוניזם מיט זיין יעזואיטישער פּאָליטיק צום שטאַרקסטען.

אין דעם גאַנצען פּראָצעס פון קאָמוניסטישער צושטערונגס־און צוברעכונגס־אַרבייט איז די פּאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען געשטאַנען ווי דער שטאַרקסטער זייל געגען די קאָמוניסטען. די פּאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אַליין איז קיינמאָל ניט אָנגעגריפען געוואָרען פון דער קאָמוניסטישער חלאת. און ווען די גרויסע אידישע יוניאָנס זיינען געלעגען אויסגעמאַטערטע, צובלוטיגטע, מאַכטלאָזע פון דער קאָמוניסטישער צושטערונגס־אַרבייט, האָט די פּאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אָנגעפאַנגען אַ ריזיגען קאַמף געגען די משיחים. זי האָט אָרגאַניזירט אַ „פּרעזערוויישאָן־קאָמיטע", וואָס האָט דורך אויפקלערונג דיסקרעדיטירט די קאָמוניסטען, און אַזוי אַרום זיינען זיי באַזייטיגט געוואָרען פון איינפלוסרייכע פּאָזיציעס אין אַ סך יוניאָנס.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אויך ניט אַלעמאָל געבענשט געוועזען צו קענען שפּילען אַן איינהייטליכע, אויסגעהאַלטענע און קאָנסטרוקטיווע ראָלע אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. פון צייט־צו־צייט זיינען געווען פּעריאָדישע אויסברוכען. אין יאָר 1905 איז דאָס געווען די „אַי־דאָבליו־דאָבליו"; אין יאָר 1917 איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַליין געשפּאָלטען געוואָרען פון די קאָמוניסטען, און אין יאָר 1929 איז ווידער, צוליב אינערליכער אינטריגאַנטישער טעטיגקייט מצד די קאָמוניסטען, נאָכאַמאָל געשפּאָלטען געוואָרען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. און אין דער צייט פון די פּעריאָדישע אויסברוכען האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ניט געקענט אָנהאַלטען קיין איינהייטליכע שכל'דיגע באַציהונג צו די יוניאָנס. עס איז געווען אַ גרויסע צאָל יחידים, וואָס האָבען פאַרגעזעצט די פּאָליסי פון פריינדשאַפט און געטריישאַפט צו דער טרייד יוניאָן־באַוועגונג; עס זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע וואָס זיינען אָנגעשטעקט געוואָרען מיט קאָמוניסטישע קראַנקהייטען, און זייער טעטיגקייט איז געווען אַ צושטערענדע.

אָבער די לעצטע שפּאַלטונג, וואָס די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען האָבען דורכגעפירט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט קיין גרויס שאָדען ניט געטאָן, ניט דער אַלגעמיינער און ניט דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון נאָרמאַן טהאָמאַס, וועלכע זיינען געווען אָנגעגליהט פון קאָמוניסטישער אַגיטאַציע, האָבען דערפירט ביז צו אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ניט אַזוי צוליב ענינים פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, ווי צוליב אַ פּאָליטישער מיינונגס־פאַרשיידענהייט. די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען האָבען אָנגעפאַנגען אַגיטירען פאַר אַ פּאַראייניגטען פראָנט מיט די קאָמוניסטען, און זיי האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל אַריינשטעלען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־פּלאַטפאָרמע קאָמוניסטישע פּונקטען, באַרעכטיגונג פון גוואַלדטאַטען און דיקטאַטור.

## צווייערליי סאָציאַליסטען

נאָר אַזוי שנעל ווי די מיליטאַנטען האָבען דורכגעפירט די שפּאַלטונג, זיינען זיי אינגאַנצען איזאָלירט געוואָרען פון דער אַרבייטער באַוועגונג. ניט אין די אידישע יוניאָנס און ניט אין די אַמעריקאַנער יוניאָנס האָבען זיי געהאַט אַ וועלכע אָנהעגערשאַפט. זיי האָבען קיין גרויסען שאָדען ניט געקענט טאָן.

בשעת די שורות ווערען געשריבען קומט פאָר אַן אויסניכטערונג־פּראָצעס ביי די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען. ערפאַרונגען האָבען זיי אַרויסגענומען פון טרוימערייען און קאָמוניסטישע איינפלוסען. די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען זיינען איצט צווישען די ביטערסטע באַקעמפער פון די קאָמוניסטען מיט די פּאַראייניגטע פראָנטען. און די קאָמוניסטען קוקען אויף די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטען ווי אויף זייערע ערגסטע שונאים, ווען מען דאַרף אויסראָטען, אויסוואָרצלען פון דער אַרבייטער באַוועגונג. דאָס איז דער פּרייז וואָס די מיליטאַנטען באַצאָלען פאַר זייער וועלען עקספּערימענטירען מיט קאָמוניזם.

אויך אין דעם קאַמף צווישן די מיליטאַנטישע סאָציאַליסטן און די דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן איז די געווערקשאַפטן געבליבן לאָיאַל צו אירע טראַדיציעס; איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן. דאָס איז געווען אַ נאַטירליכע ערשיינונג. די דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן זיינען אימער געווען לאָיאַל צו די געווערקשאַפטן, איז געווען נאַטירליך, אַז די געווערקשאַפטן זאָל זיך באַטראַכטן ווי אַ טייל פון דער באַוועגונג, אָנגעפירט פון די דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן.

יעדעס מאָל ווען עס פלעגט פאָרקומען אַ נייער, שטאַרקער עקאָנאָמישער קריזיס אין אַמעריקע, פלעגט באַלד ווערן אַ נייער אויסברוך אין דער אַרבייטער באַוועגונג. אין דעם פּרט איז די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג אימער געווען אַזוי ווי פאַרשאָלטן. עס זיינען דאָ מעכטיגע סאָציאַליסטישע און טרייד־יוניאָן באַוועגונגען אין אייראָפּע, וואָס האַלטן אָן פאַר צענדליגער יאָרן זייער עקזיסטענץ אָהן אַ וועלכער געפאַר פון שפּאַלטונגען. אַנדערש איז אין אַמעריקע. דאָ האָט יעדער גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס געפירט צו אַ שפּאַלטונג אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

דער קריזיס פון יאָר 1929, וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע לאַנד, האָט אויך געהאַט זיין ווירקונג אויף דער אַרבייטער באַוועגונג. עס האָט נאָר געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז צושטערענדע אַרבייט האָט זיך אָנגעפאַנגען. דערפאַר האָט די שפּאַלטונג זיך פאַרשפּרייט אויף אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב.

און דאָס מאָל האָט די שפּאַלטונג אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג זיך אָנגעפאַנגען ניט דורך אַ דרויסענדיגען ראַדיקאַלען כח, נאָר פון די אינווייניגסטע כחות אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. און די מערקווירדיגסטע זאַך דערביי איז, וואָס דזשאָהן ל. לואיס, דער פירער פון דער מאַינערס יוניאָן, וועלכער איז פאַררעכענט געווען אַלס איינער פון די קאָנסערוואַטיווסטע פיהרער פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, איז גאָר געוואָרן דער הויפּט אָנפירער פון אַ באַוועגונג, וואָס שטויסט צו שפּאַלטונגען.

דער קאַמף איז געוואָרן פון דעם, וואָס אַ גרופּע איינפלוסרייכע יוניאָנס אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָבן אָנגעהויבן פירן אַ מעכטיגע אַגיטאַציע, אַז דער איינציגער וועג ווי אַזוי מען קען אָרגאַניזירן די אינדוסטריען פון מאַסען־פּראָדוקציע, איז בלויז דורך אינדוסטריעלע יוניאָנס, און אַז די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר זאָל דערפאַר אַרויסגעבן אינדוסטריעלע טשאַרטעס פאַר אַזעלכע יוניאָנס.

## די „סי־אַי־אָ" אויף דער סצענע

צוערשט איז דער גרופּע געלונגען דורכפירן אַ רעזאָלוציע ביי אַ קאָנווענשאָן פון דער א. פ. אָוו ל. אין סאַן־פראַנציסקאָ, אין יאָר 1935, וואָס האָט פאַרפליכטעט די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר צו אַזאַ יוניאָן־קאַמפּיין. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט די גרופּע, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער דורכפירונג פון דער רעזאָלוציע, געהאַט טענות, אַז די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר איז ניט געווען ווירקזאַם גענוג, האָט פאַרנאַכלעסיגט צו טאָן די וויכטיגע אַרבייט. עס האָט דערפון זיך אַנטוויקעלט אויך אַ פּערזענליכער קאַמף. די צוויי קאָנסערוואַטיווע פריינט אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, וועלכע זיינען אַלעמאָל געשטאַנען מיט דער רעפּובליקאַנער מאַשין — דזשאָהן לואיס פון דער מיינערס יוניאָן און וויליאַם האָטשינסאָן פון דער קאַרפּענטערס יוניאָן — זיינען אַריין אין אַ געשלעג. דאָס האָט אַריינגעבראַכט פּערזענליכע פאַרביטערונג.

נאָך דער קאָנווענשאָן האָבן אַ צאָל איינפלוסרייכע יוניאָנס — צווישן זיי די מילינערי־אָרגאַניזאַציע אין די אינטערנעשאָנאַל און די אַמאַלגאַמייטעד — געגרינדעט די „קאָמיטע פאַר אינדאָסטריעל אָרגאַניזיישאָן" — סי אַי אָ. אין איר ערשטען מאַניפעסט האָט די סי. אי. אָ פאַרשפּראָכען, אַז זי וועט זיך פאַרנעמען בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבייטער פון די מאַסען־פּראָדוקציע־אינדוסטריען, און אַזוי שנעל ווי זיי וועלען ווערן אָרגאַניזירט, וועלען זיי גלייך טרענספערירט ווערן אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. אָבער די צייט האָט באַוויזען, אַז דאָס איז געווען אַ פּוסטער פאַרשפּרעכען. ביסלאַכווייז איז די סי. אַי. אָ. פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ זעלבסטשטענדיגען יוניאָן־צענטער, און איז געוואָרן אַ דועל־אָרגאַניזאַציע צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

דער ברודער־קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט. קיינמאָל האָט דער ברודער־קריג אין דער אַרבייטער באַוועגונג ניט פאַרנומען אַזאַ מין ברייטע אַרענע. אַ געוויסע צייט האָט די סי. אַי. אָ. געמאַכט ריזיגען פאָרשריט. עס האָט אויסגעקוקט, אַז זי אָרגאַניזירט די וויכטיגסטע אינדוסטריען פון לאַנד, הגם יעדער אָביעקטיווער בעאָבאַכטער האָט געקענט זען, אַז פאַראַנטוואָרטליך פאַר די גרויסע זיגען זיינען געווען די ספּעציעלע באַדינגונגען פון לאַנד. דער קריזיס האָט געבראַכט אין וואַשינגטאָן דעם פּראָגרעסיווען „ניו־דיעל" מיט פּרעזידענט רוזוועלט בראש. אַ מעכטיגע פּראָגרעסיווע און ליבעראַלע כוואַליע האָט זיך צוטראָגען איבער'ן לאַנד. פּרעזידענט רוזוועלט האָט דורכגעפירט דעם „נ. ר. א."־פּראָגראַם, וואָס האָט געדינט די אַרבייטער אַלס אַ מעכטיגע אָנרעגונג צו אָרגאַניזירן זיך, און ווען דער סופרים־קאָורט האָט בטל־געמאַכט

די נ. ר. א., איז אָנגענומען געוואָרען פון קאָנגרעס אַ געזעץ, וואָס האָט געגעבען די אַרבייטער אַ „מאַגנאַ־קאַרטאַ״, דעם וואַגנער־עקט, עס האָט פאַרפליכטעט די באַלעבאַטים צו פאַרהאַנדלען מיט די אַרבייטער קאָלעקטיוו — אָנערקענען יוניאָנס.

צוליב דער פּראָגרעסיווער שטימונג פון לאַנד, אַ דאַנק די נייע פּראָגרעסיווע אַרבייטער־געזעצגעבונגען, האָבען געמאַכט פאַרשריט אי די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, אי די סי. אַי. אָ.; און ווען ניט אַט־די ספּעציעלע באַדינגונגען, ווער־ווייס וואָס פאַר אַ שאָדען עס וואָלט געבראַכט די שפּאַלטונג צווישען דער סי. אַי. אָ. און דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר!

## בארג־אַראָפּ

אין יאָר 1937 האָט ווידער זיך אָנגעפאַנגען אַן עקאָנאָמישער קריזיס. די סי. אַי. אָ. האָט פאַרלאָרען איר ערשטען גרויסען קאַמף מיט „ליטל סטיל״ (די קלענערע שטאָל־מאַגנאַטען). די סי. אַי. אָ. האָט זינט דאַן אָנגעפאַנגען גיין בארג־אַראָפּ. דער מעכטיגער אָרגאַניזאַציאָנס־דרייוו האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָבער הויפּטזעכליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם פּראָצעס פון באַרג־אַרונטער פאַר דער סי. אַי. אָ. זיינען, ערשטענס, דאָס, וואָס די קאָמוניסטען האָבען אָנ־געפאַנגען פירען שרעקליכע אינטריגעס אין אַלע סי. אַי. אָ.־יוניאָנס וואו זיי איז געלונגען אַריינ־צודרינגען, און צווייטענס, דאָס, וואָס די אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן און די מילינערי יוניאָן האָבען אָנגעפאַנגען אַ גרויסע פרידענס־באַוועגונג מיט דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. דאָס, וואָס דזשאָהן לואיס איז געווען איינגעשפּאַרט און ניט דערלאָזען צו פרידען, האָט אויך געפירט צו דעם, אַז די אַקציעס פון דער סי. אַי. אָ. זאָלען פאַלען.

די באַוועגונג, וואָס די אינטערנעשאָנאַל און מילינערי יוניאָנס האָבען אָנגעפאַנגען פאַר פרידען, האָט געהאַט אַ מעכטיגען אָפּקלאַנג איבערן לאַנד, ספּעציעל אין דער אַרבייטער באַווע־גונג. פרידענס־קאָנפערענצען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען צווישען קאָמיטעס פוןביידע צדדים און ס'איז שוין אויסגעאַרבייט געוואָרען צווישען זיי אַ באַשטימטער שלום־אָפּמאַך, מיט וועלכען די ברייטע עפנטליכקייט איז גוט באַקאַנט. דער אָפּמאַך איז געווען גינסטיג פאַר דער סי. אַי. אָ. דאָך, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די פרידענס־קאָמיטע פון ביידע צדדים איז איינגעגאַנגען אויף דעם דאָזיגען אָפּמאַך, האָט דזשאָהן לואיס אין דער לעצטער מינוט דעם אָפּמאַך וועטאָאירט, און דער קאַמף האָט זיך צופלאַקערט נאָך מער.

דאָס האָט ניט אָפּגעשטעלט די פרידענס־באַוועגונג. די אינטערנעשאָנאַל און די מילינערי יוניאָן פירען אָן די באַוועגונג פאַר פרידען מיט נאָך מער אימפּעט. ביי דער לעצטער קאָנווענ־שאָן פון דער א. פ. אָוו ל. אין יוסטאָן, טעקסעס, האָט זיך געהערט אַ טאָן פון פרידען אויך פון דעניעל טאָבין, הויפּט־באַאַמטער פון דער טימסטערס יוניאָן, איצט איינע פון די גרעסטע אָרגאַניזאַציעס אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

טאָבינ'ס אַרויסטריט איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט געשיקט אַ מעסעדזש צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, אין וועלכען ער האָט אַפּעלירט, אַז מען זאָל לאָזען אָן אָפענע טיר פאַר פרידען, און געוואָרענט, אַז אויב דער קריג וועט פאָרטגעזעצט ווערען, וועלען דורך דעם ליידען בלויז די אַרבייטער. און עס האָבען איצט ווייטער אָנגעפאַנגען בלאָזען נייע פרידענס־ווינטען. זיינען דאָ שטאַרקע פרידענס־ווינטען, אָבער אין דעם מאָמענט ווען דאָס ווערט געשריבען, איז נאָך קיין ממשות'דיגער וועג צו פרידען ניטאָ.

## ווידער קאָמוניסטישע שדים

דער גרעסטער צושטערענדער כח אין דער סי. אַי. אָ. זיינען די קאָמוניסטען. ווען די סי. אַי. אָ. האָט זיך אָרגאַניזירט, זיינען די קאָמוניסטען אַרויסגעטראָטען געגען דער סי. אַי. אָ. לואיס איז געווען ביי די קאָמוניסטען פאַרהאַסט מער ווי אירגענד וועלכער אַנדערער פירער אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. אין קיין יוניאָן האָט מען אַזוי ברוטאַל ניט באַהאַנדעלט די קאָמוניסטען ווי אין דער מיינערס יוניאָן. דאָרט האָט מען זיי אמת גע'רודפ'ט; מען האָט זיי קיינמאָל ניט צוגעלאָזען קומען צום אויסדרוק. אין דער קאָנסטיטוציע פון דער מיינערס יוניאָן געפינט זיך אַ פּונקט, אַז אַ קאָמוניסט טאָר אפילו ניט אַריינגענומען ווערען אַלס מיטגליד אין דער יוניאָן. די קאָמוניסטישע פּרעסע האָט פאַר די לעצטע צענדליג יאָר, זינט איר גרינדונג, באַצייכענט לואיס'ן מיט די ערגסטע, מיט די ווילדסטע צונעמען. און ווען די סי. אַי. אָ. איז געגרינדעט געוואָרען, האָבען די קאָמוניסטען ערקלערט, אַז דזשאָהן לואיס וויל גרינדען גרויסע אינדוסטריעלע יוניאָנס כדי ער זאָל קענען אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב פאַרקויפען די אַרבייטער צו די באַלעבאַטים. אָבער מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָבען זיך די קאָמוניסטען אַרומגעזוכט, אַז די סי. אַי. אָ. איז אַ קלאָנדייק פאַר זיי.

ווי שדים האָבען קאָמוניסטען אַן אָרט נאָר אין פינסטערע וועלדער, און ווי ווערים פלאַדיען זיי זיך בלויז אין מוטנעם וואַסער. און איבערקערען דעם פעלץ איז ביי די קאָמוניסטען איינע פון

די לייכטסטע זאַכען. נעכטען האָט די סי. אַי. אָ. ניט געטויגט; לואיס איז געווען אַ „נידער־טרעכטיגער פאַררעטער”; און היינט איז ביי זיי לואיס פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין איינעם פון די „גרעסטע רעוואָלוציאָנערען” און פון די „גרעסטע דערלייזער פון די אַרבייטער”. און פונקט ווי אין אַלע אַנדערע פאַלען, האַנדעלט זיך ניט ביי די קאָמוניסטען וועגען פרינציפען. עס האַנדעלט זיך ביי זיי אָן דעם, וואָס דער צוועק היילגט דעם מיטעל. דער פרינציפ פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם גייט זיי אַבסאָלוט ניט אָן. ביי זיי איז דער עיקר וואָס אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר זיינען זיי שרעקליך דיסקרעדיטירט, און אין אַ נייער באַוועגונג, האָפען זיי, וועט זיי געלינגען גרינגער זיך צו באַפעסטיגען.

## אויבען־אויף און אין דער שטיל

צוליב דעם, וואָס די סי. אַי. אָ. האָט אָנגעפירט אַ ביטערען קריג מיט דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, איז די ערשטע געווען געצוואונגען צו שטיצען־זיך אויף די קאָמוניסטען. אָפיציעל האָט דאָס געהייסען, אַז די סי. אַי. אָ. האָט קיין זאַך ניט צו טאָן מיט די קאָמוניסטען, אָבער די סי. אַי. אָ. האָט צוגעמאַכט אָן אויג אויף אַלע קאָמוניסטישע אינטריגעס און אפילו קאָמוניסטישע פאָליטישע טעטיגקייטען. אין די אייגענע גרויסע יוניאָנס, אין דער מיינערס יוניאָן און אין דער אַמאַלגאַמייטעד האָט מען די קאָמוניסטען טאַקע ניט צוגעלאָזען; דאָס האָבען די פיהרער פון דער סי. אַי. אָ. געטאָן צוליב זעלבסט־פאַרהיטונג; אָבער דערפאַר האָט מען פאַר זיי איבערגעלאָזען אַ פרייען פעלד אין די ניי־געגרינדעטע יוניאָנס.

איז דאָס געווען אויסגערעכענטע סטראַטעגיק מצד די פירער פון דער סי. אַי. אָ., אָדער הילפלאָזיגקייט? די צייט וועט עס אויפדעקען. דערווייל האָבען די קאָמוניסטען אָנגעמאַכט אַ חורבן אין אַ צאָל סי. אַי. אָ. יוניאָנס. די אויטאָמאָביל־אַרבייטער יוניאָן געפינט זיך איצט אַ צובלוטיגטע צוליב אַ ברודער־קריג פאַראורזאַכט פון די קאָמוניסטען, און דאָס זעלבע איז אויך אין דער טעקסטיל אַרבייטער־יוניאָן, אין דער פלעיט גלעז ענד אייראָן וואָרקערס יוניאָן, אין דער ראָבער־אַרבייטער יוניאָן, אין די שיף־אַרבייטער יוניאָנס, און אין אַלע קלענערע יוניאָנס, וואו מען האָט די קאָמוניסטען צוגעלאָזען.

מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז דער גרעסטער אומגליק פאַר דער סי. אַי. אָ. איז דער קאָמוניסטישער איינפלוס אין אירע רייען. די קאָמוניסטען באַגרייפען זעהר גוט, אַז אויב פרידען וועט געשלאָסען ווערען, קען נעמען שלאָגען זייער לעצטע שעה אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. טוען זיי אַלע זאַכען אין דער וועלט צו האַלטען אויפגעהעצעט די געמיטער, כדי ניט צו דערלאָזען אַ פרידען אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

מיר זיינען איבערצייגט, אַז די איינציגע זאַך, וואָס עס קען ראַטעווען דעם פרינציפ פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם און די דערגרייכונגען, וואָס זיינען אויסגעקעמפט געוואָרען פון דער סי. אַי. אָ., איז בלויז אַ באַלדיגער פרידען מיט דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

און אויך אין דעם פרט, אין אָט דעם קריטישען מאָמענט אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג, האָט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען געשפּילט אַ וויכטיגע און קאָנסטרוקטיווע ראָלע. אין אירע רייען געפינען זיך אי יוניאָנס פון דער סי. אַי. אָ., אי יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, און ווי אַ גוטע מאַמע, זאָגט זי: — איך וויל ניט צושניידען דאָס קינד, און דאָס איז אַ הילף צו טרייבען די פרידענס־באַוועגונג ווייטער.

## שלום־באַמערקונג

פון די טיפענישען פון מיין האַרצען, באַגריס איך די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו איר פופציג־יאָריגען יובילי. עס איז באמת אונזער אַלעמענס יום־טוב. די אידישע אַרבייטער מעגען זיך גראַטולירען מיט זייער היסטאָרישער ראָלע און מיט זייער ווייטער פאַרצווייגען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, קען זיך פיהלען שטאָלץ מיט איר גרויסען בייטראַג צו דער אַרבייטער באַוועגונג.

אין דעם אַרטיקעל האָב איך דערמאָנט בלויז געציילטע פיגורען, וואָס האָבען געשפילט היסטאָרישע ראָלעס אין דער אַרבייטער באַוועגונג, ראָלעס פון באַפרייער. עס זיינען דאָ הונדערטער נעמען, וואָס דאַרפען פאַרצייכענט ווערען — נעמען פאַרהייליגט צו ווערען. פאַר אַלע אַזעלכע נעמען ציה איך מיין הוט.

# אידישע סאָציאַליסטען און אידישע יוניאַנס

**פאַרוואָס אַ גרויסע צעשפּרייטע יוניאָן־באַוועגונג און אַ קליינע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־באַוועגונג**

פון נ. כאַנין

אידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סך פריער, ווי די אידישע פּאָגראָמען אין דער צאַרישער רוסלאַנד אין די אַכציגער יאָרען פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. יענע אימיגראַציע האָט, אָבער, ניט געטראָגען קיין מאַסען־כאַראַקטער. עס זיינען דעמאָלט געפאָרען קיין אַמעריקע אידען, וועלכע האָבען זיך פאַרזינדיגט אין זייערע לענדער און זיי האָבען געמוזט אַנטלויפען כדי ניט אויסצושטיין שטרענגע שטראָפען. עס זיינען אויך געפאָרען סוחרים, וועלכע האָבען געזוכט נייע פאַרבינדונגען אין זייער געשעפטלאַך לעבען. די אמת גרויסע מאַסען־אימיגראַציע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין די אַכציגער יאָרען, נאָך אַ כוואַליע פּאָגראָמען אין אַ גאַנצער רייה שטעט פון זיד־רוסלאַנד.

וואַנדערונג פון אינטעליגענץ

די פּאָגראָמען זיינען דעמאָלט געקומען ווי אַ רעאַקציע געגען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, געפירט פון דער רוסישער אינטעליגענץ אונטער דעם נאָמען פון אַ פּאַרטיי, ווי זי האָט געהייסען אין רוסיש: „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ”, און אין אידיש: „דער ווילען פון פאָלק”.

די דאָזיגע פּאַרטיי האָט דורכגעפירט דעם טויט אויפן רוסישען צאַר, אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, אין יאָר 1881, און אין יענער צייט האָבען זיך גענומען שיטען גזירות אויף דער אידישער באַפעלקערונג. די צאַרישע רעגירונג האָט אָרגאַניזירט פּאָגראָמען, מען האָט אָנגעפאַנגען צו טרייבען אידען פון די דערפער, און אַ גרויסע צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג איז אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון איינגעפונדעוועטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. די אידען האָבען גענומען זוכען אַ נייע היים וואוהין צו עמיגרירען, און טויזענטער זיינען דעמאָלט געפאָרען קיין אַמעריקע.

צוזאַמען מיט זיי איז אויך געפאָרען אַ גרויסע צאָל אידישע אינטעליגענטען, וועלכע האָבען זיך באַטייליגט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ווען די באַוועגונג איז צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען נאָך דעם טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, האָבען אויך זיי געזוכט אַ נייע היים פאַר זיך.

אַ טייל זיינען געפאָרען קיין ארץ ישראל, אָבער די גרעסטע צאָל איז געפאָרען קיין אַמעריקע.

די אידישע פאָלקס־מאַסע איז געפאָרען קיין אַמעריקע זוכען פערזענליכען גליק, אַ פלאַץ וואו צו אַרבייטען און צו שאַפען פאַר זיך אַ רוהיגען לעבען; די אידישע אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען סאָציאַליסטיש געשטימט, איז געפאָרען קיין אַמעריקע, צו דער פרייער לאַנד, איינצופירען סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס, וואָס זאָלען דינען פאַר אַ ביישפּיל פאַר דער גאַנצער וועלט ווי אַזוי סאָציאַליזם קען איינגעפירט ווערען אויף אַ רוהיגען, פרידלאַכען און מענטשלאַכען אופן.

דורכפאַל פון קאָלאָניעס

נאַטירליך, איידער מען האָט געקענט בויען די קאָלאָניעס, האָט מען זיך אַפריער געדאַרפט באַזעצען אין ניו יאָרק, באַקענען זיך מיט די באַדינגונגען פון לאַנד, כדי צו קענען אויסקלייבען די פּאַסענדע פלעצער פאַר אַזוינע סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס. זייענדיג אין ניו יאָרק, האָט זיך צווישען דער ניי־אַריבערגעקומענער אינטעליגענץ גענומען שאַפען מיינונגס־פאַרשיידענהייטען וועגען דער מעגליכקייט און די ראַטזאַמקייט פון פאָרען ווייטער אין אַ ווילדערניש צו מאַכען סאָציאַליסטישע עקספּערימענטען. אַ גרויסע צאָל פון די אינטעליגענטען, וועלכע האָבען זיך פריהער אַרומגעטראָגען מיטן געדאַנק פון בויען קאָלאָניעס, האָט גאָר גיך זיך איבערצייגט, אַז מ׳קען ניט ערוואַרטען ממשות׳דיגע רעזולטאַטען, אָבער עס זיינען געבליבען אַ צאָל פאַרעקשנ׳טע, וועמעס עקשנות האָט זיי ניט געלאָזען זען די ווירקליכקייט, און אַ געוויסע צאָל קאָלאָניעס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרען. ניט לאַנג האָבען די קאָלאָניעס עקזיסטירט, און די פירער און טוער זיינען געקומען צוריק אין ניו יאָרק, און זיי האָבען גענומען זייערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען צופּאַסען צו די נייע אומשטענדען, צום לאַנד, אין וועלכען זיי וואוינען.

פאַר דער צייט איז דער אידישער לֿעבען אין ניו יאָרק געוואָרען ברייטער. די אימיגראַציע איז געוואָרען אַלֿץ גרעסער. אַלֿע אידישע אימיגראַנטען זיינען געוואָרען אַרבייטער. אַמעריקע איז דעמאָלֿט געווען די ערשטע לֿאַנד אין דער וועלֿט, וואו אידען האָבען זיך אין אַזאַ גרויסער צאָל גענומען צו אַרבייט.

זיי האָבען אָנגעפילט די שעפער פון שניידעריי, פון דער סיגאַר און סיגאַרעט אינדוסטריע און פון ענלֿיכע מלֿאכה׳ס.

כדי צו באַגרייפען וואָס האָט פאַרגעשטעלֿט מיט זיך דער אידישער אימיגראַנט, וועלֿכער איז געקומען אין אַמעריקע און געדאַרפט גיין אין שאַפ לֿערנען זיך אַן אַרבעט, וועט זיין גענוג דורכצולֿעזען שלום עלֿיכם׳ס קלֿאַסישע ווערק „מנחם מענדלֿ".

## היימישער מנחם מענדל

מנחם מענדלֿ איז דער טיפּ פון אידישען לֿופט־מענשען פון די אַכציגער יאָרען אין דער אַלֿטער היים. אַרויסגעשטויסען פון אַלֿע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, פאָרט ער פון שטאָט צו שטאָט, זוכט באַשעפטיגונג, בויט פּלֿענער און פון אַלֿע פּלֿענער לֿאָזט זיך אַרויס אַ בוידעם. און ווען שלום עלֿיכם איז מיט מנחם מענדלֿען דורכגעגאַנגען אַלֿע לֿעכער פון חרוב־געוואָרענעם אידישען לֿעבען און ער האָט שוין ניט געהאַט וואוהין אים צו פירען, האָט ער אים געבראַכט אין אַ האַפען־שטאָט, אים אַוועקגעזעצט אויף אַ שיף, און אים אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. דאָס זיינען געווען די אידישע אימיגראַנטען פון די אַכציגער יאָרען.

צווישען די מנחם מענדלֿס האָט אין דער אַלֿטער היים געהערשט אַ טראַדיציאָנעלֿע פאַראַכטונג צו אַרבייט. אַ שניידער, אָדער אַ שוסטער, אין דער משפּחה איז געווען אַ פלֿעק, מיט וועלֿכען מ׳האָט זיך געשעמט. אין דער אַלֿטער היים וואָלֿטען די מנחם מענדלֿס בעסער אויסגעגאַנגען פון הונגער איידער גיין טאָן אַ פיזישע אַרבייט. עס איז ניט געווען קיין פוילֿקייט, אָדער אַ לֿוסט צו זיין לֿיידיגייער. אַ פינסטער לֿעבען פון גזירות האָט דערצו געבראַכט. אַנדערש איז געוואָרען די לֿאַגע אין אַמעריקע. דאָ איז ניט געווען פאַר וועמען צו שעמען זיך, און ווען מען וואָלֿט זיך יאָ געשעמט, וואָלֿט עס ניט געהאָלֿפען. אין נייעם לֿאַנד האָט מען ניט געקענט טראַכטען וועגען אָפּגעבען זיך מיט האַנדעלֿ. עס האָט געפעלֿט די שפּראַך, מ׳איז ניט געווען באַקאַנט מיט דער קולֿטור פון לֿאַנד.

די באַדינגונגען אונטער וועלֿכע די דעמאָלֿסדיגע אימיגראַנטען־מאַסע האָט אָנגעהויבען אַרבייטען, זיינען געווען אונמענשלֿיכע. יעדער איינער, וואָס האָט נאָר געקענט, האָט אויסגענוצט די הילֿפלֿאָזיגקייט פון די אידישע אימיגראַנטען. די איסט סייד איז געווען אַ יאָמער־טאָלֿ פון אָרעמקייט, נויט, עקספּלֿאָטאַציע. אַ שווערער, אַ ביטערער לֿעבען.

די אידישע סאָציאַלֿיסטישע אינטעלֿיגענץ פון דער זעלֿביגער אימיגראַציע האָט געפילֿט, אַז אויף איר לֿיגט אַ גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע, אַ גרויסע מענשלֿיכער און אידישע פלֿיכט, צו אָרגאַניזירען די נייע אידישע אַרבייטער־מאַסען אין אַ קאַמף פאַר אַ בעסערען לֿעבען און פאַרן אידעאַלֿ — סאָציאַלֿיזם.

דער אימיגראַנטען־עלֿעמענט פון די אַכציגער יאָרען, ניט געקוקט אויפן שיינעם לֿעבען, איז פּסיכאָלֿאָגיש ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ סאָציאַלֿיסטישער באַוועגונג, אַפילֿו ניט צו בויען אַ יוניאָן. די אידישע אימיגראַנטען־מאַסע האָט טאַקע געוואוסט, אַז זי וועט שוין צוריק אין איר אַלֿטער היים ניט קענען פאָרען, אַז זי וועט דאָ פאַרבלֿייבען, דאָך האָט זי פאַרבראַכט איר לֿעבען אין בענקעניש נאָך דער אַלֿטער היים, נאָך דער פאַראָרעמטער, פאַרוואָגלֿטער שטעטעלֿ. אַ מערקווירדיגער צושטאַנד; מען מוז אים געדענקען. מ׳האָט געבענקט נאָך דער שטעטעלֿ און ממילֿא פיינט געהאַט אַמעריקע. מ׳האָט געלֿעבט אויף דער איסט סייד פיזיש, אָבער גייסטיג איז מען געווען מיט האַרץ און נשמה אין קאַסרילֿאָווקע.

די איינציגע גרופּע, וועלֿכע האָט זיך אידעאיש גיך איינגעפונדעוועט אין לֿאַנד, כמעט אָפּגעריסען אַלֿע פאַרבינדונגען מיט דער אַלֿטער היים, איז געווען די אידישע סאָציאַלֿיסטישע אינטעלֿיגענץ.

די אידישע אינטעלֿיגענץ איז געווען צוטיילֿט אין צוויי אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלֿיסטישע פראַקציעס: די אַנאַרכיסטישע און די סאָציאַלֿ־דעמאָקראַטישע.ביידע פראַקציעס האָבען צווישען זיך געפירט אַ קאַמף פאַר דער העגעמאָניע אויף דער אידישער אַרבייטער־וועלֿט. אַלֿע פאַרזאַמלֿונגען, גערופען פון סאָציאַלֿיסטען אָדער אַנאַרכיסטען, פלֿעגען אין יענער צייט זיין איבערגעפּאַקט. דעם זייטיגען צו־קוקער האָט זיך געקענט דאַכטען אַז לֿויט דער נאָכפאָלֿגערשאַפט, וואָס עס האָבען די סאָציאַלֿיסטען און אַנאַרכיסטען צווישען די אידישע אימיגראַנטען, איז די איסט סייד אודאי גרייט איינצופירען סאָציאַלֿיזם דאָ אין לֿאַנד.

## בענקשאַפט נאָך דער היים

אין דערווירקלֿיכקייט איז די לֿאַגע געווען אַ גאַנץ אַנדערע. פאַרזאַמלֿונגען זיינען געווען גוט־באַזוכט, מען האָט שטילֿערהייט אין די שעפער דיסקוטירט וואָס דער אָדער יענער סאָציאַלֿיסטישער אָדער אַנאַרכיסטישער גדולֿ האָט געזאָגט, אָבער ווייטער פון דעם איז מען ניט געגאַנגען.

וויפילֿ פאַרזוכען עס זיינען ניט געמאַכט געוואָרען פון דער אידיש־סאָציאַלֿיסטישער אינטעלֿיגענץ צו אָרגאַניזירען יוניאָנס אָדער אַרויסרופען סטרייקס, האָבען די פאַרזוכען זיך ניט

איינגעגעבן. די אידישע מאַסע איז געבליבן גלייכגילטיק אין באַצוג צו אָרגאַניזירן איר אייגענעם לעבן אין קאַמף פאַר אַ בעסערן היינט און פאַר אַ גליקליכערן מאָרגן. און דאָס האָט זיך ערקלערט נאָר מיט איין זאַך — מ'האָט געבענקט צוריק אַהיים.

דער אידישער קולטורעלער לעבן איז דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ נידעריקן צושטאַנד. די אימיגראַנטן וועלכע זיינען געקומען אין יענער צייט זיינען געווען פון פאַרשיידענע לענדער. ווען זיי האָבן גערעט אידיש, איז זייער אידיש געווען מיט פאַרשיידענע אַקצענטן, און אָפט־מאָל האָט איינער ניט פאַרשטאַנען דעם צווייטן. די אידישע צייטונגען, וועלכע די אידישע אימיגראַנטן האָבן דאָ געטראָפן, זיינען אין שפּראַך געווען אַזוי דייטשמעריש, און מיט אַזוי פיל אַנגלאַציזמען, אַז מען האָט געדאַרפט זיין אַן ערפאַרענער לעזער אום צו קענען די שפּראַך פאַרשטיין. די ניי־אָריבערגעקומענע אידיש־סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ האָט פאַר זיך געהאַט אויך די שווערע אויפגאַבע צו שאַפן אַ פּרעסע.

## קריגס־פעלד פון פּאַרטייען

ביידע ריכטונגען — די אַנאַרכיסטישע און סאָציאַליסטישע — זיינען טאַקע צוגעטראָגן צו אָט־דער שווערער אויפגאַבע. די אַנאַרכיסטן האָבן גענומען אַרויסגעבן זייער צייטונג, די סאָציאַליסטן זייערע. האָט זיך אַנגעפאַנגען אין אידישן קוואַרטאַל אַ געיעג צו קריגען לעזער. די צוויי אַרבייטער צייטונגען האָבן איינע די צווייטע ניט געשאַנעוועט. דער אידישער קוואַרטאַל איז פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ קריגס־פּלאַץ צווישן די צוויי סאָציאַליסטישע ריכטונגען. אָבער די אַלע קריגערייען און די אַלע מלחמות זיינען ניט געפירט געוואָרן אַרום דעם טאָג־טעגליכען לעבן און קאַמף פון די אידישע מאַסען דאָ אין לאַנד, נאָר עס איז געווען אַ קאַמף פאַר „צוקונפט מוזיק". די סאָציאַליסטן האָבן דערוויזן, אַז סאָציאַליזם קען איינגעפירט ווערן נאָר דורך דעם פּאָליטישן קאַמף פון די אַרבייטער; די אַנאַרכיסטן האָבן געוואָלט דערווייזן, אַז יעדער פּאָליטישער קאַמף פון אַרבייטער וועט ברענגען שקלאַפעריי דער מענשהייט. עס איז געווען נאַטירליך, אַז די פּאַרטיי, וועלכע איז געווען עקסטרעמער, זאָל האָבן אַ צייטווייליגען איינפלוס.

דער אַמאָליגער קרעמער און היינטיגער דורך אומשטענדן געוואָרענער אַרבייטער האָט נאָכגעפאָלגט די עקסטרעמע פּאַרטייען און די עקסטרעמע ריכטונגען. די עקסטרעמסטע פון אַלעמען איז געווען די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג. נאָך איר איז דער אידישער קוואַרטאַל נאָכגעלאָפן.

עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרזוכען צו בויען יוניאַנס, אָבער קיין גרויסער ערפאָלג איז ניט געווען. די אַרבייטער פירער פון יענער צייט דערציילען אַ סך קוריאָזן וועגען דעם אַרט דענקען פון די אידישע אַרבייטער אין יענער צייט. זיי דערציילן, אַז אַרויסרופן אידישע אַרבייטער אין סטרייק איז געווען דעמאָלט ניט זעהר שווער. די באַדינגונגען פון סוועט־שאַפּ זיינען געווען זעהר גינסטיג פאַר אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ סטרייק. אָבער אפילו דורך די סטרייקס האָט מען קיין יוניאַנס ניט געקענט בויען.

די אַרבייטער פלעגען זאָגען נאָך אַ סטרייק: „דעם סטרייק האָט מען דאָך געוואונען, אויף וואָס דאַרף מען יעצט האָבן אַ יוניאָן און צאָלען דיוס?"

און האָט מען דעם סטרייק פאַרלאָרען, האָט מען דאָן אודאי קיין יוניאָן ניט געדאַרפט.

אַזאַ „פילאָזאָפיע" איז געווען אַזוי ווי איינגעוואָרצעלט אין דעם פּרימיטיווען דענקען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט פון יענער צייט.

די לאַגע האָט גענומען זיך ענדערן מיטן צווייטן דור אידישע אימיגראַנטן.

## דער „בונד" קומט אָן

דאָס איז געווען אין אָנפאַנג פון 20־טען יאָרהונדערט. אין אידישען תחום פון דער צאַרישער רוסלאַנד איז שוין געווען אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אין מינסק און אין ווילנע, אין ביאַלאָסטאָק און אין וואַרשע, אין סמאָרגאָן און אין לאָדזש, האָבן אידישע אַרבייטער אָנגעפאַנגען זיך אָרגאַניזירן פאַרבאַהאַלטענערהייט אין סאָציאַליסטישע גרופּען. די גרופּען האָבן אָנגעפאַנגען אַרויסצורופן סטרייקס. דער אידישער תחום איז אויפגעוואַכט געוואָרן. אין יאָר 1897 איז אָפיציעל אָרגאַניזירט געוואָרן דער „בונד", וועלכער האָט גענומען אַרומכאַפּן אַלץ מערער שטעט, וואו אידישע אַרבייטער האָבן זיך געפונען, און מיט יעדען חודש איז די בונדישע באַוועגונג אַלץ מעכטיגער און שטאַרקער געוואָרן. די פּאָליציי־פאַרפאָלגונגען האָבן געצוואונגען אַ סך בונדישע טוער צו פאַרלאָזען זייערע שטעט. דער, וואָס איז געווען פרייאיג צו ווערן אַ בונדישער פּראָפּעסיאָנאַל, האָט געקראָגען אַן אומלעגאַלען פּאַספּאָרט און איז געפאָרן אין אַנאַנדער שטאָט. די גרעסטע צאָל פּאָליטיש־פאַרפאָלגטע האָט אָנגעהויבן פאָרן צו קרובים אין אַמעריקע. דורך זיי איז דער אמעריקאַנער אימיגראַנטן־קוואַרטאַל באַרייכערט געוואָרן מיט אַ סאָציאַליסטישן אַרבייטער עלעמענט, וועלכער איז אין דער אַלטער היים דורכגעגאַנגען די סאָציאַליסטישע שול פון „בונד". אָט אין יענער צייט הויבט זיך אָן צו קריסטאַליזירן דער אידישער קוואַרטאַל.

דער „פאָרווערטס", וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1897, האָט אָנגעהויבן קריגען אַ גרויסע צאָל לעזער. ער קריגט די השפּעה אויף דער אידישער גאַס, און די אידישע אימיגראַנ־

טען־מאַסע פאַנגט אָן צו אָרגאַניזירען זיך אין יוניאָנס און אין פראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס. דער „אַרבייטער רינג" איז אויפגעקומען. ביז דעם יאָר 1905, איז דער „אַרבייטער רינג" זעהר לאַנגזאַם געוואַקסען. דער וואוקס הויבט אָן ווערען גרויס אין יאָר 1906, ווען די אידישע אימיגראַציע פון צווייטען דור איז געשטיגען אַלץ העכער און העכער.

אויך די אימיגראַנטען פון צווייטען דור האָבען געפירט, אַזוי צו זאָגען, אַ דאָפּעלטען לעבען. זיי האָבען באַגריפען די נויטווענדיגקייט צו בויען אַ אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאָ אין לאַנד, אָבער אויך זיי זיינען געווען שטאַרק צוגעבונדען צו זייער אַלטער היים.

## איינפלוס פון „פאָרווערטס"

זיי האָבען אין דער אַלטער היים שוין אַ סך מערער איבערגעלאָזען, ווי עס האָט איבערגעלאָזען דער פריערדיגער דור אימיגראַנטען. אויב דער פריערדיגער דור אימיגראַנטען האָט בלויז איבערגעלאָזען די אַלטע חרוב־געוואָרענע שטעטעל מיטן בית־עלמין, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען באַגראָבען אייגענע פלייש און בלוט, און מיט דער באָד, וואו מען האָט אַלע פרייטאָג אינאיינעם זיך געפּאַרעט, און מיט דער אָרימער האַלב־איינגעפאַלענער שול אָדער בית המדרש, וואו מען האָט ניט נאָר געדאַווענט, נאָר אויך גערעט וועגען „וועלט־פּאָליטיק", האָט דער צווייטער דור אידישע אימיגראַנטען אין דער אַלטער היים איבערגעלאָזען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, חברים, מיט וועלכע מען האָט צוזאַמען געקעמפט פאַר אַ פרייער רוסלאַנד, אַ געלייטערטען גייסט, וועלכער איז פאַר זיי געווען אַזוי טייער און אַזוי נאָענט.

דעם שטאַרקסטען איינפלוס אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע האָט געהאַט דער „בונד". דער „בונד" איז געווען די שטאַרקסטע און איינפלוסרייכסטע אָרגאַניזאַציע אויך אין דער אַלטער היים; צווישען די אַריבערגעקומענע „פאַרטיי־מענשען" פון יענער צייט זיינען די גרעסטע צאָל געווען בונדיסטען. דער „בונד" האָט דאָ געשאַפען אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט געהייסען „דהי באָארד אָוו דעלעגייטס". דאָס איז געווען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, צוזאַמענגעשטעלט פון דעלעגאַטען פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען סימפּאַטיזירט מיט דער בונדישער טעטיגקייט אין דער אַלטער היים. די „באָארד אָוו דעלעגייטס" האָט אויסגעאיבט אַ גרויסען איינפלוס אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. די וויכטיגע מיטגלידער פון דער בונדישער „באָארד אָוו דעלעגייטס" זיינען געווען די אַקטיווע טוער פון די יוניאָנס, וועלכע האָבען זיך אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען.

דער צענטראַלער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אין יאָר 1903 געשיקט אַהער צוויי פאַרטרעטער —דעם פּראַקטיקער פון „בונד", אַרקאַדיע קרעמער, און דעם רעדנער, מיכאַאיל בערג, וועלכער איז געווען באַקאַנט צווישען בונדיסטען אונטערן נאָמען „עזרא". ווען די צוויי פאַרטרעטער זיינען געקומען האָט די גאַנצע אידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט פון העלפען די צוויי דעלעגאַטען צו שאַפען די נויטיגע געלט־מיטלען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט פון „בונד". זייער ווירקונג אויף דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג איז געווען אַן אויסערגעוויינליכע. מיט זייער קומען האָבען זיי אָפּגעפרישט און שטאַרקער געמאַכט די בונדישע סענטימענטען.

אין יאָר 1906 איז אַהער געקומען דער באַרימטער רעדנער און פירער פון בונד — מאַקס ליבער. אין יאָר 1907 איז צום ערשטען מאָל געקומען אַהער אין לאַנד גענאָסע אַבראַמאָוויטש. דורך די פאַרזאַמלונגען, וואָס זיי האָבען אַדרעסירט, איז דער סאָציאַליסטישער סענטימענט אויף דער אידישער גאַס נאָך שטאַרקער געוואָרען. זיי האָבען באַזוכט אַלע שטעט אין אַמעריקע, וואו עס האָבען געלעבט אידישע אַרבייטער אימיגראַנטען. זייער אויפגאַבע איז טאַקע געווען צו שאַפען געלט פאַרן „בונד", אָבער זייערע סאָציאַליסטישע רעדעס האָבען געהאַט אַן אונגעהויערען איינפלוס. זיי האָבען געווירקט פאַר דער שפּעטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

מיטן קומען פון נייעם דור אידישע אימיגראַנטען, האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירען אַ פונדאַמענטאַלע אידישע אַרבייטער באַוועגונג. די רעדנער ביי אַרבייטער פאַרזאַמלונגען צו אָרגאַניזירען יוניאָנס זיינען אין דער גרעסטער צאָל געווען סאָציאַליסטען: אַב. קאַהאַן, מאָריס הילקוויט, מאיר לאָנדאָן, ב. פייגענבוים, מאַקס פיין, ב. שלעזינגער, דר. ש. פּעסקין, א. י. שיפּלאַקאָוו און צענדליגער אַנדערע. צו זייער וואָרט, צום גערעדטען און געשריבענעם, האָבען זיך אַלע צוגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט.

## געסט: ליבער און אַבראַמאָוויטש

אין יאָר 1909 איז אַרויסגערופען געוואָרען דער ערשטער ליידיס ווייסטמאַכער סטרייק, און פון דעמאָלט אָן איז דער לעבען פון דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָורקערס יוניאָן שוין קיין איין מאָל ניט איבערגעריסען געוואָרען. אין יאָר 1910 איז אַרויסגערופען געוואָרען דער גרויסער קלאָוקמאַכער סטרייק, וועלכער האָט מיט זיין העלדישקייט געבראַכט באַגייסטערונג ביי פריינט און באַוואונדערונג ביי שונאים.

די יאָרען 1909 און 1910 דאַרפען באַצייכענט ווערען אַלס די יאָרען ווען די אידישע אַרבייטער האָבען מיט פעסטע שריט זיך אַ קער געטאָן מיטן פנים צו אַמעריקע.

## דורכפאַל פון רוסישער רעוואָלוציע

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דער אַלטער היים האָט דערווייל זיך געענדערט. נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון יאָר 1905, האָט די סאָציאַליסטישע און אַרבייטער באַ־וועגונג אין רוסלאַנד גענומען גיין באַרג אַראָפּ, און אין די יאָרען פון 1909 און 1910 איז פון „בונד" אין רוסלאַנד אַ קליינע הייפעלע געוואָרען. דער אידישער אַרבייטער אין אַמעריקע האָט שוין ניט געהאַט נאָך וואָס צו בענקען, און ער האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אין לאַנד, וואו ער לעבט, דאַרף ער צוגרייטען דעם פעלד פון קאַמף פאַר אַ לייכטערען לעבען.

און ניט נאָר ווערט אין יענער צייט אַ שטאַרקער דראַנג צו בויען יוניאָנס; מען הויבט אויך אָן צו אָרגאַניזירען אַ פּלאַנמעסיגע אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

אין יאָר 1907 ווערט אָרגאַניזירט די „אידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ", וואָס שטעלט זיך אַלס ציל צו קריגען די אידישע אַרבייטער פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין יאָר 1912 ווערט אָרגאַניזירט די „אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע".

ביידע, די אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ און די פעדעראַציע, האָבען קיין גרויסען ערפאָלג צווישען די אידישע אַרבייטער מאַסען ניט געהאַט, און עס איז ווינשעסווערט צו געפינען די אורזאַכען דערפון.

די באַדינגונגען זיינען געווען גינסטיג פאַר אַ אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג: אַ גרויסע אידישע אַרבייטערשאַפט, פולע פרייהייט צו פּראָפּאַגאַנדירען פאַר'ן סאָציאַליזם. דאָך איז די אידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרם קיין גרויסער ערפאָלג ניט געווען.

דוכט זיך, אַז די פאָלגענדע הויפּט אורזאַכען האָבען געשטערט:

ערשטענס, דאָס, וואָס דער „אַרבייטער רינג", הגם אָרגאַניזירט פאַר בלויז געגענזייטיגער מאַטעריאַלער שטיצע, האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ ריזיגען סאָציאַליסטישער אינסטיטוציע, אויף ליניעס כמעט ווי אַ פּאַרטיי; יעדער ברענטש פון „אַרבייטער רינג" האָט אָרגאַניזירט לעקציעס, פאַרשפּרייט ליטעראַטור, זיך באַטייליגט אין סאָציאַליסטישע קאַמפּיינס, פאַרהאַנ־דעלט וועגען אַלע סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, און פאַר דעם סאָציאַליסטיש־געשטימטען אידי־שען אַרבייטער איז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שוין ניט געווען אַ נויטווענדיגקייט.

דאָס זעלבע איז אויך געווען דער פאַל מיט דעם מיטגליד פון דער יוניאָן. די אידישע יוניאָנס זיינען געפירט געוואָרען פון סאָציאַליסטען, און דער גייסט אין זיי איז געווען אַ סאָציאַליסטישער. ווען איינער איז ניט געווען קיין סאָצאַליסט, אַז אים געווען שווער ערווילט צו ווערען צו אַן אַמט אין זיין יוניאָן; און דאָס איז געווען ניט צוליב דעם, ווייל אין דער יוניאָן האָט געהערשט אַ סאָציאַליסטישער קליקע־גייסט, נאָר ווייל אַרום נייך־און־נייינציג פּראָצענט פון דער מיטגלידערשאַפט אין דער יוניאָן איז געווען סאָציאַליסטיש געשטימט. אין אַלע פּאָליטישע קאַמפּיינס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבען די יוניאָנס געהאָלפען די קאַמפּיינס פירען. די פּאָליטישע קאַמפּיינס, פון וועלכע מאָריס הילקוויט און מאיר לאָנדאָן זיינען געווען די פירער, זיינען כמעט אויסשליסליך געווען יוניאָן־קאַמפּיינס. דער דורכשניטליכער אידישער אַרבייטער האָט פּשוט ניט געדאַרפט געהערען צו אַ באַזונדערע סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

און נאָך אַן אורזאַך — דער „פאָרווערטס".

## יוניאָנס, יאָ; פּאַרטיי, ניט.

די מיטאַרבייטער פון „פאָרווערטס" פון אַלע צייטען, זינט זיין עקזיסטענץ, זיינען, פאַר־שטייט זיך, געווען סאָציאַליסטען. אָבער אין געוויסע פּעריאָדעס האָבען אַ טייל פון זיי געקוקט אויפ'ן אידישען לעבען אין אַמעריקע ווי אויף צייטווייליגעס. די אימיגראַנטישקייט וועט אַוועק־פאַלען, און די אידען וועלען זיך צונויפגיסען מיט דער שפּראַך און קולטור פון אַמעריקע, איז געווען זייער בליק. היינט, אויב אַזוי, צו וואָס איז נויטיג אַ באַזונדערע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי? די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז די פּאַרטיי פון דער צוקונפט, איז געווען דער קורס. אידישע יוניאָנס דאַרף מען יאָ האָבען, מען דאַרף אויך האָבען אַן „אַרבייטער רינג", ווייל דאָס זיינען אָרגאַניזאַציעס, וואָס דאַרפען געבען הילף די אַרבייטער מאָמענטאַל; אָבער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאַרף זיין דורך־און־דורך אַן ענגלישע. מ'קען זאָגען, אַז דער גאַנצער „פאָרווערטס" איז געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאָ אין לאַנד איז ניט נויטיג; אַז פאַרקערט: זי וועט זיין אַ שטערונג אויפן וועג צום סאָציאַליזם.

דער איינפלוס אויף דער אידישער געזעלשאַפט, אפילו ביים צווייטען דור אימיגראַנטען, איז געווען פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וועלכע איז געקומען אַהער אין די אַכציגער יאָרען. דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענט פון יענער צייט האָט דאָ באַגעגנט אַ ניט־אָרגאַניזירטע, אַ ליידענדע אַרבייטער מאַסע, און ער האָט מיט די ליידען פון דער מאַסע זיך צוזאַמענגעגאָסען. ער האָט געוועקט די מאַסע צום קאַמף, און מיט איר געלעבט אין ליידען און אין פריידען. אַנדערש איז געווען דער אינטעליגענט, וועלכער איז געקומען נאָכן יאָר 1905. ער איז געקומען אַהער מיט אַ סאָציאַליסטישען סטאַזש. ער האָט געהאַט אויף זיין רעקאָרד

אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונגס־טראַדיציע. מ׳האָט אים באַטראַכט אין דער אַלטער היים פאַר אַ פירער. ווען ער איז געקומען אַהער אין לאַנד, איז קיין זאַך אים ניט געפעלען געווען; ער האָט אויף אַלץ געקוקט קרום.

**„בלינדע" נאָכפאָלגער; דעמאָקראַטיע**

אַנדערש האָט ער גאָרניט געקענט קוקן אויף דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. ער האָט געקראָגן אַן ערציאונג אין אַן אונטער־ערדישער באַוועגונג, אין אַ לאַנד, וואו אַלץ איז געווען געהיים. אין יענער, אין דער אַלט־היימישער באַוועגונג האָבן די מאַסן געמוזט בלינד נאָכגיין דעם פירער. דער „צעקאַ" איז אַלעמאָל געווען גערעכט. די מאַסע איז ערצויגן געוואָרן אין דעם גייסט פון שטרענגער צענטראַליזאַציע. דער „פאָרשטייער" פון קאָמיטעט איז געווען אַ רבי, אַ הייליגער. ניט אַלעמאָל האָט מען אפילו געוואוסט ווער עס שטעלט צוזאַמען דעם „צעקאַ". דאָס איז געווען אַ מיסטעריע. די מענשן פון „צעקאַ" זיינען געווען איינגעוויקעלט אין דעם אָריאָל פון הייליגקייט. די מיטגלידער פון „צעקאַ" זיינען געווען אינטעליגענטן, און עס איז געווען נאַטירליך, אַז אויך ביי זיי זאָל זיך אויסאַרבייטן אַן איבערצייגונג אַז זיי זיינען די ריכטיגע פירער.

ווען זיי זיינען געקומען אין אַמעריקע, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען: דאָס לאַנד איז פריי, די אַרבייטער באַוועגונג איז אַוועקגעשטעלט אויף דעמאָקראַטישע יסודות.

דעמאָקראַטיע האָט פעלערן; האָט די ניי־אָריבערגעקומענע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ געזען נאָר די פעלערן פון דעמאָקראַטיע.

פאַר די פירער פון דער אידישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, וועלכע זיינען אין דער גרעסטער צאָל געווען אַרבייטער און געבענטשט מיט אַ פראַקטישן חוש, האָט דער אינטעליגענט אויפגעהערט צו זיין דער העכסטער אויטאָריטעט אין אַלע פראַגן, ספּעציעל אין פראַגן פון עקאָנאָמישן קאַמף. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטילע פאַראַכטונג פון ביידע זייטן: דער ניי־אָריבערגעקומענער אינטעליגענט האָט אויף דער פירערשאַפט פון די אידישע יוניאָנס געקוקט ווי אויף פּראָסטע מענשן, אפילו גראָבע יונגען, און ממילא האָט שוין די פירערשאַפט פון די אידישע יוניאָנס געקוקט אויף דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ ווי אויף ספּאָדעקדרייער, וועלכע ווילן געוועלטיגן און באַלעבאַטעווען איבער דער אידישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט אין אירע ערפאָלגרייכע צייטן געהאַט אַ פינף טויזענט מיטגלידער, וועלכע זיינען איר געווען געטריי, אָבער די אויבן־אויסגערעכנטע אומשטענדן האָבן געשאַפן אַ שטענדיגע פיינדליכע באַציאונג צווישן דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אַרומגערינגעלט אַרום דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, און די פירער פון די אידישע יוניאָנס, וועלכע זיינען געווען פון דער היים בונדיסטן און דאָ זיינען זיי געוואָרן פראַקטישע יוניאָן פירער.

עס איז געקומען די וועלט מלחמה. די אידישע לאַגע אין גאָר דער וועלט איז געוואָרן אַ שווערע. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירען די אידישע כחות, וועלכע זאָלען געמיינשאַפטליך פּרובירען העלפען לייזען די אייביג־אָנגעווייטאָגטע אידישע פראַגע. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג פאַר אַ אידישען קאָנגרעס. די דאָזיגע באַוועגונג האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען צווישען די אידישע אַרבייטער. האָט די סאָציאַליסטישע פעדעראַציע אָנגעפאַנגען אין יענער צייט אַ באַוועגונג צו גרינדען אַ פּערמאַנענטען „אידישען אַרבייטער קאָמיטעט", וועלכער זאָל פאַראייניגען אַלע אידישע אַרבייטער פאַר אַלגעמייטע אידישע און אַרבייטער פּראָבלעמען.

**מיסטרויען צו אַ פּערמאַנענטען קאָמיטעט**

די באַוועגונג פאַר דעם פּערמאַנענטען אידישע אַרבייטער קאָמיטעט האָט געצילט צו פאַראייניגען די אידישע אַרבייטער באַוועגונג, אָבער פּאַסירט האָט פאַרקערט: אַרום דער פראַגע האָט זיך די אידישע אַרבייטער באַוועגונג נאָך מער צושפּאָלטען, און עס איז געוואָרן אַן עפענטליכער קאַמף צווישען די אידישע יוניאָנס און דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די קאָנפערענץ אין „פאָרווערטס" האָל, וואו מען האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אָרגאַניזירען דעם פּערמאַנענטען אידישען אַרבייטען קאָמיטעט, האָט זיך צושפּאַלטען אויף צוויי טיילען: די אידישע יוניאָנס, אונטער דער פירערשאַפט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, זיינען אַרויסגעטראָטען זעהר שאַרף געגען דעם פּערמאַנענטען קאָמיטעט. אין זייערע אַרגומענטען איז געלעגען דער איין און איינציגער מאָטיוו: די מורא, אַז דורך דעם פּערמאַנענטען קאָמיטעט וועלען די אינטעליגענטען, אָדער די פירער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, ווערען די באַלעבאַטים איבער דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג און זיי וועלען דיקטירען די יוניאָנס אין אַלע זייערע טאָג־טעגליכע פראַגען.

דעמאָלט איז נאָך ניט געווען פּאָפּולער דאָס וואָרט „דיקטאַטור", האָט מען געברויכט אַנדערע אויסדרוקען. דער עיקר איז געווען: מ׳האָט זיך געשראָקען, אַז דער פּערמאַנענטער אידישער אַרבייטער קאָמיטעט וועט איבערבויען דעם גאַנצען פונדאַמענט פון דער אידישער

### סאָציאַליסטישע פעדעראַציע

אַרבייטער באַוועגונג, מען וועט איבער איר באַלעבאַטעווען פון אויבן. אַזוי ווי די אינטעליגענטן האָבן מער פייאיגקייט צו פּלפּול'ן זיך און אויסאַרבייטן טעאָריעס, וועט מען שוין די פירער פון די יוניאָנס אַזוי פאַרדרייען די קעפּ, אַז זיי וועלן גאָרניט האָבן וואָס צו זאָגן אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. אַזוי איז אַרגומענטירט געוואָרן. עס קען זיין, אַז ביי די פירער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע איז גאָר אין געדאַנק ניט אַריין אַזאַ אַמביציע, אָבער אין אַ געוויסן זין זיינען די פירער פון די אידישע יוניאָנס געווען גערעכט; זיי האָבן געהאַט אורזאַכן מורא צו האָבן. צוליב אָט דער פראַגע זיינען די באַציאונגען צווישן די אידישע יוניאָנס און דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אַלץ ערגער און ערגער געוואָרן. אין אַלע אַרבייטען, וואָס זיינען שוין שפּעטער געפירט געוואָרן געמיינשאַפטליך, זיינען געווען שטאַרקע חלוקי־דעות. אַ ביישפּיל: די „פּיפּעלס רעליף”. די אַרבייט האָט, דאַכט זיך, געדאַרפט זיין אַן איינפאַכע, אַ האַרמאָנישע, דאָך זיינען צווישן די צוויי גרופּירונגען געווען שטאַרקע צוזאַמענשטויסען. קוים זיינען די באַציאונגען געווען אָנגעשטרענגטע, איז שוין לייכט צו געפינען אורזאַכן פאַר וואָס צו קריגען זיך.

און דער קריג איז געוואָרן אַ כראָנישער.

שפּעטער איז געקומען דער יאָר 1921 מיט'ן באַשלוס פון דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אָפּצושפּאַלטען־זיך פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דער „פאָרווערטס”, וועלכער האָט אין אַלע פראַגען פאַרטראָטען די יוניאָנס, איז געווען געגען דעם, אַז די אידישע סאָציאַליסטען, ווי פאַרטראָטען דורך דער פעדעראַציע, זאָלען זיך אָפּשפּאַלטען פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און פאַרקערט: די פירער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע זיינען געווען פאַר דער שפּאַלטונג. די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען, און דער „אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד” האָט זיך געגרינדעט.

### שפּאַלטונג און פאַרבאַנד

צווישען דעם פאַרבאַנד און די אידישע יוניאָנס האָבן זיך איינגעשטעלט אַ סך בעסערע באַציאונגען ווי מיט דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. דאָך איז געבליבן אין די הערצער פון די פירער פון די אידישע יוניאָנס אַ געוויסע מורא פאַר אַ זעלבסשטענדיגער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צוליב דער ביטערער ערפאַרונג, וואָס זיי האָבן געהאַט.

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט אַ סך מיטגעהאָלפען די אידישע יוניאָנס, אויך דעם „אַרבייטער רינג”, אין זייער קאַמף געגען די קאָמוניסטען. דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט מיט די קאָמוניסטען געפירט ניט נאָר אַ קאַמף ניט צו לאָזען זיי פיזיש באַהערשען די אידישע אַרבייטער באַוועגונג, נאָר אויך געפירט מיט זיי אַן אידעאָלאָגישען קאַמף. ביז דעם יאָר 1921, איז די קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע ניט געווען איבעריגס גרויס, אָדער שטאַרק. די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז ניט געווען פאַרבאָטען, דאָך האָבן די קאָמוניסטען געפירט אַ האַלב־אומלעגאַלע באַוועגונג. די סענטימענטען אין דער אידישער וועלט זיינען ניט געווען קיין קאָמוניסטישע, דערפאַר זיינען אָבער די סענטימענטען געווען זייער שטאַרק פאַר סאָוועטען רוסלאַנד. דער „פאָרווערטס” איז אַ געוויסע צייט אויך געווען פּראָסאָוועטיש, און דער „פאָרווערטס”, די גרויסע און ברייט־פאַרשפּרייטע צייטונג, האָט געהאָלפען שאַפען ביי די אידישע אַרבייטער סענטימענטען פאַר סאָוועטען־רוסלאַנד. דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט אויף דעם געביט געמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין אַלע טיילען פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. דורך זיין ברייטער אויפקלערונג איבער דער שרעקליכער דיקטאַטור אין רוסלאַנד, זיינען די שטימונגען און די געפילען צו סאָוועטען־רוסלאַנד אין אַלע טיילען פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג באַדייטענד אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל פאַנגט אָן צו אָרגאַניזירען די קאָמוניסטישע באַוועגונג איבער גאָר דער וועלט, אַמעריקע אַריינגערעכענט. מיליאָנען דאָלאַר ווערען אויסגעגעבען פאַר דער קאָמוניסטישער אַרבייט אין אַמעריקע. די פּאָליסי פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל איז דעמאָלט געווען: ענטוועדער פאַרכאַפּען די אַרבייטער באַוועגונג און געוועלטיגען איבער איר, אָדער — אויב זי גיט זיך ניט איין — אינגאַנצען צוברעכען די אַרבייטער באַוועגונג. דער קאַמף געגען דעם איז געווען אַן אומ'ברחמנות'דיגער, און דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד איז געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון אָט־דעם קאַמף פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

### געווערקשאַפטען און פאַרבאַנד

און זאָל עס טאַקע אונטערגעשטראָכען ווערען, אַז אין דעם קריג געגען די קאָמוניסטען האָט דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד אַלעמאָל געפונען אין די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אַן איבערגעגעבענעם חבר. אין אַ טייל אידישע יוניאָנס האָט מען אין געוויסע צייטען אָנגעפירט שפּיל פון קאַץ־און־מויז מיט די קאָמוניסטען; די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, אָבער, איז פון אָנפאַנג אָן געווען געטריי צו די לאָזונגען: געגען קאָמוניזם, געגען דיקטאַטור.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט זעהר אַ סך באַגעשטייערט פּאָפּולער צו מאַכען דעם געדאַנק, אַז אַ געזונטע אַרבייטער באַוועגונג קען אויסוואַקסען נאָר דעמאָלט, ווען די געזעלשאַפט איז פריי פון יעדער שפּור פון דיקטאַטור.

# אומגליק אויפ'ן וועג • די טראַגעדיע: „טראַיענגעל"

### פון הערש ראָזענפעלד

היסטאָרישע קאַטאַס־טראָפע

ביים סאַמע אויפגאַנג פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג — אַן אומגליק: די טראַגעדיע מיטן „טרייענגעל"־פייער. אויף אונזער וועג צו אַ ווירדיגען לעבען — קבורה.

די טראַיענגעל־קאַטאַסטראָפע האָט אַזוי טיף צוטרייסעלט דאָס היגע אידישע לעבען, ניט בלויז דאָס אימיגראַנטישע, דאָס „גרינע", נאָר אויך דאָס איינגעפונדעוועטע פון פריער; און זי איז געוואָרען, די קאַטאַסטראָפע, די הויפּט־אורזאַך פון אַזוי פיל טיפע ענדערונגען, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע; אַז אַ זאַמל־בוך צום 50־יאָריגען יובילייּ פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, וואָלט ניט געווען גאַנץ, ווען מען דערמאָנט ניט די דאָזיגע קאַטאַסטראָפע, וואָרום זי האָט געווירקט אויף דעם גאַנצען ווייטערדיגען קאַמף פאַר אַ בעסערען און שענערען לעבען. זי איז איינס מיט דער ראָלע, וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט געשפּילט אין דעם פּראָצעס פון אויפוועקען די געזעלשאַפטליכע מיינונג צום גונסטען פון די אַרבייטער.

עס זיינען שוין באַלד אַוועק 27 יאָר זינט די שוידערליכע שריפה אין דער „טראַיענגעל" שוירט־וויסט פעקטאָרי, אויף וואַשינגטאָן פּלייס, ניו יאָרק, האָט אַוועקגערויבט 144 יונגע לעבענס, און דאָך ציטערט די האַנט בעת'ן שרייבען. דער אומגליק האָט ניט בלויז אויפגערודערט ניו יאָרק, נאָר גאַנץ אַמעריקע, און זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו ביי די גרעניצען פון אַמעריקע. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז די מערסטע קרבנות זיינען געווען פריש־אַריבערגעקומענע אימי־גראַנטען פון רוסלאַנד (וואָס דאָס האָט דעמאָלט געמיינט פּוילען און ליטע, אויך אַ טייל פון דער היינטיגער רומעניע) און אויך פון איטאַליע. די טראַגעדיע האָט אַריינגעוואָרפען אין טיפסטען טרויער הונדערטער פאַמיליעס אין יענע לענדער.

אָבער דער שוואַרצסטער טרויער האָט הויפּטזעכליך איינגעוויקעלט ניו יאָרק, און אין ניו יאָרק — די איסט סייד מיט איר אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט: די יוניאָנס, די אַרבייטער רינג ברענטשעס און די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

אָט־ווי די ידיעות וועגען דער שוידערליכער טראַגעדיע, וואָס האָט פּאַסירט שבת, דעם 25־טען מאַרטש, 1911, האַלב נאָך פיר נאָכמיטאָג, ווערען איבערגעגעבען אין די קעפּ און אונטער־קעפּ אין „פאָרווערטס" פון זונטאָג, דעם 26־טען מאַרטש:

„דער מאַרג איז פול מיט אונזערע קרבנות!"

„175 אַרבייטער פאַרלירען זייער לעבען אין אַ ברענענדער שוירט־וויסט פעקטאָרי."

„דריי אויבערשטע פלאָרס פון אַ צען־שטאָקיגער בילדינג אויף וואַשינגטאָן פּלייס, וואו די „טראַיענגעל ווייסט קאָמפּאַני" האָלט אירע שעפּער, פאַרניכטעט פון פלאַמען!"

„דער גאַנצער אידישער קוואַרטאַל אין טרויער!"

די נייעס לייענט זיך אַזוי:

געוויין אין יעדער אידיש הויז

„נעכטען איז געווען איינער פון די שרעקליכסטע טעג אין דער געשיכטע פון דעם אידישען קוואַרטאַל. אונזער גאַנצע אימיגראַנטען באַפעלקערונג גייט אַרום ווי אַ צומישטער פון שוידער, פון ווייטאָג. אין הונדערטער הייזער באַוויינט מען טעכטער, שוועסטער, קוזינעס, פריינדינען, גוטע ליבליכע חבר'טעס. און אין טויזענטער און טויזענטער אַנדערע הייזער באַוויינט מען זיי אומבאַקאַנטערהייט. יעדערער פון אונז איז אַן אָבל, צי מיר האָבען פערזענליך געקענט וועמען, צי ניין. יעדער פון אונז גייט אום מיט אַ וואונד אין האַרצען. טרערען שטיקען דעם אָטעם. די האָר שטעלט זיך קאַפּויר פון שרעק. די בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערען. עס איז שווער צו שרייבען."

און אונזער גרויסער אידישער דיכטער, מאָריס ראָזענפעלד, דעמאָלט ווי אַן אַרבייטער־דיכטער האָט גלייך אַרויסגעשריען פאַר דער וועלט זיין טיפען צער, אונזער אַלעמענס צער, אויף דעם טויט פון די 144 יונגע לעבענס, וועלכע זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין דער „טראַיענגעל"־שריפה.

**צער אין דיכטונג**

שוועסטער מיינע! יונגע שוועסטער!
מיינע יונגע ברידער!
טרויערט מיינע לידער!
זעהט ווי עס לויערט
פון טונקעלע נעסטער
דעם אַרבייטער׳ס טויט;
ווי ער האַלט זיין ברויט,
ווי ער גלאָצט ביי זיין טיר,
ביי זיין אָרים געצעלט —
ווער, ווער איז מיר!
ווער, ווער דיר, וועלט!

דער גרויסער דיכטער האָט באַוויינט די יונגע קרבנות, און די אָרגאַניזירטע אַרבייטער — אין דער ערשטער ריי די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען מיטן „פאָרווערטס״ אין דער שפּיץ — האָבען גלייך אויפגעהויבען אַ קאַמף געגען דעם שוידערליכען איבעל פון אַרבייטען הינטער פאַרשלאָסענע טירען, אַן איבעל וואָס איז געווען די הויפּט־סיבה פון אַלע פאַרשניטענע יונגע לעבענס.

אויף דעם גרונד פון דעם באַשלוס פון דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען, איז דער „פאָרווערטס״ פון 28־טען מאַרטש, אויפן דריטען טאָג נאָך דער שריפה, אַרויס מיט אַן עדיטאָ־ריעל אונטערן קעפּעל: „וואָס וועט ווייטער זיין?״ אין דעם עדיטאָריעל פרעגט דער פאָרווערטס:

„וואָס וועט געטאָן ווערען, אַז אַזעלכע מאַסען־מאָרדען זאָלען מער ניט פּאַסירען? וואָס פאַר באַוואָרענונגען זאָלען אַנגענומען פון דער שטאָט־רעגירונג, אַז מענשען, וואָס זיינען צוליב זייער שטיקעל ברויט געצוואונגען רייך צו מאַכען אַנדערע, זאָלען ניט דאַרפען יעדע מינוט שטיין אין דער סכנה פאַרברענט צו ווערען הונדערטערווייז?״

און דער „פאָרווערטס״ קומט צום שלוס, אַז אויב אין אַ פעקטאָרי איז פאַרשלאָסען אַ טיר, זאָלען די אַרבייטער גלייך אַרויס אין סטרייק.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען רופט דורך דעם „פאָרווערטס״ אַלע אַרבייטער ניט צו וואַרטען אויף דער שטאָט־רעגירונג, נאָר סטרייקען, קעמפען. „אַלע יוניאָנס וועלען געוויס דיזע רעזאָלוציע דורכפירען״, ווערט געזאָגט אין דעם „פאָרווערטס״־באַריכט פון דעם געווערק־שאַפטען־מיטינג, אויף וועלכען מ׳האָט אַזאַ רעזאָלוציע אַנגענומען.

די בלעטער פון אַ פּראָטאָקאָל־בוך אין יעדער לעבעדיגער אָרגאַניזאַציע, ווער שמועסט נאָך אין אַזאַ לעבעדיגער אַרבייטער אָרגאַניזאַציע, ווי די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, זיינען שטענדיג פאַרנומען מיט טרוקענע פאַקטען אָהן דער מינדסטער באַפּוצונג. אָבער די טרוקענע פאַקטען דערציילען מער, ווי די שענסטע באַפּוצונגען. אָט־וואָס דער פּראָטאָקאָל דער־ציילט פון יענעם מיטינג ביי די געווערקשאַפטען:

„עס איז פאָרגעקומען אַ פראַגע וועגען אומגליק, וואָס עס זיינען פאַרברענט געוואָרען 150 ליידיס וויסט מייקערס ביי דער טריינגעל וויסט קאָמפּ. שאַפּ. אַלע דעלעגאַטען האָבען זיך אויפגעהויבען צו עהרע די פאַראומגליקטע אָפּפער.

„די דעלעגאַטען פון די ליידיס וויסט מייקערס האָבען באַריכטעט, אַז זייער יוניאָן האָט פאַרלאַנגט די ניט־דערקענטע קערפּערס פון דער שטאָט אום זיי צו באַערדיגען מיט אַ דעמאָנ־סטריישען. זייער יוניאָן האָט אויך ערעפענט אַ פאָנד פאַר די פאַראומגליקטע, וועלכע זיינען געבליבען לעבען, ווי אויך פאַר די פאַמיליען פון געשטאָרבענע, דאָס די יוניאָן באַערדיגט אַלע דערקענטע קערפּערס. דיזע פיונעראַל־דעמאָנסטריישען זאָל געהאַלטען זיין קומענדען מאָנטאָג. עס וואַר אויך אָנוועזענד איינער פון די רעדאַקטערע פון „פאָרווערטס״, וועלכער האָט ערקלערט, אַז דער „פאָרווערטס״ האָט ערעפענט אַ פאָנד פאַר די איבערגעבליבענע אָפּפער. ער פאַרלאַנגט, אַז די געווערקשאַפטען זאָלען אינדאָסירען דעם פאָנד. נאָך פילע דעבאַטען, באַשלאָסען: „דאָס אַלע יוניאָנס זאָלען זיך אונטערנעמען צו פאַרזיכערען די לעבענס פון די אַרבייטער, וואָס אַרביי־טען אין די שעפּער און ווען די באָסעס וועלען ענטזאָגען צו געבען זייערע שעפּער, זאָל מען אַרונטערגיין אין אַ סטרייק געגען דיזע באָסעס.״

„געוויילט די דעלעגאַטען גאָלדשטיין, וויינשטיין, און מ. פיין אויסצואַרבייטען אַ רעזאָלו־שאָן וועגען דיזען באַשלוס.

„וועגען די פאָנדס איז געוויילט געוואָרען אַ קאָמיטע פון די דעלעגאַטען מאָטלין, גאָלד, שטיין סרעדניק, וויינשטיין, באַק און פיין, וועלכע זאָלען זען צו פאַראייניגען ביידע פאָנדס — פון דער וויסט מייקערס יוניאָן און פון „פאָרווערטס״.

„באַשלאָסען אַרויסצושיקען אַן אַפּיל צו אַלע יוניאָנס, אַז זיי זאָלען איינטייל נעמען אין דער פיונעראַל דעמאָנסטריישאָן. געוויילט אַ קאָמיטע פון 25 דעלעגאַטען, וועלכע זאָלען אַראַנזשירען דעם פיונעראַל דעמאָנסטריישאָן צוזאַמען מיט דער ליידיס וויסט מייקערס יוניאָן.

**פּראָטאָקאָל פון גע־ווערקשאַפטען**

„די דעלעגאַטען פון דער קלאָוק־מייקערס יוניאָן האָבען באַריכטעט, אַז זייער יוניאָן האָט באַשלאָסען דאָס אַלע זייערע מעמבערס זאָלען סטאָפּען פון דער אַרבייט און זאָלען אָן אַנטייל נעמען אין דער פיונעראַל דעמאָנסטריישאָן פון די פאַרברענטע ליידיס וויסט מייקערס ביי דער טריינגעל קאָמפּ. זיי באַריכטען אויך, אַז ביי זיי אין טרייד האָט מען שוין אויסגעפונען 180 שעפּער, וואָס זיינען פייער פּאַסטקעס, און זייער יוניאָן וועט נעמען שריטע געגען דיזע שעפּער.״

## לויה; ניו יאָרק אויפֿ־געשטורעמט

ב. וויינשטיין איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר. די געווערקשאַפטען האָט ניט גערוט. און אויב דאָס געזעץ האָט טאַקע סוף כל סוף איינגעצאַמט די באַלעבאַטים און געבראַכט מער זיכערקייט צו די אַרבייטער אין די שעפּער, האָט מען דאָס בלויז צו פאַרדאַנקען דעם ענערגישען קאַמף, אָנגעפירט פון אַלע יוניאָנס מיט די געווערקשאַפטען און „פאָרווערטס״ בראש. דערצו האָט פיל אויסגעהאָלפען די לויה־דעמאָנסטראַציע נאָך די קרבנות. אין טאָג פון דער לויה, (מיטוואָך, דעם 5־טען אַפּריל), האָט אין ניו יאָרק געגאָסען אַ שלאַגס־רעגען. דאָך זיינען צו דער לויה געקומען אַ האַלבער מיליאָן מענשען. אַלע גאַסען פון קלינטאָן האַל, (די העדקוואַדערס פון דער וויסט מייקערס יוניאָן), ביז וואַשינגטאָן פּלייס, (וואו עס איז געשען דער אומגליק), זיינען געווען שוואַרץ מיט מענשען אונטער רעגענשירעמס. זעקס אַרבייטער דיוויזיעס, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון 120 טויזענט מענער און פרויען זיינען געגאַנגען אין דעם גרעסטען מאַרטש, וואָס ניו יאָרק האָט ווען געזען.

אויך אויפן געביט פון הילף צו די קרבנות (לעבען־געבליבענע קריפּעלס און פאַמיליעס פון די פאַרברענטע) האָבען די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער אַרויסגעוויזען זייער גרייטקייט, זייערע ברייטע הערצער, און אָפענע הענט. דער יוניאָן פאָנד, געגעבען צום רויטען־קרייץ, האָט באַטראָפען אַרום 16 טויזענט דאָלאַר. ביי אידישע יוניאָן־לייט איז דאָס דעמאָלט געווען אַ גרויסע סומע. דעם חשבון האָב איך געפונען אין אַ באַריכט פון רויטען־קרייץ, וועלכער האָט געזאַמעלט און פאַרטיילט 120 טויזענט דאָלאַר.

דער קאַמף פון די געווערקשאַפטען געגען די פייער־פּאַסטקעס האָט אַרויסגערופען צו זיך די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דער פאַקט אַליין, אַז די באַלעבאַטים פון דער „טראַיענגעל״ פירמע זיינען דורך דער געזעלשאַפטליכער אויפרעגונג געגען זיי אַרויס פון זייער גוט־גייענדער ביזנעס און מער ניט געקאָנט זיי אָנהאַלטען אפילו אין אַ פרעמדער שטאָט און אונטער אַן אַנדער נאָמען, — אָט־דער פאַקט באַווייזט, ווי אויפגעבראַכט די באַפעלקערונג איז געווען געגען די „טראַיענגעל״־לייט. און כאָטש דאָס געריכט האָט זיי באַפרייט פון דירעקטער פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם אומגליק, האָט דאָך זייער דעמאָלט־יונגער און שטייגענדער פאַרטיידיגער, דער לאַיער מאַקס סטויער, געקראָגען אַ צוריקשטויס אין זיין קאַריערע אַלס געזעלשאַפטליכער טוער. זיין רוהם האָט זיך אָפּגעשטעלט פון צו שפּרייטען, און עס האָט גענומען יאָרען ביז מאַקס סטויער האָט פון זיך אָפּגעוואַשען דעם פלעק אַלס פאַרטיידיגער פון אַזעלכע מאָראַליש געזונקענע אָנגעקלאָגטע פון דער גאַנצער עפענטליכער מיינונג.

אין דעם באַזונדערען ביכעל, וואָס דער רויטער־קרייץ האָט אַרויסגעגעבען וועגען דער הילף צו די קרבנות פונ׳ם „טראַיענגעל״־פייער, ווערט אויסגעדרוקט אַ דאַנק צו דער געווערקשאַפטען פאַר דעם יוניאָן־פאָנד. און עס איז דאָ כדי צו דערמאָנען, אַז די גאַנצע אַרבייט פון אויפנעמען די ביישטייערונגען פאַרן רויטען־קרייץ צו העלפען די קרבנות פונם פייער, און די אַרבייט צו ענטפערען אַלעמען אויף די בריוו מיט טשעקס — אָט־די אַרבייט איז געטאָן געוואָרען אין הויז פון דעם באַרימטען פילאַנטראָפּ, דזשייקאָב ה. שיף. ער איז טאַקע אַליין געווען דער טרעזשורער פון דעם פאָנד.

## קאַמף נעגען פּייער־פּאַסטקעס

אויב די היגע אידישע אַרבייטער זיינען סוף כל סוף פּטור געוואָרען פון די פייער־פּאַסטקעס, אויב מיר האָבען היינט צו טאָג געזעצען, וואָס באַשטראָפען פאַר אָנפירען מיט ניט־זיכערע שעפּער, האָבען מיר דאָס בלויז צו פאַרדאַנקען דעם ענערגישען קאַמף, וואָס די דעמאָלט נאָך יונגע געווערקשאַפטען האָט אַזוי מוטיג געפירט. אָהן דעם כח פון די געווערקשאַפטען, וואָלטען די יונגע שפּראָצלינגען — די איינציגע יוניאָנס — געווען יונג פאַרוויאַנעט געוואָרען. אָהן די געווערקשאַפטען, וואָלט דער „פּיור־און־סימפּעל״ עקאָנאָמישער קאַמף פון די יוניאָנס קיינמאָל ניט געווען אויסגעוואַקסען אין אַזאַ מעכטיגען פּאָליטישען קאַמף, ניט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַזאַ קאַמף פאַר געזעצליכע פאַרבעסערונגען פון וועלכע מיר אַלע געניסען איצטער.

פאַר די ליכטיגע שעפּער, פאַר די מענשליכע אַרבייטס־באַדינגונגען פון דער היינטיגער צייט, האָבען 144 יונגע קינדער באַצאָלט מיט זייערע יונגע לעבענס. און ווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פייערט איצטער דאָס 50־טע יאָר פון איר עקזיסטענץ, איר גרויסען היסטאָרישען יובל, זאָגען מיר „יזכור״ נאָך יענע קרבנות.

# ערשטער גרויסער פּאָליטישער זיג פון די אידישע יוניאָנס

די ערוויילונג פון מאיר לאָנדאָן צום קאָנגרעס

פון הלל ראָגאָף

**וואוקס, אַנטוויקלונג באַרג־אַרויף**

אין די פיר יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, האָבן די סאָציאַליסטישע און טרייד יוניאָניסטישע באַוועגונגען צווישען די אידישע מאַסען אין ניו יאָרק דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון זייער אַנטוויקלונג אין וואוקס, סיי פיזיש, סיי גייסטיג. אין די פיר קורצע יאָרען האָבען אַלע יוניאָנס אין די נאָדעל־פאַכען קריסטאַליזירט זייערע קרעפטען אין לאַנגע און פאַרצווייפעלטע סטרייקס, וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיטן זיגען. צוויי פון די סטרייקס, איינער פון די ווייסטמאַכער, אין יאָר 1909, און דער צווייטער פון די קלאָוקמאַכער, אין יאָר 1910, האָבען אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט און געוואונען די סימפּאַטיע און שטיצע פון פילע יונגע אידעאַליסטען פון די רייכערע קלאַסען. דורך די סטרייקס זיינען געבוירען געוואָרען די מעכטיגע נאַציאָנאַלע יוניאָן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג פאַר די נעקסטע צען יאָר.

אַלע אידישע יוניאָנס זיינען געווען באַזעלט פון סאָציאַליסטישע אידעאַלען און זיינען געפירט געוואָרען פון סאָציאַליסטען. דער כאַראַקטער פון דער אימיגראַציע אויף דער איסט־סייד האָט זיך געענדערט זייט דעם אָנפאַנג פון דעם צוואַנציגסטען יאָרהונדערט. די נייע אימיגראַנטען זיינען געווען יונגע ראַדיקאַלען, וועלכע זיינען נאָך אין דער אַלטער היים געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען אַהער געקומען דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען פון דער ראַדיקאַלער אַרמיי און האָבען געזוכט אַ געלעגענהייט זיך אַנצושליסען אין דער זעלבער אַרמיי אין דער נייער היים. אין די פריערדיגע יאָרען איז דער פרישער אימיגראַנט געווען אַ געפאַר פאַר די יוניאָנס, אַ שטערונג פאַר דעם אַרבייטער פּראָגרעס; איצטער אָבער איז ער געווען אַ הילף און אַן אינספּיראַציע. דער איצטיגער אימיגראַנט האָט ניט בלויז זיך אָנגעשלאָסען אין די רייען און געמאַרשירט מיט זיי; ער איז אין די מערסטע פאַלען געווען נאָך מער באַגייסטערט, נאָך מער אָפּפערוויליג ווי זיינע אויסגעגרינטע חברים.

די עלטערע אימיגראַנטען און זאָגאַר די היגע ערצויגענע אַרבייטער האָבען אויך געפאָלגט די סאָציאַליסטישע פירער. מען דאַרף געדענקען, דאָס די סאָציאַליסטען און אַנדערע ראַדיקאַלען זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבען אויף דער איסט־סייד געבראַכט די לאָזונג פון טרייד יוניאָנס. די סאָציאַליסטישע פּרעסע איז פון שטענדיג אָן געווען די פאָרשטייערין און די פּראָפּאַגאַנדיסטען פון יוניאָנס. און די סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרס זיינען געווען די יעניגע, וואָס האָבען צוגעגרייט דעם באָדען פאַר די טרייד יוניאָנס.

די גרויסע יוניאָנס, אונטער דעם סאָציאַליסטישען איינפלוס, זיינען געוואָרען דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון די אידישע קוואַרטאַלען. דער „פאָרווערטס" האָט געשאַפען די עפענטליכע מיינונג אין סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַנגעלעגענהייטען. דער אַרבייטער רינג איז געגאַנגען פאָראויס אין עפענטליכע און קולטורעלע טעטיגקייטען, וועלכע זיינען שטענדיג באַטראַכט געוואָרען אויסער דעם פּראָגראַם פון אָרגאַניזאַציעס פון דעם סאָרט. קיין וויכטיגע עפענטליכע אַרבייט האָט ניט געקענט אונטערנומען ווערען אָדער דורכגעפירט ווערען ערפאָלגרייך אָהן דער שטיצע פון אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע.

**דראַמאַטישע קאַמפּיינס; טעמען**

די איסט סיידער קאַמפּיינס פאַר קאָנגרעס זיינען מיט דעם גאַנג פון די יאָרען געוואָרען מעהר און מעהר דראַמאַטיש. די רעפּובליקאַנישע קאַנדידאַטען האָבען זיך צוריקגעצויגען צום הינטער־גרונט. די צוויי קעמפּענדע פּאַרטייען זיינען געווען טעמעני האָל פון איין זייט, און די סאָציאַליסטען פון דער צווייטער זייט. אַזוי ווי אימער, האָבען די סאָציאַליסטען אַלס זייער קאַמפּס־מיטעל באַנוצט אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע, ווערענד טעמעני האָט זיך פאַרלאָזען אויף דער טונקעלער אַרבייט פון אירע אַגענטען אין עלעקשאָן טאָג. מיט דער צייט איז דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס קאַמפּיין אויף דער איסט סייד געוואָרען דער סימבאָל פאַר דעם קאַמף פאַר ערליכע וואַלען. די ליבעראַלען און פּראָגרעסיסטען און זאָגאַר

מאַנכע קאָנסערוואַטאָרען, וועלכע האָבען געלייגט געוויכט אויף ערליכקייט אין פּאָליטיק, האָבען גענומען אַ טיפען אינטערעס אין די סאָציאַליסטישע קאַמפּיינס. פּראָמינענטע פּערזאָנען פון יענע גרופען האָבען אָנגעבאָטען זייער הילף צו די סאָציאַליסטען. די איסט סייד איז געוואָרען די אַרענאַ פאַר יונגע אידעאַליסטען און עלטערע ליבעראַלען, וועלכע זיינען אַהין געקומען קעמפען געגען טעמעני, די אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געמאַכט צו שאַנד די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע.

ליבע צו מאיר לאָנדאָן

דאָס וואָס די פרעמדע אידעאַליסטען און ליבעראַלען האָבען ניט געקענט באַווייזען אויפצוטאָן האָבען ענדליך באַוויזען די מיטגלידער פון די טרייד יוניאָנס, וועלכע די אימיגראַנטען האָבען אויפגעבויט. ווען מאיר לאָנדאָן איז געלאָפען צום דריטען מאָל פאַר קאָנגרעס אין יאָר 1914, זיינען די יוניאָנס פון די קלאָוקמאַכער, פּאָריערס און שניידער, געווען אין זייער גלאַנץ. יעדע פון די יוניאָנס און פילע אַנדערע אויף דער איסט רייד, האָבען ערשט געהאַט פאַרצייכענט גרויסע זיגען און זיי האָבען זיך געפילט שטאַרק און שטאָלץ אין זייער מאַכט. זיי האָבען אויך אַלע געפילט זיך צוגעבונדען צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די מיטגלידער פון די יוניאָנס האָבען געוואוסט וואָס לאָנדאָן האָט געטאָן פאַר זייערע אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבען אים געליבט און געאַכטעט. איצט האָבען זיי געפונען די געלעגענהייט זייער ליבע און אַכטונג אים אַרויסצואווייזען, פאַר זיין אַרבייט אים צו באַלוינען.

די יוניאָנס האָבען אָרגאַניזירט ספּעציעלע קאַמפּיין קאָמיטעס, האָבען געזאַמעלט געלט אין די שעפּער, זיי האָבען געשיקט זייערע מענשען צו דינען אַלס וואָטשערס אין די שטימפּלעצער און די מענשען האָבען איבערצייגט די טעמעני־לייט, אַז זיי זיינען ניט קיין שרעקעדיגע און אַז ביי זיי וועט מען ניט קענען אַזוי גרינג גנב׳ענען שטימען. צום ערשטען מאָל האָט טעמעני באַגעגענט אויף דער איסט סייד א מאַכט, מיט וועלכער זי האָט זיך געמוזט רעכענען.

די נאַכט פון עלעקשאָן־טאָג איז די איסט־סייד געווען אין אַ העכסט אויפגערעגטען צושטאַנד. דעם גאַנצען טאָג האָבען זיך אין דעם קוואַרטאַל אַרומגעטראָגען קלאַנגען וועגען געוואַלט־טאַטען און פאַלשקייטען וואָס די טעמעני־לייט באַגייען.

די סאָציאַליסטישע העדקוואָטערס זיינען געווען פול מיט פרייוויליגע טוער, מענשען פון פאַרשידענע שיכטען זיינען געקומען אָנבאָטען זייער דינסט. עס איז געווען אַ פרייוויליגע קענוועסער־קאָמיטע. די איסט־סייד איז געווען ענטשלאָסען, אַז דאָס מאָל זאָל טעמעני איר ניט שטערען פריי אויסצודריקען איר ווילען ביי די וואַלען.

פאַרנאַכט, נאָך איידער די שטים־פּלעצער האָבען זיך געשלאָסען, האָבען גרויסע מאַסען זיך פאַרזאַמעלט אין פראָנט פון דער „פאָרווערטס״־געביידע, אויף ראָטגערס סקווער. ווען עס איז געוואָרען פינסטער און מען האָט שוין גענומען ברענגען די רעזולטאַטען פון די וואַלפּלעצער איז די מאַסע געווען אַזוי גרויס און געדיכט, אַז זי האָט אָנגעפילט דעם גאַנצען סקווער, דעם סואַרד פּאַרק, און באַדעקט די זייטיגע גאַסען פון וואַנען מען האָט כמעט גאָרניט געקענט זען דעם לייווענט אויף וועלכען די ציפערען פון די שטימען זיינען געוויזען געוואָרען.

גרויסער קאַמפּס־טאָג

דריי לאַנגע שטונדען זיינען פאָריבער איידער די ציילער אין די שטים־פּלעצער זיינען צוגעקומען צו לאָנדאָנ׳ס נאָמען אויף דעם לאַנגען שטים־צעטעל און אָנגעפאַנגען זיינע שטימען צו ציילען. די מאַסען זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען ווי צוגעשמידט צו זייערע פּלעצער, און אַז דאָס ציילען האָט זיך געענדיגט, זיינען די רעזולטאַטען פון די איינציגע פּלעצער אַרויסגעגעבען געוואָרען זייער לאַנגזאַם. דעם סך הכל פון די שטימען איז אונמעגליך געווען צו קריגען. עס האָבען זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די טעמעני משרתים זוכען צו מאַכען אַ שווינדעל ביים צוזאַמענרעכענען די ציפערען. עלף אַ זייגער ביי נאַכט האָט דאָס „טאַגעבלאַט״, אַ קאָנסערוואַטיווע אידישע צייטונג, וועלכע האָט געשטיצט דעם טעמעני קאַנדידאַט, אַרויסגעגעבען אַן „עקסטראַ״ מיט די נייעס, אַז לאָנדאָן איז דורכגעפאַלען.

דער גרויסער עולם האָט זיך ענטזאַגט דעם באַריכט צו גלויבען. די מענשען זיינען געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ באַשטימטען וואָרט פון „פאָרווערטס״. ערשט צוויי אַזייגער אין דער פרי האָט די סאָציאַליסטישע צייטונג געקראָגען די אָפיציעלע ציפערען פון אַלע שטים־פּלעצער אין דעם דיסטריקט. די ציפערען האָבען באַוויזען, אַז מאיר לאָנדאָן איז אַרויס דער זיגער.

אַזוינע סצענעס ווי די, וואָס האָבען זיך דאַן אָפּגעשפּיגעלט אויפ׳ן גאַס, האָט מען קיינמאָל ניט געזען אויף דער איסט־סייד. מענשען האָבען פּשוט געטאַנצט פאַר פרייד, מען האָט איינע די אַנדערע געדריקט די הענט, זיך געקושט. די פרייד־דעמאָנסטראַציעס האָבען אָנגעהאַלטען ביז אין דער פרי. לאָנדאָן איז געבראַכט געוואָרען אויפן סקווער און איז אַרומגעטראָגען געוואָרען אויף די אַקסלען פון די מאַסען. פּראָמינענטע סאָציאַליסטען האָבען געהאַלטען רעדעס. ווען די זון האָט אָנגעהויבען אויפצוגיין, האָט מר. זאַמעטקין, וועלכער

די פרייד פון זיג ,

האָט גראַד דאַן געהאַלטען אין מיטען ריידען, אויסגעשריען: „זעט, די זון גייט אויף אויפ׳ן הימעל, און די זון גייט אויך אויף אויף דעם אידישען קוואַרטאַל, אויף דער איסט־סייד!"

**אַמעריקע באַוואונדערט**

אין דער פרי האָבען די ענגלישע צייטונגען געדרוקט די נייעס, אַז אויף דער איסט־סייד איז פאַר קאָנגרעס ערוויילט געוואָרען מ. גאָלדפאָגעל, דער קאַנדידאַט פון טעמעני האָל. דער טעות איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פון דער שטאָטישער פרעסע צו די אימיגראַנטען קוואַרטאַלען. די פּאָליטישע רעדאַקטאָרען פון די צייטונגען האָבען גאָר־ניט געוואוסט פון דער גרויסער פּאָליטישער דראַמע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף דער איסט־סייד. זיי האָבען די סאָציאַליסטישע ציפערען ניט גענומען אין אָנבאַטראַכט. זיי האָבען בלויז פאַרגליכען די צאָל פון דעמאָקראַטישע שטימען און די צאָל פון רעפּובליקאַנישע שטימען. און אַזוי ווי די דעמאָקראַטישע ציפערען זיינען געווען גרעסער, האָבען זיי געמאָלדען, אַז דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט איז ערוויילט געוואָרען.

ווען די צייטונגען האָבען זיך שפּעטער דערוואוסט דעם אמת, האָבען זיי זיך אין דער פּאַסירונג זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט. צום ערשטען מאָל איז עס געשען, אַז די גרויסע שטאָט ניו יאָרק, די גרעסטע און רייכסטע שטאָט אין לאַנד, שיקט אַ סאָציאַליסט אין קאָנגרעס. און נאָך אַ וואונדער, אַ סאָציאַליסט האָט איינגענומען איינע פון די שטאַרקסטע טעמעני פעסטונגען.

צייטונגען האָבען געדרוקט לאַנגע נייעס באַריכטען און לייט־אַרטיקלען וועגען דער גרויסער סענסאַציאָנעלער געשעעניש. די מערסט רעדאַקטאָרען האָבען זיך צו לאָנדאָנ׳ען באַנומען פריינטליך; מאַנכע האָבען אים זאָגאַר גראַטולירט. די „טיימס" האָט אים מכבד געווען מיט אַ לאַנגער דרשה און געלערענט ווי אַזוי ער זאָל אין קאָנגרעס האַנדלען. זי האָט אים געראַטען, אַז ער זאָל זיין פאָרזיכטיג, ער זאָל ניט זוכען אַרויפצוצווינגען זיינע אידייען אויף זיינע קאָלעגען; ער זאָל זיין געלאַסען און טאַקטיש, אויב ניט, האָט די „טיימס" אים געוואָרענט, וועלען די קאָנגרעס־לייט אים אויסלאַכען און באַטראַכטען ווי אַ „קלאָון".

דעם זונטאָג נאָך די וואַלען האָט די איסט־סייד געפייערט לאָנדאָנ׳ס ערוויילונג מיט אַ מאַסען פאַרזאַמלונג אין דעם ריזיגען מעדיסאָן סקווער גאַרדען. שטונדען־לאַנג, איידער די טירען פון דעם גארדען האָבען זיך געעפענט, זיינען זיי געווען באַלאַגערט פון טויזענטער מענער און פרויען. רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען פון די פּראָמינענטסטע סאָציאַליסטען און טרייד יוניאָן אָנפירער. לאָנדאָן אַליין האָט בלויז געזאָגט עטליכע ווערטער:

**לאָנדאָנ׳ס פאַרשפּרעכען**

„איך ערוואַרט ניט אויפצוטאָן וואונדער אין קאָנגרעס. איך וועל אָבער דאָרטען זאָגען אַ נייעם וואָרט. און איך וועל אויך אויפטאָן איין זאַך, וואָס שטייט ניט געשריבען אין דער פּלאַטפאָרמע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. איך האָף, אַז מיין פּערזאָן וועט מיט זיך פאָרשטעלען אַ גאַנץ אַנדער טיפּ אידען ווי דער, וואָס דער קאָנגרעס איז ביז איצט געוואוינט געווען דאָרט צו זען".

לאָנדאָנ׳ס קאַריערע, אין קאָנגרעס האָט באַוויזען, אַז די עצה, וואָס די „טיימס" האָט אים געגעבען, איז געווען איבעריג און אַז זיין אייגענער פאַרשפּרעכען איז געווען צו באַשיידען.

# די גרעסטע שטורעמס

**פון יאָהר 1909**
**ביז'ן יאָהר 1914**

פון ב. ווײנשטײן

41 יוניאָנס; 5 טויזענט מיטגלידער

דער העכסטער פונקט פון ערפאָלג אין דער טעטיגקייט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו גרינדען מעכטיגע יוניאָנס פון אידישע אַרבייטער אין ניו יאָרק און אויסצוקעמפען פאַר זיי בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען פאַר די גרויסע מאַסען, איז געקומען נאָך דעם, ווי די צענטראַלע קערפערשאַפט האָט דערגרייכט איר 25 יאָריגע עקזיסטענץ, אָנהויבענדיג פון 1889 ביז 1914.

איך געדענק, ווען איך בין אויף דאָס ניי ערווײלט געוואָרען אַלס סעקרעטאַר, נאָכדעם ווי גענאָסע מאַקס פיין האָט רעזיגנירט. דאָס איז געווען דעם 2־טען יולי, 1909.

דאַמאָלס זיינען אין די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען געווען פאַרטראָטען 41 יוניאָנס מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 5 טויזענט אַרבייטער. די מערסטע מיטגלידער זיינען אָבער געווען נאָר פאַרשריבען אויפ'ן פאַפיר. פון די 40 טויזענט קלאָוק־ און דרעסמאַכער האָבען צו דער יוניאָן באַלאַנגט נאָר אַ 400. אין קלאָוק־טרייד האָבען דאַמאָלט געהערשט שדעקליכע באַדינגונגען. איבערהויפט האָבען די אַרבייטער געליטען פון די „אינסייד קאָנטראַקטאָרס”, וועלכע פלעגען אַרויסנעמען די אַרבייט פון באָס, און מען האָט געאַרבייט פון זייער האַנט. די ווערדזשעס פון דער גרויסער מאַיאָריטעט אַרבייטער זיינען געווען זעהר קלעגליכע.

אין דעם לײדיס־ווײסט טרייד זיינען דאַן געווען באַשעפטיגט ביי אַ צוואַנציג טויזענט אַרבייטער, מערסטענס פרויען. צו דער לײדיס ווייסטמאַכער יוניאָן אָבער האָבען באַלאַנגט בלויז ביי אַ צוויי הונדערט. אין דעם פאַך האָבען די אינסייד־קאָנטראַקטאָרס שרעקליך געבושעוועט. 4־5 דאָלאַר אַ וואָך פאַר 65 שטונדען אַרבייט זיינען דאַן געווען די דורכשניטליכע ווײדזשעס פון אַן אַרבייטערין.

די מענער שניידער יוניאָן האָט דאַן עקזיסטירט מיט נסים. די שניידער האָבען געאַרבייט טאָג און נאַכט פאַר אַ הונגער־לוין, פונקט ווי אין די אַמאָליגע צייטען.

אַזוי איז געווען די לאַגע פון די אַרבייטער אין אַלע אידישע טריידס, מיט דער אויסנאַם פון די קאַפּען־מאַכער, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט נאָך אין יאָר 1870, און די שריפטזעצער, וועלכע האָבען אָנגעהאַלטען די יוניאָן־שטונדען און יוניאָן־ווערדזשעס אויך אין דעם קריזיס־יאָר 1907 און שפּעטער.

אין זומער פון יאָר 1009, ווען דער גרויסער קריזיס איז שוין געווען פאַריבער, האָבען די טעטיגע אידישע סאָציאַליסטען און טרייד־יוניאָניסטען אײנגעזען, אַז ענדליך איז געקומען דער מאָמענט אָנצופאַנגען אַ גרויסע באַוועגונג צוריק אויפצובויען שטאַרקע יוניאָנס.

אין מאָנאַט יוני, 1909, איז פאָרגעקומען אין ניו יאָרק אַ באַראַטונג, וואו עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן אָנצופאַנגען אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין, און טאַקע גלייך נאָכדעם האָט מען זיך גענומען אָרגאַניזירען די לײדיס ווייסטמאַכער.

בעקערס צורודערען קוואַרטאַל

מיט אַ קורצער צייט פריער איז פאָרגעקומען אַ גענעראַל־סטרייק פון טויזענט אידישע בעקער־אַרבייטער, וועלכע האָבען געפירט אַ בראַוון קאַמף אין פאַרלויף פון צוויי מאָנאַטען. די סטרייקער זיינען געווען מיטגלידער פון לאָקאַל 100 פון דעם נאַציאָנאַלען בעקער־פאַרבאַנד. יענער בעקער־סטרייק האָט אויפגערודערט דעם גאַנצען אידישען קוואַרטאַל פון ניו יאָרק. די אידישע בעקער־אַרבייטער האָבען געסטרייקט געגען שרעקליכע אַרבייטס־באַדינגונגען, וואָס האָבען דאַן געהערשט אין זייער טרייד. דעם 2־טען יולי, 1909, האָט די גאַנצע אידישע אַרבייטער־באַוועגונג אין ניו יאָרק געפייערט דעם זיג פון די בעקער־אַרבייטער מיט אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבען זיך באַטייליגט עטליכע טויזענט אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער. די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען אין אַ פרייטאָג, אינמיטען טאָג. די אידישע בעקער־אַרבייטער זיינען געווען די ערשטע שוואַלבען, וואָס האָבען אָנגעזאָגט אַ נייעם פרילינג אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג פון אַמעריקע.

די לײדיס ווייסטמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק האָט, ווי געזאָגט, אין זומער פון 1909 געציילט בלויז ביי 200 מיטגלידער, בעת אין טרייד זיינען דאַן געווען באַשעפטיגט איבער צוואַנ־

## אינטערנע־שאַנאַל ווערט מעכטיג

ציג טויזענט אַרבייטער. עס האָט גענומען ביי אַ פּאָר מאָנאַט צייט צו אָרגאַניזירען אַ שטאַרקע ליידיס ווייסטמאַכער יוניאָן, אום צו קענען אַרויסרופען דעם גאַנצען טרייד אין אַ סטרייק. אין דערזעלבער צייט אָבער האָט די יוניאָן אויך געפירט סטרייקס אין איינצעלנע שעפּער, הויפּטזעכליך געגען איינער פון די גרעסטע, דער טרויעריג־באַרימטער „טראַיענגעל" פירמע, אין וועמעס שאַפּ עס זיינען מיט צוויי יאָר שפּעטער אומגעקומען אין אַ פייער 147 אַרבייטער, מענער און פרויען. דער שאַפּ איז געווען אַן אמת'ע פייער־פּאַסטקע, מיט פאַרמאַכטע טירען, פון וואַנען די אומגליקליכע אַרבייטער האָבען ניט געקענט ראַטעווען זייערע לעבענס און זיי זיינען אין דער פּאַסטקע לעבעדיגערהייט פאַרברענט געוואָרען.

דעם 22־טען נאָוועמבער, 1909, האָט זיך אין ניו יאָרק אָנגעפאַנגען דער באַרימטער ליידיס ווייסטמאַכער סטרייק, אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט אַכצען טויזענט אַרבייטער, מערסטענס פרויען און יונגע מיידלאַך. דער קאַמף האָט געדויערט ביז'ן 12־טען מאַרטש, 1910. דער זיג איז ניט געווען קיין גוואַלדיגער. מען האָט געקראָגען אַ 54־שטונדיגע אַרבייטס־וואָך און אַ העכערונג פון אַ 15 ביז 20 פּראָצענט אויף די ווייִדזשעס. דער „רעיז" האָט קיין ווערט ניט געהאַט, ווייל די ווייִדזשעס זיינען געווען קליינע. מען האָט אָבער געוואונען אַ יוניאָן פון צוועלף טויזענט מיטגלידער.

די יוניאָן האָט דאַן שטאַרק געמאַכט די אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס אָוו אַמעריקע, פון וועלכער זי איז געווען אַ טייל. דער דערפאָלגרייכער סטרייק פון די ליידיס ווייסטמאַכער פון יאָר 1909 האָט צוגעגעבען מוט דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן אָנצופאַנגען אַ ריזיגען קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען די פופציג טויזענט קלאוק־מאַכער פון ניו יאָרק. עס האָט גענומען זעקס מאָנאַטען, ביז עס איז געלונגען צוצוגרייטען די קלאוקמאַכער יוניאָן אַזוי, אַז זי זאָל זיין אומשטאַנד אַרויסצורופען דעם באַרימטען „סטרייק הגדול".

דאָנערשטאָג, דעם 7־טען יולי, 1910, אין זעהר אַ הייסען טאָג, זיינען די קלאוקמאַכער פון ניו יאָרק אַרונטער אין גענעראַל־סטרייק. עס האָט גענומען אַ וואָך צייט, ביז אַלע קלאוק־שעפּער אין ניו יאָרק זיינען געוואָרען פּוסט. אויסער די קלאוק און סקוירטמאַכער, וועלכע זיינען גלייך דעם ערשטען טאָג אַלע אַרונטער אין סטרייק, האָבען אויך פאַרלאָזען די שעפּער אַלע רייִנקאוט־מאַכער און אייניגע טויזענט אַרבייטער פון די אָלטערייִשאָן־שעפּער, וועלכע האָבען געאַרבייט אין די דעפּאַרטמענט סטאָרס. אין גאַנצען זיינען דאַן אַרונטער אין סטרייק ביז אַ זיבעציג טויזענט ליידיס גאַרמענט אַרבייטער. אין פאַרלויף פון 9 וואָכען האָבען די קלאוק־מאַכער אָנגעפירט אַ וואונדערבאַרען קאַמף.

פרייטאָג, דעם 2־טען סעפּטעמבער, 1910, איז ענדליך דער קלאוקמאַכער־סטרייק גע־סעטלט געוואָרען מיט דער הילף פון די צוויי באַרימטע כלל־טוער, לואיס ד. בראַנדעיס און לואיס מאַרשאַל.

די קלאוק־מאַנופעקטשורערס האָבען נאָכגעגעבען אַ 50־שטונדיגע אַרבייטס־וואָך, די איינ־פירונג פון פרייז־קאָמיטעט און גריוועגס־קאָמיטעס אויף צו שליכטען אַלע סכסוכים, 10 געזעצ־ליכע יום־טובים אַ יאָר באַצאָלט, א. אַז. וו. עס איז דאַן געשלאָסען געוואָרען דער באַרימטער „פּראָטאָקאָל" (אַ קאָנטראַקט צווישען ביידע צדדים), וואָס האָט אָנגעהאַלטען דעם פּונקט וועגען „פּרעפערענשעל" יוניאָן שאַפּ, מיט אַ טשיף־קלוירק פון דער יוניאָן, און פון דער קלאָוק מאַנו־פעקטשורערס אַסאָויאַיישאָן.

דער סטרייק פון די קלאוקמאַכער איז שוין געפירט געוואָרען פון דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן מיט דער הילף פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפ־טען. אָבער דער ליידיס ווייסטמאַכער סטרייק איז אינגאַנצען אָרגאַניזירט און אַרויסגערופען געוואָרען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. די געווערקשאַפטען האָט אויך געזאַ־מעלט פינאַנציעלע שטיצע פאַר'ן סטרייק און אים געפירט מיט דער הילף פון דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג.

## אָהן „פאָרווערטס" וואָלט עס ניט געווען

זעהר טעטיג אין יענעם סטרייק איז געווען די „ווימענס טרייד־יוניאָן ליג". נאָכ'ן סטרייק פון די ליידיס ווייסטמאַכער האָט די אינטערנעשאָנאַל געהאַט שוין פופצען טויזענט מיטגלידער, און די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל מיט אַ צאָל טעטיגע מיטגלידער פון דער קלאוק־מאַכער יוניאָן האָבען אָרגאַניזירט די קלאוקמאַכער און אַרויסגערופען זייער סטרייק. די גע־ווערקשאַפטען האָט אין יענעם סטרייק געזאַמעלט די גרעסטע צאָל פינאַנציעלע שטיצע, געהאָלפען אין דער סטרייק־קאָמיטע און באַזאָרגט די גרעסטע צאָל אידישע רעדנער פאַר די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער.

עס מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז אָהן דעם „פאָרווערטס", וואָלטען מיר קיינמאָל ניט באַוויזען צו אָרגאַניזירען אַזאַ מעכטיגע אידישע טרייד יוניאָן באַוועגונג פון צוויי הונדערט טויזענט אידישע אַרבייטער און געווינען פאַר זיי מענשליכע אַרבייטס־באַדינגונגען.

גלייך נאָך יענעם זיג פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָבען אין אַלע טריידס גענומען וואַקסען יוניאָנס. דער אָפיס פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז יעדען טאָג געווען בעלאַגערט מיט אַרבייטער פון אַלע פאַכען אַרבייט, וועלכע האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי אָרגאַניזירען אין יוניאָנס.

**אַ שטראָם נייע יוניאָנס; פּאַריער־סטרייק**

צווישען די פילע גרויסע יוניאָנס פון די אידישע טריידס, וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט גלייך נאָכ׳ן קלאָוקמאַכער סטרייק אָרגאַניזירט, איז געווען די פּאַר־אַרבייטער יוניאָן. אין דעם טרייד איז קיין אינטערנעשאָנאַל צו יענער צייט ניט געווען. האָט די פאַראיינגיטע אידיש עגעווערקשאַפטען געטאָן די גאַנצע אַרבייט: אָרגאַניזירט דעם טרייד, אַרויסגערופען דעם סטרייק, געזאַמעלט שטיצע און געבראַכט דעם סטרייק ביז צו אַ זיג. דער סטרייק איז אַרויסגערופען געוואָרען דעם 20־טען יולי, 1912. צו יענער צייט זיינען געווען ניין טויזענט אַרבייטער אין פאַר־טרייד, כמעט אַלע אידישע, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיגט אין 744 פּאַריער־שעפּער.

דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען 12 וואָכען צייט.

דעם 8־טען סעפּטעמבער, 1912, האָבען צוויי פון די דאַמאָלסדיגע פאַר־מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָנס אונטערגעשריבען אַ קאָנטראַקט מיט דער יוניאָן, נאָכגעגעבענדיג 48 און 49 שטונדען אַ וואָך אַרבייט און בלויז צווייערליי פרייזען פון שכירות אַ יאָר, דער סעטלעמענט איז דאָן באַטראַכט געוואָרען פאַר אַ גרויסען זיג פאַר די אַרבייטער.

דער הויפּט־פירער פון סטרייק איז געווען אונזער גענאָסע איזידאָר קאָהען; ביי זיין זייט איז די גאַנצע צייט געטריי געשטאַנען אונזער אונפאַרגעסליכער מאיר לאָנדאָן.

אין יאָר 1913 איז אָנגעקומען דער ריזיגער גענעראַל־סטרייק פון די ניו יאָרקער שניידער אַרבייטער.

עס האָט גענומען איבער אַ יאָר צייט, ביז עס איז געלונגען די הויפּט־אָרגאַנייזערס מאַקס פּיין און ב. שווייצער אַריינצוקריגען אין דער יוניאָן אַ 40 פּראָצענט פון די אַרבייטער פון אַלע פאַכען שניידעריי. דאָן ערשט איז דערקלערט געוואָרען דער גענעראַל סטרייק. דאָס איז געווען דעם 30־טען דעצעמבער, 1912. דער רוף צום גענעראַל־סטרייק האָט דאָן געפונען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די הונדערט טויזענט שניידער אַרבייטער פון גרייטער ניו יאָרק.

**מאַקס פּיין און שווייצער**

אַלע אַרבייטער, אידען, איטאַליענער, פּאָליאַקען און אַנדערע, האָבען גענומען וואַרפען די אַרבייט, און זיי האָבען אַוועקגעמאַרשירט אין די פאַרזאַמלונגס־פּלעצער, וועלכע די סטרייק־קאָמיטע האָט פאַר זיי געדונגען.

אין פאַרלויף פון אַ וואָך זיינען אַלע שניידער־שעפּער פון ניו יאָרק אויסגעליידיגט געוואָרען. אָפיציעל האָט עס געהייסען, אַז די פירער פון דעם גרויסען שניידער־קאַמף זיינען די מיטגלידער פון דעם „דיסטריקט טרייד־קאָונסיל פון אַלע שניידער לאָקאַלען פון ניו יאָרק״. אָבער די צווייטע וואָך פון סטרייק האָט ה. לאַוונער, דער סעקרעטאַר פון דעם דיסטריקט קאָונסיל, געבראַכט אין אָפיס פון געווערקשאַפטען די אויפשריפטען פון אַלע אָפּטיילונגען פון סטרייק, און האָט די פירונג פון גרויסען סטרייק איבערגעגעבען צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, ווי דאָס פיקעטען און אָנפירען אַלע שאַפּ־מיטינגען פאַר דער ריזיגער מאַסע סטרייקענדע שניידער, זאַמלען שטיצע, עפענען שפּייז־קיטשענס פאַר די סטרייקענדע, א. אַז. וו.

די „יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס אָוו אַמעריקאַ״, די דאַמאָלסדיגע אינטערנעשאָנאַל פון די מענער שניידער, האָט זיך באַנוגענט בלויז מיט אַרויסשיקען אַפּילס פאַר שטיצע צו אַלע אַמעריקאַנער יוניאָנס און צו פירען פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַבריקאַנטען וועגען סעטלען דעם סטרייק.

נאָך אַ זאַך. די געלדער, וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט געזאַמעלט פאַר די סטרייקערס, זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צום „פאַרווערטס״, וועלכער האָט זיי קוויטירט אין צייטונג און איבערגעגעבען צו די באַאַמטע פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, אַז זיי זאָלען זיי פאַרטיילען צווישען די סטרייקענדע לאָקאַלס.

**ביטערע טעג**

דער קאַמף פון די שניידער איז געווען זעהר אַ ביטערער. די קלענערע שניידער־באַסעס האָבען גלייך געסעטעלט מיט דער יוניאָן. אָבער דאָס האָט קיין באַדייטונג נישט געהאַט, ווייל די רייכע מאַנופעקטשורערס זיינען געווען פאַר׳עקשנ׳ט און ניט געוואָלט סעטלען. די קליידער פאַבריקאַנטען זיינען דאַמאָלס געווען אָרגאַניזירט אין דרייערליי אַסאָסיאיישאָנס. נאָך 10 וואָכען סטרייקען האָט דער פּרעזידענט פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, ניט אָנפרעגענדיג ביי די סטרייקערס, געמאַכט אַ סעטלעמענט מיט דער אַסאָסיאיישאָן פון די גרויסע קליידער־מאַנופעקטשורערס פאַר 54 שטונדען אַ וואָך אַרבייט און אַ העכערונג פון 1 דאָלאַר אַ וואָך אויף די וויידזשעס פון יעדען שניידער־אַרבייטער.

דאָס האָט אַרויסגערופען אַנטריסטונג צווישען די סטרייקערס. זיי האָבען דעם באַפעהל פון דעם פּרעזידענט פון זייער אינטערנעשאָנאַל ניט געפאָלגט און האָבען פאָרטגעזעצט דעם סטרייק נאָך מיט מער ענערגיע.

„סעטלמענט" אָהן נחת

צו יענער צייט האָט די יוניאָן פון די סטרייקענדע שניידער שוין געהאָט געסעטעלט מיט אַ הונדערט מאַנופעקטשורערס און קאָנטראַקטאָרס פאַר 50 שטונדען אַ וואָך אַרבייט. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען נאָך דריי וואָכען צייט און איז ענדליך געסעטעלט געוואָרען מיט דער גרעסטער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן פאַר 53 שטונדען אַ וואָך אַרבייט דעם ערשטען יאָר און 52 שטונדען אַ וואָך פון דעם צווייטען יאָר אָן.

מיט די קלענערע אַסאָסיאיישאָנס, וועלכע האָבען באַשעפטיגט אַרבייטער אין די אינסייד שעפּער און ביי קאָנטראַקטאָרס, איז דער סעטלמענט געמאַכט געוואָרען אויף 50 שטונדען אַ וואָך אַרבייט, מיט אַ גרויסער העכערונג אין שכירות. דעם 8־טען מערץ, 1913, איז דער גרויסער גענעראַל־סטרייק פון די שניידער־אַרבייטער דערקלערט געוואָרען פאַר געענדיגט.

אַלע שניידער־לאָקאַלס פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס זיינען נאָכ'ן סטרייק געוואָרען גרויס און מעכטיג. גראָד איז דאַמאָלט אין דער מענער־קליידער אינדוסטריע געווען אַ סך אַרבייט, און אַ דאַנק דער יוניאָן, האָבען די שכירות פון די שניידער־אַרבייטער דאַן גענומען שטייגען פון טאָג צו טאָג.

ביים סוף פון יאָר 1913 איז ניט געבליבען קיין איין טרייד אין ניו יאָרק, וואו אידישע אַרבייטער זיינען געווען באַשעפטיגט, אַז די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט ניט האָבען אָרגאַניזירט אַ יוניאָן פון דעם דאָזיגען פאַך אַרבייט. כמעט אַלע יוניאָנס האָבען אָנגעפירט סטרייקס פאַר גרעסערע שכירות, קירצערע אַרבייט־שטונדען, אָנערקענונג פון דער יוניאָן, א. אַז. וו. און כמעט אַלע סטרייקס זיינען געוואונען געוואָרען. דאָרט, וואו מיר האָבען פאַרלוירען סטרייקס, האָבען מיר יענעם טרייד פון דאָס ניי אָרגאַניזירט און אַ צווייטען מאָל געוואונען, אַמאָל מער, אַמאָל ווייניגער.

אַ פּערטעל מיליאָן יוניאָן־לייט

צום סוף פון יאָר 1913 זיינען אין די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען געווען פאַרטראָטען 107 לאָקאַלע יוניאָנס מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון איבער צוויי הונדערט טויזענט אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער און אַרבייטערינס. צווישען דער גרויסער צאָל אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער האָבען אין די „אידישע טריידס" אויך געאַרבייט אַ געוויסע צאָל קריסטליכע אַרבייטער, — איטאַליענער, פּוילישע און אַמעריקאַנער. זיי האָבען אויך באַלאַנגט צו דיזעלבע אידישע יוניאָנס.

די אַרבייט־באַדינגונגען אין די אידישע טריידס זיינען מיט דער הילף פון די מעכטיגע אידישע יוניאָנס פיל פאַרבעסערט געוואָרען. מען האָט געאַרבייט ווי מענשען און פאַרדינט מענשליכע ווידזשעס, און מען איז באַהאַנדעלט געוואָרען פון די באַלעבאַטים אין די שעפּער ווי מענשען.

ווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אין יאָר 1909 אָנגעפאַנגען דעם גרויסען אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין, זיינען די אָפיציעלע אַרבייטס־שטונדען געווען 59 שטונדען אַ וואָך, און אין פיל טריידס האָט מען געאַרבייט נאָך לענגערע שטונדען.

פון יאָר 1909 ביז יאָר 1914 זיינען געווען מאָמענטען ווען אונז האָט זיך אויסגעדוכט אַז די גאַנצע וועלט קערט זיך איבער — די וועלט פון אַלע אונזערע יוניאָנס. פאַר אונז איז דאָס געווען די גאַנצע וועלט. מיר האָבען דעמאָלט דורכגעלעבט ניט בלויז אַלע גרויסע סטרייקס, נאָר אויך די צוויי גרויסע אינערליכע שטורעמס — דעם דר. הורוויטש־קאַמף אין דער קלאָקמאַכער יוניאָן, און דעם קאַמף מיט די גאַרמענט־וואָרקערס און דאָס געבורט פון דער אַמאַלגאַמייטעד.

# „הורוויטש־אַפּערע" — גרעסטער יוניאָן־שטורעם

## פאַרשיידענע באַגריפען פון יוניאָן־פירונג

פון דזשאַן א. דייטש

אין מאָנאַט דעצעמבער, 1912, האָבען די דזשאָינט באָאַרד באַאַמטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן געבראַכט דר. הורוויטש'ן פון וואַשינגטאָן, וואו ער האָט געאַרבייט אַלס סטאַטיסטיקער פאַר דער רעגירונג, און זיי האָבען אים פאָרגעשטעלט פאַר דער אינטערנעשאָנאַל אַלס אַ מעגליכען קאַנדידאַט פאַר'ן אַמט פון „טשיף קלוירק" אונטער'ן פּראָטאָקאָל.

יצחק אייזיק הורוויטש

דר. הורוויטש — דער באַקאַנטער אידישער שרייבער, פּובליציסט, אַ היסטאָרישע געשטאַלט אין דער אידישער ראַדיקאַלער באַוועגונג.*

דר. הורוויטש האָט באַלד געפונען פאַר נויטיג צו ערקלערען, ביי אַ מיטינג פון דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַז די אינטערנעשאָנאַל האָט ניט קיין דזשורישדיקשאָן איבער מעמבערס, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אין אַ לאָקאַל יוניאָן, ווייל נאָך אירע געזעצען האָט יעדער לאָקאַל פולשטענדיגע אויטאָנאָמיע. ווען וויים־פּרעזידענט מאַקס אַמדור פון פילאַדעלפיע, האָט אים געפרעגט: וואו האָט יאָ די אינטערנעשאָנאַל אַ דזשורישדיקשאָן? האָט אים דר. הורוויטש געענטפערט: „בלויז דאָרט וואו עס זיינען ניטאָ קיין לאָקאַלע יוניאָנס". „נאָך אייער ענטפער", באַמערקט אים ווידער אַמדור, „הייסט עס, אַז די אינטערנעשאָנאַל האָט דזשורישדיקשאָן בלויז אויפ'ן אַטלאַנטישען ים, אָדער אין די וויסטעס פון סאַהאַראַ". אַלע האָבען זיך צולאַכט, צוזאַמען מיט דר. הורוויטש'ן.

אָט מיט דעם אויפטריט פון יצחק אייזיק הורוויטש, און אָט מיט דעם געלעכטער, האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטורמישער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון יוניאָן־טעטיגקייט ביי אידען. און, הגם, איך בין געווען אַ צד אין דעם שטורעם, האָף איך צו זיין אָביעקטיוו ביי מיין איצטיגען דערציילען דערפון.

ווען איך בין געקומען אַהער פון ענגלאַנד, האָב איך שוין געהאַט אַ היפּשע פּאָר יאָר ערפאַרונג אין דער סאָציאַליסטישער יוניאָן־באַוועגונג. דריי יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין דער באַרימטער „לאָנדאָן סקול אָוו עקאָנאָמיקס ענד פּאָליטיקאַל סייענס", פאַקולטעט פון וויסענשאַפטלייט מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע. כ'האָב דאָרטען געקריגען אָנערקענונג פאַר אַ פאָרשונגס־אַרבייט איבער פּראָבלעמען פון דער אידישער אימיגראַציע אין ענגלאַנד. ס'האָט געצויגען אויפמערקזאַמקייט פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע, און איז איבערזעצט געוואָרען אין אַנדערע שפּראַכען; דאָך, די ערשטע פּאָר יאָר פון מיין בייוואוינען מיטינגען פון דער קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָאַרד, ווי אַ דעלעגאַט פון לאָקאַל 23 האָב איך געפילט, אַז איך בין ניט קאָמפּעטענט גענוג צו זאָגען אַ מיינונג איבער פּראַקטישע טרייד־פּראַגען. ערשט נאָכדעם ווי איך בין נאָענטער באַקאַנט געוואָרען מיט די קאָמפּליצירטע איינצעלהייטען, אין וועלכע די אינדוסטרי געפינט זיך, ווי אויך מיט דעם מענשען־מאַטעריאַל, מיט וועמען מען האָט צו טאָן, איז מיר צונויפגעקומען מיינע אַקאַדעמישע קענטעניש און מיין ענגלישער פאַרונג צו פאַרשטיין בעסער די פּראָבלעמען ווי אַנדערע פון מיינע מיטאַרבייטער.

אַב. ראָזענבערג קוקט קרום אויף אינטעליגענטען

„דער דאָקטאָר איז דאָ אַריינגעפאַלען ווי אַ יאָווען אין סוכה" — האָט באַמערקט צו מיר אברהם ראָזענבערג, דער דאַמאָלטדיגער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, וועגען דר. הורוויטש'ן. ראָזענבערג האָט אַלעמאָל געקוקט קרום אויף אינטעליגענטען מיט זייערע „פיקסע אידייען", ווי ער פלעגט זיך אויסדריקען. אָבער ביי אונזערע מענשען, פשוט'ע אַרבייטער, שפּילט דער טיטעל דאָקטאָר אַ גרויסע ראָלע. הורוויטש האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט אַלס דער גרעסטער אויטאָריטעט איבער אַלע יוניאָן פּראָבלעמען.

אין דער אויסגאַבע פון דער „נייע פּאָסט", אָרגאַן פון ניו־יאָרקער דזשאָינט באָאַרד, פון 4טען יאַנואַר, יאָר 1913, ערשיינט אַ לענגערער אַרטיקעל, אין וועלכען עס ווערט אַנאָנסירט

*) אַ סך יאָהרען פאַרעפענטליכט אַרטיקלען אין דער אידישער פּרעסע אונטער'ן פּסעוודאָנים יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי.

דר. הורוויטשעס אַריינטרעט אין דער קלאָוקמאַכער יוניאַן אַלס „טשיף קלוירק". דער אַרטיקעל ענדיגט זיך ווי פאָלגט: „מיר האָפען, אַז פון פּראָפעסאָר הורוויטש'עס טעטיגקייט וועט פּראָפּיטירען ניט נאָר די ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן, נאָר די גאַנצע אידישע אַרבייטערשאַפט. מיר האָבען גאַנץ ווינציג אינטעלעקטועלע קרעפטען אין אונזער באַוועגונג, בפרט נאָך אַזאַ פּראָמינענטע קראַפט ווי פּראָפעסאָר הורוויטש, וואָס ווערט אַנערקענט אַלס איינער פון די באַדייטענדסטע געלערטע אין אַמעריקע".

מיט דר. הורוויטש'עס אַריינטרעט אין דער קלאָוקמאַכער יוניאַן האָט זיך אַנגעהויבען אַ קאַמף אינערהאַלב דער אָרגאַניזאַציע. די נאָכווייענישען האָבען זיך געשפּירט לאַנג נאָך זיין אַוועקגיין פון דער יוניאַן.

## מאָדערנע באַגריפען וועגען יוניאָנס

דאָס אָפּברעכען פון'ם פּראָטאָקאָל און דער לאָק־אַאוט פון יאָר 1916, דער סעטלעמענט פון לאָק־אַאוט אויף דעם באַזיס פון „דאָס רעכט צו סטרייקען" פון וועלכען די יוניאַן איז קוים פּטור געוואָרען, דאָס איז אויף לאַנג פאַרבליבען אין די מחות פון די קלאָוקמאַכער.

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דר. הורוויטש'ן אין יאָר 1907, ווען איך האָב רעדאַקטירט דעם „וועקער", דעם אָפיציעלען אָרגאַן פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט מיר איבערגעצייגט, אַז זיין שטעלונג צו דער יוניאַן־באַוועגונג איז געווען אַ נעגאַטיווע. יוניאָנס, לויט זיין מיינונג, זיינען ניט מער ווי אַרבייטער מאָנאָפּאָלען. דאָרט וואו זיי געלינגט צו אָרגאַניזירען אַ געוויסען טרייד, מאַכען זיי די איינטריט־געלט אַזוי הויך, אַז עס איז אוממעגליך פאַר'ן געוויינליכען אַרבייטער עס צו באַצאָלען, אָדער זיי פאַרמאַכען אינגאַנצען זייערע ביכער. פאַר אַ ביישפּיל האָט ער מיר אָנגעגעבען די ניו יאָרקער אידישע בעקער יוניאַן, אויף וועלכער ער האָט אויסגעלאָזען זיין גאַנצען צאָרן. דאָרט וואו די יוניאָנס ווערען שטאַרק, מיסברויכען זיי זייער מאַכט. דאָס זיינען די געוויינליכע אַרגומענטען, וועלכע מען הערט אָפט פון מענשען, וואָס זעהען בלויז די נעגאַטיווע זייט פון יוניאַניזם. די גוטע, די ניצלאַכע זייט פון יוניאָניזם זעהען זיי ניט, אָדער מאַכען עס צו קליינגעלט.

איך האָב געזען, אַז איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ הונדערט פּראָצענטיגען אינדיווידואַליסט, אַ רוסישען ניהיליסט, אַ זארט באַזאַראָוו, דער העלד פון טורגענעוו'ס ראָמאַן „אָטצי אי דעטי", וואָס האָט גע'חלמ'ט פון אַ געזעלשאַפט פון פולקאָמענע פרייהייט.

טרייד יוניאָניזם, ווי יעדער אָרגאַניזאַציע פון מענשליכען צוזאַמענלעבען, קען אָבער אָהן אַ געוויסער מאָס צוואַנג ניט אויסקומען.

זיין ערשטער אַרויסטרעט אַלס דער יוניאָנס „טשיף קלוירק" ביי דער באָארד אָוו גריוועַנסעס איז געווען אַן ערקלערונג, אַז אַ באַלעבאָס האָט אַ פולקאָמענע רעכט צו אַנטזאָגען אַן אַרבייטער פאַר אירגענד וועלכע אורזאַך, אָדער „פאָר נאָו ריזאָן עט אָלל". אַזאַ ערקלערונג איז געפאַלען ווי אַ באָמבע צווישען די פאָרשטייער פון דער יוניאַן. די מערצאָל פון די קייסעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי דער גריוועַנס באָארד, טאַקע די גאַנצע אַרבייט פון די יוניאָן באַאַמטע אין די צווויסטיגקייטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען אונז, און דער אַסאָסיאיישאָן, איז באַשטאַנען אין דאָס רעכט פון אַרבייטער פאַר זיין דזשאָב. און דאָ קומט דער הויפּט־פאָרטרעטער פון דער יוניאָן און ער גיט די באַלעבאַטים אַוועק אַ רעכט, פאַר וועלכער די יוניאָן האָט געקעמפט פון דעם ערשטען טאָג נאָכ'ן סעטעלמענט פון דזשענעראַל־סטרייק. די באַלעבאַטים זיינען פון דער דאָזיגער ערקלערונג געוועזן ניט ווינציגער ערשטוינט ווי די יוניאָן־באַאַמטע.

ווי עס ווייזט אויס האָבען אים די באַאַמטע פון לאָקאַל איינס גענומען אין די הענט און ביים פאָלגענדען מיטינג פון דער גריוועַנס באָארד איז ער אַרויס מיט דער ערקלערונג, אַז אים האָט די יוניאָן אַהער געשיקט אַלס „מיניסטער אָוו וואָר". די פאָרשטייער פון די באַלעבאַטים זיינען געבליבען ווי טויטע. יענע האָבען נאָך יאָרען לאַנגע מיה אויפגעבויט גרויסע געשעפטען, קלאָוק פעקטאָריס, און דאָ קומט אַ ווילד פּרעמדע פּערזאָן און גייט זיי ערקלערען קריג.

נאָך אַזאַ אַרויסטרעט פון דר. הורוויטש'ן האָט מען ניט געקענט ערוואַרטען קיין באַזונדערע פריינטשאַפט צווישען אים און די באַאַמטע פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, וועלכע האָבען ביז אַהער פאַרהאַנדעלט מיט דער יוניאַן אונטער אַ „פּראָטאָקאָל אָוו פּיס".

אָבער דיזע זאָנדערבאַרע ערקלערונג, וואָס האָט אַרויסגעוואָרפען אַ שרעק אויף די מעמבערס פון דער „פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן", האָט אים מיט איין מאָל געמאַכט פאַר'ן ליבלינג צווישען די קלאָוקמאַכער מאַסען. און דר. הורוויטש האָט באַלד באַוויזען ווי אַ פאָרשטייער פון „פּראָטאָקאָל אָוו פּיס" קען אין דערזעלבער צייט זיין אַ „מיניסטער אָוו וואָר".

## ווער זאָל רופען סטרייקס?

די נעקסטע קייס ביים גריוועַנס באָארד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין אַ געוויסען שאָפּ זיינען די אַרבייטער אַרויס סטרייקען ווייל דער באָס האָט ענטלאָסען איינעם פון זייערע מיט־אַרבייטער. די באַאַמטע פון דער אַסאָסיאיישאָן האָבען פאַררופען אַ ספּעציעלען מיטינג פון דער גריוועַנס באָארד און האָבען פאַרלאַנגט, אַז די יוניאָן־באַאַמטע זאָלען מאַכען אַן ענדע פון דעם „סטרייק", וואָס האָט אָנגעהאַלטען איינינע טעג. אויפ'ן וועג צום גריוועַנס באָארד מיטינג איז מיר אויסגעקומען פאַרביי צוגיין פאַר דעם באַטרעפענדעם שאָפּ וואו די "סטרייקערס" האָבען געפּיקעט. איך האָב איינעם פון די פּיקעטס געפרעגט אויב זיי האָבען פאַרלאָזען דעם

שאַפּ אויף דעם באַפעל פון דער יוניאָן ? אויף דעם האָט ער מיר געגעבען אַ קורצען ענטפער: „מיר זיינען די יוניאָן”. אַזעלכע אויסדריקען האָט מען דאַן אָפט געהערט פון יוניאָן־אַרבייטער.

פאַר׳ן דזשענעראַל סטרייק פון 1910, ווען מען האָט געפרעגט אַ קלאוקמאַכער פאַרוואָס ער שליסט זיך ניט אָן אָן דער יוניאָן, איז דער געוויינליכער ענטפער געווען: „איך בין אַ יוניאָן פאַר זיך אַליין”.

אין דער ווירקליכקייט איז דער באַגריף פון אַ שאַפּ־אַרבייטער, אַז „זיי זיינען די יוניאָן”, אַ העכסט שעדליכער. דאָס איז פיל שעדליכער ווי „קאָמפּאַני יוניאָניזם”, ווייל דאָס רעכט־פערטיגט אַרבייטער אין די שעפּער צו מאַכען פּריוואַטע „דילס” מיט די באָסעס, דער גרעסטער איבעל, פון וועלכען די אַרבייטער אין קלאָוק טרייד ליידען נאָך עד היום. דאָס באַשאַפט דעם צושטאַנד, אַז אין איין שאַפּ לייגט מען די פּרייזען פון דער אַרבייט אין דער ערד אַריין, און אין אַ צווייטען שאַפּ מאַכט מען די פּרייזען אַזוי הויך, אַז דער באָס קען ניט פאַרקויפען זיין וואַרע, און מוז אַרויס פון ביזנעס, אָדער ווערען אַ דזשאָבער.

אין אַ יוניאָן־שאַפּ געהערען די אַרבייטס־באַדינגונגען ניט צו די אַרבייטער פון שאַפּ, נאָר צו דער יוניאָן, צום „קאָלעקטיוו”.

## יוניאָן־געזעצען און שטאַטס־געזעצען

אָבער ביי דר. הורוויטש ווי ביי יעדען „מען אין דהי סטריט”, ווענמען יוניאָן מעטאָדען און פּאָליסיס זיינען פרעמד, איז יעדער סטרייק געוועזן באַרעכטיגט. פון יוניאָן געזעצליכקייט האָט ער ניט געוואָלט וויסען. ער האָט עס באַוויזען, ווען די קייס איז פאָרגעקומען ביי דער גריווערס באָאַרד. דאָרט האָט הורוויטש ערקלערט, אַז עס איז אמת, דאָס לויט׳ן פּראָטאָקאָל טאָרען אַרבייטער ניט סטרייקען אין די שעפּער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, אָבער פּיקעטען, מאַרשירען אויפ׳ן סייד־וואוק ביז׳ן שאַפּ, און בעטען די פאַרבייגייענדיגע אַרבייטער, ניט צו פאַרנעמען זייערע פּלעצער, דאָס קען מען זיי ניט פאַרווערען, ווייל לויט די געזעצען פון דעם שטאַט ניו יאָרק, האָט יעדער בירגער דאָס רעכט צו מאַרשירען אַהין און צוריק און מעלדען די פאַרבייגייענדיגע, אַז אין אַ געוויסען פּלאַץ סטרייקען די אַרבייטער, אַזוי לאַנג ווי די פּיקעטס מאַכען ניט קיין שטערונגען און באַגייען ניט קיין גוואַלטאַטען.

ווען מר. סילווערמאַן, דער פאָרזיצער פון מיטינג, האָט מיר אויפגעפאָדערט אויסצושפּרעכען מיין מיינונג אַלס איינער, וואָס האָט אונטערגעשריבען דעם פּראָטאָקאָל וועגען דר. הורוויטש׳ס ערקלערונג, האָב איך געענטפערט, דאָס ווערענד איך בין ניט קיין בקי אין די געזעצען פון דעם שטאַט ניו יאָרק און מיר איז פרעמד לאָיערשע אַרגומענטאַציע, ווייס איך, אָבער, אַז לויט די געזעצען פון אונזער אינטערנעשאָנאַל טאָרען אַרבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט אין אַ יוניאָן־שאַפּ, ניט סטאַפּען פון דער אַרבייט אָדער פאַרלאָזען דעם שאַפּ אין געוויינליכע אַרבייטסצייט אָהן די ערלויבעניש פון דער יוניאָן. אויף דעם האָט הורוויטש ערקלערט, אַז „די יוניאָן האָט ניט קיין רעכט צו מאַכען געזעצען וועלכע פאַרווערען אירע מעמבערס צו טאָן דאָס, וואָס די געזעצען פון דעם שטאַט ניו יאָרק ערלויבען יעדען פון אירע בירגער צו טאָן”.

„אויב אַזוי”, האָב איך אים געפרעגט, „האָט דאָך די יוניאָן קיין רעכט ניט צו פאַרווערען אירע מעמבערס צו פאַרנעמען די פּלעצער פון אַרבייטער אין שעפּער, אין וועלכע זי האָט ערקלערט אַ סטרייק, ווייל די געזעצען פון דעם שטאַט ניו יאָרק ערלויבען יעדען בירגער צו אַרבייטען דאָרט, וואו אים געפעלט און אויף באַדינגונגען וועלכע אים לוינט”?

„אַזוי קען ריידען נאָר אַ סטרייק־ברעכער”, — האָט הורוויטש געענטפערט.

„אייער פילאָזאָפיע איז אַ יוניאָן ברעכערישע”, — האָב איך אים דערויף געענטפערט.

נאָך אַזאַ „עקסטשיינדזש אָוו קאָמפּלימענטס” האָב איך געטראַכט אויסצומיידען די מיטינגען פון דער באָאַרד אָוו גריוועוואנסעס און אויך די מיטינגען פון דער דזשאָינט באָאַרד, וואו אַזאַ אַנטי־יוניאָניסט איז דאָרט דער לערער פון יוניאָניזם.

מערערע מאָל ביי אַ מיטינג פון דער באָארד אָוו גריוועוואנסעס, וואָס איז פאַררופען געוואָרען נאָך דעם ווי די אַרבייטער אין אַן אַסאָסיאיישאָן־שאַפּ האָבען געסטאַפּט פון דער אַרבייט, פלעגען די פאָרשטייער פון דער אַסאָסיאיישאָן אונז פרעגען: „איר האָט געקעמפט און קעמפט נאָך איצט אין מערערע פעלע פאַר דער אָנערקענונג פון דער יוניאָן. אָבער וואָס פאַר אַ זין האָט אייער קאַמף, ווען די אַרבייטער אין די שעפּער אָנערקענען אייך ניט? זיי אַליין אָנטזאָגען זיך צו אָנערקענען די יוניאָן”. אין אַזעלכע פעלע פלעג איך זיך שעמען צו קוקען זיי אין די אויגען.

## וועגען האַלטען אַגרימענטס

דאָ איז ווערט צו פאַרצייכענען דעם פאָלגענדען פאַקט, וועלכער צייגט וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט אויף די אַרבייטסגעבער ווען די אַרבייטער אין די יוניאָן־שעפּער ערלויבען זיך צו איגנאָרירען דעם אַגרימענט:

אייניגע וואָכען נאָך מיין אַרויסטרעט פון דער אינטערנעשאָנאַל, טרעפט מיר סאַלאָמאָן פּאָליקאָוו. ער איז דאַן געוועזן דער טשיף קלוירק פון דרעס פּראָטאָקאָל.

„ביי אונז איז גרויסענע צרות”, — זאָגט מיר פּאָלאַקאָוו, „די מעמבערס פון דער דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, די מיטגלידער פון באָאַרד אָוו דירעקטאָרס אַריינגערעכענט, איגנאָרירען דעם פּראָטאָקאָל און טוען אין זייערע שעפּער וואָס זייער האַרץ גלוסט. אַזוי ווי דו ביסט אינטים באַפריינדעט מיט סעמועל פלאָרשהיימער, דעם פּרעזידענט פון דער אַסאָסיאיי־

שאָן, טו מיר די געפעליגקייט און טריי אויסצוגעפינען וואָרום אפילו די אַסאָסיאיישאָן פירער טוען זייער בעסטעס צו איגנאָרירען די פאָרשריפטען פון פּראָטאָקאָל אין זייערע שעפער״.

דאָ איז ווערט צו קאָנסטאַנטירען דעם פאַקט, דאָס צו יענער צייט, אין 1914, איז די פאַרוואַלטונג פון דער דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן באַשטאַנען, מיט איין אויסנאַמע, פון דייטשע אידען, רייכע מאַנופעקטשורערס, וועמעס באַגריף פון פאַראַנטוואָרטליכקייט איז ניט געווען קלענער ווי אירגענד וועלכע קערפּערשאַפט אין דיזען לאַנד. דער איינציגער מיטגליד פון זייער באָארד אָוו דירעקטאָרס, וואָס איז געווען אַ רוסישער איד, מיינער אַ לאַנדסמאַן, פון די באַוואוסטע „דרעזוועל קאָמפּאַני״, איז געווען אַ גענדיגטער פון פּעטערבורגער אוניווערזיטעט.

## באַגריף פון פאַראַנטוואָרטליכקייט

דעם זעלבען טאָג האָב איך זיך געזען מיט׳ן פּרעזידענט פון דער ווייסט און דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, סעמועל פלאָרשהיימער. ער האָט צוגעגעבען, אַז פּאָלאַקאָוו האָט ניט איבערטריבען, אַז ער, פלאָרשהיימער, איז הילפלאָז. זיינע מעמבערס ווילען זיך צו אים ניט צוהערען. זייער טענה איז, אַז די האַנדלונגען פון די באַאַמטע פון דער יוניאָן און די אַרבייטער אין זייערע שעפער זיינען אַזעלכע, אַז „דהיי פּוט איט אָווער אַס״, און אויב די באַאַמטע פון דער יוניאָן און זייערע מעמבערס טוען וואָס זיי ווילען, ערלויבען זיך צו טאָן ווי זיי גלוסט זיך, מוזען זיי, די באַלעבאַטים, אויך אַזוי האַנדלען. איך קען מיט מיינע לייטע גאָר ניט מאַכען, האָט פלאָרשהיימער ערקלערט. אַלץ וואָס איך קען טאָן אונטער די אומשטענדען, איז צו רעזיגנירען.

לאָמיר זיך אומקערען צו דר. הורוויטש׳ס עפּאָכע.

ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען: ווען אַזאַ געלערענטער ערקלערט אָפען, אַז די יוניאָן־לייט האָבען אַ רעכט צו סטרייקען און פּיקעטען יוניאָן־שעפער, ווייל די געזעצען פון דעם שטאַאַט ניו יאָרק ערלויבען „פּיספול פּיקעטינג״, האָבען אַזעלכע „קעמפּע״ זיך געהאַלטען אין איין פאַרמערען און זאָגאַר די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָארד האָבען זיך באַקלאָגט אין דער „נייע פּאָוסט״, אַז זיי האָבען צופיל טראָבל אין די שעפער, ווייל „פאָר יעדער קליינינקייט סטאַפּט מען פון דער אַרבייט.״

״ווי קומט עס, האָט מיר אַ פראַג געטאָן דער פּרעזידענט פון דער יונייטעד קלאָוק מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אַז ביז 1910 (דעם יאָר ווען דורך דעם גענעראַל סטרייק איז די טרייד יוניאָניזירט געוואָרען), האָט יעדער פון אונז געטרייט צו פאַרגרעסערען זיין שאַפּ. זינט די טרייד איז יוניאָניזירט געוואָרען טרייט יעדער פון אונז צו פאַרקלענערען זיין שאַפּ און קריגען זיין אַרבייט געמאַכט אוט־סייד וואָס מער ?״

דעם 29טען יאַנואַר האָבען פּערלשטיין און הערי קליינמאַן, דער פּראָטאָקאָל און דער פינאַנציעלער סעקרעטאַר פון דער דזשאָינט באָארד (קליינמאַן איז דאַן געווען אַ ווייס־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל) מיר דערלאַנגט אַ דאָקומענט אונטערצושרייבען. דער אינהאַלט פון דעם דאָקומענט האָט געלויטעט, אַז די אינטערנעשאָנאַל לאָזט וויסען די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אַז אַזוי ווי די אינטערנעשאָנאַל איז אַ פעדערירטע קערפּערשאַפט פון לאָקאַלע יוניאָנס אין די פאַרשידענע טריידס אין דער לײדיס גאַרמענט אינדוסטרי, און אַזוי ווי די פאַרשידענע לאָקאַלע יוניאָנס קענען ניט זיין קיין שותף (איי פּאַרטי) צו אַ פּראָטאָקאָל, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען צווישען דער קלאָוק ענד סוט מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן און דער ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן, דאַרום האָט די אינטערנעשאָנאַל גאָר ניט צו טאָן מיט׳ן פּראָטאָקאָל.

פּערלשטיין און קליינמאַן האָבען מיר דערביי געלאָזט וויסען דעם באַשלוס פון דער דזשאָינט באָאַרד, אַז אין פאַל איך וועל זיך אַנטזאַגען אונטערצושרייבען דעם דאָזיגען דאָקומענט, וועט די דזשאָינט באָאַרד און איהרע פאַרבונדענע לאָקאַלען זיך צוריקציען פון דער אינטערנעשאָנאַל.

עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז מיט אַ פּאָר טעג פריער, אויף אַ קאָנפערענץ צווישען די באַאַמטע פון דער דזשאָינט און דער אַסאָסיאיישאָן, איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע פון „הו איז הו״, מיט וועמען האָט די אַסאָסיאיישאָן געמאַכט דעם אַגרימענט, מיט די לאָקאַלען פון דער דזשאָינט באָאַרד, אָדער מיט דער אינטערנעשאָנאַל. ביז אַהער האָט מען געוואוסט, אַז די יוניאָן באַשטייט פון דער אינטערנעשאָנאַל און די דזשאָינט באָאַרד, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט פאַרהאַנדלונגען מיט דער אַסאָסיאיישאָן איז די יוניאָן געווען איין קערפּערשאַפט.

## אינטערנעשאָנאַל און לאָקאַלען

אויף דיזען קאָנפערענץ אָבער האָט הורוויטש ערקלערט, אַז די אינטערנעשאָנאַל האָט גאָר ניט צו טאָן מיט׳ן פּראָטאָקאָל און אַז ביי די פאַרהאַנדלונגען צווישען דער דזשאָינט באָאַרד און דער אַסאָסיאיישאָן האָט די אינטערנעשאָנאַל דאָרט געהאַנדעלט בלויז אַלס „אַטאָירני אין פעקט.״

עס איז אַן אויסדרוק פון דער שפּראַך פון יוריסטען.

איך האָב ערקלערט די דזשאָינט באָאַרד באַאַמטע, אַז דעם דאָקומענט ווי ער איז געשריבען וועל איך אין קיין פאַל ניט אונטערשרייבען, ווייל עס איז בלויז אַ פּאָר וואָכען ווי מיר האָבען

געענדיגט אונזערע פאַרהאַנדלונגען מיט דער ווייסט ענד דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, און האָבען אונטערגעשריבען אַ פּראָטאָקאָל, דורך וועלכען די גאַנצע ווייסט און דרעס אינדסטרי אין ניו יאָרק איז יוניאָניזירט געוואָרען; דאָס מיר האָבען אויך אונטערגעשריבען אַ פּראָטאָקאָל מיט דער טשילדרענס דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, און פאַרהאַנדלען יעצט מיט די ראַפּער ענד האוז דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, און אונטערשרייבען אַזאַ דאָקומענט וועט אומבאַדינגט שעדיגען די אינטערעסען פון די אויבענדערמאָנטע לאָקאַלען, ווייל דאָס וואָלט געמיינט, אַז ווען מיר האָבען פאַרהאַנדעלט מיט די באַלעבאַטים פון יענע טריידס, האָבען מיר זיי אָפּגענאַרט און אַז אין דער ווירקליכקייט האָבען מיר מיט די אַלע פּראָטאָקאָלען וואָס מיר האָבען אונטערגעשריבען גאָר ניט צו טאָן.

## קאָנפערענץ פון פירער

איך בין דאַן אַריבערגעגאַנגען אין בראָדוויי סענטראַל האָטעל, וואו דר. הורוויטש מיט די איבעריגע באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָאַרד האָבען זיך געפונען, און האָב געטרייעט זיי איבערצוצייגען דעם שאָדען וואָס דאָס צוטיילען פון אונזערע קרעפטען מוז פאַראורזאַכען. אויסער דעם, קען קיין איין איינציגער מיטגליד פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד ניט אונטערשרייבען אַזאַ וויכטיגען דאָקומענט אָהן דער צושטימונג פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל. אָבער די שטימונג פון די אָנוועזענדע אין געווען, אַז זיי זיינען געווען באַרייט אויסצופאָלגען הורוויטש׳ס פאַרלאַנג.

נאָך לענגערע דעבאַטען איז דער נוסח פון דאָקומענט געענדערט געוואָרען און האָט געלויטעט, אַז אַזוי ווי די לאָקאַלען פון דער אינטערנעשאָנאַל זיינען אויטאָנאָמישע קערפּערשאַפטען, דאַרום האָבען זיי דאָס רעכט צו פאַרהאַנדלען מיט די באַלעבאַטים דירעקט און די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן קען זיך דאַרום ניט אַנטזאַגען צו פאַרהאַנדלען מיט דער דזשאָינט באָאַרד.

די אַסאָסיאיישאָן איז מיט דעם אַנטוואָרט ניט געווען צופרידען און האָבען עס פאָרגעבראַכט פאַר דער באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן.

דעם 8־טען פעברואַר איז געווען אַ זיצונג פון דער אַרביטריישאָן און די אַנטשיידונג איז געווען, אַז דער פּראָטאָקאָל איז געמאַכט געוואָרען צווישען דער אַסאָסיאיישאָן און די ניו יאָרקער לאָקאַלען פון דער קלאוק דזשאָינט באָאַרד ווי אויך מיט דער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע זאָל זיין דער גאַראַנטאָר פאַר דער דזשאָינט באָאַרד.

ווען די אַנטשיידונג פון דער אַרביטריישאָן באָאַרד איז פאַר אונז פאָרגעלייגט געוואָרען צו אונטערשרייבען, האָב איך געפאָדערט, אַז מיר זאָלען זיך ווענדען צו דער אַרביטריישאָן באָאַרד און זיי ערקלערען, אַז אונטער די יעצטיגע אומשטענדען קענען מיר ניט און טאָרען ניט אונטערנעמען אַזאַ גאַראַנטי, ווייל די פּאָליסיס און די מעטאָדען פון דער דזשאָינט באָאַרד אונטער דער לידערשיפּ פון דר. הורוויטש און די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל, זיינען ראַדיקאַל פאַרשידען, אַז אונזער אַנטייל נעמען אין די פאַרהאַנדלונגען פון דער דזשאָינט באָאַרד מיט דער אַסאָסיאיישאָן, מוז פירען צו מיספאַרשטענדניסע און אַנטאַגאָניזם צווישען דער אינטערנעשאָנאַל און דער דזשאָינט באָאַרד און דאָס וועט מער ווי שאָדען אונז ניט ברייגנען. איך האָב דאַרום פאָרגעשלאָגען, אַז מיר זאָלען זיך ווענדען צו דער אַרביטריישאָן באָאַרד מיט אַ פאַרלאַנג, דאָס אויף דעם גרונד פון לאָקאַל אויטאָנאָמיע, האָט יעדער לאָקאַל אַ רעכט צו פאַרהאַנדלען דירעקט מיט באַלעבאַטים.

## מאיר לאָנדאָן בעט פאַר דר. הורוויטש

ביי דיזען מיטינג האָט מאיר לאָנדאָן מיר פאָרגעוואָרפען, אַז איך בין צו פאַרביטערט געגען הורוויטש׳ן. ער האָט באַהויפּטעט, אַז דר. הורוויטש איז נאָך אַלעם אַ געלערנטער און אַ דזשענטעלמאַן, און ווען ער וועט אונטערשרייבען די אַנטשיידונג פון דער באָאַרד און אַרביטריישאָן, וועט ער ענדערען זיין שטעלונג צו דער אינטערנעשאָנאַל און ער וועט מאַכען מעגלאַך אַז מיר זאָלען קענען אַרבייטען מיט אים האַרמאָניש צוזאַמען.

מאיר לאָנדאָן האָט געמאָסטען הורוויטש׳ן מיט זיין אייגענער מאָס. ווי באַוואוסט האָט הורוויטש ניט געענדערט זיין שטעלונג צו די אינטערנאַציאָנאַלע באַאַמטע און אויך ניט זיין שטעלונג אין באַצוג צו סטאַפּעדזשעס און שאָפּ־סטרייקס אין יוניאָן־שעפּער. דאָס האָט נאַטירלעכערווייזע פאַרגרעסערט די „וואַנדערונג“ פון די באָנדלאַך פון די גרעסערע שעפּער אין די קלענערע שעפּקעס, צו די אומפאַראַנטוואָרטליכע באַלעבאַטים.

באַלד נאָך דער אַנטשיידונג פון דער אַרביטריישאָן באָאַרד איז פאָרגעקומען אַ קייס ביי דער פירמע פון דזשעפּע ענד קעץ, וועגען וועלכע די באָאַרד אָוו גריוועַרס האָט זיך ניט געקענט אייניגען און עס האָט געמוזט פאָרקומען פאַר דער באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן. די דזשאָינט באָאַרד האָט באַשלאָסען, אַז עס איז ראַטזאַמער צוערשט זיך באַראַטען מיט לואיס בראַנדעיס, דעם טשערמאַן פון דער אַרביטריישאָן באָאַרד. דר. הורוויטש איז צוליב דעם געפאָרען נאָך באָסטאָן.

ווען הורוויטש איז געקומען פון באָסטאָן, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז בראַנדעיס זאָל אַנטלאַסען ווערען אַלס טשערמאַן פון דער באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן און מען זאָל זיך ווענדען צום

גאָווערנאָר שולצער, דער דאַמאָלדיגער גאָווערנאָר פון דער שטאַאַט ניו יאָרק, ער זאָל אָנשטע־לען אַן אַנדער פערזאָן אויף דעם פּלאַץ פון בראַנדעיס.

### וויל ניט ריכטער בראַנדעיס'ן

קיינער אויסער הורוויטש איז ניט געווען אַנוועזענד ווען ער האָט פאַרגעלייגט פאַר בראַנ־דייס'ן זיין קייס. דאָך האָט בראַנדייס אַנטשידען געגען אים. די שליסע וואָס מען קען ציען דערפון איז, אַז הורוויטש האָט שלעכט פאַרגעלייגט פאַר בראַנדעיס'ן זיין קייס, אָדער אַז די יוניאָן האָט אין דער ווירקליכקייט קיין קייס ניט געהאַט און די שטעלונג פון דער אַסאָסיאיישאַן איז געווען אַ גערעכטע. אָבער צו קומען צו דער יוניאָן און צוגעבען אַז זיין שטעלונג געגען דער אַסאָסיאיישאַן איז פון אָנפאַנג אָן געווען אַ פאַלשע, האָט אים ניט געפּאַסט, האָט ער באַשולדיגט בראַנדעיס'ן אין פיינדשאַפט צו דער יוניאָן.

דעם 19־טען מאַי האָבען מיר די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָארד געלאָזט וויסען, אַז איך מוז אומבאַדינגט קומען צום מיטינג וואָס ווערט אָפּגעהאַלטען אין דער 19־טער סטריט אָפיס פון דזשאָינט באָארד וואו דר. הורוויטש, די מענעדזשערס און באַאַמטע זיינען אַנוועזענד אום זיך צו באַראַטען וועגען עטוואָס וויכטיגעס. ביי דיזען מיטינג האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז אַ זעהר געפערליכע סיטואַציע האָט זיך אַנטוויקעלט, וועלכע לויט דעם מיינונג פון די אַנ־וועזענדע, מוז פריער אָדער שפּעטער ברייגנען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער אַסאָסיאיישאַן.

די אורזאַכען פון דער געפערליכער סיטואַציע, וועלכע לויט דער מיינונג פון די אַנוועזענדע, מוז זיך ענדיגען אין אַ דזשענעראַל־סטרייק און דורך וועלכע די יוניאָן מוז צו גרונד גיין, איז די אַגיטאַציע וואָס הורוויטש פירט אָן אין דער „נייע פּאָסט" און אויף זיינע לעקציעס ביי די לאָקאַלען, אַז די אַרבייטער אין קלאָוק־טרייד זיינען „שקלאַפען פון פּראָטאָקאָל".

### פּלוצלונג אַ פראַגע וועגען פרייע פּרעסע

די דאָזיגע אַגיטאַציע האָט פאַראורזאַכט אַ געוואַלדיגע אומצופרידענהייט צווישען די מעמ־בערס וואָס האָט געהאַלטען ביים דערפירען צום צוזאַמענבראָך פון דער יוניאָן. אַלס מיטעל צו פאַרמיידען אַזאַ „סמעש אַפּ" שלאָגט פאָר דזשאָרדזש ווישנאַק, הורוויטשעס אַסיסטענט, (דר. הורוויטש, ניט זייענדיג קיין פאַכמאַן און אַ פרעמדער אין טרייד, האָט געמוזט האָבען אימיצען וואָס זאָל אים צייגען ווי אַנצוגיין), אַז איידער דר. הורוויטש לאָזט דרוקען זיינע אַרטיקלען אין דער „נייער פּאָסט", אָדער ער גייט האַלטען רעדעס פאַר די קלאָוקמאַכער, זאָל ער פאַרלעזען זיינע נאָטיצען פאַר די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָארד.

הורוויטש האָט ערקלערט, אַז אויף קיין פאַל וועט ער ניט ערלויבען קיין צענזור אויף זיין שרייבען אָדער ריידען. אָבער, נעמענדיג אין אנבאַטראַכט אַז קיינע פון די פאַראַנטוואָרטלאַכע באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָרד זיינען מיט אים ניט איינפאַרשטאַנען און קענען דאַרום מיט אים ניט אַרבייטען, בלייבט פאַר אים צו רעזיגנירען פון זיין אַמט און צוריקפאָרען נאָך וואַשינג־טאָן. „ווען דער פּריים מיניסטער שטימט ניט מיט זיין קאַבינעט, און קען ניט אַרבייטען האַרמאָניש, דאַן מוז דער פּרעמיער זיך צוריקציען פון זיין אַמט". די אַנוועזענדע אָבער, זיינען געווען פון דער מיינונג, אַז די שטימונג פון די קלאָוקמאַכער איז אַזעלכע, אַז זאָל דר. הורוויטש יעצט, און דיזען מאָמענט, אַוועקגיין פון דער יוניאָן, וועלען די מעמבערס רעוואָלטירען געגען דער יוניאָן און זי צעברעכען.

דער מיטינג, וואָס איך האָב יעצט בייגעוואוינט, האָט מיר איבערצייגט, אַז דער גרויסער ענטוזיאַזם פאַר הורוויטשן, וועלכע די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָרד האָבען צוערשט אַרויס־געצייגט, און אויף וועמענס פאַרלאַנג זיי האָבען מיר געשטעלט אַן אולטימאַטום, אַז איך זאָל אונטערשרייבען אַ דאָקומענט וואָס האָט געלויטעט אַז די אינטערנעשאַנאַל האָט גאָר ניט צו טאָן מיט'ן פּראָטאָקאָל, און אַז ניט, וועלען די לאָקאַלען פון דער דזשאָינט באָארד פאַר־לאָזען די אינטערנעשאַנאַל, איז פאַרשוואונדען. אָבער זיין לאָזונג פון „שקלאַפען פון פּראָטאָקאָל" האָט געפונען אַ שטאַרקען אָפּקלאַנג ביי די מאַסען וועלכע זיינען געווען איבערגעצייגט אַז די הויפּט אויפגאַבע פון אַ יוניאָן איז „צו באַקעמפען די באָסעס" און דאָ האָט מען זיי אונטערגע־רוקט אַ „פּראָטאָקאָל אָוו פּיס" מיט מעדיאיישאַנס און אַרביטריישאַנס.

### „שקלאַפען פון פּראָטאָקאָל"

דר. הורוויטש האָט איינגעשטימט צו פאַרבלייבען ביי זיין אַמט און איז באַלד אַרויס מיט אַן ערקלערונג אַז ניט נאָר האָט דער פּראָטאָקאָל פאַרשקלאַפט די אַרבייטער אין די שעפער, נאָר מען וויל פון דער יוניאָן צונעמען דאָס רעכט פון פרייע רעדע און פרייע פּרעסע.

צו דיזען צושטאַנד האָט אויך געהאָלפען די אַגיטאַציע פון אָפיציעלען אָרגאַן פון דער דזשאָינט באָארד, וועלכער האָט פון ערשטען טאָג פון זיין ערשיינונג געטרייט צו ערנידעריגען דעם פּרעסטידזש און איינפלוס פון די אינטערנעשאַנאַל און אירע באַאַמטע, מיט זייער „קאָנסער־וואַטיווע" פּאָליסיס, זייער „נאָכגעבען" די באָסעס. די „נייע פּאָסט", ווידער האָט אַגיטירט פאַרן ראַדיקאַלען, קלאַסענבאַוואוסטען יוניאָניזם.

ניט אומזיסט באַקלאָגט זיך מייער פּערלשטיין, דער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר פון דער דזשאָינט באָארד, אין דער „נייע פּאָסט" פון אַפּריל דעם 20טען, 1912, אונטער דער קעפּעל „קאָנווענשאַן פּראַגען", אין וועלכען ער באַהויפּטעט אַז „די מעמבערס", די „רענק און פייל" קוקען אויף די אינטערנעשאַנאַל ווי אויף אַ פרעמדע אָרגאַניזאַציאָן. און ביי אַנדערע האָט זיך ניט ווילענדיג אויסגעאַרבייט אַ מיינונג אַז ווען די אינטערנעשאַנאַל זאָגט יע, מוז מען זאָגען ניין..

פּערלשטיין האָט געהאַט אין זינען די מעמבערס פון די קלאָוקמאַכער לאָקאַלס. גאַנץ אַנדערש איז עס געווען דער פאַל מיט די מעמבערשיפּ פון די אַנדערע לאָקאַלען וועלכע זיינען ניט געווען באַאיינפלוסט פון דער „נייע פּאָוסט“.

**אינטער־נעשאָנאַל דערוויטערט פון מיטגלידער**

אונזערע ראַדיקאַלען, וואָס האָבען פּראָוויסגעזען די ווייטערע צוקונפט פון דער יוניאָן באַוועגונג, האָבען ניט באַמערקט אַז דער צוועק פון יעדען סטרייק איז צו מאַכען אַן „אַגרימענט“, צו קומען צו אַ פאַרשטענדניש מיט די בעלי־בתים.

העכסט אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש איז אַ לייט אַרטיקעל וואָס איז ערשינען אין דער אויסגאַבע פון דער „נייע פּאָוסט“ פון יאַנואַר, 1913, אונטער דער קעפּעל „דער גרויסער זיג פון די דייטשע אַרבייטער“. עס האַנדעלט זיך וועגען די גרויסע צאָל שטימען וואָס די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט געקראָגען ביי רייכסטאַג וואַלען: „דאָ אין אַמעריקע“ — פאַנגט זיך אָן דער אַרטיקעל — „מעגען זיך געפינען פירערס, „קאָמפּענשען“, וואָס גלויבען, אָדער ווילען גלויבען, אַז עס איז מעגלאַך אַז עס זאָל הערשען פרידען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט. די דייטשע אַרבייטער האָבען זיך פון אַזעלכע „טיפזיניגע חכמים“ באַפרייט. זייער אָרט איז העכסטענס אין אַ מוזעאום פון אַלטערטימלאַכקייט.

„דער דייטשער אַרבייטער האָט מיט זיין אינטעליגענץ, מיט זיין באַוואוסטזיין און מיט זיין פּאָליטישער ערצויגענקייט אויסגעלערענט דעם דייטשען קאַפּיטאַליסט ער זאָל האָבען פּאַר אים דעספּעקט און ער וועט דאריבער ניט קומען צו אים מיט אַזעלכע קינדערשפּילען ווי אַ „סיוויק פעדערייישאָן“. אין דייטשלאַנד איז דער קאַמף קלאָר. עס איז אַ קאַמף אויף לעבען און אויף טויט, ניט צווישען טענצער און קיין שלום מאַכער.

„לערענט זיך ברידער אַרבייטער פון אייערע דייטשע חברים. זיי זיינען קליגער פון אייך. זיי זיינען אפילו קליגער פון אייערע „טיפזיניגע“ חכמים, וואָס גייען שלום מאַכען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט.“

ניט אומזיסט האָט ריכטער בראַנדייס ביי אַ מיטינג פון דער באָארד אָוו אַרביטריישאָן דעם 3־טען אָקטאָבער כאַראַקטעריזירט דיזע „אויפקלערונג“ אַלס „מיסעדיוקיישאָן“.

אין מאָנאַט אויגוסט, באַלד נאָך מיין צוריקקומען פון יוראָפּ, וואו איך בין געפאָרען אַלס דעלעגאַט פון דער אינטערנעשאָנאַל צו דער קאָנפערענץ פון דעם „אינטערנאַציאָנאַלען שניידער פאַרבאַנד“ אין וויען, האָט שטאַטגעפונען אַ מיטינג אין דזשענעראַל אָפיס פון דער אינטערנייי־שאָנאַל פון די באַאַמטע פון דער קלאָוק דזשאָינט באָרד. אַלע אַנוועזענדע זיינען געווען פון דער מיינונג אַז זיי קענען ווייטער ניט אַרבייטען מיט דר. הורוויטש'ן, וועלכער לויט זייער מיינונג, איז ניט אינטערעסירט אין דער יוניאָן און יוניאָן אנגעלעגענהייטען. אויב ער האַלט זיך אין אַרומרייסען מיט די באַאַמטע פון דער אַסאָסיאיישאָן איז עס בלויז דערפאַר ווייל ער איז פון דער נאַטור אַ קריגער, ער קען קיין אָפּאָזיציאָן ניט ליידען און וויל בשום אופן ניט קאָמפּראָמענטירען מיט קיינעם. ער זיצט גאַנצע טעג אין אָפיס און לעזט צייטונגען און שרייבט אַרטיקלען. ווען עס קומט צו אים אַ שאַפּ קאָמיטע, הויבט ער זיי אָן צו שטעלען פראַגען, וואָס קען אינטערעסירען בלויז אַ פּראָפעסיאָנעלען סטאַטיסטיקער. פּראַקטישע טרייד און שאַפּ פּראָבלעמען אינטערעסירען אים ניט און ער האָט קיין געדולד ניט אין דעם זיך פאַרנאַנדער צו קלייבען.

**פאָרשלאָג: וואַרפען דעם פּראָטאָקאָל**

איך האָב דאַן אויסגעשפּראָכען די מיינונג אַז די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָארד מוזען טאָן איינס פון דיביידע: זיי מוזען זיין פאַרטיג צו טאָן אַלץ וואָס ער הייסט זיי, און אויב דאָס איז פאַר זיי אומעגלאַך זאָלען זיי קומען צו דער דזשאָינט באָרד, ערקלערען די דעלעגאַטען וואָס דאָ טוט זיך, וואַרום זיי קענען מיט הורוויטשען ווייטער ניט אַרבייטען און אויב די דזשאָינט באָרד וועט באַשטיין אַז הורוויטש מוז פאַרבלייבען אין אַמט, זאָלען זיי אַלע רעזיגנירען פון זייערע עמטער. זיי האָבען אַלע באַשלאָסען אַז „דער קאַבינעט מוז רעזיגנירען אַלס אַ גאַנצער“. ווען עס איז אָבער געקומען דערצו, האָבען זיי געקראָגען קאַלטע פיס און עס איז געבליבען ביין אַלטען.

אַזוי ווי די אַטאַקעס אויפן פּראָטאָקאָל און דער „פּראָטעקטיוו“ אַסאָסיאיישאָן זיינען פאָרט־געזעצט געוואָרען און די פאַרהעלטניסע צווישען די יוניאָן און די באַאַמטע פון דער אַסאָסיאיישאָן זיינען שאַרפער געוואָרען און הורוויטש האָט אייגעזען אַז לאַנג אָנהאַלטען אַזאַ סיטואַציאָן איז אומעגלאַך, איז ער געפאַלען אויף אַ מערקווירדיגען פּלאַן. ער האָט פאָרגעשלאָגען פאַר דער דזשאָינט באָארד אַז מען זאָל אין גאַנצען וואַרפען דעם פּראָטאָקאָל און מען זאָל שיקען צו יעדען מעמבער פון דער אַסאָסיאיישאָן אַן אינדיווידואַלען אַגרימענט. „דאַן וועלען מיר טאָן ביזנעס בלויז מיט די מאַנופעקטשורערס וועלכע וועלען אַזאַ אַגרימענט אונטערשרייבען“. ווען קיינער פון זיי וועט עס ניט טאָן, איז אויך ניט קיין אומגליק. „מוזט איר האָבען פופציג טויזענד מעמ־בערס? וועט איר האָבען בלויז צען טויזענד מעמבערס. עס וועט זיין ווינציגער דיוס צו קאָלעקטען, ווינציגער באַאַמטע צו צאָלען“. די אידעע אַז ווען די יוניאָן וועט פאַרלירען די קאָנטראָל איבער די בעסטע און גרעסטע שעפּער אין טרייד און זי וועט בלייבען ביי די סוועט שעפּקעס וועט זי אויפהערען צו זיין אַ פאַקטאָר אין טרייד און וועט צוריקגיין צום סטאַטוס ווי זי איז געווען פאַר 1910, דאָס איז אים, אַפּנים ניט איינגעפאַלען.

זיין הויפּט טעזיס איז געווען אַז: „ניט אין די פאָדערונגען פון העכערע וויידזשעס ליגט דער שווערפּונקט, נאָר אין דער פאָדערונג פון גערעכטיגקייט וואָס איז פאַרשפּראָכן געוואָרען דעם אַרבייטער דורכן פּראָטאָקאָל, און דאָס קריגט ער ניט". דאַרום לוינט זיך ניט די גאַנצע אַרבייט פון פאַרהאַנדלען מיט דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן.

## העכערע לעבען־סטאַנדאַרדס

די טעאָריע אַז אַרבייטער אָרגאַניזירען זיך, זיי פירען אָן אַן עקאָנאָמישען קאַמף, ניט צו פאַרבעסערען זייער עקאָנאָמישע לאַגע, אַז די טעטיגקייט פון דער אָרגאַניזאַציאָן זאָל ניט אנגע־ווענדעט ווערען אָפּצוהיטען „יוניאָן סטענדערדס", נאָר צו זוכען „גערעכטיגקייט" פון באָס, איז געווען אַ שפּאָגעל נייע ערפינדונג פון דר. הורוויטש. אין דער ווירקלאַכקייט זוכט דער אַרבייטער אין שאַפּ קיין אַנדער רעכט, ווי דאָס רעכט צו מאַכען אַ בעסערען לעבען, צו קריגען בעסער באַצאָלט פאַר זיין אַרבייט. אַלע שאַפּ רולס און מאס רעגעלען פאַר וועלכע יוניאָנס קעמפען האָט קיין אַנדער צוועק ניט ווי צו באַשיצען דעם אַרבייטערס פאַרדינסטען. מיט „גערעכטיגקייט" קען ער ניט באַצאָלען דעם גראָסערס בילס, קויפען פאַרן קינד אַ פּאָר שיכלאַך, אָדער צאָלען זיין רענט. בלויז אַ רוסישער אינטעליגענט, וואָס לעבט אין אַ וועלט פון ריינע אַבסטראַציעס, קען אַזעלכע מערקווירדיגע אידעאַלען אַרויף אופן זינען.

די דעלעגאַטען פון דער דזשאָינט באָרד, ווען עס איז געווען באַקאַנט די אַרבייטס באַדינגונגען אין טרייד, ווען די יוניאָן האָט געמאַכט אינדיווידועלע אַגרימענטס מיט די בעלי בתים, האָבען הורוויטשעס נייעם פּלאַן פאַרוואָרפען.

דער אמת איז אַז נאָך אַלע געשרייען געגען דער אַסאָסיאיישאָן און דעם פּראָטאָקאָל, האָבען די גרויסע מערצאָל אַרבייטער אין קלאָוק טרייד אים געוואָלט האָבען ווייל זיי האָבען געוואוסט אַז בלויז דורך דעם פּראָטאָקאָל האָט די יוניאָן ערואָבערט די גרויסע „פינפטע עוועניו הייזער", אָדער „די הויכע פענסטער", ווי מען פלעגט זיי רופען. אָבער אונזערע אידישע שניידער קענען ניט ביישטיין דעם נסיון, ניט צו אָפּלאָדירען יעדען איינציגען, וואָס „רייסט שטיקער פון די בעלי בתים".

אין ראַדיקאַלע קרייזען ווערט דיזער שטריך פון אידישען אַרבייטערס כאַראַקטער באַטראַכט אַלס אַ באַווייז פון זיין נאַטירלאַכען פּראָגרעסיוויזם, פון זיין קלאַסענבאַוואוסטזיין. מיר דוכט זיך אַז די אורזאַכע איז גיכער פּסיכישע ווי ראַציאָנאַלע.

מיט יאָרען צוריק, געדענק איך ווען איך האָב געאַרבייט אין דער שטאָט ליעדז, ענגלאַנד, וואו די מיטגלידערשאַפט פון דער שניידער יוניאָן איז באַשטאַנען פון פרומע ליטווישע קליינ־שטעטעלדיגע בעל מלאכות, וועלכע פלעגען דאַוונען מנחה אין די שעפּער און האָבען באַנוצט אַ פּאָפּולערען ווערטעל. „מען דאַרף האָבען אַ יוניאָן, ווי מען דאַרף האָבען אידישקייט אויף דער וועלט". דאָך איז דער אַנטאַגאָניזם צום באָס געווען ביי זיי ניט קלענער ווי ביי אונזערע היגע עקסטרעמע ראַדיקאַלען.

איין זאַך איז זיכער. דער גלויבען אַז דער אַרבייטסגעבער איז די אורזאַכע פון אַרבייטערס ארמוט און ליידען איז ניט מאַרקסיסטיש, ניט אין איינקלאַנג מיט די סאָציאַליסטישע לערע.

עס איז געווען מיין שטודיום פון מאַרקס ווערק, וואָס האָט מיר מעגליך געמאַכט צו באַגרייפען, אַז נאָך אַלעם, איז דער אַרבייטער מיט זיין בעל הבית בלויז איין קליין שרייפעל אין דעם קאָמפּליצירטען מעכאַניזם פון מאָדערנע אינדוסטרי. עס איז אויך געווען די אורזאַכע פון מיין „קאָנסערוואַטיווע" שטעלונג און מיין „נאָכגעבען די באָסעס" (ביי וועמען די פאַר־דינסטען זיינען געווען בעסערע).

דער רעזולטאַט פון דעם שטענדיגען וועקען דעם צאָרען אויפ׳ן פּראָטאָקאָל און די אָפטע סטאַפּעדזשעס אין די פּראָטעקטיוו שעפּער, איז געווען אַז די בעלי בתים האָבען אָנגעהייבען צו פאַרקלענערען זייערע שעפּער. פאַרמאַכען גאַנצע דעפּאַרטמענטס, אַרונטעררייסען גאַנצע רייע מאַשינען און האָבען אָנגעהייבען וואָס מער צו קויפען פאַרטיגע וואַרע פון די מיטגלידער פון די „יונייטעד קלאָוק מענופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן", אָדער פון די אינדעפּענדענט בעלי בתים. די יוניאָן באַאַמטע האָבען דאָרטען געקענט טאָן וואָס זייער האַרץ געלוסט און די אַרבייטער האָבען געקענט סטרייקען ווען זיי האָבען געוואָלט.

## קליינע שעפּער

עס האָבען ניט געהאָלפען מיינע טענות, אַז מיט דעם שטענדיגען קאַמף געגען די בעסטע און גרעסטע שעפּער אין טרייד, מוז זיך פאַרגרעסערען די צאָל פון די קלענערע שעפּער און פון די אונפאַראַנטוואָרטלאַכע בעלי בתים אין טרייד, אַז עס וואָלט געווען בעסער פאַר די פופציג טויזענט קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק צו אַרבייטען אין פופציג שעפּער אָהן אַ יוניאָן איידער צו אַרבייטען אין פינף טויזענד שעפּקעס און האָבען אַ יוניאָן, ווייל אַלעמען איז באַוואוסט אַז אין די קלענערע שעפּער זיינען די פאַדינסטען קלענער, אַז נאָך אַלעם איז אַ יוניאָן בלויז אַ מיטעל צו פאַרבעסערען דעם אַרבייטערס לאַגע, אָבער ניט קיין ציל אַן־און־פאַר־זיך. דאָס אַנשטאָט אנצואווענדען די גאַנצע ענערגיע פון דער יוניאָן צו טרייבען די באָנדלאַך פון די ערגער באַ־צאָלטע שעפּער און די בעסערע טוט מען גראָדע פאַרקערט.

דער אמת איז, אַז ווען מיר האָבען אָנגעפאַנגען די אַגיטאַציע פאַר אַ דזשענעראַל סטרייק האָבען מיר געהאַט אין זינען הויפּטזעכטלאַך די דאַון טאַון שעפּער וואו די פאַרדינסטען זיינען

ווירקלאַך געווען אומערטרעגלאַך. אונז האָט זיך גאָר ניט גע'חלומ'ט אַז די אַרבייטער פון די גרויסע „פינפטע עווניו הייזער" וועלען זיך אָנשליסען אָן אונזער באַוועגונג ווייל דאָרט האָבען די אַרבייטער שטענדיג געמאַכט אַן אַנשטענדיגען לעבען. אויסגעלאָזען האָט זיך גראַדע פאַרקערט; יעדער וואָס האָט געוואָלט ווערען אַ וואָרט זאָגער, קריגען אַ נאָמען פאַר אַ „טרייען קעמפער" געגען דעם „אַלגעמיינעם פיינט" האָט עס גרינג געקענט ערווערבען מיטן דונערען געגען דעם פּראָטאָקאָל, געגען דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן.

אויף איינעם פון די מיטינגען פון דער דזשאָינט באָאַרד, האָב איך געשטעלט פּראָפעסאָר הורוויטש'ן פאָלגענדע פראַגע: צוגעגעבען אַז איר געווינט אין די שעפער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן אַלע אייערע קייסעס און איר קריגט דאָרט אַלע רעכטע וואָס איר פאָדערט פאַר די אַרבייטער, און אַלס רעזולטאַט פון אייערע געווינסען ווערען די פּראָדוקציאָנס קאָסטען אין דיזע שעפער אַלץ גרעסער און זיי זיינען ניט אומשטאַנד צו קאָנקורירען מיט די אייגענטימער פון די „יונייטעד אַסאָסיאיישאָן" און די אינדעפּענדענט שעפער, וואו די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער זיינען באַדייטענד קלענער. דיינקט איר ניט אַז עס איז די אויפגאַבע פון דער יוניאָן הויפטזעכ־לאַך צו העכערען די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער אין די סאָב־סטענדאַרד שעפער? אויף דעם האָט דר. הורוויטש געענטפערט: „מיין אויפגאַבע אַלס לאָיער איז צו פאַרטיידיגען די רעכטע פון די אַרבייטער אונטערן פּראָטאָקאָל. די יוניאָן האָט מיר דאַרויף געדונגען. וואָס אַנבאַלאַנגט די פאַרדינסטען אין די שעפער, דאָס איז אייערע, ניט מיין אויפגאַבע."

רעספּעקט
פון
באַלעבאַטים
צו
יוניאָן־פירער

מערקווירדיג, עס האָט זיך אימער געפירט אַז ווען אַ יוניאָן דעלעגאַט האָט ניט געקענט אָנגיין מיט אַ געוויסען באַלעבאָס, האָט מען געשיקט אַן אַנדערען אויף זיין פּלאַץ. עס האָט זיך ניט איין מאָל געטראָפען ווען אַ ניי ערוויילטער דעלעגאַט איז אַריין אין אַמט און עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז אים פעלט די פייאיגקייט „צו שליכטען טראָבעל" אין די שעפער, האָט מען אים משליח געווען. די בעסטע דעלעגאַטען האָט מען אימער גערעכענט אַזעלכע וועלכע ווייסען ווי צו קריגען דעם צוטרוי און דעם רעספּעקט פון די בעלי בתים מיט וועלכע זיי פאַרהאַנדלען. ווייל דאָס איז אייגענטלאַך די הויפּט אויפגאַבע פון די יוניאָן באַאַמטע.

מיט דעם „טשיף קלוירק" פון דער „פּראָטעקטיוו" אַסאָסיאיישאָן איז די מעשה געווען גראַדע פאַרקערט. וואָס מער ער האָט אָפּאָנירט, ער האָט זיך אַרומגעריסען מיט די באַאַמטע פון דער אַסאָסיאיישאָן, אַלץ פּאָפּולער איז ער געוואָרען ביי די קלאָוקמאַכער מאַסען.

אמת, ווען אַן אַרבייטער האָט געקראָגען אַ פּלאַץ צו דער אַרבייט אין אַ פּראָטעקטיוו שאַפּ האָט ער זיך גערעכענט גליקלאַך, און מען איז אים מקנא געווען, אָבער אַזוי ווי די בעלי בתים פון די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן אין מיינסטע פעלע „האָבען געלעבט אין לוקסוס פון אַרביי־טערס פראַצע" האָט מען אויף זיי אויסגעלאָזען דעם גאַנצען „חרון אף".

ווען דר. הורוויטש האָט דערזען אַז ער קען ניט באַוועגען די דזשאָינט באָרד אויפצוגעבען דעם פּראָטאָקאָל, האָט ער פאַרשטאַרקט זיין אַגיטאַציע געגען דער אַסאָסיאיישאָן זיי צו באַ־וועגען אַז זיי זאָלען נעמען די איניציאַטיווע און אָפּברעכען דעם פּראָטאָקאָל. אין דעם האָט ער געהאַנדעלט אַנדערש ווי ביזנאָ, וועלכער האָט זיי געוואָרפען דעם גט ביי יעדער געלעגענהייט.

זיצונגען
פון
אַרביטרעישאָן
באָאַרד

אַזוי ערענסט האָבען די מעמבערס פון דער אַסאָסיאיישאָן גענומען דיזע אַטאַקעס פונם אָפּיציעלען אָרגאַן פון דער דזשאָינט באָרד, אַז זיי האָבען עס פאָרגעבראַכט פאַר די באָרד אָוו אַרביטריישאָן.

פרייטאָג און שבת, דעם צווייטען און דריטען אָקטאָבער, 1913, זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון דער אַרביטריישאָן באָרד אויף וועלכען מר. דזשוליוס הענרי קאָהען, דער לאָיער פון דער אַסאָסיאיישאָן, האָט גלייך פון אָנפאַנג ערקלערט, אַז „אויב דער אָפּיציעל אָרגאַן פון דער דזשאָינט באָרד וועט אויפהעצען די אַרבייטער געגען די אַסאָסיאיישאָן, ווי עס ווערט געטאָן איצטער, קען דער פּראָטאָקאָל ווייטער ניט עקזיסטירען און דער אַסאָסיאיישאָן איז ענטשלאָסען אים אָפּצוברעכען". די איינציגע בענעפיט, ערקלערט זייער לאָיער, וואָס זיי האָבען ערוואַרטעט פון פּראָטאָקאָל איז די פאַרשפּרעכונג זייטענס דער יוניאָן אַז צוויסטיגקייטען וועלכע וועלען פאָרקומען אין די שעפער צווישען די בעלי בתים און די יוניאָן וועלען געשליכטעט ווערען אויף אַ פרידלאַכען וועג און זייערע מעמבערס וועלען זיין פריי פון סטרייקס און סטאָפּעדזשעס. אין דער ווירקלאַכקייט, אָבער, זיינען אין פאַרלויף פון די דריי יאָר זינט דער פּראָטאָקאָל איז אַריין אין קראַפט, פאָרגעקומען מער ווי פיר הונדערט סטרייקס און סטאָפּעדזשעס אין די שעפער פון זייערע מעמבערס און אַז די צאָל פון סטרייקס פאַרגרעסערען זיך יעדען מאָל ווען אַרטיקלען געגען זייער אַסאָסיאיישאָן ווערען פאַרעפּענטליכט אין דער „נייע פּאָסט". ער פאַרלאַנגט אַז די אַרביטריישאָן זאָל טאַדלען דר. הורוויטש פאַר זיינע קריטיק ווייל דאָס פאַראורזאַכט גרויסע שאָדען און שטערונגען אין די שעפער פון זייערע מעמבערס.

דאַרויף האָט דר. הורוויטש געענטפערט אַז ער וועט באַשטיין אויף זיין רעכט פון פרייע פּרעסע, אַז אויב זיי שרייבען אין דער „נייע פּאָסט" געפעלט ניט די באַאַמטע פון דער אַסאָסי־איישאָן, קענען זיי ענטפערען אין דער „נייע פּאָסט", און ער קאָווירט זיי, אַז ער וועט זיי

אָפּגעבען אַזוי פיל פלאַץ ווי זיי וועלען געפינען פאַר נויטיג. ער איז איבערהויפּט געגען אַ מאַשין אין דער יוניאָן אָדער אַסאָסיאיישאָן, און ער איז פאַר פאָלשטענדיגע דעמאָקראַטי און פרייהייט פאַר אַלעמען אויסצושפּרעכען זייער מיינונג.

בראַנדעיס'עס רעדע האָט ענטהאַלטען די ענטשיידונג פון דער באָארד אָוו אַרביטריישאָן און ווי זיי האָבען פאַרשטאַנען די נויטיגע פאַרהעלטניסע צווישען די יוניאָן און די אַסאָסיאיישאָן און ווי עס ברויכט פאַרהאַנדעלט ווערען די סכסוכים צווישען אַרבייטער און אַרבייטסגעבער.

**וויכטיגע רעדע פון ריכטער בראַנדעיס**

טראָץ דעם וואָס עס איז שוין אַוועק אַ פערטל יאָרהונדערט זינט די רעדע איז געהאַלטען געוואָרען און די באַגריפען פון אונזערע מענשען האָבען זיך ראַדיקאַל געענדערט אין דיזער הינ־זיכט, דאָך גלויב איך, אַז עס איז ווינשענסווערט פאַר יעדען יוניאָן־טוער און באַאַמטען זיך צו באַקענען מיט דעם אינהאַלט פון דיזער טיפזיניגער רעדע און זיך אַריינטראַכטען אין זיין אינהאַלט.

„אין דיזע אומפאָלקאָמענהייט (פון פּראָטאָקאָל), דער מאַנגעל פון פולשטענדיגע אַנט־וויקלונג פון די מאַשינערי מיט וועלכע מיר אַרבייטען, איז צו אַ געוויסען גראַד איינע פון די מיינסט האָפנונגספולע עלעמענטען אין דער עקזיסטענץ פון פּראָטאָקאָל, ווייל דיזער דאָקומענט איז ניט באַשאַפען געוואָרען אויסצוגלייכען סכסוכים צווישען איין פערזאָן און דעם צווייטען. אין געוויינליכע אַרביטריישאָן קייסעס, ווען דער אַרביטרייטאָר גיט אַרויס זיין אורטייל, די קייס איז דאַן געענדיקט. דאָ, אָבער, נאָך די אַנטשיידונג מוזען זיי ביידע, דער אַרבייטער און דער אַרבייטסגעבער, פאַרבלייבען אַרבייטען צוזאַמען, צו קאָאָפּערירען אין דער פּראָדוקציאָן. דורך דעם פּראָטאָקאָל איז באַשאַפען געוואָרען אַ מיטעל דורך וועלכען ביידע צדדים זאָלען קענען צונויפקומען צו זוכען אַ וועג ווי איבערצוקומען די שוועריגקייטען פון דער קליידער אינדוסטריע.

„די פּראָבלעמען מיט וועלכע מען פאַרהאַנדעלט דאָ, זיינען אייגענטליך די פּראָבלעמען פון טרייד, ניט די שוועריגקייטען וואָס דער אַרבייטסגעבער צווינגט אַרויף אויף דעם אַרבייטער, אָדער פאַרקערט, וואָס די יוניאָן לייגט אַרויף אויף דעם באַלעבאָס. מען דאַרף ניט זוכען קיין „גערעכטיגקייט" אין דעם זין ווי מען זוכט גערעכטיגקייט אין געריכט אום צו קריגען אַ גע־רעכטליכען אורטייל, נאָר מען דאַרף געפינען אַ וועג, דורך איבערלייגונג און מאָס רעגעלען ווי גובר צו זיין די שוועריגקייטען".

„די אַרבייטער מוזען אויפגעקלערט ווערען צו זען, וואָס זיי האָבען געוואונען, כדי זיי זאָלען זיין צופרידען, מיט דעם וואָס זיי האָבען פאַרלאָרען. זיי האָבען פאַרלאָרען די מעגליכקייט צו געבען אַן אויסדרוק צו זייערע מאָמענטאַלע געפילען און זייערע ווינשע צו סטרייקען, וואָס האָט אָפט געבראַכט שאָדען און מאַנכע מאָל נוצען, אָבער זיי האָבען עס אָפּגעגעבען אַלס אַ טייל פון דעם קאָנטראַקט און זיי האָבען דערפאַר געקראָגען געוויסע רעכטע און פאַרפליכטונגען צום פּראָטאָקאָל.

**בראַנדעיס וועגן יוניאָן־פירונג**

„אַ געוויסע טייל פון די אַרבייט פון דער יוניאָן און דער אַסאָסיאיישאָן, דאַרף זיין צו ערציען די מיטגלידער פון זייער אָרגאַניזאַציאָנען און אָהן דיזע ערציהונגס־אַרבייט וועט זיין אוממעגליך צו מאַכען פון דעם אָפּמאַך און ערפאָלג.

„עס עקזיסטירט דאָס רעכט דעם פּראָטאָקאָל אָפּצוברעכען, אָדער פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל געענדערט ווערען, אָבער אַז דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער דזשאָינט באָאַרד זאָל באַנוצט ווערען אַלס אַן אויסדרוק־מיטעל צו איבערצייגען די מעמבערס פון דער יוניאָן, אַז דער פּראָ־טאָקאָל ווערט דורכגעפירט פון פערזאָנען, וועלכע זיינען שווינדלער, וועלכע מאַכען פאַלשקיי־טען, אַז די וועלכע ערפילען זייער פליכט לויט די פונקטען פון פּראָטאָקאָל זיינען „סקעבס", דאַן ווערט באַשאַפען אַן אוממעגליכקייט צוזאַמענצוברענגען די מיטגלידער פון דער אַסאָסיאיישאָן מיט די מיטגלידער פון דער יוניאָן דורכצופירען דעם פּראָטאָקאָל.

„דיזער אָפיציעלער אָרגאַן וואָס ווערט אַרויסגעגעבען פון דער דזשאָינט באָאַרד, איז געמאַכט געוואָרען אַלס אַן אינסטרומענט געגען דעם פּראָטאָקאָל. איך פיל, אַז מאַנכע אויס־דריקע אין די אַרטיקלען וואָס זיינען פאָרגעלעזען געוואָרען, וועלכע זאָגען זאָגאַר, אַז דער פּראָ־טאָקאָל זאָל אָפּגעהיט ווערען, זיינען געשריבען אין אַזאַ טאָן, וואָס קען אַרויפברייגען אויפ'ן געדאַנק ביי דעם לעזער דאָס עס וואָלט געווען בעסער ווען מען זאָל דעם פּראָטאָקאָל אָפּ־ברעכען.

„יעדער איינער האָט אַ רעכט צו האָבען זיין מיינונג, אָבער עס איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך, ווען אַ באַאַמטער וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרען דורכצופירען דעם פּראָטאָקאָל און מאַנכע אַנדערע וועלכע זאָלען אים דורכפירען, זאָלען באַנוצען אַזעלכע אויסדריקע".

„מיר זיינען פון דער מיינונג, אַז קיין אויסבעסערונג אין דער מאַשינערי פון פּראָטאָקאָל וועט ניט העלפען, סיידען צווישען ביידע צדדים זאָלען צייגען געגענזייטיגע רעספּעקט".

„די פליכטען פון דעם גאַראַנטאָר פאַר'ן פּראָטאָקאָל (די אינטערנעשאָנאַל) איז פיל ערענ־סטער ווי צו געבען אַן עצה. עס איז די פליכט אויפצופאַסען, אַז די פאַרפליכטונגען פון דער דזשאָינט באָאַרד זאָל פאַרפילט ווערען. די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל זיינען געווען

די פּערזאָנען מיט וועלכע די אַסאָסיאיישאָן האָט טאַטזעכליך פאַרהאַנדעלט אין דעם אויסאַרביי־טען פון דעם אָפּמאַך און די באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן פּילע, אַז די אינטערנעשאָנאַל קען זיך ניט אָפּ־פּטור׳ן אירע פליכטע מיט די ווערטער, אַז „מיר זיינען אימער גרייט צו געבען אַן עצה און עס בלייבט פאַר די דזשאָינט באָאַרד עס צו פאָלגען אָדער ניט“.

די באָאַרד אָוו אַרביטריישאַן האָט אַנטזאָגט די ביטע פון דער אַסאָסיאיישאָן צו טאַדלען הורוויטש׳ן פאַר זיינע שטענדיגע אָנפאַלען אויף זייער אָרגאַניזאַציאָן און דער פּרעסע, אויס דעם גרונד, אַז די באָאַרד האָט ניט צו טאָן מיט פּערזאָנען, נאָר מיט די צדדים, און זי פאַרלאַנגט, אַז צווישען ביידע צדדים זאָל זיין געגענזייטיגע רעספּעקט.

בראַנדעיס האָט זיך צולעצט געווענדעט צו דר. הורוויטש מיט דער פראַגע, אויב ער גלויבט, אַז דער פּראָטאָקאָל קען עקזיסטירען ווען די פאָרשטייער פון ביידע צדדים ווען זיך שטענדיק אַרומרייסען צווישען זיך ? הורוויטש האָט אויף דעם געהאַלטען אַ לאַנגע רעדע, אין וועלכע ער האָט ווייטער געדעדט וועגען די נויטווענדיגקייט פון פרייע רעדע און פרייע פּרעסע פון דע־מאָקראַטיע, פון פרייע דיסקושיאָן, אָבער אויף בראַנדייס׳ס פראַגע האָט ער ניט געענטפערט. ער האָט אויף דעם ניט געענטפערט, ווייל זיין גאַנצע האַנדלונג, זיין טאַקטיק איז באַשטאַנען אין באַווייזען די אַסאָסיאיישאָן אַז זיי זאָלען נעמען די איניציאַטיווע, אויף זיי זאָל פאַלען די פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פאַר׳ן אָפּברעכען דעם פּראָטאָקאָל, און ער האָט עס טאַקע אויסגעפירט.

ניט־צו פאַלשע שטעלונג

דאָס איינציגע, וואָס הורוויטש האָט צוגעגעבן ביי דער אַרביטריישאַן באָאַרד איז געווען, אַז זיין שטעלונג פון דאָס רעכט פון יוניאָן־מעמבערס צו פּיקעטען פּראָטאָקאָל־שעפּער איז אַ פאַלשע.

דאָס איינציגע וואָס הורוויטש האָט צוגעגעבן ביי דער אַרביטריישאַן באָאַרד, אַז זיין שטעלונג פון דאָס רעכט פון יוניאָן־מעמבערס צו פּיקעטען פּראָטאָקאָל־שעפּער איז אַ פאַלשע.

דאַכט זיך נאָך אַזאַ ערקלערונג פון דער באָאַרד אָוו אַרביטריישאַן, אַז „דער פּראָטאָקאָל קען ניט אָנהאַלטען ווען די פאָרשטייער פון ביידע צדדים וועלען האַלטען אין באַליידיגען איינע די אַנדערע“, האָט מען געקענט ערוואַרטען, אַז די דזשאָינט באָאַרד וועט זען, אַז די אַטאַקעס אויפ׳ן פּראָטאָקאָל און די אַסאָסיאיישאָן וועלען מעהר ניט ערשיינען אין איר אָפּיציעלען אָר־גאַן, אָבער דר. הורוויטש האָט אומגעשטערט פאָרטגעזעצט זיין אַרבייט צו פּראָוואָצירען די באַלעבאַטים.

דעם 4־טען אָקטאָבער האָט דער דזשענעראַל אָפּיס ערהאַלטען אַ צושריפט פון דעם טשער־מאַן פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, ל. א. ראָזענפעלד, אין וועלכען ער מאַכט אויפמערקזאַם אויף דעם באַשלוס פון דער באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן לויט וועלכען די אינטערנעשאָנאַל איז פאַרפליכטעט צו באַזאָרגען, אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל דורכגעפירט ווערען, און אַזוי לאַנג אַז דער פּראָטאָקאָל איז אין קראַפט, קענען פאָרקומען קיינע סטרייקס און קיין פּיקעטען אין די שעפּער פון די מעמבערס פון זייער אַסאָסיאיישאָן. דר. ראָזענפעלד פרעגט אָן, אויב די אינטערנעשאָנאַל האָט די מאַכט עס דורכצופירען און אויב יאָ, איז זי באַרייט עס דורכצופירען. דער צושריפט ענדיגט זיך ווי פאָלגט: „אויף אייער אָנטוואָרט צו דיזען צושריפט ווענדעט זיך די ווייטערע עקזיסטענץ פון דעם פּראָטאָקאָל“

מאיר לאַנדאָן און דר. הורוויטש

אַזוי ווי דער צושריפט האָט אַנטהאַלטען אַן אולטימאַטום פון דער אַסאָסיאיישאָן צו דער יוניאָן, האָבען מיר צוגעשיקט אַ קאָפּיע צו דער דזשאָינט באָאַרד און צו מאיר לאַנדאָן, דעם לאָיער פון דער אינטערנעשאָנאַל. די דזשאָינט באָאַרד האָט באַלד פאַררופען אַ ספּעציעלען מיטינג אויף וועלכען דר. הורוויטש און מאיר לאַנדאָן זיינען געווען אָנוועזענד.

דר. הורוויטש ערקלערט, אַז די אַנטשיידונג פון דער באָאַרד אָוו אַרביטריישאָן איז גע־ווען ניט גינסטיג פאַר דער יוניאָן, און ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָאַרד זיינען געגען אים און זיי לאָזען עס איהם פילען ביי יעדע געלעגענהייט.

מאיר לאַנדאָן ערקלערט, אַז הורוויטש׳ס באַהויפּטונג אַז די באַאַמטע פון דער יוניאָן זיינען געגען אים און זיינע פאָליסעס איז דער בעסטער באַוויוז, אַז זיין טעטיגקייט איז שעדליך פאַר דער אָרגאַניזאַציאָן, ווייל די באַאַמטע זיינען פאַכלייטע און האָבען געהאָלפען צו אויפבויען די יוניאָן און זיינען דאַרום מער קאָמפּעטענט צו אורטיילען די נוצלאָכקייט פון געווויסע מאָס רעגע־לען און פאָליסעס ווי אַזאַ פּערזאָן ווי דר. הורוויטש, וועלכער איז, נאָך אַלעמען, אַ נייער פּערזאָן און איז אומבאַקאַנט מיט די אומשטענדען און טעכניק פון ד רערטרייד. לאַנדאָן באַהויפּטעט ווידער, אַז די שטענדיגע אַטאַקעס אויפ׳ן פּראָטאָקאָל ווי אויך אויף די פּראָטעקטיוו אַסאָ־סיאיישאָן מוז פריער פירען צום אָפּברעכען פון פּראָטאָקאָל און אויב די דזשאָינט באָאַרד גלויבט אין די נוצלאָכקייט פון פּראָטאָקאָל און די נויטווענדיגקייט פון זיין ווייטערע עקזיסטענץ, דאַן מוז די שטעלונג פון דער „נייע פּאָוסט“ ווי אויך די באַנעמונג פון טשיף קלוירק זיך ענדערען.

דר. הורוויטש׳ס הויפּט אַרגומענט איז געווען, אַז אויף קיין פאַל טאָר מען ניט באַגרענעצען די פרייהייט פון אָפּיציעלען אָרגאַן פון דער יוניאָן. „איך האָב געפאָדערט אַבסאָלוטע פרייע פּרעסע, האָט הורוויטש ערקלערט, און די אַסאָסיאיישאָן האָט געהאַט די חוצפה צו פאַרלאַנגען

דאָס רעכט צו צענזורירען אונזער אָפיציעלען אָרגאַן און מאיר לאָנדאָן ווי אויך די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבען געמאַכט יד אחת מיט די מאַנופעקטשורערס".

שטעלט זיך פאָר ווי עס וואָלט אויסגעקוקט ווען אונזער געזאַנגטער אין בערלין, וואָלט איינגעפאַלען די אידייע צו קריטיקירען די נאַצי־רעגירונג און די היגע עפענטליכע פרעסע אויף דעם גרונט, דאָס אין דיזען לאַנד עקזיסטירט פולקאָמע פרייהייט פון דער פרעסע ?

הורוויטש האָט פאַרלאַנגט אַבסאָלוטע פרייע פרעסע, עטוואָס וואָס האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט און קען ניט עקזיסטירען. אַזוי רעדט אַ וויסענשאַפטסמאַן.

פון דער דעבאַטע צווישען לאָנדאָן און הורוויטש קען מען זען, אַז דער אונטערשייד צווישען זיי איז באַשטאַנען אין דעם וואָס לאָנדאָן האָט געדענקט, אַז דאָס וויכטיגסטע פון אַלעס איז דער וואוילזין פון דער יוניאָן, און הורוויטש האָט געגלויבט, אַז העכער פון אַלעס איז צו האָבען אַבסאָלוטע פרייע פרעסע, ער זאָל קענען אַטאַקירען אין דער „נייע פאָסט", די אַסאָסיאיישאָן פון אַרבייטסגעבער מיט וועלכע די יוניאָן איז אין פריינדליכע באַציהונגען און ביי וועמען די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער זיינען די העכסטע אין טרייד.

די דעבאַטע וועגען דער פראַגע האָט פאַרנומען צוויי זיצונגען פון דער דזשאָינט באָאַרד. ענדליך איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע, פאַרפאַסט פון מאיר לאָנדאָן, וועלכע לויטעט ווי פאָלגט:

„די קלאָוקמאַכער יוניאָן באַשטייט אויף דעם פרינציפּ פון ענגער פאַרבינדונג און פולער קאָאָפעראַציע צווישען די אינטערנעשאָנאַל און די דזשאָינט באָאַרד, און זי קוקט מיט אומצופרידענהייט אויף יעדע באַמיהונג צו שאַפען מיסטרוי צווישען ביידע קערפערשאַפטען. עס איז די מיינונג פון דער דזשאָינט, אַז די אָפיציעלע צייטונגען זאָלען צו יעדער צייט זיין אָפען און פריי פאַר'ן אַרויסזאָגען פון מיינונגען פאַר אַלע פראַגען און אַלע רעפאָרטס וואָס האָבען צו טאָן מיט דעם וואָהל און בעסטען פון דער יוניאָן. די אָפיציעלע אָרגאַנען זאָלען אָבער פאַרמיידען פערזענליכע אָנגריפען און זאָלען זאַך האַלטען מיט ווירדיגע אַכטונג מיט די יענע אַרבייטסגעבער, מיט וועלכע מיר שטייען אין פריינדליכע באַציהונגען".

## צוטיילטע קרעפטען

די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען ביי אַלע לאָקאַלען מיט דער אויסנאַמע פון לאָקאַל איינס (קלאוק אָפערייטאָרס), וואו בלויז אירע דריי דעלעגאַטען צו דער דזשאָינט באַארד האָבען געשטימט דערפאַר.

דאָ זעט מען ווי די קרעפטען זיינען צוטיילט: פון איין זייט, מאיר לאָנדאָן מיט דער דזשאָינט באָאַרד, די זעלבע קערפערשאַפט, וועלכע מיט אַכט מאָנאַטען צוריק זיינען פאַר הורוויטש'ן געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז אויף זיין וואונש זיינען זיי געווען פאַרטיק צו פאַרלאָזען די אינטערנעשאָנאַל און דר. הורוויטש צוזאַמען מיט די „מיליטאַנטען" פון לאָקאַל איינס.

דיזער קאַמף האָט זיך געצויגען לאַנג. פון די „הורוויטשיסטען" איז געבוירען געוואָרען די לינקע אָפּאָזיציע מיט לואיס היימאַן, אַ הייסער אָנהענגער פון הורוויטש אָן דער שפּיצע, אַ באַוועגונג, וועלכע די קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט אויסגענוצט פאַר אירע צוועקען. דיזער ברודערקאַמף האָט זיך געצויגען ביז דאָ ניט לאַנג, ביז מאָסקווע האָט זיך דערשראָקען פאַר היטלער'ן און האָט באַפוילען אירע צאַן־קדשים זיך צו פאַראייניגען מיט די פאַררעטערישע „סאָציאַל־פאַשיסטען".

## קאָנווענשאַן פון א. פ. אָוו ל.

אין מאָנאַט נאָוועמבער, 1913, ווען איך האָב געדאַרפט אָפּפאָרען נאָך סיאַטעל, וואַשינגטאָן, אַלס דעלעגאַט צו דער אַ. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן, האָב איך געלאָזט וויסען דעם סעקרעטאַר פון דער פעדעריישאָן, פרענק מאָריסאָן, אַז מיט אַזוי פיל סטרייקס אין וועלכע מיר זיינען פאַרוויקעלט אין פילאַדעלפיע, סיינט לואיס און באַלטימאָר, ווי אויך דעם אולטימאַטום, וואָס מיר האָבען געקראָגען פון די ניו יאָרקער קלאוק מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, דענק איך, אַז עס איז ניט ראַטזאַם, אַז איך זאָל פאַרלאָזען דעם דזשענעראַל אָפיס און אונטערנעמען אַ רייזע וואָס דאַרף צו געדויערען אַ מאָנאַט צייט. אָבער באַלד נאָך דעם איז צו מיר געקומען אין אָפיס בענדזשאַמין שלעזינגער, און דערציילט מיר, אַז ער קומט פון פילאַדעלפיע וואו די סענטראַל לייבאָר יוניאָן האָט אינסטרואירט אירע דעלעגאַטען צו דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן צו פאַרלאַנגען פינאַנציעלע שטיצע פאַר די סטרייקענדע קלאוקמאַכער פון זייער שטאָט און אַז אונטער אַלע אומשטענדען מוז איך פאָרען נאָך סיאַטעל און זען, אַז דיזע רעזאָלוציע זאָל דורכגעפירט ווערען ביי דער קאָנווענשאָן. דערצו נאָך איז באַלד געקומען אַ דעלעגאַציע פון די פילאַדעלפיע סטרייקערס און האָבען מיר פאַרזיכערט, אַז אויב איך וועל ניט פאָרען צו דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן, וועט עס האָבען אַ שלעכטע ווירקונג אויף די פילאַדעלפיע סטרייקער, ווייל עס וועט אויסגעטייטשט ווערען, אַז דער דזשענעראַל אָפיס גלויבט ניט, אַז דער סטרייק קען געוואונען ווערען.

טראָץ דעם וואָס איך האָב געוואוסט, אַז עס גייט אָן אַ היפּשע ביסעל סטרייקס אין לאַנד, איבערהויפּט, דער ביטערער קאַמף פון די קאָלומעט מעטאַל מיינערס, וועלכע ציהט זיך שוין איבער אַכט מאָנאַטען און מען קען דאַרום קיין שטיצע פון די איבעריגע אַמעריקאַנער יוניאָנס

ניט ערוואַרטעט, דאָך האָב איך געפונען פאַר נויטיג צו פאַרלאָזען ניו יאָרק, און דעם 5־טען נאָוועמבער בין איך אָפּגעפאָרען נאָך סעאַטעל.

ווען איך בין פאָרגעקומען פאַר דער רעזאָלוציאָנס־קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן פון דער א. פ. אָוו ל. האָט מען מיר געפרעגט וועגען די צאָל פון אונזער מעמבערשיפּ (אונזער אינטער־נעשאָנאַל האָט זיך דאַן גערעכענט פאַר דער דריטער קערפּערשאַפט אין דער אַ. פּ. אָוו ל.). מען האָט מיר ווייטער געפרעגט ווי קומט עס דאָס אָן אָרגאַניזאַציע פון איבער אַ הונדערט טויזענט מעמבערס זאָל ניט קענען שטיצען פינף טויזענט סטרייקערס. „איר זאָגט, אַז עס פאָדערט זיך 15 טויזענט דאָלאַר אַ וואָך אָנצוהאַלטען דעם סטרייק, וואָרום טעקסט איר ניט אייערע מעמבערס מיט 15 סענט אַ וואָך?" דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך אויף דער פראַגע קיין ריכטיגען ענטפער ניט געקענט געבען. פון צוויי און אַ האַלב סענט אַ וואָך פער קעפּיטאַ, וואָס די מעמבערס האָבען דאַן געצאָלט צו דער אינטערנעשאָנאַל, האָט מען קיין סטרייק־פּעי ניט געקענט צאָלען. אַ פאָרשלאַג צו העכערען די פּער קאַפּיטאַ איז נידערגעשטימט געוואָרען. מען האָט געמוזט אָנ־קומען צו די לאָקאַלען נאָך פרייוויליגע בייטראַגען, און דאָס איז אימער געווען אַ שווערע הלכה. ווען עס קומט צו דער פּויטיקע, ווערען פילע פון אונזערע הייסע יוניאָנלייט קאַלט ווי אייז.

צוריקפאָרענדיג פון סיאַטעל, ווען מיר זיינען געקומען נאָך סיינט לואיס, האָב איך געפונען אין דזשענעראַל פאָסט אָפיס אַ פּאַק מיט לעטערס און אַ היפּשע צאָל נומערען פון „פאָרווערטס", אין וועלכע עס איז אָנגעגאַנגען אַ דעבאַטע צווישען מאיר לאָנדאָן און דר. הורוויטש וועגען זייער שטעלונג צום פּראָטאָקאָל און דער קלאָוק־מאַנופעקטשורערס פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן. ביז דאַן זיינען אונזערע צווייסטיגקייטען וועגען יוניאָן פּאָליסיס און אין מעטאָדען געווען באַגרעניצט.

## הורוויטש־לאָנדאָן־דעבאַטע אין „פאָרווערטס"

יעצט צום ערשטען מאָל איז עס אַרויס אין דער עפענטליכקייט. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווייטערער קאַפּיטעל.

די דעבאַטע אין דער יוניאָן פּרעסע האָט זיך געצויגען ביז ענדע יאַנואַר, ווען הורוויטש האָט פאַרלאָזען די יוניאָן.

צוערשט איז די דעבאַטע אָנגעפירט געוואָרען צווישען מאיר לאָנדאָן און דר. הורוויטש. באַלד האָט זיך אָן דעם אָנגעשלאָסען די דזשאָינט באָאַרד אויף דער זייט פון לאָנדאָן און די „מיליטאַנטען" פון לאָקאַל איינס (קלאוק אָפּערייטאָרס) אויף דער זייט פון דר. הורוויטש.

אין זיין פּאָלעמיקע מיט לאָנדאָנען האָט דר. הורוויטש אָנגעגריפען ניט נאָר די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן און די אינטערנאַציאָנאַלע באַאַמטע, נאָר אויך מר. בראַנדעיס און די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָאַרד. אָט דיזעלבע באַאַמטע וואָס זיינען צוערשט געווען אַזוי באַגייס־טערט פון אים.

די בעסטע פּאָרציע האָבען באַקומען פּערלשטיין, האַלפּערן און זיגמאַן.

אייניגע אַרגומענטען וואָס הורוויטש באַנוצט געגען בראַנדייס און לאָנדאָן זיינען אַזוי אָרי־גינעל, אַז עס איז ווערט דאָ איבערצוגעבען.

## קלאַסען־קאַמף אין קלאָוק־טרייד

אונטער דעם קעפּל: „דער פּראָטאָקאָל און דער קלאַסען־קאַמף", שרייבט הורוויטש אין „פאָרווערטס" פון 12טען דעצעמבער, ווי פאָלגט:

„לאָנדאָן וואַרפט מיר אויף, פאַרוואָס איך שטים ניט מיט די אָפּיסערס פון דער אינטער־נעשאָנאַל. פאַר אים איז עס אַ ריין פּערזענליכע פראַגע. ער פאַרשטייט פּשוט ניט, אַז די גאַנצע חברה פון דער אינטערנעשאָנאַל שטייט אין ווידערשפּרוך מיט דער מעטאָדע פון קלאַסען־קאַמף. די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל קומען זיך צוזאַמען מיט די באַאַמטע פון דער אַסאָסיאיישאָן און אויץ אַ פריינדליכען אופן שמועסט מען זיך דורך".

„די אַבסטראַקטע טעאָרעטיקער, די סאָציאַליסטען, מעגען זיך איצט באַהאַלטען. זינט דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט פון מאַרקס און ענגעלס, גאַנצע 65 יאָר, האָבען זיי געהאַקט אַ טשייניק, אַז דער קלאַסען־קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט קען ניט אויפהערען אַזוי לאַנג ווי די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמע וועט עקזיסטירען. צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס, אַז עס האָבען זיך אַנידערגעזעצט דריי לאָיערס, מר. בראַנדייס, מר. קאָהען און מאיר לאָנדאָן, און האָבען אונטערגעשריבען אַ פּייפּער, אַז דער קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט איז אָפּגעשאַפט גע־וואָרען אין דער קלאוק־אינדוסטריע".

לעזענדיג אַזאַ אַרגומענטאַציע, קומט ניט ווילענדיג אַרויף אויפ'ן געדאַנק: „סאָציאַליזם, וויפיל נאַרישקייט ווערט גערעדט און געשריבען אין דיין נאָמען".

דער אַרטיקעל ענדיקט זיך ווי פאָלגט: „עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז לויטן פּראָטאָקאָל, טאָר מען ניט סטרייקען, אָבער גערעכטיגקייט טאָר מען אויך ניט בעטען. אַזוי האָט אויסגע־טייטשט דעם פּראָטאָקאָל מר. בראַנדייס, און לאָנדאָן איז זיינער אַ גוטער תלמיד".

אין דער „נייע פּאָסט" פון זעלבען דאַטום, „פאַרוואָס איך קען ניט אַרבייטען מיט מאיר לאָנדאָן", שרייבט ער: „ווען איך זאָל בלייבען (אין דער יוניאָן), וועל איך זיכער ניט דער־לאָזען, אַז מיר זאָלען בלייבען פאַרשקלאַפט ביי בראַנדייס'ן, וועלכער קוקט אויף אַן אַרבייטער ווי אַ גוטער פאַרמער קוקט אויף זיינעם אַ פערד. דעם פערד דאַרף מען געבען האָבער, אַ ריינעם ליכטיגע שטאַל, מען דאַרף אים ניט לאָזען אַרבייטען איבער די כחות, אָבער אַ באַלעבאָס

איז אַ באַלעבאָס, און אַ פערד איז אַ פערד. און ווען דער פערד דראָפּעט זיך, דאַרף מען אים געבען אַ שמיץ מיט אַ בייטש. מ׳יט דער דאָזיגער פילאָזאָפיע בין איך ניט איינפאַרשטאַנען. איך האַלט עס פאַר מיין פליכט צו באַקעמפען״.

„ווען איך פאַרבלייב אין דער יוניאָן, מוז איך האָבען די דעה ווי אַזוי די אַרביטריישאָן באָארד זאָל זיין אָרגאַניזירט. ווען איך פאָדער, אַז די פראַגע פון אַרביטריישאָן באָארד זאָל ניט איבערגעגעבען ווערען צו ברענדייס׳ן, ווייל איך בין זיכער אַז ער וועט די לאַגע מאַכען ערגער און מיר וועלען שוין שפּעטער פון אים זיך ניט קענען באַפרייען, זאָגט לאָנדאָן, אַז ער וועט די פראַגע איבערגעבען אויף ברענדייס אַנטשיידונג״.

אין איין פונקט פון הורוויטש׳ס אַרגומענטאַציע, איז ער געווען פולקאָם גערעכט. ער פרעגט די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָארד, וועלכע טענה׳ן, אַז ער האָט גאָר ניט אויפגעטאָן פאַר דער יוניאָן, ווייל ער קען ניט און פאַרשטייט ניט וואָס מען דאַרף טאָן, ווי קומט עס אַז יעדען מאָל ווען ער האָט אַריינגעשיקט זיין רעזיגנאַציע האָבען זיי עס צוריקגעוויזען; אויף דעם איז קיין ענטפער ניט געווען.

דעם 15־טען דעצעמבער איז פאַרעפענטליכט געוואָרען דער רעזולטאַט פון רעפערענדום, לויט וועלכער דר. הורוויטש איז ערוויילט געוואָרען מיט דריי צו איינס אַלס „טשיף קלוירק״, און דאָס ער אַליין זאָל זיין דער פאָרשטייער פון דער יוניאָן. מאיר לאָנדאָן איז דערמיט באַזייטיגט געוואָרען.

דעם 16־טען דעצעמבער, ד. ה. אויף מאָרגען נאָכדעם ווי עס איז ערשינען אין דער פרעסע דער רעזולטאַט פון רעפערענדום, האָבען מיר ערהאַלטען אַ צושריפט פון דער אַסאָסיאיישאָן אין וועלכען זיי מעלדען אונז, אַז זיי אַנטזאַגען זיך ווייטער צו פאַרהאַנדלען מיט הורוויטש׳ן און, אַז אויב מיר ווילען אָנהאַלטען פרידליכע באַציהונגען מיט זיי אונטער׳ן פראָטאָקאָל, זאָלען מיר באַשטימען אַן אַנדערען פערזאָן פאַר׳ן אַמט פון טשיף קלוירק. אין דעם צושריפט דייטען זיי אָן, דאָס ווייל זיי גיבען צו אַז זיי האָבען קיין רעכט ניט צו זאָגען אַ דעה ווער דער פאָרשטייער פון דער יוניאָן זאָל זיין, באַשטייען זיי אָבער אויף זייער רעכט זיך צו אַנטזאַגען צו פאַרהאַנדלען מיט אַ פערזאָן וועלכער האַלט זיי שטענדיג אין אַטאַקירען און באַליידיגען.

## שליסט פראָטאָקאָל־אָפּטיילונג

אַ קאָפּיע פון דעם צושריפט איז געשיקט געוואָרען צו דער דזשאָינט באָארד און די אַסאָסיאיישאָן האָבען מיר געלאָזט וויסען, אַז זייער צושריפט וועט פאַרהאַנדעלט ווערען ביי אַ ספּעציעלען מיטינג פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, וועלכע וועט קירצליך אָפּגעהאַלטען ווערען.

ענדליך האָט הורוויטש זיך דערשלאָגען צו דעם, צו וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געשטרעבט. ער האָט באַלד געגעבען אַן אָרדער צו פאַרמאַכען דעם אָפיס אין דער יוניאָן פון פראָטאָקאָל דיוויזשאָן, דאָס הייסט, צו מאַכען אַן ענדע צו אַלע פאַרבינדונגען מיט דער אַסאָסיאיישאָן. ער האָט אויך געלאָזט וויסען דר. פרייז׳ן, אַז די יוניאָן ציט זיך צוריק פון דער דזשאָינט באָארד און סעני־טארי קאָנטראָל, אום צו פאַרזאָרגען אַז די אַסאָסיאיישאָן זאָל ניט קענען זיך צוריקציען פון זייער שטעלונג. האָט ער אויף מאָרגען פאַרעפענטליכט אַן אַרטיקעל אין זיין לייב־אָרגאַן, לואי מילער׳ס „וואַרהייט״, אונטער דעם קעפּל: „איבער׳ן קאָפּ״, אין וועלכען ער רופט אויף די קלאָוקמאַכער צו געבען די פראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן איבער׳ן קאָפּ זיי זאָלען האָבען צו געדיינקען.

דעם זעלבען טאָג, ווען הורוויטש האָט געגעבען אַן אָרדער צו פאַרמאַכען דעם אָפיס פון פראָטאָקאָל דיוויזשאָן, איז אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ מיטינג פון דער דזשאָינט באָארד זיך צו באַראַטען וואָס מען זאָל ענטפערען די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, און דאָרט האָט מען געפרעגט הורוויטש׳ן: אויב די אַרבייטער האָבען אייך ערוויילט צום אַמט פון טשיף קלוירק אונטער׳ן פראָטאָקאָל, צייגט עס דאָך, אַז זיי ווילען אים אָנהאַלטען, טאָ ווי קומט עס אַז איר ערלויבט זיך צו פאַרמאַכען דעם אָפיס פון פראָטאָקאָל־דיוויזשאָן פון דער יוניאָן, וואָס מיינט, אַז אַלע פאַרבינדונגען מיט די שעפער פון דער אַסאָסיאיישאָן ווערען דערמיט אָפּגעבראָכען? הורוויטש האָט דערזען, אַז ער האָט דאָ איבערגעכאַפּט די מאָס און האָט צוריקגעצויגען זיין אָרדער.

## דיקטירען ווער ס׳זאָל זיין יוניאָן־פאָרשטייער?

מערקווירדיג, ביז מיר האָבען ערהאַלטען דעם צושריפט פון דער אַסאָסיאיישאָן, אַז זיי האָבען באַשלאָסען אָפּצוברעכען דעם פראָטאָקאָל, אויב די יוניאָן וועט באַשטיין, אַז דר. הורוויטש מוז פאַרבלייבען איר פאָרשטייער, איז געווען דער געשריי צווישען די קלאָוקמאַכער, אַז זיי זיינען „שקלאַפען פון פראָטאָקאָל״. באַלד אָבער, ווי זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז די באַלעבאַטים ווילען זיי באַפרייען פון דער דאָזיגער שקלאַפעריי, אַנשטאָט צו באַדאַנקען די אַסאָסיאיישאָן פאַר אַזאַ נאָבעלען טהאַט, איז דער עפעקט פון דעם צושריפט געווען גראַדע אַ פאַרקערטער. עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ גוואַלד, אַ געפילדער, אַז די אַסאָסיאיישאָן וויל דיקטירען די יוניאָן ווער אירע באַאַמטע זאָלען זיין. דער גאַנצער אידישער קוואַרטאַל איז געגאַנגען כאָדאָם.

דער „מאָרגען זשורנאַל”, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַ שם פאַר געגנערשאַפט צו יוניאָנס און יוניאָניזם און „די פרייע אַרבייטער שטימע” האָבען זיך פאַראייניגט מיט מילער'ס „וואַרהייט”, האָבען געהאַלטען אין העצען דעם עולם געגען די „פאַררעטער”, די באַאַמטע פון דער דזשאָינט באָארד און דער אינטערנעשאָנאַל. בלויז דער „פאָרווערטס” האָט געטרייט צו באַרוהיגען די מאַסען.

דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל ווען דער „פאָרווערטס” האָט געראַטעוועט די סיטואַציע. דאָס ערשטע מאָל איז געווען אין 1910, גלייך נאָכ'ן אָננעמען דעם פּראָטאָקאָל, ווען די קלאָוקמאַכער האָבען געהאַלטען און רעוואָלטירען געגען דעם פּראָטאָקאָל אָפּמאַך.

אויפ'ן מיטינג פון דער דזשאָינט באָאַרד, דינסטאָג, דעם 16-טען דעצעמבער, איז פאָרגע־לעזען געוואָרען אַ בריוו פון מאיר לאָנדאָן. ער גיט אָן די אורזאַכען, פאַרוואָס אים איז אומ־מעגליך ווייטער צו פאַרבלייבען דער דזשענעראַל קאונסיל פון דער יוניאָן נאָך דעם ווי מען האָט אים באַזייטיגט פון אָנטייל נעמען אין די פאַרהאַנדלונגען מיט דער אַסאָסיאיישאָן, ווייל ער וועט מוזען קומען אין באַריר מיט די אַלגעמיינע פאָליסעס פון דער יוניאָן און דאָס מיינט צו קומען אין צוזאַמענשטויס מיט דר. הורוויטש. לאָנדאָן שליסט זיין צושריפט ווי פאָלגט: „איך בין פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן ניט אַוועקגעגאַנגען, מען האָט פאַרניכטעט מיין נוצלאַכקייט, מען האָט מיר פאַרטריבען”.

אַזוי האָט מען באַזייטיגט לאָנדאָנ'ען פון דער יוניאָן, אַ מאַן וואָס האָט פאַר דער דאָזיגער יוניאָן שוין ביז דאַן זיין לעבען אַוועקגעגעבען. ער איז געשטאַנען מיט דער יוניאָן זאָגאַר דאַן ווען מאַנכע פון דער אידישער אינטעליגענץ האָבען געקוקט סקעפּטיש אויף דער יוניאָן־באַוועגונג. און מען האָט אים באַזייטיגט צוליב אַ פּערזאָן, וואָס האָט קיינמאָל קיין פינגער ניט אויפגע־הויבען פאַר דער יוניאָן־באַוועגונג.

די נייע דזשאָינט באָאַרד, וועלכע איז ערווייהלט געוואָרען באַלד נאָך הורוויטש'ס רעפער־רענדום, איז באַשטאַנען מערסטענס פון הורוויטש'ס געגנער. האַלפּערן און פּערלשטיין, זיינע פאַרביסענע געגנער, געגען וועמען הורוויטש האָט אַרויסגעשטעלט זיינע אייגענע קאַנדידאַטען, זיינען ווידער ערווייהלט געוואָרען מיט אַ באַדייטענדער מאַיאָריטעט.

וואו אַרבעטער'ס פאַרדינסטען זיינען גרעסער

דעם 17-טען דעצעמבער האָט די דזשאָינט באָאַרד געלאָזט וויסען די אַסאָסיאיישאָן, אַז אויף קיין פאַל וועלען זיי ניט ערלויבען די אַסאָסיאיישאָן צו זאָגען ווער די יוניאָן־באַאַמטע זאָלען זיין. אויף דעם האָט די אַסאָסיאיישאָן געענטפערט, אַז זיי וועלען ניט פאַרהאַנדלען קיינע קייסעס ביי דער באָאַרד אָוו גריוועַנסעס אין דער אָנוועזענהייט פון דר. הורוויטש. מיט דעם איז די מאַשינערי פון פּראָטאָקאָל אָפּגעשטעלט געוואָרען.

מיט אייניגע מאָנאַטען פריער האָט גראד זיך געטראָפען, אַז די יונייטעד קלאָוק־מאַנו־פעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט געלאָזט וויסען דער דזשאָינט באָאַרד, אַז זיי ווילען מעהר ניט האָבען דעם יוניאָן מענעדזשער פון זייער דעפּאַרטמענט, זלאַטשין, אַלס דער פאָרשטייער צו זייער אַסאָסיאיישאָן. מען האָט קיין וואָרט ניט איבערגערעדט און מען האָט געשיקט אַן אַנ־דערען אויף זיין פּלאַץ. אָבער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן האָ טמען פאַרלאַנגט, אַז זיי מוזען ניט אַנדערש פאַרהאַנדלען מיט אַ פּערזאָן וואָס האָט געטאָן אייניגעס צו ווערען ביי זיי „פּערסאָנאַ נאָן גראַטאַ”.

דער איינפאַכער שכל דאַכט זיך איז מחויב די יוניאָן האָט געדאַרפט צו האַנדלען מילדער מיט די מאַנופעקטשורערס, ביי וועמען די אַרבייטערס פאַרדינסטען זיינען גרעסער ווי מיט מיטגלידער פון דער יונייטעד אַסאָסיאיישאָן, אָבער מענשען האַנדלען ניט אימער נאָכ'ן פּראָסטען שכל. דער מענש דיינקט ווי ער פילט, און געגען אָרימען באַלעבאָס טראָגט ער ניט קיין האַס, ווייל עס איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. אָבער מיט „די באַלעבאַטים, וואָס לעבען אין לוקסוס פון אַרבייטערס פּראַצע”, איז די זאַך גאַנץ אַנדערש.

באַראַטונג מיט סעמיועל גאָמפּערס

די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד איז געקומען צום באַשלוס, אַז די סיטואַציע איז אַזעלכע, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע באַאַמטע קענען ניט מעהר שטייען פון ווייטען און מוזען נעמען אַ שטעלונג אין דעם „דעד־לאָק” צווישען דער דזשאָינט באָאַרד און דער אַסאָסיאיישאָן, אַ סיטואַציע, וואָס מוז פירען צו דעם אָפּברעכען פון פּראָטאָקאָל און דאָס מוז ענדלאַך אויך פירען צו אַ דזשענעראַל סטרייק. פון דער אַנדערער זייט ווידער, איז דער צושטאַנד געווען אַזוי קאָמ־פּליצירט און האָט געפאָדערט אויסעראָרדענטלאַכע פאָרזיכטיגקייט. אויף דעם באַשלוס פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד בין איך מיט ווייס־פּרעזידענט ס. פּאָלאַקאָוו געפאָרען קיין וואַשינגטאָן, און זיך באַראַטען מיט גאָמפּערס'ן וועגען די שריט וואָס די אינטערנעשאָנאַל באַאַמטע דאַרפען נעמען אין דער יעצטיקער סיטואַציע.

(דעם אינהאַלט פון מיין געשפּרעך מיט גאָמפּערס'ן, ווי אויך מאַנכע פּאַסירונגען, וועלכע איך גיב דאָ איבער, נעם איך פון מיין רעפּאָרט צום קליוולאַנדער קאָנווענשאָן פון 1914). מיין ערקלערונג צו גאָמפּערס'ן איז געווען ווי פאָלגט:

די מיטגלידער פון די ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָנס גייען אַרום מיט דעם געדאַנק, אַז מען וואָלט געקענט מעהר אַרויסקריגען פון זייערע אַרבייטסגעבער, ווען זייער יוניאָן וואָלט אָנגעווענדעט מעהר אַגרעסיווע פּאָליסעס און מעטאָדען. די אינטערנעשאָנאַל־באַאַמטע, ווידער זיינען פעסט איבערצייגט, אַז דאָס וואָלט געפירט צו אַ קאַמף מיט די באַלעבאַטים, אַ קאַמף, וואָס מעהר ווי שאָדען קען מען פון דעם ניט ערוואַרטען. און זיי טוען זייער בעסט אַזאַ קאַמף אויסצומיידען. דער רעזולטאַט פון אונזער שטעלונג אָבער איז, אַז די אינטערנעשאָנאַל־באַאַמטע האָבען פאַרלאָרען ביי די מעמבערס פון די באַטרעפענדע לאָקאַלען זייער פּרעסטידזש און איינפלוס. דענקט גאָמפּערס ניט, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדען וואָלט געווען ראַטזאַמער, אַז מיר זאָלען זיי לאָזען צורוה און זיי לאָזען האַנדלען ווי זיי פאַרשטייען ? אויב עס וועט זיך אַרויסצייגען, אַז זייער ע מעטאָדען זיינען ווירקזאַמער ווי אונזערע, דאַן וועט קיינער ניט זיין מעהר צופרידען ווי די אינטערנעשאָנאַל־באַאַמטע. פאַרקערט, ווידער, ווען פון אַזאַ קאַמף וועלען די אַרבייטער פאַרלירען, דאַן קען נאָר זיין דער פאַרלוסט צייטווייליג, ווייל נאָכדעם, ווען די אַרבייטער האָבען גענאָסען די בענעפיטס פון יוניאָניזם איבער דריי יאָר צייט, וועלען זיי זייער אָרגאַניזאַציע ניט אויפגעבען. די ערפאַרונג וועט זיי צייגען דאָס, וואָס אונזערע אַרגומענטען זיינען ניט אומשטאַנד צו טאָן.

איך האָב אים אָנגעצייגט אויף דעם פאַל פון די ווייסט און דרעס מאַכער יוניאָן, לאָקאַל 25, וועלכע אין פאַרלויף פון זייער ערשטען גענעראַל־סטרייק אין1909, ווען מען האָט זיי געבראַכט אַ פאָרשלאַג פון אַ גרופּע פאַראַנטוואָרטליכע מאַנופעקטשורערס צו מאַכען מיט דער יוניאָן אַ קאָלעקטיווו אַגרימענט, האָבען זיי עס פאַרוואָרפען. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און זיי האָבען זיך אַרומגעזען דעם פעלער, וואָס האָבען געמאַכט, וואָס פאַרא אַ ווערט האָבען די אינדיווידועלע סעטלעמענטס און אינדיווידועלע אַגרימענטס. איצט זיינען זיי העכסט צופרידען צו קריגען פון אונז קאָאָפּעראַציע און זיינען העכסט צופרידען מיט דער פּירערשאַפט פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַאַמטע.

דער „גרענד אָלד מען" פון דער אַמעריקאַנער יוניאָן־באַוועגונג איז אַ רעכטע צייט געשטאַנען שטיל און האָט אַ וואָרט ניט גערעדט. ער האָט אָבער די גאַנצע צייט געהאַלטען אין קלאַפּען מיט׳ן פויסט אין זיין דעסק. ער איז העכסט אויפגערעגט.

ענדלאַך האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען מיט אַ סך הארץ. ער איז איבערראַשט צו הערען אַזעלכע רייד פון אַן אינטערנאַציאָנאַלען באַאַמטען. אַזוי ריידען קען נאָר אַ פּערזאָן מיט קנאַפּע ערפאַרונג אין דער יוניאָן־באַוועגונג. אונטער יעצטיגע אומשטענדען צו דערלאָזען, אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל אָפּגעבראָכען ווערען און אָנפאַנגען אַ קאַמף מיט די מאַנופעקטשורער, וועט די גאַנצע יוניאָן־באַוועגונג אין לאַנד ליידען. אַצינד ווען די נייעשאַנאַל מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט אונטערגענומען אַן אַגיטאַציע פאַר די „אָפּען שאַפּ", וועט די אידייע פון קאָלעקטיוו באַרגיינונג און קאָלעקטיוו אַגרימענט צוריקגעשטויסען ווערען און עס וועט נעמען יאָרען עס צוריק צוקומען. „אין אונזער קאַמף מיט דער נעשאָנאַל מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, ווייזען מיר אַן מיט שטאָלץ אויף אייער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע אַרבייט פרידלאַך מיט מעהרערע אַסאָסיאיישאָנס אין די פאַרשיידענע ברענטשעס פון דער גאַרמענט אינדוסטריע. דער פּראָטאָקאָל קען נאָר אויפגעגעבען ווערען בלויז ווען עס וועט זיין גענוג גרונדע דערפאַר. אָבער אַז דאָס זאָל געשען צוליב איין פּערזאָן? דאָס טאָר ניט געשען! פאַר אַ באַאַמטען פון דער אינטערנעשאָנאַל, וואָס נעמט ניט קיין שטעלונג אין אַזאַ קריזיס, איז ניטאָ קיין פּלאַץ אין דער אַרבייטער־באַוועגונג. אויב די קלאָוקמאַכער ווילען דורכאויס סטרייקען, דאַן זאָלען זיי עס טאָן אַלס ניט יוניאָן־לייט. איר זייט פאַראַנטוואָרטליך צו דער אַרבייטער־באַוועגונג אין דעם לאַנד. דער וועג פון אַ יוניאָן־לידער איז ניט אימער באַשפּרייט מיט בלומען. ווען עס איז נויטיג, מוז ער זיך שטעלען געגען דער מאַסע און מוז ריזיקירען צו קריגען דעם קאָפּ צושפּאָלטען".

אַזוי האָט גאָמפּערס גערעדט.

קרינען קוראַזש; קאָנפערענץ

ער האָט דערציילט פון אייניגע פעלע אין זיין קאַריערע, ווען די מאַסע איז געווען אומצופרידען פון זיין האַנדלונג, און זיך געגעבען אַ יאָג נאָך אים, „אָבער איך האָב געוואוסט, אַז מיין האַנדלונג איז געווען די ריכטיגע און איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט".

נאָך אַזאַ לעקציע פון גאָמפּערס׳ן איז ביי אונז פאַרשוואונדען יעדער צווייפעל וועגען אונזער שטעלונג אין באַצוג צו דער סיטואַציע אין קלאָוק־טרייד.

גאָמפּערס האָט אונז אויך געראַטען( אַז מיר זאָלען צוערשט פאַררופען אַ קאָנפערענץ אין ניו יאָרק פון פּראָמינענטע פּערזאָנען אין דער יוניאָן־באַוועגונג און זען, וואָס עס קען געטאָן ווערען, אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל ניט אָפּגעבראָכען ווערען.

שבת, דעם 27־טען דעצעמבער, איז אַזאַ קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטען אין די אָפיסעס פון דער ווײדזש־סקייל באָארד. פערציג פּערזאָנען זיינען אָנוועזענד געווען, צווישען וועלכע עס זיינען

געווען גאָמפּערס, פראַנק מאָריסאָן, דזשאָן מיטשעל, דער פּרעזידענט פון די יונייטעד מאַין וואָירקערס, טהאָמאַס קאַרטיס, פון דער סענטראַל לייבאָר יוניאָן פון ניו יאָרק, דזשאָן ב. לענאָן, דער טרעזשורער פון דער א. פ. אָוו ל., וועלכער האָט אונז געהאָלפען אָנצופירען דעם דזשענעראַל סטרייק אין 1910, פּיטער זוסמאַן און טהאָמאַס פון שיקאַגאָ, יוסף שלאָסבערג, ב. שלעזינגער, ב. וויינשטיין פון די אידישע געווערקשאַפטען, באַראָף און אייניגע דעלעגאַטען פון דער דזשאָינט באַארד.

נאָך אַ פיר שטונדיגע באַראַטונג איז באַשטימט געוואָרען אַ סאָב־קאָמיטע פון וועלכע גאָמפּערס איז געווען דער טשערמאַן, זיך צו זען מיט הורוויטש׳ן. די סאָב־קאָמיטע האָט קאָנפערירט מיט הורוויטש׳ן פון 6 ביז 12 ביינאַכט. ענדליך איז הורוויטש אַזוי אויפגערעגט געוואָרען, אַז ער איז אַרויס און האָט פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר.

אויף מאָרגען, זונטאָג, האָט די קאָמיטע באַשלאָסען, אַז מען זאָל רעקאָמענדירען די דזשאָינט באָארד, אַז זי זאָל פאַרלאַנגען פון דר. הורוויטש, ער זאָל רעזיגנירען פון זיין אַמט אויף דעם גרונט, דאָס זיין טעמפּעראַמענט איז ניט פּאַסענד פאַר׳ן אַמט פון אַ נעגאָשיאַייטאָר פאַר אַ יוניאָן. דזשאָן מיטשעל האָט דאָן פאָרגעלייגט פאַר דער קאָמיטע, אַז ער איז פאַרטיג און ענדגילטיג צו לייסטען זיינע דינסט פאַר דער דזשאָינט באָארד און ווידערצושטעלען פריינדליכע באַציהונגען צווישען דער אַסאָסיאיישאָן און דער יוניאָן.

## לואי מילער׳ס אַ העצע

אויף מאָרגען, מאָנטאָג, דעם 29־טען דעצעמבער, איז ערשינען אַן ערקלערונג אין „פאָרווערטס" פון הורוויטש׳ן:

„איך פערזענליך, שרייבט הורוויטש, האַלט ווייניג פון גאָמפּער׳ן, ווען ער האָט מיר געוואָלט אויפווייזען אויף זיין ערפאַרונג, האָב איך אים געענטפערט, אַז אין דער פעדעריישאָן גופא וואַקסט אַן אָפּאָזיציע געגען אים פון יאָר צו יאָר".

„ווי באַלד די אַסאָסיאיישאָן וועט דערזען, אַז דער גייסט פון פּראָטעסט איז דער׳הרג׳עט געוואָרען ביי די אַרבייטער דורך דער טאַקטיק פון דזשאָן דייטש און סעמועל גאָמפּערס, וועלען זיי שלאָגען כפרות מיט דער יוניאָן און דעם פּראָטאָקאָל".

„ווען מען זאָגט די אַרבייטער, אַז סטרייקען טאָרט איר ניט און גערעכטיגקייט טאָרט איר אויך ניט זוכען דורך אַרביטריישאָן, טאָ וואָס ווערט פון דער יוניאָן, ניט מעהר ווי אַן אַגענטור צו ברעכען סטרייקס. איך האָב פאָרגעסטערען ערקלערט פאַר גאָמפּערס׳ן און די איבעריגע אָנוועזענדע, אַז איך וויל ניט שפּילען די ראָלע פון אַ סטרייק־ברעכער".

אונטער דער שטענדיגער אַגיטאַציע פון דער אידישער פּרעסע. מיט לואי מילער׳ס „וואַרהייט" אָן דער שפּיצע, וועלכע האָט דאָ אַ גינסטיגע געלעגענהייט זיך אָפּצורעכענען מיט „דער גענאָסענשאַפטליכע פּרעסע" (דער „פאָרווערטס"), וואָס האָט געטרייט צו באַרוהיגען די מאַסען, איז דער פּרעסטיזש פון דר. הורוויטש געוואַקסען וואָס פון טאָג און מערערע פון זיינע פריערדיגע געגנער און דער דזשאָינט באָארד האָבען געענדערט זייער שטעלונג און האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן אַלגעמיינעם געשריי: „די אַסאָסיאיישאָן האָט זיך אונטערגענומען צו דיקטירען די יוניאָן ווער אירע באַאַמטע זאָלען זיין".

ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט די דזשאָינט באָארד זיך ענטזאגט צו פאָלגען די רעקאָמענדיישאָן פון קאָנפערענץ צו פאַרלאַנגען פון הורוויטש׳ען אַז ער זאָל אַריינשיקען זיין רעזיגניישאָן.

די יוניאָן האָט באַלד ערהאַלטען אַ צושריפט פון דער אַסאָסיאיישאָן וועלכע פאָדערט אַ באַלדיגען ענטפער אויב זי וויל אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל עקזיסטירען אָדער ניט.

ענדליך האָט די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באַשלאָסען אַז זי טאָר מער ניט בלייבען שטיל און מוז נעמען אַ שטעלונג אין דעם קריזיס. דעם 8־טען יאַנואַר, 1914, איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אַ רעזאָלוציע אונטערגעשריבען פון אַלע 15 מיטגלידער פון דער באָארד וואָס לויטעט ווי פאָלגט:

## ענדגילטיגע רעזאָלוציע

„אין אַנבאַטראַכט, אַז לויט די ענטשיידונג פון דער באָארד אָוו אַרביטריישאָן פון 14טען פעברואַרי 1914, איז די אינטערנעישאָנאַל געמאַכט געוואָרען דער גאַראַנטאָר פאַר דער דזשאָינט באָארד און איר פאַרהאַנדלונג מיט די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן אונטער דעם פּראָטאָקאָל און אין אַנבאַטראַכט אַז דער יעצטיגער טשיף קלוירק וועלכער פון דעם ערשטען טאָג וואָס ער האָט זיך אונטערגעשריבען אָנצונעמען די גאַראַנטי, האָט ער אָנגעפירט אַ סיסטעמאַטישע אַטאַקע אויף די אינטערנאַציאָנאַלע באַאַמטע און האָט זיי באַשולדיגט אין דער פּרעסע אַלס ׳אַגענטען פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן׳ . . . און אין אַנבאַטראַכט אַז זיינע פּאָליסיס און מעטאָדען זיינען גרינדליך געגענגעזעצט פון די פּאָליסי וועלכע די באַאַמטע פון דער אינטערנעישאָנאַל האָבען ביז יעצט פאָרטגעזעצט, און אַז עס איז די פעסטע איבערצייגונג פון די מעמבערס פון דער דזשענעראַל עקזקוטיוו באָארד אַז די מטאָדען וועלכע דר. הורוויטש געברויכט

זיינען זעהר שעדליך פאַר די אינטערעסען פון די מעמבערס פון אונזער אָרגאַניזאַציע, דאַרום זיי עס באַשלאָסען דאָס די דזשאָינט באָארד זאָל ווערען אינפאָרמירט דאָס אונטער די קלוירקשיפ פון דר. הורוויטש קען די אינטערניישאָנאַל לעגגער ניט פאַרבלייבען דער גאַראַנטאָר פאַר׳ן פּראָטאָקאָל״.

דער עפעקט פון פאַרעפענטליכען די רעזאָלוציע פון דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד האָט געהאַט, ווי מען גיסט אויל אויף פייער. דער „מאָרגען זשורנאַל״, די „וואַרהייט״ און „די פרייע אַרבייטער שטימע״ האָבען געטרייט איבערצושטייגען איינע די אַנדערע אין פאַרדאַמען די אינטערנאַציאָנאַלע באַאמטע אַלס פאַררעטער פון די אַרבייטער און האָבען געמאַכט יד אחת מיט די באַלעבאַטים.

אויף דער אידישער גאַס איז געוואָרען לוסטיג און לעבעדיג.

איצט, ווען דער טרייד יוניאָניזם איז שוין „אַריין אין בלוט״, אַזוי צו זאָגען, פון די אַרבייטער מאַסען, קען שוין עטוואָס ענלאַכעס ניט פּאַסירען. אָבער דאַן, ווען די אידייע פון יוניאָניזם איז נאָך געווען פריש, האָט יעדער „וואָס האָט געהאַט גאָט אין האַרצען״, זיך געקענט ערלויבען צו באַשולדיגען די גאַנצע עקזעקוטיווע פון אַן אינטערנעשאָנאַל יוניאָן אַז זי האָט „פאַרראַטען״, זיך „פאַרקויפט״ צום שונא פון די אַרבייטער.

ווען די סומאַטאָכע האָט דערגרייכט איר העכסטע שטופע, טרעף איך צופעליג לואי מילער, דעם רעדאַקטאָר פון דער „וואַרהייט״ און פרעג אים אויב ער דענקט אַז מענשען האָבען אַ רעכט זיך צו ענטזאגען צו האַנדלען מיט אַ פערזאָן וואָס האַלט זיי שטענדיג אין אַטאַקירען און באַליידיגען, מעגען זיי זיין אפילו באַלעבאַטים? „אַה, ווי קינדיש איר רעדט״, ענטפערט ער מיר גוטמוטיג, און גיט מיר אַ קלאַפּ אין פּלייצע. „קאָם וויטה אָס, דזשוין אָס״ אין אונזער געשריי געגען דער אַסאָסיאיישאָן. די קלאָוקמאַכער וועלען דאָך דאַן אייך טראָגען אויף די הענט, ווי אַלע וויסען, אַז איר זייט אַזוי עהרלאַך און ערענסט ווי אירגענד וועלכער אַנדערער פון זיי. און וועגען אינטעליגענץ איז דאָך שוין אָפּגערעדט.״

„ניין, איך קען עס ניט טאָן״, האָב איך אים געענטפערט, „איך בין ניט קיין קאמעדיאַנט, קיין אַקטיאָר. איך און מיינע איבעריגע מיטאַרבייטער זיינען איבערצייגט, אַז דר. הורוויטש׳עס טאַקטיק, זיינע מעטאָדען זיינען שעדלאַך פאַר דער יוניאָן, פאַר די אַרבייטער אין טרייד און פאַר דער קלאָוק אינדוסטריע. נאָך אַלעמען, פאַר מיר פערזענליך שטייט מיין געוויסען, מיין זעלבסטאַכטונג, העכער ווי אַלע פּרינציפּען און אידעאַלען.״

שטורעם אין יוניאָן־אָפּיסעם

מילער איז געבליבען שטיין און האָט מיך אָנגעקוקט אַ רעכטע צייט. „שייק הענדס,״ זאָגט ער צו מיר, און דריקט וואַרעם מיין האַנט. „צום ערשטען מאָל הער איך פון אונזערען אַ מענשען ער זאָל באַנוצען אַזעלכע אויסדריקען ווי ׳סעלפרעספּעקט׳, אונזערע גלות אידען פעלט אינגאַנצען דער דאָזיגער געפיהל. גוד ביי,״ און ער גייט אַוועק. דערפאַר טאַקי איז ער אַרויס אויף מאָרגען אויפן פראָנט פּיידזש מיט אַ גוואַלדיגען גרויסען קעפּל:

„קלאָוקמאַכער יוניאָן פאַרראַטען צו די באָסעס!״

טראָץ די שטענדיגע אויפרופען פון „פאָרווערטס״ צו די מאַסען זיך צו פאַרהאַנדלען רוהיג און לאָזען אַז די טראָבעל אין דער יוניאָן זאָל געשליכטעט ווערען אויף אַ געזעצליך אָנשטענדיגען וועג, האָבען אָבער די ווילדע באַשולדיגונגען אויף די אינטערנאַציאָנאַלע באַאמטע זייטענס די אידישע פרעסע, וועלכע האָבען אויסגענוצט די סומאַטאָכע צו פאַרגרעסערען זייער צירקולאַציע, איז די מאַסע ענדליך איבערגעגאַנגען פון ראַט צו טאַט.

דינסטאָג, דעם 20טען יאַנואַר, זיינען פאָרגעקומען געשלעגען אין די פאַרשידענע אָפּיסעס פון דער יוניאָן, וואו מען האָט צובראָכען שויבען און פאָרניטשור. אויף מאָרגען איז ערשינען אַן ערקלערונג אין דער פרעסע פון דר. הורוויטש אין וועלכען ער צייגט אָן, לויט זיין מיינונג, די אורזאַכען וואָס האָבען באַוועגט די מאַסען צו באַפאַלען די אָפּיסעס און עס טרייען צו צעשטערען. ער ענדיגט דאָס מיט דעם פאָלגענדען אויפרוף:

„ברידער! מיט ברעכען די שויבען קענט איר גאָר ניט אויספירען. מען וועט אַריינשטעלען נייע שויבען און הינטער די נייע שויבען וועלען בלייבען די אַלטע באַאמטע מיט וועלכע איר זייט אומצופרידען.״

ווען איך זיץ אין אָפּיס און מיך וואונדערט אויב הורוויטש פאַרשטייט ניט אַז זיין ערקלערונג איז אַ דירעקטער אויפרוף צו פּאָגראָמען, הער איך ווי די טיר פון דזשענעראַל אָפּיס עפענט זיך מיט אַ בראַזג אַזש די ווענט האָבען געציטערט. אַ מאַסע מענשען לאָזט זיך אַריין מיט ווילדע געשרייען: „גיט אים אַהער, דעם פאַררעטער, וואַרפט אים אַרויס פון דער ווינדאָו! אַוט אָוו די ווינדאָו מוז ער פליהען!״ יעדער איינער האָט געטרייט איבערצושרייען דעם צווייטען.

עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז מאַסען קלאָוקמאַכער האָבען באַלאַגערט 32 יוניאָן סקווער, וואו דער דזשענעראַל אָפּיס פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט זיך געפונען אויפן צענטען פלאָר. אָבער די עלעווייטאָר־מען וועלכע האָבען דערזען די אויפגערעגטע מאַסע פון אומבאַקאַנטע מענ־

שען, האָבען זיי ניט אַריינגעלאָזען אין זייערע קאַרס. אָבער חברה האָט זיך אַן עצה געגעבען. אַ צאָל פון זיי האָבען זיך ניט געפוילט און זיינען אַרויף די צען שטיגען צופוס. די מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין קאונסיל רום מיט געשרייען: „גיט אים אַהער, דעם פאַררעטער!”

דער אַריינגאַנג אין דזשענעראַל אָפיס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסען צימער. לינקס איז דער צימער געווען אָפּגעצאַמט און צוטיילט אין דריי באַזונדערע צימערען. פאַר'ן פרעזידענט, דעם דזשענעראַל סעקרעטאַר און דעם ניו יאָרקער אָרגאַנייזער. אויף די טירען פון די דריי צימערען זיינען קיין אויפשריפטען ניט געווען. רעכטס איז געווען דער קאונסיל רום און פון קאונסיל רום איז געווען אַ טיר, וואָס האָט געפירט צו אַ צימער אין וועלכען עס האָט זיך געפונען דער אַרכיוו פון דער אינטערנעשאָנאַל און די רעדאַקציע פון דעם אָפיציעלען אָרגאַן— „דהי לײדיס גאַרמענט וואָרקער”. פאַר אומבאַקאַנטע מענשען איז ניט געווען לייכט אויסצוגעפינען וואו און ווער עס געפינען זיך אין די פאַרשידענע צימערען.

**קלאָוקמאַכער זעהען זיך אַרום**

איך ווייס ניט אויב איך קען איבערגעבען דאָס וואָס איך האָב דאַן געפיהלט, וואָס איך האָט איבערגעלעבט. איך האָב געפיהלט אַזוי ווי מיין גאַנצער קערפער איז פאַרהאַרטעוועט, פאַרגליווערט געוואָרען. אַלעס טוט זיך ביי מיר מעכאַניש, אויטאָמאַטיש, איך בין ניט ביי מיין ווילען, אָבער יעמאנד וואָלט אין מיר געזעסען און באַוועגט מיינע גלידער. ניט איך רייד, נאָר יעמאנד אינסייד טוט עס פאַר מיר. איך האָב פאַרמאַכט מיין דעסק, האָב געעפענט די טיר, האַסטיג האָבען זיך ביי מיר באַוועגט די פיס, איך בין אַריין אין גרויסען קאונסיל רום, אָדער ווי עמיצער וואָלט מיך דאָרט אַריינגעשטופט און האָט מיך דורכגעשפּאַרט צווישען די געדיכטע מאַסע וואָס איז געשטאַנען אַרום דעם לאַנגען טיש. „איר זייט דאָ דרייסיג, פערציג אייערע, איך בין דאָ אַליין. די ווינדאָו איז אָפען (איך ווייס ניט צו יעמאנד פון דער מאַסע האָט עס אבזיכטליך געעפענט אום איך זאָל פון דאָרט „דורכפליהען”) און איינס צוויי און איך ליג אויפ'ן סיידוואָק. אָבער איידער איר וואַרפט מיר אַרונטער, פאַרלאַנג איך אַז איר זאָלט מיר געבען די געלעגענהייט צו ריידען צו אייך אַ פאָר ווערטער. איבעראַל, ווען יעמאַנד ווערט פאַראורטיילט צום טויט, פרעגט מען אים וואָס ער האָט צו זאָגען . . . ”

„דער מאַן האָט רעכט”, האָט זיך אָפּגערופען איינער, וועלכער איז געשטאַנען לעבען מיר.

איך געדענק ניט קיין איינציגען וואָרט פון דאָס וואָס איך האָב צו זיי גערעדט. ווי אויך ניט ווי לאַנג מיין רעדע האָט געדויערט. איך געדענק בלויז מיינע לעצטע פאָר ווערטער: „דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב אייך צו זאָגען. יעצט טוט ווי איר פאַרשטייט”.

די צייט וואָס איך האָב גערעדט איז יעדער פון זיי געשטאַנען רוהיג און האָט זיך אַ ריר ניט געטאָן.

דער מאַן וואָס איז געשטאַנען געגענאיבער מיר, אויפ'ן אַנדערען זייט טיש, האָט מיט'ן האַנט געגעבען אַ פּאַטש אין טיש: ”ברודער דייטש, גאָט איז מיט אייך! מיר לינטשערס?! מיר זיינען טאַטעס פון קינדער, מיר זיינען ניט קיין מערדער!” ער קערט זיך אום און רופט אויס צו די איבעריגע: „דער וואָס וועט אַרויפלייגען אַ האַנט אויף ברודער דייטש, רעד וועט ווערען אַ גע'הרג'עטער אויפ'ן אָרט!”

„דער ברודער האָט רעכט”, האָבען זיך אייניגע אָפּגערופען, און אַזוי זיינען מיינע „וואודבי לינטשערס” געוואָרען מיינע פאַרטיידיגער.

די ענדע פון דער גוואַלדיגער „הורוויטש אַפערע” איז געווען, אַז די קלאָוקמאַכער האָבען זיך מיישב געווען אַז עס לוינט זיך זיי בעסער צו פאַרבלייבען „שקלאַפען פון פּראָטאָקאָל” און האָבען געלאָזט אַוועקגיין דעם קעמפער געגען זייער „שקלאַפעריי”.

# דער אויפשטאַנד פון די שניידער

## רעוואָלט געגען די גאַרמענט וואָרקערס און געבורט פון אַמאַלגאַמייטעד

פון ב. לעוויטין

מאַסע און פירער

אין זומער פון יאָר 1907, האָט די יונייטעד בראָדערהוד אָוו טיילאָרס גערופען אַ דזשענעראַל סטרייק פון אַלע שניידער אין ניו יאָרק*. דאָס מאָל איז דער בראָדערהוד געלונגען אַרונטער־צונעמען ניט נאָר די שניידער פון די קאָנטראַקטינג שעפּער, נאָר אויך די אַרבייטער פון פיר גרויסע „לייבעל שעפּער". די פירער פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס האָבען אַרויס־געגעבען אַ וואָרנונג, אַז אויב די לייבעל שעפּער אַרבייטער וועלען זיך ניט צוריקקערען צו דער אַרבייט אין 48 שטונדען צייט, וועלען זיי אויסגעשלאָסען ווערען פון דער יוניאָן, און פאַר־לירען זייערע פּלעצער. די מערסטע אַרבייטער זיינען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט. די אַלטע בראָדערהוד איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דעם שניידער פאַרבאַנד, און די יונאַיטעד גאַרמענט וואָירקערס האָט געגרינדעט אַ נייע, אַן אייגענע בראָדערהוד אָוו טיילאָרס. די אויס־געשלאָסענע בראָדערהוד איז אָבער אָנגעגאַנגען מיט איר טעטיגקייט. שפּעטער איז די בראָ־דערהוד צוריק אַריין אין דער יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס.

אָט מיט דעם קליינעם פאַקט פון דעם לעבען פון אַן אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגעהויבען אויסוועבען אַ גרויס קאַפּיטעל געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס האָט געמיינט, אַז נאָכדעם ווי זי האָט צוריק אַריינגע־נומען די אויסגעשלאָסענע בראָדערהוד אָוו טיילאָרס וועלען די שניידער שוין מער ניט האָ־בען קיין טענות. עס האָט זיך געהאַנדעלט הויפּטזעכליך וועגען קריגען אָרגאַנייזערס צו אָרגאַניזירען די אינדוסטריע. אין די יאָרען 1908 און 1909 איז געווען אַן עקאָנאָמישע אויפ־לעבונג נאָך דעם קריזיס פון 1907. עס איז געוואָרען „ביזי" ביי שניידעריי. האָבען די פירער פון די ניו יאָרקער שניידער ווידער אָנגעפאַנגען פאָדערען פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס ערנסט צו באַטראַכטען די פראַגע פון אָרגאַניזירען די אַרבייטער. זיי האָבען אָבער קיין צופרידענשטעלענדען ענטפער ניט געקראָגען. די פירער פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס האָבען ערקלערט, אַז זיי גיבען שוין אויך אויס צו פיל געלט אויף אָר־גאַניזאַציאָנס אַרבייט צווישען די שניידער, און זיי וועלען ניט מאַכען קיין נייע הוצאות אויף אָרגאַנייזערס. די אומצופרידענהייט מיט דעם נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד איז געוואַקסען.

דאַן איז געקומען דער דזשענעראַל סטרייק פון שניידער אין שיקאַגאָ, אין יאָר 1910, דער סטרייק וואָס האָט געפירט צום ערשטען אַגרימענט מיט דער פירמע האַרט שעפנער ענד מאַרקס. די פירער פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס זיינען פון אָנפאַנג אָן געווען געגען דעם סטרייק. ווי זיי זיינען איבערהויפּט געווען געגען אַגרעסיווע אַרויסטרעטונגען. דער סטרייק איז ניט גע־רופען געוואָרען. ער האָט בוכשטעבליך אויסגעבראָכען צוליב די אונערטרעגליכע אַרבייטס־באַדינגונגען. די גאַרמענט וואָירקערס באַאַמטע האָבען געמאַכט אַלערליי שטערונגען. זיי האָבען אַפילו ערלויבט זייערע ניו יאָרקער יוניאָן שעפּער צו מאַכען די שיקאַגאָר סטרייק אַרבייט. זיי זיינען דאַן שטאַרק פאַרדאַמט געוואָרען פון די פירער פון דער שיקאַגאָ פעדעריי־שאָן אָוו לייבאָר. די דאָזיגע האַנדלונג פון די גאַרמענט וואָירקערס באַאַמטע האָט אַרויסגע־רופען גוואַלדיגע פאַרביטערונג אין ניו יאָרק.

זינט יענעם סטרייק האָט מען אָנגעהויבען הערען פון סידני הילמאַן.

אין דעם זעלבען יאָר 1910, איז פאָרגעקומען נאָך אַ וויכטיגע פּאַסירונג, וואָס האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די שניידער אין ניו יאָרק. דאָס איז געווען דער דזשענעראַל סטרייק פון די קלאָוקמאַכער. דער אינטערעס אין אָרגאַניזירען די שניידער איז געוואָרען אימער גרעסער. אויב די קלאָוקמאַכער קאָנען זיך אָרגאַניזירען, טאָ וואַרום אויך ניט די שניידער ?

אין פאַרלויף פון יאָר 1912, איז אָנגעפירט געוואָרען אַ פיבערהאַפטע טעטיגקייט צווישען די שניידער איבער׳ן גאַנצען לאַנד. די הויפּט אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט איז אָבער געווען אין

---

* דער אַרטיקעל איז אַ טייל פון אַ גרעסערער אַרבייט פון דעם מחבר.

ניו יאָרק. אַרום נאָוועמבער 1912, זיינען שוין טויזנטער שניידער געווען אַנגעשלאָסן אָן דער בראָדערהוד. די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט איז אָנגעפירט געוואָרן פון מאַקס פיין, אין פאַרשידענע צייטונגען, דער סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן.

## אַרבייטער שטראָמען אין דער יוניאָן

אָנפאַנג דעצעמבער האָבן די שניידער אָנגעהויבן שטראָמען אין דער יוניאָן מאַסנ־ווייז. שניידער זיינען געשטאַנען שטונדן לאַנג אין דער שורה צו ווערן מיטגלידער און צו קריגן יוניאָן ביכלאַך. די סצענעס אַרום די יוניאָן אָפיסעס האָבן געצויגן די אויפמערק־זאַמקייט ניט נאָר פון די אידישע, נאָר אויך פון די ענגלישע צייטונגען. די שניידער זיינען פלוצלונג אַרויף אויף דער ערשטער זייט פון די צייטונגען. דער עולם האָט זיך פאַראינטע־רעסירט מיט דער מערקווירדיקער אויפלעבונג צווישן די שניידער.

מיטוואָך, דעם 11טען דעצעמבער, זיינען פאָרגעקומען 21 פאַרזאַמלונגען אויף וועלכע עס זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן די פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים. אַלע 21 האָלס זיינען געווען איבערגעפאַקט.

עס איז געקומען צו אַ ריזיגן סטרייק, צום גרעסטן און שווערסטן קאַמף אין דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג.

שבת, דעם ערשטען מאַרטש, 1913, האָט דער „פאָרווערטס” געבראַכט דעם סענסאַציאָ־נעלען באַריכט, אונטער אַ קאָפּ איבער דער גאַנצער ברייט פון דער ערשטער זייט, אַז דער גרויסער שניידער סטרייק איז געסעטעלט. די נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט מיט דער שנעל־קייט פון אַ בליץ. אָבער אַנשטאָט די נייעס זאָל אַרויסרופן פרייד און באַגייסטערונג צווי־שען די שניידער האָט עס גאָר פאַראורזאַכט אַ שטורעם פון צאָרן און אויפרעגונג.

דעם סעטעלמענט האָבן געמאַכט די הויפט באַאַמטע פון די יונייטעד גאַרמענט וואָיר־קערס, פּרעזידענט ריקערט און סעקרעטאַר לאַרדזשער. זיי האָבן זיך מיט קיינעם וועגן דעם ניט באַראַטן און ניט אָנגעפרעגט ביי דער סטרייק־קאָמיטע. זיי האָבן געמיינט, אַז די שניידער, שוין אויסגעמאַטערט פון דעם סטרייק, וועלן זיך אָנכאַפּן אָן דעם סעטעלמענט. זייער אַרגומענט איז טאַקע געווען אַז די שניידער זיינען אויסגעהונגערט און אַז זיי ווילן לייַנגער דעם סטרייק ניט אָנהאַלטן. דעריבער האָבן זיי געמאַכט וואָס פאַר אַ סעטעלמענט זיי האָבן געקאָנט.

די אַרבייטער האָבן געשטורעמט געגען דעם סעטעלמענט. זיי האָבן הויפטזעכליך גע־צאָרנט געגען דער פיר־און־פופציק שטונדיגער אַרבייטס־וואָך, אויף וואָס די פירער פון די גאַרמענט וואָירקערס זיינען איינגעגאַנגען. די בראָדערהוד אָוו טיילאָרס האָט צוזאַמענגערופן אַ קאָנפערענץ פון אַרבייטער באַוועגונג פאָרשטעהער צו באַטראַכטן די ניי־געשאַפענע לאַגע. אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען אָנוועזנד פאָרשטייער פון די פאַראייניקטע אידישע גע־ווערקשאַפטן, „פאָרווערטס”, אַרבייטער רינג און דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטע פון 25 צו העלפן ווייטער אָנפירן דעם סטרייק. די 25גער קאָמיטע האָט אויסגעקליבן אַ ספּעציעלען פינפער קאָמיטע צו פירן פאַרהאַנדלונגען פאַר אַ בעסערן סעטעלמענט. די פינפער קאָמיטע איז באַשטאַנען פון: י. א. דייטש, סעק־רעטאַר פון דער אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן; מאיר לאָנדאָן, דזשיי־קאָב פּענקין, פיאָרעלאָ לאַגוואַרדיאַ, דער איצטיגער מעיאָר פון ניו יאָרק, און ד. אַשינסקי, פון דער בראָדערהוד אָוו טיילאָרס.

עס איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטע פון זיבען מיט ב. פייגענבוים אַלס טרעזשורער, צו זאַמלען שטיצע פאַר די סטרייקערס.

## שטורעם נעגען סטרייק־סעטלעמענט

דעם סעטעלמענט וואָס ריקערט האָט געמאַכט איז געווען בלויז מיט דער אַלפרעד בענ־דזשאַמין אַסאָסיאיישאָן. די דאָזיגע אַסאָסיאיישאָן איז באַשטאַנען פון אַריסטאָקראַטישע מאַנופאַקטשורערס, מייסטענס דייטשע יהודים, און זי האָט ניט געוואָלט סעטלען דעם סטרייק מיט די „גרינע” אימיגראַנטען, און דערצו נאָך סאָציאַליסטען. אָבער דער שטורם וואָס ריי־קערט׳ס סעטעלמענט האָט פאַראורזאַכט, האָט איבערצייגט די אַריסטאָקראַטישע קליידער פאַבריקאַנטען, אַז אויב זיי וועלן ניט סעטלען מיט דער אַלגעמיינער סטרייק קאָמיטע, וועלן זיי קיין אַרבייטער ניט האָבן.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן נייע פאַרהאַנדלונגען. מאיר לאָנדאָן איז געווען דער פאַרמיט־לער. דעם 10טען מאַרטש איז אויסגעאַרבייט געוואָרן אַ נייער סעטעלמענט פּלאַן, לויט וועלכן די שניידער האָבן זיך געדאַרפט גלייך צוריקקערען צו דער אַרבייט אָן וועלכע עס איז דיסקרימינאַציעס, און אַרבייטען 53 שטונדען אַ וואָך ביז ענדע יאָר. פון דעם ערשטען יאַנואַר, 1914, און ווייטער זאָל די אַרבייטס וואָך באַשטיין פון 52 שטונדען. די קאָטערס האָט מען פאַרגעשלאָגן 50 שטונדען ביז ענדע יאָר, און 48 שטונדען פון דעם ערשטען יאַנואַר און ווייטער. אין דעם נייעם פאָרשלאַג איז שוין געווען איינגעשלאָסן אַ פּונקט וועגן אָנער־קענונג פון דער יוניאָן, וואָס איז אין דעם ריקערט סעטעלמענט ניט געווען.

אַ קאָמיטע פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען אין דער סאָציאַליסטישער און אַרבייטער באַוועגונג האָט רעקאָמענדירט צו די שניידער אַז זיי זאָלען אָננעמען דעם סעטעלמענט. די קאָמיטע איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע פּערזאָנען:

## אַרבייטער־באַוועגונג ווירקט

יצחק אייזיק הורוויטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע פון מעדיאיישאָן און ארביטריישאָן קלאָוק און סקוירט מייקער יוניאָן; מאָריס ווינטשעווסקע, סעקרעטער־טרעזשורער לײדיס ווייסט און דרעס מייקערס יוניאָן; ס. פּאָליאַקאָוו, 1טער וויס־פּרעזידענט אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן; דזשייקאָב פּענקין, לאָיער פאַר די בראָדערהוד אָוו טיילאָרס; וויליאַם קאַרלין, סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, ברענטש 2; ראָוז בליינק, ווימענס טרייד יוניאָן ליעג; ב. ווײנשטיין, סעקרעטער פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען; פ. ה. לאַגוואַרדיאַ, פאַרטרעטער פון די איטאַליענישע אַרבייטער; אויגוסט בעלאַנקא, אָרגאַנייזער פון די איטאַליענישע אַרבייטער; דזש. וואולף, דיסטריקט מענעדזשער קלאָוק מייקערס יוניאָן; דזשאָרדזש ווישניאַק, דיסטריקט מענעדזשער קלאָוק מייקערס יוניאָן; מ. צוקערמאַן, ה. הינדער, קעפּ מייקערס יוניאָן; סאָול מעטץ, נעקווער מייקערס יוניאָן; י. סודאַקאָוו, אַרבייטער רינג ברענטשער; וואקיה קודזשעווסקי, פאָרשטייער פון רד פּוילישע אַרבייטער; אב. באַראָן, בעקערס יוניאָן.

דורך דעם סטרייק פון 1913, איז די לאַגע פון די שניידער באַדייטענד פאַרבעסערט געוואָרען, די מערסטע שניידער האָבען באַקומען לוין העכערונגען פון פיר און זעקס דאָלאַר אַ וואָך, אַ קליינע צאָל האָבען זאָגאַר פאַרגרעסערט זייערע פאַרדינסטען מיט צען דאָלאַר אַ וואָך, פון 18 אויף 28 דאָלאַר. זיי האָבען געוואונען אָנערקענונג פון דער יוניאָן, וואָס איז געווען דער גרעסטער געווינס פון דעם סטרייק.

דער סטרייק האָט אָבער נאָך מער אָנגעשטרענגט די באַציהונגען צווישען דער בראָדערהוד אָוו טיילאָרס, וועלכע איז נאָכ׳ן סטרייק געוואָרען די פירערין פון די אָרגאַניזירטע שניידער אין ניו יאָרק, און דער פירערשאַפט פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס.

## גוטע קעמפער און גוטע יוניאָן־לייט

דער סטרייק האָט געוויזען ווי פאַלש עס איז געווען די שטענדיגע טענה פון די גאַרמענט וואָירקערס, אַז מען קען ניט אָרגאַניזירען די שניידער. עס איז געוואָרען קלאָר, אַז ניט נאָר קאָנען זיי זיין גוטע קעמפער אין צייט פון אַ סטרייק, נאָר אויך גוטע יוניאָן לייט נאָכ׳ן סטרייק. נאָך דעם סטרייק פון 1913, זיינען די שניידער ניט אַוועק פון דער יוניאָן, ווי דאָס האָט פּאַסירט נאָך פריהערדיגע סטרייקס; זיי זיינען פאַרבליבען אין דער יוניאָן. די נעקסטע גרויסע אויפגאַבע איז געווען צו באַפעסטיגען די נייע יוניאָן אין ניו יאָרק, און אָרגאַניזירען די שניידער אין גאַנצען לאַנד.

באַלד נאָכ׳ן סטרייק האָט די בראָדערהוד באַשלאָסען צו פאַראייניגען אַלע 13 רעקמאַכער לאָקאַלס פון גרייטער ניו יאָרק אין אַ צענטראַליזירטען דזשאָינט באָארד. עס איז געווען נויטיג צו האָבען אַלס הויפּט באַאַמטען איינעם צו וועמען די אַרבייטער האָבען צוטרוי. די בראָדערהוד האָט געשיקט אַ קאָמיטע צו יוסף שלאָסבערג׳ן אים איינצולאַדען אָנצונעמען דעם אַמט פון סעקרעטאר פון דעם געפּלאַנטען דזשאָינט באָארד. שלאָסבערג האָט דעם אַמט ניט געוואָלט אָננעמען, אויס מורא, אַז צוליב די פּראַקציאָנעלע מחלוקות אין דער אַרבייטער באַוועגונג, וועט זיין ס. ל. פּ. טעטיגקייט זיין אַ שטערונג אין דער אַרבייט אויפצובויען און באַפעסטיגען די יוניאָן, אויב ער זאָל אָננעמען אַן אָפיציעלען אַמט. ער האָט אָבער איינגעוויליגט צו אַרבייטען, אָן לוין, צוזאַמען מיט אַנדערע פרייוויליגע טוער אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

די באַאַמטע פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס זיינען געווען אַזוי נערוועז, אַז אין יעדער טאַט פון די אָרגאַניזירטע שניידער האָבען זיי געזען קאַמף געגען דעם „דזשענעראַל אָפיס“. אַזוי איז עס געווען מיט דעם דזשענעראַל סטרייק, און אַזוי איז עס אויך געווען מיט דער גרינדונג פון דעם ראָקמאַכער דזשאָינט באַארד. אַלץ וואָס האָט דערפרייט די שניידער האָט געשראָקען די דזשענעראַל קאָמיטע.

עס האָט זיך גענומען דערנענטערען די צייט פון דער 18טער קאָנווענשאָן פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, דער 12טער אָקטאָבער, 1914. דער פּלאַץ, נעשוויל, טענעסי, און דער דאַטום, זיינען באַשטימט געוואָרען אויף דער 1912 קאָנווענשאָן אין אינדיאַנאָפּאָליס, אינדיאַנאַ. נעשוויל איז ניט געווען און איז אויך איצט ניט, קיין קליידער צענטער, און איז געווען ווייט פון דעם בעסטען אָרגאַניזירטען פּונקט, ניו יאָרק, און אויך פון אַנדערע קליידער צענטערס. דאָרטען איז בלויז געווען אַן אָרגאַניזירטע אָוועראָל פאַבריק. עס האָט זיך דערייבער ענטוויקעלט צווישען די אָרגאַניזירטע שניידער אַ באַוועגונג מיט דער פאָדערונג, אַז די קאָנווענשאָן זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין ראָטשעסטער, ניו יאָרק, וואָס איז אַ צענטראַלער פּונקט אין דער מענער באַקליידונגס־אינדוסטריע.

### קאַמף אַרום דער קאָנווענשאָן

לויט דער קאָנסטיטוציע פון די יונייטעד גאַרמענטס וואָירקערס מוז דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד איבערגעבען אַ פאַרשלאַג צו אַ רעפערענדום אָפּשטימונג פון די מיטגלידער ווען פינף לאָקאַל יוניאַנס פון פאַרשידענע פלעצער פאָדערן עס. אין איינקלאַנג מיט דעם פונקט פון דער קאָנסטיטוציע, האָט לאָקאַל 2, פון דער בראָדערהוד אָוו טיילאָרס פאָרגעלייגט אַ פאַרשלאַג צו ענדערן דעם קאָנווענשאָן פּלאַץ. דער פאַרשלאַג איז אונטערשטיצט געוואָרען פון דער נויטיגער צאָל לאָקאַלס, און איז דורך סעקרעטאַר לאַרדזשער, צוגעשיקט געוואָרען צום דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד. אָבער דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד האָט דעם פאַרשלאַג ניט פאָרגעלייגט פאַר אַ רעפערענדום אָפּשטימונג. די באָארד האָט זיך אַפילו ענטזאגט צוצולאָזען און אויסהערען אַ קאָמיטע פון לאָקאַל 2 וועגען דעם קאָנווענשאָן־פאַרשלאַג. די פירערשאַפט פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס האָט מורא געהאַט אָפּצוהאַלטען די קאָנווענשאָן אין אַ פּלאַץ, וואוהין שניידער דעלעגאַטען וואָלטען געקאָנט לייכטער קומען. זיי האָבען געהאָפט, אַז אין דער ווייטער שטאָט נעשוויל וועלען די שניידער ניט קאָנען שיקען קיין פולע פאַרטרעטערשאַפטען. אָבער די שניידער לאָקאַלס זיינען געווען ענטשלאָסען צו שיקען דעלעגאַטען, און פאַר דעם צוועק האָט איין לאָקאַל געהאָלפען דעם אַנדערען.

די לאַגע אין דער יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס איז געווען אַזאַ:

### אָוועראָל־מאַכער; יוניאָן־לעיבעלס

עס זיינען געווען לאָקאַלס פון שניידער, און לאָקאַלס פון אָוועראָלמאַכער. צווישען די צוויי גרופּעס אַרבייטער איז ניט געווען קיין שום קאָנטאַקט, כאָטש זיי האָבען געהערט צום זעלביגען פאַרבאַנד. די אָוועראָל מאַכער לאָקאַלס זיינען געוויינליך באַשטאַנען פון אַמעריקאַנער מיידלאַך, פאַר וועמען עס איז געווען לייכט אַנצורייידען אויף אימיגראַנטען, פרעמדע, אידען, איטאַליענער. די אָוועראָלס אַרבייטערינען זיינען געווען באַשעפטיגט אין אָווערפאַבריקען, וואָס האָבען פּראָדוצירט אָוועראָלס מיט יוניאַן לייבעלס. די קונדען פון די פאַבריקען — אָרגאַניזירטע קוילענגרעבער, סטאָליאַרעס, א. אַז. וו., — האָבען געפאָדערט דעם יוניאַן לייבעל אויף זייערע אַרבייטס־קליידער. דער יוניאַן לייבעל אָוועראָל פאַבריקאַנט האָט געצאָלט דער יוניאַן אַ גוטען פּרייז פאַר'ן לייבעל און האָט אויפגעפּאַסט, אַז זיינע אַרבייטערקעס זאָלען צאָלען בייטרעגע צו דער יוניאַן. דאָס האָט די אַרבייטער געמאַכט פאַר יוניאַן מיטגלידער, און דאָס איז געווען זייער גאַנצע באַציאונג צו דער יוניאַן. אָפטמאָל איז דער טשאַרטער פון דער לאָקאַל יוניאַן געהאַנגען ביים פאַבריקאַנט אין אָפיס. און אָפטמאָל האָט אויך די יוניאַן לעדזשער נומער געהערט צו דער מאַשין ניט צו דער מיידעל, וואָס האָט געאַרבייט ביי דער מאַשין. ווען איין מיידעל האָט דעם פּלאַץ פאַרלאָזען, אָדער פאַרלאָרען, האָט די נעקסטע מיידעל, וואָס האָט זיך געזעצט ביי דער מאַשין, געקראָגען די יוניאַן לעדזשער נומער. אַזוי האָט מען דאָמאָלסט אָפען גערעדט צווישען די שניידער. די שניידער האָבען געוואוסט, אַז אויף דער קאָנווענשאָן וועלען די אָוועראָל דעלעגאַטען זיין גרעסער אין צאָל ווי די שניידער דעלעגאַטען. זיי זיינען אָבער געווען ענטשלאָסען צו גיין צו דער קאָנווענשאָן בלויז צוליב דער שוואַכער האָפענונג צו האָבען אַ מעגליכקייט דאָרט אויפצוטרעטען און דערציילען דעם אמת. לאָזען די אָוועראָל דעלעגאַטען זען, אַז די שניידער זיינען אָן הערנער; אַז זיי זיינען מענשען ווי אַלע, ווי די אָוועראָל דעלעגאַטען אַליין.

און אַזוי ווי די שניידער זיינען געווען ענטשלאָסען צו גיין צו דער קאָנווענשאָן, זיינען די גענעראַל באַאַמטע געווען ענטשלאָסען זיי ניט צוצולאָזען.

אַ טעטיגען אַנטייל אין די שלום פאַרהאַנדלונגען האָט גענומען דזשייקאָב פּענקין, וועלכער איז געקומען קיין נעשוויל צו העלפען די שניידער. פּענקין האָט פערהאַנדעלט מיט די דזשענעראַל באַאַמטע און מיטגלידער פון דעם דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, אָבער אָן שום פּעולה.

יעדעס מאָל וואָס די פירער פון די שניידער דעלעגאַטען האָבען עטוואָס פאָרגעשלאָגען אין די אינטערעסען פון שלום, האָבען די דזשענעראַל באַאַמטע געפונען אַן אַנדער אויסרייד עס ניט אָנצונעמען. אין דער לעצטער צייט פאַר דער קאָנווענשאָן איז די אישו געוואָרען יוסף שלאָסבערג, דער סעקרעטאַר פון דעם דזשאָינט באָארד פון דער בראָדערהוד אָוו טיילאָרס, וואָס איז געווען איינער פון די ניו יאָרקער דעלעגאַטען. די טענה געגען שלאָסבערג'ן איז געווען אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער און אַ טעטיגער סאָציאַליסט. שלאָסבערג האָט אָנגעבאָטען זיך צוריקצוציהען אַלס דעלעגאַט, און איבערהויפּט ניט גיין צו דער קאָנווענשאָן, אויב די באַאַמטע וועלען פאַרשפּרעכען צוצולאָזען אַלע אַנדערע דעלעגאַטען. אָבער די באַאַמטע האָבען אַזאַ פאַרשפּרעכען ניט געוואָלט געבען.

די קאָנווענשאָן האָט זיך געעפענט מאָנטאַג פרי, דעם 12טען אָקטאָבער, אין קאַפּיטאָל געביידע, אין נעשוויל. דער ערשטער טאָג פון דער קאָנווענשאָן איז אַריבער רוהיג, די קרעדענשעל קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט, אַז אַלע דעלעגאַטען פון די אָוועראָל לאָקאַלס, און אויך אַ קליינע צאָל שניידער דעלעגאַטען, פון שיקאַגאָ און באַלטימאָר, זאָלען צוגעלאָזט ווערען. וועגען די איבעריגע שניידער דעלעגאַטען, 110 אין צאָל, איז קיין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרען. ווען פראַנק ראָזענבלום, פון שיקאַגאָ, איינער פון די צוגעלאָזטע דעלעגאַטען, האָט

אָנגעפּרעגט צי דער רעפּאָרט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע איז פולשטענדיג, האָט פּרעזידענט ריקערט געענטפערט, אַז ניט. דערמיט האָט זיך געענדיגט די ערשטע זיצונג פון דער קאָנ־ווענשאָן.

**דער שטורעם אין נעשוויל.**

ווען די דעלעגאַטען זיינען געקומען צו דער צווייטער זיצונג, דינסטאָג פרי, האָט מען אין האָל אַריינגעלאָזען בלויז די דעלעגאַטען, וואָס זיינען צוגעלאָזען געוואָרען מיט אַ טאָג פריהער. די שניידער דעלעגאַטען האָט מען געשיקט אויף דער גאַלערי, וואָס איז געווען רע־זערווירט פאַר באַזוכער.

ווען די צווייטע זיצונג האָט זיך געעפענט, האָט פּרעזידענט ריקערט אַנאָנסירט די טאָג־אָרדנונג. פרענק ראָזענבלום האָט געמאַכט אַ „פּאָינט אָוו אָרדער", אַז אַזוי לאַנג ווי אַ סך דעלעגאַטען זיינען נאָך ניט צוגעלאָזען, קאָן זיך די קאָנווענשאָן געזעצליך ניט קאָנסטיטואירען, און דעריבער קען מען ניט אָנגיין מיט דעם טאָג־אָרדענונג. ריקערט האָט זיך ענטזאָגט אויפ־צונעמען ראָזענבלום׳ס „פּאָינט אָוו אָרדער". ראָזענבלום האָט אַפּעלירט געגען דער ענטשיי־דונג פון דעם פּרעזידענט. די פראַגע איז גענומען געוואָרען צום אָפּשטימען. אַ מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטען האָט געשטימט פאַר ראָזענבלום׳ס „פּאָינט אָוו אָרדער", אָבער ריקערט האָט זיך ענטזאָגט צו ציילען די שטימען פון די שניידער דעלעגאַטען, און ער האָט ערקלערט אַז ראָזענבלום׳ס אַפּיל איז דורכגעפאַלען. עס איז געוואָרען אַן אויפרעגונג.

די קליינע גרופּע פון צוגעלאָזענע שניידער דעלעגאַטען, האָט אויפגענומען דעם קאַמף.

**ס׳ווערן צוויי קאָנווענשאָנס**

דעלעגאַט פאַס, פון שיקאַגאָ, האָט דאַן פאָרגעשלאָגען, אַז אַזוי ווי אַ מינאָריטעט דעלע־גאַטען האָט פאַרכאַפּט דעם קאָנווענשאָן פלאָץ, זאָל די קאָנווענשאָן אַריבערגעפירט ווערען אין דאַנקאַן האָטעל, און דאָרטען פאָרטזעצען די זיצונגען. פאַס האָט פאָרגענומען די אָפּ־שטימונג, געציילט די שטימען, ערקלערט אַז דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען. אַלע שניידער דעלעגאַטען האָבען גלייך פאַרלאָזען דעם קעפּיטאָל בילדינג, זיינען אַוועק אין דאַנקאַן האָטעל, און האָבען אָפּגעהאַלטען די ווייטערדיגע זיצונגען, מיט היימאַן שנייד אַלס צייטווייליגען טשערמאַן און סעמיול סעקס אַלס צייטווייליגען סעקרעטאַר.

דאָרטען איז געוויילט געוואָרען אַ נייע אַדמיניסטראַציע, מיט סידני הילמאַן, פון לאָקאַל 39, שיקאַגאָ, אַלס פּרעזידענט, און יוסף שלאָסבערג, פון לאָקאַל 156, ניו יאָרק אַלס סעקרע־טאַר, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען אָפּצוהאַלטען די נעקסטע קאָנווענשאָן, אין 1916, אין ראָטשעסטער, ניו יאָרק.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט די היסטאָרישע נעשוויל קאָנווענשאָן. פון איר איז אויס־געוואַקסען אַ רעאָרגאַניזירטע אָרגאַניזאַציע פון גאַרמענט וואָירקערס, וועלכע איז אין אַ פּאָר חדשים אַרום פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דער אַמאַלגעמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע.

די קאָנווענשאָן אין קעפּיטאָל בילדינג איז אָנגעגאַנגען, און האָט ווידער ערוויילט די אַלטע באַאַמטע. צוויי חדשים לאַנג האָבען פונקציאָנירט צוויי יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס אַדמיניסטראַציעס: אַן אַלטע מיט ריקערט און לאַרדזשער אַלס גענעראַל באַאַמטע, און אַ נייע מיט הילמאַן און שלאָסבערג אַלס הויפּט באַאַמטע.

די פּאַסירונגען אין נעשוויל האָבען געמאַכט אַ רושם אין דער אַלגעמיינער אַרבייטער באַוועגונג און אַרויסגערופען גרויס באַגייסטערונג צווישען די שניידער. די נייע אַדמיניסטראַציע פון די גאַרמענט וואָירקערס, וואָס איז ערוויילט געוואָרען אויף דער קאָנווענשאָן אין דאַנקאַן האָטעל, איז פאַרפלייצט געוואָרען מיט באַגריסונגען פון אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס פון אַלע טיילען פון לאַנד.

ווען די שניידער דעלעגאַטען האָבען זיך צוריקגעקערט פון דער קאָנווענשאָן צו זייערע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, זיינען זיי איבעראַל אויפגענומען געוואָרען מיט ענטוזיאַזמוס.

די נייע אַדמיניסטראַציע האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט זיך אַרומצוקוקען ווען זי איז שוין געווען אין קאַמף. מיט אַ קורצער צייט פריער האָט די גרעסטע קליידער פירמע אין באַלטימאָר, הענרי סאָנענבאָרן עט קאָ., אויסגעשלאָסען אירע 3,000 אַרבייטער. די אויסגע־שלאָסענע אַרבייטער האָבען פאַרלאַנגט הילף פון דער קאָנווענשאָן אין דאַנקאַן האָטעל, נעש־וויל, און די קאָנווענשאָן האָט באַאויפטראַגט די באַאַמטע זיי צו העלפען. די נייע אַדמיניס־טראַציע האָט זיך גלייך אַריינגעוואָרפען אין דעם קאַמף. דער לאָק־אוט־סטרייק איז געווען אַ ביטערער און אַ פאַרצויגענער, הויפּטזעכליך צוליב דעם וואָס די אָרטיגע פירער פון דער ריקערט אָרגאַניזאַציע האָבען געזוכט צו ברעכען דעם סטרייק מיט דער הילף פון די קאַטערס, וואָס זיינען געבליבען מיט זיי. אַזוי איז ענטשטאַנען אַ קאַמף צווישען די קאַטערס און די שניידער. די אַלטע גאַרמענט וואָירקערס באַאַמטע האָבען אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט

מיט דער פירמע, און ערקלערט דעם סטרייק אַלס געענדיגט. אָבער די ענטריסטונג, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופען צווישען די סטרייקערס, האָט געשטאַרקט זייערע קאַמף־כחות. די פירמע האָט געמוזט אונטערשרייבען אַן אַגרימענט מיט דער נייער שניידער אָרגאַניזאַציע.

### הילמאַן און שלאָסבערג ביי א. פ. אָוו ל.

אין נאָוועמבער, 1914, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די יערליכע קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר אין פילאַדעלפיא. הילמאַן און שלאָסבערג האָבען פאַר־לאַנגט פון דער קאָנווענשאָן אַ געלעגענהייט פאָרצולייגען זייערע טענות, און בעטען די קאָנ־ווענשאָן צו האַנדלען אין דעם אָנגעלעגענהייט. זיי האָבען זיך פאַרפליכטעט אָנצונעמען דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן. אָבער די קאָנווענשאָן האָט זיך ענטזאָגט זיי אויסצוהערען. „רייט אָר ראָנג, דהעי מאָסט נאָט בי הוירד" האָט געשריען אָקאָנעל פון דער מאַשיניסטען יוניאָן — „גערעכט אָדער אומגערעכט, מען טאָר זיי ניט אויסהערען".

עס איז אויך אַרונטערגעשטימט געוואָרען אַ פאָרשלאַג פון דער דעלעגאַציע פון דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַשטימען אַ ספּעציעלע קאָמיטע צו אונטערזוכען דעם גאַנצען סכסוך אין די יונייטעד גאַרמענט וואָיר־קערס. די א. פ. אָוו ל. האָט ערקלערט אַ פאַרניכטונגס קריג דער נייער אָרגאַניזאַציע. פּרע־זידענט גאָמפּערס האָט באַלד אַרויסגעשיקט אַ צירקולאַר צו אַלע שניידער לאָקאַלס אויפ־פאָדערענדיג זיי צו אַנערקענען ריקערט׳ן און לאַרדזשער׳ן און צאָלען פער קאָפּיטא נאָר צו זיי. דער ענטפער פון די שניידער לאָקאַלס איז געווען, נעמענדיג אַלס מוסטער דעם בריף פון לאָקאַל 2 צו גאָמפּערס: „מיר אַנערקענען סידני הילמאַן אַלס גענעראַל פּרעזידענט און יוסף שלאָסבערג אַלס גענעראַל סעקרעטאַר פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס אָוו אַמעריקא. צו זיי וועלען מיר שיקען אונזער קאָרעספּאָנדענץ און צאָלען אונזערע דיוס."

באַלד נאָך דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן, האָבען די פאַרשידענע לאָקאַלע א. פ. אָוו ל. קערפּערשאַפטען גענומען אויסשליסען די שניידער לאָקאַלס.

### ערשטע טריט פון אַמאַל־גאַמעיטעד

דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמף אין די געריכטען. די אַלטע אַדמיניסטראַציע האָט געקראָגען אַן אינדזשאָנקשאָן, וואָס האָט פאַרבאָטען די נייע אַדמיניסטראַציע צו באַנוצען דעם נאָמען „יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס אָוו אַמעריקא". אַ נייער נאָמען האָט געמוזט אָנגענומען ווערען. דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד האָט דעריבער באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן אויף דעם 25־טען דעצעמבער, 1914. די קאָנווענשאָן איז אָפּגע־האַלטען געוואָרען אין וועבסטער האָל, ניו יאָרק. דאָרטען איז אָנגענומען געוואָרען דער נאָמען „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקא".

די נײ־געבאָרענע אַמאַלגאַמייטעד האָט ניט געהאַט קיין יוגענט פון רויזען און בלומען. דער וועג איז געווען פאַרוואָרפען מיט דערנער.

די ערשטע קאַמף־פּראָבע פאַר דער אַמאַלגאַמייטעד אין ניו יאָרק איז געקומען אין אָנהויב יאַנואַר, 1915. די קליידער פאַבריקאַנטען אויף דער איסט סייד האָבען אויסגעשלאָסען זייערע אַרבייטער, אַמאַלגאַמייטעד מיטגלידער, זיי געהייסען צוריקגיין צו די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס. עס זיינען געווען אינדזשאָנקשאָנס, אַרעסטען, תפיסה, אָבער נאָך אַ חודש ביטערען קאַמף האָבען די פאַבריקאַנטען אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער אַמאַלגאַמייטעד. דאָס איז געווען דער ערשטער נצחון פון דער יוניאָן אונטער איר נייעם נאָמען, און האָט די אַמאַלגאַמייטעד מיטגלידער געבראַכט פיל ערמוטיגונג.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען געהערט ניט צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, אָבער די מייסטע יוניאָנס וואָס זיינען אין די געווערקשאַפטען באַלאַנגען צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. די אידישע אַמאַלגאַמייטעד לאָקאַלס זיינען געווען פאַר־טראָטען אין די געווערקשאַפטען. די א. פ. אָוו ל. האָט זיך אונטערגענומען צו צווינגען די געווערקשאַפטען אויסצושליסען די אַמאַלגאַמייטעד דעלעגאַטען, סטראַשענדיג, אַז אויב זי וועט דאָס ניט טאָן, וועט די פעדערײשאָן צוריקציהען אַלע אירע יוניאָנס. גאָמפּערס אַליין איז געקומען צו אַ מיטינג פון די געווערקשאַפטען, און האָט אַוועקגעשטעלט די פאָדערונג. שיפּ־לאַקאָף, וועלכער איז דאַן געווען סעקרעטאַר פון די געווערקשאַפטען, האָט פאַרטיידיגט די אַמאַלגאַמייטעד. גאָמפּערס האָט אָבער ניט געהאַט קיין גערולד אויסצוהערען די פאַרטיידיגונג און איז אַוועק איידער דער מיטינג האָט זיך געענדיגט.

### געווערק־שאַפטען הילף

די אַמאַלגאַמעיטעד האָט אָפּגעשאַצט די לאַגע פון די געווערקשאַפטען, און כדי זי צו באַפרייען פון אַ פאַרלעגענהייט האָט די אַמאַלגאַמייטעד אָנגעבאָטען פרייוויליג אַרויסצוטרע־טען פון די געווערקשאַפטען. די שיידונג איז געווען בלויז אַ פאָרמעלע; אין דער ווירקליכקייט איז די געווערקשאַפטען אויך ווייטער פאַרבליבען אַן איבערגעבענער פריינד פון דער אַמאַל־גאַמייטעד. די אַמאַלגאַמייטעד דעלעגאַטען זיינען אַוועק, אָבער קיין גאַרמענט וואָירקערס דעלעגאַטען האָט די געווערקשאַפטען ניט צוגעלאָזען.

# דער אידישער אַרבייטער — אַ געטרייער זון פון זיין פאָלק

די ראָלע פון די יוניאָנס אין די נאַציאָנאַלע הילפס־באַוועגונגען

פון אַלעקסאַנדער קאַהן

1

אודאי איז אין די ערשטע יאָרען פון דער אידישער אימיגראַציע נאָך ניט געפירט געוואָרען קיין הילפס־טעטיגקייט פון די אַמעריקאַנער אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען פאַר זייערע ברידער אויף יענער זייט ים אין דעם זין אָדער פאַרנעם, ווי מיר זען זי היינט־צו־טאָג. וועגען אַזאַ מין הילפס־אַרבייט האָט קיינער אין יענער צייט אפילו ניט גע׳חלומ׳ט.

אין יענע יאָרען (סוף „אַכציגער" אָנהויב „ניינציגער") זיינען די אימיגראַנטען פון מזרח אייראָפּע נאָך געווען צו „גרין", און שטאַרק אָרים, און טאַקע אויך פאַרהאָרעוועט. דאָך איז שוין דעמאָלט פון אַמעריקע געפלאָסען געלט צו די אידען אין מזרח אייראָפּע. מיר האָבען ניט קיין ציפערען און אויך ניט קיין באַשרייבונגען אין צייטונגען וועגען אַט־דער דאָזיגער הילף; מיר האָבען, אָבער, לעבעדיגע עדות, וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען אין אַמעריקע, און זיי דערציילען זיך אָן נסים ונפלאות וועגען אַט־דער הילף. ב. וויינשטיין, דער ערשטער סעקרעטאַר פון די „פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען", איז אַהער געקומען אין אָנהויב פון די אַכציגער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט, און אַט וואָס ער דערציילט:

אַרבייטער־ אימיגראַנטען ראַטעווען קרובים

„יעדער איינציגער וואָס איז אַהער געקומען האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען בלויז מיט איין געדאַנק: ווי אַזוי אָפּצושפּאָרען אַ פּאָר דאָלאַר אויף אַריבערצוברענגען אַהער עפּעס משפּחה.

„מען האָט פאַרדינט זעהר ווינציג און מען האָט ווינציג געקענט שפּאָרען; וואַרטען ביז מען וועט צונויפקלייבען די עטליכע נויטיגע פּאָר דאָלאַר אויף שיקען אַ שיפס־קאַרטע צו אַ קרוב איז געווען זעהר שווער; איז מען אַוועק צו אַ פּעדלער און מען האָט ביי אים געבאָרגט אַ שיפס־קאַרטע אויף אויסצוצאָלען. ווי נאָר דער קרוב איז אַהער אַריבערגעקומען, און מען האָט אים איינגעאָרדענט און אויסגעצאָלט די ערשטע שיפסקאַרטע, האָט מען גענומען אַ צווייטע, אויך אויף אויסצוצאָלען, און מען האָט זי אַוועקגעשיקט צו אַנאַנדער קרוב. יעדער איינציגער האָט „גע־טרייט" אַרויסצונעמען אַ קרוב פון דעם גהינום"...

דערין האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט די הילפס־טעטיגקייט פון די אַמעריקאַנער אידישע מאַסען פאַר זייערע ברידער אויף יענער זייט ים, און כאָטש אַט־די הילף איז צום ערשטען געפלאָסען צו קרובים, צו מיטגלידער פון דער אייגענער משפּחה, זיינען שוין, אָבער, דעמאָלט אויך געווען אַ סך פאַלען פון אידישער הילף אויב ניט צו פרעמדע אידען פון פרעמדע שטעט, איז צו באַקאַנטע אידען פון דער אייגענער שטאָט.

אַזאַ הילף האָט שוין ניט געקענט קומען פון אָן איינציגען מענשען, ווייל דער איינציגער מענש האָט ניט פאַרמאָגט אַזוי פיל געלט, אַז ער זאָל אַליין קענען ביישטייערען אויף אַ שיפס־קאַרטע צו גלאַט אַ לאַנדסמאַן. אַזאַ הילף האָט שוין געמוזט קומען פון גרופּע לאַנדסלייט פון זעלביגען שטעטל. די לאַנדסלייט פון איין שטעטל האָבען זיך פאַראייניגט, כדי מיט געמיינזאַמע כחות אַרויסצוהעלפען אַ היימישען מענשען.

אַזעלכע געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען צו העלפען סתם אידען פון דער אייגענער שטאָט האָבען געפירט צו דער גרינדונג פון פילע פאַראיינען, וועלכע זיינען שוין פאַרבליבען אפילו נאָך דעם, ווי זיי האָבען דורכגעפירט די מיסיע, צוליב וועלכער זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען. דער אויבענדערמאָנטער גענאָסע, ב. וויינשטיין, דערציילט וועגען דעם ענין אויך דאָס פאָלגענדע:

ערשטע הילף אין נייעם לאַנד

„אַ חבר פון מיין שטאָט האָט זיך צו מיר געווענדעט, אַז מיר זאָלען אים אַרויסהעלפען און שיקען אים אַ שיפס־קאַרטע, האָבען מיר ספּעציעל געגרינדעט אַ סאָסייעטי כדי אים צו העלפען."

אויך דעמאָלט איז אין דער הילף געווען אַ סאָציאַלער מאָטיוו.

ווי געזאָגט, האָבען אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווייטער פונקציאָנירט צוליב געגענזייטיגער הילף און אויך טאַקע כדי אין אַ נויט צו העלפען אַ היימישען מענשען, וואָס איז אפילו ניט געווען קיין מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָבער די ערשטע צייט אין דער געשיכטע פון די מזרח אייראָפּייאישע אידען אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז באַרימט ניט אַזוי מיט דער הילף וואָס זיי האָבען דירעקט געלייסטעט צו זייערע ברידער אויף יענער זייט ים, ווי מיט זייער צוגרייטונגס־אַרבייט: זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט. זיי האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר די שפּעטערדיגע יוניאָנס, פּראָטעקטאָרדענס, שולען, מנינים און סתם פאַראיינען פון הילפס־אַרבייט. שפּעטער, ווען די נויט איז געקומען, און אַ רוף איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען צו די מזרח אייראָפּייאישע אידען אין אַמעריקע צו העלפען זייערע ברידער אויף יענער זייט ים, זיינען זיי שוין געווען אָרגאַניזירט און האָבען געקענט די הילף לייסטען אין אַ סך אַ ברייטערען מאַסשטאַב, ווי זיי וואָלטען געקענט געווען לייסטען אָהן דער ערשטער צוגרייטונגס־אַרבייט.

די גרויס פון דער הילף אויף שיפסקאַרטען, וואָס זיינען אין יענער צייט אַרויסגעשיקט געוואָרען צו קרובים און באַקאַנטע, קאָן מען אפילו זיך ניט משער זיין. איין זאַך איז זיכער: צענדליגער טויזענטער אידען זיינען אויף אַזאַ אופן געהאָלפען געוואָרען אַרויסצורייסען זיך פונם גהינום פון דער אַלטער וועלט. די הילף האָט זיכער באַטראָפען מיליאָנען.

.2

**דער קישינעווער פאָגראָם**

די ערשטע הילפס־טעטיגקייט פון די היגע אידען אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב פאַר זייערע ברידער אויף יענער זייט ים איז געקומען ערשט אין אָנפאַנג פון היינטיגען יאָרהונדערט, נעמליך אין 1903, נאָכן קישינעווער פּאָגראָם.

דער קישינעווער פאָגראָם האָט ווי אַ דונער געטראָפען דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער אידענטום. דער פאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבען דעם צוואַנציגסטען אַפּריל, 1903, אָבער ערשט דעם 24־טען אַפּריל האָבען די היגע צייטונגען אָפּגעדרוקט די ערשטע מעלדונג וועגען דעם שוידערליכען אומגליק. אין דעם זעלביגען טאָג האָבען די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער, די סאָציאַליסטען און די טרייד־יוניאָנס, זיך גענומען צו אָרגאַניזירען הילף פאַר די קרבנות פון דער שחיטה, ווי אויך אַ פּראָטעסט באַוועגונג געגען דער צאַרישער רעגירונג, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם אויף קישינעוו.

דער „פאָרווערטס" פון דעם 27־טען אַפּריל מעלדעט וועגען אַ „מאָנסטער דעמאָנסטראַציאָן" פון אידען אין ניו יאָרק, און ער שרייבט:

„היינט אָוועגט וועט אין 414 גרענד סטריט זיין אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע פאָרשריטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס וועלען זיך באַטייליגען אין דער פּראָטעסט־באַוועגונג, וועלכע מיר וועלען דאָ אָנפאַנגען. מיר פאָדערען אויף די באַאַמטע פון אַלע יוניאָנס, פאַראיינען און זאַגאַר לאָדזשען צו זיין היינט אָוועגט אין 414 גרענד סטריט. דאָרט וועלען מיר אָרגאַניזירען זיך פאַר דעם דאָפּעלטען צוועק, ערשטענס צו שטיצען די קרבנות פון קישינעוו און צווייטענס צו טאָן וואָס מיר קענען עס זאָל מער אין רוסלאַנד קיינע קרבנות ניט זיין."

אויף צוויי וועגען האָט זיך אַ לאָז געטאָן די הילף פון די היגע אידישע פאָלקס־מאַסען פאַר די קרבנות פון דער שחיטה אין קישינעוו: די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער — די סאָציאַליסטען און די טרייד־יוניאָנס האָבען זיך גרופּירט אַרום „פאָרווערטס", און באַשאַפען אַ מעכטיגע באַוועגונג, און אין דער זעלבער צייט געזאַמעלט און אַריבערגעשיקט, פאַר יענער צייט, באַדייטענדע סומען צו דעם „וואָסכאָד" אין פעטערסבורג פאַר די קישינעווער קרבנות. און די שולען און חברות פון דער איסט סייד, די אַזוי־גערופענע אָרטאָדאָקסישע אידען, האָבען זיך גרופּירט באַזונדער און אויך געשאַפען גרויסע מיטלען. זיי האָבען זייער הילפס־אַרבייט געטאָן זעלבסטשטענדיג. זיי האָבען זיך ניט אידענטיפיצירט מיט די אָרגאַניזירטע אַרבייטער.

אויך די רייכע אידען, די אַזוי גערופענע „יהודים", זיינען אויפגעבראַכט געוואָרען געגען דער שוידערליכער שחיטה, און זיי האָבען מיט אַ ברייטער האַנט געהאָלפען די פאָגראָם־קרבנות.

די גרויסע באַוועגונג פון די אָרימסטע אידישע מאַסען פון דער איסט סייד האָט פיל געהאָלפען די באַוועגונג צווישען די וואוילהאָבענדע אידען פון אַמעריקע. דער „ויצעקו" פון דער איסט סייד האָט געשפּילט אַ ראָלע און אָנגעשטעקט די רייכע אידען מיט דעם געפיל, אַז מען דאַרף געבען. און זיי האָבען טאַקע געגעבען. דערצו האָט דר. סיירוס אַדלער דעמאָלט אָנגעשריבען און פאַרעפענטליכט אַ ביכעל אונטערן נאָמען: „דאָס געשריי פון אַמעריקע וועגען קישינעוו". דאָס דאָזיגע ביכעל האָט שטאַרק געווירקט אויף די היגע רייכע אידען.

אין אַן אַרטיקעל, וואָס דר. אַדלער האָט ניט לאַנג צוריק פאַרעפענטליכט, שרייבט ער וועגען דעם ענין אַזוי:

אין דער צייט פון דעם קישינעווער פאָגראָם, אין 1903, בין איך אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרען, אַז איך האָב אָנגעשריבען אַ קליין ביכל אונטער דעם ניט־פאַסיגען נאָמען: „דאָס געשריי פון אַמעריקע וועגען קישיניעוו". דאָך האָט דאָס ביכעל געהאָט אַ זעהר נוצליכע ווירקונג. אַ

גרויסע סומע געלט האָט מען אויפגעזאַמעלט אין יענער צייט, און נאָכדעם, ווי מען האָט אַלע פאַרצייכענטע הוצאות אומגעקערט, איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אַ היפּשע סומע געלט. די גאַנצע אַרבייט איז געטאָן געוואָרען אויף אַ ניט־אָרגאַניזירטען שטייגער דורך יעקב ה. שיף, אָסקאַר ס. שטראוס און סיירוס ל. סולצבערגער.״

## אין קאַמף מיט׳ן צאַריזם

עס איז אודאי אמת, אַז די רייכע אידען אין אַמעריקע האָבען דערשפּירט דעם אידישען ווייטאָג. אויך איז אמת, אַז דר. אַדלערס בראַשור האָט פיל געווירקט, אַז גרויסע געלט־מיטלען זאָלען געזאַמעלט ווערען. אָבער דאָס גרויסע געשריי האָבען געמאַכט די אידען פון דער איסט סייד. דער „פאָרווערטס״ און די מענשען אַרום „פאָרווערטס״ קומט זיכער פיל קרעדיט. זיי זיינען געווען די ערשטע אָנצופאַנגען אַ גרויסע באַוועגונג אי אויף צו זאַמלען געלט, אי אויף צו אָרגאַניזירען אַ פּראָטעסט־באַוועגונג געגען דער צאַרישער רעגירונג. אָט די באַוועגונג האָט אָהן צווייפעל באַווירקט די רייכערע אידען צו זאַמלען צווישען זיך גאָר גרויסע סומען געלט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס שוין אַרום יוני פון דעם זעלביגען יאָר 1903 האָט זיך אין „פאָרווערטס״ באַוויזען אַ מעלדונג וועגען אַ קלאַנג, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט, אַז צוויי רייכע ניו יאָרקער אידען האָבען באַוויליגט אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר צו באַזעצען אידען פון קישיניעוו אין אַמעריקע. אין יענער מעלדונג שרייבט דער „פאָרווערטס״:

## הילף פאַר גרופּעס זעלבסטשוץ

„אויב עס איז טאַקע אמת, אַז די צוויי רייכע אידען האָבען באַוויליגט אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר איינצואָרדענען די קרבנות פון דער קישיניעווער שחיטה, מוזען מיר נעמען דעם קרעדיט פאַר זיך. דאָס האָבען מיר, מיט אונזער ענערגישער אַרבייט, געשאַפען די באַוועגונג, וואָס האָט באַווירקט און געמוזט באַווירקען די רייכערע אידען צו טאָן דאָס וואָס מיר אַליין האָבען ניט געקענט טאָן.״

איך קען דאָ ניט אָנגעבען קיין גענויע ציפערען פון דער סומע וואָס עס איז געזאַמעלט געוואָרען אין יענער צייט. איך ווייס אָבער, אַז דער „פאָרווערטס״ אַליין האָט אַרויסגעשיקט 15,000 רובעל צום „וואָסכאָד״ קיין פּעטערבורג פאַר די קישיניעווער קרבנות. דאָס איז געווען אַרום יוני, 1903, און דעמאָלט זיינען נאָך די זאַמלונגען אָנגעגאַנגען, און געלדער זיינען אַריינ־געקומען יעדען טאָג. מען האָט זיך אונטערנומען צו שיקען אַ באַשטימשע סומע פון 1,500 רובעל יעדע וואָך.

אָבער די צאַרישע רעגירונג האָט נאָך קישיניעוו אָרגאַניזירט אַנדערע פּאָגראָמען. עס איז געקומען זשיטאָמיר, האָמעל, אָדעס און נאָך און נאָך אומצייליגע אַנדערע שטעט און שטעטלאַך, וואו די צאַרישע רעגירונג האָט דורך פּאָגראָמען זיך אָפּגערעכענט מיט די אידישע רעוואָלוציאָ־נערען; און די אַמעריקאַנע הילף פאַר די געליטענע האָט אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער.

קישיניעוו האָט טאַקע געבראַכט פיל אידישע קרבנות. אומזיסטיג אידיש בלוט איז דאָרטען טאַקע פאַרגאָסען געוואָרען. אָבער קישיניעוו האָט אויך געגעבען די אידען אין רוסלאַנד דעם געדאַנק, אַז אין דער צייט פון אַ פּאָגראָם טאָר מען זיך ניט באַהאַלטען אונטער די בעטען, אויף די בוידעמער און אין די קעלערס. אויב מען וויל זיך ראַטעווען פון די כוליגאַנעס, מוז מען זיך פאַרטיידיגען.

דעם לאָזונג זיך צו פאַרטיידיגען האָט אויף דער אידישער גאַס אין רוסלאַנד אַרויסגע־בראַכט דער „בונד״ — די וויכטיגסטע רעוואָלוציאָנערע אידישע אַרבייטער פּאַרטיי אין רוס־לאַנד פון יענער צייט. אַ חוץ דעם „בונד״ האָבען אַנדערע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווי די „ס.־ס.״ און „פּועלי־ציון״, אויך געטראָגען דעם לאָזונג פון זעלבסטשוץ צווישען דער אידישער אַרבייטער יוגענט. אומעטום, אין יעדער שטאָט און שטעטל, האָבען זיך אי־דישע בחורים און מיידלאַך אָרגאַניזירט אין זעלבסטשוץ־גרופּען אונטער דער פירערשאַפט פון „בונד״ און די אַנדערע פּאַרטייען. צווישען די גרופּען, פלעגט זיך פון צייט צו צייט דורכ־וואַרפען אויך אַ קריסט — אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַן „עס־ער״.

יענע זעלבסטשוץ גרופּען זיינען באמת באַשטאַנען פון דער סמעטענע פון דער אידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון רוסלאַנד. זיי האָבען געהאַט דעם נויטיגען מוט און די גרויסע איבערגעגעבענהייט און גרייטקייט צו פאַרטיידיגען דעם כבוד פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, און זיי האָבען אים פאַרטיידיגט. מיט גאָלדענע אותיות איז אין דער געשיכטע פון יענער צייט פאַרצייכענט דער העלדנטום פון די זעלבסטשוץ גרופּען. און כאָטש פיל פון די מיטלען צו באַוואָפענען יענע אידישע העלדען זיינען געקומען פון דער אָרטיגער, וואוילהאָבענדער אידישער באַפעלקערונג, דאָך איז אַ גרויסער טייל פון די געלדער געקומען פון אַמעריקע. די אידישע מאַסען אין אַמעריקע האָבען זיך ברייט אָפּגערופען אויף דער ווענדונג צו העלפען שאַפען געווער פאַר די אידישע זעלבסטשוץ גרופּען אין רוסלאַנד. פילע טויזענטער דאָלער זיינען אַרום די יאָרען 1904, 1905 און 1906 פון דאַנען אָפּגעשיקט געוואָרען קיין רוסלאַנד. אין דערזעלביגער צייט איז ווייטער אָנגעגאַנגען די הילפס־אַרבייט פון אַריבערברענגען קרובים. צענדליגער טויזענטער יונגע אידען זיינען אין יענער צייט געקומען קיין אַמעריקע אַ דאַנק אָט־דער הילף.

אָבער דאָס גרעסטע קאַפיטעל פון הילף מצד די אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען אין אַמעריקע צו זייערע ברידער אויף יענער זייט ים הויבט זיך אָן מיט דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, אין דעם יאָר 1914. אין יענעם יאָר איז ספּאָנטאַן אויפגעקומען אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט טאַקע אַליין געשאַפען גרויסע מיטלען צווישען די אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען אין אמעריקע פאַר זייערע ברידער אין דער אַלטער היים.

## אין די טעג פון וועלט־קריג

דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט צום ערגסטען געטראָפען די אידישע מאַסען פון די מלחמה לענדער. נאָך איידער די קאַנאָנען האָבען זיך רעכט צואוואָרעמט, האָבען די אידען פון רוסלאַנד, פוילען, ליטע, לאַטוויע און אַנדערע לענדער, דורך וועלכע עס זיינען דורכ־געגאַנגען אַרמייען, אויף זיך דערפילט די שווערע געפּאַנצערטע פויסט פון דעם „גאָט פון מלחמה". הונדערטער טויזענטער אידען זיינען מיטן וואָרצעל אויסגעריסען געוואָרען פון זייערע וואוין־ערטער און פאַרטריבען געוואָרען אין גלות. אידען מיט פעק האָבען אָנגעפילט אַלע שליאַכען. פון שטאָט צו שטאָט האָבען זיי זיך געשלעפּט מיט זייערע ווייבער און קינדער איבער אומבאַקאַנטע וועגען צו פרעמדע שטעט און שטעטלאַך.

און נאָכדעם זיינען געקומען די שווערע יאָרען פון דער מלחמה מיט הונגער און אַלערליי עפּידעמיעס, וואָס האָבען געקאָסט רעכטס און לינקס און פאַרלענדט צענדליגער טויזענטער מענער און פרויען.

## הילפס־קאָמיטעטן

גלייך ווי די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכען האָבען אַלע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע אָרגאַניזירט הילפס־קאָמיטעטען, כדי צו לינדערען די אידישע נויט אויף יענער זייט ים. די רייכע אידען האָבען אָרגאַניזירט די „אַמעריקען דזשואיש רעליף קאָ־מיטע", די אָרטאָדאָקסישע אידען — די „סענטראַל רעליף קאָמיטע", און די אָרגאַניזירטע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען האָבען אויפגעבויט די „פיפעלס רעליף קאָמיטע". אָט־די דריי קאָמיטעס האָבען ממש באַוויזען וואונדער אין זייער טעטיגקייט. אָבער לאָמיר צוערשט אַ בליק טאָן אויף דעם אופן ווי אונזער „פיפעלס רעליף" האָט אָנגעפירט איר טעטיגקייט.

זי האָט אָנגעפאַנגען אין ניו יאָרק ספּאָנטאַן. אין עטליכע טיילען פון ניו יאָרק, אין איינער און דער זעלביגער צייט, האָבען זיך אויף די מיטינגען פון יוניאָנס, פון ברענטשעס פון דער „אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע", פון „פועלי־ציון", פון „אַרבייטער רינג" ברענ־טשעס און פון אַנדערע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס אויפגעשטעלט חברים און געהאַלטען קורצע, הייסע רעדעס וועגען דעם, אַז עס איז צייט עפּעס צו טאָן, אַז מען מוז עפּעס טאָן פאַר אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים. קיין דיסקוסיעס זיינען ניט געפירט געוואָרען. די מערסטע האָבען גלייך צוגעשטימט, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, אויסגעוויילט אַ קאָמיטע און באַפולמעכטיגט זי זיך צו ווענדען דורך דער פרעסע צו אַלע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אין יענעם געגענט, און זיי רופען צו העלפען אָרגאַניזירען הילף פאַר אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים. אין דער זעלביגער צייט איז פאַרופען געוואָרען אַ צענטראַלע קאָנפערענץ.

און מערקווירדיג, אויף אַלע פאַרזאַמלונגען איז אָנגענומען געוואָרען דער פּלאַן צו שאַפען אַ גרויסע וואָלונטיר־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל יעדען זונטאָג גיין פון הויז צו הויז, פון גאָס צו גאָס און זאַמלען געלט פאַר די מלחמה־ליידענדע. מען האָט ניט דעבאַטירט, צי עס איז אַ פאַסיגער פּלאַן, צי ניין. מען האָט ניט געשאַפען קיין אַנדערע פּלענער. מען האָט אָנגענומען אָט־דעם פּלאַן, און מען האָט אים גלייך גענומען דורכפירען.

די וואָלונטיר־אָרגאַניזאַציע פון דער „פיפעלס רעליף קאָמיטע" האָט געאַרבייט אַ שטיק צייט און האָט אַרויסגערופען צו זיך די אַכטונג און די באַוואונדערונג פון אַלע אַמעריקאַנער אידען. ביי קיין באַוועגונג איז נאָך ניט געזען געוואָרען אַזאַ ברען, אַזוי פיל איבערגעגעבענקייט צו דער גרויסער הילפס־אַרבייט, ווי ביי די וואָלונטירען־אַרמיי פון דער „פיפעלס רעליף קאָ־מיטע". טויזענטער יונגעלייט און יונגע מיידלאָך אויף דער איסט סייד, אין האַרלעם, בראָנקס, בראָנזוויל און וויליאַמסבורג פלעגען זיך יעדען זונטאָג אינדערפרי שטעלען אין דינסט פון זייערע רעספּעקטיווע דיסטריקט־אָרגאַניזאַציעס, זיך פאַרפּוצען מיט די ווייס־און־רויטע אָרעם־בענדער, מיט די רויטע אויפשריפטען און שפּאַנען פון שטוב צו שטוב, פון פלאָר צו פלאָר און זאַמלען הילף.

עס איז אומעגליך אין אַ קורצען אַרטיקעל צו באַשרייבען דעם אויפטו פון דער „פיפעלס רעליף קאָמיטע". ביים אָפּשלוס פון איר אַרבייט האָט די „פיפעלס רעליף קאָמיטע" אַרויסגע־געבען אַ בוך פון אַ גרויסען פאָרמאַט, מיט אַריבער 800 זייטען, וועגען איר גאַנצער טעטיגקייט אין משך פון די יאָרען 1915־1924. עס איז אין אַמעריקע כמעט ניטאָ קיין איין שטאָט, וואו די „פיפעלס רעליף קאָמיטע" זאָל ניט געווען האָבען קיין אָפּטיילונג. שטיצע צו דער „פיפעלס רעליף קאָמיטע" איז אויך אָנגעקומען פון אייניגע לענדער פון זיד־אַמעריקע.

פונקט אויף אַזאַ ברייטען מאַסשטאַב האָבען אויך די מאַסען אָרטאָדאָקסישע אידען אין אַמעריקע געפירט זייער הילפס־אַרבייט. אויך זיי — אָרגאַניזירט אין דער „סענטראַל רעליף

קאָמיטע", האָבן דערגרייכט כמעט אַלע אידען פון אָרטאָדאָקסישען שניט און זיי האָבן געזאַמעלט גרויסע סומען פאַר אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים.

### אַלע קלאַסן פאַראייניגט

די אַרבייט פון דער „פיפעלס רעליף קאָמיטע" און פון דער „סענטראַל רעליף קאָמיטע", דער ענטוזיאַזם און ברען פון אָט־די צוויי מאַסן אָרגאַניזאַציעס פון אַמעריקאַנער אידענטום האָבן געשטאַרקט אַזוי צו זאָגן די שטימונג ביי די רייכע אידען, וועלכע זיינען גלייך, ביים אויסברוך פון דער מלחמה, טיף גערירט געוואָרען פון אידישע ליידען צו געבען גאַר גרויסע סומען פאַר די באַטראָפענע אומגליקליכע אידען אין די מלחמה־לענדער. אַלע האָבן אַנערקענט אַז אייניגקייט אין דער הילפס־אַרבייט איז דער עיקר, און עס איז געשאַפען געוואָרען אייניגקייט אין דער זאַמלונג און פאַרטיילונג פון די געזאַמעלטע פאָנדען. אַלע שיכטען פון די אַמעריקאַנער אידען האָבן באַגריפען אָט־די פאָדערונגען פון דער צייט און זיי האָבן זיך צום ערשטען מאָל אין דער אידישער געשיכטע פון אַמעריקע פאַראייניגט אין איין מעכטיגער הילפס־אָרגאַניזאַציע — די דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע.

### שפייז און קליידער־פעקלאַך

עס איז ניט מיין אויפגאַבע צו שרייבען דאָ וועגען דער אַרבייט פון דער דזשאָינט דיסטרי־ביושאָן קאָמיטע. איין זאַך וויל איך אָבער דאָ אונטערשטרייכען, און דאָס איז, אַז מיר, אַלע אידען פון אַמעריקע, דאַרפען זיין שטאָלץ מיט אָט־דער הילפס־אָרגאַניזאַציע. און די אידישע אָרגאַניזירטע אַרבייטער זיינען טאַקע מיט איר שטאָלץ, ווארום זיי האָבן געהאַט אַ גרויסען חלק אין איר אַרבייט — סיי דאָ — אין די זאַמלונגען פון די פאָנדען, סיי דאָרט, אויף יענער זייט ים, אין דער פאַרטיילונג פון די געזאַמעלטע געלדער. די אידישע אַרבייטער באַוועגונג האָט געהאָלפען אויפבויען די מעכטיגסטע אידישע הילפס־אָרגאַניזאַציע, דעם „דזשאָינט", וואָס האָט געלינדערט די ליידען פון די אידען אין משך פון די לעצטע 24 יאָר און וואָס טוט אויך איצטער די וואונדערליכע, הילפס־ און רעטונגס־אַרבייט, אָהן וועלכער גרויסע צאָלען פון אידי־שען פאָלק וואָלטען זיכער אומגעקומען.

אָבער איידער איך קום צו דער הילפס־טעטיגקייט, וואָס מיר פירען היינט־צו־טאָג, מוז איך דערמאָנען נאָך איין טייל פון אָט־דער הילף, נעמליך: די שפייז און קליידער פעקלאַך וואָס די היגע אידען האָבן געשיקט צו קרובים און די לאַנדסמאַנשאַפטען צו זייערע היים־שטעט. אויף אָט־דער הילף איז אויסגעגעבען געוואָרען מיליאָנען דאָלער.

4

אין די לעצטע יאָרען, באַזונדערס זינט היטלער איז געקומען צו מאַכט, וואַכען אויף די אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען ווידער אַמאָל, כדי צו ברענגען הילף און טרייסט צו אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים און כדי צו באַקעמפען דעם קוואַל פון בייז אין דער איצטי־גער צייט — דעם פאַשיזם, נאַציזם און אַנטיסעמיטיזם. די אידישע אַרבייטער מאַסען אין אַמעריקע, די אָרגאַניזירטע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען, רופען זיך האַרציג אָפּ אויף דעם ווייי־געשריי, וואָס קומט פון פוילען, דייטשלאַנד, עסטרייך, רומעניע און אַנדערע לענדער, און אויף די הילפס־רופען צו בויען פאַלעסטינע.

דער „געווערקשאַפטען קאַמפיין" פאַר דער הסתדרות אין ארץ ישראל צו העלפען איר בויען דאָס לאַנד און איינצואָרדענען סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל, אַרבייט שוין אין אַמעריקע פופצען יאָר. וואָס אַ יאָר, זאַמעלט דער קאַמפיין אַלץ גרעסערע און גרעסערע סומען פאַר דער הסתדרות. דער קאַמפיין צו העלפען דער „הגנה", דער אידישער באַשיצונג אין ארץ ישראל, וואָס ווערט איצט אָנגעפירט צווישען די יוניאָנס, וועט זיכער דורכגעפירט ווערען מיטן גרעסטען ערפאָלג.

### „הגנה" און „אָרט"; באַיקאָט־באַוועגונג

נאָך צוויי אָרגאַניזאַציעס, דער „אָרט" און דער „אידישער אַרבייטער קאָמיטעט", פירען הילפס־קאַמפיינס צווישען די אידישע אַרבייטער מאַסען אין אַמעריקע. דער „אָרט", ווי די אַרבייטער באַוועגונג האָט אים אויפגענומען, איז אַן אַרויסוואוקס פונם פאָלק'ס געצייג־קאַמפיין פאַר די דעקלאַסירטע אידען אין סאָוועט־רוסלאַנד: דער אידישער אַרבייטער קאָמיטעט האָט אויפגעהויבען אַ גרויסע באַוועגונג צווישען די אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען צו העלפען אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים אויסצוקעמפען פאַר זיך דאָס רעכט אויף לעבען און אויף אַרבייט. דער אידישער אַרבייטער קאָמיטעט האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ גרופירט אַרום זיך די גאַנצע אידישע אַרבייטער באַוועגונג. ער און דער „אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס" האָבן צוזאַמען אָרגאַניזירט דעם „דזשאָינט באָיקאָט קאונסיל", וועלכע פירט אָן אונערמידליך דעם באָיקאָט אויף נאַצי־סחורות אין אַמעריקע.

ווען מיר קוקען צוריק אויף די פאַרגאַנגענע 50 יאָר איז דער סך־הכל פון דער הילפס־אַרבייט אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אויפטו. און לויט ווי עס זעט אויס, וועלען די אידישע אַרביי־טער און פאָלקס־מאַסען אין אַמעריקע נאָך זיכער שפּילען אַ זעהר וויכטיגע ראָל אין דעם איבער־בוי פון אידישען לעבען אין אַלע לענדער, וואו זיי ווערען פאַרפאָלגט, און אינם בויען אַ אידישע היימלאַנד אין ארץ ישראל. דער אידישער אַרבייטער איז אַ געטרייער זוהן פון זיין פאָלק; פאַרנעמט אַלע יסורים פון פאָלק און אַלע זיינע האָפענונגען.

# געווערקשאַפטען און אַרבייטער רינג — אין אַ הייליגען בונד

**ביידענס ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון איר־דישע אַרבייטער פאַר פּראָגרעס אין אַמעריקע**

פון יוסף באַסקין

דאָס שאַרפסטע איצט אָנצוזען אין די פאַראייניגטע שטאַטען איז דאָס סאָציאַלע באַוואוסטזיין פון די מאַסען, דעם באַדייטענדען שוואונג און פאַרנעם אין די אַרבייטער־קרייזען צו זעלבסט־שטענדיגער פּאָליטישער אַקטיוויטעט. אויבען־אויף קען זיך אויסדאַכטען דעם צופעליגען בע־אָבאַכטער, וועלכער איז ניט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע, אַז דאָס אַלץ, וואָס קומט איצט פאָר אין דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען פון לאַנד, איז אַנטשטאַנען פון דער הוילער הויט. אָבער די, וועלכע קענען אַריינדרינגען אין ערשיינונגען טיפער, מוזען קומען צום באַשלוס, אַז דאָס, וואָס קומט איצט פאָר אין דעם אַל־זייטיגען אַמעריקאַנער לעבען, איז אַ רעזולטאַט פון צענדליגער יאָרען אַרבייט פון באַוואוסטזי־ניגע עלעמענטען, וועלכע האָבען געהאַט אַ ווייטערדיגען בליק אויף די אויפגאַבען און צילען, וואָס אַן אַרבייטער באַוועגונג דאַרף זיך שטעלען.

און ווען מען רעדט וועגען דער ווירקונג וואָס די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג האָט אין דער איצט אויסערגעוויינליך אינטערעסאַנטער צייט אין אַמעריקאַנער לעבען, מוז מען אַנערקענען דעם פאַקט, אַז די אידישע אַרבייטערשאַפט, די טרייד יוניאָניסטישע אַרבייטערשאַפט, האָט אויף דעם געביט געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז די עלטסטע אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַ־ציע, און זי איז געווען צוגעפּאַסט צו איר אומגעבונג גלייך ווי זי איז אַנטשטאַנען. מען דאַרף זיך ניט וואונדערען איבער דעם, וואָס די אידישע אימיגראַנטען־מאַסע האָט זיך פריער פון אַלץ גענומען צו אָרגאַניזירען אויף דעם טרייד־יוניאָן געביט. אַ זיכער שטיקעל ברויט, וואָס זאָל ניט אָנקומען אַזוי שווער, וואָס זאָל זיך ניט באַצאָלען אַזוי ווייניג, בעסערע באַדינגונגען פון אַרבייט, זיין אַ טייל פון אַן אָרגאַניזירטער מאַסע, וועלכע זאָל קענען פאָדערען מער און מער, בעסערס אין מאַטעריאַלען זין — דאָס איז געווען דער ערשטער וואונש ביי דער אימיגראַנטען־מאַסע, און זי איז דערפאַר גלייך רייף געוואָרען פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

דער באַרימטער ענגלישער דיכטער טעניסאָן, באַשרייבט אין איינער פון זיינע באַוואוסטע לידער אַן אייביג פליסיגען טייך, אַ שפּרודעלדיגען, אַ פאַרצווייגטען, פול מיט ברויז, פול מיט לעבען. אָט צו דעם פאַרצווייגטען טייך פון טעניסאָנס ליד קען מען פאַרגלייכען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, ווייל פון איר זיינען אַרויסגעקומען אַלערליי צווייגען פון גרעסערע און קלענערע טרייד יוניאָנס. אייניגע טרייד יוניאָנס זיינען איצט מעכטיג, ווי די אינטערנע־שאָנאַל, די אַמאַלגעמייטעד, און אַנדערע; דער זאַפט פון דעם מוטער־קוואַל איז געווען אַ שטאַרקער, און פילע אָפּצווייגונגען פון דעם קוואַל זיינען מיט זייער מעכטיגען פאַרנעם אַריבער־געשטיגען דעם מוטער־קוואַל אַליין, אָבער דערמיט קען ניט פאַרקלענערט ווערען די באַדייטונג פון דעם קוואַל.

און מיט דעם זעלבען גייסט, הגם אויף אַנאַנדער אופן, האָט דער זעלבער עלעמענט פון די אידישע אַרבייטער און פאָלקס מענשען, וועלכער האָט געבויט די געווערקשאַפטען, געבויט אויך מיט קאַרגע 50 יאָר צוריק, דעם היינט־מעכטיגען און איינפלוסרייכען אַרבייטער רינג. און צווייטענוויינס איז שווער אויסצוטיילען וואו עס פאַנגען זיך אָן די וואָרצלען פון דער טרייד יוניאָניסטישער באַוועגונג און וואו עס פאַנגען זיך אָן די וואָרצלען פון דעם אַרבייטער רינג. ביידע טיילען זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען, איבערגעפלאָכטען, געגענזייטיג־באַווירקענד. שטייגט די אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע, שטייגט אויך דער וואוקס און די אַקטיוויטעטען פון דעם אַרבייטער רינג. די געשיכטע פון די צוויי טיילען אין די פאַרגאַנגענע יאָרען באַשטעטיגט דאָס. ווען די טרייד יוניאָן באַוועגונג האָט אין דער אָדער יענער פּעריאָדע געליטען, האָט דער אַרביי־

צוערשט אַ זיכער שטיקעל ברויט

יוניאָנס און אַרבייטער־רינג, אינאיינעם

טער רינג מיט זיין פולער קראַפט און לאָיאַליטעט געהאָלפען זי אַרויסגיין פון די ליידען. אָפט איז דער אַרבייטער רינג געווען ווי אַ דאַמבע צו פאַרהאַלטען אַ שטראָם פון צושטערונג, וואָס האָט זיך געטראָגען אויף דער טרייד יוניאָן באַוועגונג.

ביידע, די געווערקשאַפטען און דער אַרבייטער רינג, האָבען געהאַט דעם זעלבען מזל ביי זייער אויפקומען. ניט אַלע פון די אידישע וואָרט־פירער, הגם ראַדיקאַלען און סאָציאַליסטען, האָבען געהאַט די נויטיגע וואַרימע באַציאונג צו די ערשטע טריט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען; און אַ טייל פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע און אידישער אינטעליגענץ האָט אויך געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו דער ערשטער אַרבייט פון דעם אַרבייטער רינג. די ערקלערונג פאַר דעם איז אַ פשוט'ע. אַ גרויסער טייל פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע, ווי אויך פון דער אידישער אינטעליגענץ, איז אין יענע ערשטע יאָרען אין אַמעריקע געווען פאַרבלענדעט פון די וויכטיגע פרייהייטען, וועלכע זיי האָבען אָנגעטראָפען אין דער נייער היים. פיל פון זיי האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט, און עס וועט אָנקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע; פולשטענדיגע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַפרייאונג איז אויפן שוועל; און וויבאַלד אַזוי, צו וואָס טרייד יוניאָניסטישער קאַמף, טרייד יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, געגענזייטיגע הילף, געזעלשאַפטליכע אַרבייט, אידישע קולטור טעטיגקייט?

## פאָלגען די ווירקליכקייט

אָבער אַזאַ בליק האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען צו זיין טרוימעריש. די ווירקליכקייט פון לאַנד האָט באַוויזען עפּעס אַנדערש. וואָס מער אינדוסטריעל דאָס לאַנד האָט זיך אַנטוויקעלט, אַלץ בולטער זיינען אַרויסגעקומען גאַנץ אַנדערע לאַגעס. אַלץ שטאַרקער זיינען געשטויסען געוואָרען אויך די אימיגראַנטישע מאַסען אויף דעם וועג, וועלכער האָט געפאָדערט טרייד יוניאָניסטישע אָרגאַניזירטקייט און דאָס אַריינטראַכטען זיך אין דעם ווי אַזוי עס זאָל אויסגעשמידט ווערען אַן אמת'ער קאָאָפּעראַטיווער גייסט פון געגענזייטיגע הילף און פון אַן אויסגעברייטערטע קולטור־טעטיגקייט, דערצו פאַרבונדענקייט מיט די אידישע מאַסען אויף יענער זייט ים.

דאָס לעבען איז שטאַרקער ווי די און יענע מיינונגען און וואונשען פון אַ יחיד, אָדער אפילו פון אַ כלל; און דאָס טאָג־טעגליכע לעבען אין אַמעריקע, דאָס לעבען פון דעם אידישען אַרבייטער אין די סוועט־שעפּער, דאָס לעבען אין אַ ניי לאַנד, האָט געשטויסען יעדען דענקענדען אידישען אַרבייטער צו קלערען, אַז גלייכצייטיג מיט זיין עקאָנאָמישען קאַמף דאַרף ער בויען אַן אָרגאַניזאַציע פון געגענזייטיגע הילף, געגענזייטיגער פריינטשאַפט — דעם אַרבייטער רינג.

אין מאָנאַט סעפּטעמבער, יאָר 1900, איז דער אַרבייטער רינג געבוירען געוואָרען. זיין גאַנצע מיטגלידערשאַפט איז דעמאָלט באַשטאַנען פון 496 פּערזאָן. די שטורעמדיגע פּאַסירונגען אין דעם אַלטען רוסלאַנד אין די יאָרען 1905־1906 האָבען געבראַכט צו די ברעגעס פון אַמעריקע אַ נייע גרויסע אימיגראַנטען־כוואַליע, און שוין פון אויסגעפּרובירטע סאָציאַליסטישע קעמפער. זיי האָבען פאַראורזאַכט די גרויסע שטורעמדיגע אַרבייטער קאַמפען אויף דער אידישער גאַס פון ניו יאָרק עטליכע יאָר שפּעטער, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעוואָקסען די איצט גרויסע אידישע אַרבייטער יוניאָנס. דער רעזולטאַט פון אַזאַ מאַסען־באַוועגונג איז אויך געווען אַ באַדייטענדע פאַרגרעסערטע מיטגלידערשאַפט אין אַרבייטער רינג. שוין אין יאָר 1910 האָט דער וואוקס פון אַרבייטער רינג דערגרייכט צו אַ מיטגלידערשאַפט פון אַ קאַרגע 39,000. די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג האָט אַריינגעפירט אין אַרבייטער רינג אַזאַ ריזיגע צאָל מיטגלידער ווי אייך־און־אַכציג טויזענט.

די ברודער קאַמפען, וואָס האָבען ווי ציגנלאַך פון אַ בייזער שלאַנג זיך אַריינגעביסען אין דעם קערפּער פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין די יאָרען פון 1921 ביז 1929, האָבען אָנגעפאַנגען צו פאַר'סמ'ען די אַטמאָספערע פון דער אידישער טרייד יוניאָניסטישער באַוועגונג. דאָס האָט געמוזט באַווירקען אויך די אַנדערע טיילען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. דער אַרבייטער רינג איז דערפון ניט אויסגעמידען געוואָרען. דאָך, ניט געקוקט אויף די אָנגריפען, איז דער אַרבייטער רינג געבליבען, און איז איצט, דער שטאַרקער זייל, דער אומדערשראָקענער, דער גייסטיג־שטאַרקער און אַנטשלאָסענער פירער אין דעם אַרבייטערס געזעלשאַפטליכען לעבען.

## ערשטע פּרינציפּען פון געזעלשאַפט־ליכקייט

די געשיכטע פון דעם אויפשטייג פון די טרייד יוניאָנס איז פול מיט פאַקטען ווי אַזוי ברענטשעס פון אַרבייטער רינג און טוער פון אַרבייטער רינג זיינען געווען די ערשטע מיטצו־ווירקען פאַר די פּלענער פון דער אָרגאַניזיר־טעטיגקייט פון די אידישע טרייד יוניאָנס, סיי אין די גרויסע צענטערס, סיי אין די קליינע שטעט. צי אין די פאַרוואָרפענע ווינקעלאַך פון דער ווייטער סאַוט, צי אין דער ברייטער ניו ענגלאַנד טעריטאָריע, אומעטום אויף דעם אזוי געררפענער פּראָווינץ, זיינען די ברענטשעס פון אַרבייטער רינג מיט זייערע לייבאָר לייסעאומס געווען די נעסטען, וועלכע האָבען אינספּירירט די ניט־אָרגאַניזירטע צו אָרגאַניזירען זיך אויף דעם טרייד יוניאָן געביט. ,

גלייכצייטיג זיינען די יוניאָנס פון זייער זייט געווען אין אַ היבשער מאָס דער קוואַל פון וועלכען דער אַרבייטער רינג האָט געשעפּט אינספּיראַציע, אַזוי ווי מיטגלידער.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך, סיי פון די טרייד יוניאָנס סיי פון דעם אַרבייטער רינג, איז דאָס, וואָס ביידע צווייגען פון דער אַרבייטער באַוועגונג האָבן געדינט פאַר מאַסן מענשן אַלס אַ פּאַרלאַמענטאַרישע שול, אַ געזעלשאַפטליכע טריבונע, וואו מ׳האָט געלערנט די ערשטע פּרינציפּן פון געזעלשאַפטליכקייט, אפילו ווי דורכצופירן פאַרזאַמלונגען. ביידע צווייגען פון דער אַרבייטער באַוועגונג האָבן זיך געגענזייטיג צוגעשטעלט פּראַקטישע טוער ווי אידעאַליסטישע פּערזענלאַכקייטן. און פּונקט ווי די טרייד יוניאָן באַוועגונג האָט מיט יעדן וואוקס אירן געשטרעבט צו מער, צו העכערס, איז אויך דער אַרבייטער רינג געגאַנגען טריט נאָך טריט, אין זיין אַנטוויקלונגס־וועג. ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַפרידיגט מיט דעם דערגרייכטן. אין דעם ליגט דער סוד וואָס דער אַרבייטער רינג פּונקט ווי די גאַנצע אַרבייטער באַוועגונג, איז פול מיט לעבענס־קראַפט.

די פאַרשידינע אינסטיטוציעס און בענעפיטס וואָס דער אַרבייטער רינג האָט איינגעפירט פאַר דעם איינצעלנעם מיטגליד זיינען נישט געקומען פון זיך אַליין. יעדעס מאָל, ווען עס איז אַנטשטאַנען עפּעס נייעס אין דעם אַרומיגען לעבן, און האָט אָנגערירט די אינטערעסן פון דעם איינצעלנעם מיטגליד, האָט דער געזונטער חוש פון דער מיטגלידערשאַפט פון אַרבייטער רינג מעגליך געמאַכט, אַז עס זאָל געפונען ווערן אַ פּאַסיגער ענטפער אויף דער נייער ערשיינונג.

## דעם אַרבייטער׳ס צדקה

דער סאַניטאַריום אין ליבערטי, וואָס איז גיך אַנערקענט געוואָרן פון אַלע מעדיצינישע אויטאָריטעטן, איז געווען דער בעסטער קאָנסטרוקטיווער ענטפער אויף דער טובערקולאָז פּלאָג, וואָס האָט געמאַטערט טויזנטער אידישע אַרבייטער מיט יאָרן צוריק. די אומגעהייער גרויסע סומעס קראַנקן־בענעפיט, וואָס זיינען אויסגעצאָלט געוואָרן, האָבן מעגליך געמאַכט, אַז ווען דער אַרבייטער אין שאַפּ האָט געמוזט איבעררייסן זיין אַרבייט צוליב קראַנקהייט, זאָל ער ניט זיין דער דערשלאָגענער, דער אומגליקליכער, נאָר האָבן אַן אָנהאַלט, און זאָל קענען אַ געזונטער צוריקקומען צו זיין אַרבייט. די געזעלשאַפטליכע אַקציעס, די פאַרשידענע געלט־שטיצעס צו די פרייהייטס־באַוועגונגען אין אייראָפּע, און די געלט שטיצעס, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן צו קלאָוקמאַכער, שניידער, שטאָל אַרבייטער און די גרויסע סומען געלט וואָס ווערן איצט געשאַפן צווישן די אַרבייטער רינג מיטגלידער אין קאַמף געגען פאַשיזם, און פאַר דער קאָנסטרוקטיווער אַרבייט פון „אָרט״, און פאַר די קינדער־שולן אין פּוילן — דערמיט איז דער אַרבייטער רינג ספּעציעל שטאָלץ.

די פאַרצווייגטע אידישע קולטור טעטיגקייט פאַר דערוואַקסענע און פאַר קינדער וואָס דער אַרבייטער רינג פירט אָן זינט די לעצטע צוואַנציג יאָר, איז אַן אַרבייט, וואָס וועבט ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער קולטור פון די אידישע פאָלקס־מאַסן פון אַלע לענדער.

די פרויען־באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין אַרבייטער רינג מיט קאַרגע 10 יאָר צוריק, האָט אַריינגעצויגן די אידישע אַרבייטער־פרוי ניט בלויז אין דעם אַרבייטער רינג קרייז, נאָר אויך זי דערנענטערט צו אַלע געזעלשאַפטליכע פּראָבלעמען.

די יוגענט־באַוועגונג און די ענגלישע אָפּטיילונג פון אַרבייטער רינג, וואָס זיינען אַנטשטאַנען מיט געציילטע יאָרן צוריק, זיינען דער בעסטער ענטפער ווי אַזוי מען קען און מען דאַרף אַריינציען אין דעם אַרבייטערס געזעלשאַפטליכע קרייזן דעם ענגליש־שפּרעכענדן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג.

פופציג יאָר ווערט זינט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן איז געגרינדעט געוואָרן; אירע דערגרייכונגען זיינען אומגעהויערע; איר אַרבייט איז, אָבער, נאָך ניט פאַרענדיגט. גראָד איצט אין דעם אויפברויז־צושטאַנד אין לאַנד מיט אַ קאָכיגען אינטערעס צו עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, האָט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן גאָר וויכטיגע אַרבייט. גראָד איצט, ווען פילע טייערע, נאָענטע זאַכן אין דעם אַלגעמיין מענשליכן און אידישן לעבן ווערן צובראָכן, צושטערט, טאָר די אידישע אַרבייטער באַוועגונג זיך ניט אָפּשטעלן בא דעם דערגרייכטן, און די געגענזייטיגע באַווירקונג פון איין צווייג פון דער באַוועגונג אויף דעם צווייטן מוז נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן.

## אַ כח פאַר פרייהייט

נאָך ווייט ניט אויסגעשעפּט זיינען די קוואַלן פון אַרבייט פאַר די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן, און פון די קוואַלן דאַרף די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן שעפּן ווייטערדיגן מוט, ווייטערדיגן גלויבן פאָרטצוזעצן אירע היסטאָרישע טעטיגקייטן. דאָס וועט אויך זיין אַן ענטפער אויף די בייזע שטורעמס, וואָס ווילן אומברענגען די אידישע מאַסן, דאָס אידישע פאָלק.

דער אַרבייטער רינג — די אידישע פראַטערנאַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע — האָט באַוויזן דורך זיין פאַרגאַנגענער געשיכטע און באַווייזט דורך זיין איצטיגער אַרבייט, אַז ער איז אַ כח מיטצואווירקן מיט דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, און דאָס וועט ער אימער זיין. מיר זיינען אין אַ הייליגען בונד פאַר פרייהייט אויף דער וועלט, און דער בונד וועט קיינמאָל ניט צוריסן ווערן.

# „אויסלענדישע" איינפלוסען אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג פון אַמעריקע

**רוסישע אינטעליגענטען, דייטשע סאָציאַ־ליסטען, און אַב. קאַהאַנ'ס רוף צו אידיש.**

פון מאַרק כינאָי

אַז די אידישע יוניאָנס אין ניו יאָרק זיינען, לויט זייער אָפּשטאַמונג, אַנטוויקלונג און איצטיגען צושטאַנד אַ פּראָדוקט פון די היגע געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטענישען און קענען אין דעם ניט אָפּגעטיילט ווערען פון די איבעריגע, ריין־אַמעריקאַנישע, יוניאָנס, איז אַ פאַקט וואָס ווערט איצט פון קיינעם ניט געלייקענט.

צו אָנערקענען דאָס דאַרף מען ניט זיין קיין אָנהענגער פון מאַרקס'ען און פון זיין געשיכטליכען מאַטעריאַליזם.

### אַמעריקע און די „אַלטע היים"

אָפּילו די ניט־מאַרקסיסטישע פאָרשער פון אונזער באַוועגונג, די אידישע און די ניט־אידישע, האָבען שוין לאַנג צוגעגעבען דאָס די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטערשאַפט דאָ אין לאַנד איז, אין אירע מעלות און חסרונות, אין אירע ערפאָלגען און נידערלאַגעס, אין אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען און איצטיגען אידעאָלאָגישען פּנים, אַן אָרגאַנישער רעזולטאַט פון דער היגער ווירקליכקייט.

די דאָזיגע פילאָזאָפיע פון אונזער געשיכטע באַלאַנגט שוין איצט צו יענע אמת'ען אין וואָס קיינער צווייפעלט ניט.

און דאָך וואָלט געווען אַ טעות צו פּרובירען אַזוי ערקלערען דעם ספּעציפישען כאַראַקטער פון די אַזוי־גערופענע אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע.

די „אַלטע היים", מיט אַלע אירע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פּראָבלעמען, איז אָפּילו איצט נאָך אַ געוועקשאַפטען עקזיסטענץ פון גאַנצע פופציג יאָר, אַ דאָמינירענדער פאַקטאָר אין דער פאָרמירונג פון אונזער אייגענאַרטיגען פּנים. דעסטאָ שטאַרקער האָט זיך געלאָזט פילען די אַלטע וועלט, ווען אונזער באַוועגונג האָט געמאַכט אירע ערשטע אומזיכערע טריט.

גערעכט איז דוקא געווען דער ערשטער היסטאָריקער פון די היגע יוניאָנס, ווען ער האָט, נאָך מיט 25 יאָר צוריק געשריבען אַז „די היגע אידישע אַרבייטער באַוועגונג איז, נאַטירליך, אויסגעוואַקסען דאָ. אָבער זי איז אויסגעוואַקסען טיילווייז אויף אַ באָדען, וואָס איז אַריבערגעבראַכט געוואָרען פון אַנדערשוואו"...*)

און „אַנדערשוואו" מיינט אין דעם פאַל די אַלטע צאַרישע רוסלאַנד, פון וואַנען גרויסע מאַסען אידישע עמיגראַנטען האָבען גענומען שטראָמען נאָך די פּאָגראָמען פון 1881־1882. די דאָזיגע אימיגראַנטען־כוואַליע פון אידישע הענדלער, קרעמער, ישיבה בחורים, ניט געענדיגטע גימנאַזיסטען און סטודענטען, האָבען צוגעשטעלט די ערשטע גרופּעס אידישע לוין־אַרבייטער אין אַ לאַנד, וואָס האָט ביז דאַן געוואוסט נאָר פון אידישע, אָדער יאַהודימשע, קאַפּיטאַליסטען, פאַבריקאַנטען, באַנקירען.

און צוזאַמען מיט די צוקינפטיגע פּראָלעטאַריער האָט די צאַרישע רוסלאַנד צוגעשיקט אויך זייערע טרייד־יוניאָניסטישע און סאָציאַליסטישע לערער און וועגווייזער.

די לעצטע זיינען אָבער געווען ניט בלויז קרבנות פון צאַרישען דעספּאָטיזם, נאָר אויך געגנער זיינע. צווישען זיי זיינען געווען אייניגע אַקטיווע רעוואָלוציאָנערע קעמפער, וועלכע האָבען די אידעאַלען און טראַדיציעס פון דעם הערליכען קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיגקייט איבערגעטראָגען פון רוסלאַנד אַהער.

### ניט־אידישע רעוואָלוציאָנערן פון רוסלאַנד

ניט אַלע פון זיי זיינען געווען אידען. אַ טייל פון זיי — שעוויטש, פּרעי, האַרטמאַן — זיינען געווען עכטע רוסען. אָבער אידען צי רוסען, — אַלע האָבען זיי צוגעטראָגען צו דער קולטורעלער, פּאָליטישער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון דעם אידישען אַרבייטער אין אַמעריקע.

---

*) הערץ בורגין. די געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, ניו יאָרק. אַרויסגעגעבען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צום 25־יאָריגען יובילייאום פון איר עקזיסטענץ.

ווען איינער לייענט די געשיכטע פון די ערשטע אידישע יוניאָנס, ווען איינער בלעטערט די ערינערונגען פון אונזערע ערשטע טוער אין דער אַרבייטער באַוועגונג, קען ער זיך ניט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז די „אויסלענדישע איינפלוסען" זיינען אין אונזערע יוניאָנס געוועזן אויסערגעוויינליך גרויס.

און איך רייד איצט ניט וועגען דעם „אויסלענדישען איינפלוס" פון די „בונדיסטען", וועלכע האָבען נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, געגעבען דעם טאָן דער אידישער אימיגראַציע און אַריינגעגאָסען אַ נייעם לעבענס־שטראָם מיט אַ נייער אידיש־סאָציאַליסטישער נשמה אין די היגע געווערקשאַפטען.

איך האָב דאָ אויך ניט בדעה צו פאַרנעמען זיך מיט דעם גאָר לעצטען אידייען שטאָם וואָס די נאָך־מלחמה אימיגראַציע האָט, אין פאַרבינדונג מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע, אַריינגעבראַכט אין דער עוואָלוציע פון אונזערע געווערקשאַפטען.

ביידע פעריאָדען — דער בונדיסטישער און דער פועלי־ציוניסטישער („געווערקשאַפטען־קאַמפּיין") — זיינען זיכער אינטערעסאַנטע און שטורמישע פעריאָדען אין דער געשיכטע פון די געווערקשאַפטען. זיי פאַרדינען אָבער אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג און קענען ניט באַטראַכט ווערען ביי דעם פּרואוו אָפּצושאַצען דעם „אויסלענדישען איינפלוס" אויף דער אַרבייט פון די פּיאָנערען און ערשטע בויער פון אונזערע יוניאָנס און זייער צענטראַלער קערפערשאַפט.

## פאַרשיידענע אידייען־שטראָמען

און ווען איך שרייב וועגען דעם אונגעהויער גרויסען „אויסלענדישען איינפלוס" וויל איך, נאַטירליך, ניט פאַרלייקענען מיט דעם די אַנטשיידענסטע ראָליע וואָס עס האָבען, אין לעצטען חשבון, געשפּילט אין דעם פאָרמירונגס־פּראָצעס פון די אימיגראַנטישע אָרגאַניזאַציעס, אידישע און ניט אידישע, די היגע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע באַדינגונגען און טראַדיציעס.

איך וויל זיי דאָ בלויז זאָגען דאָס דער איצטיגער לופט־מענש, וואָס איז אין זיין נייער היים געוואָרען אַ פּראָדוקטיווער לוין־אַרבייטער, האָט, ביי זיינע ערשטע טריט אַלס פּראָלעטאַריער זיך אָנגעשלאָסען אָן דירעקטע און אונדירעקטע, „אויסלענדישע איינפלוסען", וואָס האָבען אויף יאָרען און יאָרען פאָראויס באַשטימט דעם גייסטיגען פּנים פון זיינע אָרגאַניזאַציעס, זייער פאָרמע, זייערע קאַמפּס־מעטאָדען און שלאָג־ווערטער, זייער ענד־ציל, זייערע אידעאַלען און זייערע אינערליכע באַציאונגען, — דאָס אַלץ אין קורצען, וואָס האָט דעם באַדענלאָזען לופט־מענש, ווי איבער נאַכט פאַרוואַנדעלט אין דעם „אַוואַנגאַרד פון די אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריער", וועמעס אַרבייטס־באַדינגונגען און לעבענס סטאַנדאַרד זיינען געוועזן דער מוסטער פאַר די מער פאָרגעשריטענע אַרבייטער פון אַנדערע פּראָפעסיעס.

און איך וואָלט ניט געוואָלט אַז מען זאָל מיך שלעכט פאַרשטיין. ווען איך רייד וועגען די „אויסלענדישע איינפלוסען", וואָס האָבען זייער זיגעל אַרויפגעלייגט אויף דעם גייסטיגען פּנים פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, האָב איך ניט אין זינען בלויז דעם „רוסישען איינפלוס". אַ דייטשער איינפלוס האָט, באַזונדערס, אין די ערשטע 10־15 יאָר, אויך געשפּילט אַ געוואַלדיג גרויסע ראָליע אין דער שווערער אַרבייט פון די פּיאָנערען פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

די „פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען" פאַרגעסט ניט — און וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסען — אַז זי איז אַ געזעצליך קינד פון די „פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען", וועלכע איז דאַן, מיט 50 יאָר צוריק, ביים געבורטס־פּיין פון די אידישע יוניאָנס, געוועזן אַ מעכטיגע אַרבייטער־קערפּערשאַפט מיט אַ גרויסער צאָל מיטגלידער און אַ געוואַלדיגען איינפלוס אויף די אַרבייטענדע מאַסען פון ניו יאָרק. מיר פאַרגעסען ניט אַז דער גרינדונגס־מיטינג פון די אידישע געעווורקשאַפטען, דער היסטאָרישער צוזאַמענקונפט פון אָקטאָבער 1888, איז פאָרגעקומען אין די העדקוואָדערס פון די דייטשע געווערקשאַפטען, וועלכע האָבען ערוויילט אַ ספּעציעלע קאָמיטע צו העלפען די אידישע גענאָסען אין גרינדען אַ צענטראַלע יוניאָן קערפּערשאַפט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אידישע אַרבייטער. מיר פאַרגעסען ניט וועגען דער פינאַנציעלער הילף, וואָס אונזערע פּיאָנערען האָבען דאַן געקראָגען פון די בעסער אָרגאַניזירטע דייטשע אַרבייטער און ספּעציעל געדענקען מיר וועגען דעם געוואַלדיגען אידעאָלאָגישען איינפלוס, וואָס ער האָבען אויסגעאיבט אויף די אידישע פּיאָנערען אַזעלכע פירער פון דער דייטשער אַרבייטער באַוועגונג אין ניו יאָרק ווי אַלעקסאַנדער יאָנאַס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „פאָלקס־צייטונג", און יאָהאַן מאָסט פון אַנאַרכיסטישען לאַגער.

## דייטשע טרייד־יוניאָניסטען

דער דאָזיגער דייטשער איינפלוס איז דאַן געוועזן אי גרויס אי נוצליך. ער איז אָבער שפּעטער אָפּגעשוואַכט געוואָרען און איז מיט דער צייט אינגאַנצען פאַרשוואונדען. פאַרקערט דער „רוסישער איינפלוס", דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון דעם רוסישען פרייהייטס־קאַמף און פון זיינע אידעאַלען און טראַדיציעס, איז וואָס ווייטער אַלץ מער געוואַקסען און אַלץ שטאַרקער געלאָזט זיך פילען ביז זיין קלימאַקס מיט 30 יאָר שפּעטער — אין 1917.

פילע סיבות האָבן געפירט צו דער דאָזיגער עוואָלוציע פון די „אויסלענדישע איינפלוסן" אויף די אידישע געווערקשאַפטן. די וויכטיגסטע פון זיי איז נאַטירליך געווען דאָס, וואָס צוזאַמען מיט דער אָפּשאַפונג פון ביסמאַרק׳ס אַנטי־סאָציאַליסטישן געזעץ אין דייטשלאַנד אין 1890, האָט זיך אָפּגעשטעלט דער דייטשער „עקספּאָרט" פון סאָציאַליסטישע און טרייד־יוניאָניסטישע אַגיטאַטאָרס קיין אַמעריקע, האָט זיך אָפּגעשטעלט די דייטשע עמיגראַציע אין אַלגעמיין. די אַלטע דייטשע אַרבייטער אין אַמעריקע האָבן זיך ביסלאַכווייז אַסימילירט. זייערע באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס זיינען צערונען געוואָרען און זיי האָבן אויפגעהערט צו שפּילן אַוועלכע עס איז ראָליע אין דעם מאַטעריעלן און אינטעלעקטועלן לעבן פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער, אידישע און ניט אידישע.

## אידיש צווישן דייטש און רוסיש

די „רוסישע רעוואָלוציע", מיט אירע באַגריפן פון מענשליכן יושר און סאָציאַלער גערעכטיגקייט, האָט צו די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע און צו זייערע פירער, צוערשט גערעדט אין „פרעמדע שפּראַכן" — אין רוסיש, ענגליש, דייטש. אָבער ניט אין אידיש. די אידישע שפּראַך איז געקומען שפּעטער. געבראַכט איר צו די אידישע אַרבייטער אימיגראַנטן האָט, ווי באַקאַנט, דער דאַמאָלסט יונגער רוסיש־אידישער סאָציאַליסט אב. קאַהאַן, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו אַנערקענען אַז מיט אַרבייטער דאַרף מען ריידן אין זייער מוטער־שפּראַך. עס מוז אָבער באַטאָנט ווערן, דאָס מיט וואָס פאַר אַ שפּראַך מיטעל זיי זאָלן זיך ניט האָבן באַנוצט, האָבן זיי דאָך גערעדט „רוסיש". זיי האָבן געשעפּט זייער ענטוזיאַזם פון רייכן קוואַל, וואָס די זשעלאַבאָווס, די פּעראָווסקיס, די מיכאַילאָווס און די זונדעלעוויטשעס פון דעם רוסישן פרייהייטס קאַמף האָבן צוגעשטעלט. מיטגעווירקט האָט דאָ ספּעציעל דאָס, וואָס אין דער גרויסער אַרבייט פון פּאָליטיש־קולטורעלע אויפקלערונג, וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען צווישן די רויהע אידישע אימיגראַנטן מאַסן, האָבן דירעקט זיך באַטייליגט אויך עכטע רוסן. עס איז גענוג צו דערמאָנען בלויז דריי נעמען, סערגעי שעוויטש, וויליאַם פרעי און לעוו האַרטמאַן. פון די דריי איז באַזונדער גרויס געווען דער איינפלוס פון סערגעי שעוויטש. אַ רוסישער באַראָן פון די באַלטישע פּראָווינצען, אַ מאַן פון גרויס בילדונג און קולטור, אַ קענער פון אַ האַלבען טוץ שפּראַכן, האָט ער זיין גרויסן טאַלאַנט אַלס רעדנער, שרייבער און דענקער אָפּגעגעבן צו ערשט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון רוסלאַנד, דערנאָך דער אַרבייטער־באַוועגונג פון דייטשלאַנד און אַמעריקע. פון דעם וואָס די טוער פון יענער צייט דערציילן אין זייערע עראינערונגען*) איז קלאָר, דאָס אין באַגינען פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג איז דער גוי שעוויטש אין איר ניט בלויז געווען זעהר טעטיג, נאָר אַז זיין איינפלוס אויף איר איז געווען אויסערגעוויינליך גרויס און דויערהאַפט.

די אַנדערע צוויי רוסען, וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט — דער רעוואָלוציאָנער טעראָריסט און באָמבענוואָרפער געגען צאַר, לעוו האַרטמאַן, און דער געגנער פון רעוואָלוציאָנערע קאַמפּסמיטלען, דער פילאָזאָף פּאָזיטיוויסט, און פרימיטיווער עטישער קאָמוניסט, וויליאַם פרעי — (אַ פּסעוודאָנים), האָבן, נאַטירליך, ניט געהאַט אויף אונזערע ערשטע יוניאָן־בויער דעם איינפלוס וואָס שעוויטש האָט געהאַט. אָבער אויך זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן שפּור אויף דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון אונזערע פּיאָנערן. דירעקט און אומדירעקט האָבן אויך די דאָזיגע צוויי רוסן, מיטגעווירקט אין דעם פּראָצעס פון קולטורעלע ערוואַכונג פון די אידישע אַרבייטער מאַסן אין אַמעריקע און זייער סאָציאַל־פּאָליטישער אויסבילדונג. צוזאַמען מיט זייערע אידישע שילער, נאָכפאָלגער און „פּאַטריאָטן" האָבן די דערמאָנטע רוסן איינגעוואָרצעלט אין דעם אידישן יוניאָן טוער דעם אינטערעס צו אַלגעמיין מענשליכע פּראָבלעמען אין דעם ענדגילטיגן זיג פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, וואָס טיילט אים אָפּ נאָך איצט פון זיינע ניט־אידישע יוניאָן־ברידער.

## גרויסע גייסטיגע ירושה

די צוויי אויסלענדישע איינפלוסן, דער דייטשער און דער רוסישער, פילען זיך שוין ניט מעהר אין דער אַרבייט פון די אידישע געווערקשאַפטן. זייער פּלאַץ האָט מיט דער צייט פאַרנומען אַ דריטער „אויסלענדישער" שטראָם. דער שטראָם פון ציוניזם און פּאַלעסטינע. דער דיאַלעקטישער פּראָצעס איז ווי פאַרענדיגט: פון אַנאַרכיסטישן קאָסמאָפּאָליטיזם דורך סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַליזם צו ציוניסטישן נאַציאָנאַליזם. עס איז ערלויבט אָפּצושאַצן די דאָזיגע גייסטיגע עוואָלוציע אויף פאַרשיידענע אופנים. נאָר וואָס די אָפּשאַצונג זאָל ניט זיין, איין זאַך, שיינט מיר, קען מען זאָגן מיט זיכערקייט. די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן, אפילו אין דער איצטיגער שטופע פון איר אַנטוויקלונג קלייבט זיך ניט אָפּצונייגען פון דער גרויסער גייסטיגער ירושה, וואָס די ערשטע צוויי שטופעס — די דייטשע און די רוסישע — האָבן איר איבערגעלאָזט.

*) זע אַב. קאַהאַנ׳ס ווערק „בלעטער פון מיין לעבן", צווייטער באַנד.

# פאַרטייען אין דער אידישער אַרבייטער־וועלט

**בונדיסטען, פועלי־ציון און ס. ס.**
**— כאַראַקטעריסטיקעס פון זיי.**

פון א. ליטוואַק

ביים אָנשליסען זיך אין דער אָדער יענער פאַרטיי, שפּילט ניט אַלע מאָל אַ ראָלע דער באַוואוסט־זיין. זעהר אָפט ווירקט דאָ אַ צופאַל: דער ערשטער באַקאַנטער, דאָס ערשטע ביכעל, קרובים און פריינט, וואָס געהערען שוין פון פריער צו דער אָדער יענער פאַרטיי. דאָך איז פאַראַנען אַ מין פאַרטיי־אויסוואַל. עס זיינען פאַראַנען מענשען, וואָס לויט זייערע מוחות און דערציאונג זיינען זיי מער צוגעפּאַסט צו איין פאַרטיי, ווי צו אַ צווייטער.

**אָהן נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק**

די בונדיסטען זיינען געקומען צום אידישען אַרבייטער נאָר מיטן סאָציאַליזם. בנוגע אידישע פּראָבלעמען זיינען זיי מיטביידע פיס געשטאַנען אויפ'ן באָדען פון גלות, וועלכער דאַרף געלייטערט ווערען און געפינען זיין תקון אין דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. אייגענטליך האָבען פאַר זיי קיין זעלבסטשטענדיגע אידישע פּראָבלעמען ניט עקזיסטירט; דאָס זיינען געווען בלויז איינצעלהייטען פון די אַלגעמיינע פּראָבלעמען. דאָס איז געווען מאָניסטיש, גראָדליניק, אָהן סתירות. די בונדיסטען זיינען געווען מענשען אָהן נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק; די, וואָס זיינען געקומען פון אַסימילירטע קרייזען, האָבען זי קיינמאָל ניט געהאַט; די געוועזענע ישיבה־בחורים האָבען זיך געמיט אַרויסצורייסען אירע שפּורען פון זייער נשמה, זיינען זיי געוואָרען אירע צו'להכעיס'ניקעס. די אידישע קולטור איז פאַר די בונדיסטען געווען אַ זאַך פון נויטווענדיגער אַרבייט, ניט פון סענטימענטען. דער בונד איז אויסגעוואַקסען אויף דער פּראַקטישער אַרבייט, וועלכע האָט געפאָדערט אַלע כוחות, און צו וועלכער יעדער אָנהענגער האָט זיך געריסען מיט דער גאַנצער נשמה.

אַ בונדיסט איז פריער פון אַלץ אַ ווילענסמענש. אַ מענש פון מעשים, אַ ניכטערער, ניט געניגט צו אילוזיעס, הגם זיין ניכטערקייט האָט אים ניט געשטערט צו דערגיין ביז העראָיזם און מסירות נפש. ער האָט ניט איבעריגס חשק צו טעאָרעטיזירען צו פאַרקריכען אין ווייטע דרכים. אין דעם ליגט אַ געוויסע שוואַכקייט זיינע; אין דעם ליגט אויך זיין כח: ער נעמט זיך צו אַ פראַגע נאָר דעמאָלט, ווען זי איז שוין צייטיג, קלאַפּט אַקטועל אין טיר פון לעבען, און אָפּלייגען קען מען זי ניט; און ער נעמט אויף די טעאָריע נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי איז נויטיג פאַר דער פּראַקטיק.

די ס. ס. (סאָציאַליסטען ציוניסטען) און די פועלי ציון זיינען געקומען צו דער אַרבייטער באַוועגונג פון ציוניזם, און די גאַנצע צייט פון זייער עקזיסטענץ האָבען זיי געמוזט שפּרינגען אויף צוויי שוועלען, פאַראייניגען מאַרקס'ען מיט פינסקער'ען און הערצל'ען, גלות'יזם מיט טעריטאָריאַליזם; האָבען זיי געמוזט נאָכאַנאַנדער טעאָרעטיזירען, זיך פּלפּל'ן. דער פאַרשטאָרבענער באָראָכאָוו האָט אַמאָל געשריבען: „אַ בונדיסט צו זיין איז לייכט — ס'איז איינפאַך, אָהן סתירות. שווערער איז צו זיין אַ ס. ס., און פאַרוויקעלטער און דער גרעסטער קונץ איז צו זיין אַ פועלי־ציון; ווייל דער פועלי־ציוניזם איז פול מיט ראַדיקאַלע סתירות, און ס'איז שווער צו געפינען דעם סינטעז.״

**פאַרוואָס טעאָרעטישע נייגונגען**

די פועלי־ציון מיט די ס. ס. זיינען געווען נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיקער. אָבער אַזוי ווי די פועלי־ציון האָבען געפאָדערט ניט בלויז אַ לאַנד בכלל, נאָר דאָס אַלטע היסטאָרישע לאַנד, איז ביי זיי די ראָמאַנטיק געווען שטאַרקער, ווי ביי די ס. ס., וועלכע זיינען געווען „טעריטאָריאַליסטען אָהן אַ געאָגראַפישען פונקט״ און האָבען געקאָנט בענקען, ניט חובב'ען. און ווייל די פועלי־ציוניסטען האָבען שטאַרק געבויט אויף די אַלטע סענטימענטען פונם פאָלק, האָבען זיי געטראָגען זייער ראָמאַנטיק אויף דעם גאַס, און זי איז ביי זיי געוואָרען אי שרייעדיג, אי זיסלאַך, מליצה'דיג. בעת די פועלי־ציון און ס. ס. זיינען געקומען צו די אידישע מאַסען, איז די פּראַקטישע אַרבייט אין דער באַוועגונג שוין לאַנג געטאָן געוואָרען פונם בונד, און זיי האָבען אים אין דעם פּרט ניט געקענט נאָכטאָן אין א סך אַ קלענערען מאַסשטאַב. וועלענדיג באַקעמפען אים, האָבען זיי געמוזט שטאַרקער שלאָגען אויף אונזערע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, אויפן

אַנאַליז פון דער אידישער ווירקליכקייט; איז ביי זיי די טעאָרעטישע נייגונגען געווען גרעסער, ווי די אַקטיוויטעט. דאָך איז אין דעם פּרט געווען אַ באַדייטענדיגער אונטערשייד צווישען די פּועלי־ציון מיט די ס. ס. די פּועלי־ציון האָבען אַ באַשטימטען פּונקט פאַר זייערע טעריטאָריאַליסטישע באַשטרעבונגען — ציון; זיי האָבען אַן אָרט, וואו אויסצוגיסען זייער ראָמאַנטישע ענערגיע; זיינען זיי דעריבער אַקטיווער, איידער די ס. ס. וועלכע האָבען ערשט געהאַלטען אין זוכען לענדער, און האָבען „אַנשטאָט אַ טעריטאָריע געהאַט אַ טעאָריע". אָבער צוליב דער זעלביגער סיבה איז אין דעם פּרט דער ס. ס. געווען שטאַרקער, ווי דער פּועלי־ציוניסט. דער פּועלי־ציוניסט זוכט ניט קיין נייעס; ער זוכט נאָר ראיות צו פאַרענטפערען און באַרעכטיגען דאָס, וואָס ער האָט שוין פון לאַנג געפונען; דעריבער איז פון זיין טעאָרעטיזירען גאָרנישט אַרויסגעקומען. דער ס. ס. איז געווען אַ בענקענדיגער זוכער. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דעם אַנאַליז פון דער אידישער ווירקליכקייט; ער האָט דעם פאַרדינסט פון אָנווייזען קראַנקע ערטער, פון שטעלען פראַגען; אים איז אָבער ניט באַשערט געווען צו געבען אויף זיי אַ ריכטיגען ענטפער. מער ווי אַלץ האָבען אים געשטערט אין דעם די פאַרטיגע מיינונגען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון ציוניזם. געשטערט האָט אויך דאָס, וואָס הגם די ס. ס., ווי די פּועלי־ציון, האָבען נאָכאַנאַנד ציטירט מאַרקס'ען, זיינען זיי פון דעסטוועגען זעהר ניט פעסט אין מאַרקסיסטישען מעטאָד: זייער דואַליסטיש־צושפּאַלטענער אַרט דענקען האָט זיי געמאַכט ניט פייאיג דערצו. האָט דער ס. ס. געמאַכט די זוכעניש פאַר אַ זעלבסט־צוועק און ער האָט זיך שוין אָפּט געגריבעלט, געדרייט מיטן גראָבען פינגער. דאָס האָט אויך געווירקט אויף זיין אידיש, וועלכער איז געווען ניט קלאָר, האַרט, פול מיט שווערע העבראַאישע ווערטער און ווענדונגען, און דערמאָנט אין אַלטע פרענקישען חקירה ספר. דאָס רוב געוועזענע ס. ס. קאָנט איר נאָך עד היום דערקענען נאָך זייער פאַרפּלאָנטערטער שפּראַך.

## מער קרובים מיט'ן כלל־פאָלק

דער בונד האָט פאַר זיך אָפּגעצאָמט דעם תחום פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, און פונ'ם דאָזיגען ווינקעל האָט ער געקוקט אויפן גאַנצען אידישען פאָלק. די פּויעלי־ציון און ס. ס. זיינען געווען מער קרובים מיטן כלל־פאָלק; זיי האָבען דאָך געהאַלטען, אַז אַן אמת'ער פּראָלעטאַריאַט און אַ עכטער קלאַסען־קאַמף דאַרפען ביים אידישען פאָלק נאָך ערשט געבוירען ווערען אין אַן אייגענעם לאַנד. און אַ טעריטאָריע קאָן דאָך סוף כל סוף ניט פאַרווירקלעכט ווערען פונם פּראָלעטאַריאַט אַליין. דערצו איז, אַזוי צי אַנדערש, נויטיג דאָס גאַנצע פאָלק.

וועגען די י. ס. (סיימיסטען) רייד איך דאָ ניט, ווייל זיי זיינען תמיד געווען בלויז אַ הייפעל אינטעליגענטען, קיינמאָל ניט קיין פּאַרטיי.

וואָס איז שייך די מאַסען, איז כמעט אַ כלל, אַז צו די פּועלי־ציון האָט מערער געצויגען די האַלב באַלעבאַטישע עלעמענטען צווישען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט.

אויס מורא איבערצוכאַפּען די מאָס און ווערען נאַציאָנאַליסטיש, איז אַ בונדיסט אין אידישע פראַגען שטענדיג אַ לינקער, ווי אין אַלגעמיין פּאָליטישע. עס איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרען: בונדיסטען זיינען מענשעוויקעס אין אַלגעמיינע פראַגען און באָלשעוויקעס אין אידישע פראַגען. ביי אייניגע טוער פלעגט עס אַמאָל אָננעמען אַן אָריגינעלען כאַראַקטער. די חבר'טע אסתר, למשל, איז צייטענווייז געווען נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. זי האָט עס געוואוסט און מורא געהאַט פאַר זיך אַליין; און אויב איר איז אין אַזאַ שטימונג אויסגעקומען צו באַהאַנדלען וועלכע ניט איז אידישע פראַגע, פלעגט זי איבערבויגען דעם שטעקען אין דער צווייטער זייט און זיך אָנשפּאַרען כמעט אין אַסימילאַציע.

## געהאָרכזאַם רוף פון לעבן

אָבער דער בונדיסט איז שטענדיג געהאָרכזאָם דעם רוף פונם לעבען, און זאָלען עס נאָר די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאָדערען, וועט אַ בונדיסט דרייסט איינגיין אויף אַזעלכע טריט, פאַר וועלכען ער האָט נעכטען, בעת דאָס איז געווען אַ געגענשטאַנד פון דיסקוסיעס, שטאַרק מורא געהאַט. פאַרקערט איז מיט די פּועלי־ציון און ס. ס. ביי אונז איז שוין כמעט געוואָרען אַ כלל; וואָס נאַציאָנאַליסטישער אַ אידישער אַרבייטער־פּאַרטיי איז, אַלץ אַ לינקערע פראַזעאָלאָגיע באַנוצט זי אין אַלגעמיינע פראַגען. פון יאָר 1905 אָן, האָבען די ס. ס. אין אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגען כמעט שטענדיג גענומען מיט אַ פאַר טענער העכער, איידער דער בונד, און די פּועלי־ציון האָבען זיך פּשוט געריסען אויפן ביי־קול. די דאָזיגע פאַרקערטע פּראָפּאָרציע צווישען רעוואָלוציאָנערשקייט פאַר לייטען און אָפּאָרטוניזם ביי זיך אין דער היים — האָט זיך איינגעהאַלטען ביז היינטיגען טאָג.

# די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג

פון גרופּעס אידישע רעוואָלוציאָנערן אין איי־ראָפּע דורך אידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע צו דער אַרבייטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל

פון ברוך צוקערמאַן

### אַריינפיר

אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער

די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג איז אָהן ספק די פאַרבענרייכסטע פון אַלע אַרבייטער־באַוועגונגען פון אַלע פעלקער. אַלע פּרינציפּיעלע און טאַקטישע חלוקי־דעות, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט פאַרשיידענע שאַטירונגען אין דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג, האָבן זייערע ווירקונגען אויך אויסגעאיבט אין דער א י ד י ש ע ר אַרבייטער־באַוועגונג. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען ס פּ ע צ י ע ל ע חלוקי־דעות, אַרויסגעוואַקסען דורך די ספּעציעלע באַדינגונגען פון דעם אידישען גלות־לעבען. זיי האָבן צוגעגעבען נייע קאָלירען צום פאַרביגען רעגען־בויגען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט. פאַרשיידענע אַרבייטער־פּאַרטייען זיינען ביי אידען געבאָרען געוואָרען, וועלכע האָבן ביי נאָרמאַלע פעלקער גאָר ניט געקענט אנטשטיין. צווישען די דאָזיגע פּאַרטייען פאַרנעמען אַ באַדייטענדיגען אָרט די ציוניסטישע אַרבייטער־פּאַרטייען. אין אַ זאַמעל־בוך, וואָס איז געווידמעט דער 50 יעריגער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, דאַרף זיכער דער דאָזיגער קאָלירפולער פליגעל אירער געפינען זיין אָפּשאַצונג. דאָס איז דער צוועק פון די ווייטערדיגע קאַפּיטלאַך.

דערביי מוז גלייך באַצייכענט ווערען, אַז דער מחבר פּרעטענדירט ניט אויף געשיכטלאַכער אויסשעפּענדיגקייט. אַלץ, וואָס דער מחבר האָט געהאַט בדעה, איז צו געבען, אין אַלגעמיינע שטריכען, אַ צייכנונג פון דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיגער מערקווירדיגער באַוועגונג, אויף אַ קאנווע געוועבט פון פעדים, וועלכע זיינען געצויגען געוואָרען פון צוויי לעבעדיגע אָרגאַניזמען: דאָס אידישע פאָלק און די אַלוועלטליכע אַרבייטער־באַוועגונג.

### א. דער אָנהויב

באַטראַכט מען דעם אָנהויב פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, באַמערקט מען אין אים פאָלגענדיגע דערשיינונג: אין זיין גאָר פּרימיטיווער פאָרמע איז ער געטראָגען געוואָרען פון דאָס, וואָס מען רופט איצטער אָן: עקאָנאָמישע קלאַסען־מאָמענטען. ווען אָבער ער הויבט אָן איבערצוגיין צו אַ מער באַוואוסטזיניגער פאָרמע, מישען זיך אַריין אַנדערע, ניט בלויז עקאָנאָמישע מאָמענטען. אַלס פּרימיטיווע פאָרמע פון אָנהויב פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג דאַרפען באַטראַכט ווערען די פילע אַרבייטאָרישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך פאָרמירט אין אָדער אַרום די שולען און בתי־מדרשים. דער גייסטיגער אינהאַלט פון יענע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס איז געווען דערזעלביגער, וואָס ביי אַלע אַנדערע גרופּירונגען אין אידישען לעבען — אַן עכט אידיש־רעליגיעזער. אויסגעטיילט האָט זיי פון אַנדערע אידען בלויז זייער אַרבייטאָרישקייט. אויסגעלעבט האָבן זיי זייערע אַרבייטאָרישע אייגענאַרטיגקייטען אין פּראָטעסט געגען דעם אופן ווי מען האָט זיי באַהאַנדעלט דוקא אין די שולען און בתי־מדרשים; אין אויסריידען דאָס האַרץ אויף די גבירים פון שטאָט און שטעטעל. זייער אַרבייטאָרישע אייגענאַרטיגקייט איז געלעגען ניט אין אַ באַזונדערער סאָציאַלער פילאָזאָפיע, אין אַ באַזונדערען קוק אויפ׳ן מענשליכען און אידישען לעבען. בלויז דער פאַקט פון זייער עקאָנאָמישער אַנדערשקייט, פון זייער מאַטעריאַלער ערגערקייט לגבי די אַנדערע אידען, האָט זיי געבראַכט צום געדאַנק פון באַזונדערער אָרגאַניזירונג.

ערשט מיט׳ן אנטשטיין פון די ערשטע גרופּען פון באַוואוסטזיניגע אידישע סאָציאַליסטען, גאָר אין אָנהויב איז דער פּערזאָן פון משה העס, שפּעטער און הויפּטזאַכליך, די גרופּע, וואָס איז געפירט געוואָרען פון די באַקאַנטע אידישע סאָציאַליסטען ליבערמאַן און זונדעלעוויטש, הויבט די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג אָן צו זוכען און ביסלאַכווייז צו באַקומען איר אייגענע נשמה.

זי זוכט פאַר זיך אַ באַזונדערע פילאָזאָפיע, אַ באַזונדערן קוק אויפ'ן לעבען. און דאָס מערקווירדיגסטע איז, אַז בעת די רייפערע אַרבייטער־באַוועגונגען ביי אַנדערע פעלקער האָבען געפונען דעם באַזיס פאַר זייער באַזונדערן לעבענס־קוק אין קלאַסען־קאַמף, אין דער מאַטעריליסטישער געשיכטס־אויפאַסונג, האָט אין אָנהויב פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פאַסירט כמעט דער היפוך.

**משה העס און ליבערמאַן און זונדעלעוויטש**

סיי משה העס און אפילו די ליבערמאַן־זונדעלעוויטש גרופע זוכען זייערע סאָציאַליסטישע באַגרינדונגען מער אין דער ספערע פון העכערען גייסט, ווי אין דער ספערע פון מאַטעריעלע לעבענס־אינטערעסען.

אודאי דינט פאַר זיי אַלעמען דער אָרעמקייט־מאָטיוו, דער פאַקט פון עקאָנאָמישער אומגליקלעכקייט, ווי אַן אָנשפּאַר פאַר זייער אַגיטאַציע. אָבער די נשמה פון זייער גאַנצער פרוכטבאַרער טעטיגקייט ליגט אויף אַן אַנדער געביט.

דאָס קען דערקלערט ווערען מיט דער געשיכטליכער־אַנטוויקלונג און גייסטיגע זוכענישען פון יענעם אידישען דור, אין וועלכען זיי האָבען געלעבט און געווירקט.

**אויפ'ן אָרט פון רעליגיע און השכלה**

די השכלה באַוועגונג האָט שוין געהאַלטען אין גיין באַרג־אַראָנטער. די האָפענונג, אַז דורך השכלה וועט קענען געלייזט ווערען דאָס פּראָבלעם „ישראל בעמים", פון אידישען קיום צווישען די פעלקער, האָט זיך גענומען אויסלעשען. גלייכצייטיג האָבען אָבער די רעליגיע־יסודות, אויף וועלכע עס האָט זיך דורות־לאַנג געהאַלטען דער אידישער קיום, אויך אָנגעהויבען באַווייזען סמנים פון אָפּשוואַכונג. דער טיפערער טראַכטער וועגען צוקונפט פון אידישען פאָלק האָט געמוזט זוכען אַ נייעם יסוד, וואָס זאָל פאַרבייטען סיי רעליגיע, סיי השכלה. אָט־די געשיכטליכע נויט האָט אַרויסגערופען אַלע מאָדערנסטע באַוועגונגען צווישען אידען. אַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען, אַלע ציוניסטישע באַוועגונגען, אַלע קולטור־באַוועגונגען און אַלע אפילו אַסימילאַטאָרישע באַוועגונגען זיינען געבאָרען געוואָרען אין דעם פאַרזוך צו געבען אַן ענטפער אויף איין און דערזעלביגער פראַגע: דער זין פון אידישען קיום און די פאַרזיכערונג פון דאָזיגען קיום פאַר דער צוקונפט.

ווען די פאַרשיידענע באַזונדערע שטראָמען האָבען זיך גענומען דערווייטערען איינער פון די אַנדערע האָט אויסגעבראָכען אַ שאַרפע גייסטיגע מלחמה צווישען זיי. יעדער איינער האָט אין זיך געזען דעם איינציגען אמת'ן ענטפער אויף דער פראַגע. און מיט כאַראַקטעריסטישען אידישען מאָנאָטעאיזם פון „לא יהיה לך אלהים אחרים על פני", האָט איינער אין דעם צווייטען געזען ממש געצענדינסט. אַסימילאַציע, וואָס איז זעלבסטפאַרניינונג, ווען עס ענטפער אויף דער אידען־פראַגע האָט געקענט אויסגעדריקט ווערען אין דער פאָרמולע: ווען איינער איז קראַנק, איז דער בעסטער אויסוועג פאַר אים דער טויט, — אַסימילאַציע האָט אָנגערירט בלויז די הויכע שפיצען פון אידישע פינאַנצירען און אינטעליגענטען. אין פאָלק האָט עס קיין ווירקונג ניט איבערגעלאָזען. דאַגעגען ציוניזם פון איין זייט און סאָציאַליזם פון דער צווייטער זייט האָבען גענומען טיף אַריינדרינגען אין אידישע מאַסען. דער קאַמף האָט זיך, אַלזאָ, צוברענט צווישען די צוויי קאָנקורירענדיגע באַוועגונגען אין אידישען לעבען. און צווישען די סאָציאַליסטען אָהן ציוניזם און ציוניסטען אָהן סאָציאַליזם גייט נאָך דער דאָזיגער קאַמף אָן עד היום הזה.

אָבער כמעט אין איין צייט מיט'ן אָרגאַניזירטען סתם־סאָציאַליזם און אָרגאַניזירטען סתם־ציוניזם, הויבט זיך אָן ציען אַ זעהר באַשיידענער שטראָם, וואָס פאַראייניגט אין זיךביידע אידייען, וואָס זעט ניט קיין שום ווידערשפּרוך צווישען זיי. פאַרקערט! ער זעט אין יעדער איינע פון זיי אַ דערגענצונג צו דער צווייטער. ער זעט, אַז די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג קען ניט קלייבען: אָדער סאָציאַליזם, אָדער ציוניזם. זי מוז אָננעמען ביידע: סאָציאַליזם און ציוניזם!

דאָס איז ניט געווען בלויז אַ קאָמפּראָמיס פון צוויי גוטע געדאַנקען, וועלכע האָבען זיך על־פּי־טעות איינע די אַנדערע באַקעמפט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַ געדאַנקענגאַנג, אַז די אידישע אַרבייטערשאַפט, ווי אַ ספּעציעלער מענשען־שיכט, האָט אין דער אידישער וועלט די אויפגאַבע דורכצופירען אַ גרויסע רעוואָלוציע, וועלכע זאָל דערפירען דעם אידישען פאָלק צו זיין נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און מיטהעלפען דעם אַרבייטער־קלאַס פון גאָר דער וועלט צו ברייגנען צו יענער ענדערונג אין דער מענשליכער ווירטשאַפטס־סיסטעם, וואָס ווערט באַצייכענט מיט'ן נאָמען סאָציאַליזם. דער פאַראייניגענדיגער פאַקטאָר איז געווען זיין סאַמע טרעגער — די אידישע אַרבייטערשאַפט. ניט זי האָט געוואָלט און נאָך ווייניגער האָט זי זיך געקענט אַרויסנעמען פון אידישען פאָלק, (בלויז יחידים צווישען סאָציאַליסטישע אינטעליגענטען האָבען עס געקאָנט דערלויבען. די מאַסען קיינמאָל ניט!) און ניט זי האָט געוואָלט און געקענט זיך אָפּזאָגען פון די אויפגאַבען וואָס דער וועלט פּראָלעטאַריאַט שטעלט זיך.

דער אונטערשייד פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט און די אַרבייטער־באַוועגונגען פון אַנדערע פעלקער איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס די מערסטע פעלקער האָבען זייער נאַציאָנאַלע פרייהייט פאַרמאָגט. זיי האָבען דעריבער זיך ניט גענויטיגט אין ספּעציעלע באַוועגונגען

צוליב נאַציאָנאַלע צילען. צווישען די פעלקער וועלכע זיינען ניט געווען פריי, האָבען טאָקע זייערע אַרבייטער באַוועגונגען גענומען אויף זיך צילען פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. דער בעסטער ביישפיל איז געווען די פוילישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. די אַרבייטער־באַוועגונג אין עסטרייך האָט, צוגעפּאַסט צו די פּאָליטישע באַדינגונגען פון דער דאַמאָלדיגער עסטרייכישער אימפּעריע, אויפגענומען דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם און געזוכט איר צו לייזען דורך גיבען טעריטאָריעלע אויטאָנאָמיע צו אַלע פעלקער, וועלכע זיינען דאַן געווען איינגעשלאָסען אין דער עסטרייכישער מדינה. די ספּעציעלע לאַגע פון די אידישע אַרבייטער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויך טעריטאָריעלע אויטאָנאָמיע האָט פאַר זיי ניט געקענט זיין קיין לייזונג, ווייל זיי זיינען אין ערגעץ ניט געווען קיין מאַיאָריטעט, וואו אויך פאַר׳ן אידישען פאָלק זאָל געגעבען ווערען אַ מעגליכקייט פון טעריטאָריעלע אויטאָנאָמיע. זיי האָבען ערשט די טעריטאָריע געדאַרפט געפינען. און האָבען זיי זי געפונען — די וואָס האָבען אָנגענומען ארץ־ישראל אַלס די אידישע טעריטאָריע! — האָבען זיי זי געדאַרפט ערשט אָנהויבען בויען. דעריבער איז די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג, פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס אויפגאַבע, געווען אין אַ פיל שווערערע לאַגע, ווי די אַרבייטער פון יענע אונטערדריקטע, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף זייערע טעריטאָריעס, נאָר אונטער אַ פרעמדען פּאָליטישען יאָך.

**אויטאָנאָמיע, טעריטאָריע, ארץ־ישראל**

**נאַציאָנאַלע באַפרייאונג און אינטער־נאַציאָנאַליזם**

אָבער די איבערצייגונג, אַז די אַרבייטערשאַפט פון אַ פאָלק איז מחויב צו זאָרגען אויך פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג פון איר פאָלק, אויב דאָס פאָלק איז אונטערגעדריקט, — די דאָזיגע איבערצייגונג האָט שוין דאַן איינגעדרונגען אין דער אַלוועלטלאַך־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס האָבען זיך גענומען אויפקלערען די אונטערשיידען פון קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם. דאָס ערשטע קומט אַרויס פאַר דעם געדאַנק, אַז פעלקער מוזען, אָבער זיכער מעגען, אויפגעלייזט ווערען אין דער אַלגעמיינער מענשהייט. כאָטש קיינער האָט ניט געקענט אָנצייגען ווי אַזוי דאָס קען געשען. אינטערנאַציאָנאַליזם — דער געדאַנק, אַז פעלקער דאַרפען צווישען זיך זיין פאַרבונדען אין ברידערלאַכקייט און אינטערעסען־געמיינשאַפטלאַכקייט, וואָס דאָס קען געשען נאָר דאַן ווען פעלקער עקזיסטירען און לעבען, — דער דאָזיגער געדאַנק האָט גענומען באַהערשען די סאָציאַליסטישע וועלט.

די אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגענומען דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, האָט זיך דאַן צוטיילט אויף צוויי שטראָמען: אַ „בונד״־ישער שטראָם, וועלכער האָט זיך געשטעלט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט, אַז דאָס אידישע פאָלק קען זיין נאַציאָנאַלע באַפרייאונג זיך אויסקעמפען דורך סאָציאַליזם, בלייבענדיג אין גלות און דער אַרבייטער־ציוניזם אין אַלע זיינע געשטאַלטונגען, וועלכער האָט באַהויפּטעט, אַז פאַר זיין פולקאָמענער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג מוז דער אידישער אַרבייטער, ווי אַ טייל פון אידישען פאָלק, קעמפען פאַר אַן אייגענער אידישער טעריטאָריע.

פאַר דעם גרעסטען טייל פון אָט דער באַוועגונג איז די טעריטאָריע ניט געווען סתם אַן אַבסטראַקט לאַנד, וועלכע מען דאַרף ערשט געפינען, נאָר דאָס באַשטימטע לאַנד — ארץ־ישראל!

אַז אָט דער געדאַנקען־גאַנג איז ניט געווען דער איינפאַל פון אַ יחיד קען באַוויזען ווערען דורך דעם פאַקט, וואָס גלייכצייטיג זיינען אַנטשטאַנען פועלי־ציוניסטישע גרופּירונגען אין פאַרשיידענע ווינקלען פון דער דאַמאָלדיגער 6־מיליאָנענדיגער אידישער באַפעלקערונג פון דער דאַמאָלדיגער רוסלאַנד. יעדע אנטשטאַנענע גרופּע האָט געהאַט איר אייגענע פּראָגראַם, וואָס איז אין געוויסע גאַנץ באַדייטענדע פּרטים געווען אַנדערש ווי דאָס פּראָגראַם פון די איבעריגע גרופּירונגען. עס איז געווען אַ באַזונדערער מינסקער פועלי־ציון נוסח און אַ באַזונדער וויטעפּסקער נוסח, אַ באַזונדער פּאָלטאַווער נוסח און גאָר אַ באַזונדערער פוילישער נוסח. גלייכצייטיג איז אַנטשטאַנען אַ פועלי־ציון באַוועגונג אין דאַמאָלדיגען עסטרייך מיט איר אייגענעם נוסח. אויך די נעמען זיינען געווען פאַרשידענע אין אָנהויב פון זייער אנטשטיין. פאַראייניגט האָט אָבער זיי אַלע דער איין צענטראַלער געדאַנק און צענטראַלער ציל: די אידישע אַרבייטערשאַפט דאַרף אויף זיך נעמען די גרויסע היסטאָרישע ראָלע פון בויען ארץ־ישראל פאַר׳ן אידישען פאָלק און, צוזאַמען מיט׳ן וועלט־פּראָלעטאַריאַט, בויען די צוקונפטיגע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אַלזאָ געצויגען יניקה פוןביידע קוואַלען, פון ציוניסטישען און סאָציאַליסטישען. אַלע מעלות און חסרונות פון ביידע באַוועגונג האָבען איבערגעלאָזען אַ רושם אויף איר ווייטערדיגער אַנטוויקלונג. חיבת ציון, בי״לו, הערצל׳ס פּאָליטישער ציוניזם, די אויפשטעלונג פון ציוניסטען קאָנגרעס, ווייצמאַנ׳ס און מאצקינ׳ס דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אַלע די דאָזיגע עטאַפּען פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג האָבען אַריינגעזייט זייערע קערנער אין דער יונגער פועלי־

ציון באַוועגונג. גלייכצייטיג האָט זי אַריינגענומען אין זיך קערנער פון די פאַרשידענע עטאַפּען וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט דורכגעמאַכט, הויפּטזעכליך אין רוסלאַנד און עסטרייך. מאַרקסיזם, בערנשטיינס רעוויזיאָניזם, עכט־רוסישער פאָלקס־סאָציאַליזם פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", שטריינג־וויסענשאַפטלאַכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם פון פּלעכאַנאָוו מיט זיינע חברים, די סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי מיט איר העראָאיזם און אירע קאָמפּס־מיטלען, — זיי אַלע האָבען איר באַאיינפלוסט. פון אַזאַ רייכען אידייאישען אוצר האָט די דאָזיגע באַוועגונג געצויגען איר גייסטיגע חיונה.

ב. אין אייראָפּע

**דר. סירקין סאָציאַליסטישער ציוניזם**

ווי אויבען באַצייכענט האָט די באַוועגונג אַרויסגעשפּראָצט פון די סאַמע טיפענישען פון אידישען לעבען אין די פאַרשידענע ווינקעלאַך פון רוסלאַנד און עסטרייך. אָבער יחידים האָבען זיך דערביי אַרויסגעהויבען איבער די דאָזיגע טיפענישען און, ווי אין יעדער באַוועגונג, אַוועקגעלייגט זייער שטעמפּעל אויף דער באַוועגונג און איר ווייטערדיגער אַנטוויקלונג.

דער ערשטער וואָס האָט נאָך משה העס אויפגעהויבען אַ זעהר העפטיגע שטימע פאַר'ן סאָציאַליסטישען ציוניזם, איז געווען דר. נחמן סירקין. אים איז אָבער באַשערט געווען אַ בעסערער באַוועגונגס־גורל פון משה העס. העס האָט טאַקע אין דר. נחמן סירקין געפונען דעם יורש פון זיינע געדאַנקען. פון העס ביז סירקין'ס אויפטריט זיינען פאַרביי 35 יאָר. דער ציוניזם פון משה העס האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג ביי זיינע צייט־גענאָסען. די עטיש־גייסטיגע מדרגה פון העס'עס ציוניזם איז געווען פון אַזאַ גוואַלדיגער הויך, אַז זיינע צייט־גענאָסען האָבען עס פשוט ניט משיג געווען. אפילו אין אונזערע טעג, מיט אַלע אויפטואונגען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גלות און הויפּטזעכליך אין ארץ־ישראל, האָבען בלויז יחידים זיך דערהויבען צו דער מדרגה צו דערקענען יענע הויך־עטישע צילען, וועלכע העס האָט געזען אינ'ם אומקער פון אידישען פאָלק צוריק קיין ארץ־ישראל. די באַוועגונג אַלס גאַנצע שעפּט נאָך פון יענעם קוואַל ווייניג. סירקין האָט געהאַט אַ בעסערען מזל. ער אַליין האָט זעהר פיל שפּייז פונ'ם העס־קוואַל אין זיך אַריינגעצויגען. אין דערהויבענדיגע מאָמענטען האָט ער געזוכט די העס'ישע גייסט־נאַרונג אַריינצושפּריצען אין דער גאַנצער באַוועגונג.

**אַ בראָשור פון 40 יאָר צוריק**

ער, סירקין, איז אָבער אויפגעשטאַנען ערב אַ גרויסער רעוואָלוציע ניט נאָר אין גייסט, נאָר אינ'ם ערדישען לעבען. פאַר אים איז שוין אַ טייל פון דעם דור יע געווען מוכשר אויפצונעמען זיינע געדאַנקען. און ווען ער האָט מיט 40 יאָר צוריק, אין 1898, אָפּגעדרוקט אונטער'ן פּסעוודאנים בן־אליעזר זיין ערשטע בראָשור — אין דייטש — „די אידען־פראַגע און דער סאָציאַליסטישער אידען שטאַט", האָט עס אַרויסגערופען באַדייטענדען אויפזען. אין ווינער־זשורנאַל „דייטשע וואָרטע", אַרויסגעגעבען פון דעם באַקאַנטען סאָציאַליסט ע. פּערנעסטאָפער, ווערט איבערגעגעבען אַ באַדייטענדער אויסצוג פון אָט דער בראָשור. אין ציוניסטישע קרייזען האָט מען דערשפּירט, אַז עס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ נייער טאָן, וואָס קען האָבען ערנסטע פאָלגען פאַר דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. די מערסטע דאַמאָלדיגע ציוניסטישע פירער האָבען עס ניט אויפגענומען בסבר פנים יפות. דאָסזעלביגע האָט אויך פּאַסירט אין די דאַן שוין עקזיסטירענדיגע אידיש־סאָציאַליסטישע גרופּען, הויפּטזעכלאַך אין דער שווייץ, וואו עס האָבען זיך קאָנצענטרירט די אידישע שטודירענדיגע יוגענט און דאָרטען זיינען געוועבט געוואָרען די פעדים פון אַלע באַוועגונגען ביי אידען, הויפּטזעכלאַך האָבען זיך דאָרטען קאָנצענטרירט די אָנפירער פון די סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע באַוועגונגען פון רוסלאַנד.

אין יאָר 1900 פּובליקירט דר. סירקין אַ צווייטע בראָשור: „אַן אויפרוף פון די ציוניסטען סאָציאַליסטען צו דער אידישער יוגענט". אין 1902 גרינדעט ער דעם ערשטען ציוניסטיש־סאָציאַליסטישען פאַראיין אין לאָנדאָן אונטער'ן נאָמען „פאָרווערטס". אין 1903 גרינדעט ער די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע „חרות" און גיט אַרויס אין בערלין אַ זשורנאַל „דער המון" אין אידיש און אַ זשורנאַל „השחר" אין העברעאיש, וואו ער פּריידיגט דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישען געדאַנק.

אין דערזעלביגער צייט הויבט אָן אויפגיין דער שטערען פון אַ יונגענמאַן אין דרום־רוסלאַנד — בער באָראָכאָוו. אין 1900 געהערט ער צו דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון יעקאַטערינאָסלאַוו. פון דער גרופּע ווערט ער אויסגעשלאָסען צוליב זיין „שעדליכען איינפלוס אויף די אַרבייטער" — ווייל ער האָט אָנגעהויבען נוטה צו זיין צום ציוניסטישען געדאַנק. אין דעמזעלביגען יאָר, גרינדעט ער טאַקע אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישען אַרבייטער פאַראיין". דער דאָזיגער פאַראיין האָט זיך אויסגעצייכענט מיט צוויי דערשיינונגען אין דעם ערשטען יאָר פון זיין עקזיסטענץ: ער האָט אָרגאַניזירט פּסח־צייט דעם ערשטען זעלבסטשוץ אין צייט פון אַ פּאָגראָם אין שטאָט. סוכות־צייט האָט ער דורכגעפירט דעם ערשטען סטרייק אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

נאָך אָט דעם באַשײדענעם אָנהויב הויבט אָן באָראָכאָוו וואָס ווייטער אַלץ מער זיך פאַרטיפֿן אין דעם וועזן פון אידישן פּראָלעטאַריאַט. דער אַלגעמיינער געדאַנק־גאַנג אין סאָציאַליזם פון יענער צייט איז געווען דער מאַרקסיסטישער. באָראָכאָוו, לויט זיין באַגאַבונג אַ טיפער אַנאַליטיקער, הויבט אָן צו פאָרשן דאָס אידישע לעבן פון מאַרקסיסטישן געזיכטספונקט. ער שרייבט אָן באַדייטענדיגע אַרבייטן. שפּעטער ווערן זיי פאַראַרבייט אין די פּראָגראַמאַטישע יסודות פון פּועלי־ציוניזם.

בער באָראָכאָוו; פאָרשונג פון אידישן לעבן

סירקין און באָראָכאָוו זיינען געוואָרן די אָנערקענטע אָנהויבער און פירער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דערביי זיינען זייערע ווירקונגען געווען פון פאַרשידענעם כאַראַקטער. סירקין איז געווען פאַר דער באַוועגונג די פאָרטזעצונג פון משה העס, וואָס איז געשפּייזט געוואָרן פון הויכען פּאַטאָס, פון נביא׳ישער זעהונג — אַ ניצוץ פון אָט דער נביא׳ישקייט האָט סירקין אַליין אויך פאַרמאָגט. ער האָט באַטראַכט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג, ווי די נאַטירליכע פאָרטזעצונג פון דעם משיח געדאַנק אין דער אידישער געשיכטע. דער סאָציאַליזם פון דער דאָזיגער באַוועגונג איז פאַר אים געווען דאָס זעלביגע, וואָס דער אוניווערסאַליזם, מיט וועלכע יעדע משיח־עפּאָכע ביי אידען איז געווען אָנגעפילט. ער, סירקין, האָט מיט זיך אַליין געבילדעט דעם קאַנאַל דורך וועלכען עס האָט כסדר אַריינגעשטראָמט אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג דאָס שעפערישע אידישקייט פון אַלע דורות און פון אַלע עפּאָכען. ער איז געווען דאָס האַרץ, די נשמה פון דער באַוועגונג.

באָראָכאָוו איז געווען דער מאַרך פון דער באַוועגונג. עד איז געווען דער, וואָס האָט דער באַוועגונג צוגעשטעלט יענע סאָציאַל־וויסענשאַפטליכע אַרבייטען, מיט וועלכע זי האָט געקענט דערפאָלגרייך באַקעמפן אירע צאָלרייכע געגנער פון רעכטס און לינקס אויף דער דאַמאָליגער אידישער גאַס. אין רוסלאַנד האָט דער באָראָכאָוויזם געהאַט די אויבערהאַנט. אין עסטרייך און אַמעריקע איז די נייגונג געווען מער אַ סירקיניסטישע. צוזאַמען האָבען דיביידע מיט זיך פאָרגעשטעלט די באַגרינדער סיי פון דער טעאָריע, סיי פון דער פּראַקטיק פון דער באַוועגונג. דעם פולען צוזאַמענגוס פון ביידע געדאַנקען־ריכטונגען איז ערשט אין ארץ־ישראל געקומען צום פולשטענדיגען אויסדרוק.

אונטערדעסען האָט די באַוועגונג פאַראינטערעסירט באַדייטענדע דענקער אין אַנדערע לענדער, אויסער רוסלאַנד. אין עסטרייך איז אין 1898 דערשינען אַ חודש־בלאַט אין דער דייטשער שפּראַך אונטער׳ן נאָמען „דער אידישער אַרבייטער„, אַרויסגעגעבען פון דר. ש. ר. לאַנדוי. שפּעטער האָט זיך דאָרט באַזעצט איינער פון די קלאָרסטע קעפּ, וואָס די פּועלי־ציון האָט פון זיך אַרויסגעגעבען — שלמה קאַפּלאַנסקי. אין פּאַריז הויבט אָן אין 1899 דערשיינען אין פראַנצויזיש אַ חודש־זשורנאַל „דער פאָלק״, געווידמעט דעם „ציוניסטישען און סאָציאַלען אידענטום״, רעדאַקטירט פון זשאַק באַהאַר. אין יענעם זשורנאַל האָט דער דאַן באַקאַנטער אַנאַרכיסטישער דיינקער בערנאַרד לאַזאַר גענומען אַ וואָרט אין דער אידען־פּראַגע, מיט אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צום ציוניזם. אין ברין (איצטער טשעכאָסלאָוואַקיע) דערשיינט אין דייטש אַן אָרגאַן „די אידישע פאָלקס־שטימע״, וואָס ווערט אַרויסגעגעבען פון אַ צענטראַל פאַרבאַנד פון אידישע האַנדעלס אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען געווען ציוניסטיש. זומער 1902 ווערען געגרינדעט פאַראיינען „מערבי״ אין לאָנדאָן און „חלוצי־ציון״ אין לידז, וועלכע זיינען ציוניסטען מיט אַ סאָציאַליסטישער באַפאַרבונג. דאָס זיינען געווען צוגאבען צום אויבענדערמאָנטען פאַראיין „פאָרווערטס״, וואָס סירקין האָט געגרינדעט און איז געווען פולשטענדיג ציוניסטיש־סאָציאַליסטיש.

ערשטע פּועלי־ציון אין ניו יאָרק

אין 1903 ווערט אין ניו יאָרק געגרינדעט דער ערשטער פּועלי־ציון פאַראיין.

אין רוסלאַנד צוואַקסט זיך די באַוועגונג אין דער גאַנצער לײנג און ברייט פון דער גרויסער מדינה. אין רוסלאַנד שלאָגט זיך די באַוועגונג אָן אָן אַ זעהר שווערער פּראָבלעם, וואָס האָט איר פאַרשאַפט גאָר טיפע זאָרג און האָט געפירט צו אינערע שפּאַלטונגען. דאָס פּראָבלעם איז געווען: צי זאָל זיך די באַוועגונג אויך אָפּגעבען מיט דעם פּאָליטישען קאַמף געגען דעם צאַריזם אָדער ניט. דאָס איז געווען אויף דער אידישער גאַס אַ פאַרשפּעטיגטער דיספּוט, וואָס האָט אין אָנהויב פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צוטיילט זייערע מיינונגען. אַזעלכע מענשען ווי פּלעכאַנאָוו און וועראַ זאַסוליטש האָבען אין זייערע ערשטע יאָרען פון טעטיגקייט געהאַלטען, אַז מען דאַרף זיך אָפּגעבען מער מיט אויפקלערונג פון פאָלק, מיט עקאָנאָמישע טעטיגקייט, אָבער ניט מיט׳ן פּאָליטישען קאַמף געגען דער זעלבסטהערשונג. עס האָט גענומען יאָרען ביז זיי האָבען אָנערקענט די באַדייטונג פון פּאָליטישען קאַמף. אויף דער אידישער גאַס האָט די דיסקוסיע פאַרשפּעטיגט מיט אַ 20 יאָר. דערצו איז נאָך צוגעקומען די ספּעציעלע פּראָבלעם פון פּאָגראָמען, וואָס האָט אַ סך אידישע סאָציאַליסטען אונטערגעזאָגט, אַז זיי דאַרפען זיך ניט מישען אין פּאָליטישען קאַמף, ווייל זיי קענען דורך דעם אַרויסרופען פּאָגראָמען אויף אידען. עס זיינען געווען אַזעלכע וועלכע האָבען געגלויבט, אַז פאַר דעם דערפאָלג פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז אויך בעסער אידען זאָלען זיך אין איר ניט מישען.

איבעריג צו זאָגען, אַז מנצח געווען האָבען די אַנהענגער פון פּאָליטישען קאַמף. די געגנער זיינען געבליבען אין אַ זייער קליינער מינאָריטעט. שפּעטערצו האָבען די מערסטע פון זיי אויך געביטען זייערע מיינונגען. אָבער דער באַוועגונג האָט עס געקאָסט זעהר פיל ענערגיע.

אין וועלט־מאַסשטאַב האָט זיך די באַוועגונג אָנגעשלאָגען אין אַן אַנדער שווערער פּראָבלעם. כמעט תיכף נאָך איר אָנהויב האָט אין ציוניזם אויסגעבראָכען דער קאַמף אַרום דעם פאָרשלאָג פון דער ענגלישער רעגירונג וועגען גרינדען אַ אידישע טעריטאָריע אין אוגאַנדא. די כמעט אָקאַרשט געבאָרענע באַוועגונג האָט זיך דאַן צעשפּאָלטען אויף פאַרשיידענע טיילען. די פּאָלי־טישע דורכפאַלען פון הערצל אין טערקיי האָט די אַנהייגער פון ארץ־ישראל געשטעלט אין אַ זעהר שווערער לאַגע. עס האָבען נאָך דאַן געהערשט נאַאיווע פאָרשטעלונגען וועגען די פּראַ־צעסען פון רעאַליזירען דעם טעריטאָריאַליזם. די מערסטע האָבען געמיינט, אַז דאָס איז ניט קיין שווערע אויפגאַבע. זיי האָבען געמיינט, אַז די אידישע נויט וועט שוין צוטרייבען צו דער גרינדונג און אויפבויאונג פון אַן אייגענעם שטאַט, וואו דאָס זאָל ניט זיין. די סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטען האָבען אַלזאָ פאַרנומען אַ גאָר גרויסען טייל פון די פּועלי־ציון.

# אוגאַנדאַ־פּראַגע

אַ צווייטע אידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבען אַרויסוויקלען — די סיימיסטען — האָבען אויך געבראַכט גרויסע חורבנות אין דער יונגער פּועלי־ציון באַווע־גונג. ניט זעהענדיג קיין מעגליכקייט פאַר באַלדיגע אַרבייט פון באַדייטענדען מאַסשטאַב אין ארץ־ישראל, האָבען זיך פילע אָנהייגער אָנגעכאַפּט אַן סיימיסטישען געדאַנק. (זייער הויפּט־פאָדערונג איז געווען מען זאָל דערמעגליכען די אידען אויפבויען אייגענע סיימען — כמעט פאַרלאַמענטען — אין די גלות־לענדער. ערשט די אידישע סיימען זאָלען זיך פאַרנעמען מיט דער פראַגע פון זוכען אַ טעריטאָריע אָדער בויען ארץ־ישראל פאַר׳ן אידישען פאָלק.) די יונגע פּועלי־ציון באַוועגונג אין אייראָפּע האָט דאַן דורכגעמאַכט זייער אַ שווערען קריזיס. אויב זי איז ניט אינגאַנצען צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען, איז עס געווען אַ דאַנק דעם אָנהויב פון אַ נייער עליה נאָך ארץ־ישראל. (די 2־טע עליה, די ערשטע רעכענט זיך פון די בילוים.) וועגען דעם מער אין לעצטען קאַפּיטעל.

# סאָציאַליסטען אין ציוניסטישען קאָנגרעס?

אַ דריטע פּראָבלעם וואָס האָט דאַן פאַרשאַפט גרויס ווייטאָג דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג איז געווען די פראַגע וועגען באַטייליגען זיך אין ציוניסטישען קאָנגרעס. אין רוס־לאַנד האָט ביסלעכווייז גענומען די אויבערהאַנט יענע ריכטונג, וועלכע האָט געזאָגט, אַז אַ סאָציאַליסטישע אַרבייטער־באַוועגונג האָט ניט וואָס צו טאָן אויף אַ ציוניסטישען קאָנגרעס, וועלכער איז דאַן באַהערשט געוואָרען פון אידישען בירגערטום. די אַרבייטערשאַפט איז דאָרטען געווען פאַרטראָטען אין אַ כמעט פאַרשווינדענדיגער מינאָריטעט. אַביסל האָט דערביי מיטגעווירקט די באַיקאָט שטימונגען צו דער דומע וואָס האָבען דאַן באַהערשט די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד.

דער באַשלוס ניט צו גיין צום ציוניסטישען קאָנגרעס איז פון די רוסישע פּועלי־ציון אָנ־גענומען געוואָרען ערשט אין 1909, אויף אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס זיי האָבען אָפּגעהאַלטען אין קראַקא. אָבער די דיסקוסיעס אַרום דער פראַגע האָבען זיך אָנגעהויבען אין 1905. דאָס האָט די רוסלענדישע פּועלי־ציון אומגעהויער אָפּגעשוואַכט. די עסטרייכישע, די אַמעריקאַנער און די ביסעל וואָס זיינען שוין דאַן געווען אין ארץ־ישראל זיינען געווען פאַר באַטייליגען זיך אין קאָנגרעס. די אינערע דיסקוסיע איבער דער פראַגע אין דער גאַנצער וועלט־באַוועגונג האָט זיך געצויגען ביז׳ן יאָר 1920, ווען אויף דער וועלט־קאָנפערענץ אין ווין איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג צווישען די קאָנגרעסיסטען און אַנטי־קאָנגרעסיסטען. ביז דאַן האָבען ביידע ריכטונ־גען געהערט צום זעלביגען וועלט־פאַרבאַנד, וואָס האָט דעם פאַרבאַנד קיין געזונט ניט צוגע־געבען. ביי דער שפּאַלטונג זיינען די אַנטי־קאָנגרעסיסטען געווען אַ מאַיאָריטעט. אין די מזרח אייראָפּעאישע לענדער האָבען זיי געהאַט גרויסע מאַסען־אָרגאַניזאַציעס הינטער זיך. זיי האָבען זיך שוין אָנגעהויבען רופען לינקע פּועלי־ציון און די קאָנגרעסיסטען זיינען באַ־צייכענט געוואָרען אַלס רעכטע.

די ווייטערדיגע אַנטוויקלונגען האָבען אָבער געגעבען גערעכט די רעכטע פּועלי־ציון. און מיט עטליכע חדשים צוריק, דאָס הייסט 18 יאָר נאָך דער שפּאַלטונג, האָבען די מערסטע לינקע פּועלי־ציון, (וועלכע זיינען פאַר דער צייט באַדייטענד אָפּגעשוואַכט געוואָרען, ווערענד די רעכטע פּועלי־ציון זיינען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געוואָרען) באַשלאָסען צוריקצוקומען צום ציוניסטישען קאָנגרעס.

די דאָזיגע אינווענינסטע חלוקי־דעות האָבען דער באַוועגונג שטאַרק געשעדיגט. זי האָט אָבער אויסגעהאַלטען. הויפּטזעכלאָך איז זי כסדר געשטאַרקט געוואָרען דורכ׳ן וואוקס פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל. דערמיט דערקלערט זיך אויך וואָס די אָפּגעשפּאָל־טענע טעריטאָריאַליסטען און סיימיסטען זיינען שנעל פאַרשוואונדען פון דער אידישער גאַס אין אייראָפּע. זיי האָבען ניט געהאַט פון וואַנען צו ציען פאַרשטאַרקונג. ארץ־ישראל האָט אַלזאָ

ענדגילטיג דעצידירט, וועלכע ריכטונגען אין דער דאָזיגער באַוועגונג האָבן אין זיך פאַרמאָגט היסטאָרישען אויסדויער און וועלכע ניט. געבליבען אין דער אידישער אַרבייטער גאַס זיינען צוויי ריכטונגען: איינע — די בונדישע — (שפּעטער האָבן ד ע ם פּונקט אויך אָנגענומען די אידישע קאָמוניסטען), וועלכע איז געגען ארץ־ישראל, געגען טעריטאָריאַליזם און געגען יעדען געדאַנק פון זוכען אַן ענטפער אויף דער אידישער פראַגע מחוץ פון די לענדער אין וועלכע זיי לעבען איצטער, און די צווייטע — די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אַלע אַנדערע אָפּשפּליטערונגען האָט די געשיכטע אַראָפּגענומען פון דער אידישער אַרבייטער אַרענע.

ג. אין אַמעריקע

צווייערליי טעאָרעטישע דיסקוסיעס

אונטער גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען האָבן זיך אַנטוויקעלט די פּועלי־ציון אין אַמעריקע. אין אייראָפּע, הויפּטזעכליך אין רוסלאַנד, האָט זיך די באַוועגונג אַנטוויקעלט אין אַ צייט פון גרויסע רעוואָלוציאָנערע אויפברויזען, סיי אויף דער אידישער, סיי אויף דער אַרבייטער גאַס. אין דער סאָציאַליסטישער וועלט האָט דאַן אויפגעפלאַקערט די טעאָרעטישע דיסקוסיע צווישען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם; אין ציוניזם האָבן געקעמפט צווישען זיך הערצעל־נאָרדוי פון איין זייט און אחד העם פון דער צווייטער, וועגען פּאָליטישען אָדער קולטורעלען ציוניזם. פאַרטיפט האָט זיך דער אידישער רעוואָלוציאָנער — און ווער איז דאַן ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער? — אין די פּראָבלעמען פון איד, מענש, אַרבייטער. מען האָט געשלייפט די מחות איבער פראַגען וועגען דער באַדייטונג פון אַ אידישען שטאַט פאַר׳ן געגענוואַרטיגען און צוקונפטיגען קיום פון פאָלק, וועגען דער ראָלע פון ארץ־ישראל אין דער אידישער געשיכטע, וועגען דער באַדייטונג פון דער אידישער קולטור פאַר אידען און פאַר׳ן געזאַמטען קולטור־אוצר פון דער גאַנצער מענשהייט, וועגען ראַסע און פאָלק אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט — אָט די אַלע חלוקי־דעות האָבן באַרייכערט די מענשען פון אַלע ריכטונגען. זייערע קאַמפען צווישען זיך, געפירט מיט יענעם ענטוזיאַזם פון מענשען, וועלכע האָבן אקארשט דערזען דאָס ליכט פון אמת און דעם זין פון לעבען, האָבן אָנגעפילט מיט אינטערעס יעדען לעבענס־טאָג.

אידישע ליטעראַטור; זעלבסט־שוץ

און דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף אין רוסלאַנד האָט גוואַלטיג פאַראינטערעסירט. אין עסטרייך האָט דאַן געברענט דער קאַמף פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען. געווען זיינען עס אויך די שעפערישע יאָרען פון דער אידישער ליטעראַטור. עס האָבן געווירקט פּרץ, מענדעלע און שלום־עליכם. עס האָבן אָנגעהויבען ווירקען שלום אַש, פּינסקי, רייזען. אין דער העברעאישער ליטעראַטור האָט אָנגעהויבען אויפגיין די זון פון חיים נחמן ביאַליק. אידישע זעלבסט־שוץ האָט זיך באַוויזען, נאָך די טיפע שטראָף רייד פון ביאַליק, ווי אַן ענטפער אויף די רדיפות און פּאָגראָמען. פון די מקורות האָבן געשעפט זייער גייסטיגע שפּייז אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אויף דער אידישער גאַס, די פּועלי־ציון בתוכם.

קומענדיג קיין אַמעריקע האָט זיך דאָס בילד לגמרי געביטען. דער אַמעריקאַנער ציוניזם פון יענע יאָרען האָט זיך באַהאַלטען ערגעץ־וואו אין אַ בראָדווייער ביורא. ווער עס געדיינקט די אַמעריקאַנער אידישע גאַס פון אָנהויב פון 20־טען יאָרהונדערט, דער וועט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ טיפער תהום עס איז דאַן געלעגען צווישען דער אידישער גאַס און דעם אָפיציעלען ציוניזם. פּועלי־ציוניזם האָט געקענט לעבען נאָר אין די טיפענישען פון דער אידישער גאַס און ניט אין דעם ווייט אַוועקגערוקטען דאַמאָליקען בראָדוויי. און אויף אָט דער גאַס איז ציוניזם דאַן כמעט ווי ניט געווען.

די דאָזיגע אידישע גאַס איז געווען פאַרנומען מיט אַ קאַמף צווישען סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען, אַן אינווייניגסטער קאַמף צווישען פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען, מיט קאַמף־מעטאָדען וואָס זיינען געווען גאָר ווייט פון דעם געשמאַק פון יענע ערשטע פּועלי־ציון גרופּען, ווען דער אידישער עמיגראַציע שטראָם האָט פאַרטראָגען קיין אַמעריקע. וואָס עס האָט זיך געטאָן אינווייניג אין די אידישע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע גרופּירונגען האָבן די פּועלי־ציון ניט געקענט וויסען. די אויסערלאַכע אַרויסטרעטונגען פון אָט די גרופּירונגען האָבן געוואַלדיג שאָקירט. קוקט מען איצטער מיט מער דערפאַרענע אויגען אויף יענער צייט, פאַרשטייט מען אפשר די אומפאַרמיידליכקייט פון יענע קאַמפמעטאָדען אין די דאַמאָלדיגע אַמעריקאַנער באַדינגונגען. אָבער קומענדיג דאַן פריש פון דער אייראָפּייאישער, הויפּטזעכלאַך רוסישער, סאָציאַליסטישער און ציוניסטישער באַוועגונג, האָט דער פּרעסטיזש פון דער אַמעריקאַנער באַוועגונג זעהר שטאַרק געליטען פון דעם פאַרגלייך.

פאַר פּועלי־ציון זיינען די דאָזיגע ליידען געווען נאָך טיפערע. אויב דער סאָציאַליסטישער טייל פון דער דאַמאָליגער אַרבייטער באַוועגונג האָט ניט געקענט אויסהאַלטען דעם פאַרגלייך מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, איז אויף אַ נאָך נידעריגערער שטופע געלעגן איר א י ד י ש ע ר טייל. פאַר ציוניזם האָט מען געהאַט נאָר שפּאָט און געלעכטער. אידישע קולטור־אוצרות — ווער איז דאַן געווען בטלן גענוג זיך דערמיט צו באַשעפטיגען. בכלל האָט

אַלץ וואָס דאָס וואָרט „אידישקייט“ איז כולל שלעכט אָפּגעשניטען פון דער דאַמאָליגער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אויף דער אידישער גאַס. אַזוי ווי די הויפּט־אויפגאַבע פון סאָציאַליזם וואָלט געווען אויסצואוואָרצלען די דאָזיגע אידישקייט פון די הערצער פון די אידישע מאַסען. אויב אַלזאָ פאַר י ע ד ע ן סאָציאַליסט, וואָס איז דאַן געקומען פון רוסלאַנד, איז געווען שווער דער פּראָצעס פון צופּאַסען זיך צו דער אַמעריקאַנער באַוועגונג, איז עס געווען דאָפּעלט שווער פאַר פועלי־ציון.

## אידען ווערען פּראָלעטאַריער

די טעאָריעס פון די פועלי־ציון אין אייראָפּע האָבען זיך אויך ניט געלאָזט גרינג אַריינפּאַסען אין די דאַמאָלדיגע אַמעריקאַנער באַדינגונגען. עס איז דאַן געווען די אויפבלי־צייט פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע. כמעט 90 פּראָצענט פון דער אידישער עמיגראַציע איז דאַן אַריינגעפאַלען אין די אַרבייטער רייען. דאָס האָט עפּעס ניט געשטימט מיט דער טעאָריע, אַז אידישע מאַסען איז זיך שווער צו פּראָלעטאַריזירען. און גאָר אַ סך פועלי־ציון האָבען זיך דאַן געהאַלטען ביי דער דאָזיגער טעאָריע. אַז דע־פּראָלעטאַריזירונג פון אידען וועט אויך אין אַמעריקע ווערען אַ פּראָבלעם, האָט מען דאַן ניט געקענט פאָראויסזען. געוואָקסען איז דאַן כסדר דער פּראָלעטאַריזירונגס פּראָצעס פון דער אידישער מאַסע. זיינען פילע פועלי־ציון אַריינגעפאַלען אין אַ קאָנפליקט מיט זייערע טעאָריעס. און אַזוי ווי אַמעריקע איז בכלל געווען אַ מין זיפּ, וואָס האָט די ניי־געקומענע רעוואָלוציאָנערען שטאַרק דורכגעזיפּט; געבליבען זיינען אין די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען נאָר אַ קליינער טייל פון יענע וועלכע האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט רעוואָלוציאָנערען סטאַזש פון רוסלאַנד איבערהויפּט; האָט די דאָזיגע זיפּ מיט מער קראַפט און מער איבערקלייבעריש, געווירקט אויף פועלי־ציון. געבליבען אין די רייען זיינען גאָר אַ קליינער פּראָצענט פון די אַלע וועמען די עמיגראַציע האָט קיין אַמעריקע פאַרטראָגען.

די וואָס זיינען געבליבען האָבען תיכף געדאַרפט דורכמאַכען אַ שפּאַלטונג איבער דער אויבענדערמאָנטער אוגאַנדא פראַגע. די עטלאַכע אָנפירער האָבען זיך מיט זייער נאַאיווע מעטאָדען געראַנגעלט געגען דער שפּאַלטונג, אָבער אָהן דערפאָלג. די שפּאַלטונג איז געקומען אינמיטען יאָר 1905. די קליינע מחנה האָט זיך צוטיילט אויף פּאַלעסטינצעס און טעריטאָריאַליסטען. ביידע אָהן באַדייטענדען איינפלוס סיי אויפ׳ן ציוניזם און נאָך וויינינגער אויף דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

## פאַנאַטישע עקשנות; אידישע ערציהונג

אָבער מיט דער גוואַלדיגער עקשנות פון אמת׳ע, אָפּט פאַנאַטישע מאמינים האָט די דאָזיגע גרופּע פאַרטגעזעצט. הויפּטזעכליך האָט זיך איר קאַמף קאָנצענטרירט אַנטגעגען אַסימילאַציע־געדאַנקען, וואָס האָבען דאַן באַהערשט די מחות פון די מערסטע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע וואָרט־זאָגער. גלייכצייטיג האָבען זיי זיך קאָנצענטרירט געגען דער אויבערפלאַכלאַכער „אַמעריקאַניזאַציע“, מיט וועלכע די דאַמאָליגע דייטשע יהודים האָבען געזוכט מזכה צו זיין דער אָרימער אידישער גאַס. זיי האָבען געזען אין אָט דער אַמעריקאַניזאַציע אַ פאַרזוך אָפּצומעקען דעם צלם־איד ביים אימיגראַנט, ער זאָל וואָס שנעלער קענען אויסערלאַך אויסזען ווי אַן אַמעריקאַנער. זיי האָבען אָנגעהויבען פירען אַן אַגיטאַציע פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. זיי האָבען מיט אַלע זייערע אָרימע כחות געזוכט צו ענדערען די באַציאונג פון דער אָפיציעלער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג צום גאַנצען גרויסען אוצר, וואָס אידישקייט האָט פאַר זיי אַנטהאַלטען. מען קען ניט זאָגען, אַז זיי האָבען געהאַט אַ גרויסען דערפאָלג. מען קען נאָך וויינינגער באַהויפּטען, אַז זיי האָבען אויסגעגעבען זייערע ענערגיען אינגאַנצען לבטלה.

קוקט מען זיך צו איצטער צו דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, הויפּטזעכלאַך אין איר באַציאונג צו אידישע פּראָבלעמען בכלל און ארץ־ישראל בפרט, זעט מען אַז זעהר פיל איז דערגרייכט געוואָרען אויף אָט די געביטען. די פועלי־ציון זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבען אָנגעהויבען דעם באַדען באַאַקערען. נאַכהער זיינען געקומען באַדייטענדיגע אונטערשטיצער. עס האָבען אונטערשטיצט אייניגע באַדייטענדיגע פּערזענליכקייטען. ס׳האָט גוואַלדיג אונטערשטיצט דאָס לעבען אַליין אין זיין ווייטערדיגער אַנטוויקלונג.

אינוויייניג אין דער אַרבייטער־באַוועגונג האָבען געווירקט מענשען פון דעם טיפּ פון אברהם ליעסין, דר. הלל זאָלאָטאַראָוו, דר. איסר גינזבורג, יצחק אייזיק הורוויטש, משה קאַטץ, א. ליטווין און פיל פיל אַנדערע פון וועלכע די פועלי־ציון האָבען זיך ערשט שפּעטער דערוואוסט, אַז זיי פירען אינווייניג אַ קאַמף פאַר אַ מער קולטורעלער באַציאונג צו אידישקייט אין דער אַרבייטער־באַוועגונג. פון דרויסען זיינען דאַן צוגעקומען פריער דר. חיים זשיטלאָווסקי און שפּעטער דר. סירקין. דער ערשטער האָט געהאַט געבראַכט מיט זיך אַן אומגעהויער הויכען סטאַזש פון זיין ראָלע אין דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. ער האָט שוין אויך געהאַט דאַן פאַרעפּענטלאַכט אייניגע אַרבייטען וועגען דער אידען־פראַגע, אין וועלכער ער האָט לכתחילה ניט אַזוי זיכער אָבער שפּעטער מיט פולער זיכערקייט גערעדט וועגען דער נויטיגקייט פון אַ טעריטאָריע פאַר אידען. שפּעטער האָט דר. זשיטלאָווסקי, אין גאָר אַ גרויסער מאָס, געהאָלפען דורכפירען די צוריק־פאַראייניגונג פון די פועלי־ציון מיט די סאָציאַליסטען־טעריטאָ־

ריאַליסטען און ער אַליין איז אַריין אין דער פאַראייניגטער פאַרטיי. ער האָט אַלזאָ סיי מיט זיין סאָציאַליסטישען, סיי מיט זיין אידישען באַגאַזש און מיט זיין אויסערגעוויינליכער באַגאַבונג אַלס לעקטאָר און אויפקלערער פון די קאָמפּליצירסטע סאָציאַלע פּראָבלעמען, צוגעבען זעהר פיל כח און וואָג דער פועלי־ציון באַוועגונג אין אַמעריקע.

סירקין האָט אין דער אַמעריקאַנער באַוועגונג אַריינגעגעבען זיין געוואַלדיגען אימפּעטפולען פּאַטאָס, זיין אומדערשיטערלאַכען גלויבען אין די פּאָטענציעלע שעפערישע כחות פון די אידישע מאַסען, זיין העס־קאָנצעפּציע פון ציוניזם. ער האָט געהאָלפען אָנלאָדען די קליינע באַוועגונג מיט אַזויפיל אינערע ענערגיע, וועלכע האָט איר געגעבען דעם מוט זיך שפּעטער אַזוי ברייט צו פאַרנעמען אין דער אידישער גאַס. אַ ווירקונג פון זעהר אַ טיפער באַדייטונג האָט אויסגעאיבט אויף דער באַוועגונג בער באָראָכאָוו, וועלכער האָט פאַרבראַכט אין אַמעריקע איבער צוויי יאָר.

## פאַראייניגונג פון פאַרטייען

אָבער די אַלע יחידים וואָלטען זייערע ווירקונגען ניט געקענט אַזוי פאַרווערטען, ווען עס וואָלט ניט געווען עקזיסטירט שוין יאָרען־לאַנג אַ פועלי־ציון באַוועגונג. זי האָט צוגעגרייט דעם באָדען פאַר די איינפלוסען פון די דערמאָנטע — און אויך אַנדערע ניט־דערמאָנטע יחידים. אַ זעהר באַדייטענדע פּיאָנערען ראָלע אין דער דאַמאָליגער אידישער ווירקלאַכקייט.

דאָס לעבען גופא האָט זעהר שטאַרק מיטגעהאָלפען די פועלי־ציון. דאָס פּראָבלעם פון אידישע דערציאונג איז געוואָרען אַ פּראָבלעם אין כמעט יעדע אידישע אַרבייטער הויז. אַנדערע עלטערע און מער אויסגעשפּרייטע באַוועגונגען האָבען איבערגענומען די אַרבייט, וועלכע פועלי־ציון האָבען אָנגעהויבען. אין ארץ־ישראל האָט אָנגעהויבען וואַקסען אַ אידישע אַרבייטערשאַפט, וועלכע האָט וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פריער פון וויכטיגע יחידים און נאָכהער באַדייטענדיגע קערפּערשאַפטען, וועלכע האָבען זיך פריער נעגאַטיוו באַצויגען צום ציוניזם. דאַן האָט אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה. אַמעריקאַנער אידען האָבען געמוזט אָנהויבען אַ גרויסע הילפס־אַרבייט פאַר די מלחמה קרבנות. צווישען די אידישע מאַסען איז דאַן אויפגעקומען די פּיפּלס רעליף. די פועלי־ציון, כאָטש אַ קליינע מינאָריטעט אין כמות האָט אָבער אין איכות אויסגעאיבט אַ גרויסען איינפלוס אויף פּיפּלס־רעליף און דורך פּיפּלס־רעליף אויך אויף דער דזשאָינט דיסטריבושאָן קאָמיטע. אין דער פּיפּלס־רעליף זיינען געווען זעהר

## הסתדרות אין ארץ־ישראל

אָפט וויכטיגע חלוקי־דעות, וועלכע האָבען באַרירט פילע וויטאַלע פראַגען פון אידישען לעבען. דאָרטען האָבען די פועלי־ציון געפונען די געמיינשאַפטלאַכע טריבונע פאַר געגענווירקונגען מיט אַנדערע טיילען פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. סיי די דירעקטע ווירקונג פון די פועלי־ציון אויף דער הילפס־טעטיגקייט, סיי די ניט־דירעקטע רעזולטאַטען וואָס זיינען פון זייער פּיפּלס־רעליף אַרבייט אַרויסגעוואַקסען, די וויכטיגסטע פון וועלכע איז: דער געווערקשאַפטען קאַמפּיין פאַר דער הסתדרות אין ארץ־ישראל, — די דאָזיגע איצט שוין געשיכטלאַכע קאַפּיטלאַך פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, זיינען נאָך ווייט ניט גענוג אויסגעפאָרשט און פאַרצייכענט געוואָרען. דאָס קען ניט אַריינגיין אין די ראַמען פון דער איצטיגער אַרבייט. גענוג בלויז צו פאַרצייכענען, אַז דורך פּיפּלס־רעליף האָט די פועלי־ציון באַוועגונג באַקומען איר בירגער־רעכט אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג און האָט דאָרט אויסגעאיבט אַ גרויסען איינפלוס. דערפון האָט די פועלי־ציון באַוועגונג געצויגען אומגעהויערע כחות פאַר אירע צוקונפטיגע אַרבייטען.

אַם פרוכטבאַרסטען זיינען די כחות פון דער פועלי־ציון באַוועגונג געווען אין דער קאָנגרעס־באַוועגונג. דאָס אַמעריקאַנער אידענטום האָט אין דער מלחמה־צייט דערשפּירט די פּאָליטישע אויפגאַבע, וואָס די געשיכטע האָט אים צוגעטיילט. מען האָט זיך גערדאַרפט גרייטען צום שלום־קאָנגרעס. מען האָט זיך גערדאַרפט צוגרייטען מיט קלאָר פאָרמולירטע פּאָליטישע פאָדערונגען פאַר די אידען אין די נייע שטאַטען, וועלכע מען האָט שוין געוואוסט, אַז דער פרידענס קאָנגרעס וועט אויפשטעלען. מען האָט זיך גערדאַרפט גרייטען וועגען דער פאָדערונג פון אידישען פאָלק בנוגע ארץ־ישראל. די פועלי־ציון זיינען געווען די ערשטע און דורך דער גאַנצער צייט די טיכטיגסטע אַרבייטער פאַר אַ אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקע, וועלכער זאָל פאָרמולירען אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אידענטום די אידישע פּאָליטישע פאָדערונגען. די אידען פון אַנדערע לענדער האָבען — צוליב דער מלחמה — ניט געקענט אַזוי גוט זיך צוגרייטען צו דעם. אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט האָבען דאַן געקוקט אויפ׳ן אַמעריקאַנער אידענטום, ווי אויף דעם פירענדיגען כח פון גאַנצען אידישען פאָלק. און דאָ אין אַמעריקע זיינען אַנטשטאַנען פאַרשיידענע פראָנטען: איין פראָנט פון די דייטשע יהודים, וועלכע האָבען זיך אַמשטאַרקסטען איינגעשטעלט געגען נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פאַר די אידען אין די גלות־לענדער. פון דער צווייטער זייט איז געשטאַנען די אָפיציעלע אַרבייטער־באַוועגונג געגען אַ צו־אויסגעשפּראָכענע פאָדערונג פאַר אַ אידענשטאַט, אָדער אפילו אַ אידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל.

האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמף אויף דעם גאַנצען שטח פון אידישען לעבען אין אַמעריקע. עס האָבען זיך אָנגעהויבען די קאָנפערענצען און פאַר־קאָנפערענצען וועגען אידישען קאָנגרעס. פריער

האָבען זיך פילע דייטשע יהודים אַרויסגעזאָגט געגען אַ אידישען קאָנגרעס בכלל. נאָכהער האָבען זיי געקעמפט געגען דער פאָרמולירונג פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען־רעכט. די אָפּי־ציעלע אידישע אַרבייטערשאַפט איז אויך געווען געגען קאָנגרעס. זי האָט מורא געהאַט פאַר אַ צו שטאַרק ציוניסטישע פאָדערונג. עס האָבען זיך אָנגעהויבען די אַרבייטער־קאָנגרעסען פאַר ארץ־ישראל, גערופען פון די פועלי־ציון, די אַרבייטער־קאָנגרעסען וועגען אידישען קאָנגרעס, גערופען פון דער דאַמאָלדיגען נאַציאָנאַלען אַרבייטער קאָמיטעט. אומעטום האָבען די פועלי־ציון געקעמפט. ביז עס איז צום סוף דערפירט געוואָרען צו אַ אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקע, מיט דער באַטייליגונג סיי פון די דייטשע יהודים, סיי פון דער אָפּיציעלער אידישער אַרבייטער־שאַפט, וועלכער האָט ראָקלאַמירט די פאָדערונג פון דעם אידישען פאָלק צו אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל און פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען־רעכט אין די גלות לענדער. דאָס גאַנצע פראָגראַם פאַר וועלכע די פועלי־ציון האָבען געקעמפט, איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אין די פּאָליטישע פאָדערונגען פון קאָנגרעס. אַ קאָמיסיע איז געשיקט געוואָרען צום פרידענס־קאָנגרעס אין וועלכע די דייטשע יהודים האָבען געשיקט דעם באַרימטען לואי מאַרשאַל. די אָפּיציעלע אַרבייטערשאַפט האָט דעלעגירט מאָריס ווינטשעווסקי. די פועלי־ציון האָבען דעלעגירט דר. נחמן סירקין.

## באַוועגונג פאַר אידישען קאָנגרעס

דאָס זיינען אָן ספק געווען די טריאומף־צייטען פון די פועלי־ציון אין אַמעריקע. אודאי זיינען פילע פון די פאָדערונגען, וועלכע זיינען אינקאָרפּאָרירט געוואָרען נאָכדעם אין פרידענס־טראַקטאַט, געבליבען בלויז אויפ׳ן פאַפּיר. אָבער די היסטאָרישע באַדייטונג פון די דאָזיגע פאָ־דערונגען בלייבען. עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען זיי וועלען אַריינגעפלאַנצט ווערען אין לעבען פון פעלקער און לענדער. פאַר די פועלי־ציון אין אַמעריקע איז עס געווען די פרוכט־באַרסטע צייט. זיי זיינען אַרויף אויף דער אַרענאַ פון אידישען לעבען און זיינען שוין דאָרטען געבליבען. געהאָלפען האָט זעהר פיל דער גאָר גרויסער וואוקס פון דער אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל נאָך דער מלחמה, וואָס האָט אין אַמעריקע דערמעגלאַכט דעם געוועלקשאַפטען קאַמפיין פאַר דער הסתדרות, אין וועלכע די אַמעריקאַנער פועלי־ציון גיבען אַריין אַזויפיל פון זייערע ענערגיען און פון זייער אויפמערקזאַמקייט.

### ד. אין ארץ־ישראל

דוקא אין ארץ־ישראל האָט זיך די פועלי־ציון באַוועגונג אָנגעהויבען אַמשפעטסטען, ווייל זי איז אַהין געבראַכט געוואָרען דורך איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד. ערשט אין מיטען ווינטער פון 1907 קומט פאָר דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די ארץ־ישראל׳דיגע פועלי־ציון. אין זומער פון זעלביגען יאָר דערשיינט דער ערשטער נומער פון זייער אָרגאַן אין אידיש — „דער אָנפאַנג״. אָבער דאַן האָט שוין פון פריער עקזיסטירט אַן אַנדער ציוניסטישע אַרבייטער גרופּע „הפועל־הצעיר״. די צוויי באַזונדערע ציוניסטישע אַרבייטער פּאַרטייען האָבען צענדליגע יאָרען גע־פירט זייערע באַזונדערע עקזיסטענצען. ערשט אין יאָר 1929 האָבען זיי זיך פאַראייניגט אין דער איצטיגער מפ״אי (פאַרקירצט פון „מפלגת פועלי ארץ־ישראל״, וואָס מיינט אויף אידיש: „ארץ־ישראל׳דיגע אַרבייטער פּאַרטיי״).

## פון ווילנע קיין ארץ־ישראל

די ערשטע גרופּע פון פועלי־ציון איז אָפּגעפאָרען נאָך ארץ־ישראל פון ווילנע אין יאָר 1904. פון דאַן אָן האָבען קלענערע און גרעסערע גרופּען עולה געווען פון די פאַרשידענסטע טיילען פון רוסלאַנד. וועגען דעם גייסטיגען געמיט פון די דאָזיגע ערשטע עולים פון יענער צייט קען עדות זאָגען אַ דאָקומענט, וואָס איז איבערגעבליבען פון די תקנות פון דער ערשטע גרופּע פיאָנערען פון לאָדז, געגרינדעט סוף 1905. צווישען אַנדערע תקנות ווערט דאָרטען געזאָגט אַז די גרופּע, אונטער׳ן נאָמען „פיאָנערען נאָך פּאַלעסטינא״, פאַראייניגט אַלע, וועלכע אַנערקענען אַלס איינציגען מיטעל צו לעזען די אידישע און באַזונדערס די אידיש־פּראָלעטאַרישע פראַגע — דאָס קאָנצענטרירען די אידישע מאַסען אין פּאַלעסטינע און אָנערקענען, אַז די אַנט־וויקלונג פון לאַנד נויטיגט זיך אין יונגע ענערגישע הענט. דאַרום ווידמעט זיך די גרופּע אַלס פיאָנערען פאַר׳ן לאַנד. די קאַסע פון דער גרופּע איז דאָס אייגענטום פון דער גאַנצער גרופּע. אַלע מיטגלידער פאַרפליכטען זיך צו געגענזייטיגער שטיצע אויך אין פּאַלעסטינע. קיינער פון די מיטגלידער באַנוצט זיך ניט מיט פריווילעגיעס.

ענלאַכע תקנות זיינען אָנגענומען געוואָרען כמעט פון אַלע גרופּען, וועלכע האָבען זיך געגרייט צו פאָרען קיין ארץ־ישראל. מען זעט אין דעם דעם אָנהויב פון אַ געמיטס־צושטאַנד, וואָס האָט שפּעטער, אין ארץ־ישראל גופא, זיך דערוויקלט צו די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָ־ניעס, צום פּרינציפּ פון עבודה עצמית (זעלבסט־אַרבייט, ניט טאָרען עקספּלואָטירען פאַר אייגענע צוועקען דעם צווייטענס אַרבייטס־קראַפט) און צו דעם גרויסען מאָראַלישען כח, וואָס די הסתדרות (די אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציע) האָט אויפגעבויט אין ארץ־ישראל.

אָבער דער אָנהויב פוןביידע דאַמאָלדיגע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס, סיי הפועל־הצעיר, סיי פועלי־ציון, איז געווען זעהר אַ קליינער און אַ שוואַכער. אין אַ דאָקומענט פון מאַרטש

1906 (זע, פאַר מער אינפאָרמאַציע, די אָפּטיילונג פון „דאָקומענטען” אין אידישען אַרבייטער יאָר־בוך און אַלמאַנאַך, 1928, אַרויסגעגעבען פון די אַמעריקאַנער פועלי־ציון) ווערט איבערגעגעבען ,אַז די צאָל פון אַלע אַרבייטער אין ארץ־ישראל סיי אין גליל, סיי אין יהודה, איז געווען 600 (זעקס הונדערט). זיי זיינען געווען צוטיילט אין קליינע גרופּען אין די וויכטיגסטע דאַן שטעט און קאָלאָניעס, אין ירושלים, יפו, פתח תקוה, רחובות, ראשון לציון פון יהודה, תל־אביב איז נאָך דאַן אויף דער וועלט ניט געווען.) און אין די קאָלאָניעס אַרום סעדזשערא אין גליל. זיי זיינען אויסגעשטאַנען אומגעהויערע שוועריגקייטען מצד די באַלעבאַטים אין די שטעט און פון די קאָלאָניסטען־אייגענטימער אין די דערפער. זעהר אָפט זיינען די דאָזיגע קליינע גרופּען פון אַרבייטער געטריבען געוואָרען צו סטרייקען. מען האָט געגען זיי באַנוצט אפילו דעם מיטעל פון חרם. נאָר זייער טיפער גלויבען אין דעם אידעאַל וואָס האָט זיי אַהין געבראַכט, האָט זיי געגעבען כחות אויסצוהאַלטען.

## אין קאַמף מיט אַלטע קאָלאָניסטען

דעם טיפסטען ווייטאָג האָבען די דאַמאָלדיגע אַרבייטער־פּיאָנערען געליטען, ניט פון זייער אייגענער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, נאָר פון דעם צושטאַנד אין וועלכען זיי האָבען געפונען די דאַמאָלדיגע קאָלאָניזאַציע, וועלכע האָט עס געדאַרפט זיין דער אָנהויב פון דער אידישער גאולה דורך בויען ארץ־ישראל. דאָס ווירטשאַפטען פון די דאַמאָלדיגע אַדמיניסטראַטאָרען פון באַראָן ראָטשילד אין ארץ־ישראל האָט, אין זייערע אויגען, רואינירט דעם סאַמע יסוד אויף וועלכען די קאָלאָניעס זיינען דאַן געבויט געווען. די קאָלאָניסטען האָבען ניט געעקנט זייער פאַך. זיי זיינען געקומען אָהן אירגענד וועלכער צוגרייטונג. זיי פלעגען די גאַנצע אַרבייט איבערלאָזען צו זייערע אַראַבישע אַרבייטער. די לעצטע האָבען פאַר די קאָלאָניעס קיין אינטערעס ניט געהאַט. דעריבער זיינען די קאָלאָניעס געווען איינגעטונקט אין חובות. די קאָלאָניסטען פלעגען מערסטענס פאַרלאָזען די קאָלאָניעס און גיין אין די שטעט ווערען הענדלער און קרעמער. די האָפענונג וואָס די ציוניסטישע וועלט האָט לכתחילה פאַרבונדען מיט אָט דעם סאָרט קאָלאָניסטען האָבען אָנגעהויבען בלאָס ווערען. די אַרבייטער האָבען דעריבער באַשלאָסען, אַז די תקומה פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל קען קומען דורך צוגרייטען אַ בעסערען, געזינטערען אַקער־בוי־עלעמענט, וואָס זאָל זיין פיזיש און גייסטיג צוגעגרייט צו זיין היסטאָרישען באַרוף. און די ערשטע שריט פון אייגענער אַרבייטער קאָלאָניזאַציע האָט זיך דאַן אָנגעהויבען.

פאַר דער באַשרייבונג פון דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון אָט די פאַרזוכען פאָדערען זיך גאַנצע ביכער. ווער עס איז אין דעם פאַראינטערעסירט, קען געפינען גענוג מאַטעריאַל וועגען דעם. פאַר אונז דאָ איז גענוג אָנצוצייכענען דעם פאַקט, אַז פון יענע באַשיידענע, אָרימע התחלות זיינען אַרויסגעוואַקסען די גרויסע אידישע אַרבייטער קאָלאָניעס, וועלכע מיר פאַרמאָגען היינט אין ארץ־ישראל, אין וועלכע אייניגע צענדליג־טויזענטער אידען לעבען און אַרבייטען, — יענע קאָלאָניזאַציאָנס ווערק, וואָס רופט אַרויס באַוואונדערונג פון אַלע וואָס באַזוכען זיי און וואָס זיינען נאָך אַלץ אין די ערשטע סטאַדיען פון זייער אַנטוויקלונג, פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון די פּאָטענצען וואָס זיי פאַרמאָגען פאַר דער צוקונפט פון יענע קליינע אָנהויבען איז אויך אויסגעוואָקסען די גרויסע אַרבייטער אַרמיי אין די שטעט. זיי האָבען טאַקע די דאָזיגע שטעט געבויט.

זעלבסטפאַרשטענדליך אַז די דאָזיגע אַנטוויקלונג איז ניט געגאַנגען אין אַ גלייכער ליניע: שטענדיג דערפאָלגרייך. די ערשטע גרופּע האָבען ניט איינמאָל דורכגעלעבט אויך טיפען יאוש. און יעדעס מאָל האָט זיך געפונען אַ יחיד, אָדער אַ גרופּע, וועלכע האָט גערופען צו נייער אָנשטריינגונג. אין דער געשיכטע פון דער ארץ־ישראל׳דיגער אַרבייטערשאַפט זיינען אַריינגעוועבט געוואָרען צום אייביגען אָנדיינקען די נעמען פון אָט די יחידים אָדער גרופּען. א. ד. גורדון, י. ח. ברענער, יוסף וויטקין, יוסף בוסעל, די גאַנצע העלדישע גרופּע פון „השומר”, פילע פון וועלכע האָבען זייערע סאַמע לעבענס אָפּגעגעבען דער אידייע פון אַרבייטער־ציוניזם! די נעמען פון פילע וועלכע ווירקען נאָך עד היום אין דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל; די אַלע קדושים וטהורים, וועלכע האָבען, ווי די אַמאָליגע הרוגי־מלכות, אויסגעהויכט זייערע לעצטע אָטעמס מיט יענעם שם אויף זייערע ליפּען, וואָס איז פאַר זיי געווען די העכסטע מדרגה פון קדושה — אַ אידישע ארץ־ישראל! — זיי אַלע האָבען מיט זייערע לעבענס דעם דאָזיגען שם נאָך מער און נאָך טיפער מקדש געווען. זיי האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט איינעם פון די שטאַרקסטע פאַקטאָרען פון אויסדויער, וואָס די אַלץ־גרעסער ווערענדיגע אידישע אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל האָט אַרויסגעוויזען.

## די העלדישע גרופּע „השומר”

זיי זיינען אָבער געווען נאָר איין פאַקטאָר. אַנדערע פאַקטאָרען האָבען מיטגעווירקט. די דאָזיגע אַנדערע פאַקטאָרען זיינען שוין ניט געלעגען אין ארץ־ישראל. הויפּטזעכלאַך זיינען זיי געלעגען אין רוסלאַנד.

דאָס איז געווען נאָך דעם דורכפאַל פון דער 1905 רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. די שטימונגען אויף דער אידיש־רעוואָלוציאָנערער גאַס זיינען געווען ניט איבערצוטראָגען. אידישע רעוואָלוציאָנערען זיינען אַריינגעפאַלען אין טיפער פאַרצווייפלונג. אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען פאַר־

כאַפּט געוואָרען פון דעם דאַמאָלדיגען עכט־רוסישען סאַניניזם. זיי האָבען אָפּגעלאַכט פון זייערע אייגענע רעוואָלוציאָנערע נעכטענס. עס האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַ געמיטס־צושטאַנד, וואָס קען אַמבעסטענס אויסגעדריקט ווערען אין אַלטען וואָרט פון תלמוד: חטוף ואכול, חטוף ושתה, דלמחר נמות. (כאַפּ אַריין און עס, כאַפּ אַריין און טרינק, ווייל מאָרגען דאַרף מען סיי־ווי שטאַרבען). די גוואַלדיגע ענערגיע וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופען אין דער אידישער גאַס האָט זיך אָנגעשלאָגען אין אַן אייזערנער וואַנט פון דער רוסישער ווירקלאַכקייט. זי האָט ניט געקענט פאַרוואַנדעלט ווערען אין פּאָזיטיווע שעפערישע אַרבייטען. האָט זי זיך אַליין דערטרונקען אין זנות, אין שנאַפּס, אין אַ פאַרזוך צו פאַרגעסען די אייגענע נעכטיגע רעוואָלוציאָנערע „קינדערשקייטען” און „נאַרישקייטען”.

די בעסערע עלעמענטען האָבען געזוכט אַן אויסוועג צו ראַטעווען זיך גייסטיג. האָבען זיך אייניגע גענומען צו אידישער קולטור־טעטיגקייט און האָבען דאָ געפונען זייער תיקון און זייער גייסטיגע גלייכגעוויכקט. אַנדערע זיינען געפאָרען קיין אַמעריקע. די מערסטע האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַמעריקאַנער מאַטעריעלער פּראַקטישקייט און האָבען דאָ געפונען, אויב ניט קיין תיקון, איז ווייניגסטענס אַן אָרט, וואוהין אַריינצוזייען זייערע ענערגיען און אַרויסקריגען דערפון פּריוואַטען נוצען. אַ באַדייטענדער טייל פון זיי האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַמעריקאַנער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג און האָבען אין איר געפונען זייער תיקון.

## בן־גוריון בן־צבי בערל קצנלסון

אָבער אַ גאָר וויכטיגער טייל, הויפּטזעכליך פון די פריערדיגע פּועלי־ציון, האָבען זייערע ענערגיען אָנגעהויבען אַריבערטראָגען קיין ארץ־ישראל. זיי האָבען עס אָנגעפילט די שורות פון דער צווייטער עליה נאָך ארץ־ישראל. זיי האָבען עס געבראַכט קיין ארץ־ישראל די בן־גוריון׳ס בן־צבי׳ס, בערל קצנלסון, דעם פאַרשטאָרבענעם יוסף אראנאָוויטש, לעבעדיגע יוסף שפּרינצאַק און יוסף באַראַץ און פיל אַנדערע, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסען צו די פּאָליטישע און גייסטיגע פירער פון דער היינטיגער גרויסער הסתדרות. די דאָזיגע צווייטע עליה האָט עס אָנגעפילט די שורות פון דער פאַרהעלטענמעסיג קליינער און שוואַכער אידישער אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל און האָבען איר מחדש געווען און געשטאַרקט. רעדט מען זיך צוזאַמען מיט די עלטערע אָנפירער פון די פילע צענדליגע אַרבייטער קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, געפינט מען אויס, אַז כמעט אַלע פון זיי זיינען געקומען אַהער מיט דער צווייטער עליה, אַז די מערסטע פון זיי האָבען דורכגעלעבט די שווערע יאָרען פון 6־1907 אין רוסלאַנד, אַז די ענערגיען וואָס זיינען ביי זיי אַרויסגערופען געוואָרען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָבען אין ארץ־ישראל געפונען זייער אמת׳ן תיקון.

עס געפינען זיך צווישען זיי אַזעלכע, וועלכע זיינען געקומען אויך פון אַנדערע פּאַרטייען, פון סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, אייניגע אפילו פון „בונד”. אָבער די מערסטע האָבען זייער אָנהויב געהאַט אין דער אַרבייטער־ציוניסטישער באַוועגונג. דעריבער קען מען אָן שום גוזמא אָננעמען, אַז דאָס וואָס איז אין יענע יאָרען אַריינגעבראַכט געוואָרען אין ארץ־ישראל דורך דער 2־טער עליה איז אַ דירעקטער פּלאַנץ, אויסגעוואַקסען פון די קערנער פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג און פון אַנדערע ציוניסטישע אַרבייטער גרופּירונגען.

## אַרבייטער גלענצענדע קאָלאָניזאַטאָרם

עס מוז אָבער, צוליב געשיכטליכען אמת, פאַרצייכענט ווערען, אַז דאָס גרויסע וואָס איז אויסגעוואַקסען אין ארץ־ישראל איז ניט געווען אַ רעזולטאַט פון עפּעס אַ מין איבערמענשליכען שיכט פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט, וואָס האָט זיך דוקא אין די פּועלי־ציון קרייזען צוזאַמענגעקליבען. דער מענשען־מאַטעריאַל פון כמעט אַלע אידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונגען איז געווען פון איין און דערזעלביגער מדרגה. אינווייניג אין די באַוועגונגען זיינען געווען מענשען פון פאַרשיידענע גייסטיגע סביבה׳ס: בעלי־מלאכות, ישיבה בחורים, סטודענטען, באַלעבאַטישע בחורים. זיי זיינען אַלע געקומען פון דער טיפעניש פון אידישען פאָלקסטום. אין זיך האָבען זיי אַלע פאַרמאָגט די זעלביגע פּאָטענציעלע ענערגיען. דער אונטערשייד איז באַשטאַנען הויפּטזאַכליך אין דעם, וואָס ארץ־ישראל האָט געגעבען פאַר אָט־די רעוואָלוציאָנערע פּאָטענציעלע ענערגיען דעם בעסטען שטח, די בעסטע פעלד וואו די דאָזיגע ענערגיען אַריינצופלאַנצען. דער כאַראַקטער פון דער ארץ־ישראל׳דיגער אַרבייט איז אפילו פון אָנהויב·אָן געווען אַ שטאַטס־בויערישער. דער אַרבייטס־שטח איז ניט געווען באַגרעניצט אפילו ווי אין אַמעריקע — צו דער נאָדעל אינדוסטריע און פעדלעריי. די ענערגיען האָבען זיך געהאַט וואו אַריינצוגיסען. די קערנער האָבען געפונען אָרט וואו פאַרזייט צו ווערען. אויף אַלע געביטען פון פּראָדוקטיווער אַרבייט האָבען זיך די דאָזיגע ענערגיען צוגאָסען. דערפאַר איז געווען אַזאַ מזל וברכה אין דער אַרבייט. דערפאַר האָט געקענט אַרויסגעבראַכט ווערען פון אָט דער אידישער אַרבייטער יוגענט אַזאַ שפע פון בויאונג און גבורה. יענע צווישען די אידישע סאָציאַליסטען, וועלכע פלעגען אין די ערשטע יאָרען פון דער פּאָלעמיק צווישען זיי און די פּועלי־ציון זיך אויסלאַכען פון געדאַנק, אַז די אידישע בחורים און מיידלאַך פון ווילנער אידישער גאַס, פון קאָוונער פיש־מאַרק, פון דווינסקער קצבים־געסעל וועלען עס ווערען קאָלאָניזאַטאָרען פון אַ ניי לאַנד, — זיי האָבען אומגערעכט מזלזל געווען אין די כחות, וואָס די דאָזיגע בחורים און מיידלאַך האָבען אין זיך

פאַרמאָגט. זיי ז י י נ ע ן עס געוואָרען די קאָלאָניזאַטאָרען פער עקסעלאַנס, וואָס די געשיכטע האָט ביז זיי גאָר אַזעלכע ניט געזען. ווייל קאָלאָניזירען לענדער א י ז געווען פאַרבונדען מיט צווינגען שקלאַפען צו טאָן די שווערע אַרבייט, מיט צווינגען פאַרברעכער פון תפיסות פאַר אַזעלכע אַרבייטען. און די אידישע אַרבייטער זיינען אַנשטאָט פון אויסערליכען צוואַנג געטריבען געוואָרען דורך אַ גרויסען נאַציאָנאַלען און אַרבייטער אידעאַל. מיט אָט די כחות האָבען זיי דעם וואונדער באַוויזען. אָבער דער וואונדער א י ז געשען! די פּועלי־ציון זיינען אָבער זיכער באַרעכטיגט דעם טייל קרעדיט, אַז זיי האָבען פון סאַמע אָנהויב געגלויבט אין אָט די מערקווירדיגע כחות, וועלכע דער אידישער מאַסען־מענש האָט אין זיך פאַרמאָגט, וואָס ערשט דורך ארץ־ישראל האָט ער פון זיך געקענט אַרויסברייננגען און האָט עס טאַקע אַרויסגעבראַכט.

## אין שטאָט און אין דאָרף

נאָך דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען דער גרויסער שטראָם פון דער דריטער עליה. ווידעראַמאָל האָבען פּאַסירונגען אין אייראָפּע באַדייטענד מיטגעהאָלפען. עס איז אויפגעשטאַנען די זעלבסטשטענדיגע פּוילען, וועלכע האָט אָנגעהויבען אַרויסווייזען איר אמת׳ן אידענפיינטליכען פּרצוף. עס זיינען געקומען די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, וועלכע האָבען אָנגעהויבען באַווייזען זייערע אַנטי־ציוניסטישע טענדענצען. אידישע בחורים און מיידלאַך, וועלכע האָבען פאַר דער צייט פאַרבונדען זייערע אייגענע לעבענס־האָפנונגען מיט ארץ־ישראל האָבען זיך גענומען אין גרויסע מאַסען ציען קיין ארץ־ישראל.*) די נייע פּאָליטישע באַדינגונגען פון ארץ־ישראל האָבען אין יענע יאָרען פיל פאַרשפּראָכען. אַ ריי פון קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס מיט דער באַרימטער דגניה בראש האָבען באַוויזען די פאָרמען פון אידישע קאָלאָניזאַציע, וועלכע זיינען מעגליך אין ארץ־ישראל. דורך דער צייט האָט זיך שוין אויך באַוויזען דער טיפּ פון מושבי־עובדים, וואָס שפּעטער־צו איז עס אויסגעוואקסען צו גאָר אַ וויכטיגען טייל פון דער אַגראַרער קאָלאָניזאַציע פון די אידישע אַרבייטער. עס איז אין דער צייט שוין אַנטשטאַנען אַ באַדייטענדער שטאָטיש־אינדוסטריעלער אַרבייטער. די דריטע עליה האָט זיך אָנגעהויבען. און איינע פון די רייכסטע קאַפּיטלען פון אידישער בויאונג איז אַריינגעשריבען געוואָרען. מיט עין חרוד און נהלל אין דאָרף און תל־אביב אין שטאָט, אַלס די שפּיצען־ביישפּילען וואָס אידישע אַרבייטס ענערגיע קען אויפטאָן.

דורך פאַרשיידענע היסטאָרישע סיבות האָבען די אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין די גלות־לענדער, אויסער די פּועלי־ציון, כמעט ווי דערקלערט אַ מלחמה דער נייער אידישער אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל. אין בעסטען פאַל האָבען די אידישע אַרבייטער־באַוועגונגען, ווי דער פאַל איז געווען אין אַמעריקע, איבערגעלאָזען דער אידישער אַרבייטערשאַפט פון ארץ־ישראל צו איר אייגענעם שיקזאַל. זיי האָבען זיך באַטראַכט פאַרבונדען, ווער מער ווער ווייניגער, מיט דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג פון אייראָפּע. אָבער מיט ארץ־ישראל האָבען זיי ניט געוואָלט האָבען און ניט געהאַט קיין שייכות. די פּועלי־ציון אין אַמעריקע האָבען געזוכט צו ענדערען די באַציאונג. געלונגען איז עס ערשט יאָרען נאָך דער מלחמה, דורך פאַקטאָרען, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין דירעקטע שייכות מיט פּועלי־ציון, וועלכע זיי האָבען אָבער אויף אַן אויסגעצייכענטען אופן אויסגענוצט.

די צוזאַמענלעבונג אין פּיפּלס רעליף איז געווען איין פאַקטאָר. דאָרטען איז פאָרגעקומען די דערנענטערונג פון אַ גרופּע אַרבייטער־טוער מיט דעם פאַרשטאָרבענעם מאַקס פּיין בראש צו דער ארץ־ישראל׳דיגער אַרבייטערשאַפט, וועלכע האָט געפירט צו דער גרויסער היסטאָרישער דערגרייכונג, וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען „דער געווערקשאַפטען קאַמפּיין״, מיט וועלכע די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, לכבוד ווענעס 50־יעריגער עקזיסטענץ דאָס דאָזיגע בוך ווערט אַרויסגעגעבען, מעג אודאי שטאָלצירען.

## אַב. קאַהאַנ׳ס רייזע; ענדערונג

די באַזוכען פון אַ גרופּע פירער פון אידישע סאָציאַליסטען אין ארץ־ישראל, הויפּטזעכליך דער באַזוך פון אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״ און זיינע אַרטיקלען, ווי אויך פון די אַנדערע, וועלכע זיי האָבען נאָכער פאַרעפענטליכט, האָט אודאי געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אין דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען דאָ אין אַמעריקע צו דער ארץ־ישראל׳דיגער אַרבייטערשאַפט. אָבער, נאָך מיין מיינונג, זעען מיר דאָ פאַר זיך אַ היסטאָרישע דערשיינונג, פון אומגעהויערען אינטערעס און באַדייטונג.

די ערשטע מחוץ פּועלי־ציון, וועלכע האָבען זיך אין אַמעריקע פאַראינטערעסירט מיט דער ארץ־ישראל׳דיגער אידישער אַרבייטערשאַפט, זיינען געווען די עלטערע אידישע סאָציאַליסטען און יוניאָן־פירער. זיי האָבען געהערט צו יענעם דור, וואָס האָט זיך אָדער אַליין באַטייליגט אין דער וואונדערבאַרער עם עולם גרופּע, אָדער זיי זיינען פון דער גרופּע דירעקט באַאיינפלוסט געוואָרען. די עם־עולם גרופּע האָט געוואָלט טאָן אין אַמעריקע, דאָס וואָס די 2־טע און די דריטע עליות האָבען געטאָן אין ארץ־ישראל. ביידע זיינען געווען אָנגעפילט מיט דעם דראַנג

---

* נייע אינטערעסאַנטע אַרבייטער ציוניסטישע באַוועגונגען אונטער די נעמען צעירי ציון און השומר הצעיר זיינען אויפגעשטאַנען.

איבערצובויען דאָס אידישע לעבען אויף פּראָדוקטיווע און סאָציאַליסטישע יסודות. פאַרוואָס די עם עולם גרופּע איז מיט אָט די צילען דורכגעפאַלען אין אַמעריקע איז זעהר אַ אינטערעסאַנטער שטודיום, וואָס געהערט אָבער ניט צו דער איצטיגער אַרבייט. דער גייסט פון דער גרופּע איז אָבער געלעגען טיף אין די נשמות פון אירע ערשטע טרעגער. און ווען צו זיי האָבען דערגרייכט די ידיעות פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין ארץ־ישראל, הויפּטזאַכליך די וועלכע האָבען עס אַליין געזען מיט זייערע אייגענע אויגען, האָבען דאָך געמוזט דערשפּירען:

אָט דאָס איז עס דאָך. אָט דאָס איז דאָך געווען דער אידעאַל, וואָס האָט אונז באַלעבט אין אונזערע נאַאיווע אָבער מער הייליגע יאָרען. זיי האָבען געמוזט דערשפּירען די נאָענטקייט צו אַלץ וואָס איז אין ארץ־ישראל באַשאַפען געוואָרען. זיי האָבען עס געמוזט אָנהויבען באַטראַכטען אַלס זייער אייגענס, נאָענטעס. און דער היסטאָרישער שידוך האָט ג ע מ ו ז ט געשלאָסען ווערען.

און זיי זיינען זיכער גערעכט אין דעם וואָס זיי באַטראַכטען עס אַלס זייער אייגענעס. ווער קען עס אויספאָרשען יענע קאַנאַלען פון ווירקונגען וואָס האָבען זייערע טראָפּנס אַריינגעשפּריצט אין די הערצער פון די יעניגע, וואָס האָבען דירעקט געטאָן די בוי־אַרבייט אין ארץ־ישראל. די עם־עולם, ווי אַ גייסטיג־אָנגעהויכטע גרופּע האָט אָן ספק גערעגט די ענערגיען פון פילע פון די ערשטע פּיאָנערען־בויער אין ארץ־ישראל. דער אָרגאַניזם פון אידישען פאָלקסטום האָט אין זיינע אָדערען אויך אָט דעם עם־עולם בלוט פאַרמאָגט. דורך די אָדערען איז עס דערגאַנגען צו אַלע גלידער, דעם ארץ־ישראל גליד בתוכם. אַלע געזונטע שעפערישע כחות האָבען זיך דאָ מיט זייערע ווירקונגען באַטייליגט. פאַר אַ קורצע צייט האָבען זיך שטראָמען פון דער אי־דישער אַרבייטערשאַפט צעשפּרייט אויף פאַרשיידענע וועגען. אָפט האָבען זיי אויסגעזען געגנעריש איינע צו די אַנדערע. דורך ארץ־ישראל ווערען זיי צוריק דערנענטערט. עס וועט קומען דער טאָג פון אַלוועלטליכער פאַראייניקונג פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט פון דער גאָרער וועלט. יעדער באַזונדערע גרופּע וועט ברייגען צום געמיינשאַפטליכען אָרגאַניזם דאָס שעפערישסטע וואָס זי פאַרמאָגט. די פּועלי־ציון וועט קענען צוטראָגען, סיי דאָס שעפע־רישע וואָס זי האָט געהאָלפען בויען אין דער גאַנצער וועלט, סיי — איר גרעסטען צושטייער, דעם חלק וואָס זי האָט אַריינגעגעבען אינ׳ם אויפבוי פון דער וואונדערבאַרער אידישער אַר־בייטערשאַפט אין ארץ־ישראל.

„עם עולם“ און חלוצים

---

# עס זיינען נאָך פאַראַן אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע

**אַ פּראָבלעם וואָס ווערט כסדר דיסקוטירט. — דער אמת**

פון ד. שוב

אויף דער אידישער גאַס פון אַמעריקע האָבן מיר קיינמאָל זינט איך געדענק, נישט געהאַט קיין פּראָפעסיאָנעלע קלאָג־מוטערס, וועלכע האָבן זיך כסדר באַמיט צו באַווייזן, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום ווערט דעקלאַסירט, אַז מאַסן אידן ווערן אַרויסגעשטויסן פון יעדן קלאַס פון דער געזעלשאַפט און ווערן פאַרוואַנדעלט אין לופט־מענשן.

די מערסטע פון די דאָזיגע קלאָג־מוטערס האָבן געוויינלעך געהערט צום ציוניסטישן לאַגער. אַלס ציוניסטן זיינען זיי געווען פאַראינטערעסירט צו איבערצייגן דעם עולם און אפשר זיך אַליין אויך, אַז דאָס אידישע לעבן אין גלות געהט אומעטום אונטער.

די לעצטע יאָרן האָט מען אפילו אין דער ציוניסטישער פּרעסע אויך אויפגעהערט צו ריידן וועגן דעם אונטערגאַנג פון דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע און וועגן דעם, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום ווערט דעקלאַסירט. דערפאַר אָבער איז דוקא אין די ראַדיקאַלע אידישע קרייזן שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן די מיינונג, אַז אַמעריקאַנער אידן פאַרלירן ביס־לאַכווייז דעם עקאָנאָמישן באָדן אונטער זיך.

## פאַרשווינדען אידישע אַרבייטער?

לויט די רייד פון אונזערע שוואַרצזעער, קומט אויס, אַז די צאָל אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע איז שוין היינט צו טאָג פאַרהעלטניס־מעסיג זעהר קליין און אויב דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע וועט ווייטער גיין מיט דעם זעלבן גאַנג ווי ביז אַהער, וועט אין אַ יאָר 10־15 אַרום ניט בלייבן מער קיין סימן פון אַ אידישער אַרבייטער באַוועגונג, ווייל עס וועלן פשוט נישט זיין מער קיין גרויסע מאַסן אידישע אַרבייטער.

אַלס אַ באַווייז צייגט מען געוויינליך אָן אויף די פאָלגענדע פאַקטן: די צאָל אידישע אַרבייטער אין די נאָדעל־טריידס ווערט וואָס אַ מאָל אַלץ קלענער. איטאַליענער, פּאָליאַקן, גריכן, אַמעריקאַנער שיקסעס און נעגערס פאַרנעמען אין דער קלאוק־ דרעס־ און פאַר־אינדוס־טריעס די פּלעצער פון די אידישע אַרבייטער.

## די נאָדעל־טריידס

די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע, וועלכע איז נאָך מיט אַ יאָר 20 צוריק געווען כמעט דורכאויס אַ אידישע יוניאָן, איז איצט אין איר גרויסער מערהייט אַ „גוי׳אישע“ יוניאָן.

אויך אין דער דרעס־אינדוסטריע, וואו עס האָבן אַמאָל געאַרבייט הויפּטזאַכליך אידישע אַרבייטער, זיינען די אידן איצט אין אַ קליינער מינדערהייט.

דאָס זעלבע איז אויך דער פאַקט אין אַלע איבעריגע נאָדעל־אינדוסטריעס. קיין נייע אידישע אינדוסטריעס קומען נישט צו און אין די נישט־אידישע אינדוסטריעס איז פאַר אַ אידען שווער אַריינצודרינגען. דער איד, וואָס פאַלט אַרויס פון זיין טרייד, האָט נישט קיין מעגליכקייט אָנצוקומען אַרבייטען ביי אַן אַנדער טרייד און ער נעמט זיך צו „ביזנעס“ אָדער ער וועט אַ דעקלאַסירטער. די צאָל פון אַזוינע „דעקלאַסירטע“ אידען, פאַרזיכערט מען אונז, איז זעהר גרויס און זי ווערט מיט יעדען טאָג אַלץ גרעסער.

וואָס איז דער אמת? לויט מיין מיינונג האַלט אָט די גאַנצע פּעסימיסטישע טעאָריע נישט אויס די מינדסטע קריטיק.

## פּעסימיזם ניט באַרעכטיגט

אמת איז, אַז אין אַ ריי אינדוסטריעס, וואו עס האָבן פריער אין פאַרלויף פון יאָרען געקיניגט די אידען סיי אַלס אַרבייטער און סיי אַלס אונטערנעמער, קעניגען איצט אַנדערע נאַציאָ־נאַליטעטען. אָבער די אידען זיינען נ י ש ט אַ ר ו י ס ג ע ש ט ו י ס ע ן געוואָרען פון די דאָזיגע אינדוסטריעס, זיי זיינען פון זיי אַ ל י י ן אַוועק. אַ גאַר גרויסער טייל פון די רייכע געשעפטסלייט פון ניו יאָרק און פון די אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט, באַשטייט פון גע־וועזענע אידישע שניידער אָדער פון קינדער פון אידישע שניידער.

זינט אידען האָבן אָנגעפאַנגען אימיגרירען קיין אַמעריקע, האַלטען די אידישע אַרבייטער אין איין „אַרויסשטויסען זיך“ פון דער שניידער־אינדוסטריע, ווי אויך פון אַנדערע אינדוסטריעס.

וועלכער אידישער אימיגראַנט, וואָס איז געקומען אין אַמעריקע פאַר דעם יאָר 1905, האָט עס נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַ שניידער־שאַפּ אָדער אַ סיגאַר־פעקטאָרי? אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך פריער אָדער שפּעטער אַרויסגעריסען פון שאַפּ און זיינען אויס שניידער און אויס סיגאַר־מאַכער.

אַזוי לאַנג ווי דער עמיגראַציע־שטראָם פון דער אַלטער היים האָט אָנגעהאַלטען, האָבען די ניי־אַריבערגעקומענע גרינע אידען פאַרנומען די פּלעצער פון די אַרויסגעפאַלענע. ווען די אידישע מאַסען־אימיגראַציע אָבער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבען די אַזוי־גערופענע „אידישע טריידס" געצנומען אָפּשטאַרבען נישט דערפאַר, וואָס די שניידער־שעפּער אָדער פאַר־שעפּער זיינען פאַרשלאָסען געוואָרען פאַר די אידישע אַרבייטער, נאָר ווייל אַ סך פון די אידישע אַר־בייטער פון די נאָדעל־טריידס האָבען זיך פאַר דער צייט אויסגעגרינט און זיינען אַוועק אין ביזנעס אָדער האָבען זיך גענומען צו בעסער באַצאָלטע באַשעפטיגונגען.

## אַלטע אַרבייטער און יונגע

אַ געוויסע צאָל אידישע אַרבייטער איז אין די לעצטע יאָרען ווירקליך אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון די נאָדעל טריידס. אָבער דאָס זיינען אין זעהר גרויסער מערהייט געווען עלטערע אַרבייטער, וועלכע ווערען ניט גערען אַריינגענומען אין די שעפּער ניט דערפאַר ווייל זיי זיי־נען אידען, נאָר דערפאַר וואָס זיי קענען איינפאַך היינט צו טאָג שוין ניט אַזוי פיל פּראָדוצירען, וויפיל זיי האָבען אַמאָל פּראָדוצירט. די טענדענץ אין אַ ל ע אַמעריקאַנער אינדוסטריעס איז צו באַפרייען זיך פון די עלטערע אַרבייטער און אַריינצונעמען אויף זייערע פּלעצער אינגערע, פרישערע און געזינטערע. אידישע אַרבייטער ליידען פון דעם ניט מער ווי די אַרבייטער פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען.

איך בין איבערצייגט, אַז אין די נאָדעל־אינדוסטריעס, וואו עס אַרבייטען אַ גרויסע צאָל אידען, איז די צאָל עלטערע אַרבייטער נאָך עד היום גרעסער ווי, זיי זיינען געווען מיט דרייסיג יאָר צוריק. קיין יונגע אידישע אימיגראַנטען קומען אין קיין גרויסער צאָל אַהער מער ניט אַריין, און די היגע געבאָרענע זין און טעכטער פון די אידישע שניידער, קלאָוקמאַכער אָדער פאַריער גייען ניט אין די אַזוי־גערופענע „אידישע טריידס", וואו עס אַרבייטען אידישע אימיג־ראַנטען פון עלטערען דור, מיט וועלכע זיי האָבען זעהר ווייניג געמיינשאַפטליכעס. אַזוי ווערט דער פּראָצענט פון אידישע אַרבייטער אין די דאָזיגע אינדוסטריעס וואָס ווייטער אַלץ קלענער און קלענער.

דאָס מיינט אָבער בשום אופן ניט, אַז די אידישע אַרבייטער גייען אונטער אין אַמעריקע און אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ פאָלק פון לופט־מענשען.

## ניטאָ קיין אייביגע חזקה

קיין איין נאַציאָנאַליטעט האָט אין אַמעריקע ניט קיין אייביגע חזקה אויף געוויסע טריידס אָדער אינדוסטריעס. מיט אַ יאָר זיבעציג, פינף־און־זיבעציג צוריק האָבען, צום ביישפּיל, אין דער סיגאַר־אינדוסטריע פון די פאַראייניגטע שטאַטען געאַרבייט כמעט אויסשליסליך האָלענ־דער, שפּאַניער און טשעכען. מיט יאָרען שפּעטער האָבען זייער פּלאַץ ביסלאַכווייז פאַרנומען די דייטשען. אין די אַכציגער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט האָבען די אידען גענומען פון דאָרטען אַרויסשטופּען די דייטשען. איצט אַרבייטען אין דער סיגאַר־אינדוסטריע הויפּט־זאַכליך אַמעריקאַנער פרויען.

דאָס אייגענע האָט אויך פּאַסירט מיט דער שניידער־אינדוסטריע. די ערשטע שניידער אין אַמעריקע זיינען געווען איירישע, נאָך זיי זיינען געקומען די אונגאַרען און די דייטשען. שפּעטער האָבען די אידען ביסלאַכווייז „אַרויסגעשטופּט" די דייטשען און אין אָנפאַנג פון 20־טען יאָר־הונדערט האָבען די איטאַליענער גענומען „אַרויסשטופּען" די אידען. אין די לעצטע יאָרען ווערען די איטאַליענער אַליין שוין אויך ביסלאַכווייז „אַרויסגעשטופּט" פון שפּאַניש־אַמעריקאַנישע פרויען און פון נעגערס. עס רעדט זיך נאָר אַזוי „אַרויסגעשטופּט". אין דער אמת׳ן האַנדעלט זיך עס אום דעם, וואָס מענשען גייען אַ ל י י ן אַוועק פון אַ געוויסער אינ־דוסטריע דערפאַר, וואָס אָדער די באַדינגונגען אין דער דאָזיגער אינדוסטריע ווערען שטאַרק פאַרערגערט, און פאַר דעם אַרבייטער, וועלכער איז געוואוינט צו אַ העכערען לעבענס־סטאַנ־דאַרד ווערט אוממעגליך דאָרטען צו אַרבייטען, אָדער דערפאַר, וואָס עס עפענען זיך פאַר זיי נייע מעגלאַכקייטען צו פאַרדינען ערגעץ אַנדערשוואו מער און מאַכען אַ לייכטערען און בע־סערען לעבען.

## יענקים פּאַרלאָזן אויך טריידס

די אַמעריקאַנער געבאָרענע יענקים זיינען אויפ׳ן זעלבען אופן אין פאַרלויף פון די לעצטע 75, 80 יאָר „אַרויסגעשטופּט" געוואָרען פון די מערסטע אינדוסטריעס, וואו זיי האָבען אַמאָל גע־אַרבייט און זיי האָבען קיין אורזאַך ניט צו באַקלאָגען זיך אויף דעם. אין די פאַראייניגטע שטאַטען איז איבערהויפּט ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ שטענדיגע פאַרגליווערטע מאַסע פון אַרבייטער־קלאַס, ווי מיר זעהען עס אין די אייראָפּעאישע לענדער. מענשען האַלטען דאָ כסדר אין איין מופען ניט נאָר פון איין דירה אין אַ צווייטער און פון איין אינדוסטריע אין אַ צווייטער, נאָר אויך פון איין קלאַס אין אַ צווייטען. אָט איז איינער היינט אַן אַרבייטער, אין אַ פּאָר יאָר אַרום ווערט ער אַ פאַבריקאַנט אָדער אַ סטאָר־קיפּער און באַלד נאָכדעם ווערט ער אָפּט צוריק

אַן אַרבייטער. מיר זעהען דאָס אויף שריט און טריט צווישען אידען אַזוי גוט ווי צווישען ניט־אידען.

### אידישע אַרבייטער אין נייע טריידס

מאַסען אידען זיינען אין די לעצטע 20־25 יאָר טאַקע „אַרויסגעשטויסען" געוואָרען פון די „אידישע טריידס". זיי זיינען אָבער נישט געוואָרען קיין בעטלער און קיין לופט־מענשען, די מערסטע פון זיי זיינען אַריינגעדרונגען אין אַנדערע אינדוסטריעס און באַשעפטיגונגען. צענד־ליגע טויזענטער אידישע אַרבייטער אַלטע און יונגע, אימיגראַנטען און היגע־געבאָרענע זיינען היינט־צו־טאָג באַשעפטיגט אין דער בוי־אינדוסטריע. אין אַמעריקע זיינען, צום ביישפּיל, היינט־צו־טאָג פאַראַנען אַ סך מער אידישע פּיינטערס אָדער פּלאָמבערס, וויפיל עס זיינען געווען מיט 25 אָדער 30 יאָר צוריק. צענדליגע טויזענטע אַנדערע, מערסטענס היגע־געבאָרענע אידען אַרבייטען אין די אַזוי־גערופענע מעכאַנישע טריידס: ביי אָטאָמאָבילס, ראַדיאָס, מואווינג־פּיקטשורס א. אַז. וו. און זיי פאַרדינען אין דורכשניט מער ווי דער דורכשניטליכער קלאוק־מאַכער אָדער פאַריער האָט אפילו אין די בעסערע צייטען פאַרדינט.

אין ניו יאָרק און אין אַנדערע גרעסערע אַמעריקאַנער שטעט אַרבייטען, צום ביישפּיל, איצט אַ סך אידישע יונגע לייט, אַלס טעקסי־דרייווערס און אַלס אַנגעשטעלטע אין די גאַזאָלין־סטיישאָנס. כמעט אין אַלע בעסער־באַצאָלטע טריידס איז היינט־צו־טאָג פאַראַן אַ באַ־דייטענדער פּראָצענט אידישע אַרבייטער און זייער צאָל ווערט ניט קלענער, נאָר גרעסער.

אויך אויף די אָטאָמאָביל־ און שטאָל־פאַבריקען אַרבייטען איצט אַ סך אידישע אַרבייטער. אַמאָל האָט יעדער אידישער אַרבייטער געטרוימט צו מאַכען זיין זון פאַר אַ דאָקטאָר אָדער פאַר אַ לאָיער. היינט־צו־טאָג שיקען פילע אידישע אַרבייטער זייערע קינדער אין די פאַר־שיידענע טעכנישע שולען אויסצולערנען זיך אַ גוט באַצאָלטען טרייד. קיין אידישע דאָקטוירים און לאָיערס פעלען היינט אויך ניט. מען זאָגט אפילו, אַז עס זיינען שוין פאַראַנען אַביסעל צו פיל און אַז אַ סך פון זיי זיינען מקנא אַ קוואַליפיצירטען אַרבייטער.

דער גרעסטער טייל פון דער אַמעריקאַנער אידישער יוגענט גייט ניט אין די אוני־ווערזיטעטען, נאָר איז באַשעפטיגט אין פאַרשיידענע טריידס און אונטערנעמונגען אַלס איינ־פאַכע אַרבייטער אָדער אַנגעשטעלטע.

אמת איז בלויז, אַז די צאָל אידיש־ריידענדע אַרבייטער אין אַמעריקע ווערט מיט יעדען יאָר אַלץ קלענער, ווייל דער אַלטער דור שטאַרבט ביסלאַכוויז אויס און קיין נייע אימיגראַנטען פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער קומען קיין סך ניט צו. אָבער די צאָל אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע איז איצט ניט קלענער, נאָר גרעסער ווי מיט 20־30 יאָר צוריק און כל־זמן עס וועלען זיין אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע וועט אויך עקזיסטירען אַ אידישע אַרבייטער־באַ־וועגונג און מען וועט זיך נויטיגען אין אַזאַ קערפּערשאַפט ווי די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

### פּראָפעסיאָ־נאַלען

די דאָקטוירים און די לאָיערס מאַכען אויס אַ גאַנץ קליינעם פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון אַמעריקע און אין נאָרמאַלע צייטען האָבען די מערסטע פון זיי גע־מאַכט אַ גאַנץ פיינעם לעבען, אפילו ווען זיי האָבען נישט אונטערגעהאַנדעלט אַביסעל מיט ריעל עסטייט אָדער ספּעקולירט ניט אויף וואָל סטריט.

דער וואָל־סטריט קראַך און דער קריזיס, וואָס האָט גלייך נאָכדעם אויסגעבראָכען, האָבען ווירקליך אַנגעמאַכט אַ חורבן אין אַ סך אידישע הייזער. פילע רייכע אידען האָבען אין דעם קריזיס פאַרלאָרען אַלעס וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט, און זיינען געוואָרען קבצנים. אָבער אידען זיינען דאָך ניט די איינציגע, וואָס האָבען ספּעקולירט מיט ריעל עסטייט אָדער אויף וואָל־סטריט. צווישען די קרבנות פון וואָל־סטריט־קראַך און פון קריזיס זיינען פאַראַן אַ סך מער ניט־אידען ווי אידען. מען קען אויך ניט זאָגען, אַז די אידישע אַרבייטער האָבען געליטען מער פון קריזיס, ווי די אַרבייטער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. דער פאַקט איז, אַז גראַד אין ניו יאָרק, אין דעם גרעסטען צענטער פון אידישע אַרבייטער, איז די אַרבייטסלאָזיגקייט געווען פאַרהעלטניסמעסיג קלענער, ווי אין אַנדערע טיילען פון לאַנד.

### ניטאָ דאָ קיין דעקלאַסירונג

אין אַלגעמיין איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די גרויסע אידישע מאַסען אין אַמעריקע איצט געוויס ווייט ניט קיין גלענצענדע. אָבער די לאַגע פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג פון לאַנד איז אַ האָר ניט בעסער. און פונקט אַזוי ווי מען קען ניט זאָגען, אַז דאָס גאַנצע אַמע־ריקאַנער פאָלק ווערט דעקלאַסירט דערפאַר, וואָס צענדליגע טויזענטער אַמעריקאַנער געשעפטס־לייט האָבען פאַרלאָרען זייער פאַרמעגען און מיליאָנען אַרבייטער זיינען אויף רעליף אָדער אַרבייטען פאַר דער דאַבליו־פּי־איי און פּי־דאַבליו־איי, אַזוי קען מען אויך בשום אופן ניט באַ־הויפּטען, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום ווערט דעקלאַסירט. פון אַ קריזיס ליידען אַלע נאַציאָ־נאַליטעטען גלייך און די אידען זיינען ניט קיין אויסנאַם. ווי עס קריסטעלט זיך, אַזוי אידעלט זיך. אין נאָרמאַלע צייטען אָבער איז ניטאָ קיין שום גרונט זיך צו באַקלאָגען אויף דער עקאָ־נאָמישער לאַגע פון די אַמעריקאַנער אידען אַלס אידען. הלוואי אויף די אידען פון אַנדערע לענדער ניט ערגער געזאָגט געוואָרען.

# אין איין משפחה מיט די געווערקשאַפטען

**שטריכען פון דער אינטערנעשאַנאַל, אַ ירושה פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג**

פון דעיוויד דובינסקי

ערשטע ערציהונג פון לאָקאַלען

אונזער אינטערנעשאָנאַל איז גליד־אין־גליד פון דער געווערקשאַפטען־משפחה. פאַרזוכען צו אָרגאַניזירען קלאָוקמאַכער זיינען געמאַכט געוואָרען איידער די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז געבוירען געוואָרען, אָבער די געשיכטע פון גאַנצע קלאָוקמאַכער יוניאָנס הויבט זיך אָן מיט די ערשטע בלעטער געשיכטע פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

אַ היבשע צאָל פון די לאָקאַלען פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן זיינען קינדער פון די געווערקשאַפטען. די געווערקשאַפטען האָט זיי אָרגאַניזירט, האָט זיי געגעבען די ערשטע ערציהונג, האָט פאַר זיי געשאַפען די ערשטע אומגעבונג.

לויט היסטאָריקער, האָבען די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָנס פון ניו יאָרק אפילו געפירט אַ קאַמף מיט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. געציילטע חדשים איז די געווערקשאַפטען געווען מיט דער היסטאָרישער און שוין כמעט פאַרשוואונדענער ס. ל. פּ., און די קלאָוקמאַכער יוניאָנס פון יענער צייט זיינען געווען פון די רעוואָלטירענדע אָרגאַניזאַציעס געגען דער פאַרטיי דיקטאַטור, וואָס די ס.ל.פּ. האָט געוואָלט אָנווענדען. נו, וויבאַלד „מיר האָבען זיך געקריגט״, איז דאָך עס געוויס אַ סימן, אַז מיר זיינען פון איין פאַמיליע.

אגב איז דאָס מיר זעהר אַנגענעם אָפּצופרישען יענעם היסטאָרישען פאַקט, אַז שוין די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָנס זיינען געווען געגען פאַרטיי־הערשאַפט איבער די יוניאָנס.

נאָך ווייטער. אַלע געדיינקען דעם ריפּערמאַכער סטרייק פון יאָר 1907 און דעם ווייסט־מאַכער קאַמף פון יאָר 1909, און פאַרביידע קאַמפען האָט די געווערקשאַפטען צוגעשטעלט אי דירעקטע פירערשאַפט אי געזעלשאַפטליכע הילף.

בענדזשאַמין שלעזינגער, ווי דער פירער פונ׳ם ריפּערמאַכער־סטרייק, פלעגט ברענגען וועכענטליכע באַריכטען פון סטרייק צו די מיטינגען פון די געווערקשאַפטען; און וואָס איז שייך צום ווייסטמאַכער קאַמף, איז ער אינגאַנצען געפירט געוואָרען פון די געווערקשאַפטען.

מיר זיינען שוין לאַנג אַוועק פון יענער צייט, אין אין איצטיגען מאָמענט איז די אינטערנעשאָנאַל שוין ניט קיין אויסשליסליך אידישע, אויך ניט קיין אויסשליסליך אימיגראַנטישע אָרגאַניזאַציע. אונזער אויסזען איז „פיל־פּנים׳דיג״, וואָס איז שייך צו נאַציאָנאַליטעטען. אַז אונזער איטאַליענישע מיטגלידערשאַפט איז גרויס און גוט אָרגאַניזירט, ווייסט די גאַנצע וועלט; און אין דער אַרבייטער באַוועגונג ווייסט מען, אַז מיר האָבען אויך אַ גרויסע גרופּע שפּאַניער, און אַראַבער (סיריער), און כינעזישע מיטגלידער, און אַ פּוילישע גרופּע, און אַ רוסישע גרופּע, און אַז אונזערע שפּאַניער זיינען צוטיילט אויף גרופּעס פּאָרטאָ־געזער, מעקסיקאַנער, און שפּאַניער פון דרום אַמעריקאַנישע פעלקער; און פון אונזערע אַנגלאָ־זאַקסישע מיטגלידער איז דאָך אָפּגערעדט. זיינען מיר „פיל־פּנים׳דיג״ לויט ראַסען און פעלקער, אָבער מיר האָבען איין פּנים — דעם פּנים, וועלכער האָט זיך אויסגעפורעמט אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע, דעם פּנים, וואָס איז באַלויכטען פון די אידעאַלען, וועלכע די אימיגראַנטישע אַרבייטער באַוועגונג האָט דורך דער פאַראייניגטער אידישער געווערקשאַפטען געהאַלטען פיין און זויבער, מאָראַליש הויך.

ווען־נאָר איך בלעטער די געשיכטע פון אונזער אינטערנעשאַנאַל און די געשיכטע פון אונזערע באַזונדערע לאָקאַלען, שטעל איך זיך אָפּ אויף אַ סצענע פון דעם אָוועגט, ווען אַ פאַר־זאַמלונג אין קופּער יוניאָן האָט באַשלאָסען, אַז עס זאָל ערקלערט ווערען דער גענעראַל סטרייק

פון די ווייסטמאַכער. איך מיין דעם סטרייק פון יאָר 1909. איינער פון די רעדנער ביי יענער פאַרזאַמלונג איז געווען, ב. פייגענבוים, אַ פאַרעהרטער לערער אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג. און פייגענבוים האָט דאָך גע׳שם׳ט אַלס אַן „אפיקורס״, אָבער אין דער אמת׳ען איז ער ערשט געווען אַ רעליגיעזער מענש. זיין רעליגיע איז געווען דער סאָציאַליזם, די אידעאַלען פון דער אַרבייטער באַוועגונג. האָט ער דורכגעפירט אַ אייגענאַרטיגע צערעמאָניע ביי יענער פאַרזאַמלונג אין קופּער יוניאָן. די פאַרזאַמעלטע, וואָס האָבען געדאַרפט באַלד ווערען סטרייקער, זיינען צומייסטענס געווען יונגע מענשען, די ערשט געקומענע יוגענט פון מזרח־איראָפּע. פייגענבוים האָט מיט זיי גענומען אַ שבועה, אַז זיי טרעטען אַריין אין דעם קאַמף מיט׳ן גאַנצען האַרצען, און אַז זיי וועלען בלייבען געטריי דעם קאַמף, ווי שווער ער זאָל ניט זיין, און אַז זיי וועלען בלייבען געטריי דער יוניאָן, מיט וואָס דער קאַמף זאָל זיך ניט ענדיגען. אַלע פאַרזאַמעלטע האָבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע ערטער און מיט דער רעכטער האַנט אויפגעהויבען אין דער הויך; און פייגענבוים האָט געהאַלטען זיין רעכטע האַנט אויפגעהויבען אין דער הויך; און אַלע האָבען געשוואָרען אַ שבועה. דאָס איז געווען אַ געפיהלפולע סצענע. ביים לייענען דערפון אין אונזער געשיכטע ווערט מען פאַרכאַפּט. דאָס כאַראַקטעריזירט דעם גייסט וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אַריינגעטאָן אין דער באַוועגונג — אַ רעליגיעזען גייסט. און דאָס איז אויך איצט אין אונזער אינטערנעשאָנאַל, הגם מיר זיינען פילפאַרביג פון פעלקער און פּראָבלעמען.

## רעליגיעזער גייסט אין יוניאָנס

אונזער אינטערנעשאָנאַל נעמט אויף פראַגען — עקאָנאָמישע, פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע פראַגען — אין אַ גאַנץ אַנדער גייסט ווי זיי ווערען אויפגענומען פון אויסשליסליך אַמעריקאַנער יוניאָנס, אָדער פון יוניאָנס אין איראָפּע. אודאי זוכען מיר צו געפינען אַ פּראַקטישע לייזונג פאַר די פראַגען, וואָס קומען צו אונז, אָבער דערביי איז אימער דאָ אַן אייגענאַרטיגקייט, וואָס ניט אַלע מאָל קען מען דאָס ערקלערען מיט געוויינליכע ווערטער. כמעט אַרום יעדער פראַגע איז דאָ „וועלט שמערץ״, ענטווידער אידישע אָנגעווייטאָגטקייט, אָדער אַן איטאַליענישער פאָלקס־פּראָבלעם, אָדער אַן אינטימער ענין פון אַן אַנדער פאָלק. עס איז דאָ אַ טיפער פעלקער־אינטערעס ביי אונזערע צוזאַמענקונפטען, און ביי אונזערע באַראַטונגען, און ביי אונזערע גרויסע מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען. קיינמאָל איז ביי אונז ניט קיין פראַגע פון בלויז אַרבייטס־באַדינגונגען; אַלעמאָל איז דאָ אַן עקסטראַ זאַך דערצו. דאָס איז נאַטירליך. מיר זיינען דאָס, וואָס מיר זיינען. מיר זיינען אַן אָרגאַניזאַציע פון פאַרשיידענע פעלקער, און די פּסיכאָלאָגיע און דער טעמפּעראַמענט און די געשיכטע פון יעדען פאָלק באַזונדער וועיעט איבער אונז.

## פראַגען פון פעלקער

אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס דער גורל פון כמעט אַלע יוניאָנס, וועלכע זיינען אָנגעשלאָסען אָן די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען און דער גורל פון די געווערקשאַפטען אַליין. יאָ, מיר זיינען פון איין משפּחה.

בלעטערענדיג אונזער געשיכטע קום איך צו די נעמען פון די היסטאָרישע פירער פון אונזער אינטערנעשאָנאַל, פאַרשטאָרבענע: באַראָנדעס, ראָזענבערג, לידער, פּאָליאַקאָוו, שלעזינגער, זיגמאַן, באַראָף, — אַלע פון זיי זיינען געווען אויסגעקניפּט און אויסגעבונדען מיט פאַרשיידענע פעריאָדעס פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. איך קום צו אַזעלכע נעמען ווי מאָריס הילקוויט און מאיר לאָנדאָן. זיי זיינען געווען אין אונזער אינטערנעשאָנאַל קאָפּ און האַרץ; און פון זייערע יונגע יאָרען אָן איז זייער פּלאַטפאָרמע אימער געווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. אין אונזער געשיכטע זיינען פאַרשריבען די איינפלוסען אויף אונזער אָרגאַניזאַציע פון אַזעלכע היסטאָרישע פערזענליכקייטען ווי יודזשין דעבס און סעמועל גאָמפּערס. זיי זיינען געווען די פאַרעהרטע העלדען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פונקט אַזוי ווי אונזערע. מיר זיינען פון איין פאַמיליע.

די אַרבייטער־באַוועגונג איז איצט איז גאַנץ אַנדערש ווי זי איז געווען אין די יאָרען, ווען אונזערע יוניאָנס האָבען געמוזט קעמפען פאַר בלויז איין זאַך — פאַר אַנערקענונג. אונזערע יוניאָנס זיינען איצט אין צענטער פון דער גאַנצער עקאָנאָמישער סצענע אין לאַנד. און דאָס לאַנד איז פאַרכאַפּט פון אַ נייעם גייסט אין באַצוג צו אַרבייטער, און מיר נוצען דאָס אויס, און מיר פעסטיגען זיך איין צו האָבען קאָנטראָל, אַז דער לעבען־סטאַנדאַרד פון אונזערע מיטגלידער זאָל אַלע מאָל גיין באַרג־אַרויף. דער עיקר היינט־צו־טאָג איז שוין ניט דער סוועטשאַפּ, און קאָנטראַקטינג און סאָב־קאָנטראַקטינג, אָדער וואָך־אַרבייט און שטיק־אַרבייט, ווי דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל. אין אַ געוויסען זין האָט די אַרבייטער באַוועגונג אין איצטיגען מאָמענט הויפּטזעכליך אַ פּאָליטישען כאַראַקטער. מיר זיינען פאַראינטערעסירט ניט בלויז אַלס בירגער, נאָר אַלס טרייד־יוניאָניסטען אין יעדען געזעץ, וואָס ווערט פאָרגעשלאָגען צי אין קאָנגרעס, צי אין אַ סטייט־לעדזשיסלייטשור. מיר פּאַסען זיך צו צו־אָט־דער נייער לאַגע.

די צופּאַסונג־פֿייאיגקייט איז ביי אונז אַ ירושה פון די ערשטע יאָרען אידישע אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע, וועלכע איז קיינמאָל ניט געווען פּאַרגליוערט, וועלכע איז אַלעמאָל געווען וואַכזאַם — און דאָס איז אייגענטליך אַ ירושה פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. יאָ, מיר געהערען צו דערזעלבער משפחה.

## שטריכען, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש

פאַראַן מאָמענטען ווען מיר ווערען צו־קאָנסערוואַטיוו, און מאָמענטען, ווען מיר לאָזען זיך אַוועק אויף אַלע ווינטען פון ראַדיקאַליזם. דאָס איז אויך אַן ענליכער שטריך ביי די געווערקשאַפטען און ביי אונז. און עס איז פאַרשטענדליך פאַרוואָס עס איז אַזוי. די מענשען פון די געווערקשאַפטען און די מענשען פון אונזער אינטערנעשאָנאל זיינען געקומען פון איין און דער זעלבער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון דער אויפוואַכונג פון דער אידישער פאָלקסמאַסע, וואָס האָט גענומען אויפגיין מיט אַ האַלבען יאָרהונדערט צוריק. אונזערע איטאַליענישע מיטגלידער האָבען אויך געהאַט אַזאַ קוואַל. מיט אונזער גאַנצער ניט־אידישער מיטגלידערשאַפט פיהלען מיר זיך ווי פון איין משפחה מיט די געווערקשאַפטען.

און ממילא איז דער געווערקשאַפטען־יובילעי אונזער יובילעי. מעגען מיר זיין רייך, און מעגען מיר זיין גרויס אויסגעוואקסען, און מעגען מיר פאַרמאָגען צענדליגע און צענדליגע אינסטיטוציעס, און מעגען מיר שפּירען אויף זיך איינפלוסען פון די ווייטסטע קרייזען, זיינען מיר אָבער פריהער פון אַלץ, איינס מיט אונזערע וואָרצלען, מיט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

# שטריכען פון אידישען טרייד־יוניאָניזם

## מעלות און חסרונות בײַ אידישע יוניאָן־לייט

פון מאַקס זאַריצקי

ניט דוקא מעלות

אַלס יוניאָן־מאַן האָט דער אידישער אַרבייטער אין אַמעריקע אַ סך מעלות, אָבער אויך אַ היבש ביסעל חסרונות.

זיין גרעסטער חסרון און דער קוואַל פון אַ סך אַנדערע חסרונות באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס רוב רעכענט ער זיך ניט פאַר קיין שטענדיגען אַרבייטער; ער אַרבייט אין שאָפּ ביי יענעם און חלומ'ט וועגען אַ שאָפּ פאַר זיך, וועגען ווערען „זעלבסטשטענדיג". די יוניאָן איז היינט זיינע, מאָרגען קאָן זי אים ווערען פרעמד. די אידישע טריידס גיבען אַ מעגליכקייט פאַר אַזעלכע חלומות, און די פסיכאָלאָגיע איז נאָך אפילו ביי אונזערע לינקסטע שבלינקע. דאָס מאַכט, אַז די יוניאָן זאָל אָפט בויען אויף אַ זאַמדיגען פונדאַמענט; דאָס שאַדט שטאַרק דעם טרייד און דורך דעם ווערט ווידער אַמאָל אונטערגעגראָבען די עקזיסטענץ פון דער יוניאָן.

איך וויל ברייגנען אַ ביישפּיל. צייטענווייז טרעפט זיך, אַז אין דעם אָדער יענעם טייל פון אַ טרייד איז די קאָניוקטור זעהר אַ גוטע. צוליב דער מאָדע פאַרדינען די אַרבייטער אין יענעם פאַך 150, 200 און נאָך מער דאָלאַר אַ וואָך. די אַרבייטער האָבען אַ מעגליכקייט צו זאַמלען געלט. די מאָדע קאָן אָבער לאַנג ניט אָנהאַלטען. דערויף איז זי דאָך אַ מאָדע, אַז זי זאָל זיך אָפט בייטען. און אַז די זון גייט אַוועק פון פענסטער, וואו זי האָט אָקאָרשט געשיינט אַזוי העל, מוזען די נאָך נעכטען גליקליכע אַרבייטער אַריבער אויף געוויינליכע אַרבייט מיט געוויינליכע ווייזדשעס. וואָס טוען דעמאָלט יענע אַרבייטער, וועלכע האָבען אין דער גוטער צייט באַוויזען אָנצוקלייבען אַביסעל געלט? זיי ווערען קליינע קאָנטראַקטאָרס און דערמיט צעברעקלען זיי דעם טרייד און שאדען דער יוניאָן. אַ קורצע גוטע צייט ברייגנט אויף אַזאַ אופן צו אַ לאַנגער שלעכטער.

אַזעלכע פאַלען זיינען געווען איבערגענוג ביי די קלאוק און דרעס מאַכער. איצטער האָבען מיר אין יענע טריידס וויינִיג גרויסע מאַנופעקטשורער. די מייסטע אַרבייט ווערט אונטערגענומען פון דזשאָבערס און אויסגעפירט דורך קליינע קאָנטראַקטאָרס. די גרעסטע מערהייט פון די קאָנטראַקטאָרס ביי קלאוקס און דרעסעס זיינען געוועזענע יוניאָן־לייט און היינט זיינען זיי דער אומגליק פונ'ם טרייד, און אַלץ מערער קאָן דער דזשאָבער אַרויפצווינגען זיינע באַדינגונגען. די קאָנקורענץ פון די קאָנטראַקטאָרס קומט פאַר אויפ'ן חשבון פון די אַרבייטער. און דער טרייד לאָזט זיך אַראָפּ נידעריגער און נידעריגער.

דער אידישער יוניאָן־מאַן קוקט אויף דיוס, ווי אויף אַן אָנשיקעניש, ווי אויף אַן איבעריגע זאַך. די דיוס איז ביי אים דאָס רוב אַ סך קלענער ווי אין די עכט אַמעריקאַנישע יוניאָנס, און דאָך צאָלט ער זי ניט רעגעלמעסיג. דער אידישער אַרבייטער איז ניט קאַרג אויף פריוואַטע דאָנעישאָנס: ער וועט געבען פאַר רוסלאַנד, פאַר פוילען, פאַר פאַלעסטינע — אויף וואָס

א בריטע האַנט, ניט פאַר „דיוס"

איר וועט ביי אים בעטען פ ר י י וו י ל י ג, וועט ער געבען. אָבער צאָלען רעגולער וואָך איין, וואָך אויס דאָס, וואָס ער מ ו ז — דאָס ניט. פאַראַנען אַמעריקאַנער יוניאָנס, וואו די דיוס באַטרעפט אַ דאָלאַר אַ וואָך און מער. ביי די אידישע אַרבייטער — אויסער די בעקער, שריפטזעצער און נאָך איינִיגע קלענערע טריידס — איז די העכסטע דיוס 50 סענט אַ וואָך, און בעת מ'האָט איינגעפירט אַזאַ „הויכע" דיוס, איז עס געווען אַ גאַנצע רעוואָלוציע. ביי די קעפּמייקער האָט עס געמוזט אָנגענומען ווערען אויף אַ קאָנווענשאָן. ביי די פילץ־העטס — אַן אַלטע אַמעריקאַנער יוניאָן — איז די דיוס דריי פראָצענט פונ'ם לוין. דער מינימום איז אַ דאָלאַר מיט 20 סענט אַ וואָך. ביי די אידישע קעפּמייקערס איז דער מאַקסימום 50 סענט אַ וואָך. און די העטמייקערס־יוניאָן גיט ווייניגער בענעפיט, ווי די קעפּמייקערס: די קעפּמייקערס־יוניאָן גיט קראַנקען־בענעפיט — 6 וואָכען אין יאָר צו 7 דאָלאַר אַ וואָך, אַרבעטסלאָזע־בענעפיט 7 וואָכען אין יאָר צו 13 דאָלאַר אַ וואָך, קאָנסאַמפּשאָן־בענעפיט — 50 דאָלאַר. ביי די העטמייקערס איז פאַראַנען בלויז איין בענעפיט — פון 100 ביז 500 דאָלאַר טויטען־בענעפיט.

צוליב די נידעריגע דיוס איז אין די אידישע יוניאָנס ניטאָ קיין ספּעציעלער סטרייק־פאָנד, בעת אין די אַמעריקאַנער יוניאָנס ווערט אַ טייל פון דער דיוס שטענדיג אויסגעטיילט אין אַ ספּעציעלען סטרייק־פאָנד — אַזוי אין יעדער איינצעלנער יוניאָן, אַזוי אין דער אַמעריקען פעדערייששאָן אָוו לייבאָר. אין אַ אידישער יוניאָן פילט זיך די ערשטע וואָכען פון אַ גרעסערען סטרייק שוין אַ מאַנגעל אין געלט, און אַרויסגעבען די אַרבייטער סטרייק־בענעפיט איז פאַר אונזערער אַ יוניאָן אַלע מאָל אַ שווערע הלכה.

**אידייען־שטרייט**
**אַ „ספּאָרט״**

דער אידישער אַרבייטער באַזוכט געוויינטלאַך זעהר ווייניג די געשעפטס־מיטינגען פון זיין יוניאָן. אויב ס׳וועט זיך האַנדלען אום אַ פּאָליטישע פראַגע, — מעג זי זיין ווער ווייסט ווי ווייט פון די יוניאָן אינטערעסען, — אויב ער וועט אויסרעכענען, אַז, אויפ׳ן מיטינג וועלען פאָרקומען הייסע שטרייטיגקייטען און מאָרדע רייבעריי, וועט ער קומען. אָבער טרייד־פראַגען, מעגען זיי זיין ווי וויכטיג, ווי אַקטועל, אינטערעסירען זיי אים ניט. דערויף איז פאַראַן אַן אַדמיניסטראַציע — זאָל זי זיך ברעכען דעם קאָפּ. דער אַמעריקאַנער איז פאַרקערט: ער באַזוכט שטאַרק גראָד די מיטינגען, אויף וועלכע עס ווערען באַהאַנדעלט וויכטיגע טרייד־פראַגען. מיר דוכט, אַז דעם אידישען אַרבייטער אינטערעסירען ניט אַזוי די פּאָליטישע פראַגען גופא אין די אַרבייט, וואָס איז מיט זיי פאַרבונדען, ווי די הייסע פראַזען, דער דועל צווישען די שטרייטענדע צדדים. עס איז פאַר אים אַ מין „סאָקער־גיים״. וואָרום אויב די פראַגען גופא וואָלטען אים טאַקע באמת אינטערעסירט, פאַרוואָס גייט ער ניט אין די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס — ניט צו די סאָציאַליסטען, ניט צו די קאָמוניסטען — דאָרטען איז דאָך דאָס ריכטיגע אָרט פאַר פּאָליטישע אַרבייט ?

דאָס זעלבע איז מיט פרייוויליגע טוער פאַר יוניאָן־אַרבייט. מיט אַ יאָר 25 צוריק, בעת דאָס רוב אידישע יוניאָנס האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען צו בויען, און די גאַנצע זאַך איז נאָך געווען איינגעהילט אין ראָמאַנטישע שלייערען, פלעגען זיך געפינען אַ סך פרייוויליגע, וואָס זיינען געווען שטענדיג גרייט אָפּצוגעבען אומזיסט זייער צייט און מי, צו ברייגגען קרבנות. די געשיכטע פון די קלאוקמאַכער און קעפּמאַכער איז רייך אין אַזעלכע ביישפּילען. איצט קאָן מען אין אַ אידישער יוניאָן געפינען פרייוויליגע אַרבייט און קרבנות נאָר ווען עס איז נויטיג צו באַקעמפען איינע די אַנדערע — אָבער אויף באַקעמפען דעם אַלגעמיינעם שונא די באָסעס — אויף דעם געפינען זיך ווייניג בעלנים צו טאָן עפּעס פרייוויליג.

אַז דער אידישער אַרבייטער איז אַן אויסגעצייכענטער סטרייקער דאָס ווייסען אַלע. אָבער... פאַראַנען אין דעם אויך אַ פּאָר זעהר האַרבע „אָבערס״. האָט זיך אַ סטרייק שוין אָנגעהויבען, וועט דער אידישער אַרבייטער זיך האַלטען וואָכען לאַנג איינגעשפּאַרט, מיט מסירת נפש. אָבער איידער אַ סטרייק הויבט זיך אָן, מוזט איר אים צוזאָגען זיבען מאָל זיבען גליקען. ביי יעדען סטרייק ווערען אַרויסגעשטעלט גרויסע, איבערגעטריבענע פאָדערונגען, וועלכע קאָנען אינ׳ם באַטרעפענדען מאָמענט בשום אופן ניט באַפרידיגט ווערען; שטענדיג פאָדערט מען דעם מאַקסימום פונ׳ם מאַקסימום. מ׳באַהאַנדעלט די אַרבייטער, ווי קינדער, מ׳זאָגט זיי צו דעם טעלערל פון הימעל. און די גאַנצע צייט פון אַ סטרייק, באַנוצען די פירער אַ סך דיפּלאָמאַטיע. מעגען די אויסזיכטען זיין ווער ווייסט ווי שוואַך — די אַרבייטער אין די האָלס פאַרזיכערט מען נאָכאַנאַנד, אַז דער פולסטער זיג איז הונדערט פּראָצענט געזיכערט. מיט 25 יאָר צוריק האָט מען אפשר אַנדערש ניט געקאָנט: די אַרבייטער זיינען דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ נידעריגער מדרגה. היינט איז עס איבעריג און אָפט שעדליך. וואָרום וואָס לאָזט זיך אויס פון אַזאַ קינדערשער טאַקטיק? ווען מ׳דערשלאָגט זיך אפילו דעם בעסטען סעטלעמענט, וואָס איז אונטער די אומשטאַנדען מעגליך, איז ער נאָך אַלץ ווייט פון די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען; און אַזוי ווי מען האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו פאַרזיכערען די אַרבייטער, אַז זיי האָבען אַלע שאַנסען אויף אַ הונדערט פּראָצענטיגען זיג, פילען זיי זיך אַנטוישט, בלייבט ביי זיי דער איינדרוק, אַז עמיצער האָט זיי אָפּגענאַרט, פאַרקויפט, פאַרראַטען. כדי די אַרבייטער זאָלען זיך ניט פילען צו שטאַרק אַנטוישט, קומט אַמאָל אויס צו באַהאַלטען פון זיי דעם אמת׳ן אינהאַלט פונ׳ם סעטעלמענט, פאַרשטעלען אים ליכטיגער, ווי ער איז, אַרויסשטעלען די רויזען און באַהאַלטען די דערנער. אָבער דאָס העלפט ווייניג. סוף כל סוף דערוויסט מען זיך. און עס געפינען זיך שטענדיג דעמאַגאָגען, וועלכע שטעלען פאָר די זאַך אַ סך ערגער, ווי זי איז, און הערען ניט אויף צו וועקען ביי די אַרבייטער די ערגסטע געפילען פון פאַרדאַכט. דאָס איז אַ דעמאַגאָגישע שטראָף פאַר אַ ניט־ניכטערען וועג צו פירען סטרייקס.

דער פעלער, וועלכען איך האָב דאָ אָנגעוויזען, ליגט ניט אַזוי אין דער מאַסע גופא, ווי אין דער דערציאונג, וואָס מ׳האָט איר געגעבען. וועגען אָט דער דערציאונג וועל איך נאָך ריידען. דערווייל ווי׳ל איך נאָר באַמערקען, אַז אין דער דערציאונג פון די אידישע אַרבייטער חזר׳ן די לינקע איבער נאָך מיט מער פרישקייט די ערגסטע מעטאָדען, וואָס די רעכטע האָבען אָנגעווענדעט אַמאָל. און אויב אין די אַלטע צייטען האָט נאָך געקאָנט זיין אַן ענטשולדיגונג: דער אידישער אַרבייטער איז נאָך אַ קינד, אַנדערש קאָן מען זיך מיט אים ניט באַגיין... איז עס דאַ־

מאָלט אויך געווען ניט קיין שטאַרקער תירוץ און היינט איז עס שוין קיין תירוץ גאָר ניט — פאַר דער דעמאַגאָגיע פון די קאָמוניסטען היינט איז געוויס קיין שום באַרעכטיגונג ניטאָ.

**„לינקס" און „רעכטס"**

דער אידישער אַרבייטער איז אַן אויסגעצייכענטער סטרייקער — יאָ, אָבער נאָכ'ן סטרייק, ווען מ'דאַרף טאָג פאַר טאָג שטיין פעסט פאַר די אויסגעקעמפטע פּאָזיציעס — דאָ פעלט אים אויסדויער.

ווי נאָר עס ווערט אַביסעל שוואַכער אין אַרבייט, ווי נאָר עס הויבט זיך אָן סלעק, גליטשט זיך באַלד דער מינימום ווײדזשעס פון זיך אַליין אַראָפּ. יעדער איינער קלערט ביי זיך: וואָס אַרט עס דער יוניאָן, ווען ביי אונז אין שאַפּ וועט מען אַביסעל נאָכלאָזען? מיר וועלען בלייבען ביי דער אַרבייט, און איין שאַפּ קאָן דאָך אויפ'ן גאַנצען טרייד קיין ווירקונג ניט האָבען. אין דער אמת'ן קלערען אַזוי די אַרבייטער פון יעדען שאַפּ: פון די איינציגע שעפּער, וואָס קאָנען אויפ'ן טרייד קיין ווירקונג ניט האָבען, ווערט אַ מ אַ ס ע שעפּער, וואָס האָט יאָ אַ ווירקונג און אַ גרויסע ווירקונג. די אַרבייטער גיבען אָפּ אָן קאַמף דאָס וואָס זיי האָבען געוואונען מיט שווערע קרבנות. און מערקווירדיג: די זעלביגע אַרבייטער, וואָס שטורעמען אויף די מיטינגען און קריטיקירען די יוניאָן פאַרוואָס זי היט ניט אָפּ די סטאַנדאַרדס — גליטשען זיך אַליין אַראָפּ און וואַרפען די סטאַנדאַרדס ביי זיך אין שאַפּ. אויב ריידען מיט אַ מיליטערישען לשון וואָלט איך געזאָגט אַזוי:

די אידישע אַרבייטער זיינען אויסגעצייכענטע זעלנער, ווען מ'דאַרף אַטאַקירען דעם שונא, זיי פעלט אויס דיסציפּלין, ווען מען דאַרף ליגען אין טרענטשעס, פאַרטיידיגען אַ פעסטונג. ווען זיי צינדען זיך אָן, ברענען זיי שטאַרק; אין געוויינליכע צייטען, זיינען זיי אָפט צופיל אויסגערעכענט.

איר ווילט וויסען די באַציאונגען פון די אידישע יוניאָן־לייט צו זייערע אָפיסערס? איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבען די לינקע דעמאָראַליזאַציע זיינען די דאָזיגע באַציאונגען ניט אין אַלע יוניאָנס געווען גלייך.

אַזוי, למשל, ביי די אַמאַלגאַמייטעד, באַלד נאָך דער אָפּשפּאַלטונג פון די גאַרמענט וואָיר־קערס, און ביי די קעפּמייקערס שטענדיג, האָבען די רענק און פייל געקוקט אויף די אָפיסערס ווי אויף איבערגעגעבענע פירער; עס איז געווען קריטיק, אָבער צוזאַמען מיט דעם איז געווען רעספּעקט און צוטריו.

**גוט ביים אַטאַקירען; שלעכט ביים פאַרטיידיגען**

אַ גרויסע ראָלע שפּילען די באַציאונגען פון די אָפיסערס צו די רענק און פייל, איבערהויפּט צו די אַקטיווע פּייאיגע מיטגלידער, וואָס רוקען זיך אַרויס פון דער מאַסע. ניצט מען זיי אויס — וואַקסען די כחות פון דער יוניאָן; פאַרשטויסט מען זיי — וואַקסט די אומצופרידערקייט. ביי די קעפּמייקער, למשל, האָבען מיר שטענדיג געזוכט צו זיין וואָס נעענטער צו דער מאַסע, אַריינצוציען זי אין דער אַרבייט, אין דער אָנפירונג.

איך האָב שוין דאָ עטליכע מאָל דערציילט די מעלות פון דער קעפּמייקער יוניאָן, אַרויסגע־שטעלט זי, ווי אַ מוסטער. נעמט עס ניט אָן פאַר אַ באַרימעריי פון מיין זייט. איך ווייס, אַז די קעפּמייקער זיינען ניט בעסער, ווי אַנדערע אידישע אַרבייטער און איך וויל גאָר ניט זאָגען, אַז זיי פאַרמאָגען דורכאויס אידעאַלע פירער. איך מיין נאָר, אַז די מעלות פון אונזער יוניאָן האָבען מיר צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס די קעפּמייקער זיינען שטענדיג געווען פאַרבונדען מיט דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג נעענטער און פעסטער, איידער אַנדערע אידישע יוניאָנס. מיר האָבען זיך געלערענט ביי די אַמעריקאַנער קוקען אויף דער לאַגע אין טרייד מיט אָפענע אויגען און ניט דורך אַ פאָרהאַנג פון נעבעל אָדער פייער־ווערק; מיר האָבען זיך ביי זיי געלערענט פעסטע אָרגאַניזאַציע, פּינקטליכקייט און אויסדויער.

פאַרגעסט ניט, אַז ביז אַ צאָל יאָרען צוריק האָט די אידישע אַרבייטער־פּרעסע זיך באַ־ציגען צו דער עכט אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג מיט אַ פיינדשאַפט, ווי צו עפּעס אַזוינס, וואָס איז און דאַרף אונז בלייבען ווילד־פרעמד. מ'האָט ביי זיי גאָר קיין מעלות ניט געזען, קיין זאַך פון זיי ניט געוואָלט לערנען. איך מיין ניט צו זאָגען, אַז די אַמעריקאַנער יוניאָן־באַוועגונג האָט גאָר קיין חסרונות ניט, פאַרדינט ניט קריטיקירט צו ווערען. דאָס איז אַ צווייטער שעד־ליכער עקסטרעם. מ'מוז ברידערליך קריטיקירען אירע חסרונות און אין דער זעלביגער צייט איבערנעמען אירע מעלות. ביי אונז האָט מען אָפט געטאָן פאַרקערט: קיין מעלות ניט אַנערקענט און גראָד די חסרונות איבערגענומען.

די טרייד יוניאָן דערציאונג פון אונזער עולם איז ניט אַלעמאָל געווען אַ ריכטיגע און איצט באַצאָלען מיר דערפאַר. מ'האָט דעם אידישען אַרבייטער נאָכאַנאַנד פאַרשאָטען מיט הויכע פראַזען. די וואָכענדיגסטע פּראַקטיק האָט מען אויסגעפּוצט מיט רעוואָלוציאָנערער מליצה. אַ יוניאָן האָט זיך געבויט נאָר אויף סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע, יעדען סטרייק האָט מען געמאַכט שיר ניט פאַר אַ שטיק סאָציאַליזם. האָט מען צוגעוואוינט דעם אידישען אַרבייטער זיך קוקען

### אַלעמאָל דער ענד־ציל

מיט פּראַזען און ניט אַכטונג געבען אויף דער ווירקליכקייט. ניט בויען די יוניאָן ציגעל פאַר ציגעל טאָג פאַר טאָג, נאָר זיך מאָביליזירען אַרום דער יוניאָן בלויז אין הייסע מינוטען און ניט וועלען וויסען פון איר אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. וועגען דער יוניאָן אַלס אַזעלכע, וועגען אירע טאָג טעגליכע נויטען און אויפגאַבען האָט מען מיט די אַרבייטער ווייניג גערעדט. אומעטום און נאָכאַנאַנד דער ענד ציל, און קיינמאָל ניט ווי עס דאַרף צו זיין וועגען די טרעפּלאַך, וועלכע פירען צום ענד ציל. אָבער איבער די דאָזיגע טרעפּליך קאָן מען ניט אַריבערפליען, מ׳מוז איבער זיי גיין, אויף זיי זיך פאַרהאַלטען, מוזען זיי זיין געבויט פעסט און צוועקמעסיג. ווען ניט וועלען זיי זיך אונטערברעכען, מיר וועלען אַראָפּפאַלען פון היינט און זיך נאָך מער דערווייטערען פון׳ם מאָרגען. און די אַגיטאַציע איז אין געוויסע פּעריאָדס געווען וואַסערדיג, ווי פאַר קליינע קינדער. באמת האָט עס ניט געגעבען ניט קיין פעסטע יוניאָנס, ניט קיין סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. אויף עטליכע הונדערט טויזענט אידישע אַרבייטער, וואָס ניו יאָרק פאַרמאָגט, האָבען מיר ניט קיין גאַנצע 5 טויזענט אידישע מיטגלידער אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. די יוניאָנס מיט די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבען ניט געהאָלפען די אַנדערע, זיי האָבען זיך געדרייט איינע ביי די אַנדערע אונטער די פיס און געשטערט.

דאָס איז געווען אַ קינדער־קראַנקהייט פון אונזער באַוועגונג. ביי די אומשטאַנדען, ביי וועלכע אונזער באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען, האָט מען אפשר אַנדערש ניט געקאָנט. שפּעטער, אַז די באַוועגונג איז אַביסעל אויסגעוואַקסען, האָבען מענשען מיט אַ בעסערען אויג דערזען, אַז מ׳דאַרף אַנדערש און מ׳קאָן אַנדערש. אָבער די אַלטע געוואוינשאַפטען האָבען ניט געלאָזט אויפקומען די נייע מעטאָדען. אינערציע איז אַ גרויסער אָפּהאַלטענדער כח. עס האָט זיך געשאַפען אַ קאָנסערוואַטיזם, וואָס האָט ניט געלאָזען באַנייען, איבערבויען. און דאָך האָט זיך די איבערבויאונג ביסלאַכווייז אָנגעהויבען. מיט מי, אָפט ניט אָן קאַמף האָט זיך אָנגעהויבען די אַרבייט פון באַנייאונג און מיר וואָלטען זי דערפירט צום גליקליכען סוף. נאָר דאָ זיינען געקומען די לינקע און אַלץ האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, צעטומעלט. סע האָט זיך אָנגעהויבען אַ תוהו ובוהו, אַ כאַאָס.

### באַנייאונג

איך בין טיף איבערצייגט, אַז זיגען וועלען מיר. אָבער מיר מוזען האָבען אין זינען אונזערע שוואַכע זייטען. מיר טאָרען אויף איין מינוט ניט אויפהערען צו זאָרגען וועגען דער ערציאונג פון די אידישע אַרבייטער מאַסען. אַלץ, וואָס שאַדט דער דאָזיגער ערציאונג מוז אָפּגעוואָרפען ווערען. פירען ווייטער די איינמאָל אָנגעהויבענע אַרבייט פון איבערדערציען די מאַסע און טאַקע זיך אַליין איבערדערציען — דאָס וועט מאַכען גיכער אונזער זיג, געזינטער אונזער אַרבייטער־באַוועגונג.

---

# די געווערקשאַפטען — אַ שולע

**וואָס מען לערענט ביי איר, פאַרגעסט מען ניט**

פון ראובן גוסקין

וואָלטען מיר נישט איבערגעלעבט אַזעלכע וואולקאַנישע טעג, וואָלט דאָס געמיט אונזערס געווען אַ ביסעל רואיגער, וואָלט דער היינטיגער יום טוב פון די געווערקשאַפטען געווען דער יום טוב פון דער גאַנצער אידישער וועלט אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

די היינטיגע דאַטע איז נישט קיין ענגע דאַטע פון דער גרינדונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, נאָר עס איז אויך די דאַטע ווען עס האָט געשטראָמט די איינוואַנדערונג אין אַמעריקע, די אימיגראַציע פון די ברייטע אידישע מאַסען אויף יענע זייטען ים. עס איז די צייט ווען אַרויסגעריסענע פון זייער אַלטער היים, געשענדעט און דערשלאָגען, צואווייטאָגט און צוקלאַפט דורך פאָגראָמען, אַנטמוטיגט דורך דעם אַנטיסעמיטישען האַס, האָבען גאַנצע אידישע געמיינדעס גענומען דעם וואַנדערשטאָק אין דער האַנט, פאַרלאָזט די היים, וואו זיי זיינען געבוירען געוואָרען, און האָבען זיך געלאָזט אויפצובויען אַ ניי לעבען אין דער נייער היים.

פאַר די מענשען אָהן דער שפראַך פון נייעם לאַנד, מיט אַנדערע מנהגים, מיט פרעמדע זיטען, מיט אַנדערע באַגריפען, גאַנץ אָפט אָהן אַ סענט אין קעשענע, און עלענד, אָהן אַ קרוב און אָהן אַ פריינד, איז פשוט געשען אַ נס וואָס עס איז געגרינדעט געוואָרען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. זי האָט זיי די ערשטע אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אַ פירענדע, לאַס־טשענדע האַנט, וועלכע האָט זיי געוואַרעמט און געפירט.

מען דאַרף גוט געדענקען ווי אַזוי אידיש לעבען האָט אויסגעזען מיט 50 יאָר צוריק אין די אַלטע היימען. דורך פאַרשידענע גזירות, האָט מען דעם אידען נישט צוגעלאָזט צו אַרבייט. זיינען אידען געווען דערווייטערט פון פאַבריקען און פון פעלד און אפילו פון „שוואַרצע אַרבייט". איז דערפון געוואָרען אין די מוחות פון אונזערע עלטערען, אַז עס איז אַ שאַנד, ווען אַ לייטישער איד זאָל זיין אַן אַרבייטער.

עס איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלען די שווערע סיטואַציע, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען טויזענדער און טויזענדער פון יענע אידישע אימיגראַנטען, ווען זיי זיינען געקומען אין דער נייער וועלט, וואו אַרבייט איז געווען אַ ברכה, וואו אַ לעבען האָט מען געקענט מאַכען נישט אויפן גרונד פון יחוס, נאָר פון אַרבייט. אמת, פון שווערער אַרבייט, פון פראַצע, וואָס האָט אַרויסגענומען דאָס געזונט און די כחות, אָבער עס האָט געמאַכט דעם מענשען וויכטיג אַלס אַ שאַפענדער כח.

דעמאָלט איז געקומען אונזער אינסטיטוציע, דעמאָלט איז עס געגרינדעט געוואָרען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, וועלכע האָט ווי אַ געטרייע מוטער באַוואַכט די אינטע־רעסען פון דעם אידישען אַרבייטער־אימיגראַנט.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז עס געווען וואָס האָט מיט 50 יאָר צוריק גענומען אָפשטעלען די עקספּלאָטאַציע פון אידישען אַרבייטס־מענש. זי האָט געוויזען דעם וועג פון אָרגאַניזאַציע און דיסציפּלין.

אָהן שום גוזמא קאָן געזאָגט ווערען, אַז קיינמאָל וואָלטען אונזערע איצטיגע גרויסע אידישע יוניאָנס, אפילו די, וועלכע זיינען טיילווייז פאַר׳גוי׳איש, נישט דערגרייכט די גרויסע מדרגה, אויף וועלכע זיי שטייען איצט, ווען ניט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

עס איז ניט מיין אויפגאַבע צו שרייבען די געשיכטע פון די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען. דאָס וועלען געוויס טאָן אַנדערע. איך וויל נאָר אָנווייזען אויף דער פּראַקטישער הילף, וואָס די געווערקשאַפטען האָט געגעבען יעדער אידישער יוניאָן, אַז זי זאָל זיך קאָנען אַנטוויקלען און וואַקסען.

אויב היינט פּאַסירט עס, אַז אַ טרייד קאָן ניט אַנדערש אויפגעבויט ווערן, אָדער קאָן ניט דערהאַלטען ווערען געזונט, סיידען זי פירט דורך אַ סטרייק, איז לייכט צו באַגרייפען וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענע יאָרען, ווען די אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע איז נאָך געלעגען אין אירע וויקעלעך.

זייגען טאַקע באַקאַנט די היסטאָרישע סטרייקס, וואָס עס האָבען דורכגעפירט די פאַרשיידענע יוניאָנס פון בעקערס, קלאָוקמאַכער, ווייסטמאַכער, ריפערמאַכער, קעפּמאַכער און שניידער. די אַלע סטרייקס זיינען געווען אַ סוקסעס, און האָבען אויסגעבעסערט די לאַגע פון דעם אַרבייטער. נאָך די געלונגענע סטרייקס זיינען די יוניאָנס געוואָרען שטאַרק. וועמען האָבען זיי צו פאַרדאַנקען, אויב ניט די געווערקשאַפטען, וואָס איז געווען דער אַוואַנגאַרד אין דיזען קאַמף?

### וועג צו אָרגאַניזאַציע

ווער האָט געפירט די סטרייקס? ווער האָט געהאָלפען אין דער צייט פון נויט? ווער האָט געמוטיגט און געוויזען דעם וועג פון אָרגאַניזאַציע?

אָט די הילף, אָט דעם ביישטייער צו די יוניאָנס, גיט די געווערקשאַפטען נאָך ביזן היינטיגען טאָג, זאָגאַר שוין נאָכדעם ווי די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען געוואָרען מעכטיגע אָרגאַניזאַציעס.

ווען עס איז אַרויס די „נרא" מיט אַ מעגליכקייט צו אָרגאַניזירען נייע טריידס, האָט עס געטאָן די געווערקשאַפטען, און די נייע יוניאָנס איבערגעגעבען ענטווידער צו זייערע אינטערניישאָנאַלן, אָדער דירעקט דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

אָהן דער הילף, אָהן דער אָנווייזונג פון די געווערקשאַפטען, וואָלטען דיזע נייע יונגע יוניאָנס באַלד אויף דער וועלט ניט געקומען.

אָבער ניט נאָר דער טרייד יוניאָן באַוועגונג האָט די געווערקשאַפטען אַרויסגעוויזען אַזוי פיל הילף; זי האָט אויך געלייסטעט אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

נאָך פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע האָט די געווערקשאַפטען געהאָלפען שטיצען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד. דורך פאַרשיידענע וועגען איז דיזע הילף געגעבען געוואָרען, אָבער שטענדיג מיט אַ גענאָסענשאַפטליכען געפיהל, ניט ווי נדבות, נאָר ווי אַ דערפילטע פליכט, אַ הייליגער חוב.

### אין אַלץ מיט'ן גאַנצען האַרצען

און די געווערקשאַפטען האָט ניט יוצא געווען מיט אינדאָרסירען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע; זי האָט געאַרבייט פאַר איר, מיט לייב און לעבען געאַרבייט אין אַלע סאָציאַליסטישע קאַמפּיינס. דער היסטאָרישער קאַמפּיין, וואָס האָט ערוויילט מאיר לאָנדאָנ'ען צום קאָנגרעס איז געווען אונזערס, פון די יוניאָנס, פון די געווערקשאַפטען.

און ווען עס איז געקומען די שווערע צייט פאַר דער אַלגעמיינער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די טרויעריגע שפּאַלטונג אין דער באַוועגונג, האָט די געווערקשאַפטען אַרויסגעוויזען לאָיאַליטעט צו דער אַלגעמיינער באַוועגונג. מיר האָבען אַרויסגעוויזען אַ געזונטען חוש, און שטענדיג זיינען מיר געשטאַנען אויפן ערליכען שטאַנדפּונקט געגען צוברעכער און צושטערער פון דער באַוועגונג.

עס איז באמת צו באַדויערען וואָס היינט צו טאָג האָבען אייניגע יוניאָנס און זייערע פירער, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אונזער פריפּערעטאָרי סקול, וואָס האָט מעגליך געמאַכט אַריינצרטרעטען אין גרויסען קאָלעדזש, כמעט אינגאַנצען פאַרגעסען אָן די, וועלכע האָבען זיי געגעבען די ערשטע ערציאונג, זיי אויסגעשטערעקט די ערשטע האַנט, און נאָר אַ דאַנק דעם זיי געמאַכט מעגליך צו דערגרייכען די מדרגה אויף וועלכע זיי געפינען זיך היינט. אָט די האַלטונג פון אַ צאָל יוניאָנס מאַכט אָפּט אוממעגליך פאַר די געווערקשאַפטען אָנצונעמען די שטעלונג, וועלכע זי פילט, אַז זי דאַרף אָננעמען.

אַלס ביישפּיל וויל איך ברייננגען די איצטיגע מחלוקה צווישען דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און דער „סי. אַי. אָ."

מיר האָבען קיינמאָל אָפיציעל אויף אונזערע מיטינגען ניט אויפגענומען די פראַגע וועגען אַ קלאָרער שטעלונג צו די צוויי אָרגאַניזאַציעס, אָבער קענענדיג די שטימונג פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט די געווערקשאַפטען, נעם איך מיר דאָס רעכט צו זאָגען, אַז 90 פּראָצענט פון אונזערע דעלעגאַטען שטייען פעסט מיט פולער איבערצייגונג פאַר דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

מיר פילען, אַז עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות פון אונזערע אידישע יוניאָנס, ווען זיי וואָלטען אַנדערש געהאַנדעלט. די אַמאָליגע פירערשאַפט פון דער פעדערײשאָן (גאָמפּערס) איז

געוועזן אידעאַליסטיש, און פונקט אַזוי אידעאַליסטיש איז דער איצטיגער פירער וויליאַם גרין. ער איז פון די אַמעריקאַנער פערזענליכקייטען וועמען מיר אַכטען און ליבען. ער האָט אַ ליבעראַלען בליק אויפן לעבען, איז שטענדיג גרייט צו העלפען ליידענדע פעלקער.

פרעזידענט גרין האָט דאָס אָהן אַ שעור מאָל אַרויסגעוויזען אין זיין שטעלונג צו אידען. ווער קען דאָס פאַרגעסען? ווער קען דאָס ניט שעצען?

געוויינליך פאַרגעסט מען ניט וואָס מען לערענט ביי די געווערקשאַפטען; זי איז געוועזן און איז אַ גרויסע שולע; און די ערשטע זאַך, און די הויפּט־זאַך, וואָס מען לערענט ביי איר אַלע מאָל איז לאָיאַליטעט צו דער גאַנצקייט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג.

איך בין פון די, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט די געווערקשאַפטען זינט איך בין אַרויף אויפן באָדען פון אַמעריקע. און דאָס איז מיין לעבענס־שטאָלץ. איך האַלט, אַז די געווערקשאַפטען ווערט ניט גענוג אָפּגעשאַצט אין דער אַרבייטער־באַוועגונג. איך וויל האָפען, אַז איצט, אין שייכות מיט דעם יובילייּ, ווען עס וועט ווידער אַמאָל דערמאָנט ווערען וואָס די געווערקשאַפטען האָט געטאָן פאַר דער טרייד יוניאָן באַוועגונג און פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועט קומען אַ גרינדליכע ענדערונג אין דער באַציאונג פון דער אַרבייטער־באַוועגונג צו די געווערקשאַפטען.

דאָס וועט זיין לטובת אַלע טיילען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג.

**לאָיאַליטעט צו דער אַרבייטער־באַוועגונג**

מיר ווייסען שוין היינט ווי אַזוי אָפּצושאַצען היסטאָרישע פאַרדינסטען פון געזעלשאַפטליכע טוער, און מסתמא וועט אויך קומען איינגיכען די צייט, ווען מען וועט ווי געהעריג, אָפּשאַצען די היסטאָרישע פאַרדינסטען פון אינסטיטוציעס, און דעמאָלט וועט די געווערקשאַפטען פאַרנעמען דאָס אָרט אויבען־אָן, ווי זי האָט עס פאַרדינט.

איך וויל באַנוצען די געלעגענהייט צו באַגריסען די געווערקשאַפטען און אַלע אירע דעלעגאַטען ווי דער פרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע — האַרציג, וואַרעם באַגריסען. עס איז אונזער יום טוב — דער יום טוב פון אידישען אַרבייטער אין אַמעריקע.

מיר האָבען געלייגט דעם יסוד פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע.

מיר האָבען אויפגעבויט די יוניאָנס.

מיר האָבען אָרגאַניזירט.

מיר האָבען באַוואוסטזיניג געמאַכט דעם אַרבייטער.

50 יאָר אַרבייטען מיר אויף דעם געביט. מיר זיינען ניט מיד געוואָרען. איך בין איבערצייגט, אַז מיר וועלען ווייטער גיין דעם זעלבען וועג.

# שיפּען גייען

**פאַקטען פון אידישען יוניאָן־לעבען**
**וואָס שטעלען צונויף אַ גרויס בילד**

פון סעמועל שאָר

מיר קוקען אויף אַ טייך, און זעען ווי גראַציעס עס שווימען פאַרביי פּרעכטיג־שיינע שיפען. זיי גייען ערגעץ אין דער ווייט. מיר באַוואונדערען זיי און באַוואונדערען דעם טייך און זיין רחבות. אָבער זעלטען טוען מיר אַ טראַכט וועגען די קוואַלען, פון וואַנען דער טייך פליסט אַרויס, וועגען די קוואַלען, וואָס גיבען אים לעבען און שפּייזען אים נאָכאַנאַנד, און מאַכען מעג־ליך פאַר דעם גאַנג פון די שיפען.

### פּרעכטיגע אָרגאַניזאַציעס; זייער קוואַל

היינט קוקען מיר אויף די ריזיגע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער גרויסער שטאָט ניו יאָרק, און מיר זעען ווי פּרעכטיג און אימפּאָזאַנט זיי זיינען. היינט באַנוצען מיר אין אונזערע טעגליכע רייד אַזעלכע נעמען ווי אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, אַמאַלגאַ־מייטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן, מילינערי וואָירקערס יוניאָן, און אומצעליגע אַנדערע, וואָס האָבען איבערגעלאָזט גרויסע שפּורען אויף דער טרייד־יוניאָן וועלט. מיר זעען זיי ווי איינהיי־טען, ווי זעלבסט־גענוגענדע, קאָנסטרוקטיווע און אַגרעסיווע כחות אין אונזער טאָג־טעגליכען לעבען. אָבער בלויז דער פאָרשער קוקט זיך אום צו וואַרפען אַ בליק אויף דעם געבורט פון אָט־די יוניאָנס. ביי די יונגע אַרבייטער מאַסען אונזערע איז די יוניאָן בלויז דאָס, וואָס זיי זעען איצטער. מער גאָרניט. זיי זעען שיפען גיין ערגעץ אין דער ווייט; וואו איז אָבער דער קוואַל?

אַ יובילעי פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז אַן ענין, וואָס רופט אַרויס ברויזענדע זכרונות. קיין מענטש, וועלכער איז נאָר געווען פאַרבונדען מיט׳ן ערשטען וואוקס פון טרייד־יוניאָניזם ביי אונז אין ניו יאָרק, קאָן ניט פאַרגעסען די גוואַלטיגע ראָלע, וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט געשפּילט אין אונזער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג.

די ערשטע יסודות, וואָס זי האָט אַוועקגעלייגט, זיינען געווען זעהר גוט פאַרטראַכט. אויף זיי איז אויפגעבויט געוואָרען די היינטיגע וואונדערליכע יוניאָן־געביידע. און אפילו דאָס סאָ־ציאַלע און פּאָליטישע באַוואוסטזיין, וואָס באַהערשט אונזער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג היינט־צו־טאָג, האָט אויך די ערשטע שפּראָצען זיינע געקראָגען ביי די העלדישע מענשען, וועלכע האָבען אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער אין אַ צייט, ווען עס האָט גע־שיינט, אַז מען קאָן זיי גאָר ניט אָרגאַניזירען, דעמאָלט, ווען די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבען צו באַפעסטיגען.

ווען מיר האָבען אָנגעפירט דעם גרויסען גענעראַל־סטרייק פון די ווהייט גודס אַרבייטער אין 1913, זיינען אַרום ניין טויזענט אַרויס פון די שעפער און פאַבריקען אויף וואָכען און וואָ־כען. אפשר אַרום 80 פּראָצענט פון די סטרייקער זיינען געווען אידישע אימיגראַנטען, די איבעריגע זיינען געווען אַ געמיש פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. די מערסטע פון זיי זיינען געווען איטאַליענער. זיי האָבען, אגב, אַרויסגעשטעלט די פאָדערונגען פון אַ 50־שטונדיגער אַרבייטס־וואָך און אַ צען־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג. היינט פאַרמאָגט מיין יוניאָן אַליין, די „אנדערגאַרמענט ענד נעגלידזשי וואָירקערס יוניאָן” פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַרום 11 טוי־זענט מיטגלידער, די מערסטע פון וועלכע זיינען אַמעריקאַנער.

אין משך פון די ערשטע קאַמפּען, האָבען די פירער פון אונזער יוניאָן, אַזוי גוט ווי די פירער פון פיל אַנדערע יוניאָנס, שטענדיג געשעפּט טרייסט, כח און באַגייסטערונג אין זייער פאַרקער מיט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. דער גייסט, וואָס האָט באַהערשט אונ־זערע רייען און דער ווילען צו געווינען, וואָס האָבען אונז געפירט צו זיג, זיינען אויסגעוויגט גע־וואָרען אין דער וויגעלע פון אָט־דער וואונדערבאַרער אָרגאַניזאַציע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די קעמפענדע יוניאָנס פון דער שטאָט ניו יאָרק.

### געוויגט אין געווערק־שאַפטען־וויגעלע

מיר לעבען אין אַ נייער צייט. אין אַלע אינדוסטריען, וועלכע זיינען געווען פאַרוויקעלט אין די ערשטע אַרבייטער־קאַמפּען, אַרבייט מען איצט 35 און 37 און אַ האַלבע שטונדע אַ וואָך. אין אַ טייל פון אונזערע יוניאָנס רעדט מען איצט וועגען אַ דרייסיג־שטונדיגער אַרבייטס־וואָך. מיר לעבען אין אַ נייער צייט.

און מען שפּאָרט אָפּ צייט און מי און געלט אויף קולטורעלע אונטערנעמונגען, אויף בילדונג. דורכאויס אַ געענדערט לעבען, און עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו אַנאַליזירען אייניגע פון די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען.

אַמאָליגע יאָרען, ווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אָנגעהויבען איר פּיאָנערען־אַרבייט, האָבען אַרבייטער אפילו ניט געטראַכט וועגען פּערמאַנענטע אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען געווען צופיל פאַרנומען מיט דער נייער סביבה פון היימלאָזיגקייט און פּריינטלאָזיגקייט, וואָרום אַזוי איז דאָך דאָס נייע לעבען געווען אין די אויגען פון אַלע אימיגראַנטען.

מיט דער אויסנאַם פון עטליכע קרובים, האָבען זיי דאָ ניט געהאַט קיין פאַרבינדונגען, קיין אָרגאַניזאַציעס, וואו צו ווערען איינגעוואָרצעלט. זיי האָבען געלעבט און געקעמפט אין כאַאָטישע באַדינגונגען.

## די לוסט צו אַנטלויפען

דאָס זיינען געווען די צייטען פון סוועט־שאַפּ, אין צייטען ווען אַ „באנדעל" אַרבייט האָט אָפּט געדינט פאַר אַ קישעלע צוקאָפּענס בעת מען האָט געכאַפּט אַ דרימעל אויף אַ פּאָר שעה, כדי ווייטער צו קענען פּראַצעווען.

אין יענע יאָרען איז דער איינציגער טרוים פון אַלע אַרבייטער געווען זיך אַרויסצורייסען און אינגאַנצען אַנטלויפען פון שאַפּ. אַלע זייערע האָפענונגען זיינען געווען קאָנצענטרירט אויף דער צייט, ווען זיי אַליין וועלען קענען אַריין אין ביזנעס און אָנהויבען עקספּלואַטירען אַנדערע אַרבייטער.

און מען קאָן צו זיי ניט האָבען קיין טענות. מען האָט דאַמאָלט געאַרבייט שוידערליך־לאַנגע שטונדען, אונטער זעהר־דריקענדע באַדינגונגען, און בלויז דער געדאַנק וועגען אַרויס־רייסען זיך פון אָט־דער שקלאַפעריי האָט מעגליך געמאַכט ווי ניט איז ווייטער צו שטופּען דאָס לעבען. און אַזוי האָבען די מענער געטראַכט וועגען ביזנעס, און די פרויען, כדי זיך אַרויסצו־רייסען פון אָט־דער שוידערליכער שקלאַפעריי אין שאַפּ, געטרוימט וועגען חתונה האָבען.

מיר זיינען דורכגעגאַנגען אפשר טויזענט פאַרשיידענע פּעריאָדען פון ספּאָראַדישע אָר־גאַניזאַציעס. ווען אַ סיזאָן האָט זיך צעפלאַקערט, זיינען די אַרבייטער אַרויס סטרייקען, ווייל בלויז דורך אַזאַ מיטעל האָבען זיי געקענט אַרויסרייסען עפּעס אַ שטיקעל הנחה ביים באַלעבאָס. אָבער דאָס זיינען ניט געווען קיין קאַמפען אין דעם מאָדערנעם זין. אַזעלכע סטרייקס זיינען געפירט געוואָרען אין איינציגע שעפּער. און אַזוי שנעל ווי מ'האָט עפּעס געוואונען ביים באַ־לעבאָס, האָט מען גלייך אָנגעוואוירען יעדען אינטערעס אין דער אָרגאַניזאַציע. יוניאָנס זיינען דעמאָלט געווען אָט שטאַרק, און אָט ווידער שוואַך, לויט די קאַפּריזען פון די אַרבייטער. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז עס האָט זיך אַנטוויקעלט דער געדאַנק פון אַ פּערמאַנענטער אָרגאַניזאַציע.

דער זעלביגער פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען אויך אין די מחות פון די באַלעבאַטים. ביי זיי אין די אויגען זיינען יוניאָנס אויך ניט געווען קיין זאַך, וואָס האָט אַ קיום. אויך די באַלעבאַטים זיינען ניט געווען באַלעבאַטים אין דעם מאָדערנעם זין. זיי האָבען געהאַט צו טאָן ניט מיט יוניאָנס, נאָר מיט זייערע אייגענע אַרבייטער. אַלע זייערע פּראָבלעמען האָבען זיך געדרייט אַרום קליינע גרופּען, אַרום קליינע בונטען. זיי האָבען אַליין ערוואַרט, אַז די קליינע גרופּען וועלען צו זיי זיך טשעפּען פון צייט צו צייט, אָבער קיין באַשטימטע ראָלע אין דעם פּערמאַ־נענטען אַפּאַראַט פון דער אינדוסטריע האָבען זיי ניט געשפּילט. און אַזוי לאַנג ווי די באַלע־באַטים האָבען אַזוי געטראַכט, איז נאַטירליך געווען אוממעגליך מיט זיי צו פאַרהאַנדלען אויף אַן אמת־קאָנסטרוקטיווען אופן, אָדער אויף אַזאַ באַזיס, וואָס וואָלט געשאַפען אַ מער־דויער־האַפטען שלום צווישען אַרבייטער און אַרבייטס־געבער.

און אַזוי האָבען די יוניאָנס אין יענע צייטען זיך געמוזט באַגנוגענען בלויז מיט ספּאָראַ־דישע קאַמפען. זיי האָבען גאָר ניט געקענט טראַכטען אין טערמינען פון סאָציאַלע נויטען. דאָך ניט געקוקט דערויף, האָבען אייניגע פאָרט געזוכט צו אָרגאַניזירען אָפּטיילונגען פאַר קראַנקען־בענעפיט און פאַרזיכערונג געגען אַרבייטסלאָזיגקייט. זיי האָבען אָבער ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיך אָפּצוגעבען מיט אָט־דער טעטיגקייט. דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט געפאָדערט אַזוי פיל כחות און מענשען און געלט, אַז ס'איז שוין כמעט ווי גאָרניט געבליבען פאַר אַנדערע זאַכען.

אַרומגערינגעלט פון אָט־דעם שטענדיגען עקאָנאָמישען קאַמף, האָבען די יוניאָנס ניט גע־קענט מאַכען אפילו אַ פאַרזוך עפּעס צו טאָן אויף אַנדערע געביטען, ניט געקוקט אויף זייערע אידעאַלען און שטרעבונגען.

און אונזערע יוניאָנס האָבען אפילו אין יענע צייטען געהאַט אויסגעוואַרעמט גרויסע אידעאַלען.

## קולטור, סאָציאַלע פאַרבעסערונגען

אין תוך זיינען זיי קיינמאָל ניט געווען קיין פּשוט'ע טרייד־יוניאָנס, אינגאַנצען פאַרטאָן אין באַשיצען די שכירות און די אַרבייטס־שטונדען פון די אַרבייטער, ווי עס טוען די מערסטע יוניאָנס אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

שוין דעמאָלט האָבען זיי זיך פאַרטראַכט וועגען דער וויכטיגקייט פון בילדונג פאַר די גרויסע מאַסען אַרבייטער, וועגען פאַרוויילונגען, קולטור און סאָציאַלע פאַרבעסערונגען.

דאָך זיינען די אַלע זאַכען נאָך אַלץ געווען בלויז פאַנטאַסטישע טרוימען, און זיי האָבען געמוזט אַזוי פאַרבלייבען, ביז די יוניאָנס האָבען אויף שטענדיג עטאַבלירט אַ געוויסע מאָס פון קאָנטראָל איבער די עקאָנאָמישע קוואַלען, די דזשאַבס, די שעפער, ביז זיי האָבען פאַרפעסטיגט דאָס רעכט צו פירען קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען, ביז עס זיינען איינגעשטעלט געוואָרען מענשליכע שטונדען און באַדינגונגען פון אַרבייט, ביז זיי האָבען עטאַבלירט רעספעקט פאַר זייער קראַפט אַלס אַן אָרגאַניזירטע קערפערשאַפט. ערשט ווען דאָס איז געשען, איז פאַר די יוניאָנס געקומען די מעגליכקייט זיך אויסצושפרייטען אויך אויף אַנדערע געביטען.

## פון אונז צו דער גרויסער וועלט

פונדעסטוועגען האָבען מיר אין די ביטערע יאָרען פאָרט פאַרפעסטיגט אונזער פאָזיציע אַלס דער אויסנאַם אין דער פאַמיליע פון יוניאָנס. שוין אין יאָר 1912 האָבען אייניגע פון אונזערע יוניאָנס אָנגעהויבען צו טראַכטען אין טערמינען פון סאָציאַלער זיכערקייט. היינט לויבען מיר די געזעץ־געבענדע קערפערשאַפטען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, וואָס נעמען אָן געוויסע פאָרמען פון פאַרזיכערונג געגען אַרבייטסלאָזיגקייט, ווען מיר שענקען ווינציג אויפמערקזאַמקייט צו די קאַמפען פון די ערשטע פיאָנערען, וועלכע האָבען פאָראויסגעזען דעם טאָג, ווען פאַרזיכערונג געגען אַרבייטסלאָזיגקייט, סאָציאַלע זיכערקייט און אַנדערע מאָדערנע אויסבעסערונגען וועלען ווערען דאָס הערשענדע געזעץ.

מאָריס הילקוויט, איינער פון די גרינדער פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, האָט שוין אין יענע צייטען געטרוימט וועגען אָט־די אַלע זאַכען, און וועגען זיי אַזוי שיין און ריכטיג גערעדט. ער האָט קלאָר געזען ווי נויטיג אַזעלכע רעפאָרמען זיינען און ער האָט פאַר זיי ענערגיש געקעמפט.

מיט זעקס־און־צוואַנציג יאָר צוריק, אין יאָר 1912, האָט די פרעסערס יוניאָן, לאָקאַל 35, פון דער אינטערנעשאָנאַל און די לאָקאַלען פון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן, וואָס שטעלען איצטער צוזאַמען דעם לאָקאַל 117, שוין עטאַבלירט אַ פאָנד צו העלפען אַרבייטסלאָזע מיטגלידער.

מיר האָבען אויך געטראַכט וועגען בילדונג. און אונזער אינטערנעשאָנאַל האָט עטאַבלירט אַן עדיוקיישאָנאַל־דעפאַרטמענט נאָך אין׳ם יאָר 1917, צו באַזאָרגען אונזערע מיטגלידער מיט בילדונג און פאַרוויילונג. מיר האָבען דעמאָלט ניט געוואוסט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער בודזשעט פון דער אינטערנעשאָנאַל בלויז פאַר בילדונג און פאַרוויילונג וועט באַטרעפען 177.924.95 דאָלאַר אין משך פון איין יאָר נאָר — פון׳ם יאָר 1937.

מיר זיינען ווייט אַוועק אין אַ פאַרהעלטעניסמעסיג קורצער צייט, און איך קלער, אַז מיר קענען צושרייבען אָט־דעם מאַרש פאָראויס און די וואונדערליכע רעזולטאַטען, וואָס מיר האָבען דערגרייכט, צום פאַקט, וואָס מיר זיינען שטענדיג געווען אַ פראָגרעסיווע קערפערשאַפט אין די אַרבייטער רייען, און אַז מיר האָבען שטענדיג פאַרמאָגט אַ סאָציאַלען באַוואוסטזיין. ווען מיר האָבען איינעפירט פאַרזיכערונגען געגען אַרבייטסלאָזיגקייט. כדי צו באַזאָרגען אונזערע אַרבייטער מיט אַ שטיקעל אָנהאַלט, ווען זיי בלייבען אָן אַרבייט, האָבען מיר דעמאָלט אויסגעלעגט דעם וועג, אויף וועלכען אַנדערע זיינען שוין נאָכדעם געגאַנגען.

ווען מיר האָבען איינגעשטעלט פאָנדען פאַר קראַנקען־בענעפיט צוריק מיט זעקס־און־צוואַנציג יאָר, האָבען מיר דאָס געטאָן, כדי אונזערע אַרבייטער זאָלען זיך ניט דאַרפען ערנידריגען און אָנקומען צו טשאַריטיס, וואָס זיינען אַזוי אויך געווען צופיל באַלאָדען. דאָס האָבען מיר געטאָן דערפאַר, ווייל אונזערע אַרבייטער האָבען קיינמאָל ניט געקענט אָפשפאָרען קיין סענט צו פאַרזיכערען זיך געגען קראַנקהייטען. מיר האָבען דאָס געטאָן, ווייל מיר האָבען געפילט, אַז כדי צו זיין אַ מיטגליד פון אַ טרייד־יוניאָן, מוז מען אויפהאַלטען די ווירדע, דעם זעלבסט־רעספעקט און דעם קוראַזש, און מיר האָבען געוואוסט, אַז אָט־די אַלע זאַכען קאָנען מיר בלויז דערגרייכען, ווען מיר וועלען זיין בכח זיך אַליין צו העלפען.

היינט קאָנען מיר ניט בלויז העלפען זיך אַליין, נאָר אויך העלפען אַנדערע. עס איז אָבער געווען אַ טאָג, ווען מיר האָבען געדאַרפט, אַז מען זאָל אונז העלפען.

## ציפער פון דער אינטערנעשאָנאַל

מיר האָבען דורכגעלעבט אַ צייט, ווען מיר האָבען זיך געמוזט פאַרלאָזען אויפ׳ן חסד פון אַנדערע. ניט בלויז אונזערע יוניאָנס, נאָר די יוניאָנס אין דער אינדוסטריע פון מענער־קליידער, און פיל־פיל אַנדערע יוניאָנס פון ניו יאָרק האָבען אַליין דורכגעלעבט אַ צייט, ווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אונז באַהאַנדעלט, פשוט, ווי טאַטע־מאַמע; אַ צייט, ווען זופ־קיכען זיינען עטאַבלירט געוואָרען, כדי צו דערהאַלטען ביים לעבען די הונגעריגע פיקעטס, כדי צו באַזאָרגען זייערע ווייבער און קינדער מיט פעקלאַך שפייז; אַ צייט, ווען די ב, ווײַנשטיינס, די אברהם שיפלאַקאָווס און די מאַקס פיינס האָבען אויף זייערע פלייצעס געטראָגען די משא פון דער אַרבייטער באַוועגונג.

הײַנט זעען מיר אַ נײַ בילד. די אינטערנעשאָנאַל אַלײן האָט אויסגעגעבן אין דעם יאָר 1937 אויף וואוילטעטיקע צוועקן און אויף בײַטראַגן צו אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אַ סומע פֿון 310,450.48 דאָלאַר, אַחוץ אײן בײַשטײַערונג פֿון 100,000 דאָלאַר אויף צו העלפֿן אָרגאַניזירן די אונטערדריקטע טעקסטיל־אַרבעטער. אויף קראַנקען־בענעפֿיט און שטיצע פֿאַר טובערקולאָזע האָט די אינטערנעשאָנאַל אין משך פֿון׳ם זעלביקן יאָר אויסגעגעבן 182,503.48 דאָלאַר. די גאַנצע סומע אויף רעליף און אויף בײַטראָגן, וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט אויסגעגעבן אין משך פֿון דער צײַט, האָט דערגרײכט ביז 729,488.51 דאָלאַר, בעת אויף סטרײַק־בענעפֿיטס און אויף סטרײַק־רעליף האָט זי אויסגעגעבן ווינציקער ווי אַ העלפֿט פֿון אָט־דער סומע אין משך פֿון דער צײַט.

## עקאָנאָמישע רעכט און מאַכט

הינטער אָט־די ציפֿערן, און הינטער די אַלע קרבנות, געבראַכט פֿון יענע, וואָס זײַנען געווען אויף דער סצענע, אײדער מיר זײַנען ערשינען, ליגט דער קוואַל פֿון שטאַרקײט פֿון אונזער אינטערנעשאָנאַל און פֿון אַלע אונזערע יוניאָנס. אונזער קראַפֿט איז קודם כּל, אינ׳ם פֿאַקט, וואָס מיר האָבן עטאַבלירט יוניאָנס, וואָס זײַנען פּערמאַנענט, און וואָס זײַנען אין דעם לעבן פֿון די אַרבעטער אַזוי ווי לופֿט צו אָטעמען — יוניאָנס, וואָס זײַנען געוואָרן אַן אָנגענומענער פֿאַקט צווישן די באַלעבאַטים, וואָס רופֿן אַרויס רעספּעקט און ווילן צו קאָאָפּערירן מיט זײ. די אַרבעטער דאַרפֿן שוין מער ניט אַרומשפּרינגען אין די גאַסן אין די ווינטערדיקע טעג און פּיקעטן די שעפּער, און מיטאָג־צײַט אָדער אין אָוונט זיך אַרײַנכאַפּן אין די זופּ־קיכן צוזאַמען מיט זײערע ווײַבער און קינדער.

די עטאַבלירונג פֿון אונזערע עקאָנאָמישע רעכט און מאַכט, און די פֿאַרקירצונג פֿון אַרבעטס־שטונדען האָבן באַפֿרײַט אונזער ענערגיע און האָבן אונדז אָוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזיציע, פֿון וואַנען מיר קענען ניט בלויז בײַשטײַערן פּראָגרעסיווע אידייען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג און צו דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, נאָר מיר קענען שוין איצטער שטיצן אַנדערע יוניאָנס און אַנדערע אינסטיטוציעס, ווען יענע זײַנען אין אַ נויט.

הײַנט טראַכטן מיר וועגן אונזערע סאָציאַלע פֿאַרפֿליכטונגען. הײַנט, ווען מיר באַנײַען אונזערע אַגרימענטס אָן סטרײַקס, שפּאָרן מיר אײַן די אַרבעטער אין דער אינדוסטריע אומצײליקע מיליאָנען דאָלאַרס, וואָס פֿלעגן פֿאַרשווענדט ווערן אין יענע אַלטע צײַטן. הײַנט זײַנען מיר אין אַ לאַגע, אַז מיר קאָנען אונזערע אַרבעטער געבן די בענעפֿיטס פֿון אַ „יוניאָן העלטה סענטער״, וואו זײ קריגן מעדיצינישע און צײן־באַהאַנדלונג לויט דעם לעצטן וואָרט פֿון דער מעדיצינישער וויסנשאַפֿט און טעכנישער אויסשטאַטונג. מיר האַלטן אויף אַ „יוניטי האוז״, וואו פֿילע טויזנטער פֿון אונזערע אַרבעטער פֿאַרברענגען זײער זומער־וואַקאַציע. מיר האָבן עטאַבלירט און שטיצן אַ זײער ברײטע פּראָגראַם פֿון קולטורעלער טעטיקײט און האַלטן אויף פֿאַרווײַלונג־קלאַסן. מיר זײַנען געוואָרן אַ כּח ניט בלויז אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון אונזער פֿאָלק, נאָר אין יעדער אַנדער לעבנס־צווײַג זײַנער. מיר העלפֿן אויפֿבויען פּאָליטישע פּאַרטײען, וואָס װעלן געבן אויסדרוק צו די שטרעבונגען פֿון די אַרבעטער, און די ווערטער פֿון אונזערע פֿירער זײַנען וואָגיק איבער דער גאַנצער וועלט.

מיר זײַנען דורכגעגאַנגען אַ היבשן מהלך. אונזערע שטיגן זײַנען געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט שטײנער און פֿיל שטרויכלונגען, וואָס צײַטנווײַז האָט זיך אונדז געדוכט, אַז מען קאָן זײ ניט בײַקומען. געווען צײַטן, ווען מיר האָבן געהאַט גענוג גרונדען צו ווערן פֿאַרצווייפֿעלט, אָבער מיר זײַנען עקשנות׳דיק געגאַנגען ווײַטער — און פֿאַר אונזער עקשנות זײַנען מיר וואויל באַלוינט געוואָרן. הײַנט זעען מיר הונדערטער טויזנטער אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס קאָנטראָלירן זײערע דזשאַבס און, אין אָט־דער מאָס, קאָנטראָלירן זײ אויך זײער גורל. הײַנט אַרבעט מען מענשליכע שטונדען און אונטער מענשליכע באַדינגונגען, און די אַרבעטער האָבן זיך ערוואָרבן דעם רעספּעקט פֿון זײערע געמײנדעס, און זײ פֿאַרמאָגן איצט די באַפֿרידיגונג, וואָס עקאָנאָמיש, סאָציאַל און פּאָליטיש זײַנען זײ באַשיצט דורך אָרגאַניזאַציעס, וואו זײ אַלײן שפּילן די הויפּט־ראָלע.

## די שיפֿן נײען ווײַטער

מיר קוקן אויף אַ טײַך און זעען, ווי עס גליטשן זיך אויף אים פֿאַרבײַ פּרעכטיק שײנע שיפֿן ערגעץ אין דער ווײַט. מיר באַוואונדערן דעם טײַך און זײַן רחבות. אָבער זעלטן טוען מיר אַ טראַכט וועגן די קוואַלן, פֿון וואַנען דער טײַך פֿליסט אַרויס, וועגן די קוואַלן, וואָס גיבן אים לעבן און שפּײַזן אים נאָכאַנאַנד. אָבער טוען מיר דאָס יאָ, טראַכטן מיר וועגן די מענטשן, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען די ערשטע צײַטן פֿון דער אַרבעטער באַוועגונג, און וועלכע האָבן געבראַכט זײער בײַטראָג צו אָט־דער וואונדערלעכער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר שטעלן זיך דעמאָלט אָפּ אויף אַ רגע און אָטעמען אַרויס אַ תּפֿילה מיט דאַנקבאַרקײט פֿאַר זײערע קרבנות.

וואָס איז געווען אַמאָל
און וואָס עס איז היינט

# קאָנטראַסטען

פון וו. פּאַבאַצקי

**איצטיגע גרויסע אַנערקענונג**

אינ׳ם גאַנג פון לעבען ווערען פּאַרגעסען סיטואַציעס און פּאַסירונגען פון אַמאָל, הגם זיי האָבען אַ שייכות מיט׳ן היינט. די געלעגענהייט זיי אָפּצופרישען איז אַ יובילייִ. אַ מענש וואָס נעמט זיך איבערקלייבען זכרונות ווערט אַנגענומען פון אינגערען דור פאַר אַן „אַלטער נאַר״, און אַזוי וויל קיינער ניט ערשיינען. דאָך וויל איך ריזיקירען, און דוקא פאַר דעם יונגען דור אָפּפרישען עטליכע זכרונות. איך וויל ניט זאָגען קיין מוסר די איצטיגע פירער פון די יוניאָנס; עס שאַדט, אָבער ניט, אַז מען זאָל זיי דערמאָנען, אַז די טרייד יוניאָן־באַוועגונג, ווי זי איז איצט אין דער אידישער וועלט, די טרייד־יוניאָן־באַוועגונג מיט איר איצטיגען פּאַרנעם, מיט איר גרויסקייט און ברייטקייט, מיט איהר איינפלוס, מיט איר טיפערווירקונג, אז אַ ירושה פון דעם אַמאָל — פון אונזער אַמאָליגער אָרימקייט און אַמאָליגען אידעאַליזם.

אַ יוניאָן פון אַרבייטער איז היינטיגע צייטען געזעצליך און מאָראַליש אַן אנערקענטער טייל פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטליכער ווירטשאַפט אין לאַנד. ווי אַנדערש דאָס איז געווען אַמאָל, מיט אַ צוויי־דריי צענדליג יאָר צוריק. און דערין איז ניט קיין אונטערשייד צווישען גרויסע אינדוסטריען און קליינע, אויך ניט צווישען פעלקער אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדען. גע־וויינליכע אידישע אַרבייטס־געבער, האָבען מיט צוויי־דריי צענדליג יאָר צוריק געקוקט אויף אַ יוניאָן מיט דערזעלבער פאַראַכטונג ווי דער באַוואוסטער גרויס־קאַפּיטאַליסט געַרי פון סטאָל טראַסט, וועלכער האָט זיך געמאַכט פאַר זיין לעבענס־אויפגאַבע צו באַקעמפען אַרבייטער־רעכט. די אידישע באַלעבאַטים, וועלכע זיינען צומייסטענס געווען אויסגעקנאָטען פון דערזעלבער אימיגראַנטען־טייג ווי די אַרבייטער, האָבען אין אַ משך פון יאָרען זיך ניט אָפּגעשטעלט פון שרעקליך עקספּלואַטירען זייערע אַרבייטער. זיי זיינען געווען ביטערע שונאים פון אירגענד וועל־כען פּאַרזוך צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער. יעטווידע באַוועגונג צו פאַרבעסערען אַביסעל די אַר־בייטס־באַדינגונגען אין זייערע שעפּער זיינען זיי אַנטקעגען־געקומען מיט אַ רציחה. זיי האָבען אָנגעפירט זייער ביזנעס־קאָנקורענץ צווישען זיך מערסטענס אויפ׳ן חשבון פון די אַרבייטער, און דער פון די באַלעבאַטים, וועלכער האָט געקענט אַרויספּרעסען וואָס מער שווייס פון די אַרבייטער, אונטער דער שוין היסטאָריש געוואָרענער „סוועט־שאַפּ״־סיסטעם, דער איז געווען אַ גרעסערער העלד, און איז שפּעטער געוואָרען אַן „אַלרייטניק״. אָט די באַלעבאַטים האָבען זיך געהאַט ווי איינגערעדט, אַז די אַמעריקאַנער פרייהייט איז באַשאַפען געוואָרען בלויז אויף צו זיין פריי צו עקספּלואַטירען אַרבייטער און דורך דעם צו ווערען רייך, אָבער פאַר קיין פאַל ניט, אַז די אַרבייטער זאָלען זיין פונקט אַזוי פריי צו קעמפען פאַר בעסערע לעבענס־באַדינגונגען.

**דער אַרבייטער־פירער פון אַמאָל**

צו ווערען אַ יוניאָן־מאַן אין יענע צייטען האָט אין מערסטע פעלע געמיינט צו ווערען אַ מאַרטירער. אַרבייטער האָבען געהונגערט, טאַקע אַרבייטענדיג געהונגערט, געלעבט אונטער אַ שקלאַפען־יאָך, אָבער מורא געהאַט זיך אַנצושליסען אָן אַ יוניאָן, וואָרום עס האָט געמיינט צו ווערען אין גאַנצען ברויטלאָז און דערצו ליידען שווערע פאַרפאָלגונגען. און נאָר דערפאַר זיינען די מייסטע יוניאָנס אין דער אידישער וועלט, איבערהויפּט אין די גרויסע טריידס (צום ביישפּיל: דרעס־טרייד, קלאָוק־טרייד, און מענ׳ס קלאָדינג־טרייד), דורך רעוואָלוציאָנערע אויפברויזונגען אויפגעקומען. די געדולד האָט געפּלאַצט, שוין ניט געווען מער וואָס צו פאַרלירען, איז מען אַריין אין די יוניאָנס. זייער וועג איז ניט געווען דורך רעגעלמעסיגע אָרגאַניזאַציאָנס־פאַרמען.

זיין אַ יוניאָן־פירער אין יענע צייטען האָט געמיינט, אין די מערסטע פעלע, איינצושטעלען מיט׳ן לעבען. בלויז די טרייב־קראַפט פון העכסטען אידעאַליזם האָט איינגעהאַלטען מענשען אין דער טעטיגקייט פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג.

די יוניאָנס פון יענע פאַרלאָפענע צייטען זיינען געווען פיזיש שוואַך, אָבער האָבען גע־האַט אין זיך אויסדויערונג קראַפט. פילע זיינען אָפּגעפאַלען אין דעם לאַנגען שווערען גאַנג

צו פּראָגרעס, געפאַלען פון מידקייט און אַנטוישונג. זייער אַרבייט איז אָבער ניט פאַרלאָרען געגאַנגען. די מערסטע פון זיי האָבען איבערגעלאָזען וואָס צו פאַרבלייבען — עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען צום נוצען אין דער גרויסער אָנשטרענגונג צו שאַפען טריט נאָך טריט די אַרבייטער־באַוועגונג, וואָס מיר האָבען איצט.

ווען מען פאַרטראַכט זיך איבער דעם, ווי שווער עס איז געווען אַמאָל צו סטרייקען אין ניו יאָרק, זיינען די איצטיגע סטרייקס אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט די סטרייקס פון אַמאָל. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס לויט׳ן געזעץ זיינען סטרייקס געווען ערלויבט אויך אַמאָל, זיינען זיי דאָך באַהאַנדעלט געוואָרען ווי אַ פאַרברעכערישע ערשיינונג. אין אַ טייל געגענטען פון ניו יאָרק איז יעטווידע סטרייק־טעטיגקייט טאַקע געווען אינגאַנצען פאַרבאָטען.

אַ פּיקעט, אַ פאַרברעכער

די פאַרבאָטען האָבען זיך אויסגעדריקט אין די אינדזשאָנקשאָנס, וואָס האָבען זיך געשאָטען פון די קאָורטס אָן אַן אויפהער. איך האָב אין יענע צייטען געהערט אַ באַוואוסטען לאָיער פאָר־לעזען אין קאָורט אַן אינדזשאָקשאָן אויף צו פאַרווערען די סטרייקס אָפּצוהאַלטען מיטינגען; ער האָט דערביי געשילדערט די סטרייקערס, וואָס האָבען געבעטען אַ פּאָר סענט מער פאַר אַ טאָג אַרבייט, ווי זיי וואָלטען געווען ווילדע גזלנים. דערזעלבער לאָיער האָט ביי אַן אַנדער פאַל פאַרלאַנגט דאָס אויפלייזען פון דער גאַנצער יוניאָן, ווייל איר פּרינציפּ־ערקלערונג האָט געהאַט אַביסעל אַ סאָציאַליסטישען טעם. דער לאָיער האָט זיך געפילט פולשטענדיג מאָראַליש באַרעכטיגט צו פאַרלאַנגען צוליב דעם סטרייק אינדזשאָנקשאָנס געגען אַרבייטער.

ניט אַלעמאָל האָבען באַלעבאַטים געוואָלט זיך באַדערען מיט קאָורט־אינדזשאָנקשאָנס אויף צו פאַרווערען סטרייק־טעטיגקייטען, איבערהויפּט פּיקעטען. זיי האָבען דאָס געקראָגען פאַר עטליכע דאָלאַר דורכ׳ן פשוט׳ן פּאָליסמאַן אויפ׳ן גאַס, אָדער דורך די באָמס, הפקר־יונגען, שלעגער, ביי די ביר סאַלונען אינ׳ם געגענד פון שאָפּ. אַ סטרייקער, אַ פּיקעט, איז געווען באַ־טראַכט אַלס אַ מין פאַרברעכער, אַ מענש אויסערן שוץ פון געזעץ, און אַזעלכען מעג מען, אַפּנים, שלאָגען, מעג מען אפילו מערדערען.

איך וויל דאָ אַוועקשטעלען פאַר דער געשיכטע צוויי קוואַרטאַלען פון גרעיטער ניויאָרק — סאוט־ברוקלין און גרינפּאָינט — וואו עס איז פשוט געווען אַ געפאַר פאַר אַ סטרייקער צו באַווייזען זיך אין גאַס. פון פּיקעטען איז אָפּגערעדט.

באָמס און גענגסטערס צו שלאָגען סטרייקערס זיינען פון די באַלעבאַטים באַטראַכט גע־וואָרען פאַר אַ גאַנץ נאָרמאַלע און געזעצליכע זאַך, און פילע פון זיי האָבען זיך באַרימט מיט אַזאַ מעטאָדע, און זיינען באַוואונדערט געוואָרען אין זייערע קרייזען ווי העלדען.

קרבנות, דראַמעס

אין יענע יאָרען איז פאַר די יוניאָנס ניט גענוג געווען בלויז צו שלאָגען צוריק. מען האָט אויך געדאַרפט אָנפירען אויפקלערונגס־קאַמפּיינס, אַז די עפענטליכע מיינונג זאָל צווינגען די באַלעבאַטים אויפצוגעבען אַזאַ „מאָראַל״ בנוגע אַרבייטער, סטרייקערס, פּיקעטס. יוניאָנס האָ־בען געמוזט מאָנען פשוט׳ע אָנשטענדיגקייט. די מיטלען פאַר אַזעלכע קאַמפּיינס זיינען געווען קליין און אָרים, דאָך האָט מען זיי געפירט, און וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און ברייטער, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען ברענגען רעזולטאַטען. די געשלעגען אין די סטרייקס, אַטאַקעס אויף סטרייקער און אַן אָפענטפער אויף זיי, האָבען איבערגעלאָזען אַ סך קרבנות. זיי זיינען ספּעציעלע דראַמעס אין דער געשיכטע פון דער אַרבייטער־באַוועגונג, איבערהויפּט אין די אידישע טריידס פון ניו יאָרק — דראַמעס פון מאַרטירערײַ.

ביים פייערען איצט דעם פופציג יאָריגען יובילײ פון די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען, פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז די קאָפּ און די האַרץ פון דעם „אַמאָל״, וואָס האָט געבראַכט דעם „היינט״, דאַרף מען עס דערמאָנען, און מען דאַרף עס אונטערשטרייכען צו געדענקען.

# אידען און ניט־אידען אַלס שכנים אין די שעפּער

## ברידערליכע צוזאַמענאַרבייט; פּראָבלעמען אַרום דעם

פון י. פּאָגעל

דאָס פּראָבלעם וועגען די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליסטען אין און אַרום די אידישע יוניאָנס איז אַלעמאָל געווען שאַרף, און זינט די לעצטע פּאָר יאָר האָט די דאָזיגע פּראָבלעם, צוליב פאַרשיידענע אורזאַכען, אַריינגעקראָגען אַ זעהר ערנסטען אינהאַלט.

**פאַקטען פון די טריידס**

מען רעדט זינט לעצטענס זעהר פיל, אַז אידישע אַרבייטער ווערען „אַרויסגעשטופּט" פון די פאַרשידענע פאַכען, און אַז זייער פּלאַץ ווערט פאַרנומען פון „אַנדערע". ביי מאַנכע, הייסט עס, אַז „שיקסעס" פאַרנעמען איצט דעם אויבענאָן אין די שעפּער. מען זאָגט אויך, אַז אַרבייטער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען „פאַרכאַפּען" די דזשאַבס. די אידישע אַרבייטער, ספּעציעל די וועלכע וואוינען אין ניו יאָרק, פילען אַז דער דאָזיגער ענדערונגס־צושטאַנד טוט זיי ניט קיין גוטס. די וועלכע האָבען די פעהיגקייט זיך צו פאַרטיפען אין דער פראַגע, באַגרייפען אַז דער דאָזיגער פּראָגרעס איז אַן אומפאַרמיידליכער, אַ נאָרמאַלער, אַ לאָגישער. זיי פאַרשטייען, אַז ניט דער איינצעלנער איז דער באַלעבאָס פון לעבען, נאָר אַז דאָס איז פאַרקערט, און אַז מען מוז באַגעגנען די פאַקטען פון לעבען ווי זיי זיינען. אָבער ניט אַלע קענען, בעת אין דער היים פייפט דער דלות, זיך צוקוקען צום לעבען דורך פילאָזאָפישע ברילען. מען פילט: דער סעזאָן ווערט אַלץ קירצער און קירצער; מען זעט, ווי די באָנדלאַך קייקלען זיך אַלץ מער און מער אַוט־אָוו־טאַון, ווי דער מאַרקעט אין ניו יאָרק האַלט אין איין איינדאַרען. און דאָס אַלץ טוט דעם אידישען אַרבייטער וועה. ער איז עמפינדליך. ער ווייסט, אַז ער ווערט פון צוויי בייטשען געשלאָגען. ערשטענס פון דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישען קריזיס וואָס בושעוועט אין לאַנד; און צווייטענס, פון דעם נאַטירליכען באַזייטיגונגס־פּראָצעס וואָס גייט אָן מיט אַזאַ שנעלען טעמפּאָ פאַר זיינע אויגען. און זיין אינערליכען וועזען פאַרבינדט ער ביידע צושטאַנדען, (ד. ה. דעם קריזיס, און די אַריינדרינגונג פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען) אין איין קנופּ. ער איז דעריבער פאַרביטערט און דערשראָקען. ער קען אָפּט מאָל ניט באַשליסען וואו עס ליגט די גרעסערע געפאַר, צי אין דעם קריזיס, צי אין דעם צושטאַנד וואָס אַרבייטער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען פאַרנעמען די „מזרח־וואַנט" אין די שעפּער.

און עס איז דעריבער נאַטירליך צו זען ווי די אידישע אַרבייטער קומען צו זייערע יוניאָן־פירער, פילע פון זיי וועלכע זיינען אידען, מיט דער טענה: „מיר ווערען פאַמעלאַך אַרויסגעשטויסען פון טרייד, די „שיקסעס" פאַרנעמען אונזערע פּלעצער, דער סטאַנדאַרד ווערט דורך דעם אַרונטערגעזונקען, און איר אונזערע פירער טוט גאָרנישט וועגען דעם". זיי מאָנען אויך: „מיר האָבען דאָך די יוניאָן געבויט, מיר האָבען געבלוטעט און זיך מקריב געווען פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע; אויף אונזערע פּלייצעס איז דאָך אויסגעקעמפּט געוואָרען די עקזיסטענץ פון אונזער יוניאָן, און איצט, קוקט זיך קיינער אויף אונז ניט אום".

**די צייט פאָדערט ספּעציעלען טאַקט**

אָבער די דאָזיגע אַרבייטער פאַרגעסען, ווי מיר האָבען פריער אָנגעוויזען, אַז דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון זייער יוניאָן האָט זיך געביטען. זיי פאַרגעסען, אַז הגם זייערע פירער זיינען אַזוי צו זאָגען זייערע „גלויבענס גענאָסען", איז אָבער די יוניאָן ניט מער קיין דורכאויס ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציע, און אודאי זיינען די פירער ניט די פירער בלויז פון זיי, נאָר פון דער גאַנצער יוניאָן, זיי געהערען צו דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון צענדליגע נאַציאָנאַליטעטען, און וועלכע זיינען צעוואָרפען איבער אַלע טיילען פון לאַנד. אַ אידישער יוניאָן־פירער, מעג זיך קריגען זיינע פערזענליכע סימפּאַטיעס מיט זיינע „רעליגיאָנס ברידער"; ער מעג זאָגאַר פילען, אַז ווען ניט זיי וואָלט קיין יוניאָן אינגאַנצען ניט געווען; ער מעג פילען, אַז די יוניאָן איז דאַנק־שולדיג די דאָזיגע פּיאָנערען, וועלכע האָבען געליטען און געהונגערט פאַר זייער אָרגאַניזאַציע; ער מעג זאָגאַר פילען, אַז ווען ניט די דאָזיגע אידישע

פיאָנערען, וואָלטען די איצט־צוגעקומענע קיין יוניאָן ניט געהאַט, וואָלט די יוניאָן זיכער ניט געווען אַזוי גרויס און מעכטיג ווי זי איז, און זי וואָלט זיכער ניט געווען אין דער לאַגע צו באַשיצען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די צוגעקומענע.

**אידישע פירער פון ניט־אידישע מיטגלידער**

אָבער די דאָזיגע שטימונגען טאָר אַזאַ אידישער אַרבייטער פירער, אויב ער איז מסוגל צו זיין אַ פירער, ניט ברענגען צום עפענטליכען אויסדרוק, וואָרום אויב ער איז אַ פאַראַנטוואָרטליכער פירער, מוז ער פאַרשטיין, אַז אין דער איצטיגער צייט, ווען ראַסען־האַס איז געוואָרען אַזאַ גאַנגבאַרע סחורה, ווען אידען ווערען פאַרפאָלגט און געפייניגט, ווען כמעט די גאַנצע וועלט איז איינגעהילט אין שוואַרצע כמאַרעס, — אַז אין אַזאַ צייט, קוקט מען אויף אידען, און אודאי אויף אַ אידישען פירער, און ספּעציעל אויף אַ אידישען אַרבייטער־פירער מיט טויזענטער אויגען. יעדע האַנדלונג זיינע ווערט געוואויגען און געמאָסטען. איין אומגראַדער שריט זיינער, קען פאַראורזאַכען ראַסען־מיספאַרשטענדענישען, און קען אויסגענוצט ווערען פון די אַנטיסעמיטען און זייערע אַגענטען ווי אַלס אַרגומענט געגען אַלע אידען. מוזען דעריבער די אידישע פירער, פון די פריער־געוועזענע אידישע יוניאָנס, האַנדלען מיט טאַקט, מיט פאָרזיכט, מיט פאַרשטענדיגונג, און די אידישע אַרבייטער, אויב זיי באַגרייפען וואָס עס טוט זיך אַרום זיי, טאָרען ניט פאַרלאַנגען פון זייערע פירער, וועלכע זיינען אידען, זאַכען, וועלכע זיי טאָרען ניט באַרעכטיגען. זיי מוזען באַגרייפען, אַז זיי שטעלען מיט זיך איצט פאָר אַ מינאָריטעט, און אַז דער פירער פון זייער באַטרעפענדער יוניאָן, איז דער פירער פון אַלע אַרבייטער און אַז ער האָט פאַרפליכטונגען צו אַלע נאַציאָנאַליטעטען.

און אויב די אידישע אַרבייטער ליידען איצט עקאָנאָמיש, מוזען זיי זוכען דעם רעצעפּט ווי קלאַסענבאַוואוסטע אַרבייטער. זיי, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אַ טראַדיציאָנעלע טרייד־יוניאָן שולע פאַר צוויי, דריי, פיר און זאָגאַר פינף צענדליג יאָר, מוזען פאַרשטיין, אַז די לעזונג צו זייער פּראָבלעם, ווי אויך די פּראָבלעמען פון די אַנדערע אַרבייטער, קען קומען דורך פּאָליטישען פאָרשריט, דורך עקאָנאָמישע גלייכבאַרעכטיגונגען, און דורך סאָציאַלען פּראָגרעס. זיי, די אידישע אַרבייטער מוזען פאַרשטיין, אַז זיי, ווי אויך די פירער מיט וועמען זיי האָבען צוזאַמען געבויט די יוניאָן, געליטען פאַר איר, געבלוטעט פאַר איר — אַז זיי שטייען איצט, אַזוי צו זאָגען אויף פּראָבע. דער נסיון איז אַ גרויסער. ווען מען ליידעט עקאָנאָמיש קען מען לייכט דעם קאָפּ פאַרלירען, אָבער אידישע אַרבייטער דאַרפען פאַרשטיין די מאָס פון פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס יעדער פון זיי טראָגט אויף זיך; זיי מוזען זיך רעכענען מיט לעבענס־פאַקטען, און זיי טאָרען ניט ווייזען, אין דער איצטיגער וואַנזיניגער צייט פון ראַסען־פאַראורטיילען און אַנטיסעמיטיזם, אַז זיי ווילען זיך ניט רעכענען מיט די דאָזיגע ערשיינונגען, וועלכע וואַקסען אַרויס אַלס נאַטירליכער רעזולטאַט פון געשיכטע־אַנטוויקלונג.

און מיר האַלטען אויך, אַז פונקט אַזוי ווי עס וואָלט געווען געפערליך ווען אידישע אַרבייטער־פירער האַנדלען פאַרטייאיש צו אידישע אַרבייטער פונקט אַזוי וואָלט עס געווען אונגעזונט, ווען זיי וואָלטען זיך באַזייטיגט אַלס פירער, בלויז דערפאַר ווייל זיי זיינען אידען. אַזאַ צושטאַנד וואָלט גראַד געהאַט די פאַרקערטע ווירקונג. דאָס וואָלט פאַר דער קריסטליכער מיטגלידערשאַפט געבראַכט צום פאָדערגרונט די אידישע פראַגע. און עס איז פיל גלייכער, אַז אידישע אַרבייטער, און אידישע אַרבייטער־פירער, זאָלען זוכען צו האַלטען די אידישע פראַגע אין הינטערגרונד ווי ווייט מעגליך: דער טראָפּ פון אידישע אַרבייטער, און אידישע אַרבייטער־פירער מוז געלייגט ווערען פאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין פון דער יוניאָן, פון וועלכע אַלע אַרבייטער, ניט אַכטענדיג אויף ראַסען־אָנגעהעריגקייטען, זאָלען געניסען. דער פּראָפּאַגאַנדאַ מאָטיוו דאַרף זיין: די יוניאָן איז דער אייגענטום פון אַלע; אַלע אַרבייטער ווערען צוגלייך געקריוודעט פון די באַלעבאַטים, און דער גורל פון אַלע אַרבייטער איז איין און דערזעלבער. אַלע האָבען די זעלביגע עקאָנאָמישע אינטערעסען, און די זעלביגע פּאָליטישע צילען.

* * *

מיר רעדען דאָ וועגען דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, און וועגען דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָטהינג וואָירקערס יוניאָן, און וועגען דער העט־קעפּ און מילינערי אַרבייטער יוניאָן. דאָס זיינען אַלץ נאָדעל טרייד יוניאָנס. צו זיי קען מען אויך צורעכענען די פּאַקעטבוק אינטערנעשאָנאַל יוניאָן, די פאָריער יוניאָן, די בעקער יוניאָן, די פיינטערס יוניאָן, סוט קעיס יוניאָן, קלינערס און דייערס יוניאָן און אַנדערע.

**וויכטיגע סטאַטיסטיק**

**ווי האַלט עס מיט דער נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע אין אַזעלכע אידישע יוניאָנס?**

אין דעם ערשטען פערטעל יאָרהונדערט פון מאַסען־אימיגראַציע קיין אַמעריקע (ד. ה. פון 1900 ביז 1925 זיינען קיין אַמעריקע אָנגעקומען 992,330 אידישע פאַרדינערס (אַרבייטער),

בעת אין דעם זעלבען פעריאָד זיינען אָנגעקומען 11,500,000 ניט־אידען. ד. ה., אַז אידען האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט 8 פּראָצענט פון אַריינגעקומענע עקאָנאָמיש־אַקטיווע אַרבייטער.

אין דר. הערמאַן פראַנק'ס אַ מאַנוסקריפּט געפינען מיר פאָלגענדע אינטערעסאַנטע טאַבעלע וואָס באַציט זיך פון 1900 ביז 1925.

| אינדוסטריע צווייגן | אידען | | ניט אידען | |
|---|---|---|---|---|
| | צאָל | פּראָצענט | צאָל | פּראָצענט |
| קליידער אינדוסטריע | 362.642 | 60. | 388,722 | 22.6 |
| האָלץ באארבייטונג און בוי אַרבייט | 84.683 | 14.2 | 430,526 | 25.1 |
| מעטאַל אינדוסטריע | 46.336 | 7.8 | 317,171 | 18.4 |
| שפּייז אינדוסטריע | 42.501 | 7.1 | 134,661 | 7.8 |
| דזשועלערי, זייגערמאַכער | 9.582 | 1.6 | 10,121 | 0.6 |
| דרוק ארבייט | 9.282 | 1.6 | 17,631 | 1.0 |
| לעדער אַרבייט | 8.017 | 1.4 | 11,344 | 0.7 |
| אַנדערע אינדוסטריעס | 33.000 | 5.5 | 409,185 | 23.8 |
| צוזאַמען | 596.043 | 100.0 | 1,719,361 | 100.0 |

געענדערטע טריידס

עס איז דערביי וויכטיג צו באַמערקען, אידישע אַרבייטער זיינען געווען קאָנצענטרירט אין פאָלגענדע אינדוסטריען: באַקליידונגס, האָלץ, מעטאַל, שפּייז, לעדער, דרוק און דזשועלערי. ניט מער ווי 5.5 פּראָצענט פון אַלע אידישע אַרבייטער זיינען געווען פאַרטראַטען אין אַזעלכע אינדוסטריעס ווי טעקסטיל, עלעקטריק. זיי זיינען באַטראַכט געוואָרען (אין יענער צייט), ווי גויאישע פאַכען.

אָבער זינט 1925 זיינען פאָרגעקומען קאָלאָסאַלע און גרונטאָווגע ענדערונגען אין דעם צו־זאַמענשטעל פון דער אידישער אַרבייטער מאַסע אין זייערע יוניאָנס. אָנגעפאַנגען האָט זיך דער דאָזיגער איבעראַנדערשונג־פּראָצעס טיילווייז אין דעם אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה. זינט יענעם יאָר, ווערען די אידישע אַרבייטער־מאַסען אַלץ קלענער פון יאָר צו יאָר. מען שרייבט דאָס צו צו פילע ערשיינונגען. איינע פון זיי איז די איינפירונג פון דעם אימיגראַציע־געזעץ, וועלכער איז אַריין אין קראַפט אין דעם יאָר 1924.

אַלס רעזולטאַט פון דעם געזעץ זיינען אין די אינדוסטריעס וואו אידען האָבען ביז דעמאָלט געוועלטיגט, אריינגעשטויסען געוואָרען אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, ווי איטאַליענער, סלאַווען, נעגערס און אַנדערע. דאָרטען וואו אידען זיינען געווען אַ מאַיאָריטעט, זיינען זיי צוביסלאַכווייז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מינאָריטעט.

עס האָבען אויך געווירקט אַנדערע פאַקטאָרען וואָס האָבען געפירט צו דער אַרויסשטופּונג פון אידישע הענט. איינער פון זיי איז דאָס, וואָס צענדליגע טויזענטער פרויען אַרבייטער זיינען אַריינגעצויגען געוואָרען אין יוניאָנס.

עס ווערט געשאַצט, אַז אין דער דאַמען שניידער אינדוסטריע אינטערנעשאָנאַל זיינען היינט־צו־טאָג באַשעפטיגט בלויז 25 פּראָצענט מענער אַרבייטער, און 75 פּראָצענט פרויען אַרבייטער. אין דער מענער שניידער אינדוסטריע (אַמאַלגאַמעיטעד) זיינען איצט באַשעפטיגט פון 50 ביז 55 פּראָצענט פרויען אַרבייטער.

איינע פון די אורזאַכען פאַרוואָס פרויען אַרבייטער האָבען זיך גענומען צו די נאָדעל טרייד, איז דאָס וואָס דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער קריזיס, האָט זיי צו דעם געצוואונגען. ספּעציעל איז דאָס אַזוי דער פאַל אין דער פּראָווינץ, וואו די פרויען און טעכטער פון פאַרמערס האָבען זיך גענומען צו שניידעריי, כדי צו העלפען ערנערען די פאַמיליע. עס זיינען פאַראַן ווענינ אַמעריקאַניש־געבאָרענע מיידלאַך וועלכע נעמען זיך צו שניידעריי.

## פרויען־אַרבייט

די מאַסען־אַריינדרינגונג פון פרויען אַרבייטערינס און עכט אַמעריקאַנער עלעמענטען אין די „אידישע יוניאָנס", האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יאָר 1933, ווען פּרעזידענט רוזוועלט האָט צום לעבען געבראַכט דעם באַרימטען נעשאָנאַל רעקאָווערי אַקט (נ. ר. א.). זייט דעמאָלט זיינען פאָרגעקומען גרויסע און ווייט־גרייכענדע ענדערונגען, כמעט אַן איבערקערעניש אין די שניידער יוניאָנס. די יוניאָנס האָבען איבערנאַכט אויפגעבליט. מען דאַרף אין זינען האָבען, אַז די זעלביגע יוניאָנס האָבען זיך געפונען אין אַ האָפנונגסלאָזען צושטאַנד, בעת דער הואווער אַדמיניסטראַציע. איר געדענקט דאָך מסתמא די שוידערליכע אַרבייטסלאָזיגקייט וואָס האָט געהערשט איבער'ן לאַנד, די איינריכטונג פון סופּ־קיטשענס; איר דערמאָנט זיך וואַרשיינליך ווי די אַרבייטסלאָזע פלעגען פאַרקויפען עפּעל אין די גאַסען, כדי כאָטש עפּעס צו פאַרדינען. אין אייער זכרון טויכען זיכער אויף די האַרצלאָזע שריט וואָס הואווער האָט גענומען אין באַצוג צו אַרבייטסלאָזע דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסטען.

די יוניאָנס האָבען אין יענער צייט דורכגעמאַכט אַ שרעקליכען קריזיס. איצט מעג מען דאָס שוין דערציילען, ווייל דאָס ווערט דערציילט אין פריידען — אַז אין יענער צייט האָבען פילע יוניאָנס געהאַלטען אין פאַרמאַכען זייערע אָפיסעס, די באַאַמטע האָבען מאָנאַטען לאַנג ניט באַקומען קיין ווייזשעס; ניט געווען קיין געלט צו באַצאָלען רענט, אָדער אויף צו דעקען די טעלעפאָן און עלעקטריק אויסגאַבען.

און פּלוצלונג, רוזוועלט ווערט ערוויילט! די נ. ר. א. גייט אַריין אין קראַפט! און ווי מיט אַ צויבער שטעקעלע ווערען די יוניאָנס איבערנאַכט רייך און מעכטיג. יוניאָנס וועלכע האָבען זיך, אַזוי צו זאָגען, געלייגט שלאָפען מיט 40 אָדער 50 טויזענט מיטגלידער, זיינען „אויפגעשטאַנען" מיט 100, 150 אָדער 200 טויזענט. די יוניאָנס האָבען דערגרייכט אַ שטופע פון כמעט 100 פּראָצענטיגער אָרגאַניזאַציע. דער 7־א פּאַראַגראַף פון דער נ. ר. א. וואָס האָט געגעבען די אַרבייטער דאָס רעכט זיך צו אָרגאַניזירען, איז פון אונזערע „אידישע יוניאָנס" גלענצענד אויסגענוצט געוואָרען.

די יוניאָנס זיינען אַריינגעדרונגען אין נייע טעריטאָריעס, וועלכע זיינען ביז צו דער נ. ר. א. פּעריאָדע געווען פאַר זיי פאַרשלאָסען מיט זיבען ריגלען.

## נייע יוניאָן־טעריטאָריעס

די יוניאָנס זיינען אויך קאָלאָסאַל געהאָלפען געוואָרען פון דעם נעשאָנאַל לייבאָר (וואַגנער) רילייישאָנס אַקט, און זאָל דאָ אויך באַטאָנט ווערען, אַז אויך דעם גוזעץ־פּראָיעקט האָבען אונזערע יוניאָנס גלענצענד עקספּלואַטירט. זיי האָבען זיך גענומען אויסשפּרייטען און פאַרשטאַרקען בליץ שנעל. זיי זיינען געוואָרען ריזען־אָרגאַניזאַציעס, מיט מיליאָנען דאָלאַרס אין די טרעזשורעס, מיט הונדערטע טויזענטער מיטגלידער, מיט אַן איינפלוס איבער'ן לאַנד, מיט אַ צוטריט אין די „הויכע פענסטער" אין וואַשינגטאָן, און מיט „פּובליסיטי" אויף די ערשטע זייטען פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע.

די אינטערנעשאָנאַל האָט אַלס רעזולטאַט פון דעם געהאַט אַן אַרמיי פון איבער אַ פערטעל מיליאָן: די אַמאַלגאַמעיטעד האָט געציילט אַ מיטגלידערשאַפט פון 200 טויזענט. און דאָס זעלביגע איז אויך געווען דער פאַל מיט די אַנדערע נאָדעל טרייד יוניאָנס. קורץ אַלץ איז געווען אין אַ צושטאַנד פון אויפבלי, פון ערוואַכונג, פון האָפענונג. די „נ. ר. א. בייביס", אַזוי האָט מען אָנגערופען די לאָקאַלס, וועלכע האָבען זיך געגרינדעט בעת די נ. ר. א. האָט פונקציאָנירט — האָבען אַריינגעבראַכט אַ סך שוואונג, אַ סך אימפּעט אין די יוניאָנס, וועלכע האָבען זיך ערשט „נעכטען", ד. ה. אין די הואווער יאָרען, אַזוי געראַנגעלט און געשוועבט צווישען לעבען און טויט.

אָבער צוזאַמען מיט דעם קאָלאָסאַלען אומערוואַרטעטען וואוקס, האָבען אויך אַרויסגעשפּראָצט פּראָבלעמען פאַר די אידישע אַרבייטער, וועגען וועלכע מיר האָבען גערעדט אין אָנפאַנג פון דעם אַרטיקעל.

אמת, די אידישע אַרבייטער, וועלכע האָבען געבויט די יוניאָנס, געליטען פאַר זיי, זיינען געווען גליקליך, וואָס ענדליך זיינען „זייערע" יוניאָנס געוואָרען גרויס און מעכטיג. זיי זיינען געווען גליקליך וואָס דער ענין „יוניאָניזם" האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אימיגראַנטישער פּראָדוקט, און וואָס אַמעריקאַנער מענער און פרויען זיינען געוואָרען זייערע שאַפּ־ברידער און מיטגלידער פון דער יוניאָן, וועלכע עס האָבען אויפגעבויט דורך בלוט און שווייס.

אָבער די דאָזיגע געפילען האָבען זיי בלויז באַהערשט אין די „האָניג חדשים" פון דער נ. ר. א. און דעם וואַגנער אַקט. און ווען דער גלאַנץ פון יום־טוב'דיגע טעג האָט זיך אָפּגעטאָן, האָבען זיי זיך באַגעגענט מיט דער קאַלטער ווירקליכקייט. זיי האָבען זיך באַגעגענט מיט אַ פאַרשאַרפטער אוט־אָוו־טאַון פּראָבלעם; זיי זיינען געקומען פּנים אל פּנים מיט פאָלגענדען פיינליכען צושטאַנד: זיי זיינען ניט מער געווען דאָס אויבערשטע פון שטייסעל אין דער יוניאָן: ווי מיר האָבען פריער אָנגעוויזען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען פילען, אַז זייערע יוניאָן־באַאַמטע פאַנגען זיך אָן מער צו רעכענען מיט די ניי־אַריינגעקומענע עלעמענטען, און אַז זיי, די פּיאָנערען ווערען אַוועקגעשטופּט אין הינטערגרונט. זיי זיינען דעריבער באַהערשט געוואָרען פון צוויי סענטימענטען: פון פרייד וואָס זייער יוניאָן איז גרויס, און פון אומעט, ווייל זיי ווערען אַ מינאָריטעט.

## ען־אַי־עי ברענגט פּראָבלעמען

דער צושטראָם פון הונדערטע טויזענטע נייע מיטגלידער האָט געווירקט, אַז דער גאַנצער אינהאַלט, דער גאַנצער געבוי, דער כאַראַקטער, אנשויאונגען און די פּסיכאָלאָגיע פון די יוניאָנס זאָלען זיך ראַדיקאַל ענדערען. די אַלטע קלאָוקמאַכער און שניידער האָבען אָנגעפאַנגען קוקען מיט קריטישע און מיסטרויאישע אויגען, און מיט אַ געפיהל פון קאָנקורענץ אויף די ניי־צוגעקומענע, וועלכע זיינען געווען אָהן טרייד יוניאָן־טראַדיציעס, אָהן וועלכע ניט איז נשמה'דיגע פאַרבינדונגען מיט אַרבייטער־אידעאַלען. און ביי פילע קלאָוקמאַכער, וועלכע האָבען דורכגע־מאַכט דעם היסטאָרישען סטרייק, און ביי פילע שניידער, וועלכע האָבען דורכגעווייטיגט דעם העראָאישען סטרייק, זיינען אין זין געקומען אַזעלכע ווערטער: אָט פאַר „זיי", האָבען מיר דאָס די יוניאָן געבויט, אָט פאַר די אַמעריקאַנער יענקיס, וועלכע זיינען צו אונז אַזוי פלוצלונג געקומען, האָבען מיר דאָס אַזוי געליטען!

מען דאַרף דאָ אונטערשטרייכען, אַז ווען ניט דער געפיל פון קאָנקורענץ, פון מורא, פון פאַמעליכדיגער אַרויסשטויסונג, וואָלטען די אידישע קלאָוקמאַכער און שניידער ניט באַהערשט געוואָרען פון אַזעלכע שטומינגען, ווייל עס איז דאָך אימער געווען זייער טרוים צו צו זען זייערע יוניאָן־אָרגאַניזאַציעס מעכטיג און צעשפּרייט פון דעם אַטלאַנטיק ביז'ן פּאַסיפיק.

אָבער די פאַקטען פון לעבען, די קאַלטע ווירקליכקייט, האָט געפירט צו דעם, אַז אונזערע אידישע אַרבייטער זאָלען אַזוי פילען און אַזוי טראַכטען.

## „אוט אָון טאַון"

ביי די מיטינגען פון אידישע אַרבייטער, האָט מען אָנגעפאַנגען הערען אַלץ מער און מער טענות אויף אוט־אָוו־טאַון; אַז די באָנדלאַך קייקלען זיך ערגיץ אַנדערשוואו, אַז די פּירער פאַרנאַכלעסיגען די ניו יאָרקער סיטואַציע און אַז די סעזאָנען ווערען אַלץ קירצער און קירצער.

און נאָך אַ פּראָבלעם איז אונטערגעוואַקסען, און דאָס איז וואָס איטאַליענישע אַרבייטער האָבען אָנגעפאַנגען אַריינדרינגען אין דער יוניאָן, און נאָך זיי זיינען אַריינגעקומען אַ סך אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו באַהויפּטען, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין איין נאַציאָנאַלע גרופּע, וועלכע איז ניט פאַרטראָטען אין אונזערע נאָדעל־טרייד יוניאָנס. אין די קלע־נערע שטעטלאַך זיינען איצט די נאָדעל־אַרבייטער, מיינסטענס פון אַמעריקאַניש פּראָטעסטאַנ־טישען אָפּשטאַם.

(בכלל איז די קליידער אינדוסטריע דורכגעגאַנגען עטליכע גלגולים. אין די 70ער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט האָבען די אירלענדער אַרויסגעשטופּט די דייטשען און שוועדען, און שפּע־טער האָבען זייער אָרט פאַרנומען די אידען, פּאָליאַקען און איטעליענער. אָבער מיינסטענס־טייל איז די קליידער אינדוסטריע, אין אָנפאַנג פון דעם 20־טען יאָרהונדערט געלעגען אין די הענט פון דייטש־אידישע באַלעבאַטים, און די אַרבייטער זיינען מיינסטענסטייל געווען אידען).

אָבער לאָמיר זיך צוריקקערען צו אונזער פריערדיגער באַמערקונגען, אַז אין די קלענערע שטעטלאַך זיינען איצט די נאָדעל־אַרבייטער מיינסטענס פון אַמעריקאַניש־פּראָטעסטאַנטישען אָפּשטאַם.

## קאָלירפולע פאַרזאַמלונגען

עס איז אַ גאַנץ נאַטירליך בילד צו זען, אַז צו אַ יוניאָן־מיטינג ערגיץ אין דער סאַוטה אָדער וועסט, אָדער אַרום די דערבייאיגע שטעטלאַך פון ניו יאָרק זאָלען קומען מיידלאַך מיט צלמים אָדער מענער־אַרבייטער מיט אַ ביבעל אין דער קעשענע . עס איז אויך אַ נאַטירליכע ערשיינונג, אַז ווען אַ נאָדעל טרייד יוניאָן אַראַנזשירט אַ פאַרוויילונג אָדער געזעלשאַפטליכען צוזאַמענ־קונפט, קומען די אַרבייטער מיט זייערע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען און מען זעט פאַר זיך אַ צו־זאַמעניש פון אַלערליי קולטורען און מנהגים. פילע פון זיי זיינען פון צווייטען אָדער דריטען דור־אָפּשטאַם. ביי אַזעלכע צוזאַמענקונפטען קען מען הערען מאַונטעניר סאָנגס, האַוואַאישע טאַנגאָס, אונגאַרישע ראַפּסײדיס, איטאַליענישע, פוילישע־אידישע לידער.

און דאָס איז ניט בלויז אין דער פּראָווינץ, דאָס זעלביגע איז אויך אין ניו יאָרק. מען קען ציילען אויף די פינגער די לאָקאַלס, וועלכע פירן זייערע מיטינגען אויף אידיש, און וואו מען שרייבט די פּראָטאָקאָלען אויף אידיש. די יוניאָנס און זייערע בילדונגס־דעפּאַרטמענטס פירען איצט אָן מיט אַ מעכטיגען אַפּאַראַט פון אויפקלערונג אויף דער ענגלישער שפּראַך. דאָס ווערט געטאָן, כדי צו פאַראייניגען אַלע נאַציאָנאַליטעטען אונטער איין יוניאָן באַנער. די יוניאָן פאַרשטייט, אַז זי קען זיך מער ניט ווידמען איין שפּראַך און איין אויסלענדישער נאַציאָנאַלער קולטור.

## פעלקער־פאַרברידערונג

דער פאַקט איז, אַז ווען מוסאָליני האָט אָנגעפאַנגען העצען די איטאַליענער געגען די אידען, האָבען די היגע איטאַליענישע אַרבייטער־פירער און מיטגלידער, אין שאַרפע ווערטער פאַרדאַמט דעם „דוטשי", אָנווייזענדיג דערביי, אַז זיי לעבען זיך זעהר פרידליך און ברידערליך מיט די אידישע אַרבייטער אין די שעפּער, און אַז זיי האָבען קיינע פאָראורטיילען געגען זיי.

די אויפקלערונגס־טעטיגקייט האָט נאָך אַ וויכטיגען ציל, און דאָס איז צו פאַרשפּרייטען טאָלעראַנץ צווישען די אַרבייטער און אויסצואוואָרצלען ראַסען־פאָראורטיילען, און באַקעמפען דעם סם וואָס די פאַשיסטישע אַגענטען זוכען צו פאַרשפּרייטען צווישען די אַרבייטער אין אַמעריקע. אַזוי צ. ב., ווען מוסאָליני איז אַרויסגעקומען מיט זיינע גזירות געגען די אידען, האָבען די ניו יאָרקער בילדונגס־אָפּטיילונגען אין די איטאַליענישע לאָקאַלס, פאַרשטאַרקט זייער אויפקלערונגס קאַמפּיין צווישען די אַרבייטער.

די דאָזיגע דעפּאַרטמענטס פירען אויך אָן מיט פילע קולטור־טעטיגקייטען כדי צו פאַר־ברידערען אַלע אַרבייטער.

מיר האָבען פריער באַמערקט, אַז די פאַרשיידענע עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענטס זוכען צו פאַראייניגען אַלע נאַציאָנאַלע עלעמענטען דורך אָנפירען אַ העפטיגע קולטור־טעטיגקייט אויף דער ענגלישער שפּראַך. מען מוז אָבער פאַרשטיין, אַז דאָס טוט זיך ניט אַזוי שנעל ווי עס רעדט זיך. מען קען ניט אַזוי שנעל איבעראַנדערשען דאָס לעבען פון מענשען, וועלכע זיינען פאַרוואָנדעלט אין זייער קולטור און אין זייערע אייגנאַרטיגע זיטען. איז עס דעריבער נאַ־טירליך, וואָס צ. ב. די אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן ערלויבט די עק־זיסטענץ פון שפּראַך לאָקאַלס. איין דריטעל פּראָצענט פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער אינטערנעשאָנאַל איז איטאַליעניש, און זיי האָבען דריי מעכטיגע שפּראַך־לאָקאַלס, וועלכע זיינען לאָקאַל 89, לאָקאַל 48, און אַ גרויסען לאָקאַל אין באָסטאָן. די מיינסטע איטאַליענער געפינען זיך אין ניו יאָרק, און אַ דריטעל איז צעוואָרפען איבער'ן לאַנד. פאַראַן אַרום 100 טויזענט איטאַליענער איבער'ן לאַנד.

אָדער נעמט צום ביישפּיל די ניו יאָרקער דרעס אינדוסטריע. אַרום 51 פּראָצענט פון די דרעסמאַכער זיינען איטאַליענער, און די אידען זיינען ניט מער ווי 32 פּראָצענט, די נעגערס זיינען 5 פּראָצענט, די שפּאַניער צוויי און אַ האַלב פּראָצענט, און די אַמעריקאַניש־געבוירענע איינס און אַ האַלב פּראָצענט, און די איבעריגע נאַציאָנאַליטעטען אַרום 40 אין צאָל, וועלכע שטעלען מיט זיך פאָר אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען אין דער וועלט, שטעלען צוזאַמען 8 פּראָצענט.

אין דעם ניו יאָרקער דרעסמאַכער לאָקאַל 22, וועלכער איז באַוואוסט אַלס דער „אַרבייטער ליג אָוו ניישאָנס", איז די ראַסען־איינטיילונג ווי פאָלגט:

אידען, 20,657 מיטגלידער — 70.5 פּראָצענט,  
נעגערס, 2,784 מיטגלידער — 9.5 פּראָצענט.  
שפּאַניש־ריידענדע, 1,904 מיטגלידער — 6.5 פּראָצענט.  
אַמעריקאַנער, 1,084 מיטגלידער — 3.7 פּראָצענט.  
אין די אַנדערע 43 נאַציאָנאַלע גרופּען, 2,871 מיטגלידער — 9.8 פּראָצענט.

עס איז וויכטיג צו באַמערקען, אַז אין דעם לאָקאַל שפּילען די נעגערס אַ וויכטיגע ראָלע. פאַראַן דאָרטען נעגער־אָרגאַנייזערט און שאָפּ־טשערלייט.

## אַלע שפּראַכען אַנערקענט

אין סאַן פראַנציסקאָ זיינען די גרעסטע גרופּע צווישען די דרעסמאַכער — די שפּאַניש־מעקסיקאַנער (27.2 פּראָצענט); דאַן קומען די אַמעריקאַנער־געבוירענע (24.8 פּראָצענט), בעת די איטאַליענער זיינען בלויז 20.2 פּראָצענט, די רוסען 17.4 פּראָצענט, און די אידען ניט מער ווי 10.4 פּראָצענט. די דאָזיגע ציפערען זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען פון ל. טעפער, וועלכער איז פאַרבונדען מיט'ן ריסוירטש דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל. מר. טעפער ערקלערט אויך, אַז די אינטערנעשאָנאַל האָט געוויסע באַשטימטע נאַציאָנאַלע צענ־טערען. אין קאַנאַדאַ, צ. ב., געפינען זיך 3000 אַרבייטער פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג; אין מינעאַפּאָליס געפינט זיך דער צענטער פון סקאַנדינאַווישע אַרבייטער, אין דער סאָוטה־וועסט געפינען מיר צווישען די אַרבייטער מעקסיקאַנער און אינדיאַנער, און אין סאַן פראַנציסקאָ איז פאַראַן אַ לאָקאַל פון אויסשליסליך כינעזישע אַרבייטער. זיי האָבען ניט לאַנג צוריק דורכגעפירט זייער ערשטען סטרייק.

רעדענדיג וועגן דער אינטערנעשאָנאַל איז אויך וויכטיג זיך אָפּצושטעלן, אַז זי גיט אירע נאַציאָנאַליטעטן אַזויפיל אויטאָנאָמיע, אַז עס ווערן זאָגאַר אַרויסגעגעבן שפּראַך־זשורנאַלען. די הויפּט צייטונגען זיינען: „דזשאָסטיס", מיט אַ צירקולאַציע פון 120 טויזענט, „גערעכטיגקייט" מיט 33 טויזענט לעזער, „דזשוסטיציא" (די צייטונג פאַר די איטאַליענער), מיט 35 טויזענט טיראַזש, און „כוסטיציא" (די שפּאַנישע אויסגאַבע) מיט 8 טויזענט לעזער.

### ניו יאָרק און אַנדערע שטעט

אין דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן, וואַרפט זיך די זעלביגע סיטואַציע אין די אויגען. פאַראַן אַ רייע צענטערען איבער'ן לאַנד, וואו די מערהייט פון מיטגלידער זיינען קריסטען, צווישען זיי קענען אַריינגערעכענט ווערען אַזעלכע שטעט ווי פילאַדעלפיע, ראָטשעסטער און קליוולאַנד. אויך אין דער אַמאַלגאַמעיטעד זיינען פאַראַן געציילטע לאָקאַלס, וועלכע נוצען די אידישע שפּראַך. אגב, עס קען געזאָגט ווערען, אַז אין ניו יאָרק איז די מאַיאָריטעט פון די שניידער נאָך אַלץ אידען. אַלס באַווייז אַז דער אידיש־שפּרעכענדער עלעמענט אין דער אַמאַלגאַמעיטעד איבער'ן לאַנד האַלט זיך ביים פאַרקלענערען, קען דינען דער פאַקט, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן דעם זשורנאַל „פאָרטשריט".

וועגן דער העט קעפּ און מילינערי יוניאָן קען מען פאָלגענדעס נאָטירען: די יוניאָן האָט 40 טויזענט מיטגלידער, און איבער 50 פּראָצענט פון די מיטגלידער, וועלכע שליסט איין די העט אינדוסטריע, מילינערי און קעפּ לאַין, זיינען געבוירען געוואָרען אין אַמעריקע. וואָס אנבאַלאַנגט דער ראַסען־איינטיילונגען פון די מיטגלידער, איז די לאַגע אַזוי:

אידען 45 פּראָצענט; איטאַליענער 15 פּראָצענט; איריש 10 פּראָצענט; דייטש 5 פּראָצענט; סלאָוואַקען 5 פּראָצענט; פראַנצויזען און פראַנצויזען־קאַנאַדער 4 פּראָצענט; שפּאַנישע 4 פּראָצענט; נעגער 2 פּראָצענט; מעקסיקאַנער 2 פּראָצענט; בריטיש־קאַנאַדער, סקאַנדינאַווען און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען 8 פּראָצענט.

נאָך אַ פאַקטאָר וואָס ווירקט צו דער פאַרקלענערונג פון דעם אידישען אַרבייטער אין די נאָדעל־טריידס איז דאָס, וואָס דער יונגער דור פון די אידישע אַרבייטער קוקט מיט ווידערווילען אויף שניידעריי. דאָס רוב אידישער בחור וויל אַ פּראָפעסיע, אַ „ווייסען־קאָלנער" דזשאַב. אין דער זעלבער צייט אָבער, שיקען די איטאַליענישע אָדער שפּאַנישע עלטערען זייערע קינדער אין די שעפּער. אָפט מאָל קען מען זען זייט ביי זייט אין שאַפּ טאַטע און זון.

כאָטש דאָס איז ניט אין די ראַמען פון אונזער טעמע, האַלט איך, אַז עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז ווערענד די צאָל פון אידישע אַרבייטער אין די נאָדעל־טריידס האַלט זיך אין פאַרקלענערען און זייער פּלאַץ ווערט פאַרנומען פון אַנדערע אימיגראַנטען גרופּעס, בלייבט, (ווי עס באַמערקט דר. פראַנק, אין אַן אַרטיקעל אין דער צוקונפט פון סעפּטעמבער 1938) „די אונטערנעמערשאַפט אין דער שניידער אינדוסטריע, ספּעציעל אין ניו יאָרק, אין אידישע הענט". בלויז צווישען די קאָנטראַקטאָרס מערקט זיך אַ פאַרמערונג פון איטאַליענער.

אין אַן אונטערזוכונג וואָס פּראָפעסאָר מאָריס קאַהאַן האָט ניט לאַנג צוריק דורכגעפירט אין נאָמען פון דער „קאָנפערענץ אַן דזשואיש רילעישאָנס", איז באַוויזען געוואָרען, אַז פון 10.360 אונטערנעמער אין דער נאָדעל־אינדוסטריע, אַריינגערעכענט מילינערי, זיינען 87 פּראָצענט אידען, און אַז אויך אין דער פּאָר אינדוסטריע איז 94.3 פּראָצענט אין אידישע הענט. וואָס אַנבאַלאַנגט די פאָר אַרבייטער, קען געזאָגט ווערען, אַז 80.7 פּראָצענט פון זיי זיינען אידען.

### יונגע דורות

און מען דאַרף ניט מיינען, אַז בלויז אין די נאָדעל־אינדוסטריען זעט זיך בלויז די פאַרקלענערונגס־ערשיינונג פון די אידישע אַרבייטער. ענליכע סיטואַציעס מערקען זיך אויך אין אַנדערע אינדוסטריען, ווי צום ביישפּיל אין דער וועבער אינדוסטריע, בלויז איין פּעטערסאָן ליגט נאָך אין אידישע הענט.

מיר האָבען דאָ געשילדערט סיטואַציעס, ווי זיי זיינען; קאָמענטאַרען מאַכען מיר ניט. וויכטיג איז הויפּטזעכליך געווען פעסטצושטעלען די לאַגע ווי זי איז.

דערביי, פאַרשטייט זיך, דאַרף מען אונטערשטרייכען, אַז אין אַ גרופּע אינדוסטריען, וואו אידישע אַרבייטער זיינען קיינמאָל ניט געווען באַשעפטיגט, האַלט די צאָל אידישע אַרבייטער אין איין שטייגען. דאָס זיינען היגע געבוירענע אידישע אַרבייטער, די יונגע אַמעריקאַנער אידישע דורות — פון צווייטען און דריטען דור אַמעריקאַנער אידען.

# אידישע אַרבייטער אין די בוי־פאַכען

**אַ קאַפּיטעל קאַמף געגען אַ „טרייד־יוניאָניסטישען אַנטיסעמיטיזם"**

פון מאַקס גאָפּט

אין די היינטיגע צייטען פון אַנטיסעמיטיזם קען זיך אויסדוכטען, אַז אין די אַמאָליגע צייטען פון אַ 25־30 יאָר צוריק איז אַלץ צוגעגאַנגען לייכט און גלאַט, און אַז די אידישע אַרבייטער האָבען ניט געהאַט קיין שוועריגקייטען צו דעראָבערען די פּאָזיציעס, אויף וועלכע זיי געפינען זיך היינט צו טאָג.

דער אמת איז, אַז אפילו מיט 30 יאָר צוריק, ווען עס איז ניט געווען קיין היטלעריזם צו ליפערען גיפטיגע פּראָפּאַגאַנדע, איז דער עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם אויך געווען שטאַרק פאַרשפרייט, און עס איז געווען באמת אַ הערא־אישע אַרבייט פאַר אידישע אַרבייטער אין יענער צייט איינצובירגערען זיך אין געוויסע פאַכען, וואָס זיינען געווען איבערפילט מיט קריסטליכע שכנים.

דאָס איז געווען די לאַגע אין דער בוי־אינדוסטריע, און אידישע אַרבייטער האָבען געמוזט דאָרטען אויסקעמפען זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס מיט גרויס שוועריגקייט. די אידישע פּיינטערס, קאַרפּענטערס, פּלעסטערערס, בריקלייערס און די אַנדערע בעל־מלאכות אין דעם בוי־פאַך האָבען צו דערציילען פון אונגעהויערע שוועריגקייטען ניט נאָר צו האָבען אַ דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יוניאָן, נאָר פשוט צו קענען קריגען אַ טאָג אַרבייט.

## פּיינטערס, קאַרפּענטערס און אַנדערע

זיי האָבען געמוזט קעמפען פאַר זייער רעכט מיט דער הילף פון אָרגאַניזירען זיך אין „קלאָבס", דורך באַנוצען זיך מיט פּאָליטישען איינפלוס, דורך פאָרברייננגען זייערע קריוודעס אין די העכערע ספערען פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער, און אָפט אפילו דורך געשלעג אויפ'ן דזשאַב און ביי אַרבייטער־פאַרזאַמלונגען.

אין יעדען פאַך פון דער בילדינג־אינדוסטריע איז פון צייט צו צייט געגרינדעט געוואָרען אַ יוניאָן פון אידישע אימיגראַנטען, כדי זייערע אינטערעסען זאָלען באַשיצט ווערען. די דאָזיגע יוניאָנס זיינען געגרינדעט געוואָרען ניט אַלס דואַל־קערפּערשאַפטען, אין אָפּאָזיציע צו די עקזיסטירענדע יוניאָנס; זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען כדי צו צווינגען די אָנערקענטע יוניאָנס אַריינצונעמען זיי אין זייערע רייען, כדי צו קריגען אַ געלעגענהייט צו אַרבייטען, כדי צו באַטראַכט ווערען אַלס גלייכע אין די פאַכען פון וועלכע זיי דאַרפען מאַכען אַ לעבען.

די יוניאָנס אין דעם בוי־פאַך, אַדאַנק דער וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער אינדוסטריע אין דעם לעבען פון לאַנד, זיינען געווען זעהר שטאַרק אָרגאַניזירט. שוין אַזוי לאַנג ווי אין יאָר 1898, האָבען פילע פון זיי דעראָבערט דעם 8־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג. די שכירות, מיט ווייניגע אויסנאַמען, זיינען געווען די העכסטע, און דער „קלאָוזד שאַפּ" איז געווען איינע פון די קאַרדינאַלסטע פּונקטען אין זייערע אַגרימענטס.

זייערע מיטגלידער, וואָס זיינען באַשטאַנען פון כמעט אַלע נאַציאָנאַליטעטען, זיינען אָבער געווען באַהערשט פון דעם איריש־דייטשיש יענקישען עלעמענט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גרויס ליבשאַפט צו אידען, און, איבערהויפּט, צו די אַריבערגעקומענע אידען; האָט דער אידישער אַרבייטער געהאַט צרות אַפילו ווען ער איז שוין געווען אַ יוניאָן־מאַן. גאַנץ אָפט האָבען די קריסטליכע אַרבייטער ניט געוואָלט אַרבייטען מיט דעם אידען; עס איז אפילו געקומען צו סטרייקס געגען די אידישע אַרבייטער; און נאָר יענער אידישער אַרבייטער, וואָס האָט פאַרמאָגט דעם קוראַזש, דעם פיזישען כח, און באַהערשט די ענגלישע שפּראַך, האָט גובר געווען די פיינדליכע סביבה. אַלע אַנדערע האָבען געמוזט זיך באַנוגענען מיט די קלענערע דזשאַבס, וואָס די יוניאָן האָט ניט קאָנטראָלירט, אָדער מ'איז געצוואונגען צו ווערען אַ „באַלעבאָס" פאַר זיך. מ'האָט אידען אַריינגעשטויסען אין אַ ניט־געזונטער עקאָנאָמישער לאַגע, און דאָס איז דאָך ניט געווען צום ערשטען מאָל אין דער אידישער געשיכטע.

צום גליק פאַר די אידישע אימיגראַנטען־אַרבייטער פון בוי־פאַך, האָבען די יוניאָנס זיך קאָנצענטרירט נאָר אויף די נייע געביידעס. די אַרבייט אויף די באַוואוינטע הייזער האָבען זיי

### שווער געווען צו קריגן אַרבייט

ניט גענומען אין אַכט. צי דאָס איז דערפאַר, ווייל כדי צו קאָנטראָלירען די אַלטע אַרבייט פאָדערען זיך גרויסע כחות, אַ סך אָנשטרענגונג, איז שווער פעסטצושטעלען. עס איז יעדענפאַלס אַ פאַקט, דאָס קיין איינע פון די בוי־פאַך יוניאָנס, האָט מיט 25־30 יאָר צוריק ניט געמאַכט קיין פּרואוו צו אָרגאַניזירען די אַרבייט אין די באַוואוינטע הייזער, און דאָס איז געווען אַ גליק פאַר די אַריבערגעקומענע אידישע אימיגראַנטען פון יענער צייט. אידען האָבען דורך דעם געקראָגען אַ פעלד פאַר זיך, אַ ניט־געשטערטען עקאָנאָמישען מאַרק.

נאָך אין דער אַלטער היים זיינען געווען אַ גרויסע צאָל אידישע סטאָליערס, מוליאַרעס, פאַרבערס און בלעכער, וואָס זיינען געווען אויסגעצייכענטע אַרבייטער אין זייער פאַך, און קומענדיג קיין אַמעריקע, זיינען זיי געווען פאַרטיגע אַרבייטער. זיי האָבען בלויז געדאַרפט זיך צוגעוואוינען צו די נייע מעטאָדען פון אַרבייט, וואָס דאָס האָט ניט לאַנג גענומען. די היימישע שליאָסערס זיינען געוואָרען אייזען־אַרבייטער, די בוך־בינדער זיינען אין גרויסע צאָלען געוואָרען פּייפּער־הענגערס. עס איז ניט געווען קיין איין פאַך אין דער בוי־אינדוסטריע, וואָס זאָל ניט האָבען געהאַט דורך דעם אַ גרויסע צאָל אידישע אַרבייטער. אויסער דעם, זיינען אין אַזעלכע פאַכען ווי „פּיינטינג" און עלעקטרישע אַרבייט, אַריינגעקומען אַ גרויסע צאָל אינטעליגענטען, וואָס האָבען זיך גענומען צו אָט די פאַכען, צוליב דער לייכטקייט פון אויסלערנען זיך די דאָזיגע מלאכות אויבערפלעכליך, אין אַ קורצע צייט. אָט פאַר די אַרבייטער איז אין זייערע ערשטע אימיגראַנטען־יאָרען אַ צאָל בוי־פאַכען געוואָרען אַ פעלד פאַר אַרבייט. אמת, די עקספּלואַטאַציע האָט דאָרטען געהערשט; ס'האָט אָבער געגעבען דעם אימיגראַנט די ערשטע געלעגענהייט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם און מער אָדער ווייניגער איינצואָרדענען זיך, ניט ווערענדיג געשטערט פון יוניאָן פאָרשטייער, ווי עס איז געווען דער פאַל ביי אַלע בוי־זאַכען אַרום די נייע געביידעס. אין דעם ערשטען צענדליג יאָר פון היינטיגען יאָרהונדערט איז געווען אַ גרויסע אויפלעבונג אין דעם בוי־פאַך. גאַנצע געגענדען זיינען אויפגעבויט געוואָרען. עס איז געווען די צייט ווען בראָנזוויל האָט אָנגעהויבען ווערען אַ „אידישע מדינה", ווען הארלעם האָט אָנגעהויבען ווערען אַ רעזידענץ־געגענד פון גרויסע מאַסען, ווען אין די בראָנקס האָבען זיך אָנגעפאַנגען פאַרבויען צענדליגע סקווערען. אַלע טיילען פון ניו יאָרק האָבען געפיבערט מיט נייע, און ביז דאַמאָלסט אומבאַקאַנטע טעטיגקייטען אין דער בוי־אינדוסטריע. אַ סך אידען, וואָס זיינען ביז דאַמאָלסט געווען ווייניג וואָס פאַרטראָטען אין אָט דער גרויסער קאָמערציעלער אונטערנעמונג, זיינען געוואָרען די בוי־מייסטערס און דער דאָמינירענדער פאַקטאָר אין דער נייער אונטערנעמונג. די מאָטיווען זיינען געווען סיי ספּעקולאַטיווע סיי אַזעלכע, וואָס זיינען אַרויסגעוואקסען פון די נויטען פון דער באַפעלקערונג. עס פלעגען דעמאָלט אָנקומען אַרום אַ מיליאָן אימיגראַנטען אַ יאָר אין די פאַראייניגטע שטאַטען, און ניו יאָרק האָט געקראָגען נאָך מער ווי עס איז אויסגעקומען לויט איר פּראָפּאָרציע. עס איז דעריבער געווען פאַרשטענדליך, אַז ביי אידישע אונטערנעמער זאָלען זיין באַשעפטיגט אידישע אַרבייטער, ערשטענס, צוליב דעם, ווייל די אידישע „בילדערס" זיינען נאָך געווען טיילווייז „גרין", און זיי האָבען זיך געפילט באַקוועמער דורכצוקומען מיט די אידישע אַרבייטער — עס איז נאָך דאַמאָלט ניט געווען „אין דער מאָדע", אַז אידישע באַלעבאַטים זאָלען ניט וועלען באַשעפטיגען אידישע אַרבייטער — און, צווייטענס, טאַקע ווייל די אידישע אַרבייטער האָבען געאַרבייט פאַר ביליגערע שכירות. דערפון האָט זיך געשאַפען אַ גאַנצע אינדוסטריע פון עטליכע און פערציג פאַכען, וואָס אין זייער גרויסער מערהייט האָבען זיך באַשעפטיגט אידישע אַרבייטער, און עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ קאַמף צווישען זיי און די ניט־אידישע אַרבייטער. ניט זייענדיג אָרגאַניזירט, האָבען די באַלעבאַטים, נאַטירליך, עקספּלואַטירט די אַרבייטער אויפ'ן גרויסען שטייגער, אָבער די אידישע אימיגראַנטען־אַרבייטער, וועלכע זיינען אין זייער גרויסער מערהייט געווען קלאַסען־באַוואוסטזיניג נאָך פון דער אַלטער היים, און זעהענדיג דעם דערפאָלג פון די אַמעריקאַנער יוניאָנס, וועמענס מיטגלידער האָבען געהאַט פיל בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען, האָבען אָנגעהויבען קלאַפּען אין די טירען פון די יוניאָנס, פאַרלאַנגענדיג, דאָס מען זאָל זיי אָרגאַניזירען. זיי האָבען אַ צייט־לאַנג זיך אָנגעשטויסען אין אַן אייזערנער וואַנט.

### ווען ניו יאָרק האָט זיך געבויט

די לאָקאַלע יוניאָנס זיינען דאַמאָלסט געווען אונטער דער פירערשאַפט פון מענשען, וועלכע האָבען געהאַט אַן ענגען באַגריף פון אַרבייטער־סאָלידאַריטעט; האָבענדיג פולשטענדיגע לאָקאַלע אויטאָנאָמיע, האָבען זיך די לאָקאַלע פירער ווייניג וואָס צוגעהערט, צו די נאַציאָנאַלע באַאַמטע, און האָבען געמאַכט אַלערליי שוועריגקייטען ביים אַריינעמען נייע מיטגלידער. די קלענסטע פּרייז אַריינטריט־געלט איז געווען 25 דאָלאַר. אין אַ טייל יוניאָנס איז דער פּרייז געווען אַזוי הויך ווי 100 דאָלאַר און נאָך מער. אַזאַ סומע איז געווען אַ קאָלאָסאַלע אין יענע יאָרען, אָבער אפילו איינצאָלענדיג אַזאַ סומע, איז נאָך ווייט ניט געווען זיכער אַז „מען וועט דורכגיין דעם עקזאַמינאַציאָן". עס איז געווען אַ מעשה בכל יום — אַ בעל מלאכה, באַוואוסט אַלס קינסטלער אין זיין פאַך, מיט אַ סטאַזש פון 10־15 יאָר אַלס גוטער אַרבייטער, זאָל דורכפאַלען ביים פאַך־עקזאַמען.

ווען עס איז אַזוי שווער געווען פאַר אַן איינצעלנעם מענשען אַריינצוקומען אין דער יוניאָן, איז עס פּאַקטיש געווען אוממעגליך צו רעדען וועגען אָרגאַניזירען טויזענטער אַרבייטער, אָדער, וואָס נאָך ערגער, געבען אַ טשאַרטער פאַר אַ באַזונדער לאָקאַל די אידישע אַרבייטער.

אין די אידישע אַרבייטער האָבען געפילט, אַז זיי זיינען באַרעכטיגט צו זיין אָרגאַניזירט, אַז זיי מוזען האָבען אַ באַזונדער לאָקאַל, וואו זיי וועלען קענען זיך אויסלעבען אין זייער שפּראַך, און ניט בלויז זיין צו שויער, ווי שטומע פיש, דעמאָלט, ווען עס ווילט זיך אַרויסשרייען דעם אומרעכט פאַר אַלעמען, זאָגען און אויסהערען אַ דערמוטיקענדען וואָרט, און ווערען אַ טייל פון אַן אָרגאַניזאַציע, נאָך וואָס מען האָט אַזוי געגאַרט און געהאָפט.

## ענגע באַגריפען

די עקאָנאָמישע פילאָזאָפיע פון דער אַמעריקאַן פעדערייִשאָן אָוו לייבאָר איז געווען געגען אימיגראַציע; פאַר יאָרען און יאָרען האָט די פעדערייִשאָן געשטיצט יענע פּאָליטיקער וואָס זיינען געווען געגען וועלכע ניט איז מאַסען־אימיגראַציע; האָבען אַ צאָל לאָקאַלע יוניאָן־פירער דאָס אויסגעטייטשט אויך געגען אימיגראַנטען אין די יוניאָנס, אַזוי איז דאָס, יעדענפאַלס געווען אין דער בוי־אינדוסטריע, און די אידישע אַרבייטער־אימיגראַנטען האָבען געמוזט קעמפען אַ דרייפאַכען קאַמף — אַלס אידען, אַלס אַרבייטער, אַלס אימיגראַנטען.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אין אַלע פאַכען פון דער בוי־אינדוסטריע האָבען זיך פאָרמירט נייע יוניאָנס, זייט ביי זייט מיט די עקזיסטירענדע א. פ. אָוו ל. יוניאָנס. יענע יוניאָנס, ווי אויבען דערמאָנט, זיינען ניט געווען קיין אָפּאָזיציע יוניאָנס, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט, ווען עס איז זיי געוואָרען אַ מעגליכקייט אַריינצוגיין אין דער אַלטער פאַך־יוניאָן, האָבען די אידישע אַרבייטער אַלעס אויפגעגעבען און זיינען געוואָרען געטרייע מיטגלידער אין דער לאַנג־עקזיסטירענדער יוניאָן.

די יוניאָנס, וועלכע מ'איז געווען געצוואונגען צו אָרגאַניזירען האָבען אפילו מיט זייערע נעמען דעמאָנסטרירט דעם כאַראַקטער און דעם צוועק פון זייער עקזיסטענץ. זיי האָבען זיך אַלע גערופען „אַלטערייִשאָן". — די אַלטערייִשאָן פּיינטערס יוניאָן, די אַלטערייִשאָן קאַרפּענטערס יוניאָן, די אַלטערייִשאָן מייסאָן און בריקלייערס יוניאָן, די אַלטערייִשאָן פּלאָמבערס יוניאָן און די אַלטערייִשאָן יוניאָן אָוו עלעקטריק וואָירקערס. זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו זוכען פאַראייניגונג אפילו דעמאָלט, ווען זיי האָבען אויסגעאיבט אַ גרויסען קאָנטראָל אויף דעם פאַך אין וועלכען זיי האָבען געאַרבייט; זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו זוכען אַריינצוגיין אין די אַלטע יוניאָנס צוזאַמען אָדער אפילו באַזונדער; זיי האָבען געקעמפט פאַר אָנערקענונג ביז וואַנען זיי האָבען עס געוואונען.

## אַן איינענעם עקאָנאָמישען מאַרק

דעם בעסטען ביישפּיל האָט באַוויזען די אַלטערייִשאָן פּיינטערס יוניאָן. נאָך שווערער מי איז איר געלונגען צו אָרגאַניזירען אַ 5־6 טויזענט פּיינטערס, וואָס האָבען געאַרבייט אין די באַוואוינטע הייזער. זייער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ מוסטערהאַפטע אין דעם זינען פון קאָנטראָל און אויפפירונג. זייער פירערשאַפט איז געווען אַ פּראָגרעסיוו־מיליטאַנטישע, מיט אַ פולשטענדיגען קאָנטראָל אויף די שעפער, מיט אַ גרויסען איינפלוס אויף די מיטגלידער, מיט אַ רעספּעקט פון די באַלעבאַטים. און אָט די יונגע קעמפענדיגע יוניאָן האָט געהאַט גוטע געלעגענהייטען אויסצושפּרייטען זיך אין אַלע ווינקלען פון דער גרויסער אַמעריקע. עטליכע געלונגענע פאַרזוכען זיינען טאַקע געמאַכט געוואָרען אין די אַרומיגע שטאַטען פון ניו יאָרק ווי פּענסילווייניא און ניו דזשוירזי; אָבער ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגענהייט צו פאַראייניגען זיך מיט דער אַלטער „בראָדערהוד אָף פּיינטערס", האָבען די מיטגלידער צוזאַמען מיט דער פירערשאַפט אַלץ אויפגעגעבען און אַריין אַלס אינדיווידועלע מיטגלידער אין דער בראָדערהוד, אָהן וועלכע עס איז באַדינגונגען און פּריווילעגיעס.

די מיטגלידער און די פירערשאַפט האָבען געפילט דאָס ווי באַלד דער צוועק איז דערגרייכט געוואָרען, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דואַל־יוניאָניזם.

אויף דעם זעלבען אופן האָבען שוין אויך געהאַנדעלט די אַנדערע „געצוואונגענע" יוניאָנס אין דעם אַלטערייִשאָן־פאַך. זיי זיינען אַלע אַריין אין די עקזיסטירענדע יוניאָנס כמעט אין דער זעלבער צייט, אין יאָר 1914, נאָך אַ קאַמף וואָס האָט געדויערט אַן ערך 7־8 יאָר.

די אַלע „געצוואונגענע" אַלטערייִשאָן־יוניאָנס פון דעם בוי־פאַך, וואָס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען צום לעבען טיילווייז פון אַן עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם, האָבען געהאַט דורכצומאַכען זעהר ביטערע קאַמפען פאַר בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען און פאַר דאָס רעכט צו עקזיסטירען און ווערען אַנערקענט. זיי האָבען געקראָגען די שטיצע פון דער עפענטליכער אַרבייטער מיינונג, איבערהויפּט, פון „פאָרווערטס", און עס וואָלט געווען אוממעגליך צו קריגען אָט די שטיצע און אָנערקענונג אָן דער אַקטיווער הילף פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון א. פ. אָוו לייבאָר יוניאָנס, האָט די געווערקשאַפטען פונדעסטוועגען געשטיצט מיט ראַט און טהאַט די אימיגראַנטען יוניאָנס פון בילדינג־פאַך. די געווערקשאַפטען האָט זיי אפילו אַריינגענומען אַלס מיטגלידער, און דורך איר אויטאָריטעט, גע־

מאַכט מעגליך צו קריגען פאַר זיי פריינדשאַפט אין דער פרעסע, און קריגען פאַר זיי קאָנפערענצען מיט די פאָרשטייער פון די לאָקאַלע בוי־פאַך־יוניאָנס און פון דער א. פ. אָוו ל.

נאָר אַ דאַנק דער אונערמידליכער אַרבייט פון די געווערקשאַפטען איז עס געלונגען צו אָפּשליסען אַן ערפאָלגרייכען קאַפּיטעל קאַמף געגען אַן עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם.

### געווערקשאַפט העלפט אויפברעכען דעם וועג

די געווערקשאַפטען האָט זיך ניט באַנוגענט מיט זיין שתדלנים און גוט־זאָגער פאַר די דעמאָלטדיגע אידישע אַרבייטער און דער בוי־אינדוסטריע. זי האָט זיך אַקטיוו באַטייליגט אין די שטורעמדיגע קאַמפען, וואָס די אַלטערריישאַן פיינטערס יוניאָן האָט אָנגעפירט. זייענדיג אַ אידישע „א. פ. אָוו ל״־אָרגאַניזאַציע. האָט זי פאַרשטאַנען די גרויסע געפאַר פון פאַרשווייגען דעם עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם, און האָט זיך אויפגעהויבען הויך איבער אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע צוימען.

מען מוז זייע גערעכט צו דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און צו די נאַציאָנאַלע יוניאָנס אין דער בוי־אינדוסטריע. זיי זיינען ניט געווען די שולדיגע אין דעם עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם. פיינדליכקייט צו די אימיגראַנטען איז געווען אויסשליסליך ביי די מיטגלידער און זייערע לאָקאַלע פירער, ס׳הייסט, אייגענטליך, ביי דער מאַסע. די נאַציאָנאַלע באַאַמטע זיינען נאָר געווען פאַסיוו, ניט אַנטשלאָסען אויף וועלכער ניט איז ענערגישער אַקציע אַנטקעגען דעם.

סיי־ווי, די אידישע אַרבייטער, די קינדער פון „עם קשה־עורף״, האָבען בייגעקומען די שוועריגקייטען.

### די אימיגראַנטען זינען

צוליב דעם וואָס אידישע באַלעבאַטים זיינען וואָס ווייטער אַלץ מער אַריינגעדרונגען אין די בוי־פאַכען, איז איצט די צאָל אידישע אַרבייטער גאַנץ באַדייטענד. און עס מערקט זיך ניט אַ וועלכע טענדענץ צו אַנטלויפען פון די טריידס, ווי מיר זעהען דאָס, למשל, פון צייט־צו־צייט אין די נידעל טריידס. גאַנץ אָפט קען מען זען אין אַלע פאַכען פון דער בוי־אינדוסטריע, פאָטערס מיט קינדער אַרבייטען אין איין און דעמזעלבען פאַך, און געהערען צו דער זעלבער יוניאָן. פיינטינג, קאַרפענטינג און עלעקטרישע אַרבייט געהט אפילו איבער בירושה פון עלטערען צו קינדער.

בוי־פאַכען האָבען פעריאָדישע סעזאָנען פון אַרבייט און אַרבייטסלאָזיגקייט. מיט דעם אויפשטייג פון דער אינדוסטריע אין די אַרבייטס־סעזאָנען, פאַרמערען זיך די אַרבייטער; און ווען עס פאָדערט זיך ניט אַן אויפקום פון נייע וואוינונגען, ווערט די צאָל פאַרקלענערט. עס איז אָבער איינע פון די ווייניגע גרונד־אינדוסטריען, וואו אידישע אונטערנעמער און אידישע אַרבייטער זיינען שטאַרק פאַרטראָטען.

דער עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם איז באַקעמפט געוואָרען דורך איין אומאויפהערליכער פאָדערונג פון די אידישע אַרבייטער צו די קריסטליכע, אַז זיי, די אידען, האָבען אַ רעכט אויף אַרבייטס־פּאָזיציעס, באַווייזענדיג דערביי, אַז זיי זיינען גרייט אָנצונעמען דעם אַמעריקאַנעם לעבענס־סטאַנדאַרד, און אַז ערשט זיי זיינען געטריי צו די פּרינציפּען און שטרעבונגען פון דער טרייד יוניאָן־באַוועגונג. דער קאַמף איז געוואונען געוואָרען דורך טאַקט, עקשנות׳דיגקייט און ווירדיגער האַלטונג.*

---

* דער שרייבער פון דעם אַרטיקעל איז געווען איינער פון די אָנפירער פון יענעם קאַמף. מיט אים אין אַ גרופּע, אָנצוהויבען אַזאַ באַוועגונג, זיינען געווען א. עיוועגס, א. דרויאַנאָוו, פיליפּ צאַוזנער, רפאל גינזבורג, מאַקס גינזבורג און ה. לאַנג.

# דער שאַפּ — דעם אַרבייטער׳ס וואָכעדיגע וועלט

## ווי ער איז אין לעבען און ווי די אידישע ליטעראַטור שילדערט אים

פון ז. שער

**דער שאַפּ אַמאָל**

דער שאַפּ — דאָס איז אַ שטיק אידיש לעבען דאָ אין לאַנד. אַ רייכער קאָלירפולער און ברויזענדער קאַפּיטעל געשיכטע פון אידישען אימיגראַנטען־לעבען אין אַמעריקע. דער שאַפּ האָט פאַרנומען און פאַרנעמט נאָך אויך איצט אַ באַדייטענדען — און אפשר דעם באַדייטענדסטען — אָרט אין אידישען אימיגראַנטען לעבען. וואָרום ווער פון די אידישע אימיגראַנטען און ווער פון אונזערע, סיי שוין געשטאָרבענע און סיי נאָך לעבעדיגע, סיי פון פריערדיגען און סיי פון איצטיגען דור — באַרימטע שרייבער, דאָקטוירים, לאָיערס, פירער און כלל־טוער, האָט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון שאַפּ און האָט אין זיין אימיגראַנטען לעבען ניט דורכגעמאַכט די שאַפּ פעריאָדע ? אַ סך האָבען זיך פון שאַפּ אַרויסגעריסען, האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט, זיינען אַרויפגעשטיגען אויף אַ העכערען שטאַפּעל פון סאָציאַלען לייטער. זיינען געוואָרען מאַנופעקטשורערס, ביזנעסלייט, לאָיערס, דאָקטוירים און באַרימטע מענשען. די גרעסטע צאָל אָבער איז געבליבען ביים שאַפּ. אַ סך, אַ סך, זיינען שוין טויט. זיי זיינען געפאַלען ביים מאַשין. אָבער די מערסטע לעבען נאָך, אַרבייטען נאָך, האָפען און קעמפען פאַר אַ בעסערער וועלט. מען קען מיט זיכערהייט זאָגען, אַז אַן איבערוועגענדע מאַיאָריטעט פון די אידישע אימיגראַנטען אין אַמעריקע האָבען, ווער מער און ווער ווייניגער, ווער קירצער און ווער לענגער, ווער צייטווייליג און ווער שטענדיג, געאַרבייט אין שאַפּ און דורכגעלעבט די אַלע צרות און פּרעניות פון שאַפּ, די שקלאַפעריי, עקספּלואַטאַציע און סוועטינג סיסטעם פון די אַמאָליגע יאָרען און די באַפרייאונג, די איינגעשטעלטע מענשליכע לעבענס־באַדינגונגען, אין די שפּעטערדיגע יאָרען.

דער שאַפּ פאַרנעמט אויך אַן אנגעזעהענעם פּלאַץ אין אונזער אידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור. ניטאָ קיין באַדייטענדער אידישער שרייבער, סיי פון די עלטערע, סיי פון די אינגערע, וואָס האָט ניט געשילדערט דעם שאַפּ און האָט ניט וועגען שאַפּ געשריבען. די ווערטער „שאַפּ", „סוועטער", „סוועט־שאַפּ", זיינען שוין געוואָרען ווי אייגען אין דער אידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

ביטער, שווער, זעהר שווער, איז געווען דער לעבען פון אידישען אַרבייטער אין די סוועטשעפּער. פרעמד, עלענד, פאַרלאָרען, צעשראָקען, אָהן אַ גואל און אָהן אַ באַשיצער, אַ פרעמדער אין אַ פרעמדער לאַנד און אָהן אַ שפּראַך, איז ער געווען אונטערוואָרפען אונטער אַלערליי אוממענשליכע אומשטענדען, איז ער געפאַלען אַ קרבן צו דער שרעקליכסטער און געוויסענלאָזער עקספּלואַטאַציע און שקלאַפעריי. די באַלעבאַטים האָבען מיט איהם געטאָן וואָס זיי האָבען געוואָלט און ס׳איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך פאַר אים אָננעמען. ער האָט געמוזט אַרבייטען אין די ערגסטע סוועט־שעפּער, אין פינסטערע לעכער און אונטער די ערגסטע אומשטענדען. און ווען מען פאַרגלייכט דעם אַמאָליגען סוועט־שאַפּ פון 50 און 40 יאָר צוריק מיט׳ן היינטיגען גרויסען, ליכטיגען, לופטיגען שאַפּ אין גאַרמענט סענטער, טראַכט מען פאַרגאַפט: וואָס פאַר אַ שפּרונג פאָראויס, וואָס פאַר אַ ריזיגען פאָרטשריט דער אידישער אימיגראַנטען־לעבען האָט געמאַכט אין אָט די 50 יאָר !

און דאָס איז אַלץ צו פאַרדאַנקען די אידישע יוניאָנס, וועלכע האָבען אַרויסגעפירט די אידישע אימיגראַנטען אַרבייטער פון סוועט שאַפּ גלות, זיי באַפרייט מעבדות לחירות. און בראש פון די אידישע יוניאָנס איז געשטאַנען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, די מאַמע פון די אידישע יוניאָנס. ווי אַ מאַמע האָט די געווערקשאַפטען געפּילעוועט, געהיט די אידישע יוניאָנס, זיי געהאָדעוועט, זיי דערצויגען און אויף זיי אַכטונג געגעבען, אַז זיי זאָלען חלילה אין דער קינדהייט ניט אומקומען, זיי זאָלען וואַקסען און געדייהען. אַ דאַנק די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען זיינען פיל יונגע צום לעבען געקומען, געוואָקסען שטאַרק געוואָרען, האָבען מאַכט און איינפלוס געקראָגען און זיינען געווען בכח אָפּצושאַפען די שוידערליכע סוועט־שאַפּ־סיסטעם, אַריינברייגגען מער ליכט, לופט און זונען־שיין אינ׳ם חושכ׳דיגען לעבען פון אידישען אימיגראַנט.

## וואו די שעפער זיינען געווען

די סוועט־שעפער מיט אַ יאָר 40־50 צוריק האָבען זיך געפונען אויף דער נידעריגער איסט סייד. פריער אין באַיאַרד סטריט, עליזאַבעט סטריט, מאָט סטריט, דאָרט, וואו עס איז איצט דער איטאַליענישער געגענד, און נאָכדעם אין מאָנראָ, טשערי, מעדיסאָן, פּיט, ריטש, אַטאָרני, מענדשאַן, קענאָן, דזשעקסאָן און אַנדערע איסט־סיידער סטריטען. די שעפער זיינען געווען אין אַלטע, אָפּגעלאָזענע טענעמענט־הייזער, אין אַ פּאָר פינסטערע, דושנע צימערלאַך, אָהן ליכט און אָהן לופט. מערסטענס זיינען די זאָגענאַנטע שעפער, מ׳שטיינס געזאָגט, געווען אין דער וואוינונג פון קאָנטראַקטאָר גופא.

מיר האָבען עדות פאַר דעם אין די שילדערונגען פון באַוואוסטע אידישע דיכטער און ערציילונגס־שרייבער און אין די עראינערונגען פון אידישע יוניאָן־פירער און עלטערע סאָציאַליסטען.

אָט ווי דער באַרימטער אידישער אַרבייטער־דיכטער, מאָריס ראָזענפעלד, וועלכער האָט אַליין פאַר יאָרען־לאַנג פאַרזוכט דעם טעם פון שקלאַפען אין אַ סוועט־שאַפּ, שילדערט אַזאַ שאַפּ:

קאָרנער ווײַ און עלענד שטייט אַן אַלטע הייזעל,
אונטען איז אַ שענקעל, אויבען איז אַ קלייזעל,
אונטען קומען לומפּען אויפטאָן נאָר נבלות,
אויבען קומען אידען קלאָגען אויף דעם גלות.

אָבער העכער, העכער, אויף דעם צווייטען גאָרען,
איז פאַראַן אַ צימער, ווײַ צו מיינע יאָרען.
זעלטען ווען געוואַשען, זעלטען ווען גערייניגט,
טונקעלקייט און בלאָטע זיינען דאָרט פאַראייניגט.

אָט אין דיזען מקום אַרבייטען אַך פלייסיג
און צופרידען, דאַכט זיך, ביי אַן ערך דרייסיג
אָפּגעצערטע מענער, אָפּגעצערטע ווייבער
מיט צעדריקטע גייסטער און פאַרוועלקטע לייבער.

(דער סוועט שאָפּ).

## דער דיכטער שילדערט זיי

דאָס ליד, וואָס מיר ברייגגען איז ניט דאָס אייגציגע ליד וואו דער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד שילדערט און באַקלאָגט דעם סוועט־שאָפּ. די שעפער האָבען זיך געפונען אין פינסטערע נאָרעס, זיינען געווען אמת׳ע קברים. די עקספּלואַטאַציע איז געווען גרויזאַם. מען האָט די אַרבייטער געטריבען ווי שקלאַפען. דער נאָמען סוועטינג־ (שוויץ) סיסטעם האָט זיך ריכטיג צוגעפּאַסט. ניט נאָר האָבען זיי געאַרבייט מיט׳ן שווייס פון זייער פנים, נאָר מיט׳ן בלוט פון זייער האַרץ. מען פלעגט פון זיי אויסזויגען דעם שווייס, מיט׳ן בלוט, מיט׳ן מאַרך פון די ביינער אינאיינעם, ביז זיי פלעגען אָפּטמאָל אָנוועקפאַלען ביי דער אַרבייט. און דער דיכטער ראָזענפעלד, דער „טרערען מיליאָנער", ווי ער רופט זיך אַליין אָן, וועלכער איז אַליין געווען אַן עדות און אַ קרבן פון אָט דער סוועטינג־סיסטעם, באַשילדערט עס און באַוויינט עס אין אַ צאָל לידער:

„דער צימער איז געוועזען ענג,
קיין זונענשיין, קיין לופט,
און אין דעם טייוועלשען געדרענג
האָט אונז געברענט דער שופט.

(שאָפּ).

„אין צימער (שאָפּ) ענג און רויביג
אין אַן אַלטער ברודנער הויז
וואו עס אַרבייטען אין דוחק
צווישען טייפעלשען געברויז
פון די אייזערנע מאַשינען —
מענשען מיט אַ טריבען זינען.

(פרענקעל, באַלאַדע פון אונזער לעבען).

אָדער:

„איר האָט קיינמאָל ניט געפּרואווט
אַריינצוזאַפּען צרות
צו זיין פאַרדונגען ביי אַ שופט
צו אַרבייטען אָהן ליכט אָהן לופט
אין ענג פאַרשפּאַרטע נאָרעס.

(עס קען ניט זיין)

אָדער:

„דער סוועט־שאַפּ איז פינצטער און רויכיג און קליין,
אַ, ווי זאָל מיין בלוזע די ווייסע זיין ריין.

(פּאַרציייפּלונג).

אָדער:

„אַ צימער שוואַרץ און רויכיג,
די לופט פאַרשטיקט און הייס,
איך שאַף מיט אַלע כחות,
פון פּנים רינט דער שווייס.

(אין טרוים).

**ז. ליבין דערציילט**

שוואַרץ, רויכיג, דושנע, ענג, טוכליקייט, שופט, פאַרשפּאַרטע נאַרעס, שווייס... — אָט די ווערטער חזר'ן זיך איבער אין אַלע שאַפּ־לידער פון ראָזענפעלד, ווייל אַזוי איז געווען דער דעמאָלסטדיגער שאַפּ. אונטער אַזוינע באַדינגונגען האָבען די דעמאָלסדיגע אידישע אימיג־ראַנטען געאַרבייט און געשקלאַפּט ביז זיי פלעגען אַוועקפאַלען ביי דער אַרבייט. און אָט די שרעק און דעם גרויל פון אַוועקפאַלען ביי דער אַרבייט דריקט אויס דער דיכטער ראָזענפעלד אין דער פאָלגענדער ליד:

„דאָרט שטעהט און זינגט ביי זיין פּרעס,
אַ שוואַך פאַרהונגערט אידעל,
איך קוק אויף אים און איך פאַרגעס,
מיר דוכט, איך זעה פאַר זיך אַ מת,
וואָס קרעצט פון גרוב אַ לידעל,
דען נאָך אַ טאָג און נאָך אַ וואָך,
און ער וועט פאַלען דאָ אין יאָך.

(אין דער אָרימער גאַס).

וואָס פאַר אַ שאַרפע שניידענדע בילדער פון אַמאָליגען סוועט־שאַפּ דאָס זיינען!

אָבער מאָריס ראָזענפעלד איז ניט דער איינציגער פון די אידישע דיכטער און ערציילער פון יענער צייט, וואָס האָט אַזוי שאַרף און שניידענד און אמת'דיג געשילדערט דעם אַמאָליגען סוועט־שאַפּ. אויך די איבעריגע שרייבער האָבען עס געטאָן. אָט ווי דער באַוואוסטער ערציי־לונגס־שרייבער ז. ליבין שילדערט דעם שוועט־שאַפּ אין זיין ערציילונג "די ירושה".

„דער שאַפּ איז ניט קיין גרויסער, אָבער נפשות געפינען זיך דאָ ניט צום איבערצעהלען. די הענט זיצען געפּאַקט ווי די הערינג, אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. מר. דאַרדיק'ס סוועט־שאַפּ איז איבערגעפיקסט פון דריי איינפאַכע טענעמענט־צימערען און אין איין חדר איז דאָ אַ טיפער אַלמער. ווען מענשען האָבען באַוואוינט די צימערען, האָט מען אין דעם דאָזיגען אַלמער קליי־דער געהאַנגען. ווען מר. דאַרדיק האָט דאָ געעפענט זיין שאַפּ, איז דער אַלמער געבליבען אָהן אַ פּראַקטישען געברויך. אָבער אין ברענענדער ביזי איז דער אַלמער אויף צוניץ געקומען. אינווייניג האָט מען אַריינגעזעצט אַן אָפּערייטאָר, און העכער אַביסעל, אויף אַן עקסטראַ צוגע־פיקסטער פּאָליצע, זיצט אַן אַרבייטער ביי דער אַרבייט".

וואָס פאַר אַ שוידערליך אָבער אמת'דיג בילד פון אַמאָליגען סוועט־שאַפּ!

נו, קען מען אפשר זאָגען, מאַלע וואָס פּאָעטען און ערצעהלונגס־שרייבער שרייבען. ביי זיי אַרבייט די פאַנטאַזיע. טאָ לאָמיר הערען וואָס אַרבייטער און יוניאָן־פירער, וועלכע האָבען אַליין אין די שעפּער געאַרבייט, דערציילען וועגען די אַמאָליגע סוועט־שעפּער, אָהן באַפּוצונגען, נאָר די טרויעריגע, האַרטע ווירקליכקייט.

**וואָס ב. וויינשטיין געדענקט**

אין זיין בוך „אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע", שילדערט ב. וויינשטיין אַזוי אַ סוועט־שאַפּ:

„דער סוועט־שאַפּ איז געווען אי אַ שאַפּ, אי אַ וואוינונג. דער באַלעבאָס פון שאַפּ האָט דאָרט געוואוינט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. דער פאָדערשטער צימער און די קיך פלעגען באַנוצט ווערען אַלס אַרבייטס־צימערען. אין פאָדערשטען צימער ביי די פענסטער פלעגען שטייען די ניי־מאַשינען פאַר די אָפּערייטאָרס. ביי די זייטען פלעגען אויף שטולען זיצען די בייסטערס, און אין מיטען שטוב, אויפ'ן פּאָדלאָגע, פלעגען זיין אַנגעוואָרפען גרויסע פּעק מיט סחורה אויסגעמישט מיט מיסט און שטויב. דאָ אויף די ווייכע פּעק פלעגען זיצען די עטליכע פינישערס".

און אָט איז נאָך אַ שילדערונג פון ב. וויינשטיין:

„דער דעלעגאַט פון דער ניפּענטסמאַכער יוניאָן, האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ יאַרד. בערג מיט שמוץ זיינען דאָרט געווען אָנגעוואָרפען ביז די פענסטער. די שמאָלע, שמוציגע

טרעפּ פון הויז זיינען געווען פאַרוואָרפן מיט שטיקלאַך טוך און אַלערליי שמאַטעס. דער ער־שטער שאַפּ אין וועלכן מיר זיינען אַריינגעקומען מיט צוויי קליינע פאַרשמוצטע פענסטער, און נאָך אַ קעמערל, וואָס איז אַמאָל געווען אַ בעד־רום, אָהן פענסטער, בלויז מיט גראַטעס, וועלכע זיינען אַרויסגעגאַנגען אין אַ פינסטערן קאָרידאָר. אין דעם קליינעם צימערל זיינען געשטאַנען עטליכע נײ־מאַשינען. עס איז דאָרט געווען אַזוי ענג, אַז מען האָט קוים געקאָנט צוקומען צו די אָפּערייטאָרס, וועלכע זיינען געזעסען האַרט איינער לעבען אַנדערען. אונטער דעם מענטעל־פּיעס איז געווען אַ פייער־פּלייס (קאַמין), וואו עס האָט געברענט אַן אויווען, וועלכער איז גע־ווען אַרומגעשטעלט מיט פּרעס־אייזענס. עטליכע מיידלאַך זיינען געזעסען אויפ׳ן פּאָדלאָגע און האָבען געאַרבייט. דאָס זיינען געווען די פינישערינס פון די נײ־פּענטס״.

(די אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע, זייט 62).

און אויף זייט 64 פון זעלבען בוך, שרייבט ווינשטיין:

## הילקוויט האָט ניט פאַרגעסען

„מיר האָבען גענומען טאַפּען, געוואָלט געפינען די טיר צו די טרעפּ אַרויף אין שאַפּ אַריין. קוים מיט צרות האָבען מיר געפונען די טיר און האָבען גענומען שפּרייזען אויף הילצערנע טרעפּ, וועלכע האָבען זיך געוויגט און געסקריפּעט. אונטער די פיס האָט זיך געפילט ווייכלאַך פון די שמאַטעס, וואָס האָבען זיך דאָרט געוואַלגערט. די גאַנצע צייט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט וועלען די טרעפּ צוזאַמענברעכען. מיר זיינען קוים אַרויף, און ווען מיר האָבען אויפגעמאַכט די טיר אין שאַפּ, האָט אַ שטראָם שווערע לופט אונז אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים אַריין״.

קיין שטאַרקערע בילד פון די אַמאָליגע סוועט־שעפּער דאַרף מען, דוכט זיך, ניט האָבען.

און דער פאַרשטאָרבענער באַרימטער מאָריס הילקוויט, דערציילט אָט וואָס וועגען דעם סוועט־שאַפּ אין זיין בוך „לוז ליווס פראָם עי ביזי לאַיף״:

„עס זיינען געווען הונדערטער אַזוינע קאָנטראַקטאָרלאַך אין דער קלאָדינג אינדוסטרי, און זיי האָבען געפירט אַ שרעקליכע קאָנקורענץ איינער מיט׳ן אַנדערען. קיין געלד אויף צו עפענען אַ שאַפּ האָט מען ניט באַדאַרפט האָבען. מען האָט גענומען אויף אויסצאָלען אַ צאָל נײ־מאַשי־נען און מערסטענס האָבען די אַרבייטער געבראַכט זייערע אייגענע מאַשינען. מען האָט די מאַשינען אַריינגעשטעלט אין אַ טענעמענט־הויז צימער, מערסטענס איז דאָס געווען אין דעם באַס׳עס אייגענער אָרימער וואוינונג. און אין די דאָזיגע ענגע, פינסטערע, פאַרשטיקטע און אונסאַניטאַרישע „שעפּער״, זיינען געווען צונויפגעשטיקט און האָבען געשוויצט און געשקלאָפט אַרום 20 און 30 אַרבייטער. זייערע ווידזשעס זיינען געווען כמעט נול און זייערע אַרבייטס־שטונדען האָבען גאָר דעם גרענעץ ניט געהאַט״.

אָט אַזוי האָט עס אויסגעזען דער סוועט־שאַפּ. וואָס פאַר אַ שוידערליך־דערדריקענד בילד! וואָס פאַר אַ טייפעלשער גהינום דער סוועט־שאַפּ איז געווען! און אין די דאָזיגע גהינומ׳ס, אין די דאָזיגע קליינע, פינסטערע און שמוציגע לעכער, האָבען געאַרבייט און געשקלאָפט און זיך געמאַטערט די אידישע אַרבייטער מיט 50־40 יאָר צוריק.

די נאָדעל־אינדוסטריעס זיינען געוואַקסען, רייך געוואָרען. די שעפּער האָבען געמופט פון די טענעמענט־הייזער אויף די איסט־סייד אין ספּעציעלע שאַפּ־לאָפט געביידעס אין גרין, מוירסער, וואוסטער, ספּרינג, פּרינס, בליקער, וואָקער און אַנדערע סטריטען. די שעפּער זיינען געווען גרעסערע, אָבער אויך מיט ווייניג ליכט און די מערסטע אָהן עלעווייטאָרס. אין די שעפּער וואָס זיינען געווען אויפ׳ן זעקסטען, זיבעטען און אַכטען פלאָר, האָט מען געמוזט אַרויפקריכען מיט די שטיגען, וואָס זיינען מערסטענס געווען הילצערנע, די האַלב פינסטערע, און ניט איינמאָל האָט מען זיך די פיס אויסגעדרייט אַרויפקריכענדיג. און כל זמן די יוניאָנס זיינען נאָך ניט געווען און קיין יוניאָן־באַדינגונגען האָבען ניט געהערשט, זיינען די שעפּער, הגם שוין אַביסעלע „אַפּטאַון״, נאָך אַלץ געווען סוועט־שעפּער אין פולען זין פון וואָרט.

## די שעפּער אַפּ־טאַון

עס זיינען ענטשטאַנען, געוואַקסען, גרויס און שטאַרק געוואָרען די אידישע יוניאָנס, אַ דאַנק טאַקע דער הילף פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. עס זיינען פאָרגעקומען איניגע גרויסע העלדישע סטרייקס. עס זיינען אָפּגעשאַפט און אָפּגעווישט געוואָרען די שוי־דערליכע סוועט־שאַפּ באַדינגונגען. מענשליכע אַרבייטס־באַדינגונגען זיינען אין די שעפּער איינגעשטעלט געוואָרען. אַ דאַנק דעם קאַמף און דעם איינפלוס פון די יוניאָנס זיינען אין די סטייט־לעדזשיסלייטשורס דורכגעפירט געוואָרען אַרבייטער געזעצען, וואָס האָבען אָפּגעשאַפט די סוועט־שאַפּקעס אין די טענעמענט־הייזער, וואָס צווינגען פאַבריקאַנטען צו האָבען גרויסע, ליכטיגע און ריינע שעפּער. די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט איינגעשטעלט די „דזשאָינט באָארד פון סאַניטאַרע קאָנטראָל״, וואָס פּאַסט אויף, אַז די שעפּער זאָלען געהאַלטען ווערען ריין און סאַניטאַריש. די נאָדעל אינדוסטריעס זיינען נאָך מער געוואַקסען און רייכער געוואָרען. די שעפּער האָבען אַוועקגעמופט איינגאַנצען אַפּטאַון. אַ פריער אין די עטליכע־און־צוואַנציגסטע גאַסען, צווישען פינפטע עוועניו, בראָדוויי און זעקסטע עוועניו, און איצט אין גאַרמענט

צענטער, וואָס געפינט זיך צווישען דער 34־טער און 42־טער סטריט, 7־טע און 8־טע עוועניוס. עס זיינען אויסגעבויט געוואָרען ריזיגע הימעל־קראַצער געביידעס און שניידער שאַפּקעס, וואָס האָבען זיך אַמאָל געפונען אין קעלערס און אין בוידעם־שטיבלאַך, אין צוויי און דריי קליינע און פינסטערע צימערלאַך פון טענעמענט־הייזער, געפינען זיך איצטער אויפ׳ן 25־טען און 30־טען פלאָר פון אַ הימעל־קראַצער. די שעפּער זיינען גרויסע, ריינע, ליכטיגע און לופטיגע. און אַז איר גיט אַ קוק אויף די רייען און רייען הויכע הימעל־קראַצערס אין גאַרמענט צענטער, וואו עס געפינען זיך די נאָדעל טרייד שעפּער, און אַז איר באַטראַכט דעם טומעל און דעם הו־האַ, וואָס דאָרטען שטייט אַ גאַנצען טאָג, ווי עס ברויזט און עס קאָכט און עס שטורעמט דאָרט מיט לעבען און טעטיגקייט, דערשפּירט איר ערשט דעם ריזיגען פּאָרטשריט, וואָס דער אידישער אימיגראַנטען־לעבען האָט געמאַכט אין אָט די 40 יאָר. זעט איר ערשט איין וואָס פאַר אַ גוואַלדיגע ענדערונגען עס זיינען פאָרגעקומען אין דעם אידישען אַרבייטער־לעבען דאָ אין לאַנד אין אָט דער צייט.

3

די אַמאָלינע האָרעוואַנינע

אַז די אַרבייטס־באַדינגונגען אין די סוועט־שעפּער מיט 40 יאָר צוריק זיינען געווען ביטערע און שרעקליכע, איז דוכט זיך, איבעריג צו דערציילען. מען פלעגט אַרבייטען 15 און 18 שעה אַ טאָג. אפילו אין 1905, דערציילט אונז אין זיינע עראינערונגען אברהם ראָזענבערג, דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, האָט מען ביי ריפערס (קינדערשע קאָוטלאַך), געאַרבייט פון 5 אַזייגער פאַרטאָג, ביז 9 אַזייגער אין אָווענט און פאַרדינט האָט מען קדחת מיט כשר׳ע פאָדים. פיר־פינף דאָלאַר אַ וואָך איז שוין געווען פאַררעכענט פאַר גרויסע ווייזשעס.

דעם צער און ווייטאָג פון אַ דעמאָלסדיגען אידישען אַרבייטער, וואָס פלעגט אָפּפינסטערען אין אַפּ 18־20 שעה אַ טאָג, און האָט אפילו קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו זען און זיך שפּילען מיט זיינע אייגענע קינדער, דריקט אויס מאָריס ראָזענפעלד אין זיין באַרימטער ליד „מיין אינגעלע":

„איך האָב אַ שיינעם אינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פיין ;
ווען איך דערזע אים, דוכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטען, זעלטען זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט.
איך טרעף אים אימער שלאָפענדיג,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבייט טרייבט מיך פרי אַרויס,
און לאָזט מיך שפּעט צוריק.
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגען לייב,
אָ, פרעמד מיין קינד׳ס אַ בליק.

און אַ שאַרף־שניידיג בילד פון די אַמאָליגע גלות־לאַנגע שטונדען אין שאַפּ, גיט אונז ז. ליבין, אין זיין אויבען דערמאָנטער דערציילונג „די ירושה":

„עס איז נאָך גאַנץ פרי — דערציילט ליבין — און די גאַסען פון ניו־יאָרק זיינען געדיכט פון שטראָמען מענשען, וועלכע עס ציען זיך ערשט צו דער אַרבייט. פילע סטאָרס זיינען נאָך צוגעמאַכט און דער פרימאָרגען רייבט זיך נאָך די אויגען פון דעם נאַכט־שלאָף. נאָר אין דאַרדיק׳ס סוועט־שאַפּ אַרבייט מען שוין זייט לאַנגע, לאַנגע שטונדען.

פאַרלירט באַנריף פון צייט

ערגעץ האָט געשלאָגען אַ זייגער.

— וויפיל האָט עס געשלאָגען ? — פרעגט אַן אַפּערייטאָר אין דאַרדיק׳ס סוועט־שאַפּ.

— זיבען — ענטפערט אַ צווייטער אָפּערייטאָר.

— וואָס ? — גלאָצט אויס די אויגען דער אַנפרעגער — איז דען ערשט זיבען דער זייגער ?

— וויפיל דען האָסטו געמיינט, יאָלד ? — פרעגט דער צייט־מיטטיילער.

— איך האָב געמיינט, אַז עס איז שוין באַלד דינער־טאַים.

און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס דער אָרימער נפש האָט אַזאַ מיסטייק געמאַכט. עס איז געווען דער רעכטער שניידער־סעזאָן און אין מר. דאַרדיק׳ס סוועט־שאַפּ פאַנגט זיך אָן אין אַזאַ צייט דער אַרבייטס־טאָג, ווען די שטערען שפּילען נאָך אויף די הימלען און די לבנה דאַרף נאָך דורכמאַכען אַ גוטע העלפט פון איר רייזע".

וואָס פאַר אַ שרייענדער קאָנטראַסט די היינטיגע אויסגעקעמפטע 35 שטונדיגע אַרבייטס־וואָך איז צו די אַמאָליגע 90 און 100 שטונדען אַרבייט אַ וואָך. ווען מען זעט ווי אַרבייטער קומען היינט צו דער אַרבייט 8 און 9 אַזייגער אינדערפרי און פאַרלאָזען דעם שאַפּ 4 און האַלב נאָך פיר נאָכמיטאָג, ווען ס'איז נאָך ליכטיג, קען מען זיך עס גאָר נישט פאָרשטעלען, אַז אַרבייטער האָבען אַמאָל אַזוי געשקלאַפּט און זיי האָבען קיינמאָל די ליכטיגע וועלט ניט אָנגעזען און מען באַגרייפט ערשט וואָס די יוניאָנס האָבען אויפגעטאָן.

## מ'שלאָגט אַרבייטער

די פאַרדינסטען זיינען געווען צרה'דיגע, גראָשענדיגע, און פון די מאָגערע פאַרדינסטען, פלעגען נאָך די אַרבייטער דאַרפען אַליין קויפען זייער אייגענע געצייג, פאָדים צום נייען, נאָדלען און אייגענע מאַשינען, און „ווען אין שאַפּ האָבען אויסגעפעלט טשערס — דערציילט א. ראָזענבערג אין זיינע עראינערונגען, — האָבען אונזערע אָפּערייטאָרלאַך געבראַכט זייערע אייגענע טשערס”. און וועלכער קלאוקמאַכער, שניידער, ניפּענטסמאַכער, קעפּמאַכער און אַנדערע מאַכער, וואָס האָט געאַרבייט אין די שעפּער ערשט מיט 30 יאָר צוריק, געדענקט עס ניט ווי די אַרבייטער פלעגען זיך אַרומטראָגען מיט זייערע „קאַטערינקעס” אויפ'ן פּלייצע, ווען זיי פלעגען בייטען דעם שאַפּ? ווי שרעקליך ערנידעריגענד פאַר דער מענשליכער ווירדע פון אַרבייטער דאָס איז געווען! — היינט איז עס אַ בייזע, קאָשמאַרנע געדעכעניש.

די באַהאַנדלונג פון די באָסעס צו די אַרבייטער איז געווען אַ גראָבע, אַ ברוטאַלע. פיזישע קלעפּ, געבען אַן אַרבייטער פעטש, איז געווען אַן אָפטע ע'ו'שיינונג. איינע פון די ערשטע קלאוקמאַכער סטרייקס אין 1885, דאָס הייסט מיט 55 יאָר צוריק, דערציילט א. ראָזענבערג אין זיינע עראינערונגען, האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דעם, וואָס אַ קאָנטראַקטאָר האָט זיך צעקריגט מיט אַן אַרבייטער און אים דערלאַנגט אַ פּאַטש.

און פון נאָך אַ פאַל דערציילט אונז ראָזענבערג. דאָס איז שוין געווען אין 1890:

„אַ געוויסער קאָנטראַקטאָר מיט'ן נאָמען ראָזענטאַל, וועלכער האָט אַרויסגענומען אַרבייט פון מאיר דזשאַנסאָן, האָט אין אַ סכסוך איבער פרייזען מיט אַ געוויסען ראַבינאָוויטש, אַן אָפּערייטאָר, אים מיט אַ גרויסער שער דעם קאָפּ צושפּאָלטען”.

און ב. וויינשטיין, שרייבענדיג אין זיין בוך: „40 יאָר אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג”, וועגען אַ סטרייק פון ניפּענטסמאַכער אין 1890, דערציילט אַזאַ מעשה:

„איינמאָל ווען די סטרייק־קאָמיטע האָט געהאַלטען אין מיטען פאַרהאַנדלען מיט אַ באָס, איז אַריינגעקומען אַ מיידעל, אַן אָפּערייטאָרקע, און האָט זיך געווענדעט צו דער סטרייק־קאָמיטע בזה הלשון:

„פליז, ברידער פון דער סטרייק־קאָמיטע, לאָזט מיין באָס ניט אונטערשרייבען דעם אַגרימענט ביז ער וועט אויך ניט אונטערשרייבען, אַז די מיסעס זאָל זיך ניט שלאָגען מיט אַ בעזים”.

און דער נעקסטער סטרייק אין 1906, האָט זיך, לויט ווי ב. וויינשטיין דערציילט אין זיין בוך: „די אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע”, אָנגעפאַנגען פון דעם „וואָס אַ געוויסער קאָנטראַקטאָר האָט געשלאָגען אין זיין שאַפּ אַן אַרבייטער־מיידעל, ווייל זי האָט געבעטען אַ האַנט־טוך אָפּצואווישען אירע הענט, כדי זי זאָל ניט פאַרשמוצען די ווייסע שניפּסען, וואָס זי האָט פאַר אים געמאַכט”.

## גראָבע באַהאַנדלונג

אַ פּאַטש, גראָבע באַהאַנדלונגען און פיזישע באַליידיגונגען מצד דעם באַלעבאָס האָבען געפירט צו סטרייקס און רעוואָלטס פון אידישע אַרבייטער. דאָס זיינען אַמאָל געווען ענטשיידענדע פאַקטאָרען אין דער פאָרמירונג און גרינדונג פון די אידישע יוניאָנס און אַנדערע באַהאַנדלונגען פון אַ באַלעבאָס, האָט געפירט צו דער גרינדונג פון דער ריפּערמאַכערס יוניאָן, וואָס איז געווען די פאָראויסגייערין פון דער גרעסטער און שטאַרקסטער אידישער אַרבייטער יוניאָן — די קלאוקמאַכער יוניאָן און צו דער גרויסער, דער גרעסטער, רעוואָלוציע צווישען אידישע נאָדעל־טרייד אַרבייטער — דעם קלאוקמאַכער סטרייק פון 1910.

אין דער געשיכטע פון גרויסע סטרייקס, וואָס אידישע אַרבייטער האָבען געהאַט, פאַרנעמט אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ דער סטרייק פון די ריפּערמאַכער (ריפּערס זיינען קינדערשע מאַנטלען און ביליגע קלאָוקס) וואָס איז פאָרגעקומען אין 1907 און וועלכער איז געפירט געוואָרען פון פאַרשטאָרבענעם בענדזשאַמין שלעזינגער, נאָכדעם באַוואוסטער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, און איינער פון די אָנגעזעענסטע אידישע אַרבייטער פירער. אָט דער 1907 ריפּער סטרייק ווערט באַטראַכט און פאַררעכענט אַלס דער סטימולאַנט, דער פאָרלאַג פון באַרימטסטען 1910 קלאָוקמאַכער סטרייק.

דער 1907 סטרייק איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַ פריערדיגען ריפּער סטרייק אין 1905. און אָט יענער 1905 סטרייק האָט אויסגעבראָכען צוליב אַ גראָבער באַהאַנדלונג פון דעם גרעסטען באַלעבאָס אין ריפּער־פאַך, וויינשטיין בראָדערס, צו איינעם פון די אַרבייטער.

אָט דעם פאַקט האָט דער שרייבער פון די שורות געבראַכט אין אַן אַרטיקל וועגן די
ווײַנשטיין ברידער, וואָס איז געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס", פון 22טען יאַנואַר, 1938.

„דער סעזאָן ביי ווײַנשטיין בראָדערס, — ווערט געשריבען אין אויבענדערמאָנטען אַר־טיקל — פלעגט זיין זעהר אַ לאַנגער. דער סאַמע ברען פון סעזאָן איז געווען אין דזשולײַ און אויגוסט, אין די סאַמע הייסע מאָנאַטען. האָט איין מאָל אַן אָפּערייטאָר אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין פנים מיט אַ שטיקל לאַיינינג. האָט דאָס גראַד געדאַרפט צוזען איינער פון די באָסעס, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם אָפּערייטאָר'ס העט און האָט מיט אים אויסגעווישט דעם נאָסען, שמוציגען פלאָר. דוכט זיך אַ קליניגקייט, אָבער די קליניגקייט האָט אַזוי אויפ־גערעגט און אויפגעבראַכט די אַרבייטער, אַז זיי זיינען אַוועק צום פאַרשטאָרבענעם בענדזשאַמין שלעזינגער, דעם דאַמאָלסטדיגען פירער פון דער קלאוקמאַכער יוניאָן, און געבעטען מען זאָל זיי אַרונטערנעמען אין סטרייק און אָרגאַניזירען אין אַ יוניאָן.

די יוניאָן האָט גערופען דעם סטרייק. די פירמע האָט נאָכגעגעבען און דער ווײַנשטיין בראָ־דערס ריפער־שאַפּ איז געווען דער ערשטער יוניאָן־שאַפּ אין ריפער־טרייד. נאָכדעם זיינען נאָך שעפּער צוגעשטאַנען צו דער יוניאָן, און עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ באַזונדערער לאָקאַל פון ריפער־מאַכער.

אָט אַזוי האָט אַ גראָבע באַהאַנדלונג פון אַ באַלעבאָס געעפענט אַ פאָרטקע צום גרעסטען סטרייק אין דער געשיכטע פון אידישען אַרבייטער קאַמף — צום 1910 קלאוקמאַכער סטרייק.

די באַציאונגען פון באַלעבאָס צו די אַרבייטער איז אין דער פעריאָדע פון סוועט־שאַפּ גע־ווען אַן אונמענשליכע און אונציוויליזירטע. דער באַלעבאָס האָט באַטראַכט דעם אַרבייטער ווי אַ שקלאַף און ער האָט געמוזט טאָן אַלץ וואָס דער באָס האָט געוואָלט.

**מוז פאַרלייענען צייטונג פאַר'ן באַלעבאָס**

דערציילט ב. ווײַנשטיין, ווי אַזוי „יעדען טאָג פלעגען די באַלעבאַטים אַרויסגעבען נייע גזירות. איין טאָג פלעגט קומען אַ באַלעבאָס און אַרויסגעבען אַ באַפעל, אַז פון איצט אָן און ווייטער זאָלען די אָפּערייטאָרס אַליין אַרויפטראָגען די פּעק אַרבייט, וואָס דער עקספרעס פלעגט ברענגען פון ווערהאוז".

אַן אינטערעסאַנטע מעשה, וואָס באַווייזט ווי אַזוי די אַרבייטער זיינען געווען פאַרשקלאַפט און האָבען געמוזט טאָן אַלץ וואָס דער באָס האָט געוואָלט, אפילו ווען עס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו דער אַרבייט, האָט דעם שרייבער פון די שורות דערציילט אַ קלאָוקמאַכער.

דאָס איז געווען אין יאָר 1909, אַ יאָר פאַר דעם גרויסען גענעראַל־סטרייק פון די קלאוק־מאַכער. דער באַטרעפענדער קלאָוקמאַכער איז אָנגעקומען אַרבייטען אין איינעם פון די גרעסטע קלאוק־שעפּער. דער שאַפּ האָט באַלאַנגט צו צוויי באַלעבאַטים, וואָס זיינען דאַן געווען פון די גרעסטע און באַרימטסטע אין קלאָוק־טרייד. געאַרבייט האָט מען דאַן עלף שטונדען אַ טאָג. פון 8 אין דער פרי ביז 7 אין אָוועגט. איינער פון די באַלעבאַטים איז, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, געווען אַזאַ עם־הארץ, אַז ניט נאָר האָט ער ניט געקאָנט לייענען קיין ענגלישע צייטונג, נאָר אפילו קיין אידישע אויך ניט. און אַזוי ווי דער באָס האָט געוואוסט, אַז ער (דער קלאוק־אָפּערייטאָר, וואָס האָט אונז דערציילט די פּאַסירונג) פאַרשטייט זיך אַביסל אין די שוואַרצע פינטעלאַך, פלעגט ער אים יעדען טאָג, נאָך אַ לאַנגען און שווערען טאָג אַרבייט, אַריינפירען אין אָפיס, פלעגט אויף זיין דעסק אויסשפּרייטען אַ „טאַגעבלאַט" און אים באַפעלען, אַז ער זאָל פאַר אים איבערלייענען דעם גאַנצען „טאַגעבלאַט". נאַטירליך האָט עס פאַרנומען אַ גאַנצע שטונדע און אַמאָל מער. דער אָפּערייטאָר האָט עס שטאַרק ניט געוואָלט ליידען. ער איז געווען מיד און הונגעריג און שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין הויז און זיך אויסרוען פון דער שווערער אַרבייט; אָבער ער האָט עס געמוזט טאָן — אַ ברירה האָט ער געהאַט?

„די דעמאָלסדיגע באַלעבאַטים פון די סוועט־שעפּער, — שרייבט ב. ווײַנשטיין — זיינען מערסטענס געווען אומוויסענדע, גראָבע יונגען, וואָס האָבען ווי פּיאַווקעס געזויגען דאָס בלוט פון זייערע גרינע ברידער און שוועסטער.

אָבער אָט די „פּיאַווקעס" און „אונוויסענדע גראָבע יונגען" האָבען די יוניאָנס אויסגע־מענטשעלט. מען האָט זיי אויסגעלערענט באַהאַנדלען די אַרבייטער מיט רעספּעקט און מיט ווירדע. היינט ווייס מען פון דעם ניט אין די שעפּער. היינט, אַז אַ באָס וואַגט צו הויבען זיין האַנט אויף אַן אַרבייטער, קאָסט עס אים טייער, מוז ער באַצאָלען אַ שווערע שטראָף.

4

עס איז נאָך ניט אויסגעפאָרשט געוואָרען דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון דער אידישער אימיגראַציע. עס איז נאָך אויך ניט אויסגעפאָרשט געוואָרען די געשיכטע פון דער נאָדעל־אינדוסטריע און דער בייטראָג פון דער אידישער אימיגראַציע צו דער אַנטוויקלונג פון אָט דער אינדוסטריע. פאַר אַ היסטאָריקער וועט עס זיין אַן אינטערעסאַנטער שטודיום, און ווען אַ

היסטאָריקער וועט זיך נעמען צו דעם, וועט ער זיך אָנשטויסען אויף דעם אינטערעסאַנטען פאַקט, אַז אידישע שטעטלאַך פון פוילען און ליטע, פון בעסאַראַביע און אוקראַינע, פון רומעניע, גאַליציע און אונגאַרן, האָבען אַ גרויסען חלק אין דער אַנטוויקלונג פון די נאָדעל־אינדוסטריעס. ער וועט אויסגעפינען, אַז געוויסע נאָדעל־אינדוסטריעס שטאַמען פון און גרופּירען זיך אַרום די לאַנדסלייט פון אַ געוויסער שטעטעל פון פוילען, ליטע, בעסאַראַביע און אונגאַרן. ער וועט, צום ביישפּיל, אויסגעפינען, אַז מענער־שניידער זיינען אין די ערשטע יאָרען מערסטענס געווען פּוילישע אָדער פון סואוואַלקער גובערניע; אַז קלאָוק־און דרעס־פּרעסערס זיינען מערסטענס בעסאַראַביער לאַנדסלייט, און נעקווערמאַכער זיינען מערסטענס אונגאַרישע לאַנדסלייט; אַז פּאָריער זיינען מערסטענס פון מאָהילעווער גובערניע, הויפּטזאַכליך אָרשער לאַנדסלייט; אַז די מייסטע פּאַקעטבוק מאַכער זיינען וואַרשעווער, און די לאַנדסלייט פון דער קליינער שטעטעלע פּוכאָווישט פון מינסקער גובערניע זיינען ריפּער־מאַכער.

לאַנדסלייט שאַפֿן טריידס

ווי אַזוי איז דאָס געשען? גאַנץ פּשוט. לאַנדסלייט פלעגען זיך אין די ערשטע יאָרען פון דער אימיגראַציע טוליען צו לאַנדסלייט. און אַז אַ לאַנדסמאַן האָט געעפענט אַ שאַפּ, האָבען ביי אים געאַרבייט לאַנדסלייט, און אַזוי האָט זיך עס איינגעשטעלט, אַז גאַנצע נאָדעל־טרייד פאַכען האָבען זיך גרופּירט אַרום לאַנדסלייט פון אַ געוויסער שטאָט.

עס האָבען, נאַטירליך, אויך געווירקט נאָך פאַקטאָרען. צום ביישפּיל: די אורזאַך פאַרוואָס צום פאַך פון פּרעסען קלאוקס האָבען זיך גענומען מערסטענס בעסאַראַביער לאַנדסלייט, ווערט ערקלערט מיט דעם, וואָס דער פּרעסער־טרייד איז געווען פ־זיש זעהר אַ שווערער, ווייל אויסער דעם וואָס מען האָט טאַקע געדאַרפט האָבען כח צו אַרבייטען אַ גאַנצען טאָג מיט אַ שווערען פּופּצען און צוואַנציג פונטיגען פּרעס־אייזען, האָט דער פּרעסער אויך געמוזט טאָן אַנדערע שווערע מלאכות אין שאַפּ. „דער פּרעסער — שרייבט דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל א. ראָזענבערג אין זיינע עראינערונגען — איז געווען אַן אמת׳ער שקלאַף אין שאַפּ. יעדער איינציגער פּרעסער האָט געמוזט אַריינקומען אין שאַפּ אַ פּאָר שטונדען פריער ווי די איבעריגע אַרבייטער, צו מאַכען פייער אין די סטאָווס (אויוועגס), אַרונטערשאַרען די אַשעס, אויסקערען דעם שאַפּ. דערצו נאָך, ווען דער באָס האָט געדאַרפט אַוועקטראָגען אַ באַנדעל אַרבייט אין שאַפּ, האָט דער פּרעסער עס געדאַרפט טאָן״ ... — קורץ דער פּרעסער־פאַך איז געווען פיזיש שווער און מען האָט צו דעם געדאַרפט האָבען מענשען געזונטע, מיט אַ סך כח. דער אויסגעוויקטער, אויסגעמאָגערטער און אויסגעהונגערטער ליטוואַק, וואָס האָט זיך אין דער היים געהאָדעוועט אויף אַ קאָפּ פון אַ הערינג אין דעם באַוואוסטען ליטווישען קרופּניק, האָט ניט געהאַט גענוג כח זיך נעמען צום פּרעס־אייזען. פון בעסאַראַביע אָבער זיינען געקומען אידען געזונטע, וואָס האָבען אין דער היים זיך געהאָדעוועט אויף די פעטע בעסאַראַביער ערד, האָבען גוט אַריינגעגעסען און געהאַט אויך כח, האָבען זיי זיך דעריבער גענומען צום פיזיש־שווערען פאַך פון פּרעסען קלאוקס.

אָבער דער וויכטיגסטער פאַקטאָר איז געווען, דאָס וואָס לאַנדסלייט האָבען זיך גרופּירט אַרום לאַנדסלייט, און ווען אַ לאַנדסמאַן האָט געעפענט אַ שאַפּ, האָבען ביי אים געאַרבייט לאַנדסלייט.

שטריכען פון אימיגראַציע

אָט די לאַנדסלייט פּעריאָדע איז אין די שעפּער פון אונזער נאָדעל־טריידס געווען אַן אינטערעסאַנטע ביז גאָר אין אַ סך פּרטים. עס האָט באַשטימט דעם סאָציאַלען כאַראַקטער פון׳ם שאַפּ. אָבער הויפּטזאַכליך האָט עס שטאַרק באַווירקט און איז געווען אַ גרויסער פאַקטאָר פאַר די באַציהונגען צווישען די באַלעבאַטים און די אַרבייטער אין די שעפּער, אויף דעם אופן ווי דער באַלעבאָס האָט באַהאַנדעלט דעם אַרבייטער און אויף דער מעגליכקייט פון אַרבייטער־קאַמף אין יענער צייט.

די באַציהונגען פון באַלעבאָס צו די אַרבייטער איז טאַקע געווען אַן אוממענשליכע. די באַהאַנדלונג אַ גראָבע, ווייל געוויינליך זיינען די באַלעבאַטים שוין געווען די געלע, די אַרויפּגעאַרבייטע און די אַרבייטער זיינען מערסטענס געווען די גרינע, האָט ער אויף זיי געקוקט ווי אויף גרינע חיות, ווי אויף שלעפּערס וועמען עס איז אַ מצוה צו עקספּלואַטירען. און ער האָט דעם אַרבייטער באַטראַכט ווי אַ שקלאַף. אָבער פון דער אַנדער זייט האָט אויך געערשט אַ פּראָלעטאַרישע באַציהונג צווישען דעם באָס און די אַרבייטער. אַזוי ווי מען איז דאָך געווען לאַנדלייט, האָבען די וואַרימע עראינערונגען פון דער היימישער שטעטעלע, וואָס האָבען געטליעט ביי ביידען, סיי ביי דעם אַרבייטער און סיי ביים באַלעבאָס, זיי ביידע פאַראייניגט. פון קלאַסען־קאַמף האָט מען נאָך דעמאָלסט ניט געוואוסט, די אַרבייטער האָבען אויפ׳ן באַלעבאָס געקוקט ווי אויף זייער ברוט־געבער, כמעט זייער פּאָטער. פריער גאָט, דערנאָך ער... און אויך דער באַלעבאָס האָט אויף זיך געקוקט ווי דער באַשיצער פון זיינע שטעטעלדיגע לאַנדסלייט. עס האָט דאַן אין יענער פּעריאָדע אמת געהערשט שקלאַפעריי אין די שעפּער, און ווילדקייט אין דער באַהאַנדלונג פון באַלעבאָס צום אַרבייטער, אָבער ניט דער ברוטאַלער קלאַסען־קאַמף און דאָס וואָס אַ באַלעבאָס וועט זיך ערלויבען היינט־צו־טאָג צו אַן אַרבייטער — אַנצושטעלען געגנ־

סטערס און גאַרילאַס צו מאָרדען און פאַרקריפּלען אַרבייטער אין צייט פון סטרייק, דאָס האָט אַן אַמאָליגער באַלעבאָס זיך נאָך ניט ערלויבט צו טאָן.

אָט די לאַנדסלייט פּעריאָדע אין די שפּעער האָט גלענצענד געשילדערט דער באַרימטער אידישער קינסטלער שלום אַש אין זיין בוך: „אָנקעל מאָזעס“.

„אין אַמעריקע, — דערציילט שלום אַש אין „אָנקעל מאָזעס“, — האָבען זיך די איינוואוי־נער פון שטעטעל צוריק געפונען. אויף דער בויערי איז געשטאַנען אַ דריי שטאָקיגע הויז פאַרשטויבט און שמוציג, וואָס די עלעווייטאָרס האָבען אָנגעטראָגען דערויף דעם שטויב פון די גאַסען. און אין די הינטערשטע שטאָקען איז געזעסען דאָס גאַנצע שטעטעל קוזמין... און האָט גענייט מלבושים ביים אַמעריקאַנער, און ווער איז אויף דער בויערי ניט געזעסען! די למדנים פון שטעטעל, די יחסנים צוזאַמען מיט בעלי־מלאכות און גלאַט גראָבע יונגען פון דער היים. אַלע זיינען זיי געזעסען אויפ׳ן הויכען פלאָר אין דער בויערי און האָבען גע־נייט און גענייט“ („אָנקעל מאָזעס“, זייט 34 „פאָווערטס“ אויסגאַבע).

## „אָנקעל מאָזעס“ פון שלום אַש

גאַנץ קוזמין האָט גענייט מלבושים ביים לאַנדסמאַן אָנקעל מאָזעס און דער אָנקעל מאָזעס איז דאָס געווען דער גרויסער „פילאַנטראָפּ“, וואָס האָט זיי, די גרינע גענעבען צו פאַרדינען דאָס שטיקעל ברויט. ווען ניט דער אָנקעל מאָזעס — האָבען די דערשלאָגענע קוזמינער גרינע געמיינט, וואָלט זיי דאָך חלילה אויסגעקומען פון הונגער אויסצוגיין אין דער ווייטער פרעמדער לאַנד אַמעריקע. האָבען זיי זיך געוואָלט דערשלאָגען, הכנעה׳דיג און דאַנקבאַר דעם אָנקעל מאָזעס. און ער, דער רייכער, דער מעכטיגער אָנקעל מאָזעס האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף ווערים ווי אויף נידעריגע באַשעפענישען מיט וועמען ס׳איז ניטאָ וואָס זיך צו רעכענען, וועמען מען דאַרף טרעטען מיט די פיס, פון וועמען ס׳איז אַ מצוה צו אָפּ׳חוזק׳ן און איבער וועמען מען קען און מען דאַרף זיך איזדיקעווען.

אָט לייענט ווי אַש שילדערט עס טרעפליך:

„קוזמין קריכט — לוק, לוק ווי קוזמין קריכט — האָט אָנקעל מאָזעס געוויזען מיט דער גרויסע שער אויף די אַריינגעקומענע אידען. אַ טייל מיט בערד, אַ טייל אָהן בערד, אַ טייל אַלטע שוין איינגעהויקערטע, אַ טייל יונגע מיטעליעריגע, וועלכע זיינען מיט אַ געוויסע פוילקייט אַריינגעקומען אין געוועלב אַריין און אַרויסגעלאָזט זיך אויף די טרעפּ, אויף די אויבערשטע שטאָקען וואו עס זיינען געווען די געווערק־שטולען.

— לוק, לוק ווי קוזמין קריכט — העי דו גרינע ראַסע! ווי האָט מען אים גערופען און דער היים? נאָטע פּוטערמילך — האָט ער אָפּגעשטעלט איינעם פון די אַרבייטער, אַ מיטעל־יעריגען איד, וועמעס אויגען עס זיינען נאָך געווען האַלב פאַרוועבט אין שלאָף און די פּאות נאָך נאַס פון וואַשען, און איז געגאַנגען פוילענדיג זיך.

— וואָס קריכסטו? — וואָס מיינסטו דאָ איז קוזמין? אין קוזמין איז מען געקראָכען, אין אַמעריקע לויפט מען. האַרי־אָפּ, פאַרשטאַנען? הויב די פיס, דו אוגערקע!

(„אָנקעל מאָזעס“, זייט 35 „פאָרווערטס“ אויסגאַבע).

## קוזמין; „גרינע ראַסע“

און אַז מאַשאַ, די פּערצען און אַ האַלב יעריגע טאָכטער פון אהרן מעלניק, איינער פון אָנקעל מאָזעס׳עס אַרבייטער. אַ קוזמינער לאַנדסמאַן, נאַטירליך, גייט בעטען ביי אָנקעל מאָזעס, אַז ער זאָל דעם טאַטען צוריקנעמען צו דער אַרבייט און זי קען שוין ניט פאַרטראָגען די באַליידיגונגען און דעם חוזק, וואָס אָנקעל מאָזעס און זיין יונג סעם, טרייבען איבער דעם טאַטען, און זי צעשרייט זיך:

— קום, פּאַ, אַהיים. זיי נישט דאָ, פּאָ. זיי זיינען שלעכטע מענשען... זאָרג זיך ניט, פּאָ, מיר וועלען שוין לעבען, מיר וועלען זיך שוין אַן עצה געבען... נעם נישט קיין געלד פון אים (זי ווייזט אָן אויף אָנקעל מאָזעס) — דו ביזט אַ שלעכטער מענש — זאָגט זי צום אָנקעל מאָזעס — אַ ברוטאַל, אַ ביעסטע, אַ האָג — דאָס ביסטדו“.

און ווען זי זאָגט עס, ווערט דער דערשלאָגענער אהרן מעלניק אַן אויפגעציטערטער פון שרעק. עפּעס אַ קלייניגקייט, וואַגען צו ריידען אַנטקעגען דעם נעכטיגען אָנקעל מאָזעס! און ער הויבט אָן צו שרייען אויף זיין טאָכטער:

— מאַשאַ, געדענק אין גאָט, וואָס טוסטו? — דעם אָנקעל בעט איבער, וואָס האָסטו געזאָגט?

און אַז נאָכדעם האָט דער אָנקעל מאָזעס, וועמען עס איז גראדע יע געפעלען די געוואַגקייט פון מאַשאַ׳ן, יע צוריקגענומען אהרן מעלניק צו דער אַרבייט, האָט דער פעטער געוויל, אהרן מעלניק׳ס ברודער, אויך אַן אַרבייטער ביים אָנקעל מאָזעס זיך צושריען אויף מאַשאַ׳ן:

— דאַנק דעם אָנקעל, גיב אַ קוש אין די הענט...

(„אָנקעל מאָזעס“, זייט 43, „פאָרווערטס“ אויסגאַבע).

אַזוי דערשלאָגען און פאַרשקלאַפט זיינען זיי געווען. איז עס דען אַ וואונדער, וואָס אָנקעל מאָזעס' שאַפּ איז געווען אַזוי שווער צו אָרגאַניזירען אין אַ יוניאָן שאַפּ. — „אָנקעל מאָזעס' שאַפּ, שרייבט שלום אַש — איז געווען אוממעגליך צו אָרגאַניזירען אין אַ יוניאָן־שאַפּ. וויפיל די אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַטאָרען האָבען ניט געפּרואווט צו יוניאָניזירען די לאַנדסלייט פון אָנקעל מאָזעס' שאַפּ, האָבען זיי זיך שטענדיג אָנגעשלאָגען ווי אין אַן אייזערנער וואַנט . . . אָנקעל מאָזעס איז געווען פאַר די קוזמינער לאַנדסלייט ווי אַ הויפּט פון אַ משפחה . . . זיי זיינען געווען געטריי אָנקעל מאָזעס און טאָמער האָט ווער געפּרואווט זיין אומצופרידען און דערמאָנען אַ וואָרט וועגען אַ יוניאָן, האָבען עס די לאַנדסלייט באַלד איבערגעגעבען אָנקעל מאָזעס. דער אָנקעל מאָזעס איז אַרויפגעקומען אין שאַפּ אַריין, אויסגעזוכט דעם רעוואָלוציאָנער און זיך צו אים אָפּגערופען:

— דאָס ביסטו משה גרויס, דאָס ווילסטו האָבען אַ יוניע ביי מיר. נישט ביי מיר, גוטער ברודער, ביי מיר איז נישט קיין שאַפּ וואָס מען זאָל דאָ אַריינלאָזען יוניע לייט. ביי מיר זיינען לאַנדסלייט משפחה . . .״

**באַלעבאָס ווי הויפּט פון פאַמיליע**

דער אָנקעל מאָזעס רעדט און שרייט און רעכענט אויס וואָס ער האָט געטאָן פאַר די לאַנדסלייט, די גרינע חיות, און אויף די אַרבייטער, די לאַנדסלייט ציטערט די הויט און זיי בעטען זיך ביי אים אונטערטעניג.

— וואָס רעדט דער אָנקעל? וואָס רעדט דער אָנקעל זיך איין, וואָס אַ ליאַדע יונג זאָגט דאָרט? . . .

און צום „רעוואָלוציאָנער״, דער וואָס וויל אַ יוניאָן, שרייען זיי:

— בעט איבער דעם אָנקעל מאָזעס, די מינוט בעט איבער דעם אָנקעל מאָזעס, — האָבען די קוזמינער לאַנדסלייט געשריען.

— קושען אין האַנט לאָז ער. קוש דעם אָנקעל מאָזעס אין דער האַנט — האָט אַהרן משה, דער דאָרפס־גייער און דאָ דער פּרעסער געשריען אויף דעם „רעוואָלוציאָנער״.

(„אָנקעל מאָזעס״, זייט 66, „פאָרווערטס״ אויסגאַבע).

נו, איז דען אַ וואונדער, וואָס אַזוינע דערשלאָגענע און אונטערטעניגע שקלאַפען האָט מען געקאָנט אַזוי עקספּלואַטירען. האָבען טאַקע די אָנקעל מאָזעסעס פון אַלע שטעט און שטעטלאַך און געגענטען פון דער אידישער עמיגראַציע געשמאַק עקספּלואַטירט די לאַנדסלייט, זייערע אַרבייטער.

זיי האָבען זיי עקספּלואַטירט, באַהאַנדעלט גראָב, אונמענשליך, אַזוי ווי קנעכט. אָבער דאָך האָט געהערשט אַ שטיקעל פּאַטריאַכאַלישע באַציהונג צווישען דעם באַלעבאָס און זיינע אַרבייטער. עפּעס האָבען זיי זיך דאָך געפילט ווי אייגענע, ווי נאָענטע.

**ברענגט לאַנדסלייט ווי קנעכט**

דערציילט שלום אַש:

„אָנקעל מאָזעס איז געווען אַ קוזמינער לאַנדסמאַן און כאָטש ער איז געווען זייער באָס, זייער הערשער, זייער געוועלטיגער, איז ער געווען דער זעלבער לאַנדסמאַן וואָס זיי . . . זיינע שענסטע עראינערונגען זיינען פון דעם קליינעם שטעטעל און פלעגט מען אים דערמאָנען אַן קוזמין, אַן אַ מענשען, וועלכען ער האָט געקענט אין זיין יוגענט, אָדער אַן אַן אָרט און פּלאַץ, אויף וועלכען ער פלעגט זיך שפּילען מיט די קצבים־יונגען — האָט עס אים אַזוי גערירט, און עס האָבען זיך באַלד באַוויזען טרערען אין זיינען אויגען. ער פלעגט אָפּטמאָל אַריינפאַלען צו די קוזמינער, ווען זיי האָבען פאַרבראַכט שבת אין אָוענט ביי אַ לאַנדסמאַן און צוהערען זיך צו די קוזמינער מעשיות״.

(„אָנקעל מאָזעס״, זייט 68, „פאָרווערטס״ אויסגאַבע).

„עס איז אַוועק אַ שמועס פון דער היים — שילדערט ווייטער שלום אַש — קוזמין האָט אויפגעלעבט מיט אַלע זיינע דערפער, וועגען שענקען און פיש־וואַשערס . . . עס זיינען אַלע געווען אידען וואָס ער (אָנקעל מאָזעס) האָט געקאָנט פון זיין יוגענט. מיט אַ טייל פון זיי האָט ער פאַרבראַכט אין איין חדר, אַרומגעלאָפען אין גאַס . . . ער האָט זיי אַלעמען געקענט — און יעצט זיינען זיי אַלע זיינע משרתים און האָבען מורא פאַר אים, און זיינען שטיל געוואָרען, ווען געווען אידען וואָס ער (אָנקעל מאָזעס) האָט געקאָנט פון זיין יוגענט. מיט אַ טייל פון זיי האָט קוזמין — אַלטע מעשיות וואָס איז אים אָנגעגאַנגען ווען ער איז אַ קינד געווען . . .

— דערציילט, ר' שלמה, דערציילט ווייטער פון קוזמין — האָט זיך אָנגערופען דער אָנקעל נאָך אַ לאַנגען באַטראַכטען זיך״.

(זייט 147).

די גרינע לאַנדסלייט האָט מען געקאָנט געשמאַק עקספּלואַטירען, אויף זיי שרייען און אַמאָל אויך אַראָפּלאָזען אַ פּאַטש, אָבער ווייטער איז עס ניט געגאַנגען. מען איז דאָך פאָרט לאַנדסלייט און מען קען זיך פון דער היים. האָט טאַקע דער ברוטאַלער קלאַסען־קאַמף

נישט געהערט. דינגען אונטערוועלט מענשען צו בלוטיגען און ממית׳ן אַרבייטער, האָט נאָך אַ באָס ניט געוואַגט. אָט די פּרי איז אויסגעוואַקסען שפּעטער, ווען סיי די אַרבייטער זייי־נען געוואָרען אָרגאַניזירט אין יוניאָנס, און סיי די באַלעבאַטים זיינען געוואָרען קאַפּיטאַליסטיש קלאַסען־באַוואוסט. די באָסעס זיינען געווען געצוואונגען צו געבען די אַרבייטער וואָס זיי קומט, אָבער זיי, די באַלעבאַטים, זיינען געוואָרען אויס מחותן מיט׳ן אַרבייטער, — זיי מיר ניט קיין פעטער און ניי מיר ניט קיין שיך — עס האָט זיך איינגעשטעלט די קאָרעקטע, אָבער קאַלטע און ברוטאַלע קלאַסען־קאַמף באַציהונג צווישען באָס און אַרבייטער.

אַש האָט עס אויפגעכאַפּט מיט זיין קינסטלערישן אויג און ער שילדערט עס אויף אַ גלענצענדען אופן אין זיין „אָנקעל מאָזעס״:

„עס איז געשען אַ וואונדערליכע זאַך — די לאַנדסלייט פון קוזמין. אָנקעל מאָזעס׳ משפחה זיינען אַרויס אין סטרייק און די אַרבייטער פון שאַפּ האָבען זיך אַוועקגעשטעלט, אַזייגער זעקס אין דער פרי, פאַר׳ן אָנקעל׳ס שאַפּ, געשטאַנען און געהיט.

## ברוטאַלער קלאַסן־קאַמף איז ניט געווען

טיילמאָל איז דער אָנקעל אַרויס צו זיי און פרובירט מיט זיי ריידען:

— וואָס וועט זיין דער סוף פון שטיין?

— מיר ווייסען ניט, געהייסען שטיין, שטייען מיר, האָבען די אידען אָפּגעענטפערט.

— אָבער וואָס ווילט איר? לאָזט מיך הערען וואָס איר ווילט?

— וואָס שטייט דער אָנקעל און טענה׳ט זיך אויס מיט זיי? מיט וועמען איז דאָ צו ריידען? אָנקעל אהרן! — האָט סעם אים געצויגען ביים אַרבעל מיט חוצפה.

— לאַז מיך, איך וויל מיך מיט זיי דורכריידען.

— אָנקעל — האָט סעם געשריען — איך וויל, אַז דער אָנקעל זאָל אַריין, מען דאַרף ניט ריידען מיט זיי. אויס משפחה אויס לאַנדסמאַן, איך לאָז ניט מער קיין משפחה איבער דער שוועל אַרויף.

(„אָנקעל מאָזעס״, זייט 193).

(סעם איז דער יונג וועמען אָנקעל מאָזעס האָט אַריינגענומען אין שאַפּ. צום אָנפאַנג איז ער ביי אים דער פאָרמאַן, דער מענעדזשער, דער „גובערנאַטאָר״, ווי אָנקעל מאָזעס׳ אַרבייטער, די קוזמינער לאַנסלייט, רופען אים, און נאָכדעם מאַכט אים אָנקעל מאָזעס פאַר אַ שותף. סעם האָט שוין מיט קוזמין גאָר ניט צו טאָן אים בינדען שוין ניט צו די לאַנדסלייט־פעדים, ער איז בלויז באָס און דעריבער איז ער שוין טאַקע אַזוי ברוטאַל).

דער סטרייק פאַרציט זיך און סעם וואָס איז שוין געוואָרען אָנקעל מאָזעס׳ שותף, טוט וואָס אַלע אמת׳ע באָסעס טוען. ער שטעלט אָן סטרייק־ברעכער, ער דינגט שטאַרקע, גאָרילאָס פאָליציי און מען שפּאַלט די קעפּ פון די סטרייקער, די קוזמינער לאַנדסלייט.

„אָנקעל מאָזעס — דערציילט אַש — איז געווען אין סטאָר, ווען די מהומה איז פאָרגעקומען. ער האָט געזען וואָס עס קומט פאָר אין דרויסען, עס זיינען געווען זיינע לאַנדסלייט, זיינע קינדער, חברים און קינדער־פריינד, וועמען מען שלאָגט אין דרויסען פאַר זיין סטאָר אַזוי אונדערבאַרעמדיג... ער איז צוגעלאָפען צו סעמ׳ען, וועלכער איז געשטאַנען אַ בלייכער און געציטערט מיט די נאָז־לעכער:

## אַ משפחה אין סטרייק

— וואָס טוט מען דאָ ביי מיר? וואָס טוסטו? ווער האָט דיר געהייסען? — סטאָפּ! די מינוט סטאָפּ!

סעם האָט אים געענטפערט:

— אָנקעל, מישט זיך ניט אַריין, פּליעז.

— אָבער וואָס טוסטו, סעם? מענשען שלאָגען? — האָט דער אָנקעל איינגעהאַלטען זיין כעס.

— ביזנעס! — האָט סעם אָפּגעענטפערט איין וואָרט.

— אָבער לאַנדסלייט, משפחה?

— אויס משפחה, אויס לאַנדסלייט, אָנגעשטעלטע אַרבייטער...

(„אָנקעל מאָזעס״, זייט 202).

אין אָט דער סצענקע, אין אָט דעם געשפרעך האָט דער קינסטלער אַש פאָרטרעפליך געשילדערט דעם גוואַלדיגען אונטערשייד פון אַמאָליגען און איצטיגען באַלעבאָס. די אָנקעל מאָזעסעס האָבען געקאָנט זיך שאַפען מיט די אַרבייטער ווי מיט קנעכט, אויף זיי שרייען, פון זיי חוזק׳ן אָפּלאַכען, איבער זיי זיך איזדיקעווען. אַמאָל אויך אַליין, מיט דער אייגענער האַנט, דערלאַנגען אַ פאַטש, אָבער דינגען מערדער, אונטערוועלט מענשען, פאָליציי צו שפּאַלטען קעפּ און מערדערען זייערע אַרבייטער — דאָס האָבען זיי ניט געקאָנט. די הייניטיגע באַלעבאַטים אָבער קענען עס. אָנקעל מאָזעס, דער קוזמינער לאַנדסמאַן, ביי וועמען אין שאַפּ גאַנץ קוזמין האָט גענייט מלבושים, האָט ניט געהאַט קיין לבבות צוצוזען, ווי מען שלאָגט זיינע אַרבייטער, די קוזמינער לאַנדסלייט, — אָבער לאַנדסלייט, משפחה? — שרייט ער צום יונגען סעם. אָבער סעם, דער

ניט־קוזמינער לאַנדסמאַן, דער פּרעמדער וואָס איז שוין בלויז באָס, ביי אים איז שוין „אויס משפּחה, אויס לאַנדסלייט, ביי אים זיינען זיי בלויז אַנגעשטעלטע אַרבייטער״... און ער דינגט שוין אויסוואורפן און פּאָליציי צו שפּאַלטען די קעפּ און פאַרגיסען דאָס בלוט פון זיינע אַרבייטער, די סטרייקער.

עס זיינען אַנגעשטאַנען יוניאָנס, די אַרבייטער האָבען אָנגעפאַנגען צו מאָנען און פאָדערען, וואָס זיי קומט, צו קעמפען פאַר זייער רעכט, און די באַלעבאַטים זיינען געוואָרען קאַפּי־טאַליסטיש באַוואוסטזיניג און ברוטאַלער. דער קלאַסען־קאַמף האָט זיך פאַרשאַרפט, און ווי זאָגט ערגעץ דער סאָציאַליסטישער לערער קאַרל מאַרקס: „די ציוויליזאַציע און די גערעכטיג־קייט פון דער בורזשואַזער אָרדענונג טרעטען אַרויס אַלע מאָל אין זייער אמת׳ן שוידערליכען שיין, און די שקלאַפען פון דער אָרדענונג הויבען זיך אויף געגען זייערע האַרען״.

## 5

פּרעמדער פירט קאָמאַנדע

יעדע שאַפּ־פּעריאָדע האָט געהאַט איהר לעבענס־שטייגער, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם אופן ווי עס זיינען געווען די באַציהונגען פון באַלעבאָס צו די אַרבייטער; אין דעם אופן ווי עס זיינען געווען די באַציאונגען צווישען די אַרבייטער צווישען זיך זעלבסט; אין דעם אופן ווי די אַרבייטער פלעגען זיך קריגען, זיך קיבעצען, דעבאַטירען, אין זייערע ווערטלאַך, המצאות און אין די לידער, וואָס זיי פלעגען זינגען.

די באַציהונגען פון באַלעבאָס צו די אַרבייטער איז אין דער פּעריאָדע פון סוועט־שאַפּ געווען אַן אונמענשליכע און אַן אונציוויליזירטע, אָבער ניט בעסער זיינען אויך געווען די באַציהונגען צווישען די אַרבייטער אין שאַפּ. אַרבייטענדיג אונטער אַזוינע שרעקליכע אומשטענדען און אין אַזאַ קנוטישער אַטמאָספערע, ניט האָבענדיג קיין אַרבייטער־באַוואוסטזיין און דעם באַגריף פון אַרבייטער־אחדות, אַז איין אַרבייטער דאַרף זיין דעם אַנדער אַרבייטער אַ ברודער, זיינען די אַרבייטער און די אַמאָליגע סוועט־שעפּער געווען איינער צום אַנדערען „ניט אַ מענש, נאָר אַ וואָלף.״ די שווערע אַרבייט, די לאַנגע, אויסמאַטערענדע שטונדען און דער ווילדער געיעג נאָך אַ פּאָר סענט מער פאַרדינסט, האָט אָפּגעטעמפּט אין דעם אַרבייטער יעדען מענשליכען געפיל און האָט אין זיי בלויז געוועקט און אַרויסגערופען קנאה און שנאה איינער צום צווייטען. פלעגען טאַקע פאָרקומען אָפטע געשלעגען צווישען די אַרבייטער אין די שעפּער. און אָנטאָן אַ צווייטען אַרבייטער אַ נגישות, אים אָפּטאָן אַ שפּיצעל, איז געווען דער גרעסטער פאַרגעניגען.

דערציילט ב. וויינשטיין, אַז איינמאָל, ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ שאַפּ, האָט ער געזען ווי צוויי אָפּערייטאָרס שלאָגען זיך. „דער געשלעג איז געווען צוליב דעם, וואָס איין אָפּערייטאָר, וועלכער איז געזעסען אַנטקעגען דעם צווייטען, האָט געאַרבייט־פיל שנעלער ווי זיין שכן. האָבען זיי זיך אַזוי צעווערטעלט, ביז וואַנען איינער האָט זיך געוואָרפען שלאָגען אויפ׳ן צווייטען״.

ז. ליבין שילדערט אין איינע פון זיינע שאַפּ־ערציילונגען („איבער אַ נאָדעל״) אַ שטאַרקע סצענע, ווי אַזוי אַן אַרבייטער, צערייצט און אויפגערעגט איבער דעם וואָס דער באָס האָט אים געגעבען צו פּיקסען דעם גאַנצען באַנדעל אַרבייט, וואַרפט אַ שער אויף אַ צווייטען אַר־בייטער, ווייל יענער האָט אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצעל, האָט צוליב טרייבען שפּאָס מיט אים פון זיין מאַשין אַרויסגענומען אַ גוטע נאָדעל און דאָרט אַריינגעשטעלט אַ שלעכטע, שטומפּיגע נאָדעל״.

גראָבע רייד אין שעפּער

אַ שטאַרקע קרעפטיגע שילדערונג פון דעם ווי ברוטאַל און גראָב, עס זאָל ניט אויסגערעדט זיין, עס פלעגט אַמאָל זיין די באַהאַנדלונג פון איין אַרבייטער צום צווייטען אין שאַפּ, גיט אונז דער באַוואוסטער נאָוועליסט און דראַמאַטורג, לעאָן קאָברין, אין זיין ערציילונג: „ער, מאַקס די עופה׳לע און די שיינע העלענא״.

ער, ראָטשטיין, איז אַן אינטעליגענט. אַ אידישער ערציילונגס־שרייבער, וואָס פאַלט אַריין אין אַ שאַפּ פון מענערשע העמדער. קיין פייגעלדיגער בעל־מלאכה איז ער ניט. ער איז אַ לאָ־יצלח, און זיינע הענט טויגען זיך ניט אויס צו דער אַרבייט. לערנען אים די אַרבייטער פון שאַפּ ווי צו אַרבייטען, איבערהויפּט אַ יונגע אַרבייטערין, אַ שיינע מיידעל מיט׳ן נאָמען לינא. דער אינטעליגענט ראָטשטיין פאַרליבט זיך אין איר. אין שאַפּ אַרבייט אָבער אויך איינער, מאַקס די עופה׳לע, וואָס איז, ווי קאָברין שילדערט אים, „אַ הויכער, יונגער מאַן, מיט ברייטע פלייצעס, מיט אַ גלאַט־ראַזירט פליישיג פאַרגרעבט פנים, מיט קליינע, פלינקע און כיטרע אויגעלאַך און מיט אַ שוואַרץ געקרויזטען קאָפּ, אַ יונגער מאַן אַ גבור אויף זיין אויסזען״. אָט דער מאַקס די עופה׳לע איז פאַרליבט אין לינא׳ן און לינא, נאַטירליך, אויך אין אים. איין מאָל, דאָס איז געווען אין אַ פרילינג טאָג, דער אינטעליגענט ראָטשטיין זיצט ביי דער אַרבייט אַזוי פאַרטראַכט, די לופט אַרום איז אַזוי שטיקענד, שמעקט מיט דעם שאַרפען גערוך פון פאַרשוויצטע מענשישע לייבער, און עס אָטעמט זיך שווער. ראָטשטיין אָבער הערט ניט דעם ווילדען הוזשען

פון די מאַשינען, ער פילט ניט דעם שאַרפען גערוך פון מענשישען שוויס... ער איז ווייט פון דער פאַבריק. ער איז פאַרטרוימט. ער טרוימט פון זיין ווייטער, ליבער היים, פון זיין געליבטער העלענא (לינא), ער איז גליקלאַך און זיין נשמה, פול מיט באַגייסטערונג זינגט אין אים.

„און פלוצלינג — דערציילט קאָברין — האָט ער דערפילט ווי עפעס האָט אים טאַקע אַ קלאַפ געטאָן איבער׳ן האַלז: ער האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן, געעפענט ווייט די אויגען ווי פון אַ טיפען שלאָף, האָט זיך אַרומגעקוקט און איז געקומען צו זיך... ער האָט זיך אַ טאַפ געטאָן ביים האַלז און האָט פון דאָרט אַרויסגעשלעפט אַ באָנדעל מאַנזשעטען פון זיין אייגענער אַרבייט...

ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַוועקצולייגען דעם באָנדעל אויף אָן אָרט, ווי אַ צווייטער באָנדעל איז פון ערגעץ געפלויגען און האָט אים געטראָפען גלייך אין פנים, און בעת דעם האָט ער דערהערט דעם גראָבען באַסאָווען געלעכטער פון מאַקס די עופה׳לע, צונויפגעגאָסען מיט דעם העלען זילבערנעם געלעכטער פון לינאָן.

ער האָט אַ קוק געטאָן מיט צעשראָקענע אויגען אויף מאַקס און לינען. ביידע האָבען געקייכט פון געלעכטער.

— אוי, טאַטעלאַך מיינע — האָט גערעוועט מאַקס די עופה׳לע, צופאַלענדיג מיט זיין מעכטיגער ברוסט צום טיש פון דער מאַשין און לאַכענדיג מיט זיין געזונטען געלעכטער — איך וועל ניט אויסהאַלטען! די קישקעס וועלען ביי מיר פלאַצען! פון אונטער דער נאָז ביי אים אַוועקגעשלעפט די אַרבייט און ער האָט ניט באַמערקט!... הו־האַ־הו... אַך, מאַמעלאַך מיינע!... לינא, איך וועט אייך, אַז אים אַליין וועל איך אַוועקשלעפען פון אונטער זיין נאָז און ער וועט עס אויך ניט באַמערקען!... אַך, מאַמעלאַך מיינע!... הו־האַ־האַ״...

מ׳וואַרפט
באָנדלאַך
אַרבייט

אָט אַזוי גראָב און כמעט אכזריות׳דיג זיינען עס געווען די באַציהונגען צווישען די אַרבייטער אין די אַמאָליגע שעפער.

אַ שאַרפע שילדערונג פון דעם, ווי אַזוי אַמאָל פלעגען אַרבייטער אין די שעפער אַריינקריכען איינע די אַנדערע אין די גרגרות, זיך קיבעצען, אַריינזאָגען איינער דעם צווייטען שטעך־ווערטליך פאַר גאָרניט. גלאַט אַזוי צו פאַרוויילען זיך, גיט אונז אויך דוד איגנאַטאָוו, איינער פון די אינגערע אידישע שרייבער אין אַמעריקע, אין זיין ניט לאַנג צוריק ערשינענעם דריי בענדיגען ראָמאַן „אויף ווייטע וועגען״.

איגנאַטאָוו שילדערט ווי איין אַרבייטער, בעני, הויבט אָן צו קיבעצען און נעמען דעם לעבער א צווייטען אַרבייטער, מענדעל. ער טוט עס פאַר קיין אורזאַכע ניט, נאָר פון בלויזען פאַרגעניגען צו אָפ׳חוזק׳ן, אָפלאַכען פון אַ צווייטען אַרבייטער, און ענדיגען ענדיגט זיך עס מיט דעם, וואָס דער באַליידיגטער אַרבייטער וואַרפט אַ באָנטש דראָטען יענעם אין קאָפ. (איגנאַטאָוו שילדערט אַ שאַפ, וואו עס זיינען געמאַכט געוואָרען דראָטענע פאַסאָנען פאַר פרויען־העטס. היינט איז דאָס שוין אַרויס פון דער מאָדע). דער אינטעליגענט פון שאַפ, דער היימיש־אַריבערגעקומענער סאָציאַליסט, גערמאַן, קען עס ניט פאַרטראָגען און איגנאַטאָוו פאַרענדיגט מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„בערמאַן איז שוין געווען צוגעוואוינט צו אָט די ברוטאַלע פאַרוויילונגען פון די אַרבייטער. די אַרבייטער, וואָס האָבען כמעט אַלע געאַרבייט פאַר אַ הונגער־לוין, וואָס פלעגען שקלאַפען אין שמוציגע, פאַרפעסטעטע און פאַרוואַנצטע וואוינונגען, פלעגען זיך אָפפרישען און אַרויסווייזען דערפינדערישקייט אין אויסגעפינען די בעסטע מיטלען ווי אַזוי צו באַדען זיך איינער אין צווייטען. איינער אויף איינעם, אָדער עטליכע אויף איינעם פלעגען זיי זיך באָדען אין בייזער פרייד, ווען זיי האָבען אויסגעפונען דעם שוואַכסטען פונקט מיט וועלכען מען קען יענעם פייניגען״.

„נעמען דעם
לעבער״

דאָ האָבען מיר אָן ערקלערונג פאַר די כמעט ווילדע באַציהונגען פון אַרבייטער צו אַרבייטער אין די אַמאָליגע סוועט־שעפער.

עס האָט גענומען לאַנג די יוניאָנס ביז וואַנען זיי האָבען אויסגעוואָרצעלט פון די אַרבייטער אָט די ווילדקייט, זיי אויסגעמענשעלט און אין זיי איינגעפלאַנצט ברודער ליבע פון איינעם צום אַנדערען אין שאַפ. די פראָטאָקאָלען פון די גריוועגס באָאַרדס פון פאַרשיידענע יוניאָנס קענען דערציילען פון הונדערטע פאַלען וואו אַרבייטער ווערען פון דער יוניאָן באַשטראָפט פאַר ניט ברידערליכער באַציהונג פון איינעם צום צווייטען אין שאַפ און פאַר אָפטאָן מיאוס׳ע שפיצלאַך אַ צווייטען אַרבייטער.

היינט קען מען מיט פרייד זאָגען, אַז מיט איניגע אויסנאַמען איז דאָס שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. די יוניאָנס האַלטען אַ וואַכזאַמע אויג און דער אַרבייטער וואָס פירט זיך ניט גוט אויף, ווערט דיסציפלינירט.

דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערען וועגען גראָבע מיאוס׳ע רייד אין די שעפער. אי די באַלעבאָטים, אי די אַרבאייטער פלעגען אַמאָל אין דער סוועט־שאָפ פעריאָדע ניט זיין איבערקלייבעריש מיט זייערע רייד אפילו אין דער אַנוועזענהייט פון פרויען. די מערסטע ערשטע אידישע

אימיגראַנטען זיינען געווען טעמפּע, אומוויסענדע און דערשלאָגענע מענשען, אָהן וועלכער ניט איז וועלטליכע בילדונג, אָהן קולטור טראַדיציעס און אָהן אַרבייטער באַוואוסטזיין. מען האָט זיי אפילו געדאַרפט לערנען ווי צו לייענען אַ צייטונג. זיי זיינען אַריינגעפאַלען אין אַ טעמפּער שקלאַפישער שאַפּ אַטמאָספערע, וואו די מענשליכע ווירדע האָט גאָר קיין ווערט ניט געהאַט. איז עס אַ וואונדער, אַז מען האָט זיך ניט צערעמאָנירט מיט דער שפּראַך און מען האָט גע־בראָקט ווערטלאַך פון וועלכע אפילו אַ קאָזאַק האָט געקענט רויט ווערען ?

אפילו שוין אַ היפּשע פּאָר יאָר נאָך דעם קלאוקמאַכער גענעראַל סטרייק פון 1910, וואָס האָט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דעם לעבען פון די אידישע אַרבייטער געמאַכט און פון וויסטע שקלאַפען זיי פאַרוואַנדעלט אין מענשען, איז דעם שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען אַ טשערמאַן אין אַ שאַפּ, אויסגעקומען צו אָפּסטאַפּען אַ פּרעסער פאַר אַ גאַנצער וואָך פון דער אַרבייט אַלס שטראָף פאַר ריידען מיאוס'ע רייד צו אַ פרוי, אַ פינישערין.

היינט זיינען אָט די מיאוס'ע גראָבע רייד אין די שעפּער אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. די אַרבייטער זיינען געוואָרען אַנטוויקעלט, אויפגעקלערט, באַוואוסטזיניג און מען הערט מער ניט אין די שעפּער די גראָבע רייד.

שקלאַפען אַטמאָספערע

פון שטענדיג אָן האָבען אַרבייטער ביי דער אַרבייט זיך געקיבעצט, זיך אַריינגעזאָגט איינע די אַנדערע און געפירט ויכוחים איינער מיט'ן אַנדערער. אָבער דער אופן ווי זיי האָבען זיך געקיבעצט און וועגען וואָס זיי האָבען דעבאַטירט שפּיגעלט צום בולט'סטען אָפּ די צייט און די אומשטענדען און ווייזט אָמבעסטען אָן אויף דעם אונטערשייד פון אַמאָל און היינט. היינט דעבאַטירען אַרבייטער און קיבעצען זיך איינע די אַנדערע אין פראַגען וועגען רעכט און לינק, וועגען סאָציאַליזם און קאָמוניזם, וועגען סטאַלינ'ען און טראָצקי'ן, וועגען ציוניזם און „בונדיזם". יע אידישע שולען אָדער ניט אידישע שולען, וועגען צייטונגען, ליטעראַטור און ביכער. ווער איז אַ גרעסערער און אַ בעסערער שרייבער. אָבער אַמאָל, מיט 40 יאָר צוריק, — וועגען וואָס האָבען זיי דאַן דעבאַטירט אין די שעפּער און וועגען וואָס האָבען זיי זיך דאַן געקיבעצט איינער דעם צווייטען ?

ז. ליבין אין זיין ערציילונג „טוביה נעבאַך" שילדערט מייסטערהאַפט אַזאַ קריג אין אַ שאַפּ.

„די קריג — דערציילט ליבין — האָט געהאַט אַ פּאָליטישען כאַראַקטער. דאָס זיינען געווען אַ גאַליציאַנער „יהודי" מיט אַ רוסישען ליטוואַק; און די וואוילע יונגען האָבען זיך אַרומגעריסען פאַר זייערע קיסרים.

סיימאָן דער גאַליציאַנער האָט גאָר איינפאַך געשמירט מיט בלאָטע ניקאָלאַי דעם צווייטען.

היימאָן דעם רוסישען האָט עס פאַרדראָסען. ער האָט זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט פאַר זיין קיסר און טאַקע דערביי האָט ער גוט געריבען די־ביינער דעם אָרימען עסטרייכישען פראַנץ יאָזעף.

יע, די 50 יאָר האָבען עפּעס געלערענט דעם אידישען איינגעוואַנדערטען אַרבייטער. ער האָט אין זיין אויסבילדונג און באַוואוסטזיין אַ גרויסען שפּרונג פאָראויס געמאַכט.

שטענדיג האָבען אַרבייטער געזונגען ביי דער אַרבייט. זיי זינגען ווען עס איז זיי פריילין און זיי זינגען ווען עס איז זיי אומעטיג; זיי זינגען ווען זיי זיינען מוטיג און זיי זינגען ווען זיי זיינען דערשלאָגען; זיי זינגען פון וואוילטאָג און זיי זינגען פון וועהטאָג און אין די געזאַנגען זייערע שפּיגעלט זיך צום בעסטען אָפּ די צייט און זייער געמיטס צושטאַנד.

דעבאַטעם אין שעפּער

וואָס האָבען די אַרבייטער אַמאָל געזונגען אין די שעפּער און וואָס זינגען זיי איצט ?

אַ גוט שטיקעלע חזנות — אָט דאָס איז די שעפּער מיט 40 יאָר צוריק.

אין זיין ערציילונג „דער נגון" שילדערט ז. ליבין ווי אַזוי אַן אַרבייטער, וועמען די איבעריגע אַרבייטער פון שאַפּ האָבען ניט איבעריגס ליב געהאַט און זיי פלעגען אים דערגיין די יאָרען, צעזינגט זיך איינמאָל, ווען ס'איז אים געווען גוט אָנגעזאַלצען אויפ'ן האַרצען טאַקע פון דעם וואָס די אַרבייטער דערגייען אים די יאָרען, עפּעס אַ האַרציגען חזנ'ישען נגון און מיט דעם האָט ער ביי זיי אַזוי אויסגענומען, אַז ער איז ביי זיי געוואָרען גאָר אָנגעזען און זיי האָבען אים אויפגעהערט צו דערגיין די יאָרען. זיי זיינען אים פון דאַן אָן געוואָרען די בעסטע פריינד.

— אַנו, לייבעל, רופען זיך אָפּ די אַרבייטער אין אָנקעל מאָזעס' שאַפּ, די לאַנדסלייט פון קוזמין, צו איינעם פון די אַרבייטער אין שאַפּ — וואָס שווייגסטו היינט ? לאָמיר הערען דעם אַלטען חזנ'ס קדושה'לע.

„און לייבעל, וועלכער האָט געהאַט ליב דאָס ברעטל פון עמוד זיין גאַנצען לעבען און קיינ־מאָל אין דער היים קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צוצוקריגען זיך דערצו און אַרויסצואווייזען זיינע חזנ'ישע פעהיגקייטען, ווייזט עס יעצט אַרויס פאַר קוזמין ביי דער נאָדעל און ביי די הויזען. דעם אַלטען חזנ'ס נגון טראָגט איבער קוזמין אין דער אַלטער שול אַריין און עס דערמאָנט זיך זיי דער שיינער שבועות'דיגער שבת, ווען יעדער באַלעבאָס איז געזעסען אין זיין שיינער

שטאָט מיט׳ן טלית און גאָלדענער עטרה באַפּוצט און געקוואַשען זיך מיט׳ן חזנ׳ס נגונים, און היינט זיצט קוזמין מיט הויזען אין די הענט".

(שלום אש, „אָנקעל מאָזעס").

און וואָס זינגט ביי דער אַרבייט רפאל דער העלד פון אב. קאַהאַנ׳ס באַוואוסטער ערציילונג „רפאל נעריצך", ווען ער שטייט ביי דער אַרבייט אין דער סטאָלאָווסקער פעקטאָרי? דעם קרוליצערס נגון פון נעריצך ונקדישך. ניט מער, וואָס רפאל איז ניט אַזוי גליקליך ווי דער קוזמינער לאַנדסמאַן לייבעל, וועלכער אַרבייט אין שאַפּ פון זיין קוזמינער לאַנדסמאַן אָנקעל מאָזעס, אָדער ווי דער אַרבייטער אין ליבינ׳ס ערציילונג, וועלכער אַרבייט אויך אין אַ שניידער שאַפּ און אפשר אויך ביי א לאַנדסמאַן אַ באָס. יענע ערלויבט מען צו זינגען ביי דער אַרבייט די חזנ׳ישע שטיקלאַך. רפאל, אָבער, איז אַ סטאָלער און ער אַרבייט אין אַ גוי׳אישע פעקטאָרי, ערלויבט מען אים ניט צו זינגען דעם קרוליצער נגון און ער ליידט פון דעם שטאַרק.

אַב. קאַהאַן באַשרייבט עס אָט די ליידען פון רפאל זייער פּאָעטיש, אין זיין אויבערדערמאָנטען בוך רפאל נעריצך.

## אַב. קאַהאַנ׳ס „רפאל נעריצך"

„רפאל פאַרטיפט אין דער אַרבייט — שרייבט אַב. קאַהאַן — אַלץ איז אים אַ נייעס, אַ מחיה. עס זעט זיך ניט אַרום ווי די צייט גייט אַוועק. ער פאַרטיפט זיך נאָך מער און ער הערט אַליין ניט ווי זיין קול׳כעל, דעם אַמאָליגען רפאל׳ס קול׳כעלע, צעלאָזט זיך:

„נע־ע־ערי־אי־אי־ אי־צך!"

אַזוי שטייט ער מיט׳ן גוף זיך בייגענדיג, דרייענדיג זיך. זיין נשמה איז אין דער אַרבייט און דער „נעריצך" שוין צום צווייטען מאָל דריידעלט זיך און דריידעלט זיך אַרויף, אַרויף, און צוטאַנצט זיך איבער׳ן גאַנצען גרויסען סופיט און שרייט איבער דעם קדוש־קדוש־קדוש מיט דעם טרר־טרר־טרר פון די מאַשינען.

ונ־א־אק־די־אי־אי־ . . .

שאַראַפּ! — גיט דאָ אים פלוצלינג אַ צופּ אין אויער און נאָך אַ צופּ פילט זיך אין פלייצע.

דער „ונקדישך" אין זיין צווייטען מאָל איבערזינגען דעם באַרימטען קרוליצער נגון איז איבערגעהאַקט אין מיטען.

רפאל קערט זיך אָפּ און קוקענדיג ווי אַ האָן ווען מ׳שלאָגט אים איבער דעם קרייען, דערזעט ער דעם פאָרמאַן לעבען זיך. דער פאָרמאַן שרייט און רפאל קען שוין אויף אַזוי פיל ענגליש, אַז ער פאַרשטייט, דאָס ווען מען שרייט מיט אַ בייזען קול, איז דער טייטש דערפון, אַז מען איז אין כעס. וואָס האָט ער, רפאל געטאָן?. . . דוכט זיך, ער טוט די אַרבייט ווי פריער, נאָך בעסער, און פריער איז דאָך געווען „אָלרייט"?...

דער פאָרמאַן הייסט אַ דייטש׳ן, וואָס שטייט דערביי, אים ערקלערען. דער דייטש פאַרשטייט דעם פאָרמאַנ׳ס ווערטער און רפאל ערקונדיגט זיך, אַז אין אַ פעקטאָרי טאָר מען ניט זינגען . . .

רפאל איז אָפּהענטיג געבליבען. אויף אים זאָל מען אַזוי שרייען!... און פאַרוואָס?... דערלעבט יאָרען, אַ קול טאָר מען גאָר ניט אַרויסלאָזען... ער פאַלט ביי זיך אַראָפּ, עלענט ווערט אים, ווי אַ קליין קינד ווילט זיך אים וויינען" . . .

(אַב. קאַהאַן, רפאל נעריצך).

## חזנ׳ישער געזאַנג אין די שעפּער

די אידישע אימיגראַנטען אַרבייטער האָבען אין די שעפּער געזונגען ביי דער אַרבייט אַ גוט שטיקעלע חזנ׳יש מיט 50־40 יאָר צוריק אין דער אָנפאַנג פון דער אימיגראַציע, און זיי האָבען עס אויך געזונגען שוין אַביסעל שפעטער. זיי האָבען די חזנ׳ישע שטיקלאַך געזונגען כל זמן זיי זיינען נאָך געווען גרינע און די בענקעניש נאָך דער אַלטער היים. נאָך דער היימישער שטעטעלע האָט נאָך געטליעט אין זייערע הערצער און נשמות.

דער שרייבער פון אָט די שורות האָט אַמאָל געאַרבייט אין אַ שאַפּ, וואו די מערסטע אַרבייטער זיינען געווען גאַליציאַנער לאַנדסלייט. איינער פון די אָפּרייטאָרס איז געווען אַ זעלטענער חזנ׳ישער זינגער. ער איז איצט טאַקע אַן אָנגעזעענער חזן אין ניו יאָרק און אַ פירער פון חזנים פאַרבאַנד. איז ווען דער עולם פלעגט זיך גוט צעוואַרימען ביי דער אַרבייט, פלעגט אָט דער אָפּערייטאָר אַ זינג טאָן אַ חזנ׳יש שטיקעלע — אַ תקנת שבת אָדער אַ שבת׳דיגע קדושה מיט אַזאַ מתיקות. דער גאַנצער שאַפּ פלעגט אים ווי אַ כאָר מיטהעלפען און איבער׳ן שאַפּ פלעגט זיך צעטראָגען אַזאַ הילכיגער חזנ׳ישער געזאַנג, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז מען געפינט זיך אין אַ שול, ביים שבת׳דיגען דאַוונען, ניט אין אַ שאַפּ.

אויך פלעגט מען זינגען פאָפּולערע אידישע טעאַטער נגונים (דאָס זינגט מען נאָך היינט אויך צוביסלאַך אין די שעפּער). דער שרייבער געדענקט, ווי ער איז אַמאָל אָנגעקומען אַרבייטען אין אַ שאַפּ. דאָס איז געווען אין גרין סטריט. און איידער נאָך ער האָט זיך גוט איינגעזעצט ביים

מאַשין, האָט זיך איבער׳ן שאַפּ צעגאָסען אַ געזאַנג, געזונגען בוכשטעבליך פון אַלֿע אַרבייטער. דאָס איז געווען די דעמאָלסדיגע פּאָפּולערע טעאַטער לידעל פון טאָמאַשעווסקי׳ס „פּינטעלֿע איד״:

„אידעלֿע פון קרוין איז דאָס פּינטעלֿע איד״.

היינט זינגט מען שוין וויניג אין די שעפּער אָט די חזנ׳ישע שטיקלאַך און טעאַטער לידלאַך. די אורזאַכע אין אַ גאַנץ פּשוט׳ע. די נאָדעל טרייד שעפּער שטעלֿען מיט זיך איצט פאָר אַן אינטערנאַציאָנאַל אין קליינעם פאָרמאַט. אין די שניידער שעפּער, דרעס שעפּער, וועיסט גודס שעפּער, מילינערי און אין געוויסער מאָסען אויך אין די קלאָוק־שעפּער אַרבייטען איצט אַרבייטער פון פאַרשידענע נאַציאָנען און לענדער. עס אַרבייטער אין איין שאַפּ זייט ביי זייט אידען, איטאַליענער, פּאָליאַקען, סלאַווען, ליטווינער, נעגערס, פראַנצויזען, סיריער און פון אַנדערע לענדער און פעלקער. און אין די שעפּער קען מען איצט הערען זינגען לידער אויף פאַרשיידענע שפּראַכען און מיט פאַרשיידענע נגונים, אָדער די געמיינזאַמע יוניאָן און קאַמף לידער, ווי דער „אינטערנאַציאָנאַל״, דעם דרעסמאַכער „וויקטאָרי סאָנג״ און אַנדערע אַזוינע לידער.

נייע צייטען, נייע פויגעל.  
נייע פויגעל, נייע לידער.

6

## מאַרקעטס וואו ארבייטער באַגעגענען זיך

דער אַרבייטער מאַרקעט, דאָס איז אַ וויכטיגע אינסטיטוציע אין לעבען פון די אַלֿע אַרבייטער און ספּעציעל פון די נאָדעל טרייד אַרבייטער.

אַמאָל, מיט 50—40 יאָר צוריק, איז דער מאַרקעט געווען דער פּלאַץ, וואו באָסעס פלעגען קומען זוכען אַרבייטער. דעריבער האָט מען עס טאַקע גערופען דער „חזיר מאַרק״. היינט עקזיסטירט נאָך אויך דער מאַרקעט, אָבער היינט האָט ער אַן אַנדער אויסזען און איז פאַר אַן אַנדער צוועק.

נאַטירליך האָט זיך דער מאַרקעט שטענדיג געפונען דאָרט וואו די שעפּער האָבען זיך געפונען און מיט דעם מופען פון די שעפּער אַלץ ווייטער און ווייטער אַפּטאַון האָט אויך דאָרט געמופט דער מאַרקעט.

דער גאָר ערשטער מאַרקעט, קען מען זאָגען, איז געווען דער „קעסטעל גאַרדען״. „שניידער באָסעס — שרייבט ב. וויינשטיין אין זיין בוך „40 יאָהר אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג״ — פלעגען קומען יעדען טאָג אין „קעסטעל גאַרדען״ זוכען אַרבייטער.״ נאָכדעם האָט זיך דער מאַרקעט געפונען אָדער אין די ביר סאַלונען וואו זיי האָבען, ווי וויינשטיין שרייבט, זייערע צרות פאַרטרונקען מיט ביר, אָדער אויף געוויסע סטריט קאָרנערס. דער פּאָפּולערסטער מאַרקעט, וועלכע מען האָט גערופען דער „חזיר מאַרק״, האָט זיך געפונען קאָרנער עסעקס און העסטער סטריט, וואו איצט געפינען זיך דער סואַרד פּאַרק. דאַן איז נאָך קיין פּאַרק ניט געווען און שפּעטער, ווען מען האָט געמאַכט דעם פּאַרק, איז פאַר אַ ריי מיט יאָרען דער חזיר־מאַרק געווען אין סואַרד פּאַרק. — יעדען שבת בייטאָג, שרייבט וויינשטיין, פלעגען זיך דאָרט פאַרזאַמלען טויזענדע „הענט״, שניידערס בעיסטערס, אָפּערייטאָרס, פינישערס און פרעסערס. די קאָנטראַקטאָרס פלעגען דאָרט קומען זוכען הענט און סעטס פאַר די „טימס״. אַמאָל פלעגט עס טרעפען, אַז די פּאָליציי פלעגט מאַכען אַן אָבלאַווע אויף דיזען „מאַרק״ און די אָרימע שניידער אַרבייטער פלעגען אַהיים פליען מיט צובראָכענע ביינער.״

## „חזיר־מאַרק״ און 5טע עוועניו

אין דעם דאָזיגען „חזיר מאַרק״ פלעגען אָפטמאָל פאָרקומען קאָמישע און טראַגישע סצענעס, ווי אַזוי באָסעלעך פלעגען זיך רייסען פאַר אַן אַרבייטער. יעדער פלעגט אים רייסען צו זיך, און דער אָרימער אַרבייטער נעבאַך פלעגט שטיין אַ צעמישטער און זיך ניט קענען קיין עצה געבען — צו וועלכען באָס צו גיין אַרבעטען.

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט אַמאָל, גרינערהייט, צוגעזען אַזאַ סצענע אין „חזיר מאַרק״ וואָס האָט זיך נאָך דאַן געפונען אין העסטער פּאַרק.

דאָס איז געווען שבת בייטאָג. אין מאַרקעט איז געשטאַנען אַ שניידער און האָט געהאַלטען אַ גרויסע שער און לעבען אים זיינען געשטאַנען צוויי מענער, האָבען זיך געקריגט, געאַמפּערט, מיט אים איינגע׳טענה׳ט און יעדער פון די צוויי מענער האָט די שער פון שניידער געריסען צו זיך. ,

ווען איך האָב געפרעגט ביים באַגלייטער וואָס דאָס באַדייט, האָט ער מיר געענטפערט אַזוי:

די צוויי מענער וואָס רייסען די שער — דאָס זיינען צוויי באָסעלעך וואָס זיינען געקומען זוכען אַ שניידער. דער מאַן וואָס האַלט די שער איז אַ שניידער און יעדער איינער פון די באָסעס וויל ער זאָל צו אים גיין אַרבייטען. אום צו זיין זיכער, אַז ער וועט אויף מאָרגען (זונטאָג) קומען

צו דער אַרבייט ווילן זיי ביי אים די שער פאַר אַ משכן. דעריבער רייסן זיי דאָס די שער פון אים. ווער עס וועט אַרויסרייסן די שער, צו יענעם וועט ער מוזן גיין אַרבייטן.

ניט אומזיסט טאַקע האָט מען עס אָנגערופן „חזיר מאַרק”. קיין בעסערן נאָמען איז עס ניט ווערט געווען.

ווען די שפּעלער האָבן געמופּט אַפּטאַון האָט אויך געמופּט דער מאַרקעט. מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק איז דער קלאָוק מאַרקעט געווען אויף פינפטע עוועניו צווישן 14־טע און 23־טע סטריט. נאָכדעם האָט זיך דער מאַרקעט געפונען אויף 5־טע עוו. צווישן 25־טע און 40־טע סט. איצט, זינט עס עקזיסטירט דער גאַרמענט צענטער, געפינט זיך דער מאַרקעט פון די קלאָוק און דרעס מאַכער אויף דער 7־טער עוו. צווישן 34־טע און 42־טע סט. די פאַריערס האָבן זייער מאַרקעט אין דער 27־טער סט. צווישן 7־טע און 8־טע עוו. און דער מילינערי אַרבייטער מאַרקעט געפינט זיך אויף דער 6־טער עוו. צווישן 37־טע און 38־טע סט.

„ליפלעטס” און יוניאָן פּאָליטיק

אין די מאַרקעטס קענט איר יעדן טאָג, אין דער מיטאָג שטונדע, זען טויזנדער אַרבייטער שפּאַצירנדיג הין און צוריק. עס הוזשעט דאָרט און עס קאָכט ווי אין אַ בינשטאָק. אָבער דער מאַרקעט טראָגט שוין היינט גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער און האָט אַ גאָר אַנדער פונקציע ווי אַמאָל. היינט איז דאָס שוין ניט מער אַ „חזיר מאַרק”. היינט קומען שוין דאָרט ניט באַסעלעך אָדער פאָרלייט צו „איינהאַנדלען” אַרבייטער. היינט קומען די אַרבייטער אין מאַרקעט, זיך זען מיט באַקאַנטע אַרבייטער פון פאַך; ריידן יוניאָן פּאָליטיק; ריידן וועגן (און זאָל ניט אויס־גערעדט זיין, אויך באַ ר י י ד ע ן) די יוניאָן באַאַמטע און זיך אַמפּערן וועגן וועלטליכע ענינים. דאָרט אין מאַרקעט ווערן אַלע יוניאָן און וועלט פּראָבלעמען געשליכטעט; דאָרט ווערן די אַרבייטער ממש פאַרפּלייצט מיט ליפלעטס און „ליטעראַטור” פון די פאַרשיידענע פראַקציעס אין דער יוניאָן. ספּעציעל אין דער צייט ווען אין די יוניאָנס קומען פאָר וואַלן פאַר באַאַמטע.

היינט קומען אויך אַרבייטער אין מאַרקעט צו זוכן אַ דזשאָב. עס טראָגט שוין אָבער אַן אַנדער כאַראַקטער. זיי קומען ניט אין „חזיר מאַרקעט” צו וואַרטן אויף אַ באָס אָדער אַ פאָרמאַן זאָל זיי קומען „איינהאַנדלען”, נאָר זיי קומען טרעפן יוניאָן ברידער, זיך נאָכ־צופרעגן אויף אַ דזשאָב ביי אַנדערע אַרבייטער: אַז יענע זאָלן זיי אַרויפנעמען אין שאַפּ צו דער אַרבייט.

אָט דעם נייעם מאַרקעט האָט דער שרייבער פון די שורות געשילדערט אין אַן ערציילונג מיט׳ן נאָמען: „אַן אַלטע האַנט”.

איזי מירקין, אַ געוועזענער קלאָוקמאַכער איז אַוועק אין „ביזנעס”, האָט געקויפט אַ גראָ־סערי סטאָרקע. אַז ער האָט זיך אַ פּאָר יאָר גוט אָנגעפּלאָגט מיט דער גראָסערקע, האָט ער דעם „געשעפט” זיינעם פאַרקויפט און באַשלאָסן צו גיין צוריק אין שאַפּ. און ער איז אַרויס זוכן אַ דזשאָב. אַזוי ווי אַ דזשאָב צו אַרבייטן איז אים געווען שווער צו קריגן האָט ער באַשלאָסן קודם כל צו גיין פריער ווי אומעטום אין קלאָוק מאַרקעט, אפשר וועט ער טרעפן אַלטע באַקאַנטע אַרבייטער און זיי וועלן אים אַרויפנעמען צו זיך אין שאַפּ.

אַרבייטער מיט זעלבסט־ווירדע

„דער קלאָוק־מאַרקעט — ווערט געשילדערט אין דער ערציילונג — איז געווען געדיכט אָנגעפּאַקט מיט מענשען. מען איז געשטאַנען פּאַרוויז, גרופּענווייז און גערעדט. דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די זון האָט געבראָטן און די היץ האָט געזעצט אין פּנים אַריין, איז מען געשטאַנען מיט די רעקלאַך אויף די הענט, אַנדערע אין גאַנצען אָן רעקלאַך נאָר בלויז אין פּאָלאָ שוירטס און מען האָט זיך מיט ניט גאָר ריינע טיכלאַך געווישט דעם שוויס פון פּנים און האַלז”.

איזי, מיטן רעקעל אויפן האַנט, דער קאָלנער פון העמד ברייט פאַרנאַנדערגעעפענט, און די אַרבעל פון העמד פאַרקאַשערט ביז די עלנבויגענס, האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן מאַרקעט, האָט שטאַרק געשוויצט, געפּאַכעט, געהאַלטען אין איין ווישן דעם שוויס פון זיך און מיט די אויגען געוואָרפען אויף אַלע זייטען, געזוכט, גענישטערט באַקאַנטע.

ער האָט פון דערווייטען דערזען שטייענדיג אַ גרופּע באַקאַנטע אַרבייטער און ער האָט זיך אַ דערלייכטערטער און מיט אַ פרייד געלאָזען צו זיי.

דערזעענדיג איזי׳ן, האָבן זיי אים אַלע באַגעגענט מיט אַפריילּיכען ברוך־הבא.

— אַה, העלאָ, איזי! — האָבן זיי אַלע מיט אַמאָל אויסגעשריען, — אַה, זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! וואָס איז דער מער, איזי? שוין אויס קרעמעל? אויס ביזנעסמאַן? . . . — און איינער האָט שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ, ווי מען באַדויערט אימיצען, פאַרענדיגט:

— אוי, איזי, איך האָב דיר אָבער געזאָגט, אַז דו זאָלסט ניט גיין אין ביזנעס. אָט מיט אַזאַ פּנים ווערט מען עס אַ ביזנעסמאַן? . . . — און אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

איזי איז געשטאַנען אין מיטען רעדעל, זיך אונטערגעהאָצקעט, געבלינקעלט מיט די אויגען, געשמייכעלט מיט אַ געמאַכטען שמייכעל און ניט געקוקט וואָס אויפ׳ן האַרצען איז אים שוין

גאָרניט געווען אַזוי פריילאַך, האָט ער אויפן פּנים אָנגעצויגען אַ פריילעכע מינע און זיך אָפּגע־רופען אויך מיט אַ קיבעץ:

— ווי דען־זשע, שטיין דאָ מיט אייך, לאַפּאַצאַנעס? אַ סך קאָן מען פון אייך דערלעבען. איר וועט דאָך שוין שטאַרבען קבצנים.

דער עולם האָט זיך דערפילט אַ ביסעל באַליידיגט און איינער האָט איזי׳ן אריינגעזאָגט:

— זע נאָר, זע נאָר דעם ביזנעסמאַן מיינעם, דער גביר מיינעם. סיי, איזי, אַז דו ביסט שוין יאָ אַזאַ קנאַקער, למאַי ביסטו ניט געוואָרען מאָרגאַנ׳ס אַ שותף? . . .

איזי האָט געזען, אַז מען מאַכט שוין פון אים חוזק, האָט ער זיך אָפּגערופען ערנסט און מיט פאַרזאָרגטקייט אין קול:

— מילא, דזשאָוקס אָן אַ זייט, באָיעס, אפשר ווייסט איר עפּעס אַ דזשאָב פאַר מיר?

— אָט־אַזוי רעדסטו ווי אַן אייגענער באָי — האָבען אייניגע פון רעדעל זיך אָפּגערופען — אַז דו רעדסט אַזוי, איז דאָך גאָר אַנדערע דבורים. טו קום מיט אונז, אין אונזער שאָפּ, דוכט זיך, דאַרף מען אַן אָפּערייטאָר — און מיטנעמענדיג איזי׳ן זיינען זיי מיט אים אַוועק אין שאָפּ.

דער קלאָוק מאַרקעט האָט גאָר היינט אַן אַנדער אויסזען. ס׳איז ניט מער קיין „חזיר מאַרק" נאָר אַ בירזשע פון אַרבייטער.

די שניידער האָבען איצט גאָר קיין מאַרקעט ניט. זייער מאַרקעט איז איצט לעבען און אין דעם אַמאַלגאַמעיטעד אָפיס פון דזשאָינט באָארד, 31 וועסט 15־טע סטריט, וואָס האָט אייגענע גרויסע געראַמע פלאָרס. דאָרט קומען זיך צוזאַמען יעדען שבת אין דער פרי, ווען מען אַרבייט ניט, הונדערטער שניידער, אויסגעפּוצטע אין די שבת׳דיגע בגדים און מען זעט זיך מיט באַקאַנטע אַרבייטער פון פאַך און מען רעדט יוניאָן פּאָליטיק. פאַר די לעצטע פאַר יאָר האָט עס די יוניאָן אויסגענוצט און זי אַראַנזשירט דורכן ווינטער פאַר יעדען שבת פרי לעקציעס מיט קאָנצערטען, צו וועלכע עס קומען טויזענדער שניידער.

בכלל שפּיגעלט זיך איצט מער ניט אָפּ דער געזעלשאַפטליכער און גייסטיגער לעבען פון די נאָדעל טרייד אַרבייטער אין מאַרקעט, און אין סאַלון געוויס ניט. איצט איז דער געזעלשאַפט־ליכער און גייסטיגער לעבען פון די אַרבייטער קאָנצענטריט אין און אַרום די פאַרשיידענע פיל־פאַרצווייגטע קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען פון די יוניאָנס, און זייערע פילע עדיוקיישאָנאַל און רעקריאיישאָנאַל טעטיגקייטען, ווי לעקציעס, טעאַטער, דראַמאַטישע טרופּען, כאָרען, ספּאָרט גרופּען א. ז. וו.

אַ נייע צייט, אַ נייער שאַפּ, אַ נייער טיפּ אַרבייטער און נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען און גייסטיגען פאַרברענגען.

## פון ביר־סאַלון צו יוניאָן־עדיוקיישאָן

אָבער אויך די נייע צייט האָט אירע אַרבייטער טראַגעדיעס, און אירע דיכטער, וואָס שיל־דערען קינסטלעריש אָט די טראַגעדיעס.

די יאָרען לויפען. די אידישע אימיגראַנטען וואָס זיינען אָט נעכטען געווען יונג, פול מיט לעבען און ענערגיע, וואָס האָבען געברענט אַ וועלט און האָבען מיט זייער שווייס און בלוט אויפגעבויט די ריזיגע נאָדעל אינדוסטריעס, וואָס האָבען יאָרען לאַנג געליטען, גע־שטרעבט, געקעמפט און געהאָפט, ווערען אַלט, ווערען אויסגעשפּילט און מען וויל זיי שוין מער אין די שעפּער ניט האָבען. מען וויל זיי שוין מער צו דער אַרבייט ניט נעמען. „איר טויגט שוין ניט" — זאָגט מען זיי. און איבעריגע, אַרויסגעוואָרפענע און אויסגעשפּיגענע קומען זיי אין מאַרקעט, שטייען זיי אין גאַס, אויף אַ ראָג אויף בראָדוויי, און זוכען אַ קונה אויף זייערע הענט.

## די אַלטע אַרבייטער פון היינט־צו־טאָג

אָט די טראַגעדיע פון די אַלטע אידישע שניידער, קלאָוקמאַכער און אַנדערע נאָדעל אַרבייטער האָט גלענצענד אויסגעדריקט דער באַוואוסטער אידישער פּאָעט מאַני לייב אין זיין וואונדערליך ליד, אונטער׳ן נאָמען: „אַ ליד פון אַלטינקע שניידערלאַך, הויקערלאַך צוויי"...

מיר גיבען דאָ דאָס ליד כמעט אין גאַנצען איבער:

אין האַרץ פון ניו יאָרק — פון דער שטיינערנער שטאָט<br>
קומט רוישיג דער טאָג מיט זיין האַסטיגען טראָט<br>
און טרייבט איבער גאַסען ווי טשערעדעס קי<br>
די מחנות פון אַרבייט צו טאָגיקער מי.

די גרויע פאַבריקען פון אונטען אַרויף<br>
די מיילער די פינסטערע עפענען אויף<br>
און שלינגען די מחנות און זויגען זיי אויס<br>
און שפּייען זיי שפּעטער אויף גאַסען אַרויס.

„שניידערלאַך, הויקערלאַך צוויי"

און איבער די גאַסען פאַרלאָרען און קליין
פאַרבלייבען נאָר אַלטינקע — ביין און געביין,
וואָס זיי האָט די אַרבייט שוין לאַנג אויסגעזויגט,
וואָס זיי האָט די עלטער פריצייטיג גענויגט...

און דאָ אויף אַ גאַס אויף אַ ראָג אויף בראָדוויי
פאַרבלייבען די אַלטינקע שניידערלאַך צוויי,
צוויי שניידערלאַך־הויקערלאַך, אָרים און קליין,
פאַרדאַרטע — פאַרקוואַרטע, נאָר ביין און געביין, —

געוועזענע העלדען פון נאָדעל און שער...
זיי שטייען און זיפצען פאַרלאָרען און שווער
און ריידען אַן טרערען און ריידען אָן פרייד
נאָר ביטערער גאַל איז אין זייערע רייד.

— עך, ברודער, געדענקסט ווי פאַר׳חושכ׳ט און גרין
מיר האָבען געטריבען דאָס ראָד פון מאַשין,
די שאַרערס געשאַרט און אין צרות געדאַרט
און גאָלדענע אוצרות די האַרען געשאַרט...

געדענקסט, און דערנאָך איז געקומען דער שטרייט
פאַר ברויט און פאַר פרייהייט פאַר אונזערע לייט,
און אַלע ווי איינער — ווי העלדען אין קריג,
מיר האָבען געוואונען דער ערשטיג׳ען זיג.

די שטיינער פון גאַס וואָס דער שטויב האָט פאַרדעקט
זיי זיינען מיט אונזערן בלוט נאָך פאַרפלעקט...
דערפאַר האָט דער בייזער באַצווינגער און האַר
פאַר אונז זיך געבויגען אין שרעק און געפאַר...

— יאָ, ברודער, געוויס איז עס איינמאָל אַ צייט!
און איצט פירט אַ אינגערער דור אונזער שטרייט.
אַ אינגערער דור — יונגע קראַפט, יונגע בלוט,
נאָר עפּעס ניט דאָס... און ניט דאָס איז דער מוט.

און אונז — וואָס מיר זיינען די ערשטע געווען —
מיר זיינען איצט עלענט... פאַרגעסען, פאַרזען...
מיר זיינען באַזייטיגט ניט נאָר פונ׳ם שטרייט,
אפילו צו לעבען ווי אַרבייטער לייט...

נאָר אָנטאָן די טאַרבעס און בעטלען דעם ברויט:
„די שניידערלאַך הויקערלאַך, העלפט זיי אין נויט,
געוועזענע העלדען פון נאָדעל און שער
גיט ברויט זיי אַ שטיקעל פאַרנעמט זייער טרער..."

אַ גרויסע וועלט — די שאַפּ־וועלט: און זי איז אונזער וועלט. זי שאַפט פאַר אונז פראָבלעמען, אַלמענשליכע און אידישע, און זי שטימט־אָן אונזערע עמאָציעס. זי איז אַ קוואַל פון הומאָר און פון טראַגעדיע. דורך איר איז דורכגעגאַנגען מיט גרויסער דראַמע אויף זיך דער גאַנצער אַמעריקאַנישער יודענטום. די שאַפּ־וועלט אונזערע וועט זיין אַ גרויס קאַפּיטעל אין דער אידישער געשיכטע פון די לעצטע און איצטיגע דורות.

# אין נאָמען פון אמונה

אַ בלאַט געשיכטע פון קלאָוק־שעפּער

פון לואיס לאַנגער

מען דאַווענט אין די שעפּער

מיט דעם יובילײ פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פרייען זיך אַלע אידישע טרייד יוניאָנס. און פונקט אַזאַ פייערליכקייט איז ביי דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און ביי די איינצעלנע ניט־אידישע אַרבייטער־קערפּערשאַפטען, מיט וועלכע די געווערקשאַפטען איז דורך דער פּעריאָדע פון איר עקזיסטענץ געקומען אין ברידערליכער באַרירונג. די גאַנצע אַר־בייטער־וועלט האָט געזען איר אַרבייט, שעצט הויך אַלע אירע לייטונגען.

עס איז ניטאָ קיין איין אידישע טרייד־יוניאָן וואָס די געווערקשאַפטען האָט ניט אָרגאַ־ניזירט אָדער געהאָלפען אָרגאַניזירען. זי איז פון דער ערשטער מינוט אָן געווען אַ לעבען־ברענ־גענדע קערפּערשאַפט, וואָס האָט אַריינגעאָטעמט לעבען אין יעדער אידישער יוניאָן, אויך אין די גרויסע, די אויסגעוואַקסענע יוניאָנס.

די געווערקשאַפטען איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין די יאָרען פון אימיגראַנטען־שטראָם. ווי יעדע אָרגאַניזאַציע, האָט זי געזוכט אנערקענונג; געזוכט, אַז מען זאָל זיך צוהערען צו איר וואָרט. זי האָט געהאַט אירע פּיאָנערען, אידעאַלע קאָמפּסלוסטיגע מענשען. ניט אַלע פון זיי האָבען דערלעבט די פייערונג פון איצטיגען, דעם גאָלדענעם יובילײ. בלויז געציילטע זיינען פאַרבליבען צו זען ווי זייער בנין קוקט אויס צו דער עלטער פון 50 יאָר פון גרויסע אַרבייטען און וואונדערליכע ערפאָלגען.

די פּיאָנערען פון די געווערקשאַפטען זיינען דערטראָגען געוואָרען אַהער פון דעמזעלבען שטראָם, וואָס האָט געבראַכט אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע אימיגראַנטען. דער געלאָף קיין אַמע־ריקע איז געווען צו דערגרייכען עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען און פּאָליטישע פרייהייט. די גרופּעס פּיאָנערען, אין וועמען עס האָט געברענט אַ פאַרלאַנג נאָך פרייהייט, האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט דעם באַוואוסטזיין, אַז פרייהייט האָט אַ זין נאָר מיט מאַכט פון אָרגאַניזאַציע. איז דאָך עס אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז איידער־נאָך זיי, די פּיאָנערען, האָבען זיך אַליין איינגע־אָרדענט אין דעם לאַנד, וועמענס מנהגים זיינען זיי געווען פרעמד, האָבען זיי אונטערנומען אָן אויפקלערונגס־אַרבייט צווישען די „גרינע", די ערשט־געקומענע פון אַלע טיילען פון דער וועלט, געגען דער דעמאָלט־הערשענדער עקספּלואַטאַציע אין די פאַרשיידענע אידישע טריידס, וואָס זיינען געלעגען אין די הענט פון באַלעבאַטים, וועלכע זיינען אַהער געקומען פון דיזעלבע שטעטלאַך, פון וועלכע די „גרינע לאַנדסלייט" זיינען געקומען.

פרומקייט אָדער עקס־פּלואַטאַציע ?

נעמט דעם קלאוק־טרייד פון יענער צייט: וויפיל מענשען, וואָס זיינען געקומען פון זייערע אייגענע שטעטלאַך, האָבען די סאַדאָווסקיס, די ווייַנשטיינס, די טוירקעל־ און פעלשטינער און די מאיר וועסעלס עקספּלואַטירט ? נאָך אויף יענער זייט ים האָבען שוין די מענשען געוואוסט וואָס פאַר אַ „שמאַלץ־גריבער" עס וואַרטען פאַר זיי אין דעם „גאָלדענעם לאַנד", ווען זיי וועלען גיין אַרבייטען צו זייערע לאַנדסלייט. די „גרינע" האָבען ניט אינגאַנצען זיך אָפּגענאַרט. זיי האָבען געפונען אין די שעפּער אַלץ, נאָר ניט קיין ברויט.

און פרייהייט ? — נאָר די פרייהייט צו דאַווענען אין שאַפּ מנחה און מעריב.

ווי די „גרינע" האָבען עס אָפּגעשאַצט, געעהרט זייערע באַלעבאַטים, וואָס זיי שטערען זיי ניט אויפצוהאַלטען אידישקייט ! וויפיל ברכות זיי האָבען דערפאַר געגעבען זייערע באַלעבאַטים ! און אַ סך מאָל האָבען די באַלעבאַטים אַליין מיט זיי מיטגעדאַווענט, און דאָס איז דאָך שוין געווען גאָר אַ גרויסע זאַך !

עס איז די „גרינע" ניט איינגעפאַלען, אַז אונטער דעם שלייער פון זייער אַרבייטס־געבער'ס אידישקייט ווערען זיי עקספּלואַטירט, און טאַקע אויף אַ זעהר שענדליכסטען אופן. די באַלעבאַטים האָבען אין די אויגען פון די „גרינע" פרומע אַרבייטער אויסגעקוקט ניט ווי מענשען, נאָר ווי פשוט'ע מלאכים. און הימלדיג און מלאכ'דיג איז ערשט געווען דער באַלע־

באָס, וואָס האָט צו אַ „יאָר־צייט” געפּראַוועט אין שאַפּ, געבראַכט שנאַפּס מיט ברויט און הערינג, און דערצו אָנגעוואונשען, אַז די נשמה פון דעם פאַרשטאָרבענעם זאָל האָבען די עליה, און דאָס פאָלק ישראל זאָל האָבען אַ ישועה...

ווייניג „גרינע” האָבען אין יענע יאָרען פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ גוט־הערציגקייט פון זייערע אַרבייטס־געבער איז ניט געווען די כונה פון פרומקייט, נאָר די כונה פון עקספּלואַטאַציע.

און וואָס עס איז פאָרגעקומען אין קלאָוק־טרייד איז פאָרגעקומען אין אַנדערע טריידס. אין אַלע אידישע טריידס האָבען זיך איינגעפונען גלויביגע אַרבייטער, וועמען באַלעבאַטים האָבען אויסגענוצט אונטער דער מאַסקע פון אמונה. די געווערקשאַפטען איז געווען די ערשטע אַרונטערצורייסען אַזאַ שלייער. איר רוף צו די אימיגראַנטען צו אָרגאַניזירען זיך האָט ניט אַנטהאַלטען אַ וועלכע געגנערשאַפט אַפּצוהיטען אידישקייט, יעדער אויף זיין שטייגער, נאָר אַ געגנערשאַפט צו לאָזען זיך עקספּלואַטירען מיט דער הילף פון רעליגיע, וואָס די באַלעבאַטים האָבען פאַרשוועכט. צו אידישקייט דאַרף מען האָבען ברויט און מענשליכע אַרבייטס־באַדינגונגען — דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דער ערשטער אַגיטאַציע פון די געווערקשאַפטען.

**געווערקשאַפטען ווי אַן אינטערנעשאַנאַל**

ניט באַלד האָבען די „גרינע” זיך צוגעהערט צום וואָרט פון די געווערקשאַפטען. דער איינפלוס פון די באַלעבאַטים אויף זייערע אַרבייטער דורך ערלויבען זיי רעליגיעזע פרייהייט אין שאַפּ, אָדער דורך אַ „שלישי”, וואָס די באַלעבאַטים האָבען זיך געלאָזען געבען שבת אין די לאַנדסמאַנשאַפט־שולען, וואו זיי אַלע, די אַרבייטער און די באַלעבאַטים, האָבען מתפלל געווען — די באַלעבאַטים מיט גלאַנצעדיגע צילינדער־היט — דאָס האָט פיל געשטערט די פּיאָנערען, וועלכע האָבען געבויט די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג. די געווערקשאַפטען איז, אָבער, געוואָרען אַ כח, און צו אירע אויפקלערונגען, אַז מען זאָל שטרעבען צו אַ בעסערען סאָציאַלען לעבען און מענשליכע אַרבייטס־באַדינגונגען, האָבען די אידישע אַרבייטער פאָרט אָנגעפאַנגען זיך צוצוהערען.

אין יעדען עקאָנאָמישען קאַמף, וואָס די אידישע אַרבייטער איז אויסגעקומען צו פירען אין דעם משך פון די לעצטע 50 יאָר, האָט די געווערקשאַפטען געשפּילט אַן אומגעהויערע ראָלע.

און איצט — ניט נאָר נעמט די געווערקשאַפטען אַן אנטייל אין אַלע פראַגען, וועלכע רירען אָן די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע, נאָר אויך אין פראַגען, וועלכע רירען אָן די אידישע אַרבייטער אין אַנדערע לענדער. די געווערקשאַפטען־קאַמפּיינס פאַר די אידישע אַרבייטער אין פּאַלעסטינע ווערען באַגעגענט מיט דער גרעסטער אנערקענונג. די ערפאָלגרייכע רעזולטאַטען פון די קאַמפּיינס באַווייזען דעם איינפלוס וואָס די געווערקשאַפטען איבט אויס איבער די אידישע אַרבייטער־מאַסען אין אַמעריקע.

פאַר פילע יאָרען, ביז וואַנען די אידישע יוניאָנס האָבען אויסגעבויט זייערע אינטערנעשאָנאַלס, איז די געווערקשאַפטען געווען זייער צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס האָט פאַר זיי גערעדט און געשליכטעט זייערע אָפטע קאַמפען מיט די אַרבייטס־געבער. די אידישע יוניאָנס, וועלכע האָבען נאָך היינט־צו־טאָג ניט זייער אינטערנעשאָנאַל, אין וועלכע קומען פון צייט־צו־צייט אין קאָנפליקט מיט ניט־אידישע יוניאָנס איבער געוויסע טרייד פראַגען, רופען אויך איצט די געווערקשאַפטען צו זיין זייער פאַרמיטלער. און אַ דאַנק דעם איינפלוס פון די געווערקשאַפטען ווערען די סכסוכים יושר'דיג געשליכטעט, און אנשטאָט באַקעמפען איינע די אַנדערע, העלפט איין יוניאָן דער צווייטער אין דעם געמיינשאַפטליכען קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען.

אַלס די צענטראַלע אידישע טרייד יוניאָן־קערפּערשאַפט, האָט די געווערקשאַפטען אַ פּלאַץ ביי די קאָנווענשאָנס פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, אַזוי גוט ווי ביי דעם טרייד און לייבאָר קאונסיל פון ניו יאָרק. דעם פּלאַץ האָט זי באַקומען נאָכדעם ווי דער העכסטער אינסטאַנץ פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט האָט געזען איר אַרבייט און אירע אויפטואונגען פאַר די אידישע אַרבייטער.

**אָרים אין געלט; רייך אין באַגייסטערונג**

זי איז ניט רייך אין געלט, די געווערקשאַפטען; איז, אָבער, רייך אין גייסט, אין באַגייסטערונג פאַר די אַרבייטער־אידעאַלען, און אין יעדען קאַמף פון אַרבייטער האָט זי געגעבען גרויסעביישטייערונגען פון איהר גייסטיגען אוצר.

ביי איר 50 יאָריגען געבורטסטאָג שטייט די אידישע צענטראַלע טרייד־יוניאָן קערפּערשאַפט מיט אַ שיינער געשיכטע פון קאַמף הינטער זיך. ניט אַלע יוניאָנס, איבערהויפּט די רייך־געוואָרענע, באַציען זיך צו איר אין דעם זעלבען גייסט ווי זי האָט זיך באַצויגען צו זיי, דעמאָלט, ווען זיי זיינען נאָך געווען קליין, און דאָס גוטע וואָרט פון די געווערקשאַפטען האָט אָפּגעקלונגען מיט ערמונטערונג. די געווערקשאַפטען איז, אָבער, ווי אַ גוטע מוטער, וואָס פאַרבויגט אימער איר כבוד. אפילו ווען איר אויסגעהאָדעוועטע קינד באַהאַנדעלט איר שלעכט, זאָגט זי עס אויך ניט קיין מוסר.

## אַנערקענונג פון קלאָוק־מאַכער

די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט תמיד יאָ זיך גערעכענט מיט דער מיינונג פון די געווערקשאַפטען. זי איז פון איר קיינמאָל ניט אַוועק. די גרויסקייט פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט איר קיינמאָל ניט פאַרדרייט דעם קאָפּ, און ווען נאָר עס האָט זיך געהאַנדעלט, און ווען נאָר עס האַנדעלט זיך איצט, וועגען דעם וואוילזיין פון די געווערקשאַפטען, באַגעגענט איר די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין דעם זעלבען גייסט ווי זי. די געווערקשאַפטען, האָט איר געדינט, בעת זי, די קלאָוקמאַכער יוניאָן, איז נאָך געווען אָרים און קליין. די קלאָוקמאַכער וועלען ניט פאַרגעסען די גרויסע ביישטייערונג, וואָס די געווערקאַפטען האָט זיי געגעבען אין אַלע זייערע קאַמפען. אַ גוטער אויסגאַנג פון די קאַמפען פון די קלאָוקמאַכער איז תמיד געווען אַ יום־טוב פון די געווערקשאַפטען; און אַ נידערלאַגע פון די קלאָוקמאַכער האָט די געווערקשאַפטען אימער באַטראַכט ווי איר נידערלאַגע.

נאָר אין אַזאַ ליכט קען איך די געווערקשאַפטען, און איך באַגריס זי מיט אַלע אירע אָנגעשלאָסענע יוניאָנס צו איר גרויסען יובילעי. איך ווינש איר און אירע פירער אַ ווייטערען לאַנגען לעבען מיט פרוכטבאַרע אַרבייט.



# סאָציאַלע פּאָעזיע – דעם אַרבייטער'ס תפילה

## די אידישע ליטעראַטור און די אַרבייטער־באַוועגונג

פון י. קיסין

### פּאָעטען און דאָס פאָלק

די אידישע בעלעטריסטיק און פּאָעזיע זיינען אַלעמאָל געווען נאָענט צום פאָלק. די מאַסען פון פאָלק זיינען אַלעמאָל געווען די פאַרבראַוכער פון געדרוקטען וואָרט, פון דער מעשה, ראָמאַן און ערציילונג, און פון דעם ליד אין אידיש.

די פּריווילעגירטע, די פאַרמעגליכע און געבילדעטע אידען האָבען אַ לאַנגע צייט זיך באַצויגען מיט'ן גרעסטען ביטול צום אידישען לשון, דעם לשון פון אָרימען און אומוויסענדען פאָלק. די פון זיי, וואָס האָבען געזאָרגט וועגען די אידישע מאַסען און האָבען זיי געוואָלט אויפהייבען צו אַן אייראָפּעאישען קולטור־לעבען, האָבען ניט געגלויבט, אַז דאָס קאָן מען טאָן דורך אידיש, אַז פאַר דעם איז פאַראַן אַ פּאַרטיגער, לעבעדיגער און רייכער אינסטרומענט, די לעבעדיגע שפּראַך פון פאָלק. זיי האָבען אויף דער דאָזיגער שפּראַך געקוקט מיט פאַראַכטונג, אַמאָל מיט עקעל, ווי אויף אַ „זשאַרגאָן", וואָס איז נאָר אַ שטערונג פאַר די אידישע מאַסען צו אייראָפּעאישער בילדונג און קולטור.

די פאַרשפּרייטער פון אויפקלערונג צווישען די אידישע מאַסען ביז'ן סוף פון ניינצענטען יאָרהונדערט האָבען אַלע זייערע האָפנונגען פאַר זייער פאָלק געלעגט אויף אייראָפּייאישער בילדונג. די פּאָגראָמען פון די אַכציגער יאָרען אין רוסלאַנד זיינען געווען פאַר די אידישע פאַרשפּרייטער פון אייראָפּעאישער בילדונג אַ מורא'דיגער קלאַפּ. אַ סך פון זיי האָבען זיך גוט אויסגעריבען די אויגען און האָבען דערזען, אַז די צוקונפט פון אידישען פאָלק הענגט ניט אָפּ פון דעם, צי די אידישע מאַסען וועלען זיך אויסלערנען רוסיש אָדער אַ אַנדער פרעמדע שפּראַך און וועלען אָוועקוואַרפען זייער אידיש פאָלקס־לעבען; אַז די צוקונפט פון אידישען פאָלק הענגט אָפּ גאָר פון עפּעס אַנדערש, און אַז אויב ניט איז בכלל פאַראַן אַן אויסוועג, זיינען דאָ דער אידישער לשון און דאָס אידישע פאָלק־לעבען ניט שולדיג.

אַנדערע פאַקטאָרען, טיפע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע אַנטוויקלונגען און ענדערונגען האָבען פאַרבונדען די מאַסען פון אידישען פאָלק מיט'ן אַרומיגען לעבען. עס איז אויפגעקומען אַ רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־באַוועגונג ביי אידען. עס זיינען אַנטשטאַנען אויך נאַציאָנאַלע פאָלקס־באַוועגונגען. און אינאיינעם מיט דעם איז געקומען אַן אויפבלי פון אידישער ליטעראַטור און פּאָעזיע.

### אויפבלי פון אידישער ליטעראַטור

פירער פון מאַסען־באַוועגונגען האָבען אַלעמאָל און אומעטום ריכטיג אָפּגעשאַצט דעם גרויסען ווערט פון ליטעראַטור און פּאָעזיע, זייער גרויסע אָרגאַניזיר־קראַפט. די מאַסען ווידער פון די דאָזיגע באַוועגונגען האָבען מיט דער גרעסטער פרייד אויפגענומען ליטעראַטור און לידער, וואָס האָבען צו זיי גערעדט וועגען זייערע אייגענע נויטען און וועגען די נויטען און האָפנונגען פון דער גאַנצער וועלט. און דעריבער האָבען די נייע פאָלקס־באַוועגונגען, און פריער פון אַלץ און מער פון אַלעמען די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג, אויפגענומען דאָס אידישע געדרוקטע וואָרט, באַזונדערס דאָס אידישע ליד.

דאָס אידישע ליד איז דעמאָלט געוואָרען כמעט אויסשליסליך סאָציאַל, פּאָליטיש, דאָס ליד פון כלל. די הויפּט־פּאָעטען פון יענער צייט, די פּאָפּולערסטע צווישען זיי, האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון דעם ליד פון יחיד, פון פערזענליכער ליריק. זיי האָבען דאָס געהאַלטען פאַר אומווירדיג „אין אַזאַ צייט", אין זייער צייט פון אָנגעשטרענגטען סאָציאַלען און פּאָליטישען קאַמף פון אַרבייטער־פאָלק, אָדער פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף, ווי אין רוסלאַנד.

דאָס איז די קלאַסישע צייט פון אידישער סאָציאַלער דיכטונג, און די צייט האָט אָנגעהאַלטען ביז אומגעפער דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ביז מיט אַ דור צוריק.

נאָך מיט 38 יאָר צוריק האָט שלום עליכם, רעקאָמענדירענדיג אַ זאַמלונג לידער פון דעם וואונדערליכען אידישען פאָלקס דיכטער, דעם קיעווער אַדוואָקאַט, מ. מ. וואַרשאַווסקי, געשריבען אַזוי: „אָט אַזוי זינגען זיך אידישע, באמת א י ד י ש ע פ אָ ל ק ס ל י ד ע ר! אויך די שפּראַכע

פון וואַרשאַווסקי׳ס לידער איז די אמת׳ע פאָלקסשפּראַכע, אַ פּראָסטע אידישע קאַפּאָטע, נישט געקינצעלט, ניט פאַרדייטשערט, פונקט אַזוי ווי מען רעדט ביי אונז אין אונזער געגענד. איך בין רעכט איבערצייגט, אַז עס וועט גאָר נישט לאַנג געדויערן, און וואַרשאַווסקי׳ס „אידישע פאָלקס־לידער” וועלען ווערען ביי אונז באמת פ אָ ל ק ס ל י ד ע ר, וואָס מען וועט זיי קאָנען הערען זאָגען אומעטום, אין יעדער אידישער שטוב, דאָרט וואו מען הערט נאָך אַמאָל אַ אידיש וואָרט, דאָרט וואו מען שעמט זיך נישט מיט אונזער אָרימער אידישער פאָלקס שפּראַכע, וואָס מען רופט זי „זשאַרגאָן”...

שלום־עליכם וועגן פאָלקס־דיכטער וואַרשאַווסקי

אונזער שלום עליכם האָט, פאַרשטייט זיך, ווי אַ גרויסער קינסטלער, ניט געקאָנט ניט דער־פילען די עכטקייט פון וואַרשאַווסקי׳ס לידער, און ער האָט קיין טעות ניט געמאַכט, אַז די לידער וועלען באַלד „אַריין אין פאָלק”. אין וועלכער אידישער שטוב האָט מען באַלד ניט געקאָנט הערען „אויפ׳ן פריפּעטשיק”, צי „די מעזינקע אויסגעגעבען” ? נאָך איצט, ווען די מאָדע צו דעקלאַמירען סאָציאַלע און רעוואָלוציאָנערע לידער ביי פאַרזאַמלונגען איז שוין לאַנג פאַרגעסען געוואָרען, און איר וועט שוין אין ערגעץ ניט הערען ניט „דר. בראַן”, ניט די „ליכט פאַרקוי־פערין” און ניט אַנדערע אַזעלכע האַרצרייסענדיגע, אָדער שלעכטע מעשות אין פערזען, וועט איר הערען אָפּטמאָל דעקלאַמירען וואַרשאַווסקי׳ס „דער זיידע מיט דער באָבען”.

וואַרשאַווסקי האָט זיינע לידער ניט געשאַפען אויף האַשטעלונג. ער האָט זיך גאָר פאַרנומען מיט אַדוואָקאַטור. לידער צוזאַמען מיט פאַסיגע פאָלקס־נגונים פלעגען אים נאָכאַנאַנד קומען אין קאָפּ, און ער האָט גאָר ניט געהאַט בדעה זיי אָפּצודרוקען, ביז שלום עליכם און עטליכע אַנדערע פריינט האָבען אים ניט באַוועגט דאָס צו טאָן. כאָטש זיינע לידער זיינען געווען אמת׳ע פאָלקס־געזאַנגען, האָט ער זיי ניט געשריבען פאַר׳ן מאַרק, פאַר באַשטימטע געברויכער, נאָר אינגאַנצען פאַר זיך אַליין. וואַרשאַווסקי איז געווען ביי אונז אַ זעלטענע ערשיינונג און איינער פון די בעסטע פאָלק־פּאָעטען, וואָס מיר האָבען געהאָט.

וואַרשאַווסקי האָט געזונגען פון אַלערליי געשעענישען אין דעם אידישען פאָלקס־לעבען. ער האָט ניט געזונגען נאָך אַן אידייאישען פּראָגראַם. זיין מוסטער איז געווען דאָס פּשוט׳ע פאָלקסליד פון אַ צווייטען פיינעם פאָלקס דיכטער, פון אברהם גאָלדפאַדען. גאָלדפאַדען איז מיט זיינע מוזיקאַלישע היסטאָרישע מעלאָדראַמעס אויך „אַריין אין פאָלק”, און זיינע פילע פאָלקסלידער „פלאַקער, פייער, פלאַקער” און „שבת, יום־טוב און ראש־חודש” זיינען אויך געזונגען געוואָרען אין יעדער אידישער שטוב.

Wאַרשאַווסקי, גאָלדפאַדען און אַנדערע פאָלקס דיכטער פון יענער צייט זיינען ניט געווען קיין סאָציאַלע דיכטער אין דעם ענגען זין פון וואָרט. זיי זיינען ניט געווען קיין פאַרטיי־דיכטער. עס זיינען אָבער אין יענער צייט געווען אַ גאַנצע ריי אַזעלכע מער אידייאישע און פאַרטייאישע דיכטער, וועלכע האָבען מיט זייער פּאָפּולאַריטעט פאַרטונקעלט אַ וואַרשאַווסקי׳ן.

צו די סאָציאַלע דיכטער פון יענער צייט געהערען כמעט אַלע אונזערע פּאָעטען־קלאַסיקער. — ש. פרוג, י. ל. פרץ, אברהם ליעסין, אברהם רייזען, מאָריס ראָזענפעלד, חיים נחמן ביאַליק, אויף וויפיל ער איז געווען אויך אַ אידישער פּאָעט. פּאָפּולערער פון זיי אַלעמען זיינען אַ לאַנגע צייט געווען צווישען אַרבייטער־מאַסען מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט און יוסף באָוושע־ווער, די לעצטע צוויי — אַנאַרכיסטען. פרוג, פרץ, ביאַליק, מאָריס ראָזענפעלד, אברהם ליעסין און יהואש זיינען געווען דערצו פּאָעטען מיט אַ נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער ריכטונג.

פּורים־לידער

אידען זיינען ניט געווען קיין פאָלק פון ערד־אַרבייטער, אָבער די נאַציאָנאַליסטישע פּאָעטען האָבען געזען פּאַסטאָראַלע בילדער פון דעם אַמאָליגען לעבען אין ארץ ישראל, ווי גאָלדפאַדען אין דעם לידעל „פלאַקער, פייער”, אָדער האָבען אין זייער ציוניסטישער שטימונג זיך פאָר־געשטעלט אַזאַ לעבען, ווען אידען וועלען זיך איצט אומקערען קיין ציון, ווי אליקום צונזער אין זיין באַרימטער „סאָכע”.

עס זיינען אָבער אויך געווען, כאָטש אין אַ קליינער צאָל, אידען־פּוירים אין קאָלאָניעס אין דרום־רוסלאַנד. זייער לעבען איז געווען גוט באַקאַנט אַזעלכע אידישע פּאָעטען, ווי ש. פרוג, דעם פיינעם העברעאישען דיכטער שאול טשערניכאָווסקי. זיי זיינען אויך געווען גוט באַקאַנט ביאַליק׳ן. זייער פיין, געזונט לעבען האָט אויך ניט אויסגעמידען דאָס אויג פון מ. וואַרשאַוו־סקי׳ן. און מיר האָבען ביי אים אַזאַ פיין פּוירים־ליד:

## דאָס ליד פון דעם ברויט

(געווידמעט די אידישע קאָלאָניסטען, צו זינגען אין פעלד נאָך דער אַרבייט).

גרויסער גאָט ! מיר זינגען לידער :
אונזער הילף ביסטו אַליין !
נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין.

לאָז די זון אונז בריען, בראָטען,
זי האָט אונז געשיינט צום גליק:
זעט, דאָס ברויט איז אונז געראָטען...
קינדער, קיינמאָל ניט צוריק!

גרויסער גאָט! דו העלפסט דעם מענשען,
אַז ער רופט צו דיר אין נויט!
זאָלסט אונז ווייטער טאַקע בענשען
מיט הצלחה און מיט ברויט!

נעמט צונויף אייך אַלע אינאיינעם,
נחת האָבען מיר שוין פיל...
און דעם גאָלדענעם קראַנץ דעם שיינעם
פון די זאנגען טראָגט אין שול.

לאָזען אונזערע קינדער וויסען
פון אַ לעבען אויף דער וועלט,
אַז דאָס ברויט און יעדער ביסען
איז פון אונזער אייגען פעלד!

גרויסער גאָט! מיר זינגען לידער,
דו ביסט אונזער הילף אַליין!
נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין!

## די „דרייפאַכיגע קייטען"

מיר וועלען דאָ מוזען אויסלאָזען די נייע פויערים־לידער, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען פון די חלוצים אין פּאַלעסטינע, וואו מיר האָבען טאַקע אין דעם לעצטען דור באַקומען אַ קלאָס פּיאָנערען־ערד־אַרבייטער; ווי מיר וועלען מוזען אויסלאָזען די סאָוועטיש־אידישע דיכטונג, וועלכע איז הונדערט פּראָצענט „סאָציאַל". מיר וועלען זיך דאָ אויך ניט אָפּשטעלען אויף דער מאָדערנער אידישער סאָציאַלער דיכטונג אין אַמעריקע, פּוילען און אַנדערע לענדער. מיר וועלען דאָ ריידען נאָר וועגען יענע אידישע רעוואָלוציאָנערע און אַרבייטער־לידער, וואָס זיינען אויפגענומען געוואָרען פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג און אַנדערע פאָלקס־באַוועגונגען אין דער קלאַסישער צייט פון אונזער סאָציאַלער דיכטונג.

„אָ, ברידער, מיר טראָגען אַ דרייפאַכע קייט,
אַלס אידען, אַלס שקלאַפען, אַלס דענקער..."

אין די נאַאיווע שורות האָט דער אַמאָליגער אַנאַרכיסטישער פּאָעט דוד עדעלשטאַט איבערגע־געבען דעם תוך פון דער אידישער סאָציאַלער און רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע און פון דערזעל־ביגער פּאָעזיע ביי אַנדערע פעלקער.

אונזער סאָציאַלע פּאָעזיע באַשטייט פון לידער, ערשטענס, וועגען אונזערע נאַציאָנאַלע ליידען, און אומגליקען, צווייטענס, וועגען דער סאָציאַלער אומאָרדענונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, וועגען די ליידען פון עקספּלואַטירטע קלאַסען, זייער קאַמף און זייערע האָפענונגען און שטרעבונגען, און דריטענס, וועגען אַלמענשליכע ליידען און אַלוועלטליכע צרות, אויף וויפיל זיי קומען אַרויס פון דער אומגערעכטער קלאַסען־אָרדנונג, ווי, צום ביישפּיל, וועגען מלחמה.

## אוצר פון פאָלקס־לידער

אַלע דריי מינים לידער זיינען ביי אונז געשאַפען געוואָרען פון פאַרשיידענע פּאָעטען און פון פאָלק. די לידער „פון פאָלק" זיינען געשאַפען געוואָרען פון איינצעלנע מענשען פון פאָלק. אָבער די לידער זיינען געווען אַזוי אין גייסט און געשמאַק פון פאָלק, אַז דאָס פאָלק האָט זיי אויפגעכאַפּט און פאַראייגענט. אַ סך לידער פון פּאָעטען, וואָס זיינען ניט געווען סתם מענשען פון פאָלק, זיינען אויך „אַריין אין פאָלק", און אַ טייל פון זיי זיינען געוואָרען ווי פאָלקסלידער.

מיר האָבען אַ גרויסען אוצר פון פאָלקסלידער, און אַ סך פון די לידער זיינען וואונדערליכע פאָלקס־שאַפונגען. אַ טייל פון זיי זיינען אויך אויף ריין־סאָציאַלע טעמעס.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד זיינען אויך געווען גע־שאַפען געוואָרען רעוואָלוציאָנערע פאָלקסלידער, ווי, צום ביישפּיל, דאָס ליד וועגען הערש לעקערט, דעם ווילנער שוסטער, וואָס האָט אין יאָר 1902 געשאָסען אויף׳ן צאַרישען גענעראַל־גובערנאַטאָר פאָן וואַל, און מען האָט אים דערפאַר אויפגעהאַנגען.

ביי די מערסטע פון די דערמאָנטע פּאָעטען־קלאַסיקער אונזערע געפינען מיר לידער אי נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע, אי סאָציאַליסטישע, — ביי ש. פרוג, י. ל. פּרץ, מאָריס ראָזענפעלד און אברהם ליעסין. אויף נאַציאָנאַלע אומגליקען האָבען זיי זיך אָפּגערופען אַזוי אָפט און אין

די פּאַלעס פון פּרוג׳ען און פּרץ׳ען אָפּטער, איידער אויף אומגליקען אין דעם לעבען פון אַרבייטער און געשעענישען אין אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף.

אויסער אַלגעמיינע סאָציאַלע צרות, און אויסער „אַלע דענקער״, האָבען מיר באַזונדערע אידישע צרות, — אַנטיסעמיטיזם, רעכטלאָזיגקייט, פּאָגראָמען און עמיגראַציע. און מיר פּאַר־מאָגען אַ סך לידער וועגען די אַלע אומגליקען אונזערע. אָט איז דאָס באַקאַנטע „וויג־ליד״ פון שלום־עליכם:

### דער אייביגער וואַנדערער

שלאָף, מיין קינד, מיין טרייסט מיין שיינער,
שלאָף־זשע, זונעניו;
שלאָף, מיין קינד, מיין קדיש איינער,
שלאָף־זשע, שלאָף, ליו־ליו.

ביי דיין וויגעלע זיצט דיין מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט;
וועסט אַמאָל פאַרשטיין מסתמא
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אַמעריקע דער טאַטע
דיינער, זונעניו.
ביסט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת־עתה,
שלאָף־זשע, שלאָף־זשע, ליו־ליו.

ער וועט שיקען צוואַנציג דאָלער,
זיין פּאָרטרעט דערצו;
ער וועט נעמען, לעבען זאָל ער,
אונז אַהינצוצו.

דאָרטען עסט מען אינדערוואָכען
חלה, זונעניו.
איך וועל דיר דאָרט יאַיכלאַך קאָכען.
שלאָף־זשע, שלאָף, ליו־ליו.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטעלע,
דאַרף מען, זונעניו,
שלאָפען; ס׳איז אַ טייער מיטעלע —
ליולינקע, ליו־ליו.

מאָריס ראָזענפעלד האָט אונז געגעבען אַ „גלות־מאַרש״, וואָס פּאַסט פאַר אונז אין אַלע צייטען, און באַזונדערס איצט, ווען אונזערע פליכטלינגען פון היטלער׳ס מלוכה מוזען ערגעץ אויסוואַנדערען און האָבען ניט וואוהין:

### רעוואָלוציאָנערע און אַרבייטער־לידער

מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט,
אָהן אַ היים און אָהן אַ לאַנד,
אָהן אַ גואל, אָהן אַ פריינט,
אָהן אַ מאָרגען, אָהן אַ היינט, —
ניט געדולדעט, נאָר געיאָגט,
וואו געגעכטיגט, ניט געטאָגט,
שטענדיג וויי, וויי, וויי,
שטענדיג גיי, גיי, גיי,
שטענדיג שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן,
כל־זמן כח איז פאַראַן.

אונזער גבורה ליגט אין שטויב,
אונזער תורה איז אַ רויב,
אונזער נאָמען — אַ געשפּאָט,
אונזער יחוס — נאָר אַ צער,
אונזער גאונות — נאָר אַ חטא,
אונזער פיינקייט — אַ געשפּעט.
שטענדיג שלעכט, שלעכט, שלעכט,
שטענדיג קנעכט, קנעכט, קנעכט,
שטענדיג זוך, זוך, זוך
זינען אין דעם שונא׳ס פלוך.

אין די ערשטע יאָרען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג פלעגט מען אין אידישע הייזער, צוזאַמען מיט דער „התקוה" הערען זעהר אָפט דאָס דייטשמערישע, אָבער זעהר רירענדיגע ציוניס־טישע ליד „דאָרט וואו די צעדער" און ש. פרוג'ס „זאַמד און שטערען".

אַ סך רעוואָלוציאָנערע און אַרבייטער־לידער האָבען געזונגען די אַרבייטער אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד און אין די סאָציאַליסטישע אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד.

דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבען די באַרימטע זאַמלונג פון אַזעלכע לידער, „פרייהייט". ענליכע לידער־ביכלאַך האָבען אַרויסגעגעבען אין אידיש אויך די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) און די רוסישע פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

## די רויטע פאָן

אין דער בונדישער „פרייהייט" פאַרנעמען אַן אָרט אויבענאָן די פּאָעטען, וואָס זיינען געווען די פּאָפּולערסטע ביי די אַרבייטער, — מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, יוסף באָוושאָווער, צוזאַמען מיט מאָריס ראָזענפעלד. אברהם ליעסין, אברהם רייזען און אַנדערע. דאָרטען זיינען אויך פאַראַן פיינע עכט־בונדישע לידער פון ז. סינאַני (ש. אַנ—סקי, ראַפּאָפּאָרט, דעם שפּעטער־דיגען אויטאָר פון „דיבוק"). דאָרטען זיינען פאַראַן דאָס זעהר פיינע ליד פון ה. רויזענבלאַט „אויף אַ פולער וואָך" און אויסגעצייכענטע איבערזעצונגען, באַזונדערס פאַר יענע צייט, פון דריי דייטשע לידער, די איבערזעצונגען זיינען פון בן־אהוד, אַ פּסעוודאָנים פון אַ באַרימטען אידי־שען סאָציאַליסטישען שריפטשטעלער.

אין דער בונדישער זאַמלונג זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן, אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע לידער פון היינע'ן, ווי „אינטערנאַציאָנאַל", „מאַרסעליעזע", „רויטע פאָן", און איבערזעצונגען פון נאָך רוסישע, פּוילישע לידער, פון היינע'ס „דייטשע וועבער" און ווינטשעווסקי'ס איבער־זעצונגען פון טאָמאַס רוד'ס „דאָס ליד פון היים".

אָט איז אַ „רויטע פאָן" פון ש. פרוג, וואָס וואָלט זיך פיין אַריינגעפּאַסט אויך אין דער לידער־זאַמלונג פון „בונד":

ניט פון גאָלד־שטאָף, ניט פון זיידענס  
איז די פאָן געמאַכט;  
אין אַ שרעקליכען געוויטער,  
אין אַ שטורם־נאַכט.

האָט געריסט דאָס אַלטע שפּינראָד;  
און די בלייכע נויט  
אין אַ פייכטען קעלער־ווינקעל,  
ביי אַ חלב־קנויט,

האָט געוועבט די גרויע פעדים  
ריין און שטייף און גוט,  
און געפאַרבט זיי — מיט די לעצטע  
טראָפּענס אייגען בלוט.

## באַוויינען רעאַקציע און רופען צום קאַמף

אַלע ווייטיגען און ליידען,  
יעדע פרישע וואונד  
פון די טיפע תפיסה־גרעבער,  
פונ'ם שווארצען גרונט,

פון די הונגעריגע דערפער,  
פון די דושנע שטעט,  
וואו עס איז פאַרבלענדט דאָס לעבען,  
ווי פון הינער פלעט;

אַלע ווייטיגען און ליידען,  
אַלץ, וואָס יאָרען לאַנג  
האָט פאַרגיפטעט איר נשמה,  
ווי די בייזע שלאַנג;

אַלץ, מיט וואָס געדריקט איר לעבען  
האָט די טיראַניי,  
אין געמיט איר גאַל געגאָסען  
און אין הארצען בליי —

האָט די פאָלקס־נויט אין די רויטע
פּעדים איינגעוועבט...
זעסט? די פאָן — זי וועהט, זי פלאַטערט
און צום הימעל שטרעבט!

און די שאָטענס ווערען בלייכער,
און עס קרייט דער האָן;
און עס שיינט דער מאָרגענשטערען
אויף דער רויטער פאָן.

מ. מ. וואַרשאַווסקי, וועלכער האָט אַזוי געטרײַ געזען אַלע צרות און נויטען, ווי אַלע פריידען און טרייסטען פון פאָלק, איז רעוואָלוציאָנער אין זיין אָפּטימיסטישען גלויבען אין אַ גליקליכען מאָרגען, אין זיין ליד „די נאַכט״:

ווי לאַנג וועט זיין דער טאָג פאַרבאָרגען?
„וואָס הערט זיך, וועכטער, מיט דער נאַכט?״
דער וועכטער זאָגט: „עס קומט דער מאָרגען,
ווי לאַנג עס זאָל ניט זיין די נאַכט...״

י. ל. פּרץ איז עכט־רעוואָלוציאָנער און סאָציאַל אין אַזעלכע לידער, ווי „פון יחזקאל״, „די נייטאָרינס״ און אַנדערע.

**„הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטען״**

אברהם רייזען, אין זיינע באַרימטע „הוליעט, הוליעט״, „אַ געזינט זאָלבעאַכט״, „קירכעך גלאָקען״, „מיר ברעכען״ און אַ סך אַנדערע לידער איז אַלעמאָל דער רעוואָלוציאָנער, דער טרויערער אויף דער פינסטערניש פון רעאַקציע, דעספּאָטיזם און נויט און דער וועקער און רופער צום קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט.

זיין רעוואָלוציאָנערישקייט אין סאָציאַליסטישען גלויבען רעזומירט אברהם רייזען זעהר גוט אין די פאָלגענדיגע צוויי פון אַ נייער סעריע לידער:

א.

## מיין דור

איך האָב אים ליב, מיין דור,
מיין דור פון אידעאַלען;
און ביז מיין לעצטען יאָר
זיין ליכט אַף מיר וועט פאַלען.

איך האָב זיי ליב די פריינט,
וואָס האָבען הינטער גראַטען
געפינסטערט זייער היינט —
דעם מאָרגען ניט פאַרראַטען.

איך הער די שטאָלצע רייד,
כ׳זע פלאַמען אין די אויגען;
און ביי דער טיפסטער לייד
האָט איר זיך ניט געבויגען.

איך האָב אים ליב, מיין דור,
וואָס האָט געגלויבט, געליטען,
און ביז מיין לעצטען יאָר
וועל איך זיין גלויבען היטען.

און ביז די לעצטע טעג
מיט אייך זיין, פריינט און ברידער
און גיין אין אייער וועג
און זינגען איי׳רע לידער.

ב.

## עס וועט זיין אַמאָל

עס וועט זיין אַמאָל אַ צייט,
און עס וועט אַזוי פּאַסירען:
ווערטער וועלען דעם באַדייט,
פאַר דער נייער וועלט, פאַרלירען.

יענע ווערטער, וואָס פאַרווישט
האָט די צייט מיט אירע שטראָמען;
קינדער הערען זיי שוין נישט,
גרויסע — ווייסען קוים דעם נאָמען.

אין אַ בוך אַמאָל — אַ קינד
וועט אַ וואָרט אַזאַ געפינען —
אָרעמקייט — פון היינט די זינד,
וועט ניט האָבען דאַן קיין זינען.

צושטיין וועט דאָס קינד: דערקלער,
לערער, מיר דעם וואָרט דעם שווערען;
וועט דער לערער טראַכטען שווער
און ניט קענען ס'וואָרט דערקלערען . . .

וועט דער לערער טראַכטען לאַנג,
מורמלען, ווי אַ סוד באַהאַלט ער;
און וועט זאָגען: ס'טוט מיר באַנג —
„אָרימקייט" — אַ וואָרט אַן אַלטער". . .

**דייטשע רעוואָלוציאָנערע לידער**

**און אָט זיינען צוויי דייטשע רעוואָלוציאָנערע לידער פון מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, ווען מאַרקס האָט געלעבט, און ווען די דייטשען האָבען נאָך גע'חלומ'ט פון פרייהייט. די לידער זיינען מערקווירדיג גוט איבערגעזעצט:**

## אַ דוחק אומעטום אויף ברויט

פון געאָרג הערוועג

אַ דוחק אומעטום אַף ברויט
פון שפּאַניען ביז אַרכאַנגעל.
איין האַלבע וועלט ליידט הונגער־נויט,
די אַנדערע — שווערען מאַנגעל.

די שייערס וויסט, די פעלדער קאַרג,
דעם קיסר די מזומנים!
ער צופּט און שלעפּט אַ גאַנצען באַרג:
ער וויל נאָך מער יונים!

„אהער דאָס געלט אַף פּולווער, בליי,
„אַף ביקסען און הארמאַטען,
„אַף כל המיני שיסעריי,
„אַף נאָך און נאָך סאָלדאַטען!"

אין אַלע גאַסען שרייט ער אויס:
„פאַרזעצט די לעצטע קישענס!
„און רייסט ביי זיך אַליין אַרויס
פון מויל דעם לעצטען ביסען!"

„און שלעפּט דאָס געלט אַף פּולווער, בליי,
„אַף ביקסען און הארמאַטען,
„אַף כל המיני שיסעריי,
„אַף נאָך און נאָך סאָלדאַטען!"

**אידיש: בן־אהוד**

## פרייהייט

פון פרידריך פאָן־סאַלעט

און אויב איר וועט מיין אויג שוין בלענדען,
וועט פינסטער ווערען די זון דערביי ?
און טוט איר מיך אין תפיסה וואַרפען, —
די וועלט וועט ווערען אַן מיר פריי !

און אויב איר וועט די האַנט מיר בינדען,
וואָס שטרייט און שרייבט ווי מיט אַ שווערד, —
עס וועלען אַנדערע שטרייטער קומען,
וויבאַלד דאָס פאָלק דעם טאָג באַגערט.

און אויב אפילו מיינע ווערטער
פאַרשטומען אין דער פינסטערקייט, —
עס וועלען אויפשטיין אַנדערע שטימען
און וועלען דונערען נאָנט און ווייט.

איר וועט דעם זומער ניט פאַרטרייבען !
און מיינט ניט, אַז איר האָט געזיגט,
ווען איר פאַר כעס אויף דעם זומער
אַ הילכיג פייגעלע דערשטיקט.

אידיש : בן־אהוד

### א. ליעסינ׳ס „דער שמיד״

אָט איז אַ טייל פון א. ליעסינ׳ס „דער שמיד״, אַ דראַמע וועגען אַ אידישען רעוואָלוציאָנער, אַ מאָדערנעם רבי עקיבא, וואָס האָט געשמידט אין בויסק געוועהר פאַר׳ן זעלבסטשוץ אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און איז פון קאָזאַקען דערשאָסען געוואָרען. ליעסין האָט די פאָעמע אָנגעשריבען אין יאָר 1906 און האָט זי לעצטענס איבערגעאַרבייט און פאַרלענגערט.

עס האָבען די אייזענס געגליט,
געגליט און געגליט ;
ער האָט די קינזשאַלען געשמידט,
געשמידט און געשמידט.
עס האָט אין די אייזענס געגליט די נקמה,
די הייליגע, רויט ;
געקלאַפט האָט דער האַמער צום טאַקט דער נשמה :
אַ קאַמף ביז׳ן טויט !

אַ קאַמף ביז׳ן טויט — די גזלנים !
אַ קאַמף ביז׳ן טויט — די תליונים !

עס האָבען די פונקען געשפריצט,
געשפריצט און געשפריצט ;
אַ קלינג נאָך אַ קלינג האָט געבליצט
געבליצט און געבליצט ;
עס האָט אין די פונקען געטראָגען דער כח,
דער הייליגער, רויט ;
עס האָבען די קלינגען געבליצט איהם אין מוח :
אַ קאַמף ביז׳ן טויט !

אַ קאַמף ביז׳ן טויט — די גזלנים !
אַ קאַמף ביז׳ן טויט — די תליונים !

עס האָט אים דער בלאָז־זאַק געברומט,
געברומט און געברומט ;
דער משפט דער גרויסער, ער קומט,
ער קומט און ער קומט !

ער קומט, ווי דער צאַרען פון פאָלק, דער באַפרייער,
דער הייליגער, רויט;
ער דונערט דורך טויזענטער צינגער פון פייער:
אַ קאַמף ביז׳ן טויט!

אַ קאַמף ביז׳ן טויט — די גזלנים!
אַ קאַמף ביז׳ן טויט — די תליונים!

פּאַרטיי־פּאָעטען

דוד עדעלשטאַט און יוסף באָווטשאָווער זיינען אין אַמעריקע געווען די צוויי אָפיציעלע אַנאַרכיסטישע פּאָעטען. אין „בונד" אין רוסלאַנד איז אַזאַ פּאָעט געווען ז. סינאַני. אָבער דער „בונד" האָט אין זיין לידער־זאַמלונג „פרייהייט" אָפּגעגעבען די צוויי אַנאַרכיסטישע פּאָעטען אַ סך אָרט. די לידער פון דוד עדעלשטאַט זיינען מער געזונגען געוואָרען פון אידישע אַרבייטער אין רוסלאַנד, איידער די לידער פון אַנדערע פּאָעטען, וועלכע זיינען אַ לאַנגע צייט די דאָרטיגע מאַסען געווען וויניג באַקאַנט. דער בונדישער סינאַני איז מאָדערנער און זיין טעכניק איז בעסער, איידער ביי די צוויי אַנאַרכיסטישע פּאָעטען.

עדעלשטאַט איז געקומען קיין אַמעריקע פון קאַלוגאַ, רוסלאַנד, אין עלטער פון 16 יאָר. ער האָט דאָ אָפּגעלעבט 10 יאָר אין אַ רעוואָלוציאָנערען פיבער און איז געשטאָרבען פון שווינדזיכט. זיין מוסטער אין פּאָעזיע איז געווען דער האַלב־אידישער פּאָעט נאַדסאָן, וועלכער האָט אין דער צייט נאָך נעקראַסאָוו׳ען געקיניגט אין דער רוסישער בירגערליכער, רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע. עס איז פאַראַן אַן ענליכקייט צווישען די צוויי פּאָעטען.

דוד עדעלשטאַט האָט אויך איבערגעזעצט נאַדסאָנ׳ס ליד „אַ מוזע, רוף מיך נישט מיט דיינע בלייכע פינגער". דאָס ליד איז אויך פאַראַן אין דער „פרייהייט", און אַרבייטער האָבען עס אָפט געזונגען אין רוסלאַנד. עדעלשטאַט איז אין פּאָעזיע געווען אַ בלייכער שאָטען פון אַ בלייכען מוסטער, אָבער זיין באַדייטונג, ווי אַן אָפט „געזונגענער" אין רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער קרייזען, איז געווען גרויס. און אין יעדער וואָרט, וואָס עדעלשטאַט האָט געשריבען, פילט זיך אַ טיפע, אַ הייליגע אויפריכטיגקייט. אין זיינע וויניגע פערזענליכע לידער פילט זיך טיפער יאוש און פאַרגעפיל פון זיין טראַגישען סוף.

טראַגיש איז אויך געווען דאָס לעבען פון צווייטען אַנאַרכיסטישען פּאָעט, יוסף באָווטשאָווער. ער איז אויך געשטאָרבען אין אַ שפּיטאָל נאָך אַ לענגערער גייסטיגער קראַנקהייט. ער האָט געהאַט גרעסערע פּאָעטישע פעהיגקייטען, איידער עדעלשטאַט און האָט אויך אָנגעשריבען אַ ריי לידער, אויך רעוואָלוציאָנערע, אין ענגליש. די ענגלישע לידער זיינע האָט עמיצער מיט עטליכע יאָר צוריק איבערגעזעצט אין אידיש און פאַרעפענטליכט אין אַ סאָוועטיש־אידישען זשורנאַל.

בכלל האָט מען אין סאָוועט־רוסלאַנד געמאַכט אין דער אידישער פּרעסע אַ קולט פון עדעלשטאַט׳ען און באָווטשאָווער׳ען. אין סאָוועט־רוסלאַנד, אגב, זיינען אַלע פּאָעטען פּאַרטייטישע און מוזען געהערען צו דער איין פּאַרטיי, וואָס רעגירט דאָס לאַנד. דער טאָן פון דער סאָוועטישער פּאָעזיע מוז זיין אַ געהויבענער, אַן אָפּטימיסטישער, און די דיכטונג מוז זיין אידייאיש אויסגעגלייכט נאָך דער הערשנדיגער פּאָליטישער „ליניע".

אַנסקי׳ס ליד „צום בונד"

אָט איז אַנסקי׳ס באַרימטע ליד „צום בונד":

אין זאַלציגען ים פון די מענשליכע טרערען
געפינט זיך אַ שרעקליכער תהום;
ער קען שוין ניט טיפער, ניט פינסטערער ווערען,
אים צייכענט אַ בלוטיגער שטראָם.

דעם תהום האָבען טויזענטער יאָרען געגראָבען
אמונה און שנאה און פּיין.
און טויזענטער יאָרען אַלץ טראָפּען נאָך טראָפּען
עס גיסען זיך טרערען אריין.

און פול איז דער תהום... ס׳זיינען אידישע טרערען.
נאָר האָט נישט קיין טעות אין זיי:
אַ בלוטיגע טרער טוט דעם קבצן געהערען,
דעם נגיד — אַ ווייסע ווי שניי...

דער אַרבייטער וועט די וועלט באַפרייען און היילען,
וועט גרייכען דעם תהום ביז׳ן גרונט.
זאָל לעבען פון רוסלאַנד און ליטע און פוילען
דער אידישער אַרבייטער בונד!

דאָ האָבען מיר אין געזאַנג דאָס גאַנצע בונדישע פּראָגראַם. און אָט איז איין מוסטער פון איצטיגער סאָוועטיש־אידישער פּאָעזיע, וואָס איז אויך אַזוי פּאַרטייאיש, — איציק פעפער׳ס „אַ יונג פון די בלאַטעס״:

טוט אַ קוק אויפ׳ן שטיבעל, וואָס שטייט דאָרט ניט ווייט —
ווער האָט עס געבויט, ווער האָט עס?
ווער האָט עס מיט ליים און מיט ציגעל באַנייט?
אַ נאַקעטער יונג פון די בלאַטעס.

טוט אַ קוק אויפ׳ן פערדעל, וואָס טאַנצט דאָרט אַליין —
ווער האָט עס געפּאַשעט, ווער האָט עס?
ווער האָט עס געמאַכט אַזוי יונג, אַזוי ריין?
אַ נאַקעטער יונג פון די בלאַטעס.

טוט אַ קוק אויפ׳ן ברויט, וואָס איז היימיש און פריש —
ווער האָט עס פאַרזייט, ווער האָט עס?
ווער האָט עס פון פעלדער געבראַכט אויפ׳ן טיש?
אַ נאַקעטער יונג פון די בלאַטעס.

## דאָס אַלטע גרויסע אומגליק

ווען פּסח־צייט אין יאָר 1903 איז געקומען דער פּאָגראָם אין קישינעוו, דער ערשטער נאָך אַ לאַנגען אָפּרו און דער ערשטער פון אַ לאַנגער ריי פּאָגראָמען, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרען אין משך פון עטליכע יאָר, האָט זיך אויף יענעם ערשטען פּאָגראָם אָפּגערופען דער הילכיגער קול פון חיים נחמן ביאַליק, מיט דער „שחיטה־שטאָט״ און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאָעמעס.

עס איז אָבער געווען נאָך אַן אָפּרוף, אַ זעהר שטילער, אָבער וואָס איז דערהערט געוואָרען פון אידען איבער׳ן גאַנצען לאַנד און אין אויסלאַנד, — דאָס ליד פון ש. פרוג „האָט רחמנות״. דאָס ליד איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער ערשטער טעגליכער אידישער צייטונג, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבען אַרויסגיין אין פּעטערבורג אונטער דער רעדאַקציע פון שאול גינצבורג. דאָס ליד האָט אויף דער אידישער געזעלשאַפט געמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם. אָט איז עס:

שטראָמען בלוט און טייכען טרערען
פליסען, זידען טיף און ברייט.
אונזער אַלטער גרויסער אומגליק
האָט זיין האַנט אויף אונז פאַרשפּרייט.

הערט איר דאָרט, ווי מוטערס קלאָגען
און פון קינדער דאָס געשריי?
טויטע ליגען אויף די גאַסען,
קראַנקע פאַלען לעבען זיי.

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות,
גרויס און שרעקליך איז די נויט.
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיגע ברויט.

פון דער ווייטען שווער צו פילען,
ווייטער אומגליק — פרעמד געווען,
ווייטע טרערען — פרעמדע טרערען,
פרעמדעס בלוט... ניין, ברידער, ניין.

הערצער טויזענט און איין ווייטאָג,
טויזענט הייזער און איין טיר.
אַלע, אַלע איין פאַרקלאַגטער,
קראַנקער יתום זיינען מיר.
ברידער, שוועסטער, א. אז. וו.

שטראָמען בלוט און טייכען טרערען
פליסען, זידען אָהן אַ שיעור.
אימת מות קוקט אין פענצטער,
און דער הונגער קלאַפּט אין טיר.

שלאָף איז אונזער האַנט צו שטרייטען,
שטאַרק און שווער איז אונזער שמערץ.
קום־זשע דו מיט טרייסט און ליבע,
גוטעס, ריינעס אידיש האַרץ.
ברידער, שוועסטער, א. אַז. וו.

„שלאָף איז אונזער האַנט צו שטרייטען...." עס איז אַריבער אַ דור, און אָט איז דאָס־זעלביגע אַלטע גרויסע אומגליק באַפאַלען איינמאָל און נאָכאַמאָל אידען, דאָס מאָל אין דעם אַלטען אידישען לאַנד, און ווי צו מאַכען די פאַרצווייפלונג פולשטענדיג — אין דייטשלאַנד. אָבער כאָטש אונזער האַנט איז אויך איצט „שלאַף צו שטרייטען", האָבען אידישע פאָעטען איצט ניט איבערגע׳חזר׳ט ש. פרוג׳ס „האָט רחמנות".

## אַלטע צייטען — נייע לידער

פון די היטלער־קרבנות זיינען דערווייל ווייניג לידער געקומען וועגען זייער גהינום. די אידישע פאַלעסטינע אָבער האָט זיך באַלד אָפגערופען. אין ניו יאָרק איז אַרויס אַ זאַמלונג לידער „ארץ ישראל, 1936", איבערזעצונגען פון י. י. שוואַרץ פון פאָעזיע, וואָס איז געקומען באַלד ביים אָנהויב פון די בלוטיגע געשעענישען. און מיר הערען דאָרטען אַן אַנדער טאָן, דעם טאָן, וואָס איז פאַסיג פאַר העלדישע פיאָנערען. אָט איז אַ סטראָף פון „אויף דער וואַך" פון שאול טשערניכאָווסקי (איבערגעזעצט פון זלמן רובאַשאָוו):

לאָמיר אויך נאָך היינט ביינאַכט
בלייבען אַלע אויף דער וואַך.
מיטגענומען וואָס געקראָגען:
אַ האַלאַבליע פון אַ וואָגען,
ווער אַ גראַבליע, ווער אַ שרויף,
ווער אַ פיאָש האָט אויפ׳ן הויף,
האָט אַ שטעקען ווער אַ קרומען, —
אַלצדינג, אַלצדינג מיטגענומען,
און אַרויס אין פעלד, אין גאָרטען,
זיך אַנידערשטעלען דאָרטען
דעם צעהיצטען פולס פאַרטויבען,
כדי ניט הערען פון דער ווייט,
דעם ווילדען מדבר־קול וואָס שרייט
און גאַרט נאָך מאָרדען און נאָך רויבען...

דאָס איז שוין ניט ש. פרוג׳ס ליבער קול פון „האָט רחמנות", נאָר גיכער דער קול פון א. ליעסינ׳ס בויסקער שמיד, דער קול פון דעם אַמאָליגען תנא־רעוואָלוציאָנער רבי עקיבא.

אַזאַ קול וועט אויך זיין דער איינציג־מעגליכער צו ענטפערען דעם גרעסטען המן פון אונזער צייט, היטלער׳ן. אין אַ קאַבעלגראַם פון לאָנדאָן וועגען די אידישע היטלער־קרבנות, וואָס זיינען אָנגעקומען, ווערט געזאָגט, אַז „די אידען וויינען ניט", און זיי שרייען אָן אויף די שוואַכערע, וואָס וויינען. אידען שטאַרקען זיך, הערען אויף צו וויינען.

---

# אָפּקלאַנגען

**געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען אין גייסט פון די געווערקשאַפטן**

פון לוסי ראַבינס־לאַנג

**מוני־און־דעבס־באַוועגונג**

וי אַ מיטאַרבעטערין מיט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען, באַגריס איך אירע אָנפירער און אַלע, וואָס זיינען מיט איר פאַרבונדען, צו איר האַלבען יאָרהונדערט־יובילײ. מיין באַגריסונג קומט מיט דער גאַנצער עהרפורכטיגקייט, וואָס אַזאַ יום־טוב פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג רופט אַרויס. איך וויל זיך אויך באַנוצען מיט דער געלעגענהייט צו באַדאַנקען די פירער פון די געווערקשאַפטען און די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פאַר דעם צוטרויען, וואָס זיי האָבען מיר געשאָנקען, דעלעגירענדיג מיך צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע אונטערנעמונגען. איך געדענק די אונטערנעמונגען, טראַכט אימער פון זיי, און פיהל זיך מענשליך דערהויבען פון דער אַקטיוויטעט אַרום זיי.

איין אַקטיוויטעט אַזאַ איז געווען אָנצוהויבען די באַוועגונג צו באַפרייען טאָמאָס מוני און בילינגס׳ען. זיי זיינען נאָך אין תפיסה, אָבער אונזער אַרבייט האָט זיי געראַטעוועט פון דער תליה. וואָלטען מיר, די געווערקשאַפטען און אַ קייט אָרגאַניזאַציעס פון דער אַמעריקען פעדערייזשאָן אָוו לייבאָר, ניט אויפגערודערט די עפענטליכע מיינונג פון לאַנד מיט אַ צוואַנציג יאָר צוריק, וואָלט דער געוויסען פון אַמעריקע געהאַט אויף זיך דעם פלעק פון אַ „געזעצליכען מאָרד”. מוני און בילינגס וואָלטען שוין לאַנג געווען אין קברים. מיט אונזער ראַטעווען זיי פון טויט, זיינען זיי, אין זייערע פריזאָן־קעמערלאַך, לעבעדיגע סימבאָלען פון דעם ווי גע־רעכטיגקייט ווערט אָפט צוטראַמפּעלט, געקרייציגט. לאָמיר האָפען, אַז מיר וועלען נאָך אַמאָל קענען זיי באַגריסען ווי באַפרייטע. פון צייט־צו־צייט קריג איך דירעקטע גרוסען פון זיי. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אונזער אַרבייט פאַר זיי. די געפיהלען, וואָס רעדען אַרויס פון די גרוסען, זיינען רירענדע.

**אַלעקסאַנדער בערקמאַן**

דיזעלבע באַוועגונג האָט זיך איינגעשטעלט אויך פאַר אַלעקסאַנדער בערקמאַן. ער איז שוין מער ניט צווישען די לעבעדיגע. אין זיינע לעצטע טעג פלעגט ער אַ סך ריידען פון דעם אידעאַליסטישען גייסט פון די געווערקשאַפטען. די צייט גייט, און לאָזט איבער קרבנות. אין דער שטיל וויינט די האַרץ אויף זיי.

אַ צווייטע אַקטיוויטעט מיט׳ן צוטרויען פון די געווערקשאַפטען, אין וועלכער איך בין געווען, איז אונזער היסטאָרישער קאַמף אין די טעג פון רעאַקציע נאָך דער וועלט־מלחמה צו באַפרייען יודזשין וו. דעבס און מיט אים טויזענטער אַנדערע פּאָליטישע פריזאָנערס. דאָס האָט זיך געענדיגט מיט ערפאָלג. ס׳איז געווען אַ דראַמאַטישער קאַמף. אונפאַרגעסליכע טעג זיינען דאָס געווען. מיר האָבען אויפגערודערט דעם קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן און די ווהאַיט הויז אונטער צוויי אַדמיניסטראַציעס — ווילסאָן און האַרדינג. אויך דאָס איז שוין, דוכט זיך, ווייט־פאַרלאָפענע געשיכטע. איך האָב איצט דורכגעקוקט בריוו פון אונזער טייערען דזשין דעבס, וואָס זיינען געבליבען ביי מיר; זיי אָטעמען מיט דער טיפסטער אַכטונג און ברודער־שאַפט צו די געווערקשאַפטען. און וואָלט ער געלעבט, וואָלט ער געווען ביים יובילײ — ער און סעמועל גאָמפערס, די צוויי גרויסע פייער־זיילען פון אַ פאָר דורות אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

דאָס דערמאָנט אַ דריטע אַקטיוויטעט, צו וועלכער איך בין דעליגירט געוואָרען פון די געווערקשאַפטען — די באַוועגונג צו העלפען די דייטשע רעפובליק אין אירע ערשטע טעג, ווען אַ ווילדער נאַציזם האָט שוין דעמאָלט געזוכט זיינע בלוט־קרבנות.

**סאַקאָ־וואַנזעטי; דייטשלאַנד**

דורך די געווערקשאַפטען און סעמועל גאָמפערס, און מאָריס הילקוויט און מאָריס זיגמאַן, און מאַקס פיין, און ר. גוסקין, און מאָריס פיינסטאָן האָבען מיר אָרגאַניזירט אין אַמעריקע אַ באַוועגונג צו שטיצען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז געסטראַשעט געוואָרען פון אַן איבערקערעניש, דיריזשירט פון יונקערס, אַנדערע דייטשע רעאַקציאָנערען און פון דייטשע גרויס־קאַפּיטאַליסטען.

שפּעטער איז געקומען די סאַקאָ־וואַנזעטי־באַוועגונג. ווידער איז די געווערקשאַפטען אַריין אין אַ באַוועגונג צו האַלטען פריי און ריין דעם אַמעריקאַנער געוויסען, און ווידער האָט די גע־ווערקשאַפטען געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָלע.

און גאָר אין די לעצטע טעג האָב איך געהאַט דעם צוטרויען פון די געווערקשאַפטען ביים דורכפירען אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַקציע אין פאַרבינדונג מיט דער אַרבייטער באַוועגונג אין פאַלעסטינע און מיט די שענסטע האָפנונגען פון אונזער פאָלק. איך מיין אונזער אַרבייט פאַר אַ „לעאָן בלום־קאָלאָניע" אין פאַלעסטינע און פאַר דעם אָווענט, אַז דער סאָציאַליסטישער שטאַטסמאַן פון פראַנקרייך זאָל רעדען אין חבר'שאַפט מיט פרעזידענט גרין און מיט מרס. רוזוועלט און מיט'ן פראַנצויזישען אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע פאַר אידישע פאָלקס־אינטער־רעסען. דאָס איז אַ קאַפּיטעל פון אידען און ניט־אידען אין אַ געמיינשאַפטליכער דעמאָנסטראַציע פאַר פרייהייט און פעלקער־פאַרשטענדיגונג, וואָס וועט קריגען אָפּשאַצונג אין שפּעטערע יאָרען.

**בלום־קאָלאָניע**

ליבע פריינט פון די געווערקשאַפטען! מיר לעבען איצט אין אַ צייט פון געזעלשאַפטליכע אומגליקען; איך בין איבערצייגט, אַז אייער פאַרגאַנגענהייט וועט סטימולירען אייער אידעאַליזם און וועט אייך פירען צו ווייטערע היסטאָרישע אויפגאַבען און טעטיגקייטען. זייט געגריסט! אַלעמאָל וועל איך זיין גרייט ווייטער צו דינען אייערע אידעאַלען, וואָס זיינען אויך מיינע אידעאַלען.

---

# ביים געווערקשאַפטען־דעסק

**אַרבייט טאָג־איין, טאָג־אויס**

---

## פון פלאָרענס לאַנג־פיינסטאָן

איך בעט דאָס וואָרט אויף עטליכע סעקונדען. אַלס די סעקרעטאַרין פון מיין לעבענס־חבר מאָריס פיינסטאָן אין זיין אָנפירערשאַפט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, וויל איך פאַרצייכענען אַ נאָבעלע טעטיגקייט פון דעם געווערקשאַפטען־אָפיס, וואָס איז ניט אַלעמען באַקאַנט. עס ווייסען דערפון בלויז די, וועלכע ווענדען זיך צו אונז. איך האָב אין זינען די איינצעלנע מענשען, וועלכע קומען צו אונז אין זייערע צוזאַמענשטויסען מיט'ן שווערען לעבען.

עס קומען צו אונז איינצעלנע מיטגלידער פון יוניאָנס, וועלכע זיינען קרבנות פון דיסציפּלין, וואָס יעדע אָרגאַניזאַציע מוז האָבען. די אָרגאַניזאַציע איז גערעכט געזעצליך און אפילו מאָראַליש, אָבער דער קרבן איז אַ קרבן, און ער איז באַרעכטיגט צו הילף, צו איינזעהעניש, צו אַן עצה ווי צו האַנדלען, צו אַן אָנווייזונג ווי אַזוי זיך צו פאַרלייכטערען. די אַרבייטער־באַוועגונג איז דאָך דעמאָקראַטיש.

**הילף פאַר פליכטלינגע**

מיר נעמען זיי אויף, אַזעלכע איינצעלנע הילפס־זוכער, מיט דער גרעסטער טאָלעראַנץ. זיי שפּירען אין אונזער הילף דעם ערליכען ווילען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג צו זיין גערעכט.

און מיר האָבען נאָך אַ סאָרט הילפס־זוכער. מענשען, ניט יוניאָן־לייט, פאַלען אַרויס פון זייער באַשעפטיגונג אַ דאַנק דער אכזירות פון באַלעבאַטים. אַזעלכע קרבנות קריגען דורך אונז פאַרבינדונגען מיט יוניאָנס, וואָס באַשיצען זיי. דער געווערקשאַפטען־אָפיס איז ניט ביוראָקראַטיש ניט צו וועלען פאַרנעמען די ליידען פון איינצעלנע.

און די היינטיגע צייט ברענגט ערשט צו אונז עלענדע הילפס־זוכער. איך מיין די פליכטלינגע פון היטלער'ס לענדער. פילע הונדערטע פון זיי ווילען אַריינקומען אין די אָרגאַניזירטע באַשעפטיגונגען, ווילען געפינען אַן אָרט אין די שעפער צו זיין פלאַץ לעבען פלאַץ מיט די יוניאָן־לייט. עס קומט אונז אויס צו ווענדען זיך פאַר זיי צו ניט־אידישע יוניאָנס ווי צו אידישע. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז אונזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט גייט צו זיי. מיר נעמען זיי אויף ווי ברידער און ווי שוועסטער. זיי געפינען ביי אונז אָפּרו און טרייסט און האָפנונג נאָך זייערע שוידערליך־פינסטערע טעג אין היטלער'ס גיהנום. מיר פילען זיך פּריווילעגירט וואָס מיר קענען זיי זיין אַ הילף.

און טאַקע אין דעם נאָמען פון זיי און אין דעם נאָמען פון אַלע, וועלכע קומען צו אונז נאָך פריינדשאַפט, באַגריס איך דעם פופציג יאָריגען יובילעי פון די געווערקשאַפטען, וואָס איז אַ רעטונגס־לאַגער פאַר טויזענטער. איך דאַנק אַלע דעלעגאַטען צו די געווערקשאַפטען און אַלע יוניאָן־פאַרשטייער און די מענשען פון אַלע יוניאָן־אָפיסעס פאַר זייער מיטאַרבייטערשאַפט מיט אונז. עס איז אַ גייסטיגער פאַרגעניגען צו זיין יעדען טאָג ביי דער אַרבייט פון די געווערקשאַפטען. מען פילט, אַז מען טוט אַ טיפע מענשליכע אַרבייט.

# יזכור! — זיי האָבען צו אונז גערעדט

פאַרשטאָרבענע לערער און פירער
אין דער אידישער אַרבייטער באַ־
וועגונג פון אַמעריקע

און היינט, אין דעם טאָג פון אונזער יובילײ פונ׳ם אָפּגעלאָפענעם האַלבען יאָרהונדערט, געדענקען מיר אַלעמען — אַלע די, וואָס האָבען צו אונז גערעדט אינ׳ם גאַנג פון די יאָרען.

יעדער קען זיין אַ קאַפּיטעל פאַר זיך; יעדער — אַ גאַנצע געשיכטע פון שיין טרוימען, בראַוו קעמפען, און פון לערנען אונז, פירען אונז, ווייזען אונז אַ וועג.

צייטענווייז האָבען מיר מיט זיי געשטריטען, מיט דעם און יענעם געפירט פּאָלעמיקעס, ניט אַלעמאָל זיי נאָכגעגאַנגען, אָבער אַלעמאָל זיי געעהרט.

און אויף די קברים זייערע — וואו זיי זיינען ניט — ליגט אונזער שטילע טרער.

פון טיפען האַרצען — אַ טרער.

מיר שטעלען זיי דאָ ניט אויס כראָנאָלאָגיש, לויט דער גענויער צייט פון זייער ווירקונג צווישען אונז, און זייער פאַרשווינדונג פון אונז. ווער עס איז אַוועק פון אונז אין הויכען עלטער, און ווער אין מיטען פון די בליהענדע יאָרען; מיר טראַכטען ניט פון זיי לויט אַ סדר, נאָר לויט זייער ערשיינען פאַר אונז פון זייערע קברים אַרויס.

פּלוצלונג, ניט זוכענדיג און אָהן אַ צוגרייטונג, גיט פאַר אונז אַ בליק די געשטאַלט פון

**בנימין פייגענבוים**

ער איז געשטאַנען אויף אונזערע פּלאַטפאָרמעס און האָט געפירט די פעדער פאַר אונז. געדינט אונז דורך שריפט ווי דורך וואָרט, אַלעמאָל אויסצוביבערענדיג פאַר אונז אַ באַפרייטע וועלט. און פונקט אַזוי בליצט־אויף פאַר אונז דער נאָמען

**מיכאַאיל זאַמעטקין**

מיט זיין וועקען אונז צו אמונה אין הויכע אידעאַלען. און די געשטאַלט פון

**פיליפּ קראַנץ**

קומט און מאָנט פון אונז ישוב הדעת אין אַלץ, וואָס מיר אונטערנעמען. און

**מאָריס ווינטשעווסקי**

שטייט און זאָגט אונז מוסר, וואָס מיר נעמען־אָן מיט׳ן געפיל פון אייניקלאַך, וואָס הערען־אויס אַ זיידען.

**מאָרים הילקוויט**

שטייגט אַרויס פאַר אונז — ער, די קלאָרע קאָפּ, וואָס דענקט־אויס פאַר אונז סטראַטעגיק, וואָס שאַפט פאַר אונז עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָגראַמען. און באַלד פינקעלט־אויף פאַר אונז —

מאיר לאָנדאָן

אַ פלאַמיגע האַרץ, וואָס לעשט זיך ניט אויס. ער שרייט צו אונז און לאַכט. די אַרבייטער באַוועגונג איז ביי אים ניט תורה נאָר לעבען, און ער פירט אונז צו אַ גייסטרייכען לעבען.

די גאַנצע בראַווע גרופע אַרבייטער פירער קוקט צו אונז — די וואָס פלעגען קומען צו די געווערקשאַפטען־פאַרזאַמלונגען מיט גרויסע פּראָבלעמען אויף די הענט, מיט שווערע קאַמפען אין די אַרעמס, און האָבען אַריינגעטראָגען צוזאַמען מיט אונז דעם גאַנצען פולווער פון אונזערע שלאַכטפעלדער:

בענדזשאַמין שלעזינגער

מאָריס זיגמאַן

אַב. באַראָף

מאַקס צוקערמאַן

סאול פּאָלאַקאָף

אַב. ראָזענבערג

איזידאָר קאַהען

און געקומענע געסט צו אונז פון אייראָפּע, וועלכע זיינען געוואָרען איינס מיט אונז, און אויף אונזער באָדען זיך פאַראָפשיידעט פון דער וועלט:

מעדעם

ליטוואַק

זיי וועלען פון אונזער געדעכניש ניט אַרויס.

און די, וואָס זיינען געווען ווי „אומבאַקאַנטע סאָלדאַטען" אויף אונזער שלאַכטפעלדער, יאָרען־לאַנג דעלעגאַטען צו די געווערקשאַפטען. אונזער „קדיש" נאָך זיי איז שטיל און רירענד, ווי עס איז געווען שטיל און רירענד זייער אַרבייט אין זייערע יוניאָנס:

חנן יעקב מיניקעס

אַב. באַק

ב. וויטאַשקין

ס. עפּשטיין

און מיר געדענקען היינט אונזער

ליליפּוט

מיט זיינע אונערמידליכע אַרבייטען פאַר אַלץ, וואָס איז הייליג דעם אידישען אַרבייטער. און מיר שטייען צודריקטע אין דעם שאָטען פון די קברים פון אונזערע ערשט־אָוועקגעגאַנגענע:

## א. ליעסין

## וולאַדעק

בלויז צו דערמאָנען די נעמען איז גענוג. יעדער נאָמען שלאָגט־אָן די האַרץ: יעדער נאָמען איז אַ דור — אַ גרויס ווערק, וואָס נעמט אַרום די געשיכטע פון אַ דור. דער פרישער קבר פונ׳ם דיכטער ליעסין דערמאָנט אונז אָן שוין אַ פאַרעלטערטען קבר פון אַ דיכטער, וועמעס פּאָעזיע איז אונז געווען אַ תפילה —

## מאָריס ראָזענפעלד

און צום נאָמען וולאַדעק דאַרפען מיר דאָ צושטעלעי דעם פאַקט וואָס עטליכע טאָג פאַר זיין אומקומען האָט ער אָנגעשריבען אַ באַגריסונג צו אונזער איצטיגען יובילעי — געשריבען אויף ענגליש, וואָס ווערט געדרוקט ווי געשריבען.

און צוויי פון אונזערע גאָר־נאָענטסטע דערגייען פון זייערע קברים צו אונזער יובילעי:

## מאַקס פיין

## א. י. שיפּלאַקאָף

ביידע, צוויי גרויסע געווערקשאַפטען־זין. זייער גאַנצער אויסלעבען־זיך איז געווען אונטער׳ן צייכען „געווערקשאַפטען”. און ווען־נאָר אַ אידישע יוניאָן וועט דאָ אויפקומען, היינט, מאָרגען און אַ דור שפעטער, וועלען אַרום איר זיין ביידע נעמען.

און מיר דרוקען דאָ צום ערשטען מאָל, דאָס לעצטע בריוועלע פון אונזער שיפּלאַקאָף, אַ געווערקשאַפטען פונ׳ם שפּיטאָל, פונוואַנען ער איז ניט צוריקגעקומען. מיר דרוקען עס גענוי ווי ער האָט געשריבען.

דעצ. 20, 1933

פאַר. איד. געווערקשאַפטען, ניו יאָרק.

טייערע ברידער: —

מען האָט מיר איבערגעגעבען די שיינע מתנה וואָס איר האָט מיר געגעבען, און זאָגען דעם אמת האָט עס מיר פאַרשאַפט אַ ביסל עגמת נפש, ווייל די געלד וואָס איז אויף דעם אויסגעגעבען געוואָרען וואָלט איר געקענט נוצען אויף וויכטיגע אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט.

איך בין אָבער טיף גערירט געוואָרען פון דעם געדאַנק אַז איר האָט מיך ניט פאַרגעסען אין אונזער יום טוב.

נאָכאַלעמען זיינען מיינע לייסטונגען דירעקט פאַר די געווערקשאַפטען געווען זעהר באַגרענעצט און איך פיל ניט אַז איך בין באַרעכטיגט צו אַנערקענונג ווייל איך קען זאָגן מיט דער בין פון קרילאָווס פאַבעל „מי פּאַחאַלי”.

נעמט זשע אָן מיין טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דעם ברידערליכן האַנדדרוק וואָס איר האָט מיר געגעבן.

אין די גרויע טעג וועלכע איך בין געצוואונגען צו לעבן, אָפּגעזונדערט פון אַלערליי טעטיקייט, איז עס ניט קיין קליינע טרייסט צו האָבן דעם באַוואוסטזיין אַז דיינע ברידער אין קאַמף געדיינקען דיך.

האָפענדיג צו קענען ווידער שטיין אין אייערע רייהען און מיט ליבע און אַכטונג, פאַרבלייב איך,

ברידערליך אייערער,

אברהם י. שיפּלאַקאָף

Post Graduate Hospital, Room 608

פון דער גוט־ברודערשאַפט און באַשיידענהייט פון אונזער שיפּלאַקאָף׳ס אינטים בריוועלע שטעלט זיך אויס אַ „יזכור” אויף אַלע קברים פון די, וואָס האָבען צו אונז גערעדט אינ׳ם גאַנג פון די יאָרען — גערעדט, און די גאַנצע הערצער זייערע אויסגערעדט...

# באַגריסונגען

יעטווידער אידישער אַרבייטער און אוודאי יעטווידער אידישער סאָציאַליסט פילט און ווייסט וואָס עס מיינט אַ האַלבער יאָרהונדערט פון אינטענסיוון און ענערגישען קאַמף פאַר דער דערהויבונג און פאַרשטאַרקונג נישט נאָר פון דער עקאָנאָמישער, נאָר אויך פון דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטליכער לאַגע פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, וואָס פייערט איצט איר 50 יאָריגען יובילעי, האָט אריינגעשריבען דעם שענסטען בלאַט נישט נאָר אין דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, נאָר אויך אין דער געשיכטע פון די אידישע מאַסען אין אַמעריקע בכלל. די באַדייטונג פון די אויפטואונגען און דערגרייכונגען פון די אידישע אַרבייטער האָט זיך אפילו פאַרשפּרייט ווייטער פון די גרעניצען פון אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען אין אַמעריקע; זיי האָבען אויך באַווירקט און באַפרוכפּערט דעם אַלגעמיינעם אַמעריקאַנעם לעבען.

דער אידישער אַרבייטער אין אַמעריקע שפּילט ביי היינטיגען טאָג אַ וויכטיגע און באַדייטענדע ראָלע; דער אידישער אַרבייטער האָט באַוויזען צו פאַרנעמען דעם אויבנאַן פון אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען; און דאָס איז צו פאַרדאַנקען דער אונערמידליכער טעטיגקייט פון זיין אָרגאַניזאַציע — פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, וואָס האָט קעמפענדיג פאַר די עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטליכע אינטערעסען פון אידישען אַרבייטער, גלייכצייטיג דערהויבען זיין אַכטונג צו זיך, זיין אַכטונג צו זיין קלאַס און דערמיט דערהויבען דעם מאָראַלען פרעסטיזש פון דעם אידישען אַרבייטענדיגען מענשען אין אַמעריקע.

## סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד

דאָס וואָס דער קאַמף פאַר דער אויסבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דעם קאַמף פאַר דער געזעלשאַפטליכער, פּאָליטישער און קולטורעלער דערהויבונג פון דעם אידישען אַרבייטער, איז צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט איר אַרבייט אַנגעפירט די גאַנצע צייט אין גייסט פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט אַלעמאָל פאַרשטאַנען דעם אמת, אַז די טאָג־טעגליכע דערגרייכונגען פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס קענען האָבען אַ ממשות נאָר דאַן ווען עס ווערט נישט אַרויסגעלאָזען פון אויג דער אידעאַל פאַר אַ וועלט פון סאָציאַלער גלייכהייט, פאַר אַ וועלט אַ סאָציאַליסטישער.

אונטער די שווערסטע באַדינגונגען איז די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין משך פון אַ האַלבען יאָרהונדערט אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבייט. אין אַ שווערער און פיינפולער צייט, ווען פינסטערע כמאַרעס טראָגען זיך פון פאַרשידענע זייטען, קומט אויס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו פייערען איר 50 יאָריגען יובילעי. עס איז אָבער גענוג צו וואַרפען אַ בליק אויף עטליכע יאָר צוריק, אויף דער צייט ווען דער אידישער אַרבייטער איז געווען נישט נאָר אַ פיזישער שקלאַף, נאָר אויך אַ גייסטיג־דערנידעריגטער, און דאַן וועלען מיר זען וועלכע ריזיגע פאָרשריט דער אידישער אַרבייטער האָט געמאַכט, ווי הויך ער האָט זיך דערהויבען סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל, סיי פּאָליטיש־געזעלשאַפטליך. טראָץ די שוועריגקייטען, וועלכע עס קומט אויס איצט דורכצומאַכען, שטעלט מיט זיך פאַר דער אידישער אַרבייטער דעם שטאַרקסטען און וויכטיקסטען געזעלשאַפטליכען כח. דאָס אַלץ האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד פילט זיך שטאָלץ מיט דעם וואָס ער קען זיך האַלטען פאַר אַ שותף אין די קאַמפען און געראַנגלען פון דעם אידישען אַרבייטער אין אַמעריקע.

און נישט ווי זייטיגע, נאָר ווי אייגענע קאַמפּס־ברידער באַגריסען מיר די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, אירע טוער און בויער, אירע גענעראַלען און סאָלדאַטען, איר גרויסען יום־טוב, וואָס איז דער יום־טוב פון אַלע אידישע אַרבייטער, פון אַלע אידישע סאָציאַליסטען, פון אַלע די, וועלכע קעמפען אונטער אַלע אומשטענדען פאַר אַ וועלט, וועלכע וועט נישט וויסען נישט פון סאָציאַלער, און נישט פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, — פאַר דער וועלט פון פרייהייט און גערעכטיגקייט, פאַר דער וועלט פון סאָציאַליזם.

סאל ריפקין

טשערמאַן

לעווין־שאַצקעס

סעקרעטאַר

פופציג יאָר אין דעם לעבען פון אַ אידישער אָרגאַניזאַציע איז זעהר אַ לאַנגע צייט. עס ווייזט אויס אַז די אָרגאַניזאַציע האָט ניט נאָר טיפע וואָרצלען אין לעבען, נאָר אַז זי ווערט אויך גע־פירט אויף דעם ריכטיגען וועג. איך גראַטולירע דעריבער, ניט נאָר די געווערקשאַפטען, נאָר אויך אירע לערער, פירערס און אָנגעשטעלטע און ווינש זיי דעם בעסטען ערפאָלג אין זייער ווייטערער טעטיגקייט.

מיט גרוס,

ש. פעסקין

## דר. ש. פעסקין

דער שרייבער פון די עטליכע ווערטער איז דר. ש. פעסקין, וועלכער האָט גרויסע היסטאָרישע פאַרדינסטען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. אַ געוויסע צייט, מיט יאָרען צוריק, פלעגט ער באַזוכען די וועכענטליכע מיטינגען פון די געווערקשאַפטען און נאָכדעם זיי באַהאַנדלען פובליציסטיש אין „פאָרווערטס״. ער האָט דערמיט גע־האָלפען פאַרטיפען טרייד־יוניאָן לערעס און מעטאָדען און מאָראַל. ליידער איז ניט געווען גענוג צייט פאַר אים אָנצושרייבען אַן אַרטיקעל פאַר׳ן יובילעי־בוך.

•

אין יאָר 1910 בין איך געקומען קיין ניו יאָרק פון מאַסאַטשוסעטס, און בין גלייך געוואָרען אַ דעלעגאַט צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון דער ניו יאָרקער בוט און שוה וואָירקערס לאָקאַל 465. די אומגעבונג פון די געווערקשאַפטען האָט באַגייסטערט, און ווי אַ סך אַנדערע בין איך אַריין אין אַ טעטיגקייט פאַר יוניאָנס בכלל. אַ יאָר שפּעטער בין איך אויס־געקליבען געוואָרען צו זיין דער אַסיסטענט סעקרעטאָר פון די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען. איך האָב געאַרבייט מיט אונזער ב. וויינשטיין. עס איז מיר געווען אַ כבוד און ליב. איך האָב אנגעהאַלטען דעם אַמט ביז יאָר 1914.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ גרויסען מאָראַלען איינפלוס אויף דער אידישער אַרבייטער וועלט. עס איז געווען די צייט, ווען פאַר אַ סך טריידס איז דער „יוניאָן־לייבעל״ געווען די שטאַרקסטע וואָפע צו דערגרייכען בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען. פאַר אַקטיווע יוניאָן לייט איז אַ „לייבעל״ געווען ווי אַ הייליגקייט. די העטס אָדער קליידער פון יעדען נייעם דעלעגאַט צו די געווערקשאַפטען זיינען עקזאַמינירט געוואָרען און דער דעלעגאַט, וועלכער האָט ניט געהאַט דריי יוניאָן לייבעלס אויף זיך, איז צו די געווערק־שאַפטען ניט צוגעלאָזען געוואָרען.

אין יאָר 1912 האָט די געווערקשאַפטען געפירט דעם ערשטען גרויסען פאָריער סטרייק. דער לייטענדער גייסט פון יענעם סטרייק איז געווען איזידאָר קאָהען. יענער סטרייק האָט געלייגט דעם גרונד־שטיין פאַר דער פאָריער יוניאָן.

די געווערקשאַפטען האָט דעמאָלט אויך אָנגעפירט סטרייקס פון סעלצער־אַרבייטער און פון בוך־בינדער, פון שטריקער און פון סוספּענדער אַרבייטער.

## סעלצער אַרבייטער יוניאָן

מאַקס פיין האָט אָנגעהויבען אָרגאַניזירען די שניידער אויף אַ גרויסען שטייגער. אַלע געווערקשאַפטען דעלעגאַטען האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט. פינף און זיבעציג טויזענד שניידער זיינען אַרויס אין סטרייק. די געווערקשאַפטען האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפען די פינאַנציעלע מיטלען פאַר דעם סטרייק. די געווערקשאַפטען האָט אויך זיך אונטער־נומען צו קריגען שפייז פאַר די סטרייקער. פאַרבינדונגען זיינען געמאַכט געוואָרען מיט גראָסעריס. און פאַרבינדונגען אויך מיט יוניאָן באַרבערס, פון וועמען די סטרייקערס זיינען פריי ראַזירט געוואָרען.

ספּעציעלע פּיקעט־גרופּען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען. איך וויל דאָ דערמאָנען אונזער דעמאָלדיגען מענדעלע סקאָלער. אַ קליין געוויקסיגער, מיט אַ קליין שוואַרץ בערדעל. אומעטום איז ער געווען. ער איז געגאַנגען איבער הייזער בעטען הילף פאַר די סטרייקערס, און ער פלעגט אַליין זיך שטעלען פּיקעטען אַ שאַפּ, וואו מ׳האָט ערוואַרטעט סטרייק־ברעכער.

איך בין געווען אין דער געווערקשאַפטען פּיקעט־קאָמיטע, און האָב דרייצען וואָכען נאָכאַ־נאַנד געשלאָפען אויף שטולען אין אַסטאָריא האָל. אין דער קאָמיטע זיינען דעמאָלט געווען אויך די געווערקשאַפטען דעלעגאַטען סעם לייבאָוויטש פון די סעלצער אַרבייטער, מאַקס קאַזימירסקי פון די בעקערס, פעלער פון די סוספּענדער מאַכער, דייוויס, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען אַ באַאַמטער ביי די ווייט גודס אַרבייטער און סעם פאָרטאַשינסקי.

די געווערקשאַפטען פלעגט „צאָלען״ אַזעלכע פּיקעטס — אַ פּעקעל סיגאַרעטס אַ טאָג.

אין דער זעלבער צייט האָט די געווערקשאַזטען דעמאָלט אָנגעפירט סטרייקס פון די העט פריים מאַכער, וואָס זיינען שפּעטער אַריין אין דער מילינערי אַרבייטער יוניאָן, און פון די בוך־בינדער, וועגען וועמען עס פלעגען אָנגיין דעבאַטעס ביי אַלע געווערקשאַפטען מיטינגען.

די סעלצער אַרבייטער יוניאָן איז פון די הונדערטע לאָקאַל יוניאָנס, וועלכע די געווערקשאַפטען האָט אָרגאַניזירט. איידער די סעלצער אַרבייטער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען, זיינען זיי פשוט געווען שקלאַפען. זיי האָבען געאַרבייט פון שבת אָוועגט ביז פרייטאָג צו נאַכטס, ווען זיי פלעגען אַהיים גיין צו האַלטען שבת. פאַר אַזאַ וואָך אַרבייט פלעגען זיי קריגען פון דריי ביז זעקס דאָלאַר אַ וואָך.

אין יאָר 1906 זיינען די סעלצער אַרבייטער אָרגאַניזירט געוואָרען. די געווערקשאַפטען האָט פון זיי געמאַכט שטאָלצע יוניאָן לייט, וועלכע האָבען זיך מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען צו זייער יוניאָן און צו דער אַרבייטער באַוועגונג בכלל.

## וויכטיגע ערינערונגען

עטליכע עראינערונגען. איך דערמאָן זיך: אונזערע העדקוואָדערס פאַר׳ן שניידער־סטרייק זיינען געווען אויף דער 4־טער סטריט. דער האָל־קיפּער, ראָזענבערג, פלעגט יעדען פרימאָרגען געבען אונז, די געווערקשאַפטען פּיקעטס, פרייע קאָפּע צו טרינקען. צום זעלבען האָל פלעגען קומען מאַסען סטרייקער, מיר זאָלען זיי שיקען פּיקעטען. זיי פלעגען קומען הונגעריגע. די האַרץ האָט געריסען פאַר זיי. איין מאָל זאָגט אונז דער האָל־קיפּער ראָזענבערג, אַז אַ גרויסער וואָגען מיט זעק ראָלס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפ׳ן וועג צו אַ שניידער־פעקטאָרי, וואו עס האָבען געאַרבייט סקעבס. די סקעבס האָבען געשלאָפען און געגעסען אין דער פעקטאָרי. ס׳איז געווען פאַרטאָג, זיינען מיר, די געווערקשאַפטען־פּיקעטס, אַוועק צו דער פעקטאָרי, צוגענומען די זעק מיט ראָלס, און זיי געבראַכט צו די סטרייקערס. מ׳האָט אונז אויפגענומען מיט אַ הורא. מען האָט געיובעלט. די סטרייקערס האָבען געהאַט וואָס צו עסען אויפ׳ן חשבון פון דעם באַלעבאָס מיט זיינע סקעבס.

אונזערע פאַרגאַנגענע טעג — ווי רייך זיי זיינען געווען מיט ערפאַרונג! און זיי האָבען אונז אימער געגעבען דערפרישונג און כאַראַקטער צו בויען די אַרבייטער באַוועגונג.

מ. ג. וואָלפערט

מענעדזשער, סעלצער אַרב. יוניאָן, 311

•

## געווערק־שאַפטען, פילאַדעלפיע

די בויער פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו יאָרק זיינען געווען אידעאַליסטישע יונגע מענשען, וועלכע האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע פון יענער זייט ים דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, אַ יוגענדליכע ענערגיע, אַ גרייטקייט צום קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט. ווען די יונגע מענשען האָבען אָרגאַניזירט די געווערקשאַפטען מיט פופציג יאָר צוריק, האָבען זיי זיך געשטעלט צוויי אויפגאַבען:

ערשטענס, צו אָרגאַניזירען די הילפלאָזע, די „שטומע” אימיגראַנטען אין טרייד יוניאָנס, זיי אַריינצופירען שפּעטער אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג; צווייטענס, אויסצובילדען די אידישע אימיגראַנטען פּאָליטיש, צו לערנען זיי צו קעמפען ניט נאָר פאַר ד ע ם ה י י נ ט, נאָר אויך פאַר ד ע ם מ אָ ר ג ע ן; צו קעמפען ניט נאָר פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

זייער אַרבייט איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. די אידישע יוניאָנס האָבען אויסגעגליכען זייערע אַרבייטס־באַדינגונגען מיט די אַרבייטס־באַדינגונגען פון די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס. און אָפט גייען די אידישע יוניאָנס אין די פאָדערשטע רייען פון עקאָנאָמישען קאַמף און זיינען די וועג־ווייזער פאַר דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן־באַוועגונג. די אידישע טרייד־יוניאָנס זיינען אויך דורכגעדרונגען מיט דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל און העלפען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַלע אירע קאַמפען. נאָר אַ דאַנק דעם סאָציאַליסטישען גייסט, וואָס הערשט אין די אידישע יוניאָננס, איז עס מעגליך געוואָרען דער גרויסער מאָראַלישער פרעסטידזש וואָס די אידישע יוניאָנס און זייערע פירער האָבען איצט אין גאַנצען לאַנד.

טוער פון די געווערקשאַפטען, איר גרייט צו די פייערונג פון פופציג יאָריגען יובילייע, אין אַ צייט, ווען די אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג איז צעשפּאָלטען, און אין אַ צייט ווען רעאַקציע וויל צושמעטערען די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָזיציעס פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג, און אין אַ צייט ווען די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַרבייטער־באַוועגונג ליגט אין אַ גאַנצער ריי לענדער אַ צושמעטערטע, אַ הילפלאָזע, געדריקט פון דיקטאַטאָרס. אין אַזאַ צייט פאָדערט זיך גרויס אידעאַליזם און געטריישאַפט צו דער אַרבייטער־באַוועגונג צו שטיין אויף דעם פּאָסטען, אויף וועלכען איהר שטייט, און עס קומט אייך אַ יישר כח פון אַלע אַרבייטער איבער דער גאַנצער וועלט.

זייט געגריסט,

מ. בראַגינסקי

פאַר די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען

טייערע ברידער און גענאָסען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען!

נעמט אָן אונזער האַרציגע באַגריסונג צו אייער פופציג יאָריגען יובילײ. מיר פייערען דעם יום־טוב צוזאַמען מיט אייך ווי ברידער און חברים אין דעם קאַמף געגען עקספּלואַטאַציע און פאַר פרייהייט.

יוניאָן־פעדעראַציע, שיקאַגאָ

די פעדעראַציע פון אידישע יוניאָנס אין שיקאַגאָ, אַנערקענט די גרויסע אַרבייט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו יאָרק. ווען מיר לייענען וועגען די טעטיגקייטען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, פילען מיר, אַז דאָס איז אונזער אַלעמענס אַרבייט. אומגעפער גלייך נאָכדעם ווי די געווערקשאַפטען איז געגרינדעט געוואָרען אין ניו יאָרק, האָבען מיר אויך אין שיקאַגאָ אָרגאַניזירט אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. דער פאַרשטאָרבענער בענדזשאַמין שלעזינגער איז געווען איינער פון די גרינדער פון אונזער געווערקשאַפטען. זי האָט אָבער ניט לאַנג אָנגעהאַלטען, ווייל די אַרבייטער באַוועגונג איז דעמאָלט געווען צעטיילט אין צוויי לאַגערען.

מיט צוויי און דרייסיג יאָר צוריק האָבען מיר ווידער געמאַכט אַ פאַרזוך צו אָרגאַניזירען אַ פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, און עס איז אונז געלונגען איינצושטעלען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט אויף די זעלבע יסודות ווי די געווערקשאַפטען אין ניו יאָרק. זינט דעמאָלט עקזיסטירען מיר, און מיר ווירקען, און פירען אָן אַן אונערמידליכער קאַמף צו אָרגאַניזירען די שיקאַגאָ׳ער אַרבייטער לויט די געענדערטע אומשטענדען אין וועלכע מיר לעבען איצט.

מאָרים זיסקינד

סעק. פעדעראַציע פון אידישע יוניאָנס אין שיקאַגאָ

•

נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד

דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד, איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1912. די גרינדער פון פאַרבאַנד האָבען געפונען אַ רייכען באָדען צו שאַפען אַ אידישען אַרבייטער אָרדען וואָס זאָל זיין אידיש אין גייסט און אין אינהאַלט און וואָס זאָל גלייכצייטיג זיין צוגעבונדען צו דער אַלגעמיינער און אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. דער באָדען איז געווען רייף, ווייל אונזער עלטערער ברודער־אָרדען, דער גרויסער אַרבייטער רינג, האָט געהאַט אַן אַנדער בליק אויף אידיש־נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און אויף דעם דראַנג פון די אידישע פאָלקס־מאַסען פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

פאַר די 27 יאָר פון פאַרבאַנד׳ס עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג, האָט ער געטריי געדינט אידיש־נאַציאָנאַלע און קולטור אינטערעסען, און גלייכצייטיג אויך אידישע און אַלגעמיינע אַרבייטער אינטערעסען. ציוניזם און סאָציאַליזם איז דער רינגטעז, וואָס פאַרבינדט די געזעלשאַפטליכע אויפגאַבען פון אידיש־נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד. ציוניזם אין אַ ברייטערען, טיפערען זין, ווייל דאָס איז די באַוועגונג, וואָס שטאַרקט דעם אידישען באַוואוסטזיין, הויבט דעם מוט פון דעם אידען און שטרעבט אויפצובויען ארץ־ישראל פאַר׳ן אידישען פאָלק אויף געזונטע מענטשליכע יסודות; און סאָציאַליזם, די גרויסע אידייע, וואָס מוז סוף כל סוף באַפרייען די אונטערדריקטע מענטשהייט, די אידייע, וואָס הויבט אויף די מענטשליכע חשיבות, שאַפט אָפּ אונטערדריקונג פון מענטשען און פון פעלקער, גיט מעגליכקייטען פאַר אַלע שאַפענדע כחות אין דער געזעלשאַפט אַרויסצוברענגען דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, וואָס זיי האָבען אין זיך צו דעם איז געריכטעט דער בליק פון דעם פאַרבאַנד׳ס מיטגלידערשאַפט. און באַזעלט פון די צוויי הויכע, טיף־מענטשליכע אידעאַלען, פון ציוניזם און סאָציאַליזם, האָט דער פאַרבאַנד פאַר זיך דערוואָרבען אַ חשוב׳ן פּלאַץ אין דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט און אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

דעם פּלאַץ האָט דער פאַרבאַנד זיך דערוואָרבען ניט בלויז דורך טעאָרעטישע באַגרינדונגען פאַר די העכערע צילען, וואָס די אָרגאַניזאַציע שטרעבט צו דערגרייכען, נאָר דורך טאָג־טעגליכער אַקטיוויטעט לטובת די אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע אידישע מאַסען אין אַלע לענדער אין דער וועלט, און דורך דער אַרבייט פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל אַלס אידיש־נאַציאָנאַלע היים, און דורך דער שטאַרקונג פון אידישע קולטור און געזעלשאַפטליכע פּאָזיציעס.

מיט אַ באַזונדער וואַרימקייט האָט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד תמיד זיך אָפּגערופען אויף אַלע קאַמפען און טעטיגקייטען, געפירט פון די טרייד־יוניאָנס. און אויפ׳ן געביט פון אַלוועלטליכער פאַרבינדונג מיט דער אַרבייטער־באַוועגונג איז דער פאַרבאַנד דורך זיין אָנגעהעריגקייט צו דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פאַרטראָטען אין סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, און ער שטיצט די אַקטיוויטעטען פון אינטערנאַציאָנאַל צו פאַרשטאַרקען די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָזיציעס פון אַרבייטער־קלאַס אין אַלע טיילען פון דער וועלט.

אַ באַזונדערס גרויסען אינטערעס האָט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד שטענדיג אַרויסגעוויזען צו דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל און צו דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג, אָרגאַניזירט אין דער הסתדרות. הונדערטער טויזענטער דאָלאַר האָט דער פאַרבאַנד געשאַפען אין די לעצטע צוויי צענדליג יאָר פאַר׳ן אידישען נאַציאָנאַל־פאָנד, פאַר׳ן קרן היסוד, די פאָנדען וואָס מאַכען מעגליך די גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיווע אַרבייטער־אינסטיטוציעס און זידלונגען אין ארץ ישראל. און גאָר גרויסע פאָנדען האָט דער פאַרבאַנד געשאַפען פאַר׳ן געווערקשאַפטען קאַמפּיין, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו שטאַרקען און באַפעסטיגען די אַרבייטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד האָט שטענדיג געפילט אַ וואַרימקייט און נאָנטקייט צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, — די קערפּערשאַפט וואָס איז די מוטער פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, און גאָר אַ באַזונדער וואַרימקייט פילט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען זינט דעם טאָג, ווען די געווערקשאַפטען האָט אויסגעשטרעקט אַ ברידערליכע האַנט צו דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל, ווען די געווערקשאַפטען האָט גענומען רופען די אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען אין אַמעריקע צו סאָלידאַריזירען זיך מיט דער אינגסטער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין דער וועלט — די הסתדרות.

די אידישע אַרבייטער־ און פאָלקס־מאַסען אין אַמעריקע שאַצען הויך אָפּ די גרויסע פאַרדינסטען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אויף אַלע געביטען, צו וועלכע אירע טעטיגקייטען גייען, און דאָס איז אויך די אָפּשאַצונג פונ׳ם פאַרבאַנד. צוזאַמען מיט אַלע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס באַגריסט דער פאַרבאַנד די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו איר איצטיגען גרויסען יום טוב, צו איר גרויסען סך־הכל פון פופציג יאָר לעבען און קאַמף פאַר וועלט־באַפרייאונג.

ל. סיגאַל

גענעראַל סעקרעטאַר פון א. נ. א. פ.

•

געווערק־שאַפטען פירער

פופציג יאָר פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען מיינט ניט נאָר פופציג יאָר טרייד־יוניאָן באַוועגונג — מיט רעכט ווערט זי אָנגערופען די מאַמע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. אַזוי ווי אַ געטרייע מוטער זאָרגט זיך פאַר אירע קינדער, אַזוי זאָרגט די געווערקשאַפטען פאַר אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. די געווערקשאַפטען איז שטאַלץ ווען פון די קליינע יוניאָנס, וואָס זי אָרגאַניזירט, ווערען אויסגעוואקסען, ווערען גרויסע יוניאָנס, און ווען גרויסע יוניאָנס פאַרגעסען אַמאָל אָן די געווערקשאַפטען, האָט די געווערקשאַפטען ניט קיין פאַראיבעל, און ווען עס קומען צייטען און די גרויסע יוניאָנס נויטיגען זיך ווידער אין דער הילף פון די געווערקשאַפטען, מאַכט זיי די געווערקשאַפטען ניט קיין פאַרוואורפען.

אַזוי איז דאָס אויך מיט אַנדערע צווייגען פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז אויך געווען דער קאַלעדזש פון אידישע יוניאָן־פירער. עס איז ניטאָ כמעט קיין איין אידישע יוניאָן, וועמעס פירער זיינען אין פאַרשיידענע צייטען ניט געווען דעלעגאַטען צו די געווערקשאַפטען, וואו זיי האָבען געלערענט ווי אַזוי צוצוטרעטען צו אינדוסטריעלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אַלץ פון דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג און פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג קומט דאָך אָפּט אַרויף פאַר פאַרהאַנדלונג ביי די פאַרזאַמלונגען פון די געווערקשאַפטען.

איך בין געקומען צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אין יאָר 1900, דאָס הייסט, אַז איך בין שוין אַ דעלעגאַט פאַר די לעצטע 38 יאָר. איך קען זאָגען, אַז די געווערקשאַפטען האָט מיר געגעבען אַן אינהאַלט אין לעבען. זי האָט מיר מאָראַליש געהאָלפען אין אַ סך שווערע מינוטען.

מ. טיגעל

ווייס־טשערמאַן

•

שריפטזיצער יוניאָן

אַלס אַ דעלעגאַט צו די פאַראייניגטע געווערקשאַפטען פון דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, לאָקאַל 83, אַי. טי. יו. פאַר אַ לאַנגע צאָל יאָרען, אויך אַלס אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו פון די פ. א. ג., זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער צו דעם גרויסען יום־טוב, וואָס מיר פייערען איצט — דעם פופציג־יאָריגען יובילעי פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען — און איך טו עס מיט אַ באַזונדערען שטאָלץ דערפאַר, ווייל מ י י ן יוניאָן, — די אָרגאַניזאַציע פון אידישע שריפטזעצער, — איז דאָך געווען איינע פון די דריי יוניאָנס, וועמעס דעלעגאַטען עס האָבען געגרינדעט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען.

אונזער אידישע שריפטזעצער יוניאָן, וועלכע איז אָפיציעל, לויט „מעטריקעס״, עלטער פון די פ. א. ג., מיט עטליכע וואָכען, האָט טאַקע לעצטען חודש געפייערט איר 50־יאָריגען יובילעי,

און ביי דער געלעגנהייט איז אָפּגעדרוקט געוואָרען די געשיכטע פון דער יוניאָן. אַ בוך פון 265 זייטען, אונטער דער רעדאַקציע פון קאָלעגע נ. פּאָמעראַנץ. און אין דער דאָזיגער געשיכטע וועלכע איז געשריבען פון איינעם פון אונזערע וועטעראַנען־זעצער אין דער יוניאָן, ברודער ש. פּ. שיינפעלד, ווערט דערציילט זעהר פיל וועגען די ערשטע יאָרען פונ׳ם לעבען און קאַמף פון דער יוניאָן, אויך וועגען אונזערע קאַמפען מיט די פּ. א. ג., וועלכע מיר האָבען געהאַט דורכצומאַכען אין די ערשטע יאָרען, אָבער אַנאַליזירענדיג די פאַרשיידענע אומשטענדען פון די דאַמאָלסטדיגע קאַמפען, קומט בר. שיינפעלד צום שלוס, אַז דאָס איז געווען טיילווייז אַ רעזולטאַט פון די אַזוי־גערופענע „קינדער־קראַנקהייטען" אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

פאַר אונז, אידישע שריפטזעצער, איז עס טאַקע אַ גרויסע פרייד, וואָס ניט נאָר פייערען מיר איצט דעם אָפּשלוס פון אַ האַלבען יאָרהונדערט אומאונטערבראָכענע עקזיסטענץ פון אונזער אייגענער יוניאָן, מיט גרויסע אויפטואונגען פאַר אונזערע מיטגלידער און פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג בכלל, נאָר מיר זיינען אויך שטאָלץ מיט׳ן באַוואוסטזיין, אַז מיר זיינען געווען איינע פון די דריי יוניאָנס, וואָס האָבען געבראַכט צום לעבען די פּ. א. ג.

## וואָס אַ דעלעגאַט דערציילט

ווי אַ דעלעגאַט פון אַ יוניאָן, וועלכע דאַרף ניט אָנקומען נאָך שטיצע צו די פּ. א. ג., ווייל מיר האָבען שוין ניט געהאַט קיין וויכטיגע סטרייקס כמעט אין די לעצטע פאַר צענדליג יאָר, און ווי איינער, וועלכער באַזוכט שטענדיג די מיטינגען פון די פּ. א. ג., האָב איך די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטען די פּ. א. ג. ביי דער אַרבייט, און אָפטמאָל באַוואונדער איך די הויפּטטוער און די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע, מיט וויפיל געדולד, פאַרשטענדעניש און איבערגעבענהייט זיי גיבען זיך אָפּ מיט יענע קלענערע יוניאָנס, וואָס די געווערקשאַפטען זיינען זייערע איינציגע פאַרטיידיגער.

ביי די געווערקשאַפטען־מיטינגען האָט מען אַ געפיל, וואָס קאָן סימבאָליש אויסגעדריקט ווערען דורך אַ פאַרגלייך ווי אַ גרויסע משפחה קומט זיך צוזאַמען, און די קלענערע און שוואַכערע קינדער טוליען זיך צו דער „מאַמע׳ן", ווערענד די שטאַרקערע, אָדער די „אַרויפגעאַרבעטע" מיטגלידער פון דער זעלבער משפחה שטייען פון דער ווייטען, קומען צו דער „מאַמע׳ן" זעלטען.

וועגען דעם פערזענליכען עלעמענט פון דער פירערשאַפט, זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען צוויי פון די פאַרשטאָרבענע פירער, מ אַ ק ס פ י י ן און א ב ר ה ם ש י פ ל אַ ק אָ ף, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען מיטצואַרבייטען ספּעציעל אינ׳ם געווערקשאַפטען־קאַמפּיין פאַר די אידישע אַרבייטער אין ארץ־ישראל. זיי ביידע האָבען אַוועקגעגעבען זייער לעבען פאַר דער סאָציאַליסטישער און אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, און די קרוין פון זייער אַרבייט, וואָס האָט זיי אומשטערבליך געמאַכט און זייערע נעמען אַריינגעשריבען מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פונ׳ם מאָדערנעם אידישען פרייהייטס־קאַמף, איז געווען זייער ביידענס אַרבייט אין די לעצטע יאָרען פון זייער לעבען.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט, מיט 4 יאָר צוריק אין ארץ־ישראל צו באַזוכען די מאַקס פיין שולע פאַר טעכנישע בילדונג, אין תל אביב. מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג די פירערשאַפט דאָרט, און די תלמידים פון דער שולע, האָבען גערעדט וועגען די צוויי פאַרשטאָרבענע אַמעריקאַנער אַרבייטער־פירער, מאַקס פיין און אברהם שיפלאַקאָף. איך האָב, זייענדיג דאָרט געפילט, אַז ווען די פּ. א. ג. פון ניו יאָרק וואָלט קיין זאַך ניט אויפגעטאָן מער פאַר דער גאַנצער צייט פון איר עקזיסטענץ, ווי נאָר אפילו גרינדען דעם געווערקשאַפטען קאַמפּיין און אַרויסברייגען די נעמען פון די צוויי מערקווירדיגע טיפען פון אַמעריקאַנער אידישע אַרבייטער־פירער פאַר דער ארץ־ישראל אַרבייטערשאַפט, וואָלט אויך געווען דיינו. אָבער די געווערקשאַפטען שטעלט דאָך פאַר גאָר ספּעציעלעס אין דער אידישער געשיכטע. זי איז אַ טורעם אין אונזער פאָלקסלעבען. מיר שטייען פאַר איר ביים יובילעי מיט דער גרעסטער, דער טיפסטער פאַרערונג.

מאיר קאַסטאָף

•

## קלאָוק־פרעסערס

אָנהויב יאָר 1907 בין איך געקומען אין אָפיס פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו פּרובירען קריגען אַ רעדנער פאַר די פרעסערס פון קלאָוק טרייד. איך האָב געפונען אין אָפיס ב. וויינשטיין און מאַקס פיינ׳ען. איך בין זיי געווען אַ נייער מענש. זיי האָבען מיר אויפגענומען פריינדליך. ברודער וויינשטיין האָט פאַרשפּראָכען צו קומען צום מיטינג פון די קלאָוק־פרעסערס. מיט אַ פאַר חדשים שפּעטער בין איך געוואָרען דער דעלעגאַט פון דער קלאָוק־פרעסערס יוניאָן צו די געווערקשאַפטען.

איך בין אַריינגעקומען אין די געווערקשאַפטען אַזוי ווי איך וואָלט אַריינגעקומען אין אַ קאָלעדזש. עס איז געווען זעהר פיל צו לערנען. עס איז דאָך דעמאָלט ניט געווען קיין איין

סטרייק פון אידישע אַרבייטער, פון וועלכען די געווערקשאַפטען זאָל ניט זיין דער פירער. סיי אין די גרויסע אינדוסטריען, סיי אין די קליינע טריידס, האָט די געווערקשאַפטען אָנגעפירט די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. יאָ, די געווערקשאַפטען איז מיר געווען ווי אַ קאָלעדזש.

איך בין אַ דעלעגאַט צו די געווערקשאַפטען שוין פינף־און־צוואַנציג יאָר. דאָס איז פינף־און־צוואַנציג יאָר לערנען — לערנען אונזער אַרבייטער־לעבען, און לערנען אַמעריקע בכלל.

**געווערק־שאַפטען — זיין קאָלעדזש**

מיר האָבען דורכגעלעבט קאַפּיטלאַך געשיכטע, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט וועט פון די געווערקשאַפטען גאָר ניט בלייבען, ווייל ווי אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט איז איר מאַכט אין די פאַרטרעטערשאַפטען פון די יוניאָנס. און די יוניאָנס זיינען אָפט געווען אין קריג צווישען זיך. גענוג צו דערמאָנען דעם קריג צווישען די גאַרמענט וואָורקערס און דער אַמאַלגעמייטעד. די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט ניט אָנערקענט די אַמאַלגעמייטעד, און געפאָדערט פון די געווערקשאַפטען, אַז די שניידער־לאָקאַלען זאָלען אויסגעשלאָסען ווערען. די געווערקשאַפטען האָט זיך אַנטזאַגט זיי אויסשליסען, און אין דער זעלבער צייט ניט געוואָלט פאַרלירען די פאַרבינדונגען מיט דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. אין יענער שווערער לאַגע זיינען געקומען צו הילף דער דעמאָלסדיגער פּרעזידענט פון אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, דער היסטאָרישער סעמועל גאָמפּערס, און די אַמאַלגאַמייטעד לאָקאַלען אַליין. מ'האָט געפונען אַן אויסוועג. אַזוי האָבען מיר געפונען אַן אויסוועג פון אַ סך צוזאַמענשטויסונגען.

מיר האָבען איצט דעם ברודער־קריג צווישען דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און דער „סי־אַי־אָ". די געווערקשאַפטען איז דורך דעם אין אַ קלעם. זי באַזיצט, אָבער, טאַקט, וואָס קומט פון גרויסען פאַראַנטוואָרטליכקייט, און מיר האָפען אויף אויסגלייכונג און אויף אַן אויסוועג פון דעם קלעם. עס פילט זיך גוט צו קענען איצט באַגריסען אַלע טוער פון די געווערקשאַפטען אַזוי ווי אַ ברודער באַגריסט אַ ברודער.

מאָרים גאָלדאָווסקי

•

פאַר אונז פון האַיאַס איז עס אַ באַזונדערע פרייד צו באַגריסען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו איר גאָלדענעם יובל. אַ באַזונדערע פרייד, ווייל אייער אַרבייט איז אימער געווען אַ פאָרטזעצונג פון אונזער אַרבייט אין די ערשטע טעג פון דער אידישער מאַסען־אימיגראַציע אין די פאַראייניגטע שטאַטען. מיר האָבען געהאַט איין און דיזעלבע אויפגאַבע — צו דינען דעם איינגעוואַנדערטען איד, אים צו העלפען, אים צו באַשיצען.

עס איז געווען אַ גאַנץ נאַטירליכער פּראָצעס, אַז ווען די אידישע וואַנדערער האָבען גע־נומען קומען אַהער אין גרויסע צאָלען פון דער צאַרישער רוסלאַנד און אַנדערע אייראָפּע־אישע לענדער, זאָל צוערשט געגרינדעט ווערען אַ הכנסת אורחים — דער אָנפאַנג פון דער איצטיגער האַיאַס. אונזער הכנסת אורחים האָט געגעבען די עלענדע וואַנדערער אַ צייטווייליגע היים, מאָלצייטען, זיי פאַראייניגט מיט פריינט, לאַנדסלייט, און זיי געהאָלפען זיך עטאַבלירען אין אייגענע „היימען", אין די טענעמענט הייזער פון דער איסט סאַיד. עטליכע יאָר שפּעטער איז געקומען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו העלפען די אימיגראַנטען אין די סוועט־שעפּער און פאַבריקען פון יענער עפּאָכע. עס איז געווען אַ גרויסע און שווערע אַרבייט צו אָרגאַניזירען די מאַסען און צו זעהן, אַז זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן די יוניאָנס פון זייערע פאַכען. אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרען — און מיט ערפאָלג!

**האַיאַס באַגריסט**

פאַר אונז פון האַיאַס איז עס אַ פאַרגעניגען און אַ פּריווילעגיע צו קענען באַטאָנען אונזער נשמה־פאַרבינדונג, — אַז די גרונד־פּרינציפּען און אידעאַלען פון דינען דעם שוואַכען, פון קעמ־פען פאַר רעכט, פרייהייט, גלייכהייט און טאָלעראַנץ, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די וויגעלאַך פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אַזוי גוט ווי פון האַיאַס, זיינען היינט אויך די טרייב־קראַפט פון די דאָזיגע צוויי אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען פון איבער־געבענע, אָפּפערווילליגע אידישע אימיגראַנטען. מיר זיינען שטאָלץ וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען איז ענג פאַרבונדען מיט האַיאַס.

און בשעת מיר באַגריסען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען צו איר גאָלדענעם יובל אין נאָמען פון די באַאַמטע, דירעקטאָרען, און מיטגלידער פון האַיאַס, און אין נאָמען פון אַלע איהרע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס איבער דער גאַנצער וועלט, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט דער רעטונגס־אַרבייט פאַר די אידישע וואָגלערס און פליכטלינגע, ווינשען מיר די שאַפענדע כחות פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען ווייטערע און נאָך גרעסערע ערפאָלגען ווי די פון דעם ערשטען האַלבען יאָרהונדערט, וואָס האָבען געגעבען גלענצענדע קאַפּיטלאַך פאַר דער היסטאָריע פון אַמעריקאַנער אידענטום און פאַר דער היסטאָריע פון דעם אַרבייטער'ס פּראָגרעס און אויפקלערונג.

אברהם הערמאַן
פּרעזידענט

א. אָסאָפּסקי
דירעקטאָר

